# פנקס סאכאטשעוו

רעדאקטארן:

א. ש. שטיין

גבריאל ווייסמאן

רעדאקציע־קאלעגיע:

יעקב פרידמאן ז״ל
מענדל פרידמאן
משה לבנון (בזשעזשינסקי)
ירוחם אינס

# פנקס סאָטשעוו

מוקדש לזכר קדושי עירנו

געהייליקט דעם אנדענק פון אונדזערע קדושים



ארויסגעגעבן דורכן ארגון סאָכאַטשעוו אין ישראל
ביי דער מיטבאַטייליקונג פון פאַראייניקטן סאָכאטשעווער רעליף־קאָמיטעט
אין אמעריקע

הוצאת ארגון יוצאי סוכצ׳וב בישראל
ובהשתתפות הועד המאוחד של ארגוני יוצאי סוכצ׳וב באמריקה

Printed in Israel, 1962





נדפס בירושלים, תשכ״ב
מוצרי ניר של המשביר בע״מ

# אינהאלט

## פון דער פארגאנגענהייט

זייט



## דעם רבינס הויף



## דאס סאציאלע און גייסטיקע לעבן

זייט



## סאכאטשעווער רבנים



## סאכאטשעווער — זייער ראל אינעם קולטור־ געזעלשאפטלעכן לעבן



## געשטאלטן און טיפן

## שטייגער און זכרונות



## חורבן

## א. פרקים לתולדות הקהילה



## ב. חצרו של הרבי

עמוד

## ג. בין שתי מלחמות עולם



## ד. אישים



## ה. דמויות



## ו. הווי

עמוד

## ז. השואה יהודי סוכצ׳וב בדרכם האחרונה



## ח. נפטרים



## הבנים שנפלו למען המולדת

# אינהאלט פון די בילדער
# רשימת התמונות

זייט



זייט

# הקדמה

ביים צוגרייטן דעם „פנקס סאָכאַטשעוו“ האָבן מיר זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו געבן א בילד פונעם יידישן עבר אין סאָכאַטשעוו; פונעם אויפבוי און אַנטוויקלונג פון יידישן לעבן דאָרט, און פאַרפיקסירן סאָכאַטשעווס לעצטע דראמע — די היטלער־תקופה. און דאָס איז היינט נישט פון די לייכטע זאַכן, ווייל ערשטנס, געהערן שוין היינט, ליידער, אלע דריי תקופות צו איין צייט — צום עבר, צווייטנס, זענען אַ סך היסטאָרישע מאַטעריאַלן פארשוואונדן צוזאמען מיט די יידן, און דריטנס — נישט אלע פאראנענע מקורים און ארכיוון זענען היינט צוטריטלעך פאַרן יידישן היסטאָריקער. ביי דעם אַלעם האָט זיך אונדז איינגעגעבן צו געבן עטלעכע וואַגיקע און קאָמפעטענטע היסטאָרישע אַרבעטן, וועלכע גיבן א מער־וויניק בילד פון יידישן בראשית אין סאָכאַטשעוו.

פראָפּאָרציאָנעל פאַרנעמט די אַלטע געשיכטע פון סאָכאַטשעוו א סך ווינציקער זייטן, ווי די צענדליקער יארן פון צוואָנציקסטן יאָרהונדערט. און דאָס איז, צו אונדזער גרויסן צער, פארשטענדלעך, מחמת בלויז די איבערלעבענישן פון די יידן אין דער היטלער־תקופה, זענען שקול כנגד אַלע אַנדערע תקופות פון אונדזער געשיכטע.

וואָס שייך די מאַטעריאַלן פונעם צווייטן טייל, זענען זיי על־פּי־רוב סטימולירט און געשעפּט פון זכרון. דאָס זענען אַרבעטן, וועלכע שילדערן די אַלע עליות און ירידות, די פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע דערשיינונגען פון יידישן לעבן אין סאָכאַטשעוו ביזן העכסטן באַרג־ארויף־גאנג, די העכסטע אויסשטראַלונג פון דער יידישער וויטאַליטעט, אָבער גלייכצייטיק — סאָכאַטשעווס לעצטן אויפפלאַקער, ביז צו דער טאָטאלער פארניכטונג פון דער דאָזיקער „עיר ואם בישראל“.

אין די דאָזיקע מעמואַרן, זכרונות, באַשרייבונגען זענען רעסטאַווירט און פארפיקסירט געוואָרן די פארשידענע אַספּעקטן פון יידישן סאָכאַטשעוו — אינסטיטוציעס, געזעלשאַפטן, פּאַרטייען און אויך פערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן געווירקט אין אַלע די קערפערשאַפטן.

צו באַוואונדערן די ענערגיע און מסירת־נפש פון די סאָכאַטשעווער טוערס און

אנפירערס, וועלכע האָבן אויף אַלע געביטן פון ציבור־טעטיקייט מאַניפעסטירט זייער דינאַמישע יידישקייט און געהאָלפן פאַרווירקלעכן דעם רענעסאַנס פון יידישן קולטור־לעבן. צו באַוווּנדערן, מחמת דער דרויסן איז גאַנץ אָפט — מכל־שכן אין די דרייסיקער יאָרן — געווען אַן אומגינסטיקער, אַ פיינטלעכער, צומאָל פאַרוועבט מיט טראַגישע צוזאַמענשטויסן. און מען האָט געדאַרפט האָבן גענוג גייסטיקע און מאָראַלישע כוחות אנטקעגנצושטעלן זיך אַט דעם יודאָפאָבישן דרויסן. סאָכאַטשעווער יידן האָבן פאַרמאָגט די דאָזיקע גייסטיקע גבורה.

דאָס יידישע סאָכאַטשעוו האָט געהאַט איר אייגנאַרטיקע פיזיאָנאָמיע און האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ ריי גרויסע רבנים, שרייבער, אינטעלעקטואַליסטן און אַרבעט־אינטעליגענץ, וועלכע זענען געזעסן על התורה ועל העבודה. אויף די בלעטער פונעם „פנקס־סאָכאַטשעוו״ שיינען־אויף אַזעלכע ליכטיקע געשטאַלטן, ווי: אלכסנדר זישא פרידמאַן, עוזר וואַרשאַווסקי, פנחס גראַובאַרד, שמואל לעהמאַן, וואָווע ראָזנבערג, און פיל אַנדערע, וועלכע זענען אַרויס פון לאָקאַלן גדר און באַשיינט און באַקריינט דאָס יידישע לעבן. ערשט דער סאָכאַטשעווער רבי ז״ל איז דאָך געווען אַ זייל פון פוילישן חסידות און געשטמט ווייט און ברייט אַריבער די גרענעצן פון פוילן. די חסידישע וועלט האָט געצויגן זייער גייסטיקע יניקה פונעם סאָכאַטשעווער „הויף״ וואָס איז געווען אַ „בית־ועד לחכמים״. דאָס יידישע סאָכאַטשעוו האָט זיך, בכן, קוואַליטאַטיוו געקאָנט פאַרגלייכן מיט די גרעסטע שטעט אין פוילן, און אין אַ ריי געביטן געשטאַנען אפילו אין סאַמע מזרח. און אָט די זעלבע יחוסדיקע שטאָט ביי דער שטילער בזורע איז, אין די בייזע היטלער־טעג, געוואָרן דער עמק־הבכא, ווו עס האָבן זיך אויסגעלאָשן די לעבנס פון די טייערע סאָכאַטשעווער יידן. אינעם „פנקס סאָכאַטשעוו״ קומט טאַקע צום אויסדרוק דער טיפער טרויער און נאָגנדיקע נאָסטאַלגיע נאָך דער אונטערגעגאַנגענער וועלט — די יידישע וועלט. אָבער צוזאַמען מיטן טרויער וועקן די דאָזיקע בלעטער געפילן פון שטאָלץ פונעם דערהויבענעם פאַקט, וואָס עס זענען געווען דאָרט אַזעלכע גאַנצע קרישטאָל־ריינע יידן. און נישט נאָר שבתדיקע, נאָר אויך וואָכעדיקע, תמימותדיקע יידן, אַ שטייגער: חייקל בעל־עגלה, יקיר שוסטער און פיל אַנדערע פשוטע פאָלקס־מענטשן — דערהויבענע נשמות.

בנוגע דעם חורבן־טייל זענען דאָ געקומען צום אויסדרוק די, וועלכע האָבן דעם שוידערלעכן חורבן אויף דער אייגענער הויט דורכגעמאַכט — די געציילטע האָלעוועשקעס, וועלכע זענען איבערגעבליבן פון דער שטאָט סאָכאַטשעוו. אָט די קליינע צאָל על־פי־נס אפּגעראַטעוועטע פון די געטאָס, קרעמאַטאָריעס, וועלדער, בונקערס און אויך די באַהאַלטענע מאָדערנע אנוסים דערציילן דאָ וועגן די אַלע צרות, נגישות, עִנויים, חרפות — דעם גאַנצן רשעות, וואָס זיי זענען אַדורכגעגאַנגען בימי היטלער. פון אַ ריי אַרבעטן דאָ ווערט ניכּר, אַז אין די שוידערלעכסטע באַ־

דינגונגען אונטערן נאצי־קלעם, האָבן די סאָכאַטשעווער יידן נישט פאַרלוירן זייער גייסטיקן צלם־אלוקים. דאָס איז נוסח סאָכאַטשעוו.

פאַר אַ פרעמד אויג האָט געקאָנט אויסזען, אז די צייט האָט ביי די דאזיקע ניצול־געווארענע פארהיילט די ווונדן, אבער ווי נאָר זיי האָבן גענומען אָפּוויקלען די באנדאזשן, ד. ה. — עפענען זייערע הערצער, האָט מען דערזען די טיפע נישט־פאַרהיילטע ווונדן, וועלכע זענען נאָר ארומגעוויקלט מיט באַנדאַזשן און פלאסטערן. ווונדן וואס וועלן זיך שוין קיינמאָל נישט אויסהיילן.

ווי דערמאָנט באַציען זיך די מערסטע אַרבעטן אין דעם־אָ קאַפּיטל צו די פּערזענלעכע איבערלעבונגען פונעם עדות־באשרייבער. זיי זענען אָבער געשריבן אזוי עכט, אַזוי איבערצייגנד — צומאָל מיט אַ סטאָאישער איינגעהאַלטנקייט — אז מיר זעען אויפן פאָן פון דער פּערזענלעכער טראַגעדיע, די אַלגעמיינע טראגעדיע פונעם יידישן פאָלק — די גסיסה פונעם מזרח־אייראָפּעישן יידנטום.

אוודאי וועט דער שפּראַך־מפונק דאָ און דאָרט אָנטרעפן אויף אַ נישט געשליפן וואָרט, אדער זאַץ, צי קאָן מען אָבער אַ וויי־געשריי אָנשטעלן לויט אַ קאמערטאָן? און ווייל זייערע רייד זענען איין שטיק געשריי, אַ קול ממעמקים, האָבן מיר נישט פילטרירט דעם רויען שטאָף, נאר געלאָזן אים אין זייער רויער פאָרם. מיר האָבן געהאַלטן, אַז דא איז נישט אזוי וויכטיק ווי אזוי זיי דערציילן, נאָר וואָס זיי דערציילן. דערפאַר אָן שינויים, אָן פארפּוצעכצער — פשוט. אָבער דוקא מיט זייער פשטות דערשיטערן זיי אונדז און האַלטן צוגעשמידט אונדזער געמיט צו דער שוידערלעכסטער דראַמע וואָס אונדזער פאָלק האָט ווען נישט איז איבערגעלעבט.

אין אַ ריי ארבעט האָבן מיר באַמערקט געוויסע איבערחזרונגען, אָבער מיר האָבן זיך נישט גענומען דאָס רעכט פון פאַרגלייכן די פאַקטן און צו עלימינירן פון זיי סתירות. אדרבא: אפשר וועט דאָ דער היסטאָריקער אָנטרעפן אויף נאך אַ וואַריאַנט, אויף נאך עפעס וואס קאן דערגאנצן, אויסקלאָרן.

מיר האָבן אויך באַמיט זיך אויפצוהיטן דעם סטיל און שפּראַך פון מחבר, כדי מיט דעם צו געבן דעם כאַראקטער פון א קאלעקטיוו ווערק.

זאָל דער „פנקס סאָכאַטשעוו" זיין אַ גייסטיקער דענקמאָל פאַרן פארשניטענעם יידישן לעבן אין סאָכאַטשעוו, און א צושטייער צו די ספרים פון דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע.

**גבריאל ווייסמאן**

# פון רעדאקציע-קאָלעגיע

מיט אַ געפיל פון יראת־הכבוד און הייליקן ציטער זענען מיר אַ גרופּע סאָכאַטשעווער אין ישראל — מיט אַ צען יאָר צוריק — צוגעטרעטן ארויסצוגעבן אַ יזכור־בוך, וואָס זאָל פאַראייביקן די אומגעבראַכטע יידישע קהילה סאָכאַטשעוו. דאָס האָט געפאָדערט דורכגעטראַכטקייט און גרויסע געזעלשאַפטלעכע אחריות.

פאַר אונדז זענען אויפגעקומען גרויסע ספיקות, צי זענען מיר טאַקע די וועלכע זענען ראוי צו דערציילן און צו באַוויינען דעם פּיין און אומקום פון אונדזערע טייערסטע און נאָענטסטע.

מיר האָבן פון פאָרויס זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון וועגן די אומגעהויערע שוועריקייטן אויף וועלכע מיר וועלן זיך אָנטרעפן, און אויף דער גוואַלדיקער פאַראנטווארטלעכקייט וואָס אַזאַ זאַך פאָדערט. דערפאַר האָבן מיר מיט א באזונדער שווער געמיט, אָבער מיט א טיפן גלויבן אין דער זאַך, אָנגעהויבן זאַמלען דאָקומענטן און מאַטעריאַלן וועגן לעבן און אומקום פון אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע. מיר האָבן אויך גענומען זאַמלען בילדער פון אָרגאַניזאַציעס, שולן, רבנים, פאָלקסטיפּן — אַלץ פון אַן עטנאָגראַפישן ווערט.

פאַר אונדז איז געשטאַנען די פראַגע פון ראַטעווען אונדזערע גייסטיקע אוצרות פון אונטערגאנג און פאַראייביקן די חורבן־תקופה. און דאָס — ש ו י ן, ווי לאַנג עס לאָזט זיך אפּראַטעווען, ווייל מאָרגן קאָן, חלילה, זיין צו שפּעט.

מיר האָבן געשטעלט זיך פאַר אַ ציל צו געבן, ווי ווייט מעגלעך, אַן אלזייטיק אויטענטיש־אומפּאַרטייאיש בילד פון יידישן לעבן אין סאָכאַטשעוו. נישט צו מינימיזירן איין פּאַרטיי און אַרויסהייבן אַ צווייטע. צו דעם צוועק האָבן מיר צוגעצויגן מענטשן פון פאַרשידענע ריכטונגען. נאָר אויב די, אָדער יענע פּאַרטיי זעט פאָרט אויס צו זיין מינימיזירט, איז עס נאָר דערפאַר, ווייל ס׳איז פשוט נישט געווען ו ו ע ר ס׳זאָל אויספילן דעם בלויז. און דאָס איז באמת אַ שאָד און אַ ווייטיק.

אויף ווי ווייט מיר האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט צו קאָנטראָלירן, האָבן מיר זיך אויסגעהיטן פון טענדענציעזע שילדערונגען, אָפּגערעדט פון שלעכטע כוונות.

אויך בנוגע דער חורבן־תקופה האָבן מיר געשטרעבט, אַז אַלץ זאָל באַקומען אַ ריכטיקע אָפּשפּיגלונג. און אויב ס׳זענען געווען טרויעריקע דערשיינונגען, וואָס די ביטערע צייט האָט אַרויסגערופן, זאָלן זיי אויך פאַרצייכנט ווערן. די דאָזיקע שאָטן־זייטן גייען אבער פאַרלוירן אינעם גרויסן שלל פון מאָראַליש־דערהויבענע

פאַקטן — אפילו אונטערן נאַצי־קלעם. צו שטוינען ווי אזוי אונדזערע קדושים האָבן אין אזא קלעם געקאָנט אויפהיטן זייער בטחון און זייער גייסטיקע פיזיאָנאָמיע. און נישט בלויז קדושים, נאָר אויך גבורים זענען צווישן אונדזערע סאָכאַטשעווער געווען. אַלע זיי וועלן לייכטן פאַר אונדז ווי אַ נר־תמיד, און מיר וועלן זיי אייביק טראָגן אין אונדזערע הערצער.

געציילטע פון אונדזער שטאָט האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט, אָבער מיט זיך האבן זיי אויך אפגעראַטעוועט דעם גלויבן אין דעם יידישן קיום — די עקשנות ווייטער צו בויען און ווייטער צו שאַפן.

מיר געבן זיך אָפּ אַ חשבון, אַז מיטן איצטיקן ספר איז נישט אַלץ אויסגעשעפּט געוואָרן, און אוודאי נישט דער גאַנצער ים פון טרערן און פּיין, אָבער מערער האָט זיך לעת־עתה נישט געלאָזט צונויפזאַמלען.

ס׳איז אויך מעגלעך, אַז אַ סך פון אונדזערע קדושים, וועגן וועמענס לעבן און אומקום ס׳האָט געדאַרפט דערציילט ווערן, זענען דאָ, ליידער, נישט אַריין. אָבער דאָס איז נישט אונדזער שולד. מערער האָבן מיר, ביים בעסטן ווילן, נישט געקאָנט צונויפזאַמלען.

דער „פנקס סאָכאַטשעוו" איז דער קאָלעקטיווער קדיש פון אַלע סאָכאַטשעווער אין דער וועלט נאָך די אומשולדיק־אומגעבראַכטע פינף טויזנט סאָכאַטשעווער יידן, און אַ מצבה אויף זייערע אומגעזעענע קברים.

דאָס יידישע סאָכאַטשעוו איז אומבערחמנותדיק אָפּגעהאַקט געוואָרן. זאָל דער „פנקס סאָכאַטשעוו" פאַנאַנדערטראָגן דעם עכאָ פון דעם דאָזיקן וונדערלעכן ניגון צו די סאָכאַטשעווער אייניקלעך, אור־אייניקלעך — אזוי פון דור צו דור.

די אַלע וועלכע האָבן צוגעלייגט אַ האַנט צום ספר — א יישר־כוח. צו אונדזער גרויסן צער האָבן נישט אלע באַטייליקטע דערלעבט צו זען דאָס דערשיינען פון דאָזיקן יזכור־בוך.

דאָס זענען אונדזערע טייערע בני־עיר : יעקב פרידמאַן, משה אליעזר באָרנשטיין, פנחס גראובארד, וואָווע ראָזנבערג זכרונם לברכה.

מיט גרויס כבוד און דרך־ארץ דערמאָנען מיר אויך דעם רעדאַקטאָר א. ש. שטיין, וועלכער האָט פיל מיטגעווירקט צו דער געשטאַלטיקונג פונעם דאָזיקן ספר. אויך אים האָט דער אכזריותדיקער טויט אַוועקגעריסן אין מיטן דער ארבעט.

כבוד זייער אנדענק.

פול מיט קדושה און יראת־הכבוד פאַר די אומגעבראַכטע סאָכאַטשעווער יידן, גיבן מיר איבער אין די הענט פון די לייענער דאָס דאָזיקע יזכור־בוך מיט דער האָפענונג, אז אונדזער ציל פון שטעלן אַ מצבה דעם פארשניטענעם לעבן פון אונדזער שטאָט — האָבן מיר דערגרייכט.

**מענדל פרידמאַן, משה לבנון, ירוחם אינס**






**מאפע פון סאכאטשעוו**

געצייכנט פון זכרון
דורך
גרונדוואג. ירושלים.

ישעיה טרונק

# די יידישע קהילה אין סאכאטשעוו פון די עלטסטע צייטן ביזן פו־טן י. ה.

א.

די יידישע קהילה אין סאָכאַטשעוו * איז נישט געווען פון די עלטסטע קהילות אין פוילן. זי האָט געהערט צו די יידישע ישובים אין דער צענטראַלער פוילישער פּראָווינץ מ אַ ז אָ ו י ע. די עלטסטע מקורימדיקע ידיעה וועגן יידן אין סאָכאַטשעוו שטאַמט פון יאָר 1426. פון דעם יאָר שטאמט די עלטסטע „החלטה פון דעם געוווינהייטס־רעכט פון דעם סאָכאַטשעווער „לאַנד" וועגן שטרייט־ענינים צווישן דער שלאַכטע און יידן".[1] די דאָזיקע החלטות זענען אפילו נוגע די יידן פון דעם גאנצן סאָכאַטשעווער „לאנד" און זיי דערמאָנען נישט בפירוש יידן אין סאָכאַכטשעוו גופא, עס איז אָבער זייער וואַרשיינלעך, אַז אין דער צייט פון וואנען עס שטאַמען די דאָזיקע יורידישע כללים, ד.ה. אין דעם ערשטן פערטל פון 15־טן יארהונדערט האָבן שוין יידן געוווינט אין סאָכאַטשעוו וואָס איז דאַן געווען דער גרעסטער ישוב אינעם גאנצן „לאַנד".

פון דעם געזאָגטן דארף מען אָבער נישט דרינגען, אז ערשט אין יאָר 1426 האָבן יידן זיך באזעצט אין סאָכאַטשעוו. ראשית ווייסן מיר פון דער היסטאָרישער דערפארונג, אז די דאטע פון דעם צופעליק אויפגעהיטענעם דאָקומענט קאָן בשום אופן נישט זיין קיין באוויז פאר דער עלטסטער דאַטע פון אַנטשטיין פון דעם געגעבענעם ישוב. והשנית איז דער עצם פאַקט פון די דאָזיקע החלטות, וואָס רעגולירן ווירטשאפטלעכע באציונגען פון צוויי טיילן פון דער באפעלקערונג, א סימן פון איינגעפונדעווטקייט און איינגעזעסנקייט. יורידישע תקנות קומען אין מיטלאַל־טער אויף א סך שפעטער, ווי די ווירטשאפטלעכע פארהעלטענישן, וואָס זיי זענען אויסן צו רעגולירן, און וועלכע האָבן זיך א סך פריער אַנטוויקלט אויפן יסוד פון נישט געשריבענעם געוווינהייטס־רעכט. דעריבער וועט נישט זיין קיין גרייז, ווען מיר וועלן דעם בראשית פון דעם יידישן ישוב אין סאָכאַטשעוו ארויפרוקן צום סוף פון 14־טן יארהונדערט, אָדער סאַמע אנהויב 15־טן י.ה.

מער ווייניקער פון דער זעלבער צייט שטאמען די עלטסטע ידיעות פון א ריי יידישע ישובים אין שכנות פון סאָכאַטשעוו ווי למשל טשערסק (1413), ווארשע (1414), אזוי אז אין דעם פאל איז סאָכאַטשעוו נישט געווען קיין יוצא מן הכלל, נאָר

א רינגעלע אין דעם בהדרגהדיקן באזעצונגס־פּראָצעס אין דער דאָזיקער פּראָווינץ, וואָס האָט זיך צוליב טעמים אויף וועלכע מיר האָבן זיך אפגעשטעלט אויף אן אנדער אָרט[2], פארשפּעטיקט מיט איר יידישן באזעצונגס־שטראָם אין פארגלייך מיט די שכנותדיקע פּראָווינצן פון גרויס־און־קליין פּוילן (אן אויסנאם איז פּלאָצק, וואָס די עלטסטע דאטע פון איר יידישן ישוב שטאמט פון יאָר 1237[3])

ב.

צוטרעטנדיק איצט צו געבן א היסטאָרישן איבערבליק איבער דעם פארטיליקטן יידישן ישוב אין סאָכאַטשעוו, מוזן מיר מיט באַדויערן פעסטשטעלן, אז דער צושטאנד פון די מקורים איז אזא, אז ער דערמעגלעכט צו געבן נאָר א פראגמענטאריש און בשום אופן נישט קיין אויסשעפּיק געשיכטלעך בילד פון דעם עבר פון דעם סאָכאַטשעווער יידישן ישוב. די ארבעט פון דעם היסטאָריקער איז אין דעם פּרט געגליכן צו דער ארבעט פון אַ מאָזאיקער וואָס באמיט זיך צונויפצושטעלן פון שטיקלעך און ברעקלעך א גאנץ בילד.

אָנהייבן וועלן מיר פון א פּרווו צו געבן א סטאטיסטיק פון דעם וווקס פון דער יידישער באפעלקערונג אין סאָכאַטשעוו אין די פארגאנגענע יאָרהונדערטער.

לויט א לוסטראציע פון דער סאָכאַטשעווער סטאַראָסטווע פון יאָר 1599, האָבן די אָרטיקע יידן פארמאָגט אין דעם אָנגערופענעם יאָר 20 הייזער.[4] רעכנענדיק אז אין שטעט פון דער גרייס ווי סאָכאַטשעוו, איז יעדעס הויז געווען באוווינט דורכשניטלעך דורך 4 משפּחות, און רעכנענדיק אויף יעטוועדע משפּחה אין דורכשניט 4 נפשות באקומען מיר פאַרן סוף פון 16־טן י.ה. בערך 320 נפשות. מער וויניקער אין דער זעלבער צייט (תחילת 17־טן י.ה.) האָט דער שכנותדיקער יידישער ישוב אין פּלאָצק געציילט בערך 500 נפשות.

מיט 20 יאָר שפּעטער אין 1620 ווערט אין א לוסטראציע פון דער סאָכאַטשעווער סטאַראָסטווע אָנגעגעבן 22 יידישע הייזער.[5] אין הסכם מיט אונדזער אָנגענומענעם אויבנדיקן שאצונגס־מעטאָד באקומען מיר פארן ערשטן פערטל פון 17־טן י.ה. בערך 352 נפשות. אין דער לוסטראציע פון 1599 ווערט אויך שוין דערמאָנט א בית־הכנסת און אַ הקדש.

וואָס שייך דעם 18־טן י.ה. האָבן מיר ליידער נישט אפילו אזא אָנשפּאר פאר אונדזערע שאצונגען ווי די צאָל הייזער. בלויז פארן יאָר 1765 האָבן מיר א ציפער, וואָס איז אין זיך כולל די יידישע באפעלקערונג אין סאָכאַטשעוו און אין די ארומיקע דערפער. צוזאמען באטרעפט זי 1.349 נפשות.[6]

אין יאָר 1800 האָט די יידישע באפעלקערונג אין סאָכאַטשעוו געציילט 972 נפשות און מיט 8 יאר שפּעטער — 1085 נפשות. אינעם ערשטן פערטל פון 19־טן י.ה. האָבן מיר צו פארצייכענען א וווקס פון מער ווי טאָפּלט — אין יאָר 1827 ציילט שוין די יידישע באפעלקערונג אין סאָכאַטשעוו 2.322 נפשות. דער

דאָזיקער ראַשער וווקס האָלט כסדר אָן — אַרום דער העלפט פון דעם דאָזיקן יאָרהונדערט (1857) ציילט שוין די יידישע באַפעלקערונג 2936 נפשות און ביים סוף פון דעם דאָזיקן יאָרהונדערט אין יאָר 1897 — 3.776 נפשות, בכן האָט זיך די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין משך פון 90 יאָר כמעט פאַרפינפאַכט. לויט דער פאָלקס־ציילונג אין ניי אַנטשטאַנענעם פוילן אין יאָר 1921 האָבן זיך אַלס אַנגעהעריקע צו דער יידישער אמונה דעקלאַרירט נאָר 2419.[7] בכן האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג אין סאָכאַטשעוו אינעם ערשטן פערטל פון 20־טן יאָרהונדערט פאַרקלענערט אויף מער ווי א דריטל. (35,9%).

דאס איז שוין אַ רעזולטאַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעת וועלכער סאָכאַטשעוו איז חרוב געוואָרן און האָט לאַנגזאַם אָנגעהויבן זיך צוריק אויפבויען פון אירע חורבות.

פאַרן יאָר 1931, ווען ס׳איז פאָרגעקומען די צווייטע פאָלקס־ציילונג האָבן מיר ליידער נישט קיין ציפערן. מיר האָבן נאָר די אַלגעמיינע צאָל איינוווינער, דהיינו, 10.800 נפשות (יידן און קריסטן). צום אויסברוך פון קריג, דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939 האָט סאָכאַטשעוו געציילט קרוב 4000 נפשות.

די פאָלגנדיקע טאַבעלע אילוסטרירט דעם וווקס פון דער יידישער באַפעלקערונג פון די עלטסטע צייטן ביזן יאָר 1939 אין איר פאַרהעלטעניש צו דער אַלגעמיינער צאָל איינוווינער :

| יאָר | צאָל יידישע הייזער | צאָל פון דער ייד. באַפעלק. | אלגעמיינע צאָל איינוווינער | פּראָצענט פון דער ייד. באַפעלקערונג |
|---|---|---|---|---|
| 1599 | 20 | 320 (בערך) | — | — |
| 1620 | 22 | 352 " | — | — |
| 1765 | — | 1349 מיט אַרומ׳ דערפער | — | — |
| 1808 | — | 1085 | 1,342 | 80,8 |
| 1827 | — | 2322 | 3142 | 73,9 |
| 1857 | — | 2936 | 3,848 | 76,3 |
| 1897 | — | 3776 | 5,763 | 65,5 |
| 1908 | — | 4,520 | 6,397 | 70,6 |
| 1921 | — | 2419 | 5.070 | 47,7 |
| 1931 | — | — | [8]10,800 | — |
| 1939 | — | 4000 | — | — |

ווען מיר קוקן זיך צו צו דער טאַבעלע קאָנען מיר קאָנסטאַטירן די פאָלגנדע אינטערעסאַנטע דעמאָגראַפישע דערשיינונגען :

1) במשך פון דער גאַנצער צייט, אָנהייבנדיק פון 17־טן יאָרהונדערט אָבסערווירן מיר אַן אומאויפהערלעכן און כסדרדיקן וווקס פון דער יידישער באַפעלקערונג.

בפרט איז דער דאָזיקער וווקס בולט אינעם ערשטן פערטל פון 19־טן יאָרהונדערט. אין צייטאפשניט 1808־1827 האָט זיך די יידישע באפעלקערונג מער ווי פארטאָפּלט. אויך אין דער צווייטער העלפט פונעם דאָזיקן יאָרהונדערט קאָנסטאטירן מיר אַן אומאויפהערלעכן — הגם שוין נישט אַזאַ שנעלן צוואָקס ווי אינעם ערשטן פערטל. אין משך פון 40 יאר 1857־1897 איז די צאָל געשטיגן אויף 28,6 פראצענט — פון 2.936 ביז 3.776 נפשות. די אַבסאָלוט העכסטע ציפער האָט די יידישע באפעלקערונג דערגרייכט אין יאָר 1908. אין פארגלייך מיט 1897 — אַ צוואוקס מיט קנאפע 20%.
די יאָרן פון ערשטן וועלט־קריג (1914 — 1918) זענען די יאָרן פון איבערברוך. סאָכאַטשעוו איז מחמת די לאנג־דויערנדיקע פּאָזיציע־קאַמפן ביי דער בזורא כמעט אינגאנצן חרוב געוואָרן, די באפעלקערונג איז זיך צעלאָפן. עס איז דעריבער פארשטענדלעך פארוואָס די ערשטע פאָלקס ציילונג אין ניי־אנטשטאַנענעם פוילן אין יאָר 1921 האָט אויפגעוויזן נאָר 2419 נפשות. בכן אין פארגלייך מיטן יאָר 1908 א צוריקגאנג כמעט אויף אַ העלפט (46,5%) אָבער אינעם יאָר פון אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אינעם יאר 1939, האָט שוין די צאָל יידן זיך דערנענטערט צו דעם הויך־פונקט פון יאָר 1908 און איז דערגאנגען צו בערך 4000 נפשות.
2) ווען מיר פארגלייכן די צאָל פון דער יידישער מיט דער קריסטלעכער באפעלקערונג קאָנסטאַטירן מיר, להיפוך, א כסדרדיקן רעלאטיוון צוריקגאנג פון דער יידישער. אויב אין אָנהייב 19־טן י. ה. איז סאָכאַטשעוו כמעט א יידישע שטאָט (80,8% פון דער אלגעמיינער צאָל איינוווינער) און האלט איין דעם דאָזיקן כאראקטער ביז בערך דער העלפט פונעם דאָזיקן י.ה. — אין יאָר 1857 — 76,3% — איז אנהייבנדיק פון דעם דאָזיקן יאָר פאלט רעלאטיוו די צאָל יידן אין פארהעלטעניש צו דער אלגעמיינער צאָל איינוווינער: אין יאָר 1897 נאָך 65,5%, אָבער אין יאָר 1921 מאָכט זי אויס שוין ווינציקער ווי א העלפט (47,7%) פון דער אלגעמיינער צאָל איינוווינער. דער דאָזיקער פּראָצעס פון רעלאַטיווער פארמינערונג פון דעם צאָלמעסיקן אָנטייל פון דער יידישער באפעלקערונג אין די שטעט און שטעטלעך, וואָס מיר אבסערווירן כמעט אין גאנץ פוילן, איז קודם־כל א רעזולטאט פון דער מוניציפּאליטעט־פּאָליטיק פון דעם צו תחית־המתים אַנטשטאנענעם פוילן, וואָס האָט געשטרעבט דורך פאראייניקן צו דער שטאָטישער יוריסדיקציע פּאָרשטעט און אפילו דאָרפישע ביישטאָטישע שטחים, באוווינטע דורך אַ ריין־קריסטלעכער באפעלקערונג, קינסטלעך צו פארקלענערן די צאָל יידן אין דעם אלגעמיינעם באפעלקערונג־בילד אין די שטעט.
וואָס שייך די ווירטשאפטלעכע טעטיקייט פון די סאָכאַטשעווער יידן אין די גאָר אלטע צייטן (15־טן י.ה.) זענען די מקורים סיי קנאַפּ און סיי איינזייטיק. אין דער אפיציעלער יוריסדיקציע (יורידישע תקנות, געריכטס־ביכער) שפיגלט זיך ס׳רוב אָפּ נאָר איין זייט פון דער דאָזיקער טעטיקייט דהיינו: די קרעדיט־אָפּעראַציעס פון די

יידישע מלווים־בריבית מיט דער קריסטלעכער און טײלמאָל מיט דער יידישער באפעלקערונג גופא. אזוי למשל רעגולירן די אויבן דערמאָנטע „החלטות פון דעם געוווינהייטס־רעכט פון דעם סאָכאַטשעווער לאנד פון די יאָרן 1426 — 1455" די פראגע פון די קרעדיט־באציונגען צווישן דער שלאכטע און די יידן און זיי גיבן, אגב די לעצטע באדייטנדיקע זכויות ביים אויפמאָנען זייערע חובות ביי דער שלאַכטע. די החלטות באשטימען נעמלעך, אז אין פאל פון פארציען דאָס סילוקן דעם חוב, איז דער יידישער מלווה מחויב 4 מאָל צו לאדענען דעם בעל־חוב פארן געריכט, דערביי דארף דאָס געריכט צופסקענען דעם ייד חוץ דעם קרן און וואָכער אויך די געלט־שטראָף "pietnadziescia" (דריי זילבערנע גריוונעס); נאָכדעם ווי עס האָבן זיך געענדיקט אלע טערמינען, בעת וועלכע עס איז יעדעס מאָל אָנגעוואקסן א פרישע געלט־שטראָף פון 3 זילבערנע גריוונעס צוליבן פארציען דאָס אפצאָלן דעם חוב, ווערט דער ייד איינגעפעדעמט (ארייגעלאָזט) אין דעם אומבאוועגלעכן אייגנטום פון שליאכטשיץ. די פארנומענע גיטער האָט דער ייד אזוי לאנג געקאָנט האַלטן ביז ווען דער בעל־חוב האָט אים נישט געסילוקט דעם קרן, דעם וואכער און די דרייפאכע געלט־שטראָף.

עס איז כדאי צו באמערקן, אז אין קרוין־פוילן (Korona). צו וועלכער די מאַזאָווישע פראָווינץ האט אין דער דאָזיקער צייט נישט געהערט (דאָס סאָכאַטשעווער „לאנד", איז צוזאמען מיטן ראַווער „לאנד", וואָס האָבן ביידע געהערט צו דעם מאַזאָווישן פירשטנטום מיט דער הויפשטאָט ווארשע, איינגעגלידערט געוואָרן אין קרוין־פוילן אין דער צייט פון דעם פירשט קאנראד III (1488 — 1503), האָט די מלוכהשע געזעצגעבונג בפירוש פאַרווערט יידן צו אַנטלייען קריסטן געלט אויף א משכון פון אומבאוועגלעכע גיטער מיט דער בפירושער כוונה, אז די דאָזיקע גיטער זאָלן אַמאָל נישט ארייַנפאלן אין די הענט פון יידישן מלווה.

וואס שייך דעם האנדל פון די סאָכאַטשעווער יידן האָט ער נישט געפונען קיין אפשפיגלונג אין די פאראַנענע מקורים. אינעם יידישן האנדל אין אַמאָליקן פוילן האָבן סאָכאַטשעווער יידן משמעות געשפילט א קנאפע ראָל. מיר געפינען זיי נישט אין די צאָל־רייסטערס און נישט אויף די אינטערנאַציאָנאַלע ירידים אין ברעסלע, לייפציק אדער פראנקפורט, וואס האָבן געצויגן צו זיך יאָר־יערלעך גרויסע מחנות יידישע סוחרים. ערשט ביים סוף 18־טן י.ה. געפינען מיר אין סאָכאַטשעוו א גרויסע גארבעריי, וואָס האָט געהערט צו די ערשטע גארבערייען, וואָס זענען דעמאָלט געגרינדעט געוואָרן דורך יידישע אונטערנעמערס צוליבן מלוכהשן פארבאָט ארויסצופירן קיין אויסלאנד רויע לעדער. ווער עס איז געווען דער גרינדער פון דער דאַזיקער סאָכאַטשעווער גאַרבעריי איז נישט באוווסט.[9]

וואָס שייך שטייערן האָבן די סאָכאַטשעווער יידן געצאָלט חוץ אלגעמיינע מלוכהשע שטייערן ווי קאָפּגעלט (Poglovne) א.א. אויך א ספעציעלן שטייער דעם סטאראסטע — אין נאַטור (אזוי ווי אומעטום אין די מלוכהשע שטעט). אויף יעדן

קריסטלעכן פסח האבן בעלי־בתים פון הייזער געצאָלט צו 1 פונט פעפער; „קאמאָרניקעס" (לאָקאַטאָרן) צו א האלבן פונט. אין יאָר 1622 האָט דער דאזיקער שטייער באטראָפן 13 גילדן און 16 גר׳.[10]

דאָס וואָס ביידע לוסטראַציעס פון 1599 און 1620 דערמאָנען נאָר דעם הייזער־שטייער, וואָס יידן צאָלן דעם סטאראָסטע (און נישט דער שטאָט), איז א באווייז, אז די יידישע באפעלקערונג האָט דעמאָלט באוווינט דעם שטח וואָס האָט געהערט צום שלאָס, אויף וועלכן עס איז נישט חל געווען די שטאָטישע יוריסדיקציע.

סאָכאַטשעווער יידן פלעגן אויך באקומען א צוטריט צום קיניגלעכן הויף. אין יאָר 1599 טרעפן מיר צווישן די קיניגלעכע „פאקטאָרס" (אגענטן) צוויי סאָכאַ־טשעווער יידן, מיכאל און מרדכי (מארעק) בן שלמה. מיכאל האָט חוץ דעם געפירט קרעדיט־עסקים מיטן ראַווער וואָיעוואָדע אנדזשיי שעפרסקי[11].

אין די מקורים פון ערשטן פערטל פון 16־טן י.ה. טרעפן מיר אַ יידישן דאָקטער פון סאָכאַטשעוו מיטן־נאָמען פעליקס. אין יאָר 1527 האָט דאָס וואַרשעווער לאנד־געריכט באהאנדלט אַן אָנקלאָגע פון דעם גלח ראָסלאוו פון דער וואַרשעווער קאָלעגיאַטע פון הייליקן יאַן קעגן דעם דאָקטער פעליקס וועגן צוריקצאָלן דעם האָנאָראַר, היות ער האָט די רפואה, וואָס פעליקס האָט אים פארשריבן נישט איינגענומען און איז געזונט געוואָרן „מיט גאָטס הילף", נישט געקוקט אויף דער וואָרענונג פון פעליקסן, אז ער וועט שטאַרבן, אויב ער וועט נישט איינגעמען די רפואה. דאָס געריכט האָט צוגעפסקנט פעליקסן א שבועה, אז ער האָט דעם פאציענט נישט געשראָקן.[12] דער גאַנצער פארלויף פון פראָצעס איז כאראקטעריסטיש פאר דער מעדיצינישער פראַקטיק אין פוילן אין יענע צייטן און פאר דער ראָל וואָס יידן האבן אין איר געשפילט. ארום 1600 האָט זיך אין סאָכאַטשעוו באזעצט דער דאָקטער מארעק א זון פון פלאצקער יידישן דאָקטער פעליקס מוכא.[13]

סאָכאַטשעוו האָט אין די ראמען פון דער אויטאָנאָמער אָרגאניזאציע אין אלטן פוילן געהערט צום גרויס פוילישן גליל (פוילן גדול).

אין דעם ערשטן באקאנטן צוזאמענפאָר פון די קהילות פון גרויס־פוילן אין יאָר 1519 וועגן פונאנדערטיילן אויף די באזונדערע קהילות דעם מלוכהשן שטייער פאר דריי יאָר (1519 — 1521) אין דער הויך פון 200 גילדן יערלעך, איז אויך געווען רעפרעזענטירט די סאָכאַטשעווער קהילה.

דער סאָכאַטשעווער דאָקטער (אָדער רב) י ע ק ב איז באשטימט געוואָרן ווי איינער צווישן די 5 פרנסי־הגליל אויפצומאָנען דעם שטייער.

אין יאָר 1569 ווערט סאָכאַטשעוו אויסגערעכנט צווישן די 33 גרויס־פוילישע קהילות, וואָס די הכנסה פון זיי אין דער הויך פון 50 גילדן, האָט דער קיניג זיגמונט אויגוסט געשאָנקען איינעם פון זיינע הויפטלייט.

ווי א קליינע קהילה האָט זי אין וועד־הגליל נישט געשפילט קיין ראָלע און

אין אים, ווייזט אויס, נישט געווען פארטראַטן, אָבער דער וועד־הגליל פלעגט זיינע זיצונגען טייל מאָל אָפּהאַלטן אין סאָכאַטשעוו.[14]

אַן אָפּשטאַמיקער פון סאָכאַטשעוו ר׳ משה סאָכאַטשעוור ווערט אין דער צווייטער העלפט פון 17־טן יאָרהונדערט אָנגערופן „פרנס ומנהיג המדינה דגליל פוזנא", און זיין איידעם, ר׳ מאיר אייזענשטאדט, דער בעל „פנים מאירות" (ח"א, אמסטערדאם תע"ה, 1715), זאָגט אין דער הקדמה אים נאָך דעם שבח, אַז ער האָט מיט זיין השתדלות ביים קיניג און שררות געראַטעוועט 24 נפשות, וואָס זענען געשטאַנען פאַרן לובלינער טריבונאל ווי באַשולדיקטע אין אַן עלילת־שווא (קיין גענויערע פּרטים פון דער דאָזיקער געשעעניש זענען נישט באַקאַנט).

## דער סאכאטשעווער פראצעס 1556 — 1557

די סאָכאַטשעווער קהילה האָט נישט אויסגעמיטן די אַלע פּורעניות און אומגליקן סיי נאַטירלעכע (שריפות און מגיפות) און סיי אַזעלכע, וואָס זענען געקומען בידי אדם (עלילת־דם פּראָצעסן, מלחמה־פאַרוויסטונגען), וואָס זענען געווען דאָס מנת־חלקם פון די פּוילישע יידן.

אויף איינעם פון זיי, נעמלעך, אויף דעם באַרימטן סאָכאַטשעווער עלילת־דם־פּראָצעס, וואָס האָט געקאָסט דאָס לעבן פון 4 סאָכאַטשעווער יידן און האָט אַרויסגערופן אַ כוואַליע פון יידן־רדיפות אין דער גאַנצער מאַזאָווישער פּראָווינץ און געפונען אַ ברייטן אָפּקלאַנג אין גאַנץ פּוילן און אין אויסלאַנד, וועלן מיר זיך אַ ביסל אויספירלעכער אָפּשטעלן. אין שיין פון אַלטע און פון שרייבער פון די שורות אַנטדעקטע נייע מקורים איז דער פאַרלויף פון פּראָצעס געווען אַזעלכער:

פיר סאָכאַטשעווער יידן, דער שמש ביינישׁ, זיין זון יעקב און די צוויי ברודער יוסף און יעקב סאָכאַ (שפּעטער האָט מען אין גאַנג פון דער אויספאָרשונג אַריינגעצויגן אויך זייער פאָטער טרייטל) זענען באַשולדיקט געוואָרן אין אַפּריל 1556 (פאַר פּסח), אַז איינער פון זיי, היינו דער שמש ביינישׁ האָט צוגערעדט די פּרוי דאָראָטאַ לאַזענצקאַ (אָדער לאַזונצקאַ — דער נאָמען איז נישט גאָר קלאָר אָנגעשריבן), זי זאָל צוגנבענען די האָסטיע בעת דער קאָמוניע אין דער דאָרפישער קירך קאָזלאָווא, וואָס זיי האָבן דערנאָך ביי איר אָפּגעקויפט פאַר דריי טאָלער און אַ שטיק טוך. שפּעטער האָט ביינישׁ מיט זיינע אויבן אויסגערעכנטע שותפים אַדורכגעשטאָכן די האָסטיע און דאָס בלוט, וואָס איז אַרויסגעפלאָסן פון איר, צונויפגעזאַמלט אין אַ כלי.

איינגעזעצט צוזאַמען מיט די ווייבער אין פּלאָצקער טורעם (חוץ ביינישן וואָס איז געזעסן אין דער סאָכאַטשעווער תפיסה) זענען זיי דערנאָך געגומען געוואָרן אויף אַ שטרענגן פאַרהער (נאַטירלעך מיט פּייניקונגען).

די אויספאָרשונג האָבן געפירט: פראַנציס ליפּאָמאַנאָ (Lippomano) ווי דער שליח פון זיין קרוב, דעם פּויפּסטלעכן לעגאַט אַלויזי ליפּאָמאַנאָ,



די שול — בית־הכנסת

דעם לעגאַטס סעקרעטאר יוזעף אַליוואַ (ביידע איטאַליענער), ווי אויך דער לוויוויטשער בירגערמייסטער סטעפאַן און דער מילנער וויטשעק — דעלעגירטע דורכן גניעזנער ארציביסקופ מיקאַליי דזיעזשגאָווסקי.

נישט קאָנענדיק אויסהאַלטן די עינויים בעת דער אויספאָרשונג האָבן זיך די באשולדיקטע אין דעם פארברעכן „מודה געווען" (דער ערשטער האָט זיך איינגעבראכן ביינינש), און לויט דעם אורטייל פון לוויוויטשער סינאד, וואָס האָט גראָד דעמאָלט אָפּגעהאַלטן זיינע באראטונגען, זענען זיי געוואָרן פארמשפּט צום טויט. דעם אורטייל איבער ביינישן האָט מען אויסגעפירט אויפן באפעל פון סאָכאַטשעווער סטאראָסטע דעם 25־טן מאי, איבער טרייטלען און זיינע צוויי זין, יוסף און יעקב, מחוץ די מויערן פון פלאצק, דעם 1־טן יוני 1556, יעקב, ביינישעס זון, איז ניצול געוואָרן, ער איז אפנים אנטלאָפן.[15] פריער נאָך, דעם 23־טן אפריל איז אין סאָכאַטשעוו אויסגעפירט געוואָרן דער טויט־אורטייל איבער דער קריסטלעכער פרוי דאָראָטאָ. די גופים פון די דריי פארמשפּטע (אין פלאצק) האָט מען נישט קובר געווען, נאָר זיי זענען נאָך דער עקזעקוציע געהאָנגען ביז יאנואר 1557 און ערשט נאָך אן אינטערווענץ פון קיניג ביים פלאָצקער מאגיסטראט און סטאַראָסטע (געשריפטס פון קיניג, דאטירט אין ווארשע פון 15־טן יאנואר 1557), זענען זיי ארויסגעגעבן געוואָרן דער פלאָצקער קהילה און געבראכט געוואָרן צו קבורה. דאָס איז געווען דער עפּילאָג פון דאזיקן טראגישן פראצעס.

ווי איז געווען די שטעלונג פון קיניג זיגמונט אויגוסט? מיר האָבן אזש 8 קיניגלעכע עדיקטן, וואָס זענען אויף א דירעקטן, אָדער אומדירעקטן אופן נוגע דעם דאָזיקן ענין, און אין זייער שיין באווייזט זיך אונדז דער קיניג אין פולן הסכם מיט זיין כאראקטער, וועלכן מען קאָן באצייכענען מיט די ווערטער: ערלעכקייט געפּאָרט מיט א שוואכן ווילן. דער קיניג האָט געקאָנט ביי אַ גרעסערער אָנשטרענגונג ראטעווען די אומשולדיקע (דאָראָטאַ לאַבענצקאַ האָט זיך פארן טויט מודה געווען, אז דעם בלבול האָט זי אויסגעטראַכט אויס נקמה געפילן צו ביינישן), אָבער ער האָט דעם דאָזיקן שריט נישט געמאַכט.

דעם 8־טן מאי (1556) איז דער קיניג מודיע דעם ראַווער וואָיעוואָדע אנדזשיי שעפּרסקי און דעם סאָכאַטשעווער סטאַראָסטע סטאַניסלאַוו באָרעק, אז זיי זענען באפולמעכטיקט געוואָרן צו פירן די אויספאָרשונג בנוגע די יידן, וואָס זענען באשולדיקט געוואָרן אין חילול־הקודש בכדי ארויסצוקריגן פון זיי דעם אמת „מיט אלע מיטלען”. ער רעקאָמענדירט זיי אָבער מען זאָל די באשולדיקטע נישט פאָרשן מיט דער הילף פון עינויים, איידער זיי וועלן זיך גוט באקענען מיטן גאנצן ענין און אויסהערן די פארטיידיקונג מצד די יידן, ערשט נאָכדעם זאָלן זיי באשליסן וואָס איז אין הסכם מיטן געזעץ; אויב עס וועט בעת דער אויספאָרשונג דערגיין צו עינויים און די באשולדיקטע וועלן זיך מודה זיין, זאָלן זיי באשטראָפט ווערן מיט א גערעכטער שטראָף. ווי עס דרינגט אַרויס פון דעם דאָזיקן דאָקומענט, האָבן דער ראַווער וואָיעוואָדע און דער פלאָצקער סטאראָסטע באקומען אויפן סמך פון קיניגלעכן דעקרעט די אויפגאַבע און דאָס רעכט אדורכצופירן די אויספאָרשונג און עווענטועל צו באשטראָפן די באשולדיקטע.

אלע איבעריקע דעקרעטן פון קיניג אין דער דאָזיקער פראַגע געפינען זיך נישט אין הסכם, אדער זענען בפירוש סותר דעם אויבנדיקן קיניגלעכן עדיקט פון 8־טן מאי. אין זיין געשריפטס צום וואָיעוואָדע פון 8־טן יוני 1556 ווארפט אים דער קיניג פאָר, וואָס קעגן זיין בפירושער רעקאָמענדאציע, האָט מען די באשולדיקטע געפייניקט בעת דעם פארהער, הגם ער האָט באפוילן מען זאָל זיי לאָזן צו רו ביז א ווייטערדיקן באפעל (?), ווייטער פאָדערט ער אים אויף מען זאָל די באשולדיקטע, אויב זיי לעבן נאָך, נישט פייניקן ביים פאַרהער — אין הסכם מיט זיין פריערדיקן געשריפטס (?), און באפעלט ארויסצולאָזן פון תפיסה זייערע ווייבער און צוריקגעבן דאָס קאָנפיסקירטע פארמעגן זייערס; חוץ דעם פארווערט דער קיניג צו ארעסטירן די דאָזיקע פערזאָנען אויף וועלכע די געמאטערטע האָבן אָנגעוויזן בעת דעם פארהער. אויך דעם סאָכאַטשעווער סטאַראָסטע האט דער קיניג דעם זעלבן טאָג ארויסגעשיקט א געשריפטס, אין וועלכן ער איז אים מודיע וועגן זיין באשלוס צו דעלעגירן צום פראָצעס זיינע קאָמיסארן בכדי אויסצופאָרשן דעם גאנצן ענין. ער פארווערט אים — ווי מיר האָבן שוין אויבן דערציילט — צו פארפאָלגן די אַנטלאָפענע און באפעלט אים זיי צו לאָזן אויף דער פריי ווי אויך זיי

אומצוקערן דאָס קאָנפיסקירטע פארמעגן, אין פאַל ווען זיי וועלן זיך אומקערן אהיים. די אָבער וואָס מען האָט שוין געכאַפּט, באַפעלט ער תיכף ארויסצולאָזן אויף דער פריי, נעמענדיק פריער פון די יידן אן ערבות, אז זיי וועלן זיך צושטעלן אויף יעדן פארלאנג[16]) נאך דעם ווי מיר האבן זיך באקענט מיט דעם אינהאלט פון די דאָזיקע אויבן ציטירטע דאָקומענטן איז דוכט זיך איבעריק צו ברענגען אלע שפעטערדיקע רעסקריפּטן וואָס זענען נישט אין הסכם, אָדער געפינען זיך אין אַ בפירושער סתירה צו דעם געשריפטס פון 8־טן מאי. מיט וואָס דערקלערט זיך די דאָזיקע סתירה? מען דאַרף אָננעמען אז אין דעם געשריפטס פון 8־טן מאי 1556 האָט ווער אייגנווילליק און אויף אייגענער אחריות געענדערט דעם אינהאלט פון קיניגלעכן באפעל, אז צו דעם דאָזיקן פאַקט, וועגן וועלכן ער האָט זיך שפעטער דערוווּסט, האָבן א שייכות זיינע ווערטער אין דעם אורטייל, וואָס ער האָט ארויס־געגעבן אין דעם דאזיקן פראָצעס דעם 15־טן יאנואר 1557: „מיט אונדזער געשריפטס האבן די באשולדיקטע באקומען א ט ע ו ת ד י ק ע א י נ ס ט ר ו ק צ י ע, וואָס האָט אָנטהאַלטן דאָס וואָס איז לכתחילה דאָרט נישט געווען פארהאַן, אז מען זאָל נישט אויסהערנדיק זיי [די יידן] זיי מאטערן מיט עינויים און אויספירן די טויט־שטראָף"...

פון די דאָזיקע ווערטער איז געדרונגען, אז דער קיניג באשטעטיקט בפירוש, אז אין זיין רעסקריפּט (פון 8־טן מאי 1556) האָט זיך געפונען א טעותדיקע, בעסער געזאָגט, פאלשע אינסטרוקציע און דאָס, וואָס איז שפעטער כלומרשט אויף איר סמך אפגעטאָן געווארן, איז דאָרט לגמרי נישט געווען פאַרהאַן. ווער האָט דאָס באַוווסטזיניק געפעלשט דעם קיניגס ווילן? די פראָטעסטאַנטישע היסטאָריאָגראַפיע (ק ר אַ ש י נ ס ק י, ל ו ב י ע נ י ע צ ק י) און, אויף איר זיך שטיצנדיק, די יידישע (ש ט ע נ ב ע ר ג, ב אַ ל אַ ב אַ ן) האָבן שוין לאנג ארויסגעגעבן זייער פסק, ארויפווארפנדיק די שולד פאַר דעם פאַלסיפיקאַט אויף דעם וויצע־קאַנצלער י אַ ן פ ז ש ע ר ע מ ב ס ק י (Przerembski). **געוויסע פראָטעסטאַנטישע היסטאָריקער** ווי למשל דער אויבן דערמאָנטער לוביעניעצקי **באשולדיקן** אים אפילו, אז ער האָט בשותפות מיט דעם סאָכאַטשעווער סטאַראָסטע אינסצעניזירט דעם גאַנצן פראָצעס.

עס זעט אָבער אויס געגוג מאָדנע חושד צו זיין דעם וויצע־קאַנצלער, וואָס האָט אליין נוטה געווען צו דער רעפאָרמאציע, אין אינטריגירן צוזאמען מיטן קאַטוילישן לאַגער, וואָס פאַר אים איז דער סאָכאַטשעווער פראָצעס אייגנטלעך געווען א שטאַרקער פראָפּאַגאַנדע־מיטל אין קאַמף ק ע ג ן דער פראָטעסטאַנטישער און פאַר דער קאַטוילישער ד אָ ג מ אַ ט י ק (סאַקראַמענט פון עווכאריסטיע). נישט ריכטיק איז אויך די ווערסיע וועגן זיין אנטייל, ווי דער כעלמער ביסקופ, און לוויוויט־שער סינאַד, בעת כעלמער ביסקופ איז גראָד דעמאָלט געווען אוכאנסקי (Uchanski) און ערשט נאָך אים האָט ער אין יאר 1557 איבערגענומען דעם קירכלעכן אמט.

ווי מיר האָבן געזען, האָט דער קיניג געוואָלט, אַז דער פראצעס זאָל ווערן




דער שלאָסבאַרג — שרידי המבצר

געפירט אויף א געזעצלעכן און אביעקטיוון אופן און נישט האָבנדיק ווייזט אויס קיין איבעריק גרויסן צוטרוי צו די פערזאָנען, וואָס אין זייערע הענט האָט זיך דער ענין ביז איצט געפונען, איבערגעבן די אויספארשונג אין די הענט פון די דורך אים דעלעגירטע קאָמיסארן. די קיניגלעכע רעסקריפטן האָבן אָבער פארשפעטיקט — דער אורטייל איבער די אומשולדיקע איז שוין געווען אויסגעפירט. נאָכן אויספירן דעם גרויזאמען פסק, ווען עס האָט זיך אין שייכות מיטן פראָצעס אויפגעהויבן אין גאנץ מאַזאָוויע א כוואליע פון רדיפות, וואָס זענען באַשטאַנען אין אַרעסטירן לגמרי אומשולדיקע יידן, ראַבעווען זייער האָב און גוטס, האָט דער קיניג ארויסגעגעבן דעם 3־טן יוני 1556 אן „אייזערנעם בריוו“, אין וועלכן ער פארזיכערט די גערודפטע שוץ פון לעבן און פארמעגן, פרייהייט פון באוועגונג און פארווערט צו ווארפן אויף זיי אזעלכע בלבולים, איבערלאָזנדיק אויסשליסלעך פאר זיך, אָדער זיינע שליחים, דאָס רעכט צו משפטן אַזעלכע פאַרברעכנס. שוין אין דעם דאָזיקן דאָקומענט דריקט דער קיניג אויס זיינע ספקות אין דער שולד פון די פארמשפטע. עס זאָגט וועגן דעם עדות דער זאַץ :" מען האָט אונדז איבערגעגעבן וועגן די שווערע עוולות, לגבי אונדזערע יידן מחמת האָסטיע־שענדונג, וואָס ווי מען זאָגט, אז פיר יידן זענען באַגאַנגען אין סאָכאַטשעוו, און זיי זענען דערפאר פארמשפט געווארן צום טויט". דער טעקסט פון "אייזערנעם בריוו" איז פיר מאָל פארעפנטלעכט געווארן אין אלע שטעט און שטעטלעך פון די ראַווער און פלאָצקער וואיעוואָדשאַפטן.

די רדיפות האָבן אָבער נישט אויפגעהערט און דער קיניג איז געווען געצווונגען ארויסצוגעבן די גערודפטע צוויי נייע כמעט אידענטישע „אייזערנע בריוו", דעם 3־טן און 5־טן יולי 1556, אין וועלכע דער קיניג דערמאָנט די טענה פון דעם יידישן צד, אז מען האָט ביי די פארמשפטע ארויסגעפרעסט די באַקאַנטע דערקלערונגען מיט דער הילף פון עינויים, ער פארווערט ווייטער יעטוועדע גוואַלד־מעשים איבער דער שוצלאָזער יידישער באפעלקערונג און איז מודיע, אז ער האָט דעם גאַנצן ענין נאָך אמאָל איבערגעגעבן דעם קיניגלעכן געריכט, היות ער שטרעבט ארויסצובאקומען דעם אמת מיט לעגאַלע מיטלען.

אויף די דאָזיקע דאָקומענטן זענען פארעפנטלעכט געוואָרן דורך די געריכט־דינער אין אלע שטעט און שטעטלעך פון דער פלאָצקער וואָיעוואָדשאפט.

פארן קיניגלעכן געריכט זענען ארויסגעטרעטן ווי באשולדיקער מצד די יידן די פלאָצקער פרנסים, דער דאָקטער ל ע וו ע ק און י ע ק ב דער ש וו א ר צ ע ר, און ווי אָנגעקלאָגטע דער ראַוועד וואָיעוואָדע — מצד דער משפחה פון טרייטלען און זיינע צוויי זין יוסף און יעקב סאָכאַ, און דער סאָכאַטשעווער סטאַראָסטע — מצד דער משפחה פון דעם שמש ביינישׂ.

די באשולדיקונג האָט פארגעוואָרפן די אָנגעקלאָגטע, אז עובר זייענדיק אויף דעם געזעץ און יידישע פריווילעגיעס, און גרינגשעצנדיק דעם אויטאָריטעט פון קיניג, האָבן זיי, אונטערן מאַנטל פון שוץ פון דער קריסטלעכער אמונה, געלאָזט אריינזעצן אין תפיסה 4 סאָכאַטשעווער יידן און אויפן סמך פון בלבול, אויסגעטראכט דורך א פרוי, און פון הודאות, וואָס זענען אויסגעפרעסט געוואָרן דורך טאָרטורן, פארמשפט זיי צום טויט דורך פארברענען. די פרנסים האבן געפאָדערט צו באשטראָפן די שולדיקע און אומצוקערן דאָס קאָנפיסקירטע פארמעגן די משפחות פון די פארמשפטע.

די באשולדיקטע האָבן זיך פארטיידיקט מיט דעם ארגומענט, אז זיי האָבן געהאַנדלט אין הסכם מיט די קיניגלעכע פאראָרדענונגען, וואָס האָבן זיי באפולמעכטיקט צו פירן די אויספאָרשונג און ארויסצוטראָגן א פסק (זיי האָבן אפנים זיך פאררופן אויף דעם אויבן ציטירטן געפעלשטן רעסקריפט פון 8־טן מאי 1556), אז די פאר־משפטע האָבן באקומען א פארדינטע שטראָף אויפן סמך פון זייערע אייגענע דערקלע־רונגען, אז אנדערע באווייזן פון זייער שולד זענען געווען לחלוטין איבעריק א. א. וו.

אין זיין תשובה האט זיך דער יידישער צד פאררופן אויף דעם קיניגלעכן עדיקט, לויט וועלכע אלע פראָצעסן, אין וועלכע דער פסק קאָן זיין טויט־שטראָף, געהערן צו דער קאָמפעטענץ פון קיניגלעכן געריכט. זיי האָבן אויך צוגעגעבן, אז, אָננעמענדיק אפילו, אז די באשולדיקטע האָבן נישט אריבערגעטראָטן זייערע קאָמפעטענצן, האָבן זיי אָבער עובר געווען אויף די יסודות פון דער געריכטס־פראָצע־

דור, אָנהייבנדיק תיכף די אויספאָרשונג מיט דער הילף פון פייניקונגען און פאַר־נאַכלעסנדיק אַנדערע באַווייז־מיטלען.

דאָס קיניגלעכע געריכט האָט דעם 15־טן יאַנואַר 1557 אַרויסגעטראָגן דעם פּסק־דין, לויט וועלכן די אָנגעקלאָגטע הויכע באַאַמטע ווערן דערקלערט פאַר אומשולדיק, מחמת דעם, וואָס אַלץ וואָס זיי האָבן געטאָן איז געווען אין הסכם מיט דער פאַראָרדענונג, וואָס דער קיניג האָט אַרויסגעגעבן. היות די זעלביקע פּרוי, וואָס האָט אָנגעוויזן אויף די פאַרמשפּטע ווי אויף די שולדיקע אין דעם באַגאַנגענעם פאַרברעכן פון חילול־הקודש, האָט זיך פאַרן טויט מודה געווען, אַז דעם בלבול אויף ביינישן האָט זי אויסגעטראַכט מחמת שנאה צו אים, דעריבער וועלנדיק להבא אויסמיידן אַזעלכע יוסטיץ־טעותים, ווערט פאַראָרדנט, אַז קיינער טאָר נישט אוזורפּירן דאָס רעכט צו משפּטן יידן, וואָס ווערן באַשולדיקט אין חילול־הקודש, אָדער אין עלילת־דם — די דאָזיקע ענינים געהערן אויסשליסלעך צו דער קאָמפּע־טענץ פון קיניגלעכן געריכט; יידן, אויף וועלכע עס וועט געוואָרפן ווערן אַזא מין באַשולדיקונג, זענען מחויב צוצושטעלן צום סיים ערבות־לייט, היינו פּרנסים פון דער קהילה, פון וואַנען דער באַשולדיקטער שטאַמט, אָדער פון אַ שכנותדיקער. אויב אָבער זיי וועלן דעם דאָזיקן תנאי נישט אויספירן, דאַרפן זיי ווערן איינגעזעצט אין תפיסה אין אַ „בכבודיקן אָרט" (נישט אין קאַרצער און נישט געשמידט אין קייטן) ביז דער ענין וועט ווערן אויסגעפאָרשט דורכן קיניגלעכן געריכט.

דעם פּראָטאָקאָל פון פּראָצעס צוזאַמען מיטן פּסק האָבן די פּרנסים בשותפות מיטן קיניגלעכן קאָמערדינער געלאָזט אַריינשרייבן אין די גראָד־און שטאָט־אַקטן פון פּלאָצק.

דאָס איז געווען דער עפּילאָג פון דער דאָזיקער טראַגישער געשעעניש.

אין יאָר 1619 האָט די סאָכאַטשעווער קהילה געהאַט אירן אַ פרישן קדוש, וואָס איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט אונטער דער באַשולדיקונג פון דערמאָרדן אַ קריסטלעך קינד. [17]) גענויערע פּרטים וועגן דער דאָזיקער געשעעניש זענען נישט באַקאַנט.

ד.

פון אַנדערע פּורעניותן, וואָס האָבן געטראָפן די סאָכאַטשעווער קהילה דאַרף נאָך דערמאָנט ווערן, אַז אַרום דעם יאָר 1620 איז דער יידישער קוואַרטאַל, וואָס, האָט געציילט 20 הייזער, אינגאַנצן אָפּגעבערנט געוואָרן. אין אַ שפּעטערדיקן דאָקומענט ווערט אָנגעוויזן, אַז די קהילה האָט זיך נישט געקאָנט צוריק אויפבויען מחמת אַ פאַרבאָט פון קיניג וואָס איז אָפּנים נאָכגעקומען דעם ווונטש פון די שטאָטלייט [18]).

בעת דעם שוועדיש־פּוילישן קריג (57 — 1656) האָט סאָכאַטשעוו, וואָס איז געלעגן אויפן מלחמה־שליאַך פון קאַרל־גוסטאַווס חיילות וואָס האָבן באַלאַגערט

די שטאָט און פאַרברענט דעם שלאָס, מסתמא נישט ווייניק פון זיי געליטן. עס איז א סברא אז די יידישע קהילה איז דעמאָלט, ענלעך ווי אין שכנותדיקן פלאָצק חרוב געוואָרן. אָבער דאָס לעבן גייט ווייטער, מען בויט צוריק אויף די חורבות און ארום דער העלפט פון 18־טן י ה. ציילט שוין ווידער די סאָכאַטשעווער קהילה צוזאמען מיט שכנותדיקע דערפער 1.349 נפשות.

עס האָבן נאַטירלעך נישט געפעלט קיין סכסוכים מיט דער קריסטלעכער סביבה פון יורידישן אָדערווירטשאפטלעכן כאראקטער. אזוי למשל האָט דער קיניגלעכער רעוויזאָר פאַרנאָטירט אין יאָר 1599 אַן אנקלאגע פון די סאכאַטשעווער בירגער אויף די אָרטיקע יידן באשר „זיי קויפן אויס אויפן מארק דאס חלב פון די בהמות, פעלן, וואָל און אַנדערע אַרטיקלען, וואָס זענען נויטיק דעם קריסטלעכן האַנ־טווערקער" זיי האבן אויך געטענהט, אַז יידן טאָרן נישט האבן מער ווי 8 הייזער[19].

פון אן אנקלאגע קעגן סאָכאַטשעווער וויצע־סטאראסטע, וואָס איז פארנאטירט געוואָרן אין דער קרוין־מעטריק אין יאר 1756, ווערן מיר געוויר, אז די סאָכאַ־טשעווער יידן האָבן פארשפילט אַ פראָצעס מיט דער שטאָט וואָס האָט זיך געפירט פארן קיניגלעכן אַסעסאָרן־געריכט אין ווארשע, און זענען פארמשפט געוואָרן צו באצאָלן א געלט־שטראָף אין דער הויך פון 3 טאָלער, (אין זייער אַנקלאגע האבן זיי פארגעוואָרפן דעם וויצע־סטאראָסטע, אז ער האט אייגנוויליק געהעכערט די געלט־שטראָף אויף 20 אונגארישע דוקאטן. עס איז כאראקטעריסטיש, אז די אָנקלאגע קעגן וויצע־סטאראסטע האט אריינגעטראגן אין די אקטן פון דער קיניגלעכער קאנצעלאריע, חוץ דעם קהילה־סינדיק יעקב בן־יצחק, בשותפות מיט נאָך צוויי סאָכאַטשעווער יידן, אויך דער דעמאָלטיקער וויט (Wojt) פון סאָכאַטשעוו[20]) ווי אזוי דער ענין האָט זיך פארענדיקט און אין וואָס איז באַשטאַנען אייגנטלעך דער סכסוך מיט דער שטאָט, דרינגט פון די אקטן נישט ארויס.

מיט 13 יאָר שפּעטער (1769) האָבן די אקטן פון דער קיניגלעכער קאנצעלאריע פארנאָטירט א פראָצעס צווישן א גרופע סאָכאַטשעווער יידן: לעוועק מאָש־קאָוויטש, יעקב בערקאָוויטש, יעקב פורמאן און לעוועק זלאָטניטשעק מיט זייערע פאמיליעס פון איין זייט, מיט 5 פויערים, לייב־אייגענע פון דער פריצטע פון דעם גוט זשביקאָוו — יאדוויגא לוביענסקא, פון דער אנדערער (קאָנקרעט וועגן וואָס עס האָט זיך געהאנדלט ווערט אין דעם אקט נישט אָנגעגעבן). ביידע צדדים האָבן מסכים געווען אויף אַן ארביטראזש־געריכט, וואָס זיין הויפט־בורר זאָל זיין דער ראַדזשיעיעווער סטאראסטע, איגנאצי קאָסאָ־ווסקי, און אים געגעבן די פולמאכט צוצוקלייבן זיך פון ביידע צדדים זיינע בוררים צום משפט, וואָס האָט געדארפט אפגעהאלטן ווערן אין ווארשע[21]. די לייב־אייגענע פויערים האָט פארטראָטן דער גוט־אדמיניסטראַטאָר.

ה.

אין די 80־קער און 90־קער יאָרן פון 18־טן י. ה. האָט זיך פאַר סאָכאַטשעוו פונקט ווי פאַר א ריי אנדערע שטעטלעך ארום ווארשע (למשל בלוינע) געשאפן א גינסטיקע פארבייגייענדיקע קאָניוקטור, וואָס שטייט אין שייכות מיט דעם סכסוך, וואָס איז אויסגעבראכן צווישן די וואַרשעווער יידן און די מיעשטשאַנעס פאר זייער וווינרעכט אין ווארשע.

אין ווארשע האָבן די יידן על פי געזעץ נישט געטאָרט וווינען (נאָך אויפן סמך פון קיניגלעכן דעקרעט פון יאָר 1527) אָבער פאקטיש האָבן יידן אין ווארשע געוווינט, בפרט אויפן שטח פון די פריצישע יוריסדיקעס. יידישע סוחרים וואָס פלעגן קומען קיין ווארשע פלעגן מוזן אויסקויפן דעם טאָג־צעטל אויף א קורצן טערמין, וואָס נאָך זיין אָפּלויף האבן זיי געמוזט פארלאָזן די שטאָט (נאָר בעת די סיימען איז דער פארבאָט נישט חל געווען), קיין ווארשע וואָס איז שוין דעמאָלט געווען א וויכטיקער האנדלס־צענטער, פלעגן קומען אין זייערע האנדלס־עסקים גרויסע יידישע סוחרים פון ווייטע מקומות און אפילו פון אויסלאנד. די מיעשטשאנעס פירן א קאמף פאַר ארויסטרייבן די יידן פון ווארשע און איינהאלטן דעם דעקרעט פון 1527 אין זיין פולער שארפקייט. אין די צווישן־פעריאָדן, ווען דער קאמף פון דער שטאָט מיט די יידן האָט זיך פאַרשאַרפט און עס האָט געשמעקט מיט רעפרעסיעס און אפילו גירושים, פלעגן די יידישע סוחרים איבער־ווארטן אין די שכנותדיקע שטעטלעך עד יעבור זעם. אזעלכע שטעטלעך ווי בלוינע, סאָכאַטשעוו האָבן אזוי ארום געבילדעט א צייטווייליקן אויפהאלט־אָרט פאר יידישע סוחרים און בעל מלאכות פון ווארשע און פון דער פרעמד. נישט איינער פון זיי איז שוין פארבליבן אין זיין צייטווייליקן וווין־ארט, אויף דעם אופן האָבן די דאָזיקע שטעטלעך, וואָס ארום ווארשע, גענאָסן פון איין זייט פון דער הכנסה, וואָס עס האָבן געגעבן יידישע סוחרים בעת זייער צייטווייליקן אויפהאָלט, וואָס פלעגט זיך אָפטמאָל לאנג פארציען, און פון דער אַנדערער זייט פון צייט צו צייטבאַקומען א צושטראָם פון א רירעוודיקן סוחרישן און בעלמלאכהשן עלעמענט. אין יאָר 1800 זענען אין סאָכאַטשעוו פאַרצייכנט געווארן 52 יידישע בעלי־מלאכות, אויף 91 בכלל.

פון דער אנדערער זייט פלעגן סאָכאַטשעווער יידן אויסוואַנדערן און זוכן גליקן אין וואַרשע. לויט די ציילונגען פון די ווארשעווער יידן אין דער צווייטער העלפט פון 18־טן י. ה. האָבן זיך אין ווארשע צוזאמען מיט פראגע געפינען אין יאר 1765 : 8 סאָכאַטשעווער משפחות, וואָס האָבן געציילט 39 נפשות, אין יאָר 1781 : 27 משפחות מיט 61 נפשות, אין יאָר 1784 (נאָכן צייטווייליקן גירוש פון ווארשע) : 5 משפחות מיט 12 נפשות, אָבער אין יאָר 1792 נאָכדעם ווי דער קאַמף אַרום דער פראַגע פון וווינרעכט פון יידן אין ווארשע האָט אָנגענומען א גינסטיקע פאַר זיי ווענדונג, האָבן זיך שוין אין ווארשע און פראגע געפינען 10 משפחות מיט 35 נפשות [22]) איינער פון זיי לעוועק יאַקובאָוויטש איז געווען אַ פאַקטאָר ביים ענגלישן

אַמבאַסאַדאָר אין ווארשע און האָט זיך געפונען אונטער זיין פּראָטעקציע. דאָס האָט אים באַפרייט פון דעם חוב אויסצוקויפן דעם טאגצעטל [23].

אין שייכות מיט די באַציאונגען צווישן ווארשע און סאָכאַטשעוו איז כדאי צו דערמאָנען, אז היות ווארשעווער קהל האָט נישט געהאַט ביזן יאָר 1806 קיין אייגענעם בית־עלמין, פלעגט מען מתים פירן צו קבורה קיין סאָכאַטשעוו, אָדער קיין גראדזשיסק [24]. אין פראגע האָט שמואל זביטקאָווער ערשט אין יאָר 1780 באקומען א דערלויבעניש אויף א בית־הקברות. היות אָבער שמואל זביטקאָווער האָט פאַרוואַנדלט דעם פראַגער בית־עלמין אין א פריוואטן מאָנאָפּאָל, וואָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו רייסן הויכע אפּצאָלן ביי די פארשטאָרבענע ווארשעווער גבירים, פלעגן זייערע יורשים קובר זיין די מתים אין סאָכאַטשעוו, בכדי אויסצומיידן די אָפּצאָלן פאר זביטקאָווערן [25].

עס איז כאראקטעריסטיש, אז די פוילישע רעגירונגס־אָרגאַנען האָבן געשטיצט זביטקאָווערס פיסקאַלישע המצאות און דאָס ווארשעווער געריכט האָט געפסקנט, אַז אויב א רייכער ייד ווערט געפירט צו קבורה קיין סאָכאַטשעוו, מוזן די יורשים באַצאָלן א דריטל פון דמי־קבורה — 18 רויטע גילדן.

אין דער פּראַגער חברה־קדישא האָט אין יענער צייט דעם פּאָסטן פון שמש פארנומען א סאָכאַטשעווער ייד שמעון בן־נתן, זיין פענסיע האָט באטראָפן 6 גילדן א וואָך, ער איז געווען אן איש־נאמן און א משרת פון שמואל זביטקאָווער [26].

בעת דעם קאָשטשושקאָ אויפשטאנד האָט די סאָכאַטשעווער קהילה צוגלייך מיט א סך אַנדערע יידישע קהילות מיטגעהאָלפן פינאַנסיעל דעם אויפשטאַנד דורך פרייוויליקע נדבות (ofiara). די קהילה האָט זיך באשטייערט און איינגעצאלט אין דער קאַסע פון דער אויפשטענדערישער רעגירונג 300 גל. [27]. א צווייט מאָל האָט זי זיך באַשטייערט מיט 150 גל. [28].

רינגעלבלום ברענגט אויך אין זיין אונטן ציטירטן בוך א פאַקט, וואָס זאָגט עדות וועגן דער פאטריאָטישער שטעלונג פון די סאָכאַטשעווער יידן בעת דעם אויפשטאנד: א געוויסער לעוועק באָרוכאוויטש האָט זיך מודה געווען פארן געריכט, אז נאָכן פארנעמען סאָכאַטשעוו האָט א פרייסישער גענעראַל באַפוילן די יידישע קרעמערס, זיי זאָלן גלייך, ווי עס ווערט זיך באווייזן פוילישע מיליטער, געבן וועגן דעם צו וויסן קיין סאָכאַטשעוו. אזוי ווי די יידן האָבן זיך קעגנגעשטעלט האָט ער געסטראשעט מיט אונטערצינדן די שטאָט [29].

אין 1793, נאָך דער צווייטער צעטיילונג פון פוילן, איז סאָכאַטשעוו אַרונטער־געפאלן אונטער פרייסישער הערשאפט און האָט אדמיניסטראַטיוו געהערט צו דער ניי־געשאפענער פראָווינץ „זיד־פּרויסן” צוזאמען מיט לענטשיץ, ווישעגראַד, זאַקראָטשים א״א.

די פּרייסישע אָקופּאציע האָט אָנגעהאלטן ביז 1807. לויט דער פּרייסישער „אלגעמיינער פאַראָרדענונג” פון 4־טן יולי 1793, וואָס די אָקופּאַציע־מאַכט

האָט אויסגעשפּרייט אויף די ניי־אָקופּירטע פּוילישע געביטן, האָט מען אויף חתונה האָבן געמוזט האָבן א דערלויבעניש פון דער מאכט.

דער תנאי אויף צו באַקומען אזא „הייראטס ערלאָובניס" איז געווען אז דער חתן האָט געמוזט אויפווייזן אז ער איז אלט לכה"פ 25 יאָר, האָט זיין אייגנס 1.000 טאָלער, אָדער אַז ער באַזיצט א פאך פון וועלכן ער קאָן מפרנס זיין א משפחה.

אין די דעמאָלטיקע באדינגונגען (חתונות אין יונגן עלטער, גרויסע ארעמקייט און היפּערטראָפיע פון קליינהאנדל ביי דער יידישער פאָלקס־מאסע) איז דאָס געווען א שווערע גזירה מיט וועלכער יידן האָבן זיך אין דער פּראקטיק קנאפּ גערעכנט.

צום פּרייסישן מיניסטער פאָן פאָס (Voss) איז אוועק א ראפּאָרט פון דער פּיעטריקאָווער קאמער, צו וועלכער סאָכאַטשעוו האָט געהערט אין שטייער־ענינים, אז די אָרטיקע יידן (ווי אויך די יידן פון ווישעגראָד) מאכן אין געהיים חתונה זייערע קינדער. דער מיניסטער האָט אין זיין תשובה פון 15־טן אָקטאָבער 1793 געענטפערט אין אַ גנעדיקן טאָן, אז מען דארף די גזירה נישט אָנווענדן צו שטרענג, אז עס גענוגט ווען דער חתן קאָן אויפווייזן „א בכבודיקן אָפּשטאם און אן ערלעך פאך" [30].

פון דער צייט הערן מיר פון א סאָכאַטשעווער ייד מיטן נאָמען יוחנן, וואָס האָט פארנומען דעם אמט פון שטאָטישן כירורג און אקושער. זיין זון לעווי (לוי) נאָעלסאָן האָט שטודירט אין אוניווערסיטעט אין פראַנקפורט/אָדער און דאָרט פארענדיקט זיינע מעדיצינישע שטודיעס אין יאָר 1804 [31].

צוויי סאָכאַטשעווער בחורים טרעפן מיר אויך אין שוליאָר 1830־1831 אין פערטן און פינפטן קלאס פון דער ווארשעווער ראבינער־שול [32], וואָס איז דעמאָלט פון דער פרומער יידישער מאסע באטראכט געוואָרן ווי א נעסט פון אפּיקורסות.

---

## באמערקונגען

*) דער העברעאישער אויסלייג פון דעם נאָמען פון דער שטאָט איז זייער פארשידן. לויט דער ציילונג פון 1781 : על פי רוב טשאכצוב, אבער אויך טשאכטשוב, סאכטשוב, סאכצוב, שעכטשוב. אין פנקס פון ועד ד' ארצות איז דער אויסלייג סאכטשוב (זען הלפרין ישראל „פנקס ועד ד' ארצות" ע' 127, סעיף ת"שב פון יאר ת"ל)

1) Helcel, Starodawne prawa polskiego pomniki, I, p. 291

2) י. טרונק : סטודיע צו דער געשיכטע פון די יידן אין מאזאָוויע אין 15־טן י. ה. היסטאָרישע שריפטן פון ייווא, באנד 2, 1937.

3) י. טרונק : געשיכטע פון יידן אין פלאָצק, ווארשע, 1939, ב' 1, ז' 13

4) Slownik geograficzny Krolestwa Polskiego, Warszawa, 1889, X, 958

5) דאָרטן, די אלגעמיינע צאָל הייזער האָט באטראָפן 329.

6) לויט דער ציילונג פון דער ייד. באפעלקערונג אין דעם יאָר, זען „יעוורייסקאיאַ ענציקלאָפּעדיא ב' XIV ז' 506.

7) Bohdan Wasiutynski. Ludnosc Zydowska w Polsce w wiekach XIX, XX, Tabl. II p. 20

8) אין קיילעכדיקע ציפערן, זען : Maly Rocznik Statystyczny, 1938, tablica 28, p. 39

9) I. Schipper, Dzieje handlu Zydowskiego na ziemiach polskich p. 295

10) Slownik geograficzny, X, p. 959

11) י. טרונק : געשיכטע פון יידן אין פלאצק, ז׳ 156.

12) Emanuel Ringelblum. Dzieje Zydow w Warszawie do r. 1527, tom. I, p. 103

13) י. טרונק : דאס ציטירטע ווערק ז׳ 64.

14) Bershadsky: Russko-Yevreiski Arkhiv, III, p. 140; M. Bersohn: Dyplomataryusz dotyczacy Zydow w dawnej Polsce, Warszawa 1910, No. 118; Louis Lewin: Die Landessynode der grosspolnischen Judenschaft, Frankfurt a.M., 1926, pp. 27, 29, 45.

15) א רמז אויף דעם געפינען מיר אין דעם בריוו פון 8־טן יוני 1556 צום סאָכאַטשעווער סטאַראָסטע אין וועלכן ער פאַרווערט צו פאַרפאָלגן די יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן געוואָרן, די דאזיקע ווערטער האָבן אפנים א שייכות אויך צו יעקבן.

16) לויט אונדזער מיינונג האָט מען פאַלש פארשטאַנען דעם אינהאלט פון דעם קיניגלעכן בריוו צום סאָכאַטשעווער סטאַראָסטע פון 8־טן יוני 1556. אין דעם דאָזיקן בריוו באפעלט ער לגמרי נישט צו באפרייען די דריי ארעסטירטע יידן, ער פארווערט נאָר איינצוזעצן אין תפיסה פרישע קרבנות, און אויב דאָס איז שוין געשען דארף מען זיי תיכף באפרייען. אויך דער בריוו צום פלאָצקער וואָיעוואָדע מיט דער זעלבער דאַטע און פון זעלבן אָרט (מיישעגאָלע, ליטע) דערמאָנט אפילו נישט מיט איין וואָרט וועגן ארויסלאָזן די ארעסטירטע דריי יידן. עס איז דאָך אוממעגלעך אָנצונעמען, אז די ביידע בריוו זאָלן זיך האָבן וועגן אזא וויכטיקן ענין סותר געווען. אויפן סמך פון דער דאָזיקער פאַלשער אינטערפרעטאַציע פון קיניגלעכן בריוו פון 8־טן יוני איז אויפגעקומען די ווערסיע, וואָס האָט נישט קיין שום שטיצפונקט אין די מקורות, היינו, אז דער קיניג האָט ארויסגעשיקט א גיכן רייטער מיט דער פאָדערונג תיכף צו באפרייען די ארעסטירטע, אָבער דער רייטער איז שוין אָנגעקומען צו שפעט — דער טויט־אורטייל איז שוין געווען אויסגעפירט. די דאזיקע אומבאגרינדעטע ווערסיע חזרן איבער נאך איר ערשטן מחבר, לוביעניעצקי, כמעט אלע, וועלכע האָבן וועגן דעם פראָצעס געשריבן. ביי דעם פראָטעסטאַנט לובעניעצקי איז די דאזיקע ווערסיע א רעזולטאַט פון זיין טענדענץ פאַרצושטעלן דעם קיניג זיגמונט אויגוסט, וואָס האָט לכתחילה נוטה געווען צו דער רעפאָרמאַציע, אין א גינציקן ליכט.

17) S. A. Bershadsky : Starinnoe sredstwo, Voskhod, XI, 1894, p. 53.

18) Slownik geograficzny

19) Slownik geograficzny tom x. p. 958.

20) M. Bersohn. Dyplomataryusz dotyczacy Zydow w dawnej Polsce, Warszawa, 1910, No. 327

21) דאָרטן, נומער 326.

22) די ציפערן וועגן דער צאָל סאָכאַטשעווער משפחות אין ווארשע און פראגע פארדאַנק איך דער פריינטלעכער אינפארמאציע פון ד״ר ר. מאהלער. זיי שטאמען פון ציילונגען פון די ווארשעווער יידן אין דערמאָנטע יאָרן.

23) ע. רינגעלבלום אין „לאַנדקענטניש״ ווארשע נומ׳ 1, 1937, ז׳ 10.

24) י. שאצקי : געשיכטע פון יידן אין ווארשע. I, ז׳ 133.

25) עמנואל רינגעלבלום : שמואל זביטקאָווער, „ציון״ שנה ג ; ספר ג׳, ע׳ 254.

26) I. Schipper Cmentarz Zydowski w Warszawie. p. 34-35

27) עמנואל רינגעלבלום : די פוילישע יידן אין אויפשטאַנד פון קאָשטשושקאָ, ז׳ 122.

28) T. Korzon: Wewnetrzne dzieje Polski za Stanislawa Augusta, tom. II. pp.439, 443

29) ע. רינגעלבלום, ד. צ.וו., ז׳ 153.

30) Das Jahr 1793, herausgegeben unter der Redaktion von Dr. Rodgero Prümers, Posen, 1895, p. 623.

31) Louis Lewin : Die juedischen Studenten an der Universitaet Frankfurt an der Oder, Frankfurt a. M., 1921.

32) I. Schipper : Zydzi Krolestwa Polskiego w dobie Powstania Listopadowego, Warszawa, 1932, pp. 198—200.

יוליאן ניעמצעוויטש

# סאכאטשעוו „פארײדישט"

אין 1817 האט א באקאנטער פוילישער שרייבער און פאליטישער טוער *), יוליאַן אורסין ניעמצעוויטש, געמאכט א רייזע איבער פוילישע און פירסטלעכע פרייסן און באשריבן די רייזע־איינדרוקן, ווי אויך די פריערדיקע און שפעטערדיקע נסיעות זיינע. צווישן די שטעט אין וועלכע ער האט זיך אפגעשטעלט איז געווען אויך סאָכאַטשעוו, און ער האט דעריבער אויף דער שטאט געווידמעט א פאר שורות. פארשטייט זיך, אז אויך די יידן אין שטאט האבן אים אינטערעסירט, און אויך זיי האט ער נישט פארגעסן.

ווען סאָכאַטשעוו זאגט ער:

— „אמאל איז זי געווען א פוילישע שטאט, היינט (1817) אבער איז זי אינגאנצן פארײדישט, אין רינעק (צענטער פון שטאט — נ.ב.) און אין בעסערע גאסן וווינען בלויז יידן. וואס איז געבליבן פאַר די איבערגעבליבענע קריסטן, די וווינען אויף די ראנדן פון פארשטאט".

מ׳דארף צוגעבן, אז ניעמצעוויטש האט געהערט צו די ליבעראַלע פוילישע פאליטיקער און שרייבער, און האט אפילו אין אייניקע פון זיינע ווערק אויסגעדריקט „סימפּאַטיע" צו יידן. אין ראָמאַן זיינער איז אפילו געווידמעט א יידישע טעמע „ליובא אי סיארא", און אין אים זאָגט ער זיך אַרויס קעגן די אָפּגעשטאַנענע און „פינסטערע" יידן און לויבט די פאַר „פאָרגעשריטענע", ד. ה. אַסימילירטע.

---

*) Juliana Ursyna Niemcewicza :
Podroze historyezne po ziemiach polskich miedzy rokiem 1811 a 1828 odbyte — Paryz 1858.

מאג. יאנינא שוויעזשינסקא (סאכאטשעוו)

# די געשיכטע פֿון דער שטאט און לאנד סאכאטשעוו — און די יידן

די ערד אַרום מיטלדיקן לויף פֿון טייך בזורע איז באזונדערס פרוכטבאר, און דאָס האָט גורם געווען, אז דאָ האָבן זיך מענטשן זייער פרי באזעצט. די עלטסטע שפּורן פון א מענטשלעכן לעבן אויף דעם באָדן דערגייען ביז צוועלף טויזנט יאָר צוריק, ווי עס באווייזן די רעשטן פון פארשידנסטע בויאונגען און זאַכן פון פרעהיסטאָרישע עפּאָכן וואָס האָבן זיך אָפּגעפונען גאנץ צופעליק אין איבער פערציק ערטער: אַרכעאָלאָגישע איבערבלייבן פון אַלטערטימלעכע ישובים, בתי קברות, פעסטונגען און קעגנשטאנדן.

לויט פראָפעסאר אַ ר נ אָ ל ד האָט סאָכאַטשעוו, ווי א באפעסטיקטער ישוב, עקזיסטירט שוין אין ניינטן יאָרהונדערט, ד. ה. אין א צייט, ווען ס'איז נאָך נישט געווען קיין איינהייטלעך פּויליש פאָלק און נישט קיין פּוילישע מלוכה, וואָס איז, ווי באַקאנט, אנטשטאנען ערשט אין מיט פון צענטן יאָהונדערט. די פעסטונג איז געווען א פּאליטיש־אדמיניסטראטיווער און מיליטערישער צענטער פון דעם שבט, וואָס האָט געווינט ארום די צופלוסן פון דער בזורע. לויט אנדערע מקורות, איז די פעסטונג אנטשטאַנען שפּעטער אין דערמיט פון צענטן יאָרהונדערט, אָבער פאר דעם איז שוין דאָ געווען א ישוב, א מין שטאָט, א מין האנדלס־צענטער. אנטשטאַנען איז דער ישוב אין אַ גינציקן אָרט, ווו ער קרייצן זיך עטלעכע לאַנד־וועגן מיטן וואסער־וועג פון דעם טייך בזורע. אין דעם אָרט האָבן זיך אויך צונויפגעטראָפן פארשידענע ווירטשאפטלעכע געביטן: אן אגראר־געביט מיט א וואלדיקן. צוליב דעם האָט זייער פרי געמוזט אנטשטיין דאָ אַ צענטער פאר האנדל, ד.ה. פאר אויסטויש פון פּראָדוקטן. א דאנק דעם דאָזיקן האנדל־צענטער („טאר־גאָוויצע") און פעסטונג, וועט סאָכאַטשעוו פייערן אין יאָר 1962 איר טויזנטיעריקן קיום.

אין דער צייט פון די ערשטע פּוילישע מושלים — פון דער דינאסטיע פּיאַסט — איז די פעסטונג סאָכאַטשעוו געווען דער זיצאָרט, די רעזידענץ, פונעם פארטרעטער פון הערשער, גערופן קאשטעלאַן. אמת, דער דאָזיקער טיטל באווייזט זיך ערשט אין דרייצנטן יאָרהונדערט, אָבער דער אַמט האָט עקזיסטירט פריער. סאָכאַטשעוו איז אָבער געווען נישט נאָר דער צענטער פון א ק א ש ט ע ל א נ י ע נייערט פון

א נאָך גרעסערער טעריטאָריע, וואָס האָט ארומגענומען עטלעכע קאשטעלאניעס און וואָס מ׳האָט גערופן אין פויליש „זשעמיא״ (לאנד).

די סאָכאַטשעווער פעסטונג האָט — פארשטייט זיך — געווירקט פּאָזיטיוו אויף דער אַנטוויקלונג פון האַנדל. פארשידענע אויסגראָבונגען באַווייזן, אַז שוין סוף עלפטן און אָנהויב צוועלפטן יאָרהונדערט איז סאָכאַטשעוו געווען אַ צענטער פון א זייער פארצווייגטן און לעבעדיקן האנדל.

לויט א מסורה, וואָס זעט אויס צו זיין ריכטיק, איז אין קלויסטער פון די בענעדיקטינער אין סאָכאַטשעוו געשטאָרבן אין יאָר 1138 דער הערשער איבער גאנץ פוילן, דער מלך באָלעסלאוו III קזשיוואָאוסטי („מיטן קרומען מויל״).

די ערשטע געשריבענע ידיעות וועגן סאָכאַטשעוו שטאמען פון די צייטן פון קאָנראד I, פירשט פון מאזאָוויע, וואָס האָט געבראכט קיין פוילן די קרייץ־ריטער, נעמלעך, א דאָקומענט פון 1221, אויסגעשטעלט פון קאָנראדן אין וויסקיטקי, אויף וועלכן ס׳פיגורירט צווישן די אונטערשריפטן פון עדות דער נאָמען: „פ א ל א נ ־ ט א, ק א ש ט ע ל א ן פ ו ן ס אָ כ אַ ט ש ע ו ו״.

דעם צווייטן דאָקומענט, מיט דער זעלבער אונטערשריפט האָט קאָנראד ארויסגעגעבן אין יאָר 1222 אין טראָיאַנאָוו (דער פירשט האָט געהאט צוויי רעזידענצן: אין וויסקיטקי און אין טראָיאַנאָוו.) אין יאָר 1257 זענען אין סאָכאַ־טשעוו געווען צוויי קלויסטערס. איינער אויפן נאָמען פון „הייליקן וואווזשיניעץ, הייליקע מאריא מאגדאלענע און עלף טויזנט בתולות״ האָט זיך געזאָלט געפונען אויפן אָרט פון דעם אלטן בענעדיקטינער קלויסטער (דאָרט ווו ס׳געפינט זיך היינט דער גאָרטן, קעגנאיבער דעם הויז פון די שעפּיעטאָווסקיס). דער צווייטער — ביים קלויסטער פון די דאָמיניקאנער איז געווען אין XIX און XX יאָרהונדערט, ביז דער צווייטער וועלט מלחמה, דער קלויסטער פון דער סאָכאַטשעווער פאראפיע.

אין VIII יאָרהונדערט האָבן אין סאָכאַטשעוו זיך אויפגעהאלטן פארשידענע פירשטן פון מאזאָוויע מיט זייערע הויף. עס האָבן זיך דאָ אויפגעהאלטן בישאָפן. איין ביסקופּ פון פויזן האָט אפילו דאָ אין סאָכאַטשעוו אדורכגעמאכט די צערע־מאָניע פון ווערן א ביסקופּ. לויט דער קירכלעכער איינטיילונג האָט סאָכאַטשעוו געהערט צו דער פויזנער דיעצעזיע, דער עלטסטער אין פוילן.

דאָס, וואָס סאָכאַטשעוו איז געלעגן אויף אַן אָרט, ווו עס קרייצן זיך וועגן, האָט טאקע געהאט א פּאָזיטיוון איינפלוס אויף דער אנטוויקלונג פון האנדל, אָבער גלייכצייטיק א זייער פאטאלן איינפלוס אין פרט פון זיכערקייט. מיט די וועגן האָבן געצויגן נישט נאָר סוחרים, נייערט אויך פרעמדע חיילות...

ליטווישע און רייסישע פירשטן, פירנדיק מלחמה מיט די פירשטן פון מאזאָ־וויע, אָדער מישנדיק זיך אין זייערע אינערלעכע שטרייטן, ראבעווען און פארניכטן די שטאָט, די פעסטונג און די ארומיקע געגנט. די הילצערנע פעסטונג האָט שוין נישט געטויגט צו באַשיצן אזא מין אפענעם ישוב. דערפאר טאקע האָט

אין דער ערשטער העלפט פון XIV יאָרהונדערט זשעמאָוויט II דער פירשט פון ראווא, וויסקיט און סאָכאַטשעוו (1349 — 1313) אויפגעבויט אין סאָכאַטשעוו א געמויערטע פעסטונג. ביז היינט זעט מען אירע חורבות.

די פעסטונג — אין גאָטישן סטיל — איז געווען ענלעך צו די פעסטונגען, וואָס האָבן געבויט אין יענער צייט די בוימייסטערס פון קאַזשימיעזש דעם גרויסן, ווי אויך די פעסטונגען פון די קרייץ־ריטער.

די טעריטאָריע וואָס איז רעגירט געוואָרן פון סאָכאַטשעווער מושל, האָט שוין אין דער צייט נישט געהייסן „לאנד", נייערט „פירשטנטום".

נאָכן טויט פון זשעמאָוויט II, וואָס האָט קיין קינדער נישט געלאָזט, האָט דאָס סאָכאַטשעווער פירשטנטום געירשנט זיין ברודער־זון, דער פירשט פון מאַזאָוויע קאַזשימיעזש. דער לעצטער פאַרזעצט דאָס סאָכאַטשעווער פירשטנטום ביים פוילישן קעניג קאַזשימיעזש דער גרויסער אויף לעבנסלענגלעך. נאָך זיין טויט איז סאָכאַטשעוו צוריק איבערגאנגען צום פירשט פון גאנץ מאַזאָוויע, זשעמאָוויט III, גערופן „דער עלטערער". ער איז געווען דער ברודער פון אינצווישנצייט פאַרשטאָרבענעם פירשט קאַזשימיעזש. זשעמאָוויט דער III האָט צונויפגערופן דעם מאַזאָווישן אַדל כדי אדורכצופירן א רעפאָרם פון עקזיסטירנדיקן געזעץ. דער צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען אין דער פעסטונג פון סאָכאַטשעוו. דאָ זענען אויך אין יאָר 1377 פאַרעפנטלעכט געוואָרן די נייע געזעצן — איינהייטלעכע פאַר גאַנץ מאַזאָוויע, די אַזוי גערופענע „מאַזאָווישער סטאַטוטן", אָדער „סאָכאַ־טשעווער סטאַטוטן", וואָס זענען געווען מער פאָרשריטלעכע. צווישן אנדערן האָבן די נייע אָפּגעשאַפט דעם אזוי גערופענעם „גאָטס משפּט", וואָס מ'פלעגט אָנווענדן אין די פּראָצעסן וועגן כשוף. (דער באשולדיקטער האָט געמוזט דורכגיין דורך א „פייער־פּראָבע", אָדער „וואסער־פּראָבע", וואָס פלעגט זיך ענדיקן מיט זיין טויט. און דאָס האָט מען באטראכט ווי א שטראָף פון גאָט).

נאָך זשעמאָוויט'ס טויט האָט געקיניגט אין סאָכאַטשעוו און אין פלאָצק איינער פון זיינע זין, זשעמאָוויט IV, גערופן „דער יונגערער". נאָכן טויט פון אונגארישן און פוילישן קעניג לודוויג (1382) האָט זשעמאָוויט IV קאַנדידירט אויפן פוילישן טראָן. אָבער ער איז דורכגעפאַלן. קעניג פון פוילן איז אָבער געוואָרן וולאַדיסלאַוו יאַגעללאָ (1434—1386), וואָס האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון פאַרשטאָר־בענעם קעניג לודוויג. אלס רעזולטאַט פון דער קאָנקורענץ האָבן אונגארישע חיילות, אונטערשטיצט דורך די קראָקעווער הערשער, באַפאַלן און פאַרניכטעט סאָכאַטשעוו. שפּעטער האָט יאַגעללאָ, וועלנדיק געווינען אויף זיין זייט זיין געוועזענעם קאָנ־קורענט, אים, זשעמאָוויטן חתונה געמאַכט מיט זיין שוועסטער אלעקסאנדרא. זשעמאָוויט איז געבליבן ווייטער הערשער איבער זיין טעריטאָריע, אָנערקענענדיק דעם קעניג פון פוילן, ווי זיין אָבערהאַר.

אין דער שלאַכט ביי גרונוואלד (1410) האָט ער אָנגעפירט מיט דער שלאַכטע פון מאזאָווּשע. זיינער א זון איז געווען קאָמענדאנט פון קעניגס לייב־גווארדיע, און דער צווייטער זון — ווי א „גאָר פעיקער צו פירן מלחמות", האָט געהערט צום קעניגלעכן קריגס־ראַט. יאגעללאָס ארמיי גייענדיק אויף גרונוואלד האָט דורכ־מאשירט דאָס גאנצע סאָכאַטשעווער פירשטנטום פון דרום קיין צפון.

אונטער גרונוואלד האָט געמוזט אויך קעמפן דער וואָיט פון סאָכאַטשעוו, ווייל דאָס האָט געהערט צו זיינע פליכטן. די שטאָט האָט אויך זיכער געגעבן, דאָס איז געווען איר פליכט, א „קריגס־וואָגן", געשפאנט אין פיר פערד, און באלאדן מיט „קריגס־פארפלעגונג", ווי אויך א טרייבער צו די פערד און א היטער פון וואָגן.

דאָס סאָכאַטשעווער פירשטנטום האָט זינט דעם אונגארישן אָנפאל (1384), נאָכן טויט פון קעניג לודוויג, ביז צום שוועדישן „מבול" (1956—57) — געלעבט אין רו. דאָס האָט, פארשטייט זיך, צוגעהאָלפן צו דער עקאנאמישער אַנטוויקלונג.

דער סוף XIV יאָרהונדערט, דאָס XV און דער אָנהויב פון XVI יאָרהונ־דערט — דאָס איז די צייט פון דער העכסטער אַנטוויקלונג פון די סאָכאַטשעווער האַנטווערקער. דער מסחר האָט זיך נישט געקאָנט אזוי אַנטוויקלען, ווייל ער האָט געהאט אין שכנות צוויי מעכטיקע קאָנקורענטן: לוויוויטש און וואַרשע. לוויוויטש (24 קל"מ פון סאָכאַטשעוו), אדמיניסטראטיוו אונטערליגט סאָכאַטשעוו — איז אָבער געווען דאָס אייגנטום און רעזידענץ פון די ארכיביסקופן פון גנעזן, די ערשטע דיגניטארן אין מלכות פוילן, וועמענס הויף איז נישט אָפגעשטאנען פון קעניגלעכן. חוץ דעם, זענען זיי אלס גייסטלעכע פריי געווען פון פארשידענע שטייערן, און אזוי אויך די סוחרים פון לוויוויטש, וואָס האָט געהערט צום אַרכיביסקופ. האָבן דעריבער די סאָכאַטשעווער סוחרים, וואָס האָבן געפירט זייער תבואה מיטן וואסער, מיט די זעלבע טייכן, וואָס די לוויוויטשער סוחרים, די בזורע און ווייסל, קיין דאנציג, נישט געקאָנט קאָנקורירן מיט די לוויוויטשער סוחרים, ווייל די ערשטע האָבן יאָ געצאָלט א וואסער צאָל און די צווייטע נישט. וואַרשע ווידער, וואָס איז אויך נישט געלעגן ווייט (56 קל"מ) איז געוואָרן א קאָנקורענט נישט צום בייקומען, זינט די שטאָט איז צוגעטיילט געוואָרן צו קרוין־פוילן, בעת דער קעניגין באָנע (ערשטע העלפט פון XIV י"ה).

אייניקע מקורות באשטעטיקן די השערה, אז פאר דעם האָט דער האנדל מיט תבואה אין סאָכאַטשעוו געשפילט א גאָר גרויסע ראָל. ס'איז באקאנט אַז די שטאָט האָת געהאט אייגענע מאָסן ווי „סאָכאַטשעווער לאַשט" (אייניקע קערץ — א מאָס אנגעוואָנדן ביים פארלאָדעווען די תבואה אויף די פליטן, פראָמען וואָס זענען געגאנגען קיין דאנציג) און „סאָכאַטשעווער קאָרעץ". די סאָכאַטשעווער מאָסן זענען געווען עפּעס גרעסער פון די דאנציגער. אזוי איז אויך דער מסחר מיט פלייש געווען זייער א לעבעדיקער.

גאָר גיך האָט זיך אַנטוויקלט די האַנטווערקעריי. אין XVI יאָרהונדערט האבן

אין סאָכאַטשעוו געארבעט בעלי־מלאכות פון פערציק פארשידענע פאכן, בראש מיט די אויסארבעטער פון טוך און דיוואנעס. די סאָכאַטשעווער דיוואנעס זענען געווען פיינע און טייערע.

קעניגן און בישאפן האָבן זיי געקויפט. אין צוואות פלעגט מען זיי פארשרייבן. דאַקעגן האָט דער סאָכאַטשעווער טוך געהערט צו די ביליקערע. דעם טוך האָט באנוצט דער פראָסטער עולם. אויפן סאָכאַטשעווער שלאָס האָט געטראָגן בגדים פון דעם שטאָף בלויז דער טויער־וועכטער. פון דעסטוועגן האָט מען דעם טוך אויסגעארבעט אין גרעסערע קוואנטומס און צעשיקט איבער גאנץ פוילן. עס איז געגאנגען קיין קראָקע און פויזן, און דורך לובלין און זאמאשטש קיין פרייסן.

די ערשטע אונדז באקאנטע פריווילעגיע פאר דער שטאָט סאָכאַטשעוו שטאַמט פון 1407. עס האָט זי ארויסגעגעבן זשעמאָוויט IV. עס האָבן אָבער געמוזט זיין נאָך עלטערע פריווילעגיעס, ווייל מקורות פון פארן 1368 יאָר רופן אָן די שטאָט „ציוויטאַס", א נאָמען (א לאטיינישער), וואָס מ'האָט געגעבן בלויז גרויסע שטעט. ספעציאליסטן פון מיטלאלטערלעכער געשיכטע האלטן, אז די ערשטע פריווילעגיע האָט סאָכאַטשעוו באקומען אָנהויב יאָרהונדערט, אָדער אפילו נאָך פריער. מיר ווייסן נישט קיין סך וועגן דער פריווילעגיע פון 1407 יאָר, וואָס האָט זיך נישט אפגעהיט, און מיר האָבן פון איר ידיעות נאָר פון דער צווייטער האנט. דאַקעגן קענען מיר בעסער די פריווילעגיע פון 1434, ארויסגעגעבן פון זשעמאָוויט V, דעם זעלבן, וואָס האָט געהערט צום קעניגלעכן קריגסראָט פון וולאַדיסלאַוו יאגעללאָ — זי איז געווען דער יסוד פון אלע שפעטערדיקע רעכט פון דער שטאָט, און ס'האָבן זי שפעטער באשטעטיקט אלע פוילישע קעניגן. די פריווילעגיע איז געווען לויטן מוסטער פון די „קעניגלעכע שטעט": ראָדעם און צווזמיר.

אין XV יאָרהונדערט איז אויך אין סאָכאַטשעוו געווען א שפיטאָל, א מושב זקנים און א שפיטאָל־קלויסטער.

די דינאסטיע פון די מאזאָוויער פיאסטן, וואָס האָבן רעגירט אין פלאצק, ראווע און סאָכאַטשעוו איז אויסגעשטאָרבן אין 1426 יאָר. די פירשטין אננא, מוטער פון די יונג־פארשטאָרבענע לעצטע פירשטין, די אלמנה נאָכן פירשט וולאָדזיסלאוו (וואָס האָט אָנגעפירט מיט דעם קעניגס לייבגווארדיע אונטער גרונוואלד), האָט באַקומען פון איר מאן אויף לעבן־לאנג דאָס סאָכאַטשעווער פירשטנטום צוזאמען מיטן שלאָס און שטאָט. אין יאָר 1476 האָט אננא פון אייגענעם ווילן — נישט רעכענענדיק זיך מיט די פראָטעסטן פון די װארשעווער פיאסטן, — אלץ איבערגעגעבן דעם קעניג קאזשימיזש יאגיעלאָנטשיק און דערפאר באקומען פיר שטעט: באָלימאוו, ביאַרדווו, משטשאָנוו (אמשטשענאוו) און קאָלאָ. נאָך פריער איז דאס ראַווער פירשטנטום — אויפן סמך פון אָפמאך — פאראייניקט געוואָרן מיט קרוין־פוילן און געוואָרן א וואיעוואָדשאפט. אין 1476 יאָר איז דאס סאָכאַטשעווער פירשטנטום געוואָרן צוריק „סאָכאַטשעווער לאנד" די באדייטונג פון דער

פעסטונג (זיצאָרט פון דער צענטראַלער אַדמיניסטראַציע פון גאַנצן לאַנד) אָבער דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן פון דער שטאָט האָט זיך ווייטער נאָרמאַל אַנטוויקלט. די קעניגין — ווי געזאָגט — האָט אויך ווייטער באַשטעטיקט אַלע אירע פּריווי־לעגיעס.

די אַנטוויקלונג פון דער שטאָט אין דער צווייטער העלפט פון XVI און ערשטער העלפט פון XVII יאָרהונדערט ווערט פאַרהאַמעוועט. דאָס איז אַ רעזולטאַט פון דער פּריווילעגירטער שטעלע, וואָס ס'האָט אין פּוילן פאַרנומען די שליאַכטע, וואָס האָט זיך איבעריקנס שלעכט אָפּגערופן אויפן ווירטשאַפטלעכן לעבן פון אַלע פּוילישע שטעט, אַ חוץ די הויפּט שטעט (קראָקע, וואַרשע). אין סאָכאַטשעוו האָט דאָס גורם געווען בלויז צו אַ פאַרהאַמעווען פון דער אַנטוויקלונג, אָבער נישט דערפירט צו אַ חורבן.

דער חורבן איז געקומען ערשט אין מיטן XVII יאָרהונדערט. גורם געווען דערצו האָט די שוועדישע מלחמה („דער מבול"). די שטאָט און דער שלאָס זענען אָפּגעברענט געוואָרן, די באַפעלקערונג טיילווייז אויסגעמאָרדעט, טיילווייז פאַר־טריבן, איז אין אַ גרויסער מאָס געשטאָרבן פון די עפּידעמיעס, וואָס די מלחמה האָט מיט זיך געבראַכט. פון דעמאָלט אָן ביז צום סוף פונעם קיום פון דער פּוילישער רעפּובליק (1795) האָט סאָכאַטשעוו וועגעטירט ווי אַ קליין שטעטל, וואָס איז באַוווינט געווען כמעט אויסשליסלעך דורך יידישע אָרימעלייט. דאָ פלעגן אויך פאָרקומען די צוזאַמענפאָרן פון דער אַרומיקער שליאַכטע. זי האָט אויך צוריק אויפגעבויט די קלויסטערס פון דער פּאַראַפיע פון די דאָמיניקאַנער און פּרויען־דאָמיניקאַנערינס, צוליב דעם, וואָס דער שלאָס איז אָפּגעברענט געוואָרן פלעגן די צוזאַמענפאָרן פאָר־קומען אין קלויסטער פון די דאָמיניקאַנער.

אין דער צייט פון גרויסן פיריעריקן סיים (1772 — 1768), ווען מ'האָט באַשלאָסן שטאַרקן פּוילן מיליטעריש, פאַרגרעסערן די אַרמיי ביז 100,000 מאַן א.אַ.וו. האָט מען צוריק אויפגעבויט אַ ריי פעסטונגען, דערונטער אויך אין סאָכאַ־טשעוו. צום באַדויערן אָבער האָט דאָס געדויערט בלויז אַ קורצע צייט. אין יאָר 1793, בעת דער צווייטער צעטיילונג פון פּוילן און אין יאָר 1794, ווען די גענעראַלן פירשט יוזעף פּאָניאַטאָווסקי און הענריק דאָמבראָווסקי האָבן בעתן קאָשטשושקי־אויפשטאַנד פאַרסירט די בזורע הינטער קאַמיאָן און סאָכאַטשעוו, — איז דער שלאָס ווידער פאַרניכטעט געוואָרן און געבליבן ביז היינט צו טאָג אַ חורבה.

אין יאָר 1793, בעת די קאַמפן מיט די פּרייסן, איז אויך אָפּגעברענט געוואָרן דער פּאַראַפיע־קלויסטער און מער האָט מען אים שוין נישט צורעכטגעמאַכט.

## II

די ערשטע ידיעות וועגן יידן אין סאָכאַטשעוו שטאַמען פון זעכצנטן יאָרהונדערט. פון אָנהויב האָבן זיי געמעגט באַזיצן נאָר אייגענע הייזער און ס'איז זיי פאַרווערט געווען אַרומצוגיין צווישן קריסטן און עפנטלעך זיך צונויפצוזאַמלען. [1]) נאָר בעת די יאַרידן, ד.ה. אין די מאַרק־טעג, האָבן זיי געמעגט אויסשטעלן זייערע סחורות צום פאַרקויפן. דערפון איז געדרונגען, אַז די יידן אין סאָכאַטשעוו — ווי איבעריקנס אין אַלע מיטלאַלטערלעכע שטעט אין אייראָפּע — האָבן אין יענער צייט געמוזט וווינען אין אַן אייגענעם יידישן ק ווא ר ט א ל (געטאָ). אין סאָכאַטשעוו אויף פּאָדזאַמטשע (אונטערן שלאָס).

אָבער שוין בעתן קיניגן פון זיגמונט אויגוסט (1548—1572) זענען דאָרט געווען אַכט הייזער, און די צאָל איינוווינער אין זיי אין געשטיגן ביז דרייסיק. די יידן האָבן געהאַט זייערע ע ל ט ס ט ע, וואָס האָבן מיט זיי רעגירט. מלוכה־אָפּצאָלן האָבן זיי געצאָלט אין דער זעלבער מאָס, ווי אַלע איבעריקע שטאָט־בירגער, מיטן אויס־נאַם פון מלחמה־שטייער, וואָס זיי האָבן געצאָלט דאָפּלט; אין מיליטער האָבן יידן נעמלעך נישט געדינט.

א טייל פון זייערע שטייערן האָבן יידן געצאָלט אין נאַטור, יאָר־יערלעך אויף וויעלקאַנאָץ („פּאַסכא") האָבן די בעלי בתים פון די הייזער געצאָלט דעם סטאַראָסטע צו א פ ו נ ט פ ע פ ע ר, דאַקעגן די „קאָמאָרניקעס" (לאָקאַטאָרן) צו א האַלבן פונט.

די באַציאונגען צווישן די יידן און קריסטן האָבן נישט געמוזט זיין אין יענער צייט קיין גוטע. די קריסטלעכע בירגער פון שטאָט האָבן זיך געקלאָגט, אַז די יידן זענען „פאַר אונדז זייער נישט נויטיק" — ווייל זיי קויפן אויס און פירן אַרויס פון שטאָט אַרטיקלען, וואָס מיר נויטיקן זיך אין זיי פאַר אונדזער אַרבעט ווי חלב, וואָל, לעדער און אַנדערע זאַכן, און דערפון נעמט זיך דער גרויסער יקרות. דעם פּוילישן בעל מלאכה האָט תמיד אויסגעפעלט רוי־שטאָף; האָט דעריבער אויף דעם באָדן געקאָנט אַנטשטיין א גרויסע אָפּנייגונג צו יידן. זייער מעגלעך, אַז אויף דעם דאָזיקן עקאָנאָמישן באָדן איז טאַקע אַנטשטאַנען דער משפט וועגן כלומרשטן פאַרשוועכן דורך די יידן קאַטוילישע הייליקטימער. אין רעזולטאַט פון דעם פּראָצעס האָט מען אַן אָרימע שלאַכציאַנקע, וואָס האָט געדינט ביי יידן, דאָראָטאַ לאַזענצקאַ, און איי נ י ק ע י י ד ן ג ע ק ע פּ ט א ו ן פ אַ ר ב ר ע נ ט (פאַרשידענע מקורות שטעלן פאָר די זאַך פאַרשידן) אויפן מאַרק פּלאַץ אין סאָ־כאַטשעוו.

דער פויפסטלעכער לעגאַט (שליח) אַלאַיזי ליפּאָמאַן האָט געהאַט אַן איינ־פלוס אויפן שווערן פּסק־דין, און א דאַנק אים האָט מען אויך דעם אורטייל

1) זע וועגן דעם די אַרבעט פון י. טרונק, וואָס איז אין דער הינזיכט גענויער און פּינקטלעכער.

תיכף אויסגעפירט. דעקעגן האָט דאָס שטארק פארדראָסן דעם קעניג סטאניס־לאוו אויגוסט, ווען ער האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט.

די דעלעגאטן פון דער שלאכטע אין פוילישן סיים, מיטן העטמאן יאן טאר־נאָווסקי בראש, האָבן דאָס אויסגענוצט אויף דער קומענדיקער זיצונג פון סיים אין זייער קאַמף קעגן די פוילישן בישאָפן, כדי זיי צו באַזייטיקן פון פוילישן סענאט.

דעם קאַמף — ווי באַקאַנט — האָט די שלאכטע פארשפילט.

אין דער צייט (1564) האָבן אין סאָכאַטשעוו געוווינט פאָלגנדע יידן: איזאק (יצחק) ר ו כ י מ ע ק אייגנטימער פון סעדער, מ ש ה — א סטאָלער און מ י כ א ל — אן אייגנטימער פון א הויז.

בעתן קעניגן פון זיגמונט דעם דריטן (1587—1632) זענען שוין אין סאָכאַטשעוו געוועזן 22 יידישע הייזער. אָבער ווען די דאָזיקע הייזער זענען פארברענט גע־וואָרן בעת א שרפה פון דער גאנצער שטאָט (סאָכאַטשעוו האָט זייער אָפט געברענט), האָבן די יידן נישט געאײלט זיך זיי אויפצובויען, צוליב דעם קעניג־לעכן דעקרעט, וואָס האָט פאַרבאָטן „פרעמדע" צו באַזעצן זיך אין פוילישע שטעט און געדראָט מיט קאָנפיסקירן דאָס פארמעגן און פארטרייבן פון לאנד.

פונדעסטוועגן בויען זיך יידן צוריק אויף, ווייל שוין דער זון און יורש פון זיגמונט III דער קעניג וולאדיסלאוו IV (1632—1648) גיט ארויס די סאָכאַ־טשעווער יידן אַ פריווילעגיע, וואָס דערלויבט זיי צו האָבן אַן אייגענעם ברונעם, א בית המרחץ און א שול אויפן אלטן אָרט. די פריווילעגיע האָט אויך באפרייט דעם רב, דעם מלמד און חזן פון דער שול פון אלע שטייערן און שטאָטישע פליכטן. די יידישע קהלה האָט געהאט א בית כנסת און א בית קברות. ווי ס׳שיינט איז די קהלה געווען גענוג רייך, אויב זי האָט געקאָנט — ביי אזא קליינער צאָל נפשות — דאָס אלץ אויפשטעלן און אויסהאַלטן. וויכטיק איז קודם כל דאָס, וואָס זי האָט געהאט אן אייגענעם ברונעם.

אין סאָכאַטשעוו איז תמיד געווען ווייניק ברונעמער. ביז צו אונדזערע צייטן האָבן וואסער־פירער געפירט איבער דער שטאָט וואַסער פון דער בזורע און פארקויפט עס עמערווייז.

ווען די מלחמה מיט שוועדן (מיטן זיבעצנטן יארהונדערט) האָט דערפירט די שטאָט צו א פולשטענדיקן חורבן און פארטריבן די איינוווינער, האָבן יידן איבערגענומען די פארלאָזענע הייזער און קיינער האָט זיי אין דעם נישט געשטערט. פארקערט, דער קעניג יאן קאזימיעזש (1648—1668) האָט מיט א דעקרעט פון יאָר 1658, דערלויבט יידן בויען הייזער אויך אין די שטעט פון מאזאוויע. לויט סוראָוויעצקין האָבן נאָר יידן — א ד א נ ק ז ײ ע ר נ י ד ע ר י ק ן ל ע ב נ ס־נ י ו ו א און ס אָ ל י ד א ר י ט ע ט, געקאָנט אויסהאלטן די שווערע




פייערלעשער־געביידע — בית מכבי־אש

באדינגונגען, אין וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען די פוילישע שטעט זינט דער העלפט פון XVII יאָרהונדערט.

אין דער צווייטער העלפט פון XVII־טן יאָרהונדערט ווי אויך אין XVIII־טן האָבן די יידן אין סאָכאַטשעוו געבילדעט א באדייטנדיקע מערהייט.

ווארשיינלעך האָבן זיי געלעבט דער עיקר פון מסחר מיט דער שלאכטע. מיר וויסן צ.ב. אז די קאַשטעלאַנאָווע פון וויעלון, סיעמאנאָווסקאַ, האָט געגעבן צו יידן א הלוואה פון 3000 זלאָטעס. יידן האָבן אויך געארבעט ווי בעלי־מלאכות. בעתן פיר־יעריקן סיים (1768—1772) איז א ייד באשעפטיקט אפילו ביים קלויסטער ווי אַ שניידער, און גענייט די אלע מלבושים און זאַכן, וואָס מ׳באַנוצט ביי די קריסט־לעכע תפילות.

אין יאָר 1749 האָט דער איינוווינער פון סאָכאַטשעוו דער ייד ל ע ו ו ק א (ל י י ב) מ אָ ש ק אָ ו ו י ט ש (דער זון פון משה׳ן) ארויסבאקומען ביים קעניג אויגוסט III (1733—1763) אַ באשטעטיקונג פון דער פריווילעגיע, וואָס ס׳האָט געגעבן א סאָכאַטשעווער יידן דער קעניג וולאדיסלאוו IV (די פריווילעגיע האָט זיי פארזי־כערט דאָס רעכט צו פארמאָגן הייזער, פעלדער, גערטנער ווי אויך דאָס רעכט צו האנדלען מיט פארשידענע סחורות, טרייבן בראָנפן, שעכטן בהמות און פארקויפן זייער פלייש אויפן אלטן מארק).

בעתן קאָשצושקאָ־אויפשטאַנד (1794) האָבן יידן צוגלייך מיט די אנדערע בירגער פון דער שטאָט געגעבן געלט און הילף די אויפשטענדער.

ווען דער פּאַראַפיע־קלויסטער איז אין יאָר 1793 אָפּגעברענט געוואָרן, ־האָט די יידישע קהלה צענומען די איבערגעבליבענע מויערן און אויפגעשטעלט פון דעם מאטעריאל א שול פאר זיך (זיכער איז דאָס געווען די שול, וואָס די דייטשן האָבן צעשטערט אין דער לעצטער מלחמה). דערביי האָבן די יידן זיך פארפּליכטעט, אז אויב מ׳וועט אַמאָל צוטרעטן צוריק אויפבויען דעם קלויסטער, וועלן זיי אומקערן אָדער ציגל אין נאטור, אָדער באצאָלן 5000 זלאָטעס. דער קלויסטער איז קיינמאָל נישט אויפגעשטעלט געוואָרן און די יידן האָבן קיינמאָל נישט באצאָלט דעם חוב. אויף ווי ווייט איך ווייס, האָט טאַקע די פאראפיע גופא קיינמאָל נישט געפאָדערט צוריקצוגעבן דעם דאָזיקן חוב.

בעת די שטאָט איז ארונטערגעפאלן אונטער דער רוסישער הערשאפט — זענען די באציאונגען צווישן די פוילישע און יידישע בירגער געווען, אייגנטלעך, גוטע. ווייטער אין יאָר 1905 האָט דער מאָלער ראָזנפעלד בעת דער נאציאָנאַלע־פּוילישער מאניפעסטאציע געדארפט ארויסטרעטן מיט א רעדע, ער האָט אנגעהויבן: „איך בין א ייד און פּאָליאַק“ און זיך צעוויינט.

---

*) יאנינא שחיעזשינסקא, מאגיסטער פון געשיכטע, אן עלטערע פרוי, האלט איצט אין פארענדיקן א גרעסערע ארבעט א. נ. „די געשיכטע פון סאָכאטשעח פון די עלטסטע צייטן ביזן יאָר 1795“ (דריטע צעטיילונג פון פוילן). זי האָט אונדז צוגעשיקט א קיצור פון איר ארבעט (אין פויליש).

די פרוי שוויעזשינסקא איז באקאנט די סאָכאַטשעווער לאנדסלייט מיט איר פריינטלעכער באציאונג צו יידן אין פאר מלחמה פוילן. זי גיט אויך איבער א ריי זכרונות חעגן אירע פערזענ־לעכע קאָנטאקטן מיט יידן:

אין יאָר 1931 איז יאָזעק מוניע געחען מיטגליד פון פרעזידיום פון קאָמיטעט צו פייערן דעם 50־יעריקן יובילײ פון די פייערלעשער. כיל ווידעלעץ איז אויס־געצייכנט געחאָרן פאר זיין צען־יעריקן דינסט ביי די פייערלעשער.

מאָשעק טיקאָטשינער איז געחען א שארזשע אין דער ערשטער אפטיילונג. יואל געלבשטיין, יצחק ווײנשטאק, און הערש גראו־בארד האָבן געהערט צום אָרקעסטער.

פאר דער ערשטער חעלט מלחמה איז די אלמנה ראָזען געווען אינקאסענטין ביי איר פאָטער אין דער ברויערײ; דער זון אירער האָט — נאָך איר טויט, בעת דער ערשטער חעלט מלחמה — געעפנט א געחעלב אויף סטאשיץ־גאס.

אַ גרופּע חלוצים האָבן זיך געלערנט אויפן פּאָלחאַרק חאס האט געהערט צו דער משפחה, פון שוויעזשינסקא, לאנדווירטשאפטלעכע ארבעט און דערנאָך אפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, — נאָך פאר דער ערשטער וועלט מלחמה.

בשעת דער לעצטער מלחמה — פלעגט דער יונגער בערגאזין זיך ארויסגנבענען פונעם „יידנפערטל“ — איידער מ׳האָט די סאָכאַטשעחער יידן אפגעשיקט קיין חארשע און פון דאָרט אויף אומקום — און אין געהיים קומען צו דער שחיעזשינסקא נאָכפרעגן זיך חעגן גורל פון איר ברודער, חאָס איז געחען דעמאָלט אין דער דייטשער געפאנגענשאפט.

די פרוי שוויעזשינסקא גיט אויך איבער, אז צוריק מיט עטלעכע יאָר האָט מען געמאכט ארכעאָלאָגישע אויסגראבונגען אויפן מארק־פּלאץ. אויף דער זייט, חו ס׳געפינט זיך דער ראטוש (מאגיסטראט). פאר דער מלחמה זענען אויף דעם אָרט געחען — אויב זי האָט נישט קיין טעות — דריי שניט־קראמען, חאָס האָבן געהערט צו די דריי ברידער פרומער. צחישן אנדערע האָט מען אויסגעגראָבן זייער א סך צעריסענע יידישע ספרים. דאָס אלץ האָט מען איבערגעפירט קיין ווארשע, און ס׳געפינט זיך אין רשות פון חאיעחאדישן קאָנסערחאטאָר.

## נחמן בלומענטאל

# א צענדליק יארן רב אין סאכאטשעוו

(הרב שמואל יצחק לאנדאו ז״ל)

אין באַזיץ פון ארגוז יוצאי סאָכאַטשעוו געפינט זיך זייער אַן אינטערעסאנטער פנקס, געפירט און וואַרשיינלעך מיט זיין אייגענער האנט פארצייכנט דורכן סאָכאַטשעווער רב פון פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה, נעמלעך אין די יאָרן 1902—1912. א צענדליק יאָר יידיש לעבן געפינט דא זיין בולטע אפשפיגלונג.

דעם אמת געזאָגט, איז דער נאָמען „פנקס״ ניט די פאַסיקע באצייכענונג פאר דעם כתב־יד. ווייל מיר זענען געווינט צו פארשטיין אונטער דעם וואָרט א מין כראָניק פון אלע געשעענישן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין א געוויסן צייט־אפשניט אין א געוויסן אָרט, וואָס דער כראָניקער פארצייכנט, אָן איבערצוקלייבן צווישן זיי. ער נאטירט געוויינטלעך אלץ, וואָס ס׳איז צו אים דערגאנגען. פון דער צווייטער זייט פארשטייען מיר אונטער דעם וואָרט נישט זעלטן א פראָטאָקאָל־בוך צי פון דער קהלה־פאַרוואַלטונג, צי פון א געוויסע אינסטיטוציע (שולן, בתי המדרשן, צי פון א חברה לערנער משניות וכדומה) — פון די „אלטע צייטן״.

אין אונדזער פאל האָבן מיר עפּעס מער און עפּעס ווינציקער פון אזא מין „פשוטן״ פנקס. עפּעס ווינציקער: ווייל דער מחבר זיינער, דער רב שמואל יצחק לאנדאו ז״ל, נאטירט נישט סתם געשעענישן פון זיין ק״ק, מעגן דאָס זיין אפילו די וויכטיקסטע. ער נאטירט נאָר דאָס, וואָס איז אים אנגעגאנגען ווי דעם אמטירנדיקן רב (רב בפועל) אין זיין שטאָט. ער נאטירט דאָס, וואָס ער האָט — אזוי צו זאָגן — דערליידיקט אמטלעך, אָפיציעל, מ׳קאָן דעריבער דעם כתב־יד — פון דעם שטאנדפונקט גזעזען — באטראכטן, ווי א נאָטיץ־בוך פון דער קהלשער טעטיקייט פון רב אין דער צייט, ווען ער האָט געוווינט און געארבעט אין סאָכאַ־טשעוו. (נאָכדעם איז ער — דאכט זיך — אריבער קיין טשעכאנאָוו).

פון דער צווייטער זייט אבער, איז דער דאָזיקער כתב־יד עפּעס מער, ווי א „פשוטער״ פנקס, ער איז צוגלייך — ווי מיר ווען דאָס זען — אַ דאָקומענט־בוך. אין דעם כתב־יד נעמלעך געפינען מיר תביעות, באשטעטיקונגען געשריבן

אויך דורך אנדערע, דורך די פאראינטערעסירטע צדדים, וואָס זענען געקומען צום רב פון שטעטל, צו „זייער" מרא דאתרא, זיך שואל עצה זיין.

פארשרייבט דער רב עפּעס אן אפמאך צווישן צוויי צדדים, האָבן מיר אונטערן אָפּמאַך זייערע אונטערשריפטן; באקומט איינער אויסגעצאָלט א טייל, צי דאָס גאנצע געלט, וואָס קומט אים פון עמעצן, דורך דער פאמיטלונג פון רב — שרייבט ער א באשטעטיקונג אין דעם פנקס — און דאָס אין דער שפּראך, וואָס ער קען: עברית, יידיש, פּויליש צי רוסיש.

דערמיט באקומט דער דאָזיקער פנקס א גרעסערע מאָס גלויבנסווערטיקייט, ער איז נישט טרוקן, איינטאָניק; און זיין פילשפּראַכיקייט גיט אויך צו אַ געפיל פון פארשידנפארביקייט.

אויסערלעך געוומען: באשטייט דער כתב־יד פון צוויי טיילן. איינער געשריבן ווי א בוכהאלטעריע־בוך פון גרעסערן פאָרמאט מיט רויטע און בלויע ליניעס — האָריזאנטאלע און ווערטיקאלע — איז געשריבן בלויז אין רוסיש. ער אנטהאלט 22 בלעטלעך, פארשריבענע פוןביידע זייטן. פון בוך פעלט ווארשיינלעך דער אָנהויב. און אזוי ווי די בלעטלעך זענען נישט קיין נומערירטע און מיר האָבן נאָר איין הארט טעוועלע פון איינבאנד (דאָס צווייטע) לאָזט זיך נישט פעסטשטעלן, וויפל עס פעלט דאָ.

דער דאָזיקער נאָטיץ־בוך, געשריבן פאר דער מאכט, ווארשיינלעך, דערפון די שפּראך — סאָכאַטשעוו האָט דעמאָלט געהערט צו דער ווארשעווער גובערניע און געווען א טייל פון קאָנגרעס פּוילן, וואָס האָט געהערט צו רוסלאנד — אנט־האלט רשימות, באשטעטיקונגען פאר מענטשן, דער עיקר, וואָס האלטן ביים חתונה האָבן, אז וועגן דעם איז דריי מאָל אויסגערופן געוואָרן — ווי דאָס ווערט געפּאַ־דערט לויטן דין — אין דער שול.

דער טייל פון כתב־ד הויבט זיך אָן מיטן יאָר 1902 און ענדיקט זיך מיטן יאָר 1905. פארן יאָר 1902 האָבן מיר 54 אזעלכע באשטעטיקונגען. פארן יאָר 1903 האָבן מיר 76 אזעלכע באשטעטיקונגען. פארן יאָר 1904 האָבן מיר 54 אזעלכע באשטעטיקונגען. (די לעצטע פארצייכענונג איז פון 27.12 און דערנאָך גייט נאָך בלויז דער נומער 55, אָבער אָן שום אינהאלט).

פארן יאָר 1905 האָבן מיר 25 אזעלכע באשטעטיקונגען (די לעצטע באש־טעטיקונג איז פון 31.5, ד.ה. עס פעלט דא מער ווי א האלב יאָר).

פארן יאָר 1905 זענען אין דער ערשטער רובריק פארצייכנט נאָך די נומערן 26—31, אָבער עס פעלט דער ווייטערדיקער אינהאלט. ווארשיינלעך פעלט אויך דער סוף פון דעם בוך.

אויף דעם ליידיקן פלאץ פון דעם לעצטן זייטל זענען פאראן נאָטיצן וועגן אויסגעצאָלטע געלטער מיט נעמען, געשריבן מיט א פעדער און בליישטיפט אויף פּויליש, ווארשיינלעך פון א שפּעטערער תקופה.

די רשימות — זייער אלגעמיינע צאָל איז 209 — געבן אונדז איבער, בכן, די צאָל חתונות, וואָס זענען פאָרגעקומען צווישן סאָכאַטשעווער יידן — לכל הפחות איין צד איז א סאָכאַטשעווער — אין די דערמאָנטע יאָרן, גענויער פון 8.1.1902 די פאַרנאָטירונג פון דעם טאָג טראָגט דעם נומער 1 (מעגלעך טאקע, אז ביז דעם טאָג זענען קיין חתונות ניט געווען) ביזן 31.5.1905.

מיר ברענגען אין א יידישער איבערזעצונג דעם אינהאלט פון איינער אזא נאטיץ (ערשטער): „1902. 1. דעם 8טן יאנואר האָט מען ארויסגעגעבן א באשטעטי־קונג וועגן אויסרופן די חתונה אין דער סאָכאַטשעווער יידישער סינאַגאָגע צווישן בחור משה בענדקאווער, 23 יאָר אלט, דעם זון פון די פארשטארבענע יענקל און חנה, און דער בתולה הינדע אסתר שפיגל, 29 יאָר אלט, די טאָכטער פון פאר־שטאָרבענעם שלומען און פעסל־חיה׳ן, און נעמלעך דאָס ערשטע אויסרופן איז פאָרגעקומען דעם 22־טן, דאָס צווייטע דעם 29־טן דעצעמבער 1901, און דאָס דריטע דעם 5־טן יאנואר פון דעם יאָר". אין דער צייט איז צוגעשריבן מיט אַ אנד־ערער פעדער און אנדערן כתב „אונטערגעשריבן". (מסתמא האָט דאָס געחתמעט עמעץ פון דער מאכט, וואָס האָט קאָנטראָלירט די ביכער). פאר די יעניקע, וואָס זוכן ידיעות וועגן פאמיליען־לעבן אין סאָכאַטשעוו אין דער צייט, האָבן — פארשטייט זיך — די פארצייכענונגען א גרויסן ווערט.

אחוץ די דאָזיקע באשטעטיקונגען האָבן מיר דאָ א צוועלף פארנאטירונגען וועגן דאָקומענטן, וואָס זענען איבערגעגעבן געוואָרן דער מאכט דורכן ראַבינאַט און נעמלעך:

1. דעם 24־טן יאנואר 1902 האָט מען צוגעשיקט צום בית משפט השלום א דערקלערונג, אז משה קאָן און פערל לאה דיאמאנט האָבן זיך געאייניקט וועגן די 4 רובל און 20 קאפיקעס, וואָס קאָן האָט געפאָדערט פון דער דיאמאנט. און אזוי־ווי דער שופט האָט פארלאנגט א שבועה פון קאנען, פאלט דאָס אפּ, ווייל קאָן האָט דערקלערט, אז ער האָט שוין נישט קיין שום תביעות צו דער פרוי. אפנים, כדי נישט צו שווערן האָט דער תובע מוותר געווען אויף זיין תביעה.

די מורא פאר א שבועה (מעג זיין אפילו א גערעכטע שבועה) האָט נישט איין פרומען יידן אפגעהאלטן פון משפטן זיך און דערגיין זיינע רעכט פאר אן עפנט־לעכן, נישט יידישן געריכט.

ענלעך איז פאָרגעקומען מיט אן אנדערן משפט צווישן אפרים קאץ און וואָלף ליטאַווסקי און אנדערע.

ווידער דעם 3־טן מאי פון דעם זעלבן יאָר האָט דער ראבינאט ארויסגעגעבן א באשטעטיקונג איציק אייזיק ניימאנען, אז ער איז גוט באהאוונט אין הלכות יידישער אמונה און העברעישער שפראך. ווארשיינלעך האנדלט זיך דאָ אין דעם, אז דער באטרעפנדיקער זאָל קענען לערנען יידישע קינדער „זאקאָן באָזשי" אין אן עפנטלעכער שול אָדער גאָר מעגן עפענען א חדר. אזא באשטעטיקונג האָט מען

אויף ארויסגעגעבן דעם זעלבן יאָר שעיה יונה נוט, ישראל זעלוועד, מיכאל ראָזען און אנדערע.

צווישן די באשטעטיקונגען געפינען זיך אויך אזעלכע, וואָס באשטעטיקן אַז דער און דער ייד איז א תושב אין שטאָט און דערמיט וויל מען אים שיצן פון ארויסגעשיקט צו ווערן פון שטאָט.

אויפן טעוועלע פון כ״י געפינט זיך אויך א באשטעטיקונג מיט א דאטע 1912 אין אן ארטאגראפיש פעלערהאפטן פויליש מיט אן אונטערשריפט פון מארגענשטערן יעקב פון טשעכאַנאָוו, אז ער איז שולדיק דעם רב 30.000(?) רובל.

אחוץ דעם כ״י האָבן מיר א צווייטן, פארשריבן אין א גרעסערן ליניירטן נאטיץ־בוך, נישט נומערירט, וואָס ס׳פעלט פון אים אויך זיכער א גרויסער טייל. אויך דער בוך, קלענער פון פריערדיקן, האָט נאָר איין הארט טעוועלע. פון דעם בוך פעלט דער אנהויב און ווארשיינלעך אויך דער סוף.

צו דעם בוך זענען צוגעגעבן פארשידענע קארטלעך, קוויטלעך, בריוועלעך און... וועקסלען.

דער דאָזיקער כתב־יד איז אַ מין כל־בו, אַ מישמאַש פון אלערליי מינים אל־געמיינע עסקים, (ווי אויך פון פריוואטע ענינים), וואָס א רב אין אזא שטאָט ווי סאָכאַטשעוו „אויעזדני גאָראָד״ (קרייז שטאָט) האט געהאט צו דערליידיקן. איר וועט דאָ טרעפן ענינים, וואָס נאָרמאל געהערן זיי צו די פארשידנסטע אמטן (ביי די אומות העולם). קודם כל האָבן מיר דא א ריי פארנאטירטע גטן, די אייגנטלעכע ארבעט פון א רב, צוזייטנס כל מינים סכסוכים צווישן די תושבים יידן צווישן זיך, וואָס זיי האָבן ארויסגעטראָגן פארן רב, נישט פארן „קאזיאָנעם״ בית המשפט. וואָס נאָך מער חידוש: פארן רב קומען פאָר סכסוכים פון יידן מיט פאָליאַקן... אויך אין די ענינים פסקנט דער רב. די פאָליאַקן קענטיק האָבן מער צוטרוי צום יידישן „ראבין״ ווי צום רוסישן ריכטער... וועלכע האָבן בדרך כלל נישט געהאט קיין איבעריק גוטע רעפוטאציע. דאָס צארישע רוסלאנד, ווי באקאנט, איז געווען בארימט אויף דער וועלט מיטן שוחד, וואָס די דאָרטיקע באאמטע פלעגן גערן נעמען פון וועמען ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט.

דער דאָזיקער צווייטער טייל פון כ״י ציילט 73 קארטלעך (אחוץ ליידיקע), מערסטנטייל פארשריבענע פון ביידע זייטן; אחוץ דעם א 50 באזונדערע קארט־לעך, קוויטלעך (פון אן אנדערן פאָרמאט ווי דער בוך).

דער טייל, וואָס האָט זיך אפגעהיט און איז צו אונדזער פארפיגונג, הייבט זיך אָן מיטן יאָר תרס״ג (1903) און מיט א רשימה — געמאכט אין חודש אדר — פון מענטשן, וואָס דער רב האָט געגעבן א הכשר אויף כל מיני זאכן און פראדוקטן. דערנאָך גייען ידיעות וועגן גטן, פטורים וכו׳.

די ערשטע ידיעה: „היום יום ד׳ י״ג לחודש תמוז תרס״ג נתגרשה האשה רחל בת יצחק מאיר מבעלה, מרדכי ישראל יהושע וקבלה קוויטעל על זה״.

און דערנאָך גייט א לאנגע קייט נעמען פון מענטשן, וואָס האָבן באַקומען פטורים פון פארשידענע „התקשרויות", כדי צו קאנען חתונה מאַכן א זון אָדער א טאָכטער. פאר די פאָרשער פון פאמיליען־לעבן ביי יידן בכלל און פאַרן פאָרשער פון יידישן לעבן אין סאָכאַטשעוו גופא און ארומיקן קאַנט, איז דאס מאטעריאל פון ערשטקלאסיקן ווערט.

און פלוצים אזא מין הודעה: „לזכרון לשורות איך שביום ד׳ תרס"ג באה אשה חנה רחל אשת ר׳ יחזקאל זימלער מכפר וויטקעוויץ בגליל שפה והודעת איך שכמה שבועות מלפני הזמן הנ"ל בתה הילדה דבורה רייזל אשר היא בערך ארבעה שנים, ע"י קפיצה אבדה את הבתולים שלה".

און דערנאך ווייטער א רשימה פון גטן, לויטן אויביקן נוסח.

נאָך דעם קומט א לאנגע קייט באַשטעטיקונגען, אז די און די יידן האָבן איינגעלייגט ביים רב געלט אויף צו צאָלן הובות, וואָס זיי זענען געווען שולדיק צו אנדערע; דערנאך גייען באשטעטיקונגען פון די יעניקע, וואָס האָבן די חובות ס׳רוב אין ראטן — אָפגענומען פון רבס האנט. א גאנצע בוכהאלטעריע! און וויפל צוטרוי די מענטשן האָבן געהאט צו זייער רב! צומייסט האנדלט זיך דא אין א פסק דין, וואָס די צדדים זענען מקיים, און דער רב איז חוץ דעם, וואָס ער איז געווען דער שופט, געווען אויך דער אויספירער פון פסק דין. דער רב פירט קארעספאנדענצן מיט די צדדים, וואָרנט זיי, לייגט זיך אריין אין שלום און פירט סוף כל סוף צו א הסכם, וואָס ביידע צדדים נעמען אָן.

טייל מאָל ווידער לייגט מען איין א וועקסל ביים רב, וואָס דער געחתמעטער אויף אים קאן עס נישט אויסקויפן מיט א מאָל, און דער רב שלעפט ארויס ביים אונטערגעשריבענעם צו ביסלעך דאָס געלט, ביז דער גאנצער וועקסל איז געסילוקט; און דער בעל תובע שרייבט אונטער — אלץ אין דעם זעלבן פנקס — אז ער האָט מער קיין תביעות נישט צום נתבע.

און אט א הארב פּראָבלעם, וואָס האָט געמוטשעט ניט איין רב, ווי אזוי צו שרייבן די יידישע נעמען אין א גט, ס׳זאָל זיין כדין, ס׳זאָל חלילה נישט פעלן קיין אות און ס׳זאָל אָבער אויך ניט זיין קיין איבעריקער צייכן אין טעקסט פון גט, ער זאָל נישט פסל ווערן. און דער רב שרייבט: ביום ה׳ פ׳ שופטים ד׳ לחודש אלול תר"ע (1910) נתגרשה האשה בראנה (מה שהי׳ נכתב בראנה בה׳ בסוף משום שכך היא חתומה, באלף אחר הריש וה׳ אחר הנון) בת בערש (בס׳ מים חיים כתב בערש בלא יוד), ושם הקודש שלו לא הי׳ נודע אם ישכר או דוב לכן נכתב חניכה שהכל קורין אותו בערש) מאת בעלה המכונה הרשל (הי׳ כאן ב׳ גיטין באחד הי׳ כתוב המכונה הערשל כפי דעת הח"ס דהינא שנכתב השם הערשל וכ"ע קורין אותו בסגל צריך להיות נכתב הערשל בעין אחד ה׳ ולא ביוד וגם שני ניתן והי׳ נכתב במכונה הערשיל והטעם לפי שחתימתו תמיד היא כן כבר נודע דעת הפוסקים ולכן לצאת ידו החשות כתבתי ב׳ גיטין) בן משה אהרן — — —

כדי דעריבער ניט חלילה מאכן א גרייז, האָט דער רב געמוזט שרייבן צוויי גיטין: איינעם מיטן נאמען הערשל און דעם צווייטן מיטן נאמען הערשיל.

דאס זעלבע איז געשען מיטן נאמען גדליה, וואס איינמאל שרייבט ער עס אזוי און אַ צווייטן מאָל גדליהו (מיט אַ „ו" צום סוף). אַן אנדערש מאָל האָט דער רב שווערקייטן מיטן נאָמען לייביש און ליביש — און אָט איז עפעס א סכסוך צווישן הירש ליב יאקאָבאָוויטש (וואָס קען זיך קוים חתמנען) מיטן „גוי" סטאניסלאוו באָנדאנאָוויטש. און דער רב איז מחייב דעם יידן, אז ער זאָל אויס צאָלן „עבור הערל סטאניסלאוו..." יעדן ראש חודש 8,75 רובל — ביז ער וועט ניט אפצאָלן דעם גאנצן חוב פון 35 רובל.

און דער גוי נעבעך האָט געמוזט אין זינען האָבן, ווען ס'פאלט אויס „ראש חודש", כדי צו וויסן, ווען צו קומען צום רב אָפּנעמען די ראַטע...

און דער „ערל" סטאניסלאוו איז נישט דער איינציקער, וואָס קומט זיך לאדן צום רב און געווינט דעם משפט!

פאראן אפילו א קאָנטראקט, שטר מכירה, ווי א ייד פארדינגט צו א גוי — א מיל און פארקויפט אים פערד און זאטלין מכל המינים פאר נישט קיין קליינער סומע — אין יענע צייטן — פופצן טויזנט רובל. און אין שטר געשריבן אין העברעיש (וואָס מ'האָט שוין זיכער דורכגעלייענט און איבערזעצט דעם פאליאק) שטייט בפירוש געשריבן „השכרתי להערל שיקארסקי". און דער ערל האָט זיך אפנים נישט געפונען באליידיקט פארן וואָרט און געוואָלט גיכער גיין צום רב, איידער צום נישט יידישן נאָטאַר. אפשר דערפאר, וואָס אחוץ דעם צוטרוי צום רב, איז אויך דער גוי געווען זיכער, אז אַ ייד וועט גיכער פאָלגן א שטר אונטערגע־שריבן ביים רב—ווי די פאָליאַקן פלעגן דאָס אָנרופן „פאָד חרם" — איידער א קאָנטראקט אונטערגעשריבן ביי א רוסישן טשינאָווניק.

מעגלעך אויך, אז מיטגעהאָלפן דערצו, וואָס מ'איז געגאַנגען צו א רב, איז דאָס, וואָס דער רב איז זיכער געווען ביליקער פון נישט יידישן נאָטאַר!

און אָט אַן אנדער מין ענין: עס קומט א יונגער מאן און קלאָגט זיך, אז זיין פרוי ווערט נישט מעוברת. א הארבער ענין. וואָס טוט דער בית־דין (פון דריי שופטים!)? גיט נישט ארויס קיין פסק־דין אויפן אָרט, נאָר איז מחייב די אשה צו פאָרן קיין ווארשע „לרופא מומחה", ער זאָל זי אונטערזוכן און פעסטשטעלן „אם היא כדרך כל הנשים ואם אפשר לה ברפואות שתהי' כדרך כל הנשים". מיט איין וואָרט, דער בית־דין באנעמט זיך ווי א מאָדערן געריכט, וויל זיך שטיצן — נישט גלאט אויף דער הלכה — נאָר ווענדט זיך צו אַן עקספערט, א מענטש, א וויסנ־שאפטלער, ער זאָל ארויסזאָגן זיין חות דעת — דערנאָך ערשט וועט מען וויסן ווי אזוי צו האנדלען.

פאראַן פאַרצייכענונגען, וואָס רופן אַרויס אפילו אַ שפּאַנונג ביים לייענער אַ מין קרימינעלע געשיכטע.

אַזוי קומט צו רב אַן אשה און קלאָגט זיך, אַז מיט אַ שטיקל צייט צוריק איז נעלם געוואָרן איר מאַן. און זי ווייסט נישט ווו ער איז אומגעקומען. זי גיט אָן פּרטים, ווען דאָס איז געשען, וואָס פאַר אַ סימנים איר מאַן האָט געהאַט און דעסגלייכן. שפּעטער מיט אַ שטיקל צייט נעמט אויף דער רב אַן עדות פון אַ יידן, וואָס האָט געזען אַ „חלל על פני השדה". ער גיט אויך אָן סימנים פון געהרגעטן. ווי אַזוי ער האָט אויסגעזען, ווי אַזוי ער האָט אים דערקענט „בגביני עינים שהיו קצת לבנים נוטה ל ג ע ה ל ב ל ע ך (!) ושערות הזקן היו געלבלעך" — און דער רב שטעלט פעסט אויפן סמך פון דעם עדות, אַז דאָ האַנדלט זיך אין דעם מאַן פון דער אשה, וואָס האָט פריער מיט אַ שטיקל צייט זיך געקלאָגט, אַז דער מאַן איז פאַרשוואונדן געוואָרן.

אַ שאָד, וואָס מיר האָבן דאָ ניט מער קיין פּרטים וועגן דעם פאַל, מעגלעך דערפאַר, וואָס מיר האָבן נישט דעם גאַנצן פנקס, נאָר טיילן פון אים. פון דער צווייטער זייט אַבער איז דער פאַל, דיני נפש, נישט אונטערליגן דעם רב, נאָר דער אָרטיקער מלוכה־מאַכט, וואָס האָט זיכער געפירט אין דעם ענין אַן אויס־פאָרשונג. אָבער צום רב האָט דאָס שוין קיין שייכות נישט געהאַט. אים האָט נאָר אינטערעסירט די פראַגע פון דער אשה: איז זי אַ עגונה צי אַ אלמנה? אויף אַזוי ווייט געפינט דאָס געשעעניש זיין אָפּשפּיגלונג אין פנקס פון דעם רב. וואָלט דעם פנקס געפירט עמעץ אַנדערש, וואָלט ער געהאַט דאָ צו שרייבן און צו שרייבן — וועגן מאָרד גופא, ווער ס'האָט געהרגעט און פאַרוואָס א.א.וו. דער רב אָבער — אין זיין אַמטלעכער ראָל, דער פנקס זיינער איז דאָך נישט קיין באַשרייבונג פון זיינע פּריוואַטע זאַכן, איבערלעבונגען, נאָר אַן אַמטלעכער טאָג־בוך פון זיינע טועכצן, ווי אַ רב — אינטערעסירט נישט דער פאַל, ער גייט אַרויס פון תחום פון זיינע רעכטלעכע קאָמפּעטענצן.

און אָט אַ צווייטער פאַל פון דעם זעלבן מין.

צוריק מיט אַ זעקס יאָר איז אַוועקגעגאַנגען אַ מאַן פון אַ פרוי פון שטעטל לענטשיץ און מער ניט צוריקגעקומען. און אָט דערמאָנט זיך אַ ייד פון סאָכאַטשעוו, אַז צוריק מיט אַ זעקס יאָר (אסרו חג של שבועות שנת תרס"ב) האָט מען אויפן ברעג פון דער ווייסל נאָענט פון סאָכאַטשעוו געפונען אַ דערטרונקענעם מאַן, וואָס האָט געהאַט אַ סימן אויף דער האַנט פון אַפּבריען זיך. פונקט אַזאַ סימן, ווי דאָס גיט אָן די אלמנה...

און אָט אַ דריטער פאַל.

צום רב קומט אַ יידענע און דערציילט, אַז דער מאַן אירער איז אַוועק און נישט צוריקגעקומען. ער איז געווען קראַנק „והלכה עמו אצל כמה רופאים. קצת רופאים אמרו לה שיש לו לב חלוש מאד וקצת רופאים אמרו כי הוא נערוועז

וכן היא נראה כי הוא נערוועז, כי בכל פעם הגיד כי הולך הוא למות..." און ווירקלעך, ווען די ווייסל — זומערצייט — האָט זיך געזעצט, האָט מען אויפן ברעג געפונען א טויטן גוף מיט די סימנים, וואָס די פרוי האָט איבערגעבן, און אין די מלבושים, וואָס די פרוי האָט באשריבן (לבוש בשעלקעס עם בלימלעך וגם קאלנער עם שווארצן קראוואט. גם הגידה שהיה לבוש בזיל־בערנעם זייגערל עם דוויסקע קאָרצע וגם היה משובץ בשטיינדלעך של כמה מיני גוונים).

נאָר דאָס זייגערל מיט דעם קייטעלע ה„דוויסקע", האָט מען נישט אפּגעגעבן דער פרוי, כי הם נמצאים „תחת יד הסלעדעוואטיל", אויספאָרשריכטער, (פאַרוואָס דוקא דאָס ? !). די פרוי האָט אויך דערקענט את ה„בלאָפעדער" (בלוי פעדער), שהיו נמצא אצלו — מחמת כי ראתה אותו בלאפעדער שנתן בעלה הנ"ל ליד בנם לשחק..." א פאסצינירנדיקע און טרויעריקע געשיכטע! אָבער אויך דאָ לאָזט זיך נישט אריין, דער רב אין איבעריקע פרטים.

פון דער גרויסער צאָל האנדלונגען — פון די פארשידנסטע ענינים — וואָס דער רב דערליידיקט אמטלעך — איז אַ שפּאָרעוודיקער טייל געווידמעט — ווי ס'איז פארשטענדלעך אין אונדזער מעמד — סכסוכים צווישן שותפים (דיני ממונות). מען קומט זיך לאדן צום רב און ער פסקנט, און די צדדים נעמען אָן זיין פסק דין, חתמנען דאָס מיט זייערע אונטערשריפטן. ביים רב לייגט מען אויך אין עווענטועל די וועקסלען, קוויטאנציעס; ביי אים צאָלט מען אויך איין די באזונדערע ראטעס און ער קערט אום די שריפטלעכע התחייבויותן, אלץ ווערט קוויטירט אין דעם זעלבן פנקס.

דער רב אין דעם פאל איז נישט נאָר דער שופט (אין וויכטיקערע פאלן איז ער ראש בית־דין, נעמט צו הילף נאָך צוויי רבנים, אָדער איז א שליש און די צדדים נעמען זיך בוררים) נאָר אויך דער עקזעקוטאר, האלט נישט איין צד דעם אפמאך, שיקט ער אים א אזהרה, דראט אים, דערגייט אים די יאָרן, ביז יענער ווערט א נכנע.

דער רב איז אבער אויך דער פארטרויונגסמאן פוןביידע צדדים און פירט אויס די ראָל פון א באנק. נעט אָפּ געלט, צאָלט אויס א.א.וו. אלץ וואָס ס'האָט געהערט צו א רב אין א קליין שטעטל.

און צווישן די חובות, וואָס ער צאָלט, זענען אויך פאראן זיינע אייגענע, פריוואטע.

***

אן אנדערע טייל ארבעטן, וואָס ס'פירט דורך דער רב, זענען קאָנטראַקטן, וואָס ס'שליסן ביי אים יידן, וואָס נעמען איבער געמיינזאם א געוויס געשעפט. א זייער אינטערעסאנט קאפּיטל און מ'קאן דערפון פיל לערנען וואָס שייך דעם עקאָנאָמישן לעבן פון די יידן אין יענע מקומות און יענע צייטן. א גרעסערע

צאָל יידן פארנעמט זיך מיט אפדינגען אויף זומער סעדער ביי פויערים. און אין די קאָנטראקטן ווערט געזני אנגעוויזן, וואָס די שותפים לייגן אריין אין עסק און וואָס זיי דארפן טון און וויאזוי זיי דארפן זיך טיילן מיט די רווחים. אַ צד אין עסק איז אויך דער „ערל״ (ביי אים דינגט מען דעם סאַד), וואָס זיין אנטייל ווערט אויך געזני אנגעגעבן. אין פנקס ווערט די דאָזיקע ארבעט אין די סעדער אנ־גערופן טיילמאל ׳הגנות׳ יידן זענען אויך עוסק אין תבואות־האנדל, קומען דעריבער אין געשעפטלעכע פארבינדונגען נישט נאָר מיטן „ערל״, נאָר אויך מיטן „פריץ״, אייגנטימער פון דאָרף, פון דער פאָסעסיע, דעם גוטבאזיצער. אזא איינעם רופט שוין נישט אָן דער רב „ערל״ נאָר „אדון״ (אדון גורעצקי, אדון סענדזיקובסקי, וואָס פארדינגט „השוויג״ צו יידן א.א.) אזא „אדון״ פארקויפט שוין יידן א גרעסערע קוואנטום תבואה, לאָזט אָפּ גרויסע סעדער צו יידן א.א.וו.

אן אנדער מין ארבעט, וואָס יידן באשעפטיקן זיך מיט איר אין דער שטאָט, איז „מסחר סמאַטעס״ (שמאַטעס). אויך דא ווערט געשאפן אַ שותפות צו דער אַרבעט. עס ווערן אויך אונטערשיידט אין די קאָנטראַקטן דריי מינים שמאַטעס: א) גלאט שמאטעס; ב) שמעלץ; ג) ברען (שמאטעס). אגב, לאָזן זיך ארויסזאָגן ספעציאליסטן, וואָס פארא חלוק איז צווישן די מינים.

מיר זענען נישט אויסן אויסצורעכענען אלע די מלאכות, וואָס ווערן אויסגערעכנט אין פנקס, און וואָס מיט זיי האָבן זיך פארנומען יידן פון סאָכאַטשעוו וגליל. איך וויל נאָר אונטערשטרייכן, אז נישט נאָר מיט האַנדל־וואַנדל האָבן זיך יידן פארנומען, זיצנדיק א גאנצן טאָג אין קראָם אוןווארטנדיק אויפן קונה, ער זאָל צו אים אריינקומען, ווי דאָס ווערט אָפט איבערגעחזרט דורך יידן און נישט יידן.

מער אָרט, ווי האנדלסגעשעפטן, פארנעמט אין פנקס דער ענין פון חתונות, גטן, אָפּלאָזן אַ שידוך, געבורטן פון קינדער. נישט איינמאָל ווערט דאָס אלץ פארצייכנט אויף איין און דעמזעלבן זייטל: אָט דאָ ווערט פארצייכנט, אז דעם און דעם טאָג קומט פאר די חתונה צווישן דעם און דעם חתן — אזוי פיל און אזוי פיל יאָרן אלט — מיט דער כלה — אזוי און אזוי פיל אלט.

(אגב, האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן, אז אין א גרויסער צאָל פאלן איז די כלה פיל עלטער פונעם חתן. איז דאָס אפשר אויך א פראָבלעם, וואָס איז כדאי, מ׳זאָל זיך מיט אים פארינטערעסירן?).

און אָט קומען די מחותנים צום רב און ווילן אָפּלאָזן דעם שידוך, דער רב הייסט אָפּגעבן די מתנות, וואָס דער חתן האָט באקומען פון דער כלה׳ס צד, און די כלה דארף אויך אומקערן די מתנות, וואָס זי האָט באקומען פון חתנס צד א.א.וו. נאָר צום סוף פון גאנצן לאנגן שקליא וטריא — זעט פאָר דער רב א פונקט: באם די צדדים ווערלן חרטה האָבן אויף זייער איצטיקן צעגיין זיך... האָט עד שוין אן אויסוועג, ווי אזוי די אנגעברוגזטע חתן־כלה קאָנען זיך איבערבעטן, זיך קעגנזייטיק מפייס־זיין...

און אַט לעבן די קורץ־געפּאַסטע ידיעות וועגן חתונות, האָבן מיר להבדיל נאָך קורצערע הודעות וועגן טויט פון דעם צי יענעם. דער רב פארנאטירט, ווער ס'האָט אים די ידיעה איבערגעגעבן און ווען די זאך איז געשען.

און ווייטער אביסל גייט שוין ווידער א פארצייכענונג, אז די און די אשה האָט געמאָלדן, אז זי האָט געבוירן א קינד דעם און דעם טאָג, טייטמאל האנדלט זיך דאָ אין א געבורט, וואָס איז פאָרגעקומען מיט יאָרן צוריק! מען איז געקומען צום רב מעלדן דאָס, ווען ס'איז געווען נויטיק צו עפּעס אן ענין — אבער גלאט אנגעבן, אז א קינד איז געבוירן געוואָרן, אין אן אמת —איז נישט געווען „ווינ־טשנסווערט" אין יענע צייטן. אלנפאלס יידן האָבן זיך דערצו נישט געאיילט.

און ביי דער גרויסער און ווייט פארשפרייטער און ברייט פארצווייגטער ארבעט פון רב, וואָס נעמט ארום צענדליקער קלענערע ישובים, וואָס קיין דיין איז דאָרט נישט געווען — זעט מען, מיט וואָס פאר א צוטרוי די מענטשן האָבן זיך צו אים באצויגן — סיי יידן, סיי גויים.

צווישן די באזונדערע קאַרטעלעך, וואָס זענען צוגעלייגט צו כ"י, געפינט זיך אַ בריוול פון אַ פּאָליאַק, געשריבן אין פּויליש, צו אַ יידן, ער זאָל קומען דעם און דעם טאָג צום „סענדזיא" (דאָס איז דער מלוכה־שופט) און אונטערשרייבן דאָרט אן אקט — „ל ו י ט  ו ו י  ד אָ ס  ה אָ ט  ג ע פ ס ק נ ט  ד ע ר  ר ב".

און מיט וואָס פאַראַ צניעות, איינגעהאַלטנקייט, עס ווערן נאָטירט די אַלע זאַכן. קיין איבעריק „שווער" וואָרט. די צדדים פארשטייען זיך אויפן ווונק, און דעריבער איז דער רב נישט מאריך ביים נאטירן דעם „שטר מכירה", א הסכם, א פשרה צי אַ פסק־דין. ער מיידט אויס צו שטעמפּלען דעם בעל החוב, ער זוכט אַ פשרה־וועג, אן אויסוועג פארביידע צדדים, און מיט ווינציקע ווערטער גיט ער איבער דעם תמצית פון דער זאך, נישט ארייַנלאָזנדיק זיך אין פרטים.

מיר שטעלן זיך פאָר, וויפל צייט דער רב האָט געמוזט פטרן ביים אויסהערן די צדדים, מיט וויפל זידל־ווערטער זיי האָבן זיך קעגנזייטיק מכבד געווען (און אפשר נישט נאָר מיט זידלווערטער), וויפל טענות און מענות זיי האָבן פאַר־געלייגט פארן רבין — נאָר דאָס אלץ גייט נישט אריין אין פראָטאָקאָל. דער רב פסקנט קורץ און שארף. זיינע ווערטער ווערן אנגענומען און „שלום על ישראל" !".

וויאַזוי ווייט עס איז דערגאַנגען דער אויטאָריטעט פון רב און זיין השפעה, וועלן מיר זען פון פאָלגנדיקער נאטיץ :

„אנחנו המקבלים עלינו לעשות שלום בינינו מהיום והלאה ושלא לגרום שום מחלוקת ח"ו גם שלא לרדוף כל אחד חברו בעניני פרנסתו ושלא לגרום היזק ח"ו הן בדברים הנוגעים בגוף ובממון וכל ענינים שהיו עד עתה אנו מוחלים כל אחד לחברו במחילה גמורה וגם כל מיני קטטות ומריבות שהיו בינינו ע"ז בעה"ח היום ה' ד' דחוה"מ סוכות וקבלנו עלינו כל הנ"ל בקג'אס ובא"י.

אונטער דעם גייען פיר אונטערשריפטן.

אין וואָס ס׳זענען באַשטאַנען די מחלוקתן פון די פיר יידן איז אונדז נישט באַקאַנט, ווער זענען געווען די פיר יידן — ווייסן מיר אויך נישט. מיר קאָנען זיך נאָר פאָרשטעלן, אז געווען זענען דאָס פיר האָרעפּאַשנע יידן — פון זייערע אונטערשריפטן איז צו זען, אז דאָס האלטן א פעדער אין האנט איז ביי זיי געווען נישט פון די לייכטע זאכן! — וואָס האָבן געהאט נישט ווינציק דאגת פרנסה; און דערפון די קטטות, (געווייינטלעכע צווישן קאָנקורענטן), אבער סוף כל סוף האָט גורם געווען דער גוטער ווילן פון די צדדים, און זיכער אויך די השפעה פון רב, וואָס האָט זיי אלעמען צוזאמענגעבראכט און זיי האָבן זיך איינער דעם צווייטן מוחל געווען במחילה גמורה. און געשען איז דאָס נישט ערב יום כפור (ווי אַזוינע פאלן קומען געוויינטלעך פאָר), נאָר חול המועד סוכות!

***

אחוץ דעם געפינען זיך אין כ״י — אויף באַזונדערע בלעטלעך — רשימות פון יידן, וואָס האָבן אפפארקויפט דעם חמץ דעם רב, ערב פסח, כדי דער רב זאָל עס דערנאָך אפצופארקויפן „אן ערל״.

איין רשימה — פארן יאר תרס״ח — ציילט 206 פאזיציעס (ביז נומער 20 פעלט).

כדי צו כאראקטעריזירן דעם מאטעריאל, וואָס געפינט זיך אין דער רשימה און זיין סגנון, וועל איך מיר דערלויבן צו ברענגען איין פאָזיציע.

„97. ר׳ אהרן בעסטער מכפר טראנאוו גמינע כאַדאָקרווו השכיר את השפייכ־לער אשר יש לו בכפר הנ״ל וגם את העלי׳ אשר ממעל לביתו שדר בו ומכר כל מיני חמץ וחששי חמץ וכלים ושקים חמוצים ושייר לעצמו דריסת הרגל במקומות הנ״ל ומכר את כל העופות העומדים (!) בעלי׳ הנ״ל חוץ מאינדיק אחד״...

די צווייטע רשימה פארן יאָר תר״ס ציילט 213 פאָזיציעס (עס פעלט ביז 20).

א דריטע רשימה פארן יאָר תרע״א (1911) ציילט 211. אזוי פיל יידן האָבן פאר־שריבן דעם חמץ ביים רב!

וואָס קאָן מען לערנען אויך פון די טרוקענע און ווינציקע אנגעגעבענע, וואָס מיר געפינען אין די רשימות?

קודם כל, וואָס ס׳וואַרפט זיך אין די אויגן איז דאָס, וואָס מיר געפינען דאָ זייער א סך נעמען פון יידן, וואָס וווינען אין דערפער אין דער נאָענטערער און ווייטערער סביבה פון דער שטאָט סאָכאַטשעוו. און דאָס, ווי מיר מיינען, אין אייניקע ערטער, קליינע דערפער, וו ס׳האָבן דערנאָך — צוליב די אנטיסעמיטישע ארויסטרעטונגען — יידן נישט געוווינט. אָבער צוריק מיט א 50—60 יאָר האָבן די יידן רואיק געלעבט און געארבעט. פון די רשימות איז צו זען, אז נישט איינמאָל האָבן זיי געוווינט אין איין הויז מיט א גוי, נישט איין מאָל האָט א ייד געדונגען א „קאמער״, א שטאל, ביי אן ערל (ווי זיי ווערן אנגערופן דורכן מחבר)

און רואיק זיך פארדינט זיי שטיקל ברויט (קיין איבעריקע גבירים זענען זיי זיכער נישט געווען!).

און פון די „זאכן", וואָס די יידן פארשרייבן אין חמץ, קאָן מען אויך ארויס־דרינגען, מיט וואָס די יידן האָבן זיך פארנומען. ס'איז צום אונטערשטרייכן די גרויסע צאָל יידן — סיי אין דער קרייז־שטאָט סאָכאַטשעוו גופא סיי אין דער פראָווינץ, וואָס האָבן געהאַט שטאַלן מיט פערד, אָבאָרעס מיט קי, ד. ה. זיי זענען געווען פורמאנעס אדער פערדהענדלער און מילכיקערס, פארקויפט מילך און די אויסארבעטונגען פון מילך „הדברים שיוצאים מן החלב", ווי ס'ווערט אנגערופן אין אונדזער כתב־יד.

פון אנדערע זאכן, וואָס ווערן אויסגערעכנט אין די דאָזיקע רשימות, איז אונטערצושטרייכן תבואה, וואָס יידן האָבן אין זייערע שפייכלער (אזוי ווערט עס טאקע אנגערופן אין עברית פון רב).

**
*

אינטערעסאנט איז די שפראַך פון פנקס. כידוע, האָבן אונדזערע רבנים נישט געהאלטן פון דקדוק. דער מין זכר צי נקבה, בפרט ביי א „פועל" אינטערעסירט זיי נישט. געבן א „הווה" פאר אן „עבר" אדער פארקערט איז ביי זיי אויך נישט קיין פעלער.

כאראקטעריסטיש איז אבער די גרויסע צאָל יידישע ווערטער, וואָס מיר געפינען אין טעקסט. און דאס — ווי מיר מיינען — נישט נאָר דערפאר, וואָס דער רב ווייסט נישט, וויאזוי די זאך הייסט אין העברעיש. פארשטייט זיך, אז דאס איז אויך א סיבה, אָבער נישט די איינציקע. פאראן נאָך א סיבה א וויכטיקערע. און דאס איז די גענויקייט, מיט וועלכער ס'צייכנט זיך אויס אונדזער מחבר. א העב־רעיש וואָרט וואָלט אפשר נישט איבערגעגעבן גאנץ פינקטלעך דעם מהות פון דער זאַך. דער באַגריף, ווען דאָס אמאליקע העברעישע וואָרט (וואָס דער רב קאָן פון תנ"ך) איז געווען באניצט, האָט זיך אין משך פון דער צייט געענדערט. דער אמאָליקער העברעישער נאָמען דריקט נישט אויס די היינטיקע ווירקלעכ־קייט, דעריבער מוז דער שרייבער אנקומען צום יידישן וואָרט, וואָס באצייכנט די זאך איינדייטיק, איז פאַרשטענדלעך פאר אלע און איז נישט גורם קיין מיס־פארשטייעניש. עס האנדלט זיך דאָך דאָ אין וויכטיקע יורידישע דאקומענטן, מוז מען זיין זהיר שבזהיר.

קיין נייע העברעישע ווערטער ווידער וועט דאָך א רב און דאָס נאָך מיט א האלבן יאָרהונדערט צוריק אוודאי נישט באנוצן. ער קען זיי זיכער נישט. בלייבט טאקע דעריבער דאָס יידישע וואָרט.

אן אנדער קאטעגאריע פרעמדע ווערטער אין אונדזער כתב־יד זענען די אינטערנאציאָנאל אנגעווענדעטע, אָדער אזעלכע, וואָס ס'האָט מיט זיך אריינ־

געבראַכט די רוסישע מאַכט. באַצייכענענדיק למשל מיטן וואָרט „סאָנד״ — דאָס רוסישע געריכט, שטרייכט דערמיט אונטער דער מחבר איינדייטיק און קלאָר פאַר אַלעמען, אַז ס׳איז נישט קיין בית־דין. אַ העברעיש וואָרט קאָן דאָ נאָר קאַליע מאַכן.

און אָט איז אַ טיילווייזע רשימה פון יידישע און אַנדערע פרעמדע ווערטער, וואָס מיר טרעפן זייער אָפט אין אונדזער פנקס, געשריבן אין לשון קודש.

האיפאָטעק, אצל הרייענט, הבאַלקאָן, אַ ברויז וויאָרסט, האָטעלמאַכער, הטאָוואַזישסטוואָ.

אויסגעשיקעוועט נאָך אַ געוועלב, וויראָק, סאָנד, סמאַטעס (שמאַטעס) על נאָכנאַמע, האַנדשלאַג.

וועקסל, עם נאָוויראָק (גויישער „ניי־יאָר״).

בענין הטרעפין, האָפּיצינא, הפּאַציאַט, בענין הפלימפּ (פון אַ קערניצע), אַ צענטין (צענטנער), בענין הפּלאַן, חנות באַקאַליע, רעסטאַראַציע, לתת לו רעיענטאַווי, אַקט, פייערקאַסע, קאַסטענעס, פלאַשין, הסטריז, השטאַל דהיינו זאַיאַזד, פּראַכטס־טאַנציע, סערוועטעט (געשריבן אויך סערוועטאַט), השענקל, הבאָפּעט, השאַנק, השטאָק הראשון, השטאָק השני וכ׳ הפּלאַץ.

אָן אַדרעס ווערט פאַרצייכנט נישט אַנדערש ווי למשל: „בעיר לאָדז אַלט שטאָט ב נ י מ ע ר...״ אָדער „תחת נומער״, פּראָטעסטן, קוויטל, רעצעפּטן, פּאַדלאָגע, שינעס, פּאַסיקל, קוויטאַנציע, קאַוציע, הצענאָ על הדירה החדשה, כפי הצענאַ, באַקאַוויזן, קעך, היאַטקע, הפיעקאַרניע, הביידל, השכיר הקאַמער, השפייכ־לער, השטאַל, השטאַל של עופות (לול!) הביידל. שעצקאַרניע (שעטשקאַרניע, ווו מען שניידט שטרוי אויף סיעטשקע), שלשה מאַרגעס, קאַמער הנקרא מאַגאַזין, קמח חטים 4 זערע, 3 זערע... ראַזאַווקאַ.

פאַראַן אויך ווערטער, וואָס זענען שפּעטער אַרויס פון געברויך. אַזוי קומט פאַר עטלעכע מאָל דאָס וואָרט ה„שווייג״, „השוואָג״ — און מיינען מיינט דאָס, אַז יידן האָבן אָפּגעדונגען ביי אַ פּריץ די גאַנצע מילך, וואָס ער האָט פון זיינע קי, און מאַכט פון דעם מילכקעס (קעז, סמעטענע וכו׳) אהער געהערן אַזעלכע ווערטער, ווי „סלאַדזינקעס, יאַרקעלעך״.

אויך פון דעם שטאַנדפּונקט איז דער פנקס אַן אינטערעסאַנטער און באַלערנ־דיקער דאָקומענט.

פאַר די סאָכאַטשעווער יידן אָבער האָט דער כתב יד גאָר אַן אַנדער ווערט: ער דערמאַנט זיי זייער אייגענע פאַרגאַנגענהייט. און צווישן די רשימות נעמען, צווישן די באַשריבענע פּאַסירונגען, וועלן זיי אפשר געפינען זיך אַליין. און אויב נישט זיך, איז זיכער זייערע באַקאַנטע, קרובים און ווער ווייסט, צי טאַקע נישט זייער טאַטע־מאַמען, צי גאָר זיידן־באַבן!

און דער טרוקענער זאכלעכער דאקומענט ווערט אונדז נאענט, היימלעך, ווערט א שטיק פון אונדזער פארשניטענעם עבר, א שטיק פון אונדז אליין!

***

מיר ברענגען דאָ איינעם פון די כאראקטעריסטישע אָפּמאכן, וואָס מיר געפינען אין פנקס. ווארט נאָך וואָרט, נישט ענדערנדיק גאָרנישט, אין די קלאמערן אונדזערע באמערקונגען.

לזכרון דברים איך שביום יום ג׳ דשנת תרס״ט (1909) הוי לפני הר׳ מרדכי פינטשעווסקי ור׳ בינם פרומער מפ״ע (מפה עיר הקדש) וכאשר הר׳ מרדכי פינטשעווסקי הנ״ל נתן קאָנטראקט לר׳ בינם פרומער איך שידור בהדירות שדר בו היום עוד שני (!) שנים מר״ח (ראש חודש) מרחשוון דשנת תר״ע לפ״ע עד ר״ח מרחשוון דשנת תרע״ב לפ״ק בעד 450 רו״ב (רובל) לשנה, אך תנאי הי׳ ביניהם שבאם במשך השני שנים וועט ר׳ מרדכי מאהרען אין דיא צאָהל וויא ער האָט דאָס הויז הנ״ל און וועט האָבן אויסגעשיקעוועט נאָך א געוועלב אז ידור ר׳ בינם פרומער הנ״ל עוד שנה שלישית דהיינו עד ר״ח מרחשוון דשנת תרע״ג לפ״ק בעד ס״ך 450 רו״ב הנ״ל. אך הברירה יהי׳ אז בידי הר׳ מרדכי פינטשעווסקי להחליט עם הר׳ בינם פרומער דהיינו שהרשות לו ליתן לר׳ בינם הנ״ל חנות אחר(!) עם מקום דירה בהבית הנ״ל. אך הצענא(!) של הדירה החדשה עם החנות יהי׳ כפי אשר שרשומו(!) שלשה אנשים הבקיאים השיווי של החנות חדשה עם הדירות וכל זה קבלו קנין אג״ס (אגב סודר) לקיים כפי הנ״ל וגם באו על החתום לקיים כפי הנ״ל.

יום הנ״ל שנת הנ״ל

מרדכי פינטשעווסקי　　　　שמחה בינם בן יצחק מנחם ז״ל פרומער

## מצבת מרת שרה צינא

אשת האדמו״ר ר׳ אברהם בורנשטין מסוכצ׳וב [בעל אבני נזר]
היא בתו של האדמו״ר הק׳ ר׳ מנחם מענדל מקוצק.

נפטרה בסוכצ׳וב כ״ד כסלו תר״ע ושם מנו״כ

שרתי במדינות בת שרף מעופף
רכב אלקים שם סיני בקודש
הדר צדקתה עלי ארץ ינופף
צינה וסוחרה זאת עולת החדש
בת עין תדמע ותזל מים
הרב תאני׳ אל בת השמים
קדוש ה׳ מכובד מפענח נעלמים
מנחם לבית יהודה מקיץ נרדמים
מחברת הקודש גאון עזינו ותפארתנו
קן לחכמה מפתח סגור לבבנו
אשת חיל וחכמה מאד גוברת
צמח צדקתה פורח כגפן אדרת
קדושים יתנו לה יד בין תמימים
זורחת היא בגנזי מרומים
צדקתה תזהיר כאור שבעת הימים
לקום לתחי׳ אחרי שנת שלומים

תנצב״ה

א. חצרוני

# א גייסטיקער צענטער

סאָכאַטשעוו — וועלכער פוילישער ייד קען נישט דעם נאָמען? אויך ווייט איבער די גרענעצן איז דער נאָמען באַקאַנט. אייגנטלעך א שטעטל ווי א סך הונדערטער אנדערע יידישע שטעטלעך אין פוילן. ווער האָט דאָס זי אזוי פּאָפּולער געמאכט צווישן יידן? — דאָס האָט סאָכאַטשעוו צו פארדאנקען דעם רבינס הויף, די רעזידענץ פון די רביס, וועלכע זענען אין דער וועלט באקאנט אויפן נאָמען פון סאָכאַטשעוו. זיי האָבן דאָס טאקע כמעט ווי פארוואנדלט אין א באגריף: סאָכאַטשעווער תורה, סאָכאַטשעווער חסידות!

א באזונדערע הצלחה האָט סאָכאַטשעוו געהאט צו אירע רבנים. אליין א קליין שטעטל, האָט עס אָבער פון אייביק אָן פארשטאנען צו באזעצן אויף כסא הרבנות גאונים מפורסמים. צווישן אנדערע, הגאון ר׳ משה (א ברודער פונעם ש״ך), ר׳ מאיר אשכנזי, דער מחבר פון „פנים מאירות״; שפּעטער דער גאון, ר׳ ליבוש חריף היילפּערן, וואָס פון זיין ישיבה אין אַפּט זענען ארויסגעקומען אזעלכע גדולים אין חסידות ווי דער יוד הקדוש און ר׳ ישעיה פון פּשעדבאָזש. א סברא, אז אויך דער רבי, ר׳ בונם פון פּשיסכע האָט ביי אים געלערנט אין סאָכאַטשעוו; דער גאון און מקובל, ר׳ ליבוש פון קאָרעוו; דער גאון ר׳ אלעזר הכהן פון פולטוסק, אידעם פון ר׳ יעקב מליסע „חוות דעת״. — וואָס איז אייגנטלעך געווען די צוציונגס־קראפט פון סאָכאַטשעוו? — קאָן זיין דאָס, וואָס דאָס שטעטל האט דערמעגלעכט זיינע רבנים צו פירן דאָרט א ישיבה, וואָס די בעלי־בתים האָבן ארויסגעוויזן ליבע און רעספּעקט פאר לומדי־תורה, און האָבן פארשטאנען צו שאפן א היים פאר בחורים וואָס האָבן פארלאָזן זייערע הייזער און געקומען לערנען קיין סאָכאַטשעוו — וואָס מער האָבן דען יענע גאונים פארלאנגט, ווי מ׳זאָל זיי געבן אַ מעגלעכקייט מרביץ־תורה צו זיין?

זעט אויס, אז דאָס איז אויך געווען א וויכטיקער גורם וואָס האָט באוויגן דעם באַוווּסטן עילוי און גאון ר׳ אברהמל באָרנשטיין, אָן אידעם פונעם קאָצקער רבין, ר׳ מענדל צו פארלאָזן זיין רבנות אין נאַשעלסק און אָננעמען דאָס רבנות אין סאָכאַטשעוו, נאָך דער פּטירה פון ר׳ אלעזר הכהן / תרמ״ג — 1883 / און אַט

מיט דעם רב, ר׳ אברהמל, דעם גרינדער פון דער דינאסטיע פון סאָכאַטשעווער חסידות, האָט זיך דאָס שטעטל איינגעקויפט א פּלאַץ אויפן מזרח פון דער יידישער געשיכטע אין פוילן.

מיטן באזעצן זיך פון ר׳ אברהמלען, האָט זיך אָנגעהויבן א נייע עפּאָכע אינעם לעבן פון שטעטל; עס האָט באקומען א צוציונגס־קראפט און געוואָרן אַ צענטער פון תורה און חסידות. עס האָבן אָנגעפאנגען ציען זיך אהער יונגעלייט מיט שארפע מוחות און הייסן דראנג צו שלימות, וועלכע האָבן דערפילט דעם נייעם דרך פון פארשמעלצן תורה מיט חסידות, וואָס ס׳האָט אזוי גרינטלעך און קאָנסעקווענט איינגעפירט ר׳ אברהמל; קאָצקער חסידות וואָס האָט געשטעלט אלץ אויפן שפּיץ פון אמת, און דאָס לומדות און חריפות פון ר׳ יצחק מאיר, דער גערער רבי (הידוש הרי״ם) — פאראייניקט אין א באנייטער און פארטיפטער אויפלאַגע; חסידות וואָס האָט געמיינט: גאנצקייט, די האַרמאָניע פון דער נשמה מיטן גוף,ביידע אין עבודת הבורא. און תורה. — תורת אמת דורך ברור הלכה, האָבן זיך פארשמאָלצן אין אן איינהייטלעכן באגריף אין דעם הייס־גליענדיקן און קריסטאַל־קלאָרן גייסט פון דעם גאון. עס זענען אָנגעקומען אין דעם גרויסן תורה־צענטער בארימטע רבנים, וואָס האָבן שוין פארנומען א חשובן פלאץ אין דער לומדישער וועלט, — זיי זענען געקומען צום ברויזנדיקן תורה־קוואַל, און צוגעבונדן זיך אויף אייביק. אזעלכע גדולים ווי דער קינצקער רב, גאון און פוסק, ר׳ יואב יהושע (מחבר פון „חלקת יואב״), דער גאון פון קראָקע, ר׳ יוסף ענגעל, בארימט דורך זיינע צענדליקער ספרים; דער ווארשעווער ראב״ד, ר׳ יצחק פייגנבוים און אנדערע. אויך גאונים פון ליטע, שארפע מוחות און נאָך שארפערע מתנגדים, זענען געקומען שמועסן און לערנען אָדער מברר זיין הלכות, נישט מאַכנדיק זיך וויסן, אז דער גאון איז גלייכצייטיק א רבי פון הסידים. עס זענען געקומען קעסט־יונגעלייט און לומדישע בחורים וואָס האָבן געזוכט דעם וועג צום לערנען מיט עמקות און שלימות אין חסידות, און זענען דאָרט פארבליבן חדשים און אפילו יאָרן.

אויסער דעם איז אָנגעגאנגען א שטענדיקער בריוו־אויסטויש מיט אלע גדולים פון דער וועלט — פון אלע יידישע קבוצים האָט מען זיך געוואָנדן מיט שאלות און שווערע הלכה־פראגן. און די טויזנטער תשובות וואָס ער האָט געשריבן — און זענען שפּעטער פארעפנטלעכט געוואָרן אין די 7 בענדער „שו״ת אבני נזר״ — זענען אָנגענומען געוואָרן אין דער יידישער וועלט אלס לעצטער פסק. ער איז געוואָרן דער פוסק אין פוילן, אזוי ווי מיט א דור שפּעטער ר׳ יצחק אלחנן פון קאָוונע.

אַבער נישט בלויז רבנים און לומדים זענען געקומען קיין סאָכאַטשעוו, אויך חסידים, סתם יידן פון אַ פּשוטן בלאַט גמרא זענען געקומען. זיי האָבן געוווסט, אז מען וועט זיי נישט צולאָזן צום שיעור וואָס ר׳ אברהמ׳לע האָט געלערנט טאג־טעג־לעך אין בית מדרש אַ גאנצן פארמיטאָג, — און ווען אפילו מ׳וואָלט זיי יאָ צוגעלאָזט,

וואלטן זיי סיי־ווי ווייניק פארשטאנען; גאנץ ווייניק תלמידים האָבן געהאלטן קאָפּ און נאָכגעפאָלגט דעם טיפן שיעור, — אָבער זיי זענען געקומען אלס חסידים, ווייל נישט בלויז א גאון אין נגלה איז געוועזן ר׳ אברהמל נאָר אויך א רבי פון חסידים. ער האָט מיט זיין תורה־זאָגן ביים „טיש״, אָדער בשעתן שמועסן ביחידות, דערהויבן די נשמות, אָנגעצונדן דעם הייליקן פלאָם פון אויפגעהויבנקייט און יראת ד׳.

ער האָט אפילו אָפּגעשטויסן די חסידים וואָס זענען געקומען בלויז וועגן חסידות, אָבער אויך די דאָזיקע וואָס האָבן זיך פארעקשנט און זענען געבליבן, האט ער זיך מיט זיי אָפּגעגעבן מיט ליבע און געטריישאַפט און געלערנט מיט זיי לויט זייער השגה.

עס דערציילט א חסיד: ווען ר׳איז געקומען קיין סאָכאַטשעוו אלס יונגערמאן, צום ערשטן מאָל, האָט דער רבי אים ביים שלום־נעמען געפרעגט: קענסט עפּעס לערנען? — דער יונגערמאן האָט געמורמלט: כ׳לערן חוק לישראל. — טאָ, נאָך וואָס ביסטו געקומען צו מיר? האָט דער רבי געפרעגט מיט פארדעקטן פארדרוס. דער יונגערמאן איז שטיין געבליבן אַ פאַרשעמטער. דער רבי האָט דערפילט דעם יונגערמאנס געפאלנקייט און האָט שנעל צוגעגעבן: שאַט נישט, אויב דו האנדלסט באמונה איז אזוי ווי געלערנט. זענען געקומען יידן און האָבן טאקע געלערנט ווי מען האנדלט באמנוה, ווי מען איז ערלעך מיט יענעם און נאָכמער — מיט זיך אליין; נישט נארן זיך און ארומגיין מיט פוסטע איינרעדענישן, נאָר באַמיען זיך צו זיין א ייד, אַן ערלעכער ייד!

און ס׳איז נישט געווען קיין סתירה צווישן דעם גאון און דעם רבי. ביידע האָבן זיך פארשמאָלצן צו איין גאנצקייט. נגלה און נסתר זענען געלערנט געוואָרן גלייכ־צייטיק, ווי צוויי אויסדרוקן פונעם זעלבן תוך, ביידע זענען דער אויסדרוק פונעם שטרעבן צום אמת; ביים לערנען נגלה איז עס דאָס שטרעבן צו דערגרייכן דעם יסוד פון דער הלכה, ביי חסידות — דאָס גאנצקייט פונעם מענטש, דאָס איינ־שטימיקייט פון דענקען, פילן, רעדן און טאָן (מחשבה, דיבור ומעשה), אָדער ווי ס׳הייסט ביי חסידים: שלימות של נפש, רוח ונשמה.

אזוי איז סאָכאַטשעוו באקאנט אין דער וועלט אלס צענטער פון תורה און חסידות. אין צענדליקער שטעט האָבן זיך באשאפן סאָכאַטשעווער שטיבלעך, ווו ס׳האָבן געדאַוונט, געלערנט און טאקע געמאכט סעודהלעך אויך, די אלע וואָס דער סאָכאַטשעווער דרך האָט זיי אימפּאָנירט און מיטגעריסן. און אז א יונגערמאן, אן איידעם אויף קעסט, אָדער אַ בחור אַ ווילללערנער, האָבן געזוכט אַ חבר צום לערנען אָדער גאָר א רבין, האָט מען געוווסט אן אדרעס: דאָס סאָכאַטשעווער שטיבל. האָבן זיך געשאפן קרייזלעך אין צענדליקער שטעטלעך, וואָס האָבן אפשר גאָרנישט געוווסט ווו סאָכאַטשעוו געפינט זיך, אָבער זיי האָבן זיך געגרויסט מיט האבן א חלק אינעם לערנען אויפן סאָכאַטשעווער שטייגער. ווייל אַ נייער דרך אין לערנען

איז דאָ באַשאַפן געוואָרן, א דרך וואָס שטעלט דעם דגש אויפן תמצית, נישט קיין פשטל לשם פלפול, נאָר בירור הלכה לויט דער טיפער סברה.

אזוי איז סאָכאַטשעוו א גייסטיקער צענטער פאר יידן, אין פוילן, אָנהויבנדיק אַכטציקער יאָרן פון פאריקן יאָרהונדערט, און ס׳איז געבליבן א שם־דבר ביז היינט. ווייל אפילו נאָך דער פטירה פון ר׳ אברהמ׳לען (י״א אדר תר״ע—1910), ווען אַלס זיין ממלא מקום און רבי איז געוואָרן דער איינציקער זון ר׳ שמואל, באקאנט אין דער חסידישער וועלט אלס דער „שם משמואל" אויפן נאָמען פון זיין גרויסן ספר — איז דער שטראָם פון חסידים און תלמידים וואָס האָבן געצויגן קיין סאָכאַטשעוו נישט שוואכער געוואָרן. דער נייער דרך אין תורה האָט געהאַט זיין פאָרזעצונג און פארברייטערונג אין די ממלאי מקום פון ר׳ אברהמ׳לען און אין די הונדערטער תלמידים וואָס האָבן זיין דרך געטראָגן איבער גאָר דער וועלט.

אויך די ישיבה וועלכע האָט אין די לעצטע יאָרן פון ר׳ אברהמ׳לען כמעט ווי נישט עקזיסטירט, צוליב דעם רבינס שוואַכן געזונט, איז דורך ר׳ שמואלן באַנייט געוואָרן מיט גרויס פארנעם, אין איר שפּיץ איז געשטעלט געוואָרן דער יונגער גאון ר׳ ארי׳ צבי פראמער, א תלמיד מובהק פון ר׳ אברהמ׳לען, וועלכער איז שפּעטער באקאנט געווען אלס קאזיגלאווער רב, און ראש־ישיבה פון דער בארימטער ישיבת חכמי לובלין. א פרישער שטראָם תלמידים האָט אָנגעפילט דאָס בית המדרש און „הויף".

אויך ווען סאָכאַטשעוו איז חרוב געוואָרן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, און דער רבי, ר׳ שמואל האָט איבערגעטראָגן זיין הויף, פריער קיין לאָדזש און שפּעטער קיין זגיערזש — איז דער נאָמען סאָכאַטשעוו געבליבן ווייטער אלס קענצייכן פון דעם צווייג אין חסידות, אַלס סימבאָל. און אזוי אויך ביים דריטן סאָכאַטשעווער רבי, ר׳ דוד, דער עלטסטער זון פון ר׳ שמואל, וועלכער איז געוואָרן רבי, נאָך דער פטירה פון זיין פאָטער (כ״ד טבת תרפ״ו — 1926). ער האָט געוווינט אין פארשידענע שטעט, פריער אלס רב אין ווישעגראַד, דאַן שפּעטער, שוין אלס רבי אין אָטוואָצק, פּאַביאַניץ, ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — אין לאָדזש, און נפטר געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ (ח׳ כסלו תש״ג — 1942) — אָבער באקאנט איז ער געבליבן אין דער וועלט אַלס סאָכאַטשעווער רבי. אזוי איז אויך געבליבן דער נאָמען פון דער שטאָט אויפן היינטיקן סאָכאַטשעווער רבין, ר׳ חנוך שליט״א, דער צווייטער זון פון ר׳ שמואלן, וועלכער וווינט אין ירושלים, שכונת בית וגן. סאָכאַטשעווער חסידות האָט איבערגעלעבט די שטאָט סאָ־כאַטשעוו.

פארשטענדלעך אז דאָס לעבן אין סאָכאַטשעוו אליין, איז ווילנדיק נישט־ווילנדיק אריינגעצויגן געוואָרן אינעם ריטעם פונעם לעבן אין „הויף". אין צענדליקער הייזער האָט מען שנעל אריינגעכאַפּט די שבת־סעודה, כדי דער פאָטער זאָל קאָנען גיין צום „טיש". א סך אנדערע זענען בכלל אוועק דאַווענען

אינעם רבינס בית מדרש, און האָבן אינגאנצן איינגעשטעלט זייער פריוואַט לעבן לויט דעם סדר־היום ביים רבין. יונגווארג איז נייגעריק געווען אָנצוקוקן די אָנגעפּאַרענע לומדים, מען האָט זיך געגרויסט מיט זייער באַרימטקייט. אַז ס'האָט אָפּגעגליקט א בחור צו פרעגן א קשיא דעם קינצקער רב, האָט ער זיך געזען אויפן זיבעטן הימל. אַ חלום איז געווען צוגעלאָזט ווערן צום רבינס שיעור. האָט זיך טאַקע פאַרשפּרייט תורה צווישן די סאָכאַטשעווער בחורים און יונגעלייט, און עלטערע יידן האָבן זיך אָנגעשמעקט מיט חסידות.

בעת א צרה ח"ו, אין מען געלאָפן צום רבין, האָט ווער געדאַרפט אַן עצה האַלטן, האָט מען דאַך דעם רבין אין דערהיים. מיט אַ בשורה האָט מען געאיילט צו טיילן מיטן רבין. אזוי איז דער הויף געוואָרן א צענטער פאַר די סאָכאַטשעווער איינוווינער, א שותף צו פריידן און ליידן. קלאָר אז קיין שום כלל־זאַך אין שטעטל איז נישט געטאָן געוואָרן, נישט רעכנענדיק זיך מיט דער מיינונג פון הויף. און כאָטש ר' אברהמ'ל איז שוין מער נישט געווען רב, (ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון רבנות אין דער מיט פון די ניינציקער יאָרן צוליב פאַרשידענע סיבות, און פון דעמאָלט אָן זיך פאַרנומען מיט רביסטווע, מיט תשובות שרייבן און מיט זיינע תלמידים) האָט אָבער דאָס יידישע לעבן אין סאָכאַטשעוו נישט אויפגעהערט צו זיין אונטער דער דירעקטער השפעה פונעם „הויף".

דער „הויף" אליין איז נישט געווען אין צענטער שטאָט, אין דער יידישער געגנט, נאָר כמעט שוין אין עק שטאָט, אין דער גויישער סביבה. באַלד ביים אויפנעמען ר' אברהמ'לען אלס רב, האָבן חסידים נישט געוואָלט מסכים זיין אז זייער רבי זאָל וווינען אין דער קהל'שער דירה, און די שטאָט האָט באַין ברירה מסכים געווען דערמיט — ווי צו באַטאָנען, אז ר' אברהמ'לע איז נישט רב בלויז פאַר דער שטאָט סאָכאַטשעוו אליין — האָט מען אָנגעשלאָגן צו קויפן אַן אלט פּריציש הויז ביים עק שטאָט, אויפן וועג צום שעכטהויז, און די חסידים האָבן עס געקויפט פאַרן רבין. פאַרשידענע לעגענדעס זענען ארומגעגאנגען וועגן דעם אָפּשטאַם פון דעם הויז און די סיבה פון קויפן. ווי ס'ווערט דערציילט, איז איינס פון זיינע יחוסים געווען — דער ריח פון קידוש־השם. אויפן פּלאַץ קעגנאיבער (אינעם גלח'ס גאָרטן) זאָל מען האָבן אמאָל פאַרברענט דריי יידן אויף קידוש־השם.

איז טאַקע דער „הויף" געווען א מין וועלט פאַר זיך. א מאַסיוו געמויערט הויז, מיט גרויסע גרינע פענצטער און הויכן רויטן דאַך. איז עס געשטאַנען א ביסל אָפּגערוקט פון דער גאַס, א בלומען־גערטנדל אין פראָנט, מיט א שטאַכעטן־פּלויט, קאַשטאַן־בוימער און בעז־בוימער, וואָס האָבן אין פרילינג פאַרשפּרייט א פאַרשכורנדיקן ריח. אַ גרויסער פּירקאַנטיקער הויף, ברוקירט מיט שטיינער. פון איין זייט, א גרויס בית־מדרש מיט פענצטער אויף אלע זייטן, די מזרח־פענצטער אינעם גאָרטן אריין. פון דער צווייטער זייט — א קליינע מקוה און א סוכה. א פּלויט האָט אָפּגעשלאָסן דעם צוגאנג פון הויף צום גאָרטן, מיט זיינע געשניטענע שפּאַציר־

וועגעלעך און באַלאַדענע אויבסט־בוימער. אריינקומענדיק אין הויף דורכן קליינעם טירל (דאָס גרויסע טויער איז שטענדיק געווען געשלאָסן), האָט מען זיך געפילט ווי אין אַן אנדערער וועלט. טראָץ דער אומאויפהערלעכער באוועגונג פון די ישיבה־בחורים און צוגעפאָרענע חסידים, איז א שטילקייט געלעגן אויף אלעם, א דרך־ארץ האָט באהערשט די געמיטער. — שאַ, דאָ איז דאָס הויז פון תורה!

אין א יום־טוב אָדער סתם יומא־דפגרא, ווען ס'איז אָנגעקומען א גרויסע צאָל חסידים, און די שטעגלעך אינעם גאָרטן זענען פול געווען מיט גרופּקעס שפּאַצירנדיקע, וואָס האָבן זיך געדרייט ארויף און אראָפּ און געשמועסט אין לערנען, אָדער חסידות — איז די שטימונג געווען א פייערלעכע, ווי ביי א משפחה וואָס קומט זיך צוזאמען אויף אַ שמחה. אָבער דער דרך־ארץ האָט אלעמען באהערשט און געצוימט די ברויזנדיקע פרייד.

דער „הויף" איז אויך געווען א מין פענצטער צו דער גרויסער וועלט. חסידים פון די גרויסע שטעט האָבן מיטגעבראכט מיט זיך גרויסשטאָטישע רחבות, מיט זייערע הויכע שיינע שריימלעך און עלעגאנטע זיידענע קאַפּאָטעס. דער שטענדיקער פארקער פון חסידים, קומענדיק פון נאָענט און וווייט, האָט געבראכט צו א דערנענטערונג פון מרחקים. מען האָט זיך געטראָפן, באַפריינדעט, און טיילמאָל אויך שידוכים געשלאָסן. אמאָל אויך צווישן א סאָכאַטשעווער בעל־בית מיט א צוגעפאָרענעם חסיד, אָפּטער נאָך — מיט א בחור פון דער ישיבה.

נישט בלויז א גייסטיקער קוואל און שטאָלץ איז געווען דער „הויף" פאר סאָכאַטשעוו, ס'איז אויך געווען א חשובער מקור פון חיונה. דער „הויף" אליין איז געווען א גוטער קונה פאר צושטעלער מכל המינים, געוועלבער און בעלי־מלאכה. צוגעפאָרענע חסידים האָבן געברויכט סטאַנציעס. נישט ווינציק בעלי־בתים האָבן אויסגענוצט א יום־טוב אויף צו פארדינען אן איבעריקן קערבל, דורך ארייננעמען חסידים. עס האָט אויסגעזען אין שטעטל ווי א יידישער יריד.

נישט שטענדיק זענען די באציונגען צווישן שטעטל און „הויף" געווען האַרמאָניש. עס האָבן זיך אויך געמאכט רייבונגען. יונגוואַרג האָט זיך געבונטעוועט קעגן דער דאָמינירנדיקער שטעלונג פונעם „הויף". ציוניזם און סאָציאַליזם האָבן געזען אינעם „הויף" א נאטירלעכן קעגנער. ווען ס'האָט זיך געהאנדלט ביים אויפנעמען אַ רב (און זייט ר' אמרהמ'ל איז ביים סוף נײַנציקער יאָרן געוואָרן אויס רב — האָבן זיך עטלעכע מאָל געטוישט די רבנים), אָדער ביים אויפנעמען א שוחט — האָבן זיך צעפלאַקערט די געמיטער, און ס'האָבן זיך געשאפן צדדים און טייל־מאָל זיך צעשפּילט א מחלוקת, מיט אלע אירע נעגאַטיווע באַגלייט־דערשיינונגען. דאָס בילד וואָס איז אזוי גוט באקאנט אין די פוילישע שטעטלעך. אָבער ווען די געמיטער האָבן זיך בארואיקט, האָבן זיך ווידער איינגעשטעלט נאָרמאלע באציונגען מיטן „הויף".

דריי צענדליק יאָר — ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט

זיך געפירט דער „הויף" אין סאָכאַטשעוו אָפּגעזונדערט און דאָך פארבונדן מיט אומציייליקע פעדים צום יידישן לעבן אין סאָכאַטשעוו.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז געקומען א סוף צו א תקופה אין פוילישן יידנטום. דאָס לעבן האָט זיך פארענדערט נישט צום דערקענען. דאָס האָט אויך גורם געווען צו גרויסע ענדערונגען אין „הויף". צוליב דער מלחמה און שפעטער דעם חורבן פון שטעטל, האָט זיך ר' שמואל באזעצט קודם אין לאָדזש און שפעטער (אין יאָר תרע"ה — 1918) אין זגיערזש. די ישיבה האָט זיך אויפ־געלייזט, דער בית־המדרש איז חרוב געוואָרן בשעת די קאַמפן, אויך דאָס הויז איז שטארק באשעדיקט געוואָרן. אפילו ווען ס'שטעטל האָט זיך אָנגעהויבן צוריק־צושטעלן, נאָך דער מלחמה — אָבער דער „הויף" איז ווייטער געבליבן אין זגיערזש. אויך שפעטער, אין צייט פון דריטן סאָכאַטשעווער רבי, ר' דוד, האָט זיך מער נישט צוריקגעקערט קיין סאָכאַטשעוו. אָבער דער נאָמען סאָכאַטשעוו איז געבליבן אויף דעם חסידות־צווייג אויף אייביק. נישט קראשניעוויטץ, וווּ ר' אברהמ'ל האָט אָנגעהויבן פירן רביסטווע, נישט נאַשעלסק, וווּ ס'האָט זיך באזעצט ר' שמואל, און נישט פאביאניץ, וווּ ס'האָט געווינט ר' דוד, האָבן זיך נישט פארבונדן מיטן נאָמען פון די חסידות — סאָכאַטשעוו אליין האָט זוכה געווען צו פאראייביקן זיך און אויף איר נאָמען ווערט אָנגערופן דער בארימטער, אייגנאַרטיקער חסידיש־לומדישער צווייג פון קאָצקער חסידות.

סאָכאַטשעוו אלס שטאָט איז חרוב געוואָרן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה — אָבער ס'האָט זיך צוריק אויפגעבויט. דאָס יידישע סאָכאַטשעוו איז ענדגילטיק חרוב געוואָרן דורך די נאַצישע בעסטיעס. און ס'איז מער נישטאָ, א שטיק פון זיין גייסט האָט זיך דערהאלטן אינעם סאָכאַטשעווער חסידות, דער איינציקער טרעגער פון איר נאָמען און איר לעבעדיקער זכר.

אליעזר שטיינמאן

# דער קול און בת־קול

(קאצק און סאכאטשעוו)

### א.

## סאכאטשעווער נוסח אין חסידות

דער בעל שם טוב איז געבוירן געוואָרן אין יאָר ת״ס, רבי אברהם סאָכאַטשעווער איז נפטר געוואָרן אין תר״ע. אינצווישן, צוויי יאָרהונדערטן, בערך, האט די פאָן פון מלכות חסידות געפלאַטערט הויך און מוטיק און דער חסידישער כוח היצירה האָט כמעט ווי נישט אויפגעהערט צו שפרודלען. אין קאָצק פלעגט מען זאָגן, אז ביז דעם היהודי הקדוש איז אלץ אין חסידות געווען אַ פירוש אויף דער תורה פון בעל שם; פון דעם יהודי הקדוש און ווייטער — איז אלץ אַ פירוש אויף פשיסכע. אויב אזוי, לאזט זיך דענקען, אַז רבי אברהם סאָכאַטשעווער איז דער לעצטער גרויסער פרשן פון פשיסכע, דאס מיינט ,פון חסידות איבערהויפט. דער יהודי הקדוש איז נפטר געוואָרן אין יאָר תקע״ד. האָבן מיר אַ קיימא לן פון צוויי צייט־אפשניטן: פון ת״ס ביז תקע״ד, און פון תקע״ד ביז תר״ע. ווי דער היהודי הקדוש איז דער ערשטער הויך־פונקט פון פשיסכע, אזוי איז דער סאָכאַטשעווער געווען איר לעצטער.

מלכות חסידות האט אויפגעשטעלט אַ הימל מיט הויכע נשמות און אונדז באַרייכערט מיט אַן אוצר פון גרויסע גוטע יידן. אמתע חסידים האבן ניט געלויבט זייערע רביים, אז זיי זענען גרויסע לומדים, אָדער גרויסע חכמים, אפילו ניט גרויסע בעלי־מופתים — פשיסכע דערהויפט האט ניט געהאַלטן פון מופתים — נאָר מ׳האָט געזאָגט אויף זיי איין שבח: אַז זיי זענען גוטע יידן, פרומע און ערלעכע גאָטספּאָרכטיקע יידן. ווארעם וואס איז דען חכמה אָן יראת שמים, ראשית חכמה? און איז דען לומדות אַ גרויסע רבותא? דער שטן להבדיל, דער יצר־הרע רחמנא ליצלן, קענען אויך באַווייזן לומדישע קונצן. דער עיקרשט זענען דאָך גוטע מידות. איז מען אַ בעל־מידות איז מען ממילא אויך אַ בעל־מדריגות אין תורה און אין חכמה. אַ בעל־מידות לערנט אנדערש, נאָר פון כבוד התורה

וועגן, לשמה; און דער שניט פון זיין שכל איז גאר אן אנדערער. ער איז זיך מתכוון נאָר למען האמת.

ווייל חסידים האבן זיך ניט געצאַצקעט מיט לומדישקייט און ניט שטארק געהאלטן פון חריפות, האבן מתנגדים און אפילו ניט־מתנגדים זיך ארומגעטראגן מיט דער דעה, אז די חסידישע רביים זענען קנאפע בני־תורה. אַ דעה, וועז מען קלאַפּט זי אריין אין די קעפּ, איז שווער זי ארויסצורייסן פון דאָרטן. זי איז עלול אנצוהאלטן דורות־לאנג. אזוי האט טאקע פאסירט מיט דעם פאלשן קלאנג אויף די רביים. דער אמת איז גראד פארקערט. אַ גרויסער רבי איז אלעמאל געווען אַ גרויסער למדן. זענען דאך אלע רבנים געווען גאונים, אזוי אויך ניט אלע גוטע יידן. אבער די גרויסע און בארימטע גוטע יידן, ווי די גרויסע און בארימטע רבנים, זענען געווען מלא וגדוש מיט תורה. דער בעל שם, למשל, אויף וועלכן די וועלט האט זיך שוין טועה געווען בנוגע זיין למדנישקייט, מחמת ער איז געווען אויסבאהאלטן אין אלע זיינע גענג, איז אין דער אמתן געווען אויך אין נגלה אַ חריף און בקי. ביי אים איז דאך ניטא קיין איין מימרא, קיין ווארט אדער גלייכווערטל, וועלכע האבן ניט קיין פארצווייגטע רמזים אין די מקורות פון ש״ס און פוסקים, זוהר און חקירה אדער מוסר ספרים. גרויסע לומדים זענען אויך זיינע צוויי הויפּט־תלמידים, ר׳ יעקב יוסף דער בעל התולדות און דער מעזריטשער מגיד. אַ גרויסער בקי און חריף אין נגלה איז געווען רבי פנחס קאריצער, אַ פשיטא שוין רבי שמעלקי פון ניקעלשבורג. גרויסע לומדים זענען אויך געווען רבי לוי יצחק בערדיטשעווער, דער קאזשעניצער מגיד, מכל שכן רבי שניאור זלמן דער גרינדער פון חב״ד, דער רבי אלימלך, דער יהודי הקדוש, דער קאָצקער, רבי חיים סאַנדזער, רבי אברהם טשעכאַנאָווער און פיל אנדערע אדמו״רים.

קאן מען זיך שוין פארשטעלן רבי אברהם סאָכאַטשעווערס גרויסקייט אין תורה, ווען ער, אַ חסידישער רבי, האָט געשמט אפילו אין דער מתנגדישער וועלט אלס דער גדול הדור און שר התורה. איבער דעם סאָכאַטשעווערס למדנות זענען גאר קיין חילוקי־דעות ניט פאראן. ער איז אַן עילוי שבעילויים, ווי אלע האבן געזאגט אויף אים, בפה אחד. אלס אַ וואונדער־קינד האט ער זיך קונה שם געווען, און אַ וואונדער־מענטש איז ער אין אלע זיינע דרכים.

פאראן גדולים, וועלכע זענען גרויס דורכדעם, וואס זיי ווייזן אַ נייעם שניט אין תורה אדער אין חכמה, אין הנהגה אדער אין מידות. און פאראן גדולים, וועלכע זענען אפשר נאך גרעסער, ווייל זיי ווייזן גאר ניט קיין נייעם שניט. זיי זענען אין פלוג דורכשניטלעכע לויט זייער גאנצער האלטונג און התנהגות. אבער זייער גרויסקייט באשטייט אין זייער כוח המעצור, אין זייער טיפער חכמה צו גיין מיט שטילע און עניוותדיקע טריט, אין זייער קענען איבערזאָגן דאָס אלטע מיט אַ נייעם חן, אין זייער אויסגעהיט זיין פון אנדערשקייט. זייער חידוש איז, וואָס זיי מיידן

אויס חידושים, כדי מען זאָל זיך אויף זיי ניט חידושן. כאָטש זיי זענען אליין גרויסע רביים שטייען זיי, ווי לאנג נאָר זיי קאָנען, ערגעץ־ווו אין שאטן, און זענען תלמידים. זיי האַלטן זיך אָפּ צו זיין משפיעים, ווייל בעסער און ערלעכער איז צו מקבל זיין שפע.

רבי אברהם סאָכאטשעווער, ווי גרויס ער איז געווען אין נגלה און אין נסתר, האט זיך יארן־לאנג געטוליעט צו אנדערע. זיבן יאָר איז ער געזעסן ביי דעם קאָצקער זיין שווער און פון אים געלערנט תורה און מידות. נאָך דעם קאָצקערס פטירה איז ער געוואָרן אַ כפוף צו דעם בעל „חידושי הרי״ם". נאָכדעם איז ער געווען אַ געטרייער תלמיד פון רבי חנוך העניך, דער אַלעכסאַנדראָווער רבי.

דערביי האט ער אַלעמאָל געטענהט, דאס זיין גאַנץ לעבן ציט ער יניקה פון קאָצק. ביי זיין אייניקלס בר־מצוה האט ער געזאָגט: עד היום האָב איך ניט פארגעסן קיין איין ווארט פון קאָצק.

זיין אַ מקבל־שפע, ווען מען איז אליין אַ גרויסער בעל־שפע, איז ניט נאָר אַ שיינע מידה, אַ סימן פון עניוות, נאר אויך אַ באווייז פון גדלות המוחין, פון קראפט. ס׳איז דאָך אַ גבורה מקיים צו זיין דעם פסוק פון שיר־השירים „אם תעירו ואם תעוררו את האהבה עד שתחפץ", ניט אויפצוּוועקן די אייגענע גדלות ביז ס׳קומט די צייט אויף איר, הערן און זען, ווייסן אַ סך און שווייגן. מיט דעם כוח השתיקה און מיט דער חכמת ההכנעה איז באשאָנקן געווארן רבי אברהם. האָט דאָך טאקע דער קאצקער אויף אים געזאגט נאך קינדווייז: „צווישן צען טויזנט גבורה־לייט זע איך ניט אזא גבור, ווי אברהם׳ניו. די דאקטוירים קאנען זיך גאר ניט משער זיין, ס׳ארא שטארקע כלי׳ער וועט ביי מיר ארויס". דאס איז געזאגט געווארן בשעתו מכוח דעם קו הבריאות פון דעם יינגן עילוי, וועלכער איז פון קינדווייז־אָן געווען אַ חולה מסוכן און געשפיגן מיט בלוט, אזוי אַז חסידים האָבן נאָך אין לאנגע יאָרן ארום געזאגט אויף דעם סאָכאָטשעווער, אז ער אָטעמט מיט די קאָצקער לונגען. אָבער רבי מנחם מענדלס זאָג וועגן זיין פלא־פלאים׳דיקן איידעם איז חל אויך אויף זיין דרך אין רוחניות.

ר׳ אברהם איז געווען אַ גבור לויט זיין מהות און שטייגער, לויט זיינע השגות און זיין האנדלען, לויט זיין שאַרפער תפיסה און בנעימות׳דיקער צוריקגעהאלטנקייט, לויט זיין כוח התורה און ברייטן פארנעם אין חסידות, לויט זיין התמדה אין לערנען, וועלכע האט אים ניט געשטערט אויך צו זיין אַ גרויסער בעל־מעשים. נאָך מער וועקט אין אונדז באוואונדערונג זיין גבורה צו גובר זיין אין זיך די פארשידענע און אויך קעגנערישע כוחות, וועלכע האָבן אין אים געברויזט. וואָס ביי אנדערע איז סתירות איז ביי אים שלימות; וואָס ביי אנדערע האָט גורם געווען צו אַ שווער געמיט און אַ געבראָכן הארץ איז אים געגעבן געוואָרן אלס ישוב הדעת און לויטערקייט אין דער נשמה. באדארפן מיר ניט זוכן ווייט. טאקע דער קאָצקער אַליין. ער איז דאָך שוין ניט געווען כמעט

קיין בשר ודם נאָר אַ שטיק לעבעדיקער וועלט־טרויער, אַן איוב ביי וועמען מען האט ניט אוועקגערויבט די שאף און רינדער און חרוב געמאכט זיין הויז און אויסגעהרגעט זיינע קינדער, נאָר וועלכער איז דערציטערט געוואָרן פון זיין גרויסע יראת־שמים און איז שטיין געבליבן אַ פאַרציטערטער קעגן זיינע צאן קדשים, אָפט מאָל שטום אָן לשון, נאָר מיט אַ געבייזער און אַ וויי־געשריי. רבי אברהם איז געשטאנען אַ צוגעטוליעטער צו זיין גרויסן רבין — און דאָך איז ער געבליבן אַ רואיקער הן אין חיצוניות הן אין זיין פנימיותדיקייט. איז דאָס דען ניט קיין וואונדער?

רבי אברהם קוקט אויס ווי אַ דאָפּלטער וואונדער: ער איז תמיד ער, און דאָך איז ער גלייכצייטיק אַ שטיק קאָצק. דורכגעמאכט דעם גאנצן קאָצקערס דרך, און ארויס אויף גאר אַן אנדער סטעזשקעלע, וועלכע האט אים געפירט צו ישוב הדעת און צו ישוב העולם, צו אויסלעבן זיך בציבור און צו זיין אַן איבערגעגעבענער ראש־ישיבה צו זיינע תלמידים. נאָכמער רבותא: דער קאָצקער האָט זיין ליבן איידעם און תלמיד דערצויגן פון זיינע פריסטע יאָרן — ביי פערצן יאָר האָט רבי אברהם חתונה געהאט און געזעסן אויף קעסט ביי זיין שווער ביז דעם שווערס פטירה — און רבי מנחם מענדל האט געלערנט מיט זיין איידעם שטייגער פון התנהגות. ער האט צו אים אזוי געזאגט בשעת דער עולם חסידים האט אין אַ גרויסן געדראנג זיך געשטופט און געריסן צו אים: „זע נאָר, אברהמניו, וואס פון מיר איז געוואָרן. ווען איך בין יונג געווען האָט דאָס ערב־רב ניט געהאט קיין דריסת הרגל ביי מיר. און איצט וואס איז פון מיר געוואָרן? זע אברהמניו, דו זאָלסט זיך כאָטש בעסער אויסארבעטן".

רבי אברהם האט טאקע זייער פיל אויף זיך געארבעט און לויט דעם קאָצקערס נוסח. יאָרן לאנג האָט ער זיך אויסגעהיט פון פראַווען רבישקייט. ער איז געפארן צו אנדערע רביים, כדי מען זאל צו אים ניט פאָרן. איז געזעסן על התורה ועל העבודה און געפאָלגט דעם קאציקערס עצה וואס ווייניקער זיך אריינלאָזן אין חסידות, כדי ס'זאָל אים ניט שאדן צום לערנען. דער קאָצקער האָט געהאלטן, אז אזא טייערע כלי, ווי ר' אברהם, איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ, אויך רבי חיים סאנדזער, אליין אַ גאון אין נגלה, איז געווען נתפעל פון דעם יינגן עילוי'ס גדלות אין תורה. פיר יאָר בערך נאָך דעם קאָצקערס פטירה האָט רבי אברהם פארלאָזט זיין שווערס הויז און אנגענומען רבנות אין פאַרטשעוו, כדי אויסצומיידן רביות. אבער גראד אלס רב האט זיך רבי אברהם ארויסגעוויזן אַן עכטער קאָצקער. ער האָט געשטעלט שטענדיק אויף זיינעם אין ענין פון כבוד התורה און פון הדרכה אין קהלישע ענינים, ער האט בשום אופן ניט געוואלט מוותר זיין אויף דעם אמת. אַ רב, אַז ער מישט זיך און זאגט דעות און איז ניט קיין פשרן, איז ער אַ נרדף. רבי אברהם, דער גרויסער עניו און מתמיד אין לערנען, האט געהאט אויסצושטיין אַ גרויס מחלוקת אויף זיך ניט נאָר אין

פארטשעוו, אויך אין עטלעכע אנדערע שטעט, אין וועלכע ער איז געזעסן נאָכאנאנד על כסא הרבנות. איז דאָך אפילו רבי לוי יצחק, דער גרויסער אוהב ישראל, געווען גערודפט אין עטלעכע שטעט, ביז בערדיטשעוו האט אים אויפגענומען פאר אַ רב, און ערשט דארט איז ר׳ לוי יצחק געוואָרן באליבט און געשעצט. דאָס נעמלעכע איז געשען מיט רבי אברהם ווען ער איז געוואָרן רב אין סאָכאַטשעוו. ערשט דארט איז ער געקומען צו זיין ריכטיקן אָרט און צו זיך. דערפון איז געדרונגען, אז דער מאמר אין פרקי אבות „ניטאָ קיין מענטש, וואס האט ניט זיין אָרט״ — באדארף מען פארשטיין טאקע על פי פשט ממש. יעדערער קומט צו זיך ערשט ווען ער קומט אָן אין דער ריכטיקער פאר אים שטאָט. אזוי ווי אַ מענטש האָט אַ שורש־נשמה האָט ער אויך אַ שורש־מקום. רבי אברהם און סאָכאַטשעוו זענען געווען, קענטיק, אַ ריכטיקער זיווג. אַ פרייד פאר רבי אברהמ׳ן, אַ לויב צו דיר סאָכאַטשעוו.

נאָכדעם, ווי רבי אברהם איז געוואָרן אן איינגעזעסענער און אָנגענומענער רב, איז ער אויך אויסגעוויילט געוואָרן דורך אַ מנין חסידים פאר אַ רבי. כאָטש ער האָט זיך יאָרן־לאנג אויסגעהיט פון רביות האָט אים דאָס ניט געהאָלפן. ווען מען איז געבוירן אַ גוטער ייד, מוז מען זיין. וויל מען יא, וויל מען ניט — מען ווערט. די וועלט זאָגט: זיי. ווערט מען. זאָגט יענער: כ׳וויל ניט, כ׳קען ניט! טענה׳ט מען צו אים: דו מוזט, דו קענסט. ווילסט אַ עניו זיין? צי דען ווייסטו ניט, אַז ס׳איז פאראן ניט קיין כשרע עניות. ס׳קומט אַ שעה, ווען מען טאָר ניט זיין קיין עניו.

אין יאָר תר״ל איז די דאָזיקע שעה געקומען צו רבי אברהם׳ן און אים באפוילן: זיי! רבי חנוך העניך, דער אלעקסאנדראָווער רבי, איז נפטר געוואָרן. רבי חנוך העניך איז געווען אַ ציטריקער, אויף לירישע סטרונעס שפּילנדיקער, המשך פון קאָצק. דער קאָצקער איז נפטר געוואָרן אין יאָר תרי״ט. איצט אין תר״ל איז שוין רבי חנוך העניך אויך ניטאַ. און ווער איז נאָך אזוי קאָצק, ווי רבי אברהם? מוז רבי אברהם ווערן רבי. דעם אלטן רבינס ילד השעשועים, דער תכשיט זיינער, וועט זיין אַ ממשיך, אָפּהיטן דאָס פּיירל פון קאָצק.

ס׳איז אפילו אַ ביסל משונה׳דיק. קאָצק האָט געלערנט אימה ופחד פאר אוועקזעצן זיך אויף אַ שטול. און גראָד פון קאָצק גייט ווי ארויס אַ באפעל: זעץ דיך! אזא ריס אין הארצן, אזא ציפּ ביי דער נשמה, קאָן אויפברויזן און צערודערן, אָבער ניט דעם מיושב׳דיקן און געלייטערטן רבי אברהם׳ן. זיין גייסט איז געווען הארמאניש. זיין שארפער שכל האָט ניט פארשארפט די קאנטן, נאָר פאַרקערט: אָפּגעהאַקט זיי, פאַרגלעט, פארענטפערט וואָס האַרב איז. דער אויסוועג איז געווען ווי אָנגעצייכנט פאָראויס. האָט אים דאָך דער קאָצקער איינמאל געזאָגט: אויב דיר איז באשערט צו זיין אַ רבי, זאָלסטו אָנפירן נאָר מיט אַ קליינער עדה. לויף אוועק, אברהם׳ניו, פון דעם המון. האלט זיך ביי

יחידים. ווען דער מנין איז אַ קלײנער, דאוונט זיך געשמאקער און מען שפּאָרט אויך אפ צייט צו לערנען. וואָס גרעסער דער קהל מער ביטול תורה. וואָס קלענער דער קיבוץ גרעסער די שלוות הנפש.

אָט אזוי בלייבט דאָס. נאָך אַ לענגערן ישוב־הדעת האָט דער סאָכאַטשעווער געגעבן זיין הסכמה צו ווערן רבי, מיט אַ תנאי צולאָזן צו זיך גאר ווייניק חסידים און נאָר בני־תורה, ווידער אויפהאלטן זיין ישיבה און זיך זעלטן אָפּרייסן פון מרביץ תורה זיין צוליב טיש פראווען און עצות געבן.

דערמיט האט רבי אברהם איינגעפירט אַ נייעם נוסח פון גוטיידישקייט, זיין אייגענעם און אייגנארטיקן, וואָס איז פאר אים נאָך ניט געווען און נאך אים יא. דאָס איז אַ נוסח פון תורה־גוטיידישקייט, פון חסידים ווילערנערס און פון תלמידים מתמידים סיי אין תורה סיי אין יראת שמים. אין דעם יסוד פון דעם דאָזיקן נוסח איז געלעגן דער קאָצקישער דראנג נאָך אַ יחידישן דרך און די שטארקע תשוקה צו מגדל זיין בני עליה, די ווייניקע און גערעטענע, די תכשיטים, די גרויסע בעלי־מוחות. דער קאָצקער האָט דאָס געמאכט אויף זיין שטייגער: דורך קולות און ברקים, דורך וועלטן־איינרייסן, דורך טענות און מענות און נצחנות־פירן חס ושלום מיט דעם רבונו של עולם, דורך ארומקריגן זיך מיט דער גאנצער וועלט און מיט זיך גופא. נוסח רבי אברהם איז אָן רעש, און ניט ביד חזקה, נאר בהדרגה און בלחש, מיט דעם כוח התורה און דורך גרויס סבלנות. אויב כעס און ביטערניש זענען אַ לייטער צום הימל, איז דאָך די תורה אוודאי און אוודאי אַ לייטער. דאָס איז נוסח סאָכאַטשעוו; רבי אברהם׳ס אויפטו: ער, וועלכער האט זיך פארנומען אויף דעם דורכשניט האָט אויסגעשניטן דווקא אן אייגענעם דרך. סאָכאַטשעוו זאָגט: אַ חסיד לערנט גוט. אַז מען לערנט גוט קאָן מען קומען צו דער מדריגה פון אַ חסיד. ווארעם וואָס איז דען אַ חסיד? אַ בעל־מידות טובות. און די תורה פאַרפלאנצט אין אונדז גוטע מידות. פאַראן אַ סך וועגן אין עבודת הבורא, האט רבי אברהם געזאגט, דער זיכערסטער פון זיי איז די תורה. נאר די תורה פירט ארויס דעם מענטשן אויף דעם דרך הישר, מאכט ליכטיק זיין פנימיות און פארשאפט אים בטחון. רבי אברהם איז טריי צו זיין שיטה, אַז די עכטסטע מדריגה איז צו זיין אַ מקבל שפע. אין תורה איז מען שטענדיק אַ מקבל. מע מוז זיך באמיען זי צו פארשטיין און זי ווערט אונדז אלעמאל געגעבן, ווי מיר זאָגן ברוך אתה ה׳ נותן התורה. נותן מיינט איצט. ניט נתן אין דעם אמאל. די תורה, זאָגט רבי אברהם, איז איצטיק. ווי די חכמים האָבן געשריבן אז ווען איינער זיצט און לערנט תורה, זיצט דער אויבערשטער אים קעגנאיבער און לערנט מיט מיט אים. לפי הערך פון דעם מענטשנס כוח הקליטה נידערט אראפ אויף אים דער שפע עליון. כל זמן אַ מענטש לערנט תורה איז ער אַ מקבל און קאן גאר ניט קומען צו קיין גאוה. עניווה איז דאָך

די שאַצקאמער פון אלע גוטע מידות. ממילא איז אַ למדן אַן עניו. איז דאָך געדרונגען, אַז די תורה איז די בעסטע דערציערין און וועג־ווייזערין.

אט אזוי קאָנען מיר זאָגן, אַז תורה־חסידות איז אַ סאָכאַטשעווער אויפטו. חסידים ווויללערנערס און רביים מופלגים בתורה זענען געווען אַ סך. אבער סאָכאַטשעוו האט געשטעלט דעם טראפ אויף תורה׳דיק חסידות אין דעם זין, דאס די תורה איז אַ באשיצערין אויך קעגן דער חריפות און פארשפיצטקייט פון חסידות. וואס שארף און פארשפיצט קאָן ברענגען שאדן. קאָצקער שטורעם און דראנג האט איבערגעלאזט נאָך זיך אַן אפענע וווּנד: צעשטורעמטע גייסטער, אויפגעברויזטע הערצער, צעבראכענע געמיטער. סאָכאַטשעוו האט מיט שטילער חכמה צוגעטיילט די אור־אלטע רפואה: תורהדיקע חסידות. תורה שטילט איין שטורעמס. דאס איז דער מיין פון נוסח סאָכאַטשעוו.

## ב. קאצקער שורש

ס׳איז ניט צום פארהוילן: חסידות איז דורכגעוועבט מיט נסים און מופתים. זי איז אלעמאָל געווען אי דאיק אי דאָרטנדיק, אי דיוועלטיק אי יענעוועלטיק, זיך געריסן הויך איבער דער וועלט אין די עולמות העליונים און ווייטער ארויס פון דער וועלט מחוץ לדרך הטבע. זי האָט אפילו פארמאָגט שרפים, וועלכע האבן געוואלט פאר־ברענען די וועלט. אָבער אין חסידות איז אלעמאָל געווען אַ מדריגה פון אצילות, וועלכע איז אינגאנצן אויסגעטאָן פון פראַווען אותות ומופתים. די גרויסע בעלי־מוחות זענען דאָך שוין ממילא אַ שטיק נס. די אמת׳דיקע בעלי השגות אין חסידות זענען אזוי ארייגעטאָן אין זייערע השגות, אַז זיי האבן שוין ניט געפירט קיין שום מערכה מיט דער טבע און מיט עולם הזה׳דיקע ענינים. רבי נחמן בראסלאווער, רבי צדוק לובלינער, רבי אברהם טשעכאנאווער, וועגן זיי לאָזט זיך גאָר ניט ריידן מיט דעם נסים ונפלאות לשון. דאָס זעלבע איז מיט רבי אברהם סאָכאַטשעווער. ער געהערט אויך צו יענע תורה־גאונים, וועלכע האָבן געשוועבט העכער פון די וועלט־זאָרגן. אין סאָכאַטשעוו איז די דאָזיקע העכערקייט דערגאנגען צו אזא מדריגה, אַז זי אליין איז שוין געווען אַ מין דרך הטבע. רבי נחמן האָט געפירט מחלוקת, איז געווען ברוגז מיט דער וועלט, ס׳האָט אין אים געברויזט אַ קדושה׳דיקער כעס. רבי צדוק לובלינער און רבי אברהם טשעכאנאָווער זענען געווען אפגעזונדערט, זיך אויפגעפירט ווי נזירים. זיין אפגעשיידט איז אויך אַן אקעגנשטעלונג. דער סאָכאַטשעווער איז אפילו ניט געווען קיין אפגעזונדערטער און קעגנשטייער. ער איז איינגעהילט אין אצילות. ניט אַ פייער־וואנט איז געשטאנען צווישן אים און דעם קהל, נאר אַ מחיצה פון קרישטאל. רבי אברהם האָט ניט געפייערט אויף קיינעם און ניט געברענט קיין וועלט. זיין התלהבות איז אַ געדעמפטע, זיין פארטראכטקייט אַ באהאַלטענע, זיין ווידערווילן אַ זייער צארטער, זיין עמקות אַ שטיל־שטראלנדיקע, זיין אפגעפעמדט זיי אַ פארהוילענער. ער איז

אזוי אייגנארטיק, ווייל ער איז גלייכארטיק, ער איז אַ טיפזיניקער רבי, ווייל ער איז גלייכצייטיק אַ גרויסער רב, אַ שר התורה.

דאָס איז נוסח סאָכאַטשעוו. וואָס אנדערע האָבן דערגרייכט דורך שווערער מי און געוואלטיקער ראנגלעניש מיט זיך און מיט די ארומיקע, האָט דער סאָכאַטשעווער באקומען אלס מתנה, אין דעם זכות פון זיין הארמאנישקייט. מען זעט גאר ניט זיין ביטערע האַרעוואַניע. ער רייסט ניט איין קיין וועלטן, ניט ווייל ער האט באמת ניט איינגעריסן. ס׳איז שווער צו גלויבן, אז מדריגות באקומט מען אָט אזוי פון זיך. שלימות קאָסט טייער. נאָר וואס דען? אזוי ווי ס׳איז פאראן גאונישע קעפ, אזוי זענען פאראן גאונישע הערצער. גאונישע קעפ זאמלען אָן וויסן און ס׳איז גאָר ניט צו וויסן ווען און ווו זיי מאכן דאָס. ניט ווייל ס׳קאָסט זיי ניט קיין מי, נייערט ווייל די מידה פון אַ גאון איז אָפטאָן די שווערע און שווארצע ארבעט אין דער שטיל, קיינער זעט און הערט דאָס ניט. זיי דערלאזן גאָר ניט, אַז פרעמדע אויגן זאלן קוקן אויף זיי. בשעת אמת׳דיקע כוהנים דוכענען טאר מען ניט קוקן אויף זיי. גאונים זענען תמיד נסתרים. דער נסתרדיקער דרך איז אלעמאָל געווען געטראָטן אין חסידות. האָט דער סאָכאַטשעווער דעם דאזיקן דרך דערפירט צו אַ שלימותדיקייט.

אין נוסח־סאָכאַטשעוו שפּיגלט זיך אָפּ ניט נאָר דער מהות פון רבי אברהם׳ן. ניט נאָר זיין לויטערקייט, זיין חריפותדיקייט, זיין אצילות׳דיקער גאנג. אין רבי אברהם׳ס דרך זעען מיר בולטע שטריכן פון פוילישן שטייגער אין חסידות. ניט אומזיסט האָט דער בעל חידושי הרי״ם אויף אים געזאָגט, אַז ער איז דער שפּיגל פון דעם דור. עס לאָזט זיך אויך זאָגן, אַז אין אַ געוויסער מאס קאָן דער סאָכאַטשעווער דינען אלס אַ שפּיגל פון פוילישן אַרט און שטייגער אין חסידות.

ניט צו פארגעסן: כאטש חסידות איז אַ קוואל, וואָס שלאגט פון אונדזער אורבאגין, פון אונדזער אמאָליקער גאָט־גלוסטונג, פון פארצייטיקער דביקות אין דעם גאָט פון אונדזערע אבות, האָט זי דאָך באקומען אין משך פון דורות פארשידענע קאָלירן, לויט די לענדער און צייטן, דורך וועלכע זי האָט פארבייגעשטראָמט. אַ טייך פּאַסט זיך צו צו דער לאַנדשאפט צו באַרג און טאָל, וואַלד און בוים, צו די באשעפענישן וועלכע גייען אויף זיינע ברעגעס און צו די פייגל, וואָס פליען פון אויבן. פאראן אוקראינער חסידות, גאליציש חסידיש, אונגאריש און פויליש חסידיש. פויליש חסידיש איז געוואָרן אַ שם־דבר נאָך פון לובלין און קאזשעניץ און רימאַנאָוו. אבער איר פולגעשטאלטיקייט האָט זי באקומען אין פשיסכע, טאמאשאוו און קאָצק. דאקעגן סאָכאַטשעוו איז דער חן־פינטל פון קרוין־פוילן־חסידות.

רבי אברהם גופא האָט דאָס ארויסגעשפּירט און באטאָנט. איינמאָל איז רבי אברהם געווען אַ חולה מסוכן — און אייגנטלעך איז ער דאָך כל ימיו

געוועזן אַ חולה מסוכן — נאָר איינמאָל האָט ער שוין בעל כרחו געמוזט פאָלגן די עצה פון די דאָקטוירים צו פאָרן אין אַ קור־ארט קיין דייטשלאנד. געקומען קריק איז ער פון דאָרטן שטאַרק פאַרביטערט און האָט אזוי געזאָגט: דייטשלאנד איז עמלק. אויף איר זאָגט דער פסוק אין דער תורה „אשר קרך בדרך", דאָס מיינט, ער האָט דיך אפגעקילט אויפן וועג. איר לופט איז אַ טמא און איך האָב דאָרט ניט געקאָנט מגלה זיין קיין שום חידושי־תורה.

דאקעגן איז ער אין אַ יאר ארום ארויסגעפאָרן אויף אַ קור־ארט אין פוילן גופא, און איז פון דאָרט קריק געקומען אַ פרישער און אויפגעמונטערטער, ווייל, האט ער געזאָגט, אין פוילן גלוסטן אפילו די בוימער אין וואלד צו זאָגן קדושה. בשעת ער האָט געדאווענט בציבור אין וואלד האָט ער געזען, אַז די בוימער שפרינגען מיט קדושה און געהערט זיי נאכזאָגן „אמן" „און ברוך הוא וברוך שמו".

גרויסע אמת׳ן ווערן אָפט ארויסגעזאָגט אגב אורחא׳דיק, אדער אין אַ מאמר המוסגר, וועלכער ווערט אריינגעפלאָכטן אין שייכות מיט אן אנדער ענין. גרויסע אמת׳ן איז דער פשט דורכגעלעבטע אמת׳ן, וועלכע מע טראָגט זיי אין זיך און מע האָט גאָר ניט די כוונה צו שטעלן אויף זיי דעם טראָפ. נאָר זיי זאָגן זיך ארויס ווי פון זיך. אין זיי אנטפלעקט זיך צומאָל דער עצם איך פון דעם זאָגער, אָדער אַ רעיון צו וועלכן זיין מוח איז פארדביקט. פאראן נוסח־פוילן אין חסידות, פונקט ווי ס׳איז פאראן פוילישער שטייגער־לעבן אין יידישקייט, פויליש־יידישער אָרט און באנעמונג, פויליש־יידישער דרך אין לערנען און דאווענען, אין עבודת הבורא און אין בּאהאנדלען וועלט־ענינים.

כל ישראל אחים, אלע יידן זענען ברידער. זענען דאָך פאַראַן אויך חילוקים צווישן ברידער, בפרט נאָך צווישן שבטי ישראל. יעדער יידישער שבט האָט עטוואָס אייגנארטיקס, וואָס דאָס איז זיין נשמה יתירה.

מיט וואָס אונטערשיידעט זיך דער פויליש־יידישער שבט פון אנדערע יידישע שבטים? שווער איז צו טייטלען מיט דעם פינגער אויף די הויפט־שטריכן פון אַ געוויסער מענטשלעכער גרופּע, ווייל די הויפט־שטריכן זענען על פי רוב, ווי ביי דעם איינצעלנעם, טיף אין דער נשמה פאַרבאַהאַלטן. נאָר ווען מיר מוזן אויסמיידן פון זאָגן אַלץ, איז דאָך אַ יושר צו זאָגן כאָטש א קליין ביסל, עטוואָס. דער פוילישער ייד אין צוגעבונדן צו פוילנלאַנד, אריינגעוואַקסן אין איר נאטור, פארליבט אין איר לאנדשאפט. ס׳איז דען אַ קליינִיקייט? יארהונדערטער געטראָטן אויף פוילנס ערד, אויגן געהויבן צו אירע הימלען, געטובלט זיך אין אירע וואסערן, נע ונד געוועזן, ווי דער רבי אלימלך און זיין ברודער רבי זוסיה, אויף אירע פארשטויבטע וועגן, פון שטאָט אין דאָרף און פון דאָרף אין שטאָט, זיך מתבודד געוועזן אין אירע וועלדער, געהאט צו טאָן מיט אירע פירשטן און פריצים, פויערים און שטאָט־לייט, ארומגעפאָרן אויף אירע יאַרידים,

געבויט ישובים, ישיבות שולן און שטיבלעך. וואָס אמת איז אמת: דער ייד אויף פוילנס ערד האָט זיך ניט געשפּירט אַ גאַנץ פרעמדער. אָפּט מאָל האָט ער ארומגעשפּאנט דאָרטן, ווי ביי זיין טאטן אין וויינגארטן, כאטש אויגן אראפּגעלאזט, אבער קאָפּ געהויבן, און ווען דער ים פון צרות איז געוואָרן מילדער האט דאָס יידישע הארץ אויך געצאַפּלט פון פרייד בשעת דעם זאָגן „ברכי נפשי". יידן אין פוילן זענען געווען בציבורדיקער, ווי יידן אין אנדערע לענדער, קהלישער, רווישיגער. יידישקייט אין פוילן איז ניט געווען אַ ביידל, אָדער א ליימיק הייזל, נייערט אַ פעסטונג. מהאי טעמא זענען פּוילישע יידן געווען זייער לעבעדיק און לעבענסלוסטיק, כאָטש גאָטספאָרכטיקע. זיי זענען געווען ניט נאָר מער שבת־יומטובדיקע יידן, נאָר אויך מער עולם־הזהדיקע. מען האָט ווייניקער געזאָרגט. מען איז געווען פאַרדביקותט, אָבער ניט פאַריאושט. אפילו אין דעם פאַרדאגהטן און אָנגעברוגזטן קאָצק האָבן חסידים געזונגען דאָס ליד: „וואָס האָט מען צו זאָרגן וואָס וועט זיין מאָרגן ? ליבערשט לאמיר טראכטן, וואָס איז געווען נעכטן, אפשר וועט מען קאָנען עפּעס פאַררעכטן". הקיצור, פּויליש יידישקייט האָט געהאט אַ פּנים שוחקות און אַ פריילעך געמיט. ס'איז געווען אַ פיינפילנדיקס און חנ'עוודיק־שמייכלנדיקס יידישקייט, ווער שמועסט נאָך פּויליש חסידיש, וואָס אפילו אין קאָצק איז דאָס געווען שוימיק, רוישיק, הילכיק, קוועקזילבערדיק מלא שמחה'דיק. ס'איז אַ פלא, און אפשר איז דאָס גאָר ניט קיין פלא, וואָס גראָד דאָס פּוילישע מיט פרייד שוימיקע חסידות האָט קאָצק צו דער וועלט געבראכט. קאָצק איז קענטיק געווען אַ מין צד שכנגד צו איר שטאָם. דער שטעקן איז געווען צו פיל אריבערגעבויגן אין איין זייט אריין — האָט קאָצק אריבערגעבויגן אין דער צווייטער זייט אריין. כדאי צו וויסן און ניט צו פארגעסן, דאָס קאָצק איז ניט געווען מרה שחורה, עצבות, נידערגעשלאָגנקייט. גראד פאַרקערט: קאָצק איז פּראָטעסט, ארויסרוף, תקיפות, אַ שטאַרקער קלאַפּ אין טיש, „ובני ישראל יוצאים ביד רמה". גאָר געהויבן: ס'קומט מיר! קאָצק איז, אויב איר ווילט, תמצית פון פּויליש חסידות, אָן עכטער פועל־יוצא, און איז עלול געווען צו ווערן אַ סוף־פּסוק. אויב אוקראַיניש חסידות איז געווען צעבראָכנקייט איז קאָצק — איבערגעבראָכנקייט, צו שטארק אריבערגעבויגן דעם שטעקן, פון וואס ס'קאָן ארויסקומען אן איבערבראָך.

ערשט איצט ווערט אונדז קלאָרער און פאַרשטענדלעכער דער באַדייט פון סאָכאַטשעוו אין שייכות מיט פּויליש חסידות. סאָכאַטשעוו איז געווען דער באַדייטנדיקסטער המשך פון קאָצק, איר אויסטייטשער און אויסבעסערער. דער פאַרדראָס, וואָס האָט געזאָטן אין קאָצק, די נפילת המוחין און חולשת הדעת, וואס האָבן גענאָגט דעם קאָצקער, האָבן געהאַט זייער תיקון און עליה אין ר' אברהם'ן דווקא, ווארעם ער איז געווען קאָצק פּונקט ווי ער איז געווען סאָכאָטשעוו. ער איז קאָצק אין אַ פאַרבעסערטער אויפלאַגע. ער איז קאָצק,

נאר אַן כעס, אַן פארדראס, אַן ביטערניש, אַן בולטע פאררייסנקייט, אַן אַ דין תורה־פירן מיט דעם רבונו של עולם. קאַצק נאָך דעם שטורעם. קאַצק, וואָס זינגט ניט „לאָמיר זיך איבערבעטן”, נייערט איז ממילא איבערגעבעטן, ער איז אזוי צו זאָגן פון זיך איבערגעבעטן, אזוי באשאפן איבערגעבעטן צו זיין.

קאָן זיך דאכטן, אַז סאַכאַטשעוו הייסט שלום געמאכט און פטור. אוועק פון קאַצק און ניטאָ קיין צוריק. איז דער ענין ניט אזוי. ער קאָן גאָר ניט געמאָלט זיין אזוי. ווארעם רבי אברהם׳ס שורש איז קאַצק. און פון שורש גייט מען ניט אוועק. שורש איז ניט נאָר וואָרצל, נייערט אויך צווייגן, בלעטער, די פרוכט. שורש איז דאָס אויבערשטע פון שטייסל. פון שורש גייט מען א ביסל אוועק און מען קומט צוריק. מיר הערן דאס פון רבי אברהם׳ן גופא. אָט וואָס ער האט וועגן זיך געזאָגט:

## ווען כ׳בין געוועזן אַ רב

ווען כ׳בין געוועזן אַ רב זענען אלע הימלען געווען אָפן פאר מיר בשעת כ׳האָב ארומגעשפאצירט איבער דעם בית המדרש. ווי איז צו מיר, צו וואָס בין איך געוואָרן אַ רבי? מילא, אַ גאנץ יאר קאָן מען נאָך ווי עס איז אביסל לערנען און דאווענען, אבער, אז ס׳קומען אָן די ימים טובים און די ימים נוראים און ס׳קלייבט זיך צונויף אַן עולם איז מען שוין אינגאנצן דיך מבטל פון תורה. קומט אריין אַ ייד אין בית המדרש און ביי אים אין קאָפּ בלאָנקעט זיך ארום אַ מחשבה זרה, רייסט ער מיר די אָדערן. אַ חסיד איז ווי אַ שטיק סמאלע, וואָס קלעפּט זיך צו צו דער פיאה, פרוווסטו די סמאָלע אראָפּצורייסן פון דער פיאה, רייסטו פון זיך ארויס אַ שטיק פלייש.

דאָס זענעז שוין עכטע קאָצקער דיבורים, סיי לויט זייער תוך און סיי לויט זייער לשון. עכט קאצקיש איז אויך זיין אויסטייטש פון אַ מאמר חז״ל אין מסכתא ״חולין״ מכוח

## אַ גוי און אַ תלמיד חכם

אויף דעם פסוק אין חומש „בראשית” וועגן יעקב׳ן „ויאבק איש עמו עד עלות השחר”. „און אַ מאן האָט זיך געראַנגלט מיט אים ביזן זונאויפגאַנג”, זאָגן די חכמים אין מסכתא „חולין” דף כ״ז אזוי: איין מאן דאמר מיינט, אַז דער מאן האָט זיך צו אים באוויזן אין געשטאלט פון אַ גוי, און דער אנדערער מיינט, אַז ער האָט זיך צו אים באוויזן אין געשטאלט פון אַ תלמיד חכם. די כוונה דערפון איז אזוי: דער יצר־הרע, ווען ער קומט מפתה זיין צו אַ דבר עבירה מאכט ער דאָס אויף איינעם פון די צוויי דרכים. וויל ער רעדט ער אים אן אָפן צו טאָן אַן עבירה און וויל ער דרינגט ער אים, אַז דאָס איז גאָר ניט קיין עבירה, נייערט אַ מצוה. ס׳איז אפהענגיק אן דעם מענטש, וועלכן דער יצר הרע

וויל אַראָפּפירן פון דעם דרך הישר. ווער ס'לאָזט זיך אָפּן איבעריידן, און ווער ס'האָט ליב מע זאל מאכן פאר אים אַן אָנשטעל, אַז די עבירה איז גאָר אַ מצוה. אַ געגארניק וויל מע זאל אים גענארן.

איז דאָס דען ניט קיין עכט קאָצקישער זאָג מכוח די גענארניקעס? קאָצק איז דאָך אייגנטלעך אַ גרויסער וויי־געשריי קעגן זעלבסט גענארעריי, קעגן ביי זיך זעלבסט געפעשטשעט צו זיין. פון זיך צופרידן צו זיין, ביי זיך אַ שיינער ייד צו זיין.

## ג. דער לעצטער קרעכץ

דער ווינט גייט קיין דרום און פארדרייט זיך קיין צפון, רונד ארום, רונד ארום גייט ער, און צו זיינע געדרייען קערט זיך אום דער ווינט. אָט אזוי דרייט זיך אַלץ, ווארעם אלץ דרייט זיך קריק צום שורש. דער שורש פון סאָכאַטשעוו איז קאָצק. יעטוועדער שקיעה גלאנצט און בלישטשעט מיט איר זריחה. ווי עס שפרייטן זיך לענגער אויס די פאַרנאכטיקע שאָטנס, שווימען ברייטער ארויס די פרימאָרגנדיקע אָפשיינען און גלאנצן, דער ליכטיקער טוי פון באַגינען, די סודותפולע קאַיאָרן. גירסא דינקותא שפארט ארויס שטייפער און עקשנותדיקער, זייער און זייער פריש און לעבעדיק, ערשט אויף דער עלטער. רבי אברהם סאָכאַטשעווער האָט דורכגעמאכט זיין אייגנאַרטיקן לעבנס־וועג און געזאָגט דאָס זייניקע, אָבער געקומען איז ער ווידער אמאָל און נאָכאמאָל צו דעם פינטעלע קאָצק, ביז ער איז ביי דער דאָזיקער נקודה שטיין געבליבן. צו פיל איז ער געווען אין איר אַריינגעוואַקסן. און האָט דען בחינם דער קאָצקער, דער גרויסער מפונק און איבערקלייבער, דער אכזריותדיקער מענטשן־קענער, אים אזוי הייס געליבט, מיט אים אזוי שטארק זיך געקאָכלט און אויף אים אנגעהאנגען אלע זיינע שכלדיקע ברילינאטן און הארציקע דימענטן? מצא מין את מינו. צוויי וואס האבן זיך דערקענט און איינער צום צווייטן באקענט.

דער קאצקער האט ר' אברהם'ן גלייך דערקענט, אַז ס'איז זיינער אַן אייגענער. קיין איינעם פון זיינע קינדער האָט ער ניט אזוי הייס געליבט, ווי אים. דעם קאָצקערס ליבע איז דען נאָר ליבע? קאָצק איז אַ שטורעם־ווינט, אַ פלאקערפייערדיקער בארג, זיין ליבע איז אַ הייסע לאַווע. דער קאָצקער אַז ער האָט געליבט האט ער געליבט מיט לייב און לעבן, אויף דעם עולם און אין אלע עולמות. ער האָט געליבט מיט תורה און מיט תפילה, מיט יסורים און מיט הויכע השגות, מיט הויכער שמחה און מיט טיפן צער. האַרץ שפּירט האַרץ. ווי דער קאָצקער צו רבי אברהם'ן, אזוי רבי אברהם צום קאָצקער. גרויסע וואַסערן קאָנען ניט פארלעשן די ליבשאפט און טייכן ווען זי ניט פארפלייצן. אויך ניט וואסערן פון שטייגערס־אונטערשיד, אויך ניט טייכן פון אנדערע נוסחאות און הנהגות. וואָס איינס ווערט ניט צעטיילט און צעבראָכן. אנדערע חידושי־תורה, אָבער די זעלבע כוונות. אויב ריידן אויף היינטוועלטיק לשון קאָן

מען אזוי זאָגן: אין נוסח זענען קאָצק און סאָכאַטשעוו פונאדערגעגאנגען, אבער אין סטיל זענען זיי געווען איניק. נוסח איז די ראַם, סטיל איז דאָס בילד. נוסח איז לבוש, סטיל איז תוכן. נוסח איז דער קען־צייכן פון אַ גרופּע, פון אַ דור אָדער תקופה. סטיל איז דער קערן, דער איך, דער אינעווייניקסטער ריטעם פון דעם געדאנקן־גאנג, דער שורש־נשמה: „איך בין נאָר דאן איך ווען איך בין אויך דו" — האט אמאל אַ פארליבטע נשמה געזאגט צו אַ צווייטער שוועסטער־נשמה. צוויי פארברידערטע איכן זענען דאָך נפש אחת. רבי מנחם מענדל דער קאָצקער און רבי אברהם דער סאָכאַטשעווער זענען געווען נפש אחת, וועלכער האָט גערעדט אין פלוג מיט צוויי לשונות. אָבער די צוויי לשונות זענען געווען טיף־אינערלעך צוזאמענגעבונדן און צונויפגעקניפּט.

ווען רבי אברהם זאָגט, למשל, אַז דער עיקר מצוות התורה איז צו לערנען מיט שמחה און האָבן גרויס פארגעניגן פון דעם לערנען, און ערשט דאן צעגייט זיך די תורה אין יעטוועדן אבר און מישט זיך אויס מיט דעם בלוט, קלינגט דאס אין פלוג, ווי אַ באהאלטענער ויכוח מיט קאָצק. קאָצק האָט ניט גורם געווען שמחה. קאָצק איז געווען אַ קרעכץ. קאָצק האט געהאלטן, אַז די וועלט איז אזוי נישטיק, אַז זי האָט אפילו ניט די ווערט קיין קרעכץ. אן אנדערש־מאל האָט דער קאָצקער אָנגעוויזן אויף דעם אונטערשיד צווישן די צוויי קללות, וואָס דער אייבערשטער האָט געשאלטן נאָך דעם חטא אדם הראשונען און די שלאנג. ס'טייטש, פרעגט דער קאָצקער רבי, דער שלאנג האָט דער אייבערשטער געגעבן אַ קללה „אויפן בויך זאָלסטו קריכן און ערד זאָלסטו עסן ס'גאנצע לעבן". אויך מיר אַ קללה! צו וואָס די שלאנג רירט זיך צו האט דאס אַ טעם פון ברויט. זי דארף זיך אפילו ניט איינבויגן צו פארדינען איר פרנסה. זי קאָן קייען דעם גאנצן כדור הארץ און ס'ווערט ביי איר אין מויל ברויט. איז דאָך די שלאנג אַן עושר ווי קורח. דאקעגן איז די קללה אויפן מענטש, אַז ער זאָל מיט דעם שווייס זיינעם אויסהארעווען פאר זיך אַ שטיקל ברויט. פאר וואָסזשע קומט דעם מענטשן אזוי טייער באצאָלן פאַר זיין חטא, און די שלאנג, וועלכע איז די הויפּט־שולדיקע, איז אפּגעקומען כמעט אָן אַ שטראָף? דער תירוץ, זאָגט דער קאָצקער, וואָס די חמורים פארשטייען ניט, אז אין דעם שטעקט טאקע די גרויסע קללה פאר די שלאנג, צו האָבן שטענדיק צו פרעסן זאט, און פארשטייט זיך ניט ווי מען לאָזט ארויס אַ קרעכץ. דאקעגן דער מענטש, כאטש געשאלטן שטארק, איז געבענטש געוואָרן מיט דעם כוח אַ קרעכץ צו טאָן.

אָט אזוי זעען מיר אַז ווען ביי דעם קאָצקער איז געוואָרן זייער אומעטיק אויפן הארצן האָט ער געשעפּט טרייסט אין דעם קרעכץ לפּחות.

קאָצקער וועג איז געווען פון קרעכץ צו קרעכץ און אַ זיפץ אינמיטן, צווישן די צוויי קרעכצן. דער סאָכאַטשעווער דאקעגן איז געגאנגען פון קרעכץ צו קרעכץ און שמחה אין דערמיט, זיין גרויסע אהבת התורה האָט אים געראטעוועט און אים

ארויסגעריסן פון דער מרה שחורה, ווי רבי אברהם פלעגט צו זאָגן — ווער ס'איז עוסק אין תורה קוקט אויף דער וועלט מיט די אויגן פון אַ בן־חורין, און אלע מחשבות זרות און שרעקענישן אנטרינען פון אים.

רבי אברהם האָט אָנגעשפּארט די קאָצקער צעטרייסלטע וועלט אויף צוויי גרונטזיילן: אויף ריינע אויגן און אויף דעם חוש התורה. ווי ער האָט איינמאָל נאָכדערציילט פון דעם רבין, רבי בונעם, דאָס ווען ער פלעגט גיין ערב שבת פון דער מקוה צו זיך אהיים פלעגט ער געגוי וויסן וואָס ס'איז פאָרגעקומען די גאנצע וואָך אין דער שטאָט, ווארעם זיינע אויגן זענען דעמאלט געווען געלייטערטע. אויף זיך האָט רבי אברהם געפלעגט צו זאגן:

— יעדן פרימארגן ווען איך גיי ארויס אין שטאָט ווייס איך תיכף אלץ וואס ס'האָט זיך פארלאָפן אין דער שטאָט אין דער פאָריקער נאכט.

דערביי האָט רבי אברהם צוגעגעבן:

— ס'איז גאָר קיין חידוש ניט. מיט ריינע אויגן זעט מען פיל. ווען די אויגן זענען ריין ווערט פון אלע חושים אַ חוש התורה.

איז דען דער חוש התורה ניט געווען שטארק אויך אין קאָצק?

דער אונטערשיד שטעקט אין דעם. קאָצק אין געווען תורה נאָר בבחינת ללמוד, און סאָכאָטשעוו איז געווען תורה אויך בבחינת ללמד. לערנען פאר זיך איז אַ גרויסער ענין. נאָך גרעסער און שטארקער איז זיין אַ מרביץ תורה, לערנען אנדערע, האָבן תלמידים. תלמידים ראטעווען אמאָל אַ רבין. קאָצק האָט געקוקט מיט חשד אויף תלמידים. דער קאָצקער האָט געגארט נאָך אַ מזומן חברים צו שטיין צוזאמען אויף אַ דאך און שרייען, אַז דער רבונו של עולם איז גרויס. דאקעגן דער סאָכאָטשעווער האָט זיך פארפאנצערט מיט אַ פמליה פון ישיבה־בחורים, ווי ס'שטייט געשריבן אין שיר השירים: „האלף לך שלמה", „די טויזנט זענען פאר דיר, שלמה". הונדערטער בחורים לומדי־תורה זענען אַ ליכט און אַ פעסטונג, אַ טרייסט און אַן אָנהאלט.

און דאך, ווען מען גייט פון קרעכץ קומט מען צום קרעכץ. „צו זיינע געדרייען קערט זיך אום דער ווינט". אויף דער עלטער האָט רבי אברהם אזוי געזאגט:

ווי מיר, איך בין אַ צעבראכענע כלי. ניטאָ אין מיר קיין גאנצער אבר. נאָר ערשט ווען אין דערמאָן זיך אין קאָצק צעגיסט זיך אַ חיות אין מיינע ביינער. יאָ, דאָרטן איז געווען דער אמת'ער ציבור. דאָרטן איז געווען אַ דור דעה, כאָטש יעדער איינער האָט מתפלל געווען אויף זיין שטייגער. דער רב ר' איכל האָט געדאווענט פון „יוצר אור" ביז נאָך קריאת שמע דריי שעהן נאָכאנאנד. דער בעל „חידושי הרי"ם" איז שטענדיק געשטאנען בשעת דאווענען ביי דער זייט פון דעם עמוד און די ווענט האָבן געציטערט פון זיין תפילה. איינמאָל האָט מען באמערקט, אז פון גרויס התלהבות ביים דאווענען

איז אים ארויסגעפאלן אַ צאַן. אין קאָצקער בית המדרש האָט מען ממש געהערט אַ בת־קול.

מיר זאגן אזוי:

— קאָצק און סאָכאַטשעוו זענען אַ קול און אַ בת־קול. און ס'טרעפט אַז די בת־קול קלינגט אפ פריילעכער און הילכיקער פון דעם קול גופא.

זעען מיר טאקע, אַז ביי רבי אברהם'ן, דער געטרייער תלמיד פון דעם קאָצקער, האָט אויך לעת זקנה גובר געווען דער „כי טוב". ווארעם ער האָט אזוי געזאגט:

געלויבט איז דער אייבערשטער ברוך השם כ'האב נאָך אַ גוטן מוח. מיין איינציקע בקשה איז זיך אוועקלאָזן מיט אַ מנין יינגעלייט ערגעץ אין אַ פארוואָרפן ווינקל, זיצן מיט זיי און לערנען. זאָלן זיי נאָר באגערן לערנען. ס'וואָלט דערפון ארויסגעקומען אַ גוטע פעולה פאר מיר און פאר דער וועלט.

רבי אברהם וויל קיינמאל ניט זיין אליין און קיינמאל ניט נאָר פאר זיך. אַ רבי קאָן זיין אַ מתבודד. אַ רב באדארף תלמידים. די מעלה פון סאָכאַטשעווער וואָס ער איז געווען אַ רבי און רב גלייכצייטיק.

זייער אָפט טרעפט דאָס מיר טראכטן זיך אריין אין דעם מהות פון אַ צדיק אָדער אַ חכם, באמיען זיך צו דערגרונטעווען זיין תוך, די אמתע נקודה פון אים אויפצוכאפן, און פלוצלינג באמערקן מיר פון אים גופא אַ זאָג, אַ זייטיקער אין פלוג, וועלכער עפנט אונדז אויף אַ שפּאַרינקעלע אריינצוקוקן אין זיין נשמה. דער סאָכאַטשעווער האָט אמאָל אויפגעקלערט דער אונטערשיד צווישן

## כוהנים און לוויים

די כוהנים גייען געקליידט בשעת זייער עבודת הקודש אין בגדי שרד, אָבער די לוויים ניט. פאר וואָס איז דאָס אזוי? דער תירוץ איז: די עבודה פון די כוהנים איז דער עיקרשט טיף אין הארצן. שטיל און פנימיות'דיק. זענען זיי בבחינת נשמה. און די נשמה מוז האָבן אַ גוף צו זיין פארהוילן אין אים. אַלץ וואָס איז פנימיות'דיק באדארף האָבן אַ צודעק. אפילו אַ מלאך אז ער קומט אראָפּ אויף דער וועלט מוז ער זיך פארשטעלן דורך אַ לבוש פון אַ בשר ודם. דאקעגן די לויים טוען זייער עבודה מיט די כלי נגינה, מיט געזאנג, וועלכע זענען אויסערלעכע דערשיינונגען, באדארפן זיי ניט האָבן קיין בגדים.

דער קאָצקער רבי האָט פון גרויסער גאָט־גלוסטונג געוואָלט זיין אַ מלאך אָן א גוף אויף דער דאָזיקער וועלט, זיין אַ כוהן אָן בגדי שרד. דער סאָכאַטשעווער איז געווען אַ כוהן, וואָס האָט זיך פארשטעלט אין אַ מאַנטל פון אַ לוי.

אהרן צייטלין

# ר׳ אברהמ׳על סאכאטשעווער

ר׳ יחיאל־מאיר גאָסטינינער פלעגט אנדערש ניט רופען דעם סאָכאַטשעווער ווי: דער תורה־איד.

— ס׳איז מיר קלאר ווי דער טאג — פלעגט ער זאָגען — אז פונקט ווי אָט דער תורה־איד פסקנ׳ט אונטען, אזוי פסקנ׳ט מען אין הימעל אויבען.

***

דער סאָכאַטשעווער האָט געלעבט מיט תורה, געאָטעמט מיט תורה, און צוגלייך — געלעבט מיט חסידות און געאָטעמט מיט חסידות. אָט דער גאון, פון די אדירי התורה, דער מחבר פון „אגלי טל" און „אבני נזר" אויף שולחן ערוך, איז צוגלייך געווען פון די גרעסטע פוילישע רביים.

אחוץ יחוס עצמו און אחוץ יחוס־אבות (ער האָט געשטאמט פון רמ"א און פון ש"ך) האָט ער געהאט יחוס קאָצק. דער קאָצקער איז געווען דער שווער זיינער. זיין פאָטער, ר׳ זאב־נחום, א גאון־מופלג, איז געווען רב אין עלקיש, דערנאָך אין ביאלע. דער פאָטער, פונקט ווי ד׳ער זוהן, איז געווען סיי אַ גמרא־איד, סיי (ווי דער זוהן שרייבט אין זיין הקדמה צום פאָטער׳ס א ספר) א „מלומד בנסים".

אויף דעם סאָכאַטשעווער׳ס מוטער, דאָבריש האָט זי געהייסען, ווערט דערצעהלט (זעה „אביר הרועים"), אז זי האָט זוכה געווען צו גילוי אליהו. דאָס דארף אונז ניט וואונדערען. די חסיד׳ישע מעשה וויים דאָך צו דערצעהלען, אז פאר ר׳ מיכל זלאָטשעווער׳ס באָבע, יענטעל, פלעגט זיך עפענען א הימעל פול מיט מלאכים. די מלאכים האָבען געזונגען קדוש און יענטעל די נביאה — אזוי האָט מען זי גערופען — פלעגט מיטזינגען. אויך ר׳ נחמן׳ס מוטער, פייגע, דעם בעל־שם׳ס אייניקעל, האדעל׳ס טאָכטער, האָט מען גערופען צווישען חסידים: פייגע די נביאה. מ׳האָט אויף איהר דערצעהלט, אז זי איז זיך מתייחד מיט דעם בעל־שם׳ס נשמה. האָדעל גופא, די טאָכטער פון דעם בעל־שם, האָט אנטייל גענומען, לויט דער חסיד׳ישער מסורה, אין איהר פאָטער׳ס עליות און תיקונים.

און האָט די מתנגד׳ישע די אנטי־חסיד׳ישע לומדות געבויט אויפן מאמר

אז זינט ס׳איז חרוב געוואָרען דאָס בית־המקדש איז „אין לו להקב״ה אלא ד׳ אמות של הלכה״, איז געבליבען, כביכול, פאר׳ן בורא־עולם אליין די הלכה בלויז. האָט חסידי׳ישע לומדות, חסידישע, אלץ ארומנעהמענדיגע, אלץ אין אידישקייט־פארבינדענדיגע און צעמענטירענדיגע לומדות (למשל, זידעטשיוו און קאָמאָרנע, אָבער גאָר באזונדערס חב״ד) באטראכט די הלכה גופא ווי די אוניווערסאלע התגלות פון געטליכקייט, ווי א הלכה־געוואָרענע ק ב ל ה. די „ד׳ אמות של הלכה״ זיינען אזוי־ארום געוואָרען — א ל ע וועלטען, געזעהן דורך דער פריזמע פון ישראל, דעם „גוי אחד בארץ״.

ר׳ אברהמ׳לע סאָכאַטשעווער איז — פונקט ווי ר׳ אברהמ׳לע טשעכאנאָווער, פונקט ווי פאקטיש יעדער, אָדער כמעט יעדער, פון די גרויסע רביים — א לעבעדיגע באשטעטיגונג פון דעם געדאנק, וואָס איך האָב זיך באמיהט צו אנטוויקלען אין די ביזאיצטיגע שמועסען: דעם געדאנק, אז חסידות האָט געשאפען א סינטעזע פון אידישקייט־ווערטען.

***

ער איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר תקצ״ט אין בענדין. דער קאָצקער — דערצעהלען חסידים — האָט דעם פאָטער זיינעם, דעם ביאלער רב, אויסגעזאָגט א סוד, אז ער האָט זוכה געווען צו אזא זוהן מחמת אן אויסטערלישער מעשה־שהיה. איינמאָל פורים זיינען אידען אזוי טיף אריין אין דער מצוה פון פורים־פרייד, אז אויף גאָר דער וועלט האָט זיך געמאכט א מינוט, ווען קיין שום איד האָט ניט געלערענט קיין תורה אחוץ דעם ביאלער רב. ווען ניט ער, וואָלט די וועלט אין יענער רגע געבליבען אהן א קול־תורה. א מערכה, דער ביאלער רב האָט ניט מפסיק געווען ממשנתו אפילו דענסטמאָל. דערפאר איז אין די הימלען געבליבען אז מ׳וועט איהם באשענקען מיט א זוהן, וואָס וועט באלייכטען די אויגען פון כל־ישראל.

דעם טאטענ׳ס התמדה אין דער תורה איז אריבער צום זוהן. דעם „והגית בו יומם ולילה״ האָט ר׳ אברהמ׳עלע סאָכאַטשעווער מקיים־געווען מיט דעם זעלבען מסירות־נפש וואָס זיין פאָטער.

ער האָט אמאָל געזאָגט, אז היות ווי פון דער רגע, וואָס א איד ווערט נפטר, ביז צו דער קבורה זיינער, האָט ער ניט וואָס צום טאָן — איז גוט, דער בר־מינן זאָל ניט ליגען ליידיג און זאָל בשעת־מעשה זאָגען משניות אויף אויסענווייניג.

דאָ האָט איהר דעם גאנצען סאָכאָטשעווער: דעם גוואלדיגען לערנער, וואָס „לא פסק פומיה מגירסא״ טאקע בפועל ממש, אז ער קאָן זיך דאריבער ניט פאָרשטעלען אז אפילו צווישען פטירה און קבורה זאָל זיך א איד מבטל זיין פון תורה; און — דעם רבי׳ן, וואָס זיין חוש איז מיסטיש־רעאליסטיש,וואָלט איך געזאָגט, וואָס נגלה און נסתר טרעפען זיך ביי איהם אויף דער סאמע גרענעץ,

און א איד, וואָס צווישען פטירה און קבורה ליגט ער און זאָגט משניות פון אויסענווייניג, איז ביי איהם א פשוט׳ער, זעלבסטפארשטענדליכער ענין.

דער סאָכאָטשעווער פלעגט אָפט דערמאָנען, וואָס זיין שווער, דער קאָצקער, האָט איהם אמאָל געזאָגט וועגען דעם דרך פון חסידות און דעם דרך פון לומדות. אויב דער בעש״ט — האָט געזאָגט דער קאָצקער — איז געשיקט געוואָרען אויף דער ערד, כדי איינצופיהרען א נייעם דרך אין עבודת הבורא, איז עס ניט געווען מחמת דער דאָזיגער דרך, דער חסיד׳ישער, איז העכער פאר דעם דרך פון לומדות — ניין. ס׳איז געווען דערפאר, וואָס מחמת די פאלשע פשט׳לעך, וואָס מען האָט געגומען אריינטייטשען אין דער תורה, — מחמת דעם איז געוואָרען, בעוונותינו הרבים, א פגם אין דער תורה און ס׳האָט זיך דערוועקט א גרויסער קיטרוג אין הימעל. איז ניט געווען קיין אנדער עצה נאָר אראָפצושיקען אויף אונזער וועלט דעם בעש״ט הקדוש, ער זאָל אָנהויבען א נייעם דרך. אָבער אחוץ דעם איז דער דרך פון דערנעהנטערען זיך צום רבונו של עולם דורך לערנען א סך א העכערער.

מיר האָבען שוין געזעהן, אז סיי־ווי־סיי האָט חסידות — אין איהרע שפיצען — צונויפגעבונדען אין איין גאנצקייט נגלה און נסתר, אזוי, אז דער דרך פון לומדות און דער דרך פון חסידות זיינען ממילא געוואָרען איינס. און טאקע פון דעם קאָצקער גופא און פון דעם סאָכאָטשעווער גופא לאָזט זיך ברענגען א ראיה. אָבער ניט נאָר פון זיי. מיר זעהען עס אין חסידות אומעטום, פון דעם בעל־שם׳ס דירעקטען תלמיד, דעם „תולדות־יעקב יוסף״, ביז ר׳ צדוק הכהן מלובלין, און פון דעם בעל־התניא ביז צום אָסטראָווצער, אָט דער לעצטער גרויסער רבי־געשטאלט אין פוילען.

דעם קאָצקער׳ס אויבען־געבראכטער זאָג איז זיכער ווי א פאראדאָקס. מען קאָן איהם אָננעהמען ווי א ריכטיגע פארמולירונג פון דעם וועג, וואָס חסידות האָט דורכגעמאכט, אויב מען פארשטעהט, אז ריידענדיג וועגען דינען דעם רבונו של עולם דורך לערנען האָט ער, דער קאָצקער, געמיינט דעם ה ס י ד י ש ע ן אופן פון לערנען. די איינציגע באוואָרעניש איז בנוגע דעם בעל־שם. דער אמת איז, אז דעם בעל־שם׳ס שיטה האָט ניט געשטעלט „עבודה שבלב״ העכער פון לערנען; זי האָט נאָר געלייגט מעהר טראָפ אויף „עבודה שבלב״ — צוליב דער סיבה, וואָס דער קאָצקער האָט געבראכט. חסידות, חזר איך איבער, איז געווען: יחוד־און־אחד־באוועגונג, אָבער דאָס מיינט ניט, אז זי האָט ניט געהאט איהר אייגענע דיאלעקטיק.

ליכטיגקייט פון׳ם אמת — אָט דאָס האָט דער סאָכאָטשעווער געזוכט סיי אין לערנען און סיי אין׳ם חסידות. וועגען זיין דרך אין לערנען האָט ער געזאָגט:

פאראנען א ליכטיגער שכל און א פינסטערער. אויב א מענש איז מחדש אין דער תורה א שעהנע זאך און דערנאָך געפינט ער אן אָפלייקענונג פון זיין

חידוש און ער וויל אויפסגוואלד פארענטפערען די סתירה, מחמת ס׳איז איהם א שאָד אזא שעהנער פלפול, מישט זיך דער פינסטערער שכל תיכף אריין אין דעם ליכטיגען, און שטעלט איהם צו דעם תירוץ. ס׳ איז דאָ אין דעם נגיעת עצמו — ער איז א נוגע־בדבר, עס מוז בלייבען געמאכט! מיין דרך אין אן אנדערער. אויב איך וויל עפּעס מחדש זיין, זוך איך קודם אין אלע לעכער און אלע שפּאלטען, טאָמער וועל איך ערגעץ געפינען א סתירה דערצו. וואָס קומט מיר ארויס פון א זאך, וואָס איז ניט אמת? מיין טבע איז, אז איך זוך א פּגם אויף מיינע אייגענע אויפטהוען מעהר ווי אויף יענעמ׳ס, און אז איך זאָג, אָדער שרייב אָן צו א צווייטען, עפּעס א חידוש מיינעם — איז מיין איינציגע כוונה דערביי: אפשר וועט דער צווייטער געפינען א פארקעהרטען באווייז און דורך דעם וועט מיר גופא קלאָר ווערען דער ענין.

פון דעם „פינסטערען שכל״ איז דער סאָכאַטשעווער געלאָפען צום ליכטיגען.

דער תורה־איד, דער סאָכאַטשעווער, איז געווען אַ ליכטיג־שכל׳דיגער תורה־איד נאָך קינדערווייז. מ׳האָט אמאָל, מיטאָג־צייט, דערלאנגט קאשע צום טיש. פרעגט איהם דער טאטע, דער ביאלער רב, בדרך הלצה: נו, אברהם׳ל, אויף אזא קשיא (קאשע) האָסטו אויך א תירוץ?

— איצט עסט מען — מאכט דער קליינער — מ׳עט זעהן נאָך׳ן עסען.

— נו? — דערמאָנט איהם שפּעטער דער טאטע — וואָס זאָגסטו?

— א תירוץ — מאכט אברהם׳ל — איז שייך ווען ס׳איז דאָ א קשיא. איצט, אז קיין קשיא (קאשע) איז שוין ניטאָ, אויף וואָס דאַרף מען א תירוץ?

זיין גאנץ שפּעטערדיג לעבען האָט דער סאָכאַטשעווער ניט געזוכט קיין תירוצים דאָרט, וואו ס׳איז קיין קשיא ניט געווען.

⁂

אין קאָצק איז דער יונגער עילוי געזעסען אן ערך זעקס־זיבען יאָהר, ביז צו זיין שווער׳ס פּטירה. א גאנץ לעבען האָט דער סאָכאָטשעווער ניט אויפגעהערט מיט התלהבות־דיגער באוואונדערונג צו ריידען פון דעם שווער זיינעם, און — פונקט ווי דער חידושי־הרי״ם — האָט ער ניט נאָר דעם קאָצקער׳ס מדרגות באוואונדערט, נאָר אויך די גרויסקייט זיינע אין נגלה, דעם כח־התורה זיינעם. אָט דעם כח־התורה האָט פון די אינגסטע יאָהרען אָן פארמאָגט אויך ער גופא, דער סאָכאָטשעווער, און דער חידושי־הרי״ם, וואָס צו איהם איז דער יונגער עילוי געפאהרען נאָך דעם שווער׳ס פּטירה, האָט איינמאָל, בעת ער האָט איהם פארבליפט מיט א שטיק גאונות, געזאָגט וועגען איהם כהאי לישנא: דער הייליגער קאָצקער האָט אונז איבערגעלאָזט א שעהנע ירושה; אין יעדען דור איז פאראנען איינער, וואָס איז דער שפּיגעל פון׳ם דור, און פון הימעל קוקט מען אריין אין יענעם שפּיגעל, און היינט שפּיגעלט מען זיך אין אָט דעם יונגענמאן, אין דעם עלקישער עילוי.

דערווייל דארף מען אָבער פּרנסה אויף דער ערד, זיצען אין קאָצק איז מעהר ניט שייך געווען, דאָס דחקות האָט זיך געשטארקט, איז דעם קאָצקער׳ס איידעם געוואָרען רב אין פּארטשעוו. אין פּארטשעוו האָט מען איהם גע׳רודף׳ט און ס׳איז אפילו געקומען דערצו, אז ער איז געבליבען א מחוסר לחם. אין שפּעטערדיגע יאָהרען פלעגט ער דערצעהלען, אז ער האָט אפילו קיין חדר ניט געהאט וואו צו זיצען און לערנען — פלעגט ער געהן לערנען אויף׳ן פעלד, צווישען די זאנגען. גראד דענסטמאָל — פלעגט ער דערמאָנען מיט א זיפץ — גראד דענסטמאָל בין איך געוואקסען ווי אויף הייוען. וואו נעהמט מען יענע יאָהרען? ס׳האָט זיך אזוי געשמאק געלערענט צווישען די זאנגען... ווען די נרדפים זאָלען וויסען, ס׳ארא טובה די רודפים טהוען זיי, וואָלטען זיי דאָך די רודפים די פּאָלעס געקושט...

דאָ האָט זיך באקענט מיט׳ן יונגען רב דער גאון ר׳ יהושע׳לע קוטנער. דער קוטנער איז אזוי נתפּעל געוואָרען פון זיין גרויסקייט, אז ער האָט איהם געוואָלט האָבען ניט ווייט פון זיך. האָט לאנג געדויערט און דער חידושי־הרי״ם, זיין רבי, האָט ניט געדארפט מעהר ארויסהעלפען דעם גע׳רודף׳טען תלמיד מיט׳ן וואָכען־געלד, וואָס ער פלעגט איהם אריינשיקן פון גער. היות קרושניעוויץ האָט געדארפט א רב, איז ר׳ יהושע׳לע אייגענס אהין צוגעפאָרען. ער האָט די בעלי־בתים צונויפגערופען אין בית־מדרש אריין, איז ארויף אויף דער בימה און געזאָגט בזה הלשון: רבותי היות איהר זייט געבליבען אָהן א רב, זאָלט איהר וויסען זיין, אז כ׳האב מפּלפּל געווען אין תורה מיט איינעם א יונגערמאן, וואָס אויב איהר וועט איהם אויפנעהמען פאר א רב דמתא, וועט אייער שטאָט פארמאָגען אזא גדול ווי ס׳איז געווען דער רשב״א ז״ל אליין. דער יונגערמאן, רבותי, האָט מיך שיער ניט מנצח געווען, און נאָר מיט גרויס סייעתא דשמיא איז מיר געראָטען איהם אפּצושלאגען.

קרושניעוויצער בעלי־בתים האָבען מסכים געווען, נאָך ניט וויסענדיג אפילו וועמען ר׳ יהושע׳לע מיינט. שפּעטער האָט זיי דער קוטנער גאון מגלה געווען, אז דאָס מיינט ער דעם יונגער פּארטשעווער רב, דעם קאָצקער רבין׳ס איידעם. ער אליין, דער קוטנער, האָט אנגעשריבען דעם כתב־רבנות. ער טיטולירט איהם דאָרט: שר התורה.

אויך אין קרושניעוויץ האָט ער קיין מנוחה ניט געהאט, בעלי־בתים האָבען זיך געבונטעוועט, גע׳טענה׳ט, אז דער רב „מישט זיך צופיעל אריין״.

אין קרושניעוויץ איז ער געווען רב און דאָרט איז ער רבי געוואָרען — נאָך דער פּטירה פון דעם אלעקסאנדערער. ר׳ הענעך איז געווען זיין דריטער רבי. דער ערשטער איז געווען דער קאָצקער, דער צווייטער — דער חידושי הרי״ם. אז דער חידושי הרי״ם איז נפטר געוואָרען, איז ער געפאָהרען צום אלעקסאנדערער, געוואָרען זיין גרעסטער מקורב, זיך שטארק צוגעבינדען צו איהם, און אז אויך דער אלעקסאנדערער איז אוועק פון דער וועלט און א טייל חסידים האָבען געוואָרפען

אן אויג אויף איהם, דעם קרושניעוויצער רב, האָט ער נאָך א לאנגען ישוב־הדעת מסכים געווען צו פיהרען אַן עדה. זיין אייגענער טאטע, דער ביאלער רב, איז צו איהם געפאָהרען ווי א חסיד צו א רבי׳ן.

נאָך קרושניעוויץ איז געקומען נאשעלסק, און לסוף — סאָכאַטשעוו, די שטאָט, וואָס אויף איהר נאָמען ווערט ער גערופען. ס׳ווערט דערצעהלט אין דעם תמימות׳דיג־וואונדערליכען ספר „אביר הרועים״, וואָס האָט אן אוצר פון מאטעריאל וועגען דעם סאָכאַטשעווער (און דעם קאָצקער), אז דער „נפש חיה״ איז געהאט געקומען קיין סאָכאַטשעוו און אַנגעזאָגט דעם עולם, אז די שטאָט דארף זיך רייניגען און זיך גרייטען מקבל צו זיין א הייליגען איד, וואָס איז געגליכען צו א ספר תורה.

פון סאָכאַטשעוו איז אויפגעגאנגען זיין ליכט איבער גאנץ פוילען. תלמידים פון אומעטום האָבען געצויגען אין זיין ישיבה אריין. חסידים האָבען געשטראָמט, כדי געהאָלפען צו ווערען ברוחניות און בגשמיות, וועגען איהם האָט מען דערצעהלט וואונדער.

כאָטש דער סאָכאַטשעווער האָט זיך נוהג געווען אינגאנצען אנדערש ווי דער קאָצקער, האָט ער פונדעסטוועגען אמאָל א זיפץ געטהאָן און אויפ׳ן קול ארויסגעזאָגט זיינעם אן אייגענעם חלום וועגען א מנין אידען... נאָר אויב דער קאָצקער האָט געדארפט א מנין אידען אויף א דאַך, איבער און מחוץ דער וועלט, איז דעם סאָכאַטשעווער׳ס חלום וועגען א מנין געווען אינגאנצען אַן אנדערער. ער האָט גע׳חלום׳ט פון צעהן תלמידים. ער זיצט מיט די צעהן תלמידים ערגעץ אויף אן אינזעל. א מיניאטור־ישיבה אויף אן אינזעל און ער, דער סאָכאַטשעווער, זיצט און לערנט מיט זיי תורה לשמה אהן שום שטערונג, אין דער גרויסער אינזעל שטילקייט.

ווען ס׳וואָלט מעגליך געווען אזא זאך — האָט ער געזאָגט — וואָלט איך דערמיט א טובה געטהאָן דער גאנצער וועלט. ס׳וואָלט געווען דער רעכטער תיקון.

מ׳דארף זיך, הייסט עס, אָפּטיילען פון דער וועלט, אָבער נאָר כדי דער וועלט צו העלפען, כדי איהר א תיקון צו געבען. מען דארף פון איהר אוועקגעהן, כדי ערשט רעכט צו זיין מיט איהר.

אָט דער חלום וועגען אן אינזעל מיט א ישיבה פון צעהן, וואָס זיינען דורך תורה מתקן די וועלט, דאָס אליין איז א שטיק תורה, איינע פון די שעהנסטע און טיפזיניגסטע תורות פון ר׳ אברהמע׳לע סאָכאַטשעווער.

(„דער מאָרגען זשורנאל״ פון 30־טן יולי, 1950)

מ. ב. שטיין

# דעם רבינס הויף

דער יידישער ישוב אין סאָכאַטשעוו און דעם סאָכאַטשעווער רבינס הויף, איז שוין צו אונדזער גרויסן טרויער אויפן עולם האמת. פוןביידע איז בלויז איבער־געבליבן א טרויעריק־נאָגנדיקע עלעגישע לעגענדע. דאָס בלוט, וואָס איז אמאָל אזוי הייס געווען, איז פארגליווערט. די אלטע סכסוכים שוין לאנג, לאנג פארבלייכט, זיי צעהיצן שוין אפילו נישט דאָס געמיט. זכרונות בלויז, וואָס האָבן זיך איינגעקריצט אין אונדזער זכרון, געוואָקסן מיט אונדז צוזאמען; און עס ווילט זיך דערציילן וועגן א לעבן, וואָס האָט זיך אזוי טראגיש פארענדיקט און איך גלויב, אז אפילו דער, וואָס וועט זיך פילן געטראָפן פון א נישט פינקטלעכקייט, וועט מיר מוחל זיין.

1882

### דער רבי...

מיט לאַנגע יאָרן צוריק, אין יאָר תרמ״ב, האָבן חסידים מכל תפוצות פוילן געקויפט פאר זייער רבין ר׳ אברהמ׳עלען דאָס איינשטאָקיקע געמויערטע הויז אין סאָכאַטשעוו, ביים סוף, כמעט, פון דער טראַיאַנאָווער גאס. ארום דעם הויז האָבן זיך געשפרייט די הינטערשטעטישע פעלדער, דעם גלח׳ס גערטנער, מיט די הויכע ליפע־בוימער, דער פויערשער וועג צו די וועלדער און דערפער, און אין דער שטילקייט האָט זיך דאָרט געטראָגן דאָס פלעשקען פון דער בזורע — דאָס סאָכאטשעווער טייכל. פיר צי גאָר פינף ברייט־צעצווייגטע קאַשטאַן־בוימער, האָבן זיך געשפיגלט אין די שויבן פונעם הויז, געוואָרפן אין די געראַמיגע חדרים א גרינע פארשאטנטקייט און ווי שומרים געהיטן דעם איינגאנג פון טויער צום הויף אונטערן הויז.

דאָס הויז מיטן אויסברוקירטן הויף און דער געפלעגטער גאָרטן, האָבן אמאָל געהערט צום גויישן נאָטשאַלניק פון דער פאָסט. פון גאָרטן האָט ער קיין אויג נישט אראָפגעלאָזט. געהיטן אים און זיינע בוימער. געזען די שטובן זאָלן זיין וואָס שענער און וואָס באַקוועמער. הינט האָבן ביים איינגאנג געבילט, און חוצפהדיק־פאַרשייטע, רוישיקע בעלער זענען דאָרט פארגעקומען...

רב אברהמעלע איז אין דער שטאָט סאָכאַטשעוו אויפגענומען געוואָרן אלס רב. געווען איז ער נישט בלויז דער גאון, דער גוטער לערנער, נאָר אויך רבי. צו אים זענען געפאָרן חסידים נאָך דעמאָלט, ווען ער איז געווען רב און רבי אין די שטעט קרושניעוויץ און נאַשעלסק, איידער ער איז אויפגענומען געוואָרן אין סאָכאַטשעוו. רבי אברהמעלעס הסידים איז נישט אָנגעשטאנען, אז זייער רבי זאָל ווינען אין דער מקוהשער טוכלעקייט און אין דער גרינער פארשימלטקייט פון קהל׳ס דירות לעבן דעם קהלישן בית־המדרש און איבער דער שטאָטישער מקוה ווו ס׳האָבן געוווינט די פריערדיקע סאָכאַטשעווער רבנים.

האָבן חסידים געוואָרפן אן אויג אויפן הויז פון גויישן פאָסט־נאטשאלניק, אויסגע־לייזט עס פון זיינע הינט און פון די חוצפהדיק פארשייטע בעלער און דאָס הויז מיטן געפלעגטן גאָרטן, אויסברוקירטן הויף און די פיר צי פינף קאַשטאַן־בוימער ביים אריינגאנג — באשטימט פארן מקום־תורה און חסידות פארן רב ר׳ אברהמעלען.

גרויס איז געווען די שמחה אין סאָכאַטשעוו, ווען רב אברהמעלע איז אָנגעקומען אין דער שטאָט אלס רב. בעלי־בתים זענען מיט קאָטשן אים אנטקעגנגעפאָרן, מיט מוזיק האָט מען אים אריינגעפירט אין שטאָט. קינדער און דערוואקסענע זענען אויפן וועג ארויס, כדי מקבל פנים צו זיין דעם רבין. די וועגן פון גראדזיסק און זשיראַרדאָוו האָבן זיך געשוואַרצט פון מענטשן. גרויס איז געווען די התלהבות ביים עולם ווען רבי אברהמעלע, אין לאנגן שווארצן, זיידענעם רבנישן בגד מיט דער שווארץ־גרוילעכער געדיכטער באָרד, איז ארויף אויף די דריי טרעפלעך פארן הויז און מיט זיינע ווייסע אויסגעאיידלטע הענט, וואָס זענען נישט געוווינט געווען צו קיין האמער, גענומען דעם אייזערנעם מכשיר, כדי אנצוקלאפן די גרויסע מזוזה אויף דער טיר ביים פראָנט אריינגאנג.

א ציטער, ווי דאָס רוישן פון די זאנגען אויף די ארומיקע פעלדער, איז דורכגעגאנגען איבערן עולם, וואָס איז געווען פארזאמלט אין דער גאס. מיט איינ־געהאלטענעם אָטעם האָט מען געוואַרט, ווען עס וועט זיך הערן דער קלאַפּ פונעם האמער, יעדער האָט געפילט, אז עס קומט פאָר אן אויסלייזונג. צו דעם הויז פון די הינט און פארשייטע בעלער, ווערט יעצט צוגעשלאָגן א מזוזה מיט גרויסע ש־ד־י אותיות, און רב אברהמעלע מיט די ריינע קדושה־הענט קלאפט־אָן די מזוזה. די טומאה וועט מער קיין אחיזה נישט האָבן. קדושה קומט אויף איר אָרט. געריייניקט ווערט די שטאָט און געריייניקט ווערן די יידישע הערצער. יידן האָבן געקוקט אויף די קאשטאנען בוימער פארן הויז, און געזען ווי זיי שפרייטן זייערע גרינע צעוואקסענע צווייגן, ווי א חופה, צו באַשאָטענען און היטן פון שלעכטס די הייליקייט.

רב אברהמעלעס קאָפּ אין גרויסן קאָלפאק איז געווען געבויגן צו דער טיר־ראָם, די האַנט זיינע אָנגעלענט אָן דער טיר, א שטילקייט ארום. אלע האָבן געוואַרט אויף ר׳ אברהמעלעס ברכה. באַלד האָט זיך דערהערט דער ציטערנדיקער „ברוך אתה“ און א קלאפּ מיטן האמער האָט דורכגעלעכערט די שטילקייט, אן עכא

האָט אפגעהילכט פון דער ווייט, נאָך א קלאפּ און נאָך א קלאפּ און די מזוזה איז שוין געזעסן אויף דער טיר־ראַם. דער עולם האָט אָפּגעעטעמט מיט דערלייכטערונג. א געזאנג האט זיך גענומען רייסן פון די מיילער, א פריילעכס האָבן אויפגעשפּילט די סאָכאַטשעווער כליזמרים. מען האט געטרונקען לחיים. יעדער האָט זיך געשטופּט מיט דער האנט צו רב אברהמעלע, כדי אים צו ווינטשן גליק און לאנג לעבן. האנט און אקסל האָבן זיך באהאָפּטן און פארגאנגען אין א טאנץ, און געדאכט האָט זיך, אז עס טאנצן אויך די אַרומיקע פעלדער, די בוימער ארום. ליכטיקער האָט אויפגעשיינט די זון און פריילעכער האָבן געפלעשטשעט די כוואליעס אין דער בזורע. אלץ לעבעדיקער איז געוואָרן דאָס שפּילן און זינגען, אלץ התלהבות׳דיקער דער טאנץ. ר׳ אברהמעלע, באגלייט פון זיינע מקורבים, איז אריין אין די שטובן, וואָס זענען פאר אים צוגעגרייט געווארן.

די שבתים אין סאָכאַטשעוו זענען געוואָרן ימים טובים. יעדער שבת א באזונדערער יום־טוב. באלעבאָסטעס האָבן ערב שבת געשטעלט אין די אויוונס פעטע און זיסע קוגלען, כדי זיי צו שיקן צום רבינס שבתדיקן טיש. פשוטע בעלי־גופים מיט די צוגעפּארענע חסידים, האָבן אין די שבתים געהערט תורה פון רבי אברהמעלעס מויל, געדאוונטביים רבינס חסידישן מנין, זיך גרויס געהאלטן מיט זייער רב און מיט דער זכיה, וואָס זייער שטאָט סאָכאַטשעוו האָט זוכה געווען. זיי זענען ביי זיך געוואָרן זיכערער. זיי האָבן ווער עס זאָל זיי היטן, חלילה, אין אן אומגליק,מתפלל זיין פאר זיי בעת א סכנה, בעטן פאר זייער פרנסה. האָט מען טאקע געקוקט זיכערער אויף די גרינע פעלדער און וועלדער, וואָס שפּרייטן זיך אויס ארום דער שטאָט, פונוואנען עס קומט זייער פרנסה. לעבעדיקער האָט מען אין די זונטיקדיקע פּארטאָגן געשפּאנט פערד און וועגעלעך; דאָרפס־גייער מיט שטעקנס אין די הענט און זעק אויף די פּלייצעס, געבויגענע אונטער דער שווערער לאסט, בעת זיי האָבן זיך געלאָזט אין די דערפער, האָבן זיי פריער געכאפּט א קוק צום רבינס הויז, פון וואנען ס׳האָט צו זיי מיט טרייסט און האָפענונג געלויכטן דאָס געדעמפּטע ליכט פון רבינס התבודדות־שטוב. צוגעהערט זיך צום שטילן געזאנג פון רבינס תורה לערנען און מיט געבעט און בטחון אין די הערצער, זענען זיי ארויף אויף די טרעפּלעך פון רבינס הויז זיך געהויבן צו דער מזוזה, מיט דער האנט אנגערירט די הייליקייט און געגעבן א פרומען קוש.

אין שטעטל האָט זיך געמאכט מער פרנסה. בעלי־בתים האָבן פארלייגט אכסניות פאר חסידים, וואָס קומען פון דער פרעמד צום רבין אויף שבתים און ימים טובים. אין די דאָנערשטיקן האָבן זיי שוין אין די גרויסע קעסלען געקאָכט פיש און פלייש פאר די חסידים וואָס וועלן אוודאי קומען אויף שבת. פארפאָרעט, מיט גערויטלטע באקן, זענען די ווייבער פון די בעל־אכסניות ארומגעגאנגען און געטאָן אלץ מיט גרויס איילעניש. מיט צוזאמענגעצויגענע ליפּן פארזוכט פון די שבתדיקע מאכלים, פאָסמאָקעוועט זיך, מיט דער צונג געפּרוווט, צי עס פעלט נישט א ביסל

זאלץ און א ביסל פעפער, און איינגעהערט זיך צי עס פאָרן שוין די חסידים אויף די טראַקטן.

אויך אין די קראָמען האָט מעז געפילט, אז חסידים קומען צו פאָרן. דער פדיון איז געוואָרן גרעסער. מען האָט מער געוויגן און מער געמאָסטן. די בעקער אין שטאָט האָבן אויך אין זייערע בעקערייען דערפילט די ברכה.

אפילו ביי די שניידער און שוסטער איז לעבעדיקער געוואָרן. מען גיט מער צו ארבעטן און צו פאריכטן, ווער קאָן דאָס ארומגיין אין א וויסטן הולך, מ׳שעמט זיך פאר די אָנפאַרנדיקע חסידים, אויך א פרעמד מלבוש און א פאר שטיוול פאלן אמאָל אריין.

די הויפּט־מחותנים זענען אבער געווען די בעלי־עגלות. דאָס קנאַלן פון די בייטשן האָבן געהילכט ווי שאָסן, און די רעדער אויפן ברוק האָבן אָנגעמאכט ליארעם און רעש. איין „וויאָ״ האָט געיאָגט דעם צווייטן און פורלעך, בוידן, אנגעפאקט מיט חסידים, האָבן אָנגעפילט די גאסן, דעם מארק. סאמעטענע חסידישע קאשקעטן, שטריימלעך, זיידענע און אטלאסענע קאפאָטעס, האָבן געמיניעט אין דער זון. א שבת גייט... א שבת גייט... און געציטערט האָבן די שויבן אין די הייזער. נאָך א וואָגן, נאָך א בויד קומט אָן.

שפעטער האָט מען אָנגעהויבן מויערן דעם גרויסן רחבותדיקן בית־מדרש און אויסברוקירט דעם הויף. ממש איבערנאכט זענען געוואקסן די ווענט פארן בית־מדרש. ס׳איז געוואָרן אָנגעלייגט געהילץ, און דער מקום־קדוש איז פאַרטיק געוואָרן. העכער האָט זיך גענומען הערן דאָס געזאנג פון חסידים, רעשיגער דאָס לערנען פון די בחורים אין רבינס ישיבה, און ס׳האָט אויפגעלעבט די שטילע טראַיאַנאָווער גאס. ס׳האָבן שוין מער נישט געשראָקן דעם גלח׳ס גערטנער, און דער „לוסט־גארטן״, וווּ ס׳איז אין די גאָר אלטע צייטן געווען א „צמענטאזש״, און כהנים האָבן נישט געטאָרט ארייַנגיין.

### קנאה, שנאה און מחלוקת

די וואָס זענען באקאנט מיט דער געשיכטע פון סאָכאַטשעוו, ווייסן צו דערציילן, אז די סאָכאַטשעווער יידישע קהילה איז געווען עלטער פון דער ווארשעווער. געווען אַ צייט, ווען מען האָט געברענגט אויף וועגענער יידישע מתים פון ווארשע, כדי זיי מקבר צו זיין אויפן סאָכאַטשעווער בית־עולם.

אויך דאָס רבנות אין סאָכאַטשעוו האָט א רייכע טראַדיציע. דער רבי פון באוווסטן גאון, דער מחבר פון דעם ספר „פנים מאירות״ איז געווען רב אין סאָכאַטשעוו. מען וויים פון ר׳ אריה לייב דעם רבי פון יוד הקדוש, פון ר׳ משה׳לע חריף, וואָס האָט פאר זיין פטירה איבערגעלאָזט א צוואה, אז בעת אן עת צרה זאָל א מנין יידן זאָגן תהילים אויף זיין קבר און ער זאָגט צו, זיך צו מיען ביים כסא הכבוד, אז די צרה זאָל אָפּגעטאָן ווערן. דער אָרט פון זיין קבר איז אבער נעלם

געוואָרן, און אפילו חברה קדישא־לייט קענען דעם קבר נישט געפינען. ביי אן עת צרה ווערט עס נתגלה, יידן בעטן, ווערן געהאָלפן און דער קבר פארשווינדט ווידער. אזוי האָבן דערציילט אונדזערע זיידעס, אלטע לייט האָבן נאָך געדענקט ר׳ אליעזרן דעם סאָכאַטשעווער רב, פון וועלכן מען דערציילט, אז ער האָט געראטעוועט פון א בלוט־בלבול אין סאָכאַטשעוו.

אין די פארנאכטן, אין פאָליש פון דער שול און אין קהל׳ס בית־המדרש, האָבן אלטע בעלי בתים געפלעגט דערציילן מעשיות, וואָס זיי האָבן געהערט, ווען זיי זענען נאָך געווען קינדער וועגן גרויסע רבנים, צדיקים, למד־וואָווניקעס, וועלכע האָבן געלעבט אין סאָכאַטשעוו זייער באשיידן, געווען אויסגעמישט מיטן פראָסטן עולם. זיי, די תושבים זענען געווען אומצופרידן מיט דער חסידישער ברייטקייט, מיט דער גאווה און מיטן גרויסן טומל ארום רבישן הויף. ס׳האָט זיי געארט, וואס די חסידים טרייבן לצנות פון די פשוטע בעלי־בתים. ס׳האָט זיי גענומען ארן דער רעש און ליארעם, וואָס צעשטערט די פארשלאָפענע קליינשטעטל־דיקע שטילקייט. צו גיך פאָרן די בוידן און פורלעך מיט חסידים, צו רעשיק קלאפן די פערדישע פאדקאוועס אויפן ברוק, און צו הויך זינגען די חסידים ביים רבין אין בית־מדרש. שטיל, קיינער זאָל נישט הערן, האָבן זיי אנגעהויבן רופן די חסידישע לומדים „לאמדזשוכעס", די סתם חסידים — „שלעפערס", „חסידאקעס", און די אומצופרידנקייט איז געוואקסן. אין שול איז קיין מנין נישטא... קהלס בית־המדרש פוסטעוועט... א שרעק רופט ארויס דעם רבס ליידיקע דירות איבער דער שטאטישער מקוה... — אזוי האָט מען גערעדט, און זיי האָבן אָנגעהויבן קוקן אויף דעם צענטער פון תורה און יידישקייט, וואָס איז אפגערוקט געווארן אין סוף פון דער טראַיאַנאָווער גאַס, ווי אויף נישט זייערס, ווי אויף פרעמדס...

רבי אברהמעלע אליין איז אויך נישט געווען אזא רב ווי די פריערדיקע רבנים. זיין טיר איז נישט געשטאנען אָפן פאר די שטאָטישע בעלי־בתים, ווי ס׳איז געווען ביי די אמאָליקע רבנים. נישט ווען מען האָט געוואָלט האָט מען געקאָנט אריינגיין צום רבין ר׳ אברהמעלען. מען האָט געמוזט אָנקומען צו זיין משמש ער זאָל אריינלאָזן צום רב. נאָכמער האָט מצער געווען ר׳ אברהמעלעס אפגעזונדערט־קייט, ווי דערמיט וואָלט פארבלאסט געוואָרן דאָס אָנזען און די גרויסקייט פון די פריערדיקע רבנים, צו וועלכע מען האָט געקאָנט אריינגיין ווען מען האָט געוואָלט...

פאמעלעך, ביסלעכווייז האָט גענומען וואקסן דער פירוד, ביז ס׳האָט די מער היציקע בעלי־בתים ארויסגעברענגט פון די כלים.

שמואל טשודניק, דער פערדס־הענדלער, וואָס האָט געהאט זיין הויז אויף דער טראיאנאווער גאס אין דער נאָענט פון רבינס הויז, איז א שבת־נאָכמיטאג, אין שפעטצער און אין די הויזן, אן איבערגעוועקטער פון שבתדיקן שלאָף, ארויס אין גאס, געוואלדעוועט מיט זיין גראב קול קעגן דעם זינגען פון די חסידים, וואָס

שטערט אים זיין שבת־רו און געפּאַכעט מיטן גראָבן פּאַסעק, אז ער וועט זיי „די חסידאקעס" אָנלערנען.

אומצופרידן איז אויך געווען די יוגנט. דעם סאָכאַטשעווער רבינס אָנהענגער זענען געוואָרן פרומע, און געוואָלט זייערע קינדער מדריך זיין אויפן שטייגער פון „הויף". אויף שריט און טריט האָבן די עלטערן געמוסרט די קינדער, אנגעוויזן זיי אויף די בחורים אין רבינס ישיבה, וואָס זענען אויך יונג און זיצן גאנצע טעג און נעכט און לערנען. די יוגנט האָט עס פארדראָסן אין געזען די שולד אין רבנים הויף. ווי צו להכעיס דעם הויף, האָבן בחורים גענומען לערנען אין קהל'ס בית־מדרש, כדי צו ווייזן, אז מ'קאָן אויך לערנען מחוץ דעם הויף. אין דער אייגענער צייט האָבן אויך גענומען אריינדרינגען אין שטעטל די חובבי־ציון אידעען און אויך סאציאליסטישע אידעען, און עס איז געוואקסן די קעגנערשאפט צום רבישן הויף, וואָס האָט געהאַלטן דעם ציוניזם און א פשיטא שוין דעם סאָציאליזם פאר כפירה און אפיקורסות ר"ל.

געווען אויך אזעלכע בעלי־בתים, וואָס אין זיי האָט געברענט די קנאה צו די בעלי־אכסניות און צו אנדערע יידן, וואָס האָבן געהאַט פרנסה פונעם הויף. מעשיות אמתע און ליגנערישע, זענען געטראגן געוואָרן פון שטעטל אין הויף און פון הויף אין שטעטל. דאָס יידישע סאָכאַטשעוו האָט זיך צעטיילט אין צוויי צדדים, און די שנאה האָט גענומען פלאקערן און פלאקערן...

איך ווייס נישט, ווער עס איז שולדיק אין דעם, וואָס רבי אברהמעלע איז דורך דער רוסישער רעגירונג אראָפּגעזעצט געוואָרן אלס סאָכאַטשעווער רב. זייער מעגלעך און אויך ווארשיינלעך, אז געווירקט האָט דאָס דעמאָלטדיקע געזעץ וועגן עקזאמענס, וואָס רבנים דארפן באלייגן, איידער זיי ווערן אָנערקענט אלס רבנים.

מיטאמאָל איז רבי אברהמעלע ארויסגערופן געוואָרן צום גובערנאטאָר קיין ווארשע און ער, דער גובערנאטאָר, האָט פארגעלייגט דעם רבין, ער זאל באשטימען א טערמין, ווען ער וועט באלייגן דעם עקזאמען. הגם א סך עלטערע רבנים, וואָס האָבן געפירט דאָס רבנות איידער ס'איז ארויס די גזירה, זענען פון די עקזאמענעס באפרייט געוואָרן האָט דער גובערנאטאָר דוקא פארלאנגט, אז דער רבי אברהמעלע זאָל זיך עקזאמינירן. צי דער צארישער מושל האָט געוווסט פון דער קעגנערשאפט, וואָס רבי אברהמעלע האָט אין שטאָט, צי גלאַט אלס רשעות, צי איז עס געווען א מסירה אָדער ראַפּאָרט פון די קלענערע באַאַמטע אין דער שטאָט? קיינמאָל וועלן מיר שוין נישט וויסן, פארוואָס רבי אברהמעלע איז געצוווּנגען געוואָרן צום עקזאמען. ער האָט אָבער דרייסט געענטפערט דעם גובערנאטאָר: — „א דבר שבחכמה בין איך בטוח, אז ס'וועט ביי מיר אזוי לאנג נישט דויערן זיך אויסצולערנען, אָבער אוועקגעבן די צייט זיך אויסצולערנען א לשון וויל איך נישט. מיין צייט איז מיר צו טייער".

געזיגט האָבן ר' אברהמלעס קעגנער. רבי אברהמעלע איז געוואָרן אויס רב.

דאָס האָט אים שטאַרק גערירט און האָט זיך דערוועגן אויסגעדרוקט: ווען איך וואָלט געוווינט אין וואַלד, וואָלטן זיך די בוימער מיט מיר געקריגט, אבער נישט דער רב פון סאָכאַטשעוו; דער הויף אָבער האָט ווייטער זיך געפירט ווי פריער. אין די פרייטיקס און ערב יום־טוב, זענען די גאסן פון סאָכאַטשעוו געווען פול מיט פרעמדע, צוגעפאָרענע חסידים. גלאַנציקע אַטלאַסענע קאַפּאָטעס האָבן ווידער געמיניעט אין שיין פון דער זון, חסידים אין קאַשקעטן און שטריימלעך האָט מען געזען אויף שריט און טריט. די שויבן אין די הייזער האָבן געציטערט פון די פרישע פורן און בוידן, וואָס זענען אָנגעקומען. דער רעש אין שטעטל האָט נישט אויפגעהערט. ס'האָט זיך אויך נישט אָפּגעשטעלט די קנאה־שנאה, אָבער צו קיין גרויסער מחלוקת איז נישט געקומען.

אויך רבי אברהמלעס ישיבה האָט ווייטער עקזיסטירט. בחורים פון כל תפוצות פוילן פלעגן קומען צו פאָרן צו רבי אברהמעלען. זיין נאָמען אלס גאון איז געווען בארימט אין גאָר דער וועלט, ווו עס איז נאָר געווען א יידישער יישוב. פון אלע יידישע ישובים האָט מען אים אנגעפרעגט שאלות, און ער איז געוואָרן דער יידישער פּוסק. ביז צום ערשטן וועלט־קריג (1914—1918) איז אין סאָכאַטשעוו געווען דער רבישער הויף.

אין יאר 1910 איז רבי אברהמעלע נפטר געווארן. ממלא מקום איז געוואָרן זיין בן־יחיד, רבי שמואל, סאָכאַטשעווער רבי. און די פיר צי פינף קאַשטאַן־בוימער, כמעט ביים סוף פון דער טראַיאַנאָווער גאס זענען געשטאנען און געהיטן דעם אריינגאנג אין רבינס הויף.

---

**דוד וואלראט** [ניו־יאָרק]

# די לוויה פון רבי׳ן

מיין שטעטל סאָכאַטשעוו, וואָס ליגט צווישען וואַרשע און לאָדזש, איז באַרימט אין גאַנץ פוילן מיט דעם גרויסען צדיק, ר׳ אברהמ׳לע ז״ל. צום רבי׳ן פלעגען קומען חסידים פון ארבע פינות העולם, און דער „הויף״ איז געווען אַ קוואַל פון פרנסה פאַר אַ גרויסן טייל פון די סאָכאַטשעווער תושבים.

אזוי ווי איך בין געווען אן אייניקעל פון מלכה די לעקעך־בעקערין, וואָס איר לעקעך איז דערגאַנגען אזש צום רבינ׳ס הויף, האָב איך געהאַט די געלעגענהייט צו זיין יעדען פרייטאָג אין רבינ׳ס פּאַלאַץ. איך פלעג אהין ברענגען לעקעך, און איבערגענומען האָט אים אלע מאָל די רבי׳צין אליין.

פרייטאָג גאַנץ פרי בין איך שוין אַן אויסגעצוואַגענער געווען ביי דער באָבע גרייט צו דער שליחות. איך האָב זיך אוועקגעשטעלט מיט אויסגעשטרעקטע הענט, שטייפע ווי דרענגלעך, און די באָבע האָט געלייגט לעקעכער איינס אויפ׳ן אנדערען, ווי ברעטער, ביז איבער׳ן קאָפּ, און אָט אזוי, מיט פארשטעלטע אויגען, האָב איך זיך ארויסגעלאָזט צו מיין וועכענטליכער נסיעה.

דער רבי האָט געוואוינט אין סאַמע עק פון שטאָט, אויף דער טראַנאָווער גאַס. זיין הויז (פּאַלאַץ) איז געשטאַנען אין גאָרטן מיט אַן ארומגעצוימטן פלויט, מיט שטעכיג דראָט אויפ׳ן סאַמע אויבן. דער וועג איז געווען אַ היפּשער מהלך. מיט געציילטע טריט, עס זאָל חס־ושלום ניט פאַסירען קיין מכשול, בין איך בשלום אָנגעקומען צו דער רבי׳צין. גאַנץ אָפּט האָט געטראָפען, אַז די רבי׳צין האָט געהאַלטען און מיטען דאַוונען שמונה־עשרה, און זי האָט ניט געוואָלט מפסיק זיין, האָב איך אַזוי געמוזט שטעהן מיט מיינע „דרענגלאַך״ און ניט געטאָרט אַ פּיפּס טאָן ביז זי איז „ארויסגעגאַנגען״ שמונה־עשרה, געזאָגט עלינו לשבח, אויסגעשפּיגען דריי מאָל און ערשט דעמאָלט איז זי צו מיר צוגעקומען.

די רבי׳צין איז געווען אַ זקנה מיט אַן אַטלאַסען שוואַרץ קופּקעלע אויפ׳ן קאָפּ און אַ בלייך פּנים ווי מילך. צוויי שטרענגע אויגען האָבען אריבערגעקוקט אויף די זילבערנע שפּאַקולען, האָט אָנגעהויבען אויסלייגען די לעקעכער אין אַ שורה, אַדורכגעגאַנגען ווי אַ גענעראַל אויף אַ „סמאָטר״, אָפּגעמאָסטן מיט די אויגן

יעדען לעקעך־סאָלדאט באזונדער, איבערגעשניטען אין מיטען, אריינגעשטעקט דעם „גראָבען" פינגער, אויסגעטאפט צו זען צי עס איז גוט אויסגעבאקן. ס'האָט קיינמאָל ניט פאסירט, אַז זי זאָל זיך מיט'ן ערשטען שליחות קאָנען אָפּקלייבן צו איר געשמאַק.

נאָר אָפט האָט געטראָפען, אַז בשעת איך בין געשטאַנען און געהאנדלט מיט דער רבי'צין איז פארבייגעגאנגען דער רבי... ער פלעגט קיינמאָל ניט „געהן", נאָר לויפן... פלעגט ער זיך אָפּשטעלען ביי מיר, אַ גלעט טאָן מיין קאָפּ, עפּעס אַ שעפּטשע טאָן אין דער שטיל און אוועק... מיין יונג הארץ האָט דעמאָלט אויפגעשפּרונגען פאר פרייד. די דרענגלעך זיינען בשעת מעשה געבליבן ווי פאראליזירט...

איך דערמאָן זיך איצט יענעם פרילינג־טאָג, ווען דער רבי ז"ל איז נפטר געוואָרען און איז געבראַכט געוואָרען צו קבורה.

אין יענעם פרילינגדיקן פרימאָרגן, ווען ס'גאנצע שטעטל האָט נאָך געהאלטן אין אויסטשוכען פון שלאָף, ווען עס האָט נאָך געשמעקט מיט דער פייכטקייט פון מאָרגן־טוי, זיינען שוין אידן געגאנגען פון דאוונען מיט טלית און תפילין אונטער'ן אָרעם. די געוועלבער האָבען זיך נאָך געהאלטען אין עפענען, ווען די שוויגער פון דערבייאיגע דערפער זיינען פארפאָרן אויפ'ן מארק מיט מילכיקס. די זון האָט שוין אָנגעהויבען ווארעמען און דער טאָג האָט זיך געהאט איינגעשטעלט, ווען פּלוצלונג האָט זיך מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ דורכגעטראָגן די טרויעריגע ידיעה, אַז „דער רבי זאָל לעבען איז חרוב"... אידען, פרויען, קינדער, אַלע האָבען זיך ארויסגעריסען פון די שטיבער ווי אונטערגעצונדענע. עס האָבען זיך אָנגעהויבען פאָרמירען גרעסערע גרופּעס מענשען יעדע פאַר טריט. געוועלבער האָבן זיך אָנגעהויבן פארמאכן. גאנצע קנוילן מענשען האָבן באלד אָנגעפילט די שול, בית־המדרש, אַלע „שטיבלעך", צו זאָגן תהלים. ווייבער האָבן זיך מיט „מאַראלישע" קולות אוועקגעלאָזט אויפ'ן בית־הקברות „איינרייסען". גאנץ סאָכאַטשעוו איז באלד געוואָרען א מקום תפילה פאר'ן רבי'ן.

די ידיעה האָט זיך באַלד צעברענט ווי אַ פייער אין אַ טרוקענעם וואַלד, אין די שכנות'דיגע שטעט, און דורכ'ן טאָג האָבן זיך אָנגעהויבען באַוויזען צוגעפאָרענע אידען — רבנים, רביים. דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטען א גאַנצען טאָג און א גאַנצע נאַכט. קיינער אין יענע נאכט איז ניט געגאנגען שלאָפען. צו מאָרגענס גאַנץ פרי איז שוין די טראנאָווער גאַס געווען שוואַרץ מיט צוגעפאָרענע חסידים. אין הויף האָט מען אינגאַנצען ניט געקאָנט אַריין. אַ טייל אידען האָבען זיך ווי עס איז דערשלאָגען צום פענסטער, וואו דער חולה איז געלעגען און פון דאָרט איבערגעגעבען ווי ס'האָלט...

מיטאַמאָל האָט אלעמען אַרומגעכאַפּט א טויטע שטילקייט — „דער רבי האָט

זיך געהייסען דערלאַנגען טלית און תפילין״... שעפּטשעט אויס דער איד ביים פענסטער מיט ציטערדיגע ליפּען... הערצער הויבן אָן קלאַפּען שנעלער. ס׳געדרענג ווערט גרעסער, ענגער. „מ׳האָט אים אָנגעטאָן טלית און תפילין״... „דער רבי זאָגט וידוי״... גרויס און קליין זיינען געשטאַנען מיט אויסגעשטרעקטע הענט און פאַרריסענע קעפּ צום הימעל און מיט שרעקליכע יללות דורכגעשניטען די לופט: „ראַ־טע־ווע אונזער צדיק!...״ אַ קול ווי פון אַ שופר אויף אַ שפּיץ באַרג האָט איבערגעשניטען די לופט: „ס׳איז יציאת נשמה...״ ס׳האָט ביי אַלעמען אָפּגענומען הענט און פיס, העלזער זיינען פאַרשטומט געוואָרען. אַ איד ביים „פענסטער״ האָט מיט אַ צעקרימט פּנים פון ווייטאָג, זיינע הענט איינגעקלאַמערט אין זיינע האָר פון קאָפּ און אַרויסגעוויינט פון זיך: „ברוך דיין האמת!״ דער עולם האָט מיט פאַרשטיקטע קולות נאָכגעזאָגט: „ברוך דיין האמת!...״

די שטאָט איז געוואָרען איינגעהילט אין אַ שוואַרצען טרויער. מענשען ויינען פאַרבייגעגאַנגען, איינע די אַנדערע ווי שטומע זיך אָנגעקוקט, אַ קוק געטאָן אויף אַרויף, און ווייטער געגאַנגען. פון אַלע וועגען און שטעגען האָבען זיך געצויגען כוואַליעס מענשען. עס זיינען אָנגעקומען ספּעציעלע צוגען, מ׳איז געקומען אויף קאַטשען, בריטשקעס און וועגענער; מענשען זיינען געקומען צופוס פון וואַרשעווער שאָסיי, פון לויוויטשער שאָסיי — מתנגדים, חסידים אין אַטלעסענע קאַפּאָטעס מיט סאַמעטענע היטלעך, רבנים מיט סאַמעטענע קאַפּעליושען, רביים מיט שטריימלעך, שיך און ווייסע זאָקען. אַלע גאַסען זיינען שוואַרץ געוואָרען פון אידען מיט לאַנגע בערד, קורצע בערד, געדיכטע בערד און שיטערע בערדלעך; בחורים מיט בלאָנדע „שפּראָצען״ — אַלץ האָט זיך געצויגען צו דער טראַנאָווער גאַס, צום רבי׳נס הויף. יעדעס אידישע הויז איז געווען אַן אכסניה, כאָטש קיינעם איז גאָר ניט איינגעפאַלען צו גיין שלאָפען, אָבער אַלע אידישע הייזער, אַלע שטיבלעך, דאָס בית־מדרש, די שול — אַלע זיינען געווען פול מיט פרעמדע חסידים.

עס זיינען אָנגקומען קאָרעספּאָנדענטען פון וואַרשע און פון לאָדזשער אידישע צייטונגען. דער פאַרשטאָרבענער זשורנאַליסט ב. יאושזאָן, און מיין ברודער פּסח האָבען זיך „פאַרקליידט״ אין שוואַרצע אַטלעסענע קאַפּאָטעס און זיינען אָוועק אין הויף. איך האָב זיך קוים איינגעבעטען ביי מיין טאַטען, ע״ה, ער זאָל מיך אויך מיטנעמען. עס האָט גענומען ביז האַלבע נאַכט איידער מיר האָבען זיך דערשלאָגען צום חדר וואו דער נפטר איז געלעגען. מיט גרויס מיה זיינען מיר ענדליך אַריין אינעווייניג. דער חדר איז געווען כמעט פינסטער. מענשען־ווענט זיינען געשטאַנען אַרום און אַרום. פון דער מיט האָט זיך געשלאָגען אַ פאַרנעפּעלט ליכט, וואָס האָט געוואָרפען לאַנגע צעצויגענע שאָטענס אויף די ווענט און אויפ׳ן סופיט. מיין טאַטע האָט מיך אויפגעהויבען איבער די אַרומיגע קעפּ, און כ׳האָב דערזען: אין סאַמע מיטען איז געלעגען אַ קליין בערגעלע, צוגעדעקט מיט אַ שוואַרצער אַטלעסענער קאַפּאָטע, וואָס דער „קאָצקער״ האָט געגעבען זיין גרויסן איידעם, דעם „סאָכאַט־

שעווער". צוקאָפּענס האָבן געצאַנקט געלע וואַקסענע ליכט. אַרום דעם נפטר זיינען האַלב־געזעסן, האַלב־געלעגען אויף דר'ערד רביים מ'ט ספרים אין די הענט און אויסגעוויינט זייער גרויסען צער.

צומאָרגענס האָבען אַלע, וועלכע האָבען געהאַט די זכיה זיך מתעסק צו זיין, סאַי ביים נייען תכריכים, סאַי ביי דער טהרה, זיך געמוזט טובל זיין איידער זיי האָבען זיך צוגערירט צום נפטר. אונטער געוויינליכע אומשטענדען נעמט דער גאַנג פון רבי'נס הויף צום בית־עולם אַ דריי־פערטל שעה; די לוויה האָט זיך אָבער געצויגען פון דער פרי ביז פאַרנאַכט, מחמת די נושאי־המטה האָבען זיך געביטען ביי יעדען טראָט. די מטה און דעם אָרון האָט מען געמאַכט פון דעם שלחן אויף וועלכען דער רבי פלעגט לערנען.

דעם קאָרעספּאָנדענט ב. יאושזאָן איז איינגעפאַלען אַז מיין ברודער זאָל פאָטאָגראַפירען די פראָצעסיע. האָב איך געבראַכט דעם אַפּאַראַט און מיר זענען אַרויף אויפ'ן דאַך פון די יאַטקעס אָנגעשטעלט דעם אפּאַראַט אונטער'ן קוימען כדי מען זאָל אונז ניט באמערקען. מען האָט געקענט זען פון ווייטען ווי עס שלענגעלט זיך די מטה אויף אַ כוואַליע מענשען־קעפּ, און בשעת זיי האָבען זיך געהאַלטען אין דערנענטערן האָבען חסידים אונז דערזען און אונז פאַריאָגט...

איך האָב זיך דאַן אוועקגעלאָזט צום בית־עולם. דאָרט זיינען שוין געווען טויזענטער מענשען, מען האָט זיך געריסען און געאַמפּערט צו באַקומען אַ ברעט פון אָרון, כדי אָנצושרייבען דעם נאָמען. קוים מיט צרות איז מיר געלונגען צו פאַרכאַפּען אַן עק פון אַ ברעט און האָב אָנגעשריבען די נעמען פון מיין טאַטע־מאַמע און פון מיר מיט מיינע ברידער.

די זון האָט שוין געהאַלטען אין פאַרגיין און האָט זיך גע'טובל'ט אין דעם ווידערשיין פון דעם טייך בזורע, וועלכער פליסט האַרט ביים באַרג פון בית־עולם. מיט'ן אָנקום פון דער נאַכט האָט מען געבראַכט צו קבורה דעם גרויסען נפטר ר' אברהמ'עלע באָרענשטיין ז"ל. פאַר די גאַנצע שלשים זיינען חסידים געשטאַנען וואַך טאַג און נאַכט בשעת מ'האָט געשטעלט דעם אוהל.

(„טאָג" — 1944)



**דער רבי רב שמואל - דער "שם משמואל"**
**הרבי ר' שמואל, ה"שם משמואל"**

א. חצרוני

# דער „שם משמואל"

(ד׳ השון תרט״ז — כ״ב טבת תרפ״ו)

## קורצע ביאגראפישע שטריכן

דער „שם משמואל" איז געבוירן געווארן אין קאָצק (תרט״ז), און זיינע יוגנט־יאָרן זענען פאַרביי אין פאָרטשעוו און קראָשניעוויץ, ווו זיין טאטע, דער גאון, איז געווען רב, און פון אים געלערנט תורה. זיין מאמע די צדקת שרה־צינא, די טאָכטער פונם אדמו״ר פון קאָצק ר׳ מנחם מענדל זצ״ל. אין תרל״ד האט ער חתונה מיט דער טאכטער פון ר׳ אליעזר ליפמאן פון ראַדאָמסק, דער ברודער פון בעל „תפארת שלמה" — אַ באגייסטערטער קאָצקער חסיד. געבליבן מיטן טאטן און צוזאמען מיט אים אריבער קיין נאָשעלסק און סאָכאָטשעוו. געוווינט אין אַ באַזונדערע דירה אין צענטער שטאָט, און זיין חיונה געצויגן פון אַ וויין־געשעפט, הגם ער האט זיך נישט אינטערעסירט שטאַרק מיטן האַנדל.

נאכן טויט פון זיין ערשטער פרוי, האט ער חתונה געהאט (אין תרס״ג) מיט אַ צווייטער, די טאכטער פון קשאָנזשער רב ר׳ משה נתן שפירא.

נאָך דער פטירה פון זיין טאטן, דעם גאון, איז ער געקרוינט גע־ווארן אלס אדמו״ר אויף זיין אָרט, און איז אריבער וווינען אין זיין דירה אין הויף.

דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האט אים געטראָפן אין אַ קור־אָרט אין דייטשלאַנד. נאָך אַ סך באמיאונגען איז געלונגען אים — און אַ ריי אנדערע אדמורי״ם — זיך אומקערן קיין פוילן. צוליבן דרוק פון דער צארישער ארמיי האט ער באשלאָסן צו בלייבן אין לאדזש, וווהין ער האט אויך אריבערגעפירט זיין משפחה — און אזוי אַרום איז ער נישט געווען אין סאָכאטשעוו בעת איר חורבן אין יאר תרע״ה (1915).

די מלחמה־יארן איז ער פארבליבן אין לאדזש, ווו ער האט אָנגעפירט די עדה פון זיינע חסידים און זיי מדריך געווען און געמוטיקט אין די שווערע צייטן. אין יאר תרע״ט איז ער אריבער קיין זגערזש — אַ קליין שטעטל ביי לאדזש — כדי זיך צו דערווייטערן פון דעם רויש פון דער גרויסער אינדוסטרי־שטאָט. דא האט ער געגרינדעט זיין בית־מדרש און זיך

באַזעצט, הגם ער האָט נישט אויפגעהערט צו מאַכן פּלענער וועגן אומ־קערן זיך קיין סאַכאַטשעוו.

אין יאָר תרפ״ו איז ער קראַנק געוואָרן. מען האָט אים איבערגעפירט קיין אָטוואָצק, וווּ ער איז נפטר געוואָרן כ״ד טבת תרפ״ו, און איז גע־בראַכט געוואָרן צו קבורה אינעם אוהל פון זיין טאַטן אין סאַכאַטשעוו.

די גאַנצע יידישע וועלט האָט ביטער באַקלאָגט די אבידה.

***

דער „שם משמואל" איז געווען אַן איינציקער זון ביי זיינע עלטערן (זיי האָבן געהאַט נאָך אַ טאָכטער, אסתר, וואָס האָט חתונה געהאַט מיטן הרה״ג ר' מאיר באָרנשטיין, איר טאַטנס ברודער, געוווינט אין סאַכאַטשעוו און דאָרט נפטר געוואָרן) — און פון זיין פריעסטער יוגנט געווען געקניפּט און געבונדן מיטן טאַטן. תמיד געווען ביי אים, זיך געזען ווי זיין תלמיד און אים פאַרהערלעכט. אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען ער איז שוין געווען אַ פאָטער פון אַ פאַרצווייגטער משפחה, איז נישט פאַרביי קיין טאָג ער זאָל נישט זיין מיטן טאַטן. און בעת ער האָט פאַרנומען זיין אָרט נאָך זיין פּטירה אַלס אדמו״ר פון סאַכאַטשעוו — האָט ער זיך געזען נישט מער ווי אַ פּרשן, אַ קאָמענטאַטאָר פון דעם טאַטנס תורה.

און נישט ווייל ער איז געווען אַ ווייכע און מילדע נאַטור, אומגע־קערט: געווען אַ תקיף אין זיינע מיינונגען, מיט אַ שאַרפן זעלבסטשטענדיקן שכל, וואָס האָט זיך פאַר קיינעם נישט מתבטל געווען. אָבער אין באַצוג צום טאַטן, דעם גאון, איז ער תמיד געווען ווייך און מילד, אַ זון און אַ תלמיד.

אויך די באַציאונג פונעם טאַטן צו אים איז געווען נישט ווי געוויינלעך. דער טאַטע האָט זיך באַצויגן צו אים מיט כבוד און פאַרערונג, און פלעגט אים רופן (נישט אין זיין אַנוועזנהייט) „מיין ר' שמואל", זיך גערעכנט מיט זיין מיינונג, און נישט געטאָן קיין גרויסע אָדער קליינע זאַך נישט באַראַ־טנדיק זיך מיט אים.

און אַזוי האָבן זיי געלעבט צוזאַמען 35 יאָר, אין אַ פולער צוזאַמענאַרבעט אויף אַלע לעבנס־געביטן. אַזוי ווי זיי וואָלטן געהאַט איין נשמה, איין וויזיע, און צוזאַמען געאָטעמט די הויכקייטס־לופט פון קאָצק. אָפּט האָט געשיינט, אַז דער טאַטע דען גאון, וואָס צו זיין וואָרט האָבן געלעכצט אַ סך, — זיין אָנשפּאַר און אָנלען זענען די שטאַרקע קאָצקער פּלייצעס פונעם זון. דערין טאַקע שטעקט אפשר די סיבה פון דער אומגעהויערער פאַרהערלעכונג פונעם זון צום טאַטן. ווייל וועער נאָך ווי ער האָט געוווּסט זיין גייסטיקע דערהויבנקייט, זיין גרויסקייט אין תורה און יראה. און אויך די כבוד־באַ־ציאונג פונעם טאַטן צום זון, דעם קאָצקער איניקל — וואָס איז ווי אַן אָפּ־

שפיגלונג פון זיין גרענעצלאָזער פאַרהערלעכונג צו זיין קאָצקער שווער, וואס פון איר האט ער זיך נישט באפרייט ביז זיין עלטער.

אָט דער שטריך — נוסח קאָצק — באגלייט זיין גאנץ אקטיוו און גייסט־רייך לעבן, און דריקט זיך אויס באזונדערס אין זיינע ספרים וועלכע זענען דערשינען שוין נאך זיין טויט — די 8 בענדער „שם משמואל״, תורה און חסידות אויף די פרשיות פון דער וואָך, וואס ער פלעגט זאָגן פאר זיינע חסידים אין די יאָרן תר״ע—תרפ״ו, געשריבן מיט זיין שיינער און רייכער שפראַך, און מיט אַ וואַרעם האַרץ — אזוי ווי מיר וואָלטן זיי היינט געהערט פון זיין מויל —

די הויפט פונקטן פון זיין תורה: די אומאויפהערלעכע פאָדערונג צו שלמות און אחדות פון אלע טיילן פון דער נשמה אין עבודת השם; עס זאל דאס האַרץ בענקען צום באשעפער מיטן גאנצן ברען פון געפיל, און גלייכצייטיק זאל דער מוח באַווירקן און ריכטן די טעטיקייט פונעם געפיל, כדי צו דערגרייכן דעם ציל, זיך דערהויבן און באַהעפטן מיטן בורא און דער תורה.

גלייכצייטיק געווען טעטיק אינעם יידיש־געזעלשאפטלעכן לעבן. גענומען אַ קלאָרע שטעלונג צו כלערליי פראָבלעמען, אויך אין דער פראגע פון ציוניזם. זיינע מיינונגען האט ער אויסגעדריקט קלאָר און מוטיק. אלע יאָרן האט ער געשטרעבט זיך באזעצן אין ארץ ישראל — אין זיין יוגנט (תרנ״א, 1891) האט ער לויט דער איניציאטיוו פון זיין טאַטן דעם גאון באַזוכט ארץ ישראל, כדי צו קויפן באָדן פאר אַ קאָלאָניע פון חסידים, אָבער דער פאַרבאָט צו פארקויפן באָדנס צו רוסישע יידן האט געשטערט. אויך בעת דער באלפור־דעקלאַראַציע האט ער געהאט אַ פאָזיטיווע שטעלונג צו רע־ליגעזער קאָלאניזאציע פון ארץ ישראל. און אויך צום סוף פון זיין לעבן האט ער געטראכט וועגן עליה קיין ארץ־ישראל.

ווען ער איז געקרוינט געוואָרן אַלס אדמו״ר נאך זיין טאַטנס פטירה, האבן זיך ארום אים קאָנצענטרירט אלע סאכאטשעווער חסידים און גאונים, ווי דער קינצקעווער רב ר׳ יואב יהושע דער ראב״ד פון ווארשע ר׳ יצחק פייגנבוים און אנד. ער האט פאָרגעזעצט דעם וועג פון טאַטן — תורה גע־פּאָרט מיט חסידות, דאס פארטיפן זיך אין דער הלכה מיט ברען, אבער ער האט ארייגעטראָגן אַן אייגענעם שטריך, חידושים זיינע אין דער תורה פון קאָצק—סאכאטשעוו. מיט זיין אנגענעמער שפראַך און ווונדערלעכער אויס־דרוקס־קראַפט האט ער פאַרפעסטיקט דאס סאכאטשעווער חסידות. ער האט אויך ארויפגעדריקט זיין שטעמפל אויף דעם פוילישן חסידות פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיינע ספרים זענען אָנגענומען אין ברייטע קרייזן.

ער האט באַנייט די סאכאטשעווער ישיבה, און אַוועקגעשטעלט אין איר שפּיץ דעם גאון ר׳ אריה צבי פרומער (שפעטער ראש ישיבת חכמי לובלין), און האָט אויך פאַרעפענטלעכט דעם טאַטנס ווערק.

מנחם פרידמאן

# סאכאטשעוו צווישן
#ביידע וועלט־מלחמות

אין סאָכאַטשעוו האָט געשפרודלט א יידיש לעבן מיט אלע חנ׳ען, וואָס דאָס יידישע לעבן האט פארמאגט פאר דער וועלט־מלחמה אין מדינת פוילן. דאס שטעטל האט דורכגעמאכט עליות און ירידות אין פארלויף פון צווישן דער ערשטער וועלט־מלחמה און דער צווייטער, ווען די היטלער־באנדעס האבן אלץ חרוב געמאכט און פארוואנדלט סאכאטשעוו אין א בארג אש — ווי אלע ישובים אין פוילן.

אין יאר 1927 האב איך פארלאזט סאכאטשעוו, און אוועק צוזאמען מיטן גרויסן שטראם וואס האט זיך צו יענער צייט געלאזט פון אלע קליינע שטעטלעך אין דער גרויסער שטאט אריין, כדי זיך „פארגרויסשטעטישן” און איינמאל פאר אלע מאל פארלאזן „די פראווינץ”. איך בין אבער שפעטער צוריק געקומען, געווען געזעל־שאפטלעך טעטיק, און געזען אלע אירע פריידן און ליידן פון דער נאענט. איך מוז זאגן, אז אפילו די יארן פון מיין אפוועזנהייט, האב איך אויך מיטגעלעבט מיט דעם שטעטל. איך האָב געוווּסט וועגן אלץ וואָס דארט איז פארגעקומען. איצט בין איך איינער פון די געציילטע לעבנגעבליבענע יידן פון סאָכאַטשעוו, וועלכער האט געזען איר טראגישן אומקום.

סאָכאַטשעוו איז בארימט אין דער געשיכטע פון פוילן, ווי איינע פון די עלטסטע יידישע ישובים. ספעציעל איז דאס שטעטל געווען בארימט צוליב איר גרויסן רבין, ר׳ אברהמעלע, וועלכער האט געשמ׳ט פאר איינעם פון די גרעסטע תורה־אויטא־ריטעטן אין דער גאנצער יידישער וועלט. דער נאמען פון ר׳ אברהמעלע האט גרויס געמאכט סאָכאַטשעוו, וואס האט זיך געפונען אינגאנצן 54 קילאמעטער פון ווארשע — אין סאמע הארץ פון פוילן.

אלץ וואס ס׳איז פארגעקומען אין דעם יידישן לעבן פון פוילן, האט געפונען א ווארעמען אפקלאנג אין סאָכאַטשעוו. סאָכאַטשעוו האט זיך אבער אונטערשיידעט מיט איין פרט פון אנדערע שטעטלעך: נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה האבן זיך אַ טייל פון אירע יידישע איינוווינער, וועלכע זענען אנטלאָפן בעת דער מלחמה, נישט אומגעקערט צוריק אין שטעטל אריין, נאר זענען געבליבן אין ווארשע און אין אנדערע ערטער. עס זענען אבער קיין סאָכאַטשעוו געקומען יידן פון אנדערע

מקומות, און דאס האט אויף א געוויסער צייט געענדערט דעם כאראקטער פון דעם סאָכאַטשעווער לעבנס־שטייגער.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען זענען ביידע ארמייען — די דייטשע און רוסישע, — געשטאנען איינע קעגן דער אנדערער, אויף ביידע זייטן פון טייך בזורא, אדער ווי די סאָכאַטשעווער יידן פלעגן זי רופן די „בועך״. די שטאָט איז דערפאר כמעט אינגאנצן חרוב געווארן אין די מלחמה־יארן.




דער אפטייק־סקלאַד. — בית־מסחר לרפואות

די פאר־מלחמהדיקע פרנסות זענען פארשווּנדן געווארן. גלייך זיך נעמען צוריק צום האנדל אדער מלאכה, האט מען נישט געקענט. עס איז נישט געווען ביי וואס. אבער דאך, האבן די יידן ביסלעכווייז גובר געווען די אלע שוועריקייטן, און האבן אנגעהויבן לאנגזאם אויפבויען זייער לעבן. זיי האבן ארויסגעוויזן גרויס איניציאטיוו ביים אנטוויקלען די שטאט פון דאס־ניי. אויף אלע געביטן זענען זיי געווען טעטיק: אין האנדל, ספעציעל אבער אין האנטווערקעריי וואס איז די גאנצע צייט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה, געלעגן אין יידישע הענט.

סאָכאַטשעוו איז געווען א רייך לאנדווירטשאפטלעך געביט, מיט א סך דערפער און א גרויסע דארפישע באפעלקערונג, וואס האט זיך בעת די מלחמה־יארן אויסגע־הונגערט נאך א מלבוש און א פאר שיך, ווי אויך אין אנדערע באדערפענישן. יידן זענען דעריבער געווארן די צושטעלער פאר דער פויערישער באפעלקערונג. ספעציעל האט זיך אנטוויקלט דער תבואה־האנדל. די יידן זענען געווען די איינציקע צושטעלער

פאר דער דארפישער באפעלקערונג און אפנעמער פון אירע פראדוקטן. צוויי מאל אין וואך פלעגן די פויערים קומען אויף די מערק, אין די אזוי גערופענע „מערק־טעג", ברענגען זייערע לאנדווירטשאפטלעכע פראדוקטן און קויפן פון יידן זייערע אויס־ארבעטונגען און סחורות. נאך א געביט וואס איז געלעגן כמעט אינגאנצן אין יידישע הענט, איז געווען : סעדער. אין די געגנטן פון סאָכאַטשעוו האבן זיך געפונען א סך סעדער, פרוכטן־גערטנער. א גרויסע צאל פון זייערע אייגנטימער זענען געווען די גרעסערע פריצים, רייכע לאנדווירטן.

שוין אין די שווערע ווינטער טעג, פלעגן זיך יידישע סאדאווניקעס פון סאָכאַטשעוו לאזן איבער די דערפער און גיטער, אין לאנדווירטשאפטלעכע פערמעס, כדי פאַכטן די סעדער (און אין הארצן האבן זיי געבעטן אויף א גוט גערעטעניש). עס איז געווארן א מנהג, אז שוסטער, שניידער און סטאלארעס, אויך אנדערע פאך־לייט, פלעגן ווינטער ארבעטן ביים פאך, און זומער ווערן סאדאווניקעס. אבער פון ביידע באשעפטיקונגען צוזאמען האבן זיי ליידער קיין פרנסה נישט געהאט און האבן קוים געקענט אדורכקומען.

### געזעלשאפטלעכער אנהויב

ווי שוין אויבן געזאגט, האט זיך א גרויסער טייל פון דער יידישער באפעלקערונג נישט אומגעקערט נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה קיין סאָכאַטשעוו. צוזאמען מיט זיי — א באדייטנדער טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ, וואס אייניקע פון זיי האבן פארנומען אן אנגעזען ארט אויף פארשידענע געביטן פון יידישן געזעל־שאפטלעכן לעבן אין פוילן, אַ טייל פון זיי וויל איך דא דערמאנען :

אלעקסאנדער זישע פרידמאן, (זון פון יהושע פרידמאן), פירער פון דער אגודה, איר גענעראל־סעקרעטאר, איינער פון די וויכטיקסטע רעליגיעזע מנהיגים פון פוילישן יידנטום, רעדאַקטאָר פון פארשידענע פארטייאישע אויסגאַבעס. אין געטא איז ער געווען איינער פון די וויכטיקסטע פירער און געשפילט אַ גרויסע ראָל נישט נאר אלס רעליגיעזער מנהיג, נאר אויך ווי אַ וואָרט־זאגער פון די יידן אין ווארשעווער געטא. אומגעקומען דורך די דייטשן.

עוזר וואַרשאַווסקי, (זון פון גדליה ווארשאווסקי), באקאנטער פראָזע־שרייבער, מחבר פון בוך „שמוגלערס". פון די הויפט־תלמידים פון י. מ. ווייסנבערג. אומגעקומען דורך די דייטשן אין א לאגער ביי פאריז.

פנחס גראובאַרד, באקאנטער ליטעראטור־מעצענאט, פאָלקלאָריסט, פארלעגער. אין דער צייט צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה געלעבט אין ווארשע. אין יאר 1941 איז ער אנגעקומען מיט א גרופע פליטים שרייבער און געזעלשאפט־לעכע טוער קיין אמעריקע, און איז דארט געשטארבן.

מ. ב. שטיין, (זון פון סאָכאַטשעווער רבין), באקאנטער שרייבער, מחבר פון דער דראמע „ערד און הימל", היינט אין ישראל.

עס האט זיך געגרינדעט א ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אָנגעפירט דורך ש מ ח ה ג ר ו נ ד וו א ג , ב ע ר ל ל יי פ ע ר , מ ש ה ל א ד ז ש ע ר (יאקובאוויטש). זיי האָבן אויך געשאפן די ערשטע העברעאישע שולע „התחיה", און געווען די איניציאטארן פון פארשידענע הילפס־חברות.

די צווייטע ארגאניזאציע וואס איז באלד געקומען צום לעבן און איז ארגאניזירט געוואָרן דורך וו אָ וו ע ר אָ ז ע נ ב ע ר ג , ל ו ט ע ק ס ק אָ ט נ י צ ק י און מ ש ה ש וו א ר ץ (היינט אין אמעריקע) איז געווען די פאלקיסטישע פארטיי. זי האט ארום זיך גרופירט דעם פראגרעסיוון טייל,און אפילו ארבעטער, און געשפילט א באדייטנ־דיקע ראָל אין דער שטאָט, בעת דער ערשטער תקופה נאָך דער וועלט־מלחמה.

היות קיין ארבעטער־ארגאניזאציע איז נישט געשאפן געווארן (זיי זענען ערשט געקומען צום לעבן אין די מיטעלע 20־קער יארן), האט זיך אנגעהויבן א קאמף צווישן די ציוניסטן און פאלקיסטן, פאר באהערשן די יידישע גאס. דערדאזיקער קאמף איז געקומען צום אויסדרוק בעת די ערשטע וואלן צום שטאט־ראט און קהילה. די פאלקיסטן האָבן אויך פאַרכאַפּט די באנייטע ביבליאָטעק, וועלכע איז געווען אנגעפירט דורך א ריי ציוניסטישע טוער. די ביבליאטעק האט געשפילט א וויכטיקע ראָל אין דעמאָלטדיקן קולטור־לעבן פון די סאָכאַטשעווער יידן.

דער געזעלשאפטלעכער אנהויב האט פיל מיטגעווירקט צום אקטיוויזירן די יידישע באפעלקערונג, און זי ארויספירן פון דער פארגליווערטקייט און דורותדיקער רואיקייט, וואס איז אזוי כאראקטעריסטיש געווען פאר דעם פארמלחמהדיקן סאָ־כאַטשעוו, און וואס שלום אַש האט געשילדערט אין זיינע „שטעטל"־אידיליעס אין וועלכע נישט איינער פון זיינע העלדן, אין שבתים און וואכן־טעג, איז געווען ביי אונדז אין שטעטל.

איינציקוויז זענען פארשוואונדן די מלחמה־חורבות און יידן האבן ארויסגעוויזן גרויס איניציאטיוו. דער האנדל האט זיך אנטוויקלט, מ'האט ארגאניזירט פארשידענע ארבעטס־צווייגן פון דער קליין־אינדוסטרי: שניידעריי, שוסטעריי, סטאלעריי און היטלמאכעריי. קיין גרעסערע אינדוסטרי־צווייגן זענען דאן אין סאָכאַטשעוו נישט גע־שאפן געוואָרן. ס'איז אנטשטאַנען אַ האנטווערקערטום, און צוזאמען מיט דעם קומען אויף לוין־ארבעטער, פון שטעטל גופא און געקומענע פון דער פרעמד. אויף וויפל דאס יידישע לעבן וואקסט און אנטוויקלט זיך אין פראפארץ צו דער קריסטלעכער באפעלקערונג, קען דינען דער פאקט, אז ביי די שטאט־ראט־וואלן אין יאר 1925, באקומען די יידן א העלפט פון דער צאל ראטמענער — 12 פון דער אלגעמיינער צאל 24. מ ש ה ש וו א ר ץ דער פירער פון די פאלקיסטן ווערט דער וויצע־בור־מיסטזש פון דער שטאָט. אלס בירגערמייסטער איז דאַן געוויילט געוואָרן מ ו ש י ־ ק א וו ס ק י .

די קולטור־ארבעט האט זיך אנגעהויבן אין דער ביבליאטעק. דארט האט זיך קאנצענטרירט די יוגנט פון אלע שיכטן. עס האבן זיך געפירט הייסע ויכוחים איבער

פראבלעמען פון ליטעראטור און קולטור. מ'האט אנגעהויבן אראפברענגען רעפע־רענטן פון ווארשע, וועלכע האבן געהאלטן רעפעראטן אויף טעמעס, וואס האבן פאַראינטערעסירט די גאנצע יידישע יוגנט. צו יענער צייט איז אויך געשאפן געוואָרן דער דראמאטישער קרייז, געגרינדעט און אנגעפירט דורך נחום גרונדוואג. דערדא־זיקער דראמאטישער־קרייז האט געברענגט פרייד און גענוס דער יידישער באפעל־קערונג, שפילנדיק די בעסטע פיעסן, וועלכע זענען געשאפן געווארן אין יידיש, ווי אויך פאסנדע אקטועלע פיעסן, וועלכע זענען געשפילט געווארן פון איבערזעצונגען און האבן זיך נישט געקענט פארשעמען מיט דער גרויסער שטאט. גארדין און שלום עליכם, אנסקי און גאלדפאדען, — זייערע שאפונגען זענען געווארן דער אייזערנער רעפערטואר פונעם קרייז. עס איז געגנוג צו דערמאָנען, אזעלכע אייראָפעאישע פיעסן אין רעפערטואר פון קרייז ווי „קרייצער סאנאטע" פון טאלסטוי, דער „פאטער" פון סטרינדבערג און אנדערע.



דער מאַרק — השוק

דער קרייז איז בכלל געשטאנען אויף א הויכן קולטורעלן ניווא. די מענטשן וואס זענען ווערבירט געווארן פארן קרייז, האבן זיך מיט לייב און לעבן אריינגעווארפן אין דער ארבעט. אייניקע פון זיי וויל איך דא דערמאנען. נחום גרונדוואג, רעזשיסער און פירער פון קרייז, רבקה שווארץ, בלימע און רחל וויינבערג, בינע פעסטמאן, מחלה שוואַרץ, חיה רעשל פליישמאן. פון די מענער: וואווע ראזענבערג, לוטעק סקאָטניצקי, משה שוואַרץ, הערשל כץ. זיי זענען געווען די פּיאָנערן פון קרייז. די פארוואלטונג האט זיך געשטיצט אויף אומפארטייאישקייט, און דערפאר דערמעגלעכט פירן די ארבעט אומגעשטערט. די ערשטע יארן איז געווען פארזיצער פון קרייז שמחה גרונדוואג, א ציוניסטישער עסקן. שפעטער שמחה כהן, משה שווארץ —ביידע פאלקיסטן און יוסף מונה אן אומפארטייאישער. אזוי האט דער קרייז געארבעט און עקזיסטירט ביזן סאמע מלחמה־אויסברוך.

## איבערברוך

דאס יידישע לעבן אין סאָכאַטשעוו האט זיך אנטוויקלט און דערגרייכט א הויכע מדרגה אויף אלע געביטן פון יידישן לעבן. אָבער ווי יעדער אויפשטייג וואָס ווערט באגלייט מיט א קריזיס, אזוי איז אויך אין לעבן פון דער יוגנט אין דער שטאט, אריינגעטרעטן א גייסטיקער איבערברוך. סיבות דערצו זענען געווען א סך. אײנע פון זיי איז געווען דאס, וואס די יוגנט האט זיך נישט געהאט מיט וואָס צו באשעפטיקן. די אנדערע סיבה איז געווען, וואס סאָכאַטשעוו האט נאך פסיכאלאגיש געשטעקט אין ווייטן אמאל; ארבעט איז געווען א זאך, וואס מ׳האט זיך טיילווייז מיט איר געשעמט. עס איז געווען א חרפה צו זיין א בעל־מלאכה, צו קענען א פאך. צוליב דער אנטיסעמיטישער שטאטישער פאליטיק, האט די אדמיניסטראציע נישט צוגעלאזט יידן צו עפנטלעכע און אנדערע ארבעטן. עס האט זיך געשאפן א לאגע אָן אַן אויסוועג. מ׳דארף אויך נישט פארגעסן, אז עס האט זיך אנגערוקט דער גראַבסקי־פעריאָד און עס איז אַנטשטאַנען דער ערשטער, גרויסער עקאָנאָמישער קריזיס אין נייעם אומאפהענגיקן פוילן, וועלכער איז באגלייט געווארן מיט א בלינדער שנאה און דיסקרימינאציע לגבי דער יידישער באפעלקערונג — און דאס אלץ האט אויך נישט אויסגעמיטן סאָכאַטשעוו.

די לאגע איז דאן געווען אין גאנץ פוילן אזא אויסזיכטסלאזע, דאס איז געווען אין דער צייט פון דער 4־טער עליה קיין ארץ ישראל. א גרופע ציוניסטישע יוגנט האט באשלאסן צו פארלאזן סאָכאַטשעוו און פארן קיין ארץ־ישראל, שאפן דארט פאר זיך א נייע היים און אזוי ארום פארווירקלעכן זייער שטרעבונג. אבער נאכן אפזיין א שטיקל צייט אין נייעם לאנד, האבן זיך א טייל צוריקגעקערט קיין סאָכאַטשעוו, נישט קענענדיק דאָרט מיטמאַכן די שוועריקייטן פון פּיאָנערן־ארבעט. די נישט ציוניסטישע יוגנט און ווארט־זאגער פון דער שטאט ווי: וואווע ראזענבערג, לוטעק סקאָטניצקי און אנדערע, האָבן אויך פאַרלאָזן סאָכאַטשעוו, נישט קענענדיק

מער געפינען קיין מעגלעכקייטן פון עקאָנאָמישן און טיילווייז אויך קולטורעלן אויסלעבן זיך. אַ טייל פון זיי זענען געפאָרן אין די גרויסע שטעט און אנדערע מעבר לים — אין אנדערע לענדער.

נאכן ארויספארן פון גזעלשאפטלעכן אקטיוו און בעסטן מענטשן־עלעמענט פון סאָכאַטשעוו, הויבט זיך אן א קריזיס. די גרויסע שטאט לאקט די יוגנט מיט איר גלאנץ און מיט איר ניי לעבן, מיט אנדערע טרוימען. די יוגנט אנטלויפט דעריבער פון קליינעם שטעטל. סאָכאַטשעוו האט דאן נישט געקענט אנטשפרעכן די באדערפענישן פון דער יוגנט, און זי אנטלויפט פון איר. אן ענלעכער פראצעס איז דאן אנגעגאנגען אין אלע יידישע שטעטלעך אין פוילן, און סאָכאַטשעוו איז אויך אין דעם פרט נישט געווען קיין אויסנאַם.

דאס ארט פון דעם נעכטיקן אויפשטייג האט איצט פארנומען א שטילשטאנד; אַפּאַטיע און אָפּהענטיקייט איז אריינגעדרונגען אין יידישן לעבן פון דעם שטעטל.

די וועלכע זענען געבליבן אין שטעטל, האבן געמוזט ווייטער אנגיין מיט זייער ארבעט, מקנא זייענדיק די אוועקגעפארענע. פארשטענדלעך, אז די ארבעט פון דער ביבליאָטעק איז שטארק אָפּגעשוואַכט געוואָרן. מ'האָט זיך באַגנוגנט מיט עפענען די ביבלאָטעק יעדן אָוונט אויף 2 שעה. פונדעסטוועגן האָבן די איבער־געבליבענע געהיטן די ביבליאטעק און צוגעקויפט יעדעם נייע בוך וואס איז ארויס פון א פאַרלאַג. אזוי האָט מען ממשיך געווען ביז דעם ווייטערדיקן אויפשטייג.

## עקאָנאָמישער אויפשטייג

## אָנהייב פון דער ארבעטער־באַוועגונג

ווי כ'האב שוין דערמאנט האט סאָכאַטשעוו נישט פארמאגט קיין פאבריקן, אדער גרעסערע ווארשטאטן. די ערשטע גרויסע פאבריק אין כאדאקאוו איז ערשט אנטשטאנען אין יאר 1929. אין בארסאוו האבן יא עקזיסטירט 2 קלענערע פאבריקן, אַ ציגעלניע און א„פּראָכאָווניע", אָבער אין דער אינדוסטרי־אַנטוויקלונג פון פוילן האבן זיי נישט פארנומען קיין שום ארט. דאקעגן האט סאָכאַטשעוו צוליבן גרויסן באן־קנופּ און קאלייקע־פּארבינדונג מיט א ריי קלענערע שטעטלעך, פארנומען א וויכטיקע פּאָזיציע אין טראַנספּאָרט וועזן פון לאנד. צוליב די אלע אויסגערעכנטע סיבות, איז אַן ארבעטער־באוועגונג, אַן אָרגאַניזירטע פּראָפעסיאָנעלע באוועגונג, סיי אויף דער יידישער, סיי אויף דער פוילישער גאס, אנטשטאנען ערשט אין די שפּע־טערע 20־קער יארן. עס איז ווערט צו דערמאנען, אז דער אייגנטימער פון דער ציגעלניע אין בארסאוו איז געווען א ייד, וועקשטיין איז געווען זיין נאָמען. אָבער קיין יידישע ארבעטער האבן ביי אים נישט געארבעט, פונקט ווי עס האבן נישט געטארט ארבעטן אין אנדערע פוילישע פאבריקן.

דאס ביסל איבערגעבליבענע שניידער און שוסטער, וואס האבן צוליב די אדער

יענער סיבה נישט געקענט אוועק פון סאָכאַטשעוו, האבן געמוזט נאך מערער בויגן זייער רוקן. זיי האבן געארבעט פון גאנץ פרי ביז שפעט ביינאכט. דאנערשטיק פלעגט דער בעל מלאכה קומען גאנץ פרי צו דער ארבעט און זיך אומקערן אהיים פרייטיק פארנאכט. דאס האט ער געארבעט אן איבערררייס, חוץ אביסל „דרימלען" זיצנדיקערהייט ביי דער ארבעט. פאר ירידים האט מען געארבעט עטלעכע נעכט נאכאנאנד, כדי עס זאל זיין וואס צו פארקויפן די פויערים אויפן מארק אין דעם יריד־טאג.

אין סאָכאַטשעוו זענען פארגעקומען גרויסע ירידים. דאס זענען געווען מער ווי די געוויינלעכע מארק־טעג, וואס פלעגן פארקומען 2 מאל אין וואך. זיי פלעגן פארקומען יעדן ערשטן דינסטיק, נאך דעם ערשטן פון חודש. די פויערישע באפעלקערונג פלעגט קומען אין גרויסע מאסן. די יידן זענען געווען זייערע איינציקע צושטעלער פון מלבושים, שוכווארג, פעלצן, היטלען און אויך פארשידענע אנדערע אויסארבעטונגען. דעם גאנצן געברויך פון די פויערים האבן צוגעשטעלט די יידן.

איז געווען ווייניק שעה'ן ארבעט, האָט מען צוגעלייגט אַ ווינטערדיקן שבת־צונאכטס; אזא געוויינלעכער שבת־צונאכטס פלעגט אריינכאפן 8 שעה ארבעט. פארטאג פלעגט מען לויפן צום ערשטן מנין אין בית־המדרש אריין, שנעל אריינגעכאַפּט דאס דאַוונען, און ווידער געלאָפן צו דער ארבעט. נאָכן אָפּארבעטן א צווייי שעה איז מען אהיימגעלאפן עסן פרישטיק, אדער „אנבייסן", ווי מען האט עס ביי אונדז גערופן. דערנאך איז מען ערשט צוריקגעגאנגען אויף א גאנצן טאג צו דער ארבעט. פארנאכט פלעגט מען ווידער גיין אין בית־המדרש, אדער אין דער חברה „תהילים" דאַוונען מנחה—מעריב, און נאכן דאַוונען אהיימגעגאנגען עסן וועטשערע, דעם מיטאג צוזאמען מיטן אוונטברויט — און דאן ווידער געגאנגען צו דער ארבעט ביז 12 ביינאכט, אדער נאך שפעטער.

ביי משה נעלסאן האבן שטענדיק געארבעט 8—10 מענטשן. פלעגט מען טאקע אין די מארק־טעג, ווען די ארבעט האט געברענט, אריינכאפן אזא מנחה—מעריב אין ווערקשטעל גופא. אן אייגענער „בעל תפילה" האט אויך נישט געפעלט...

אין סאָכאַטשעוו האבן זיך אויסגעבילדעט צוויי מינים לוין־ארבעטער: איינער וואס האט געארבעט ביים ארבעטס־געבער אין דער היים, וו עס איז געווען אן איינגעארדנטער ווערקשטעל, און דער צווייטער מין, דער אזוי גערופענער „כאלופּניק", וואס האט ארויסגענומען די ארבעט ביי דעם זעלבן בעל־הבית, נאר אנשטאט אים צו צאלן פאר טאג־ארבעט — האט ער אים געצאלט פון „שטיק", און דער ארבעטער האט די ארבעט געמוזט מאכן ביי זיך אין שטוב.

דאס מין כאלופּניקעריי איז נישט געווען קיין סאָכאַטשעווער דערפינדונג. דער אופן ארבעט איז געווען פארשפרייט אין פוילן, ספעציעל ביי יידן, און איז געווען א פּראָדוקט פון נישט צוגעלאָזט ווערן צו קיין גרעסערע אונטערנעמונגען. סאָציאַל

האבן די כאלופניקעס געהערט צום זעלבן קלאס וואס די לוין־ארבעטער און פאר־מאגט געמיינזאמע אינטערעסן. אפטמאל האט דער כאלופניק געלעבט נאך אין שווערערע באדינגונגען ווי דער ארבעטער. אין די אויסגעקרימטע געסלעך, ביי א נאפט־לעמפל, האט מען נאך געקענט זען זיצן 12 אזייגער ביינאכט אזא כאלופניק צוזאמען מיטן ווייב און אפטמאל מינדעריעריקע קינדער, וועלכע האבן אים געהאלפן אין אויסענדיקן די ארבעט, וואָס האָט געמוזט פארטיק זיין צום מאָרגנדיקן מארק־טאג.

א גאנצע וואך האט מען געווארט אויפן שבת, כדי זיך צו קענען אין די עטלעכע שעהן אויסרוען, און גלייך נאך דער הבדלה זיך ווידער נעמען צו דער ארבעט. שבת אינדערפרי פלעגט מען גיין צום ערשטן דאווענען. געדאווענט האט מען אין דער חברה „תהילים”, אָדער אין בית־המדרש. אָפּגעגעסן, זיך „צוגעלעגט”. נאָכן שלאָף, ווידער געגאנגען אין בית־המדרש זאגן אַ קאַפּיטל תהילים. באלד וועט מען ווידער דארפן אויסטאָן די שבתדיקע מלבושים און זיך נעמען צו דער עבודה...

אזוי האט אויסגעזען אַ לאנגע צייט דאס לעבן פון דעם שטעטלדיקן ארבעטער און בעל־מלאכה. ווען מען האט דען געקענט איינפאלן, אז עס קען זיין אן אנדער לעבן, אז מ׳דארף זיך בונטעווען קעגן אזא שטייגער לעבן, כדי צו באקומען א בעסערס? דער באוווסטזיין האט אזוי ווייט נאך נישט דערגרייכט, אז אויסער ארבעטן, דארף מען נאך עפעס אין לעבן...

## פּראָפעסיאָנעלער פאַריין

צום סוף יאר 1925, אדער אנהויב 1926, האב איך אנטייל גענומען אין דער ערשטער גרינדונגס־פארזאמלונג, וועלכע איז פארגעקומען ביי פייוול גאלעק אין שטוב. איך בין דאן געווען א יוגנטלעכער, אויף דער „לער” ביי משה טעמעס. וויפל נאיוויטעט האָט געשטעקט אין די דעמאָלטדיקע אָרגאַניזאַטאָרן! אוודאי האט דער „סצוטנער”, וואס האט געארבעט ביי משה נעלסאן אדער פייוול גאלעק אדער יחיאל־מאיר פיערניק און די אנדערע ארגאניזאטארן — נישט געוווסט און נישט געהאט דעם מינדעסטן אנונג, ווי אזוי מען שאפט א פראפעסיאנעלן פאריין. דאך איז עס א פאקט: אזא פאריין איז ביי אונדז געשאפן געווארן. דאס איז אייגנטלעך געווען דער אנהויב, נישט מער אין סאָכאָטשעוו איז דאס געשען מיט העכער א פערטל־יארהונדערט שפעטער...

דער ניי־געגרינדעטער פראפ. פאריין האט זיך שפעטער געדונגען אן אייגענעם לאקאל אויף ווארשעווער וועג, ביי גיטיין. ווישעגראד האט אראפגעשיקט איר סעקרעטאר ווישעגראדזקי — א קאמוניסט (שפעטער געווארן א בונדיסט, ביז דער מלחמה געלעבט אין וולאצלאוועק. אומגעקומען אין א לאגער). דער סעקרעטאר איז געווען א געצאלטער, אויסגעהאלטן געווארן פון מיטגלידס־אפצאל דורך חברים פון פראפ. פאריין. דער פאריין האט אנגעהויבן צו ארגאניזירן נישט בלויז די

שניידער, נאר אויך די שוסטער־ארבעטער און אנדערע קלענערע פאכן, און געשאפן באזונדערע פאך־סעקציעס.

די טעטיקייט איז באשטאנען פון ארגאניזירן שטרייקן, אדער באשטימען א פרייז פון א ניי צוגענומענעם ארבעטער. דער ארבעטסגעבער האט אין אזא פאל געמוזט אליין קומען אין פאריין אריין, און דארט האט ער אפילו דעם ארבעטער נישט געזען, נאר גערעדט מיט דער פאך־קאמיסיע, וועלכע האט געשטעלט באדינגונגען און געצוווּנגען אים צו צאלן לויטן אנגענומענעם לוין־טאריף, וועלכער איז באשטימט געווארן דורך דער פאך־קאמיסיע מיט דער פארוואלטונג פון פראפ. פאריין.

דאָס האָט דערפירט דערצו, אז די אַרבעטס־געבער זאלן זיך אויך אָרגאַניזירן און שאפן א האנטווערקער־ארגאניזאציע, וואס האט געהאט פאר א ציל קעגנצוווירקן דעם אנגריף פון די ארבעטער. אלע פארהאנדלונגען זענען געפירט געווארן צווישן די צוויי אינסטאנצן. עס האט שוין מער נישט געקענט זיין קיין רייד וועגן פריוואטן צונויפרעדן זיך פון ארבעטער און מייסטער.

דער פאריין איז צוגעטרעטן אדורכפירן אן אקציע פאר אן 8־שעהדיקן ארבעטס־טאג, און צוגעשיקט אזא פאדערונג דעם האנטווערקער־פאריין. נאך א שווערן קאמף, דורך א שטרייק נאטירלעך, איז דער קאמף (אין יאר 1927) פאר דעם 8־שעהדיקן ארבעטס־טאג און נישט קלענערן די לוינען געקרוינט געווארן מיט דערפאלג. דער 8־שעהדיקער ארבעטס־טאג איז געווארן א פאקט. די לוינען זענעי נישט קלענער געוואָרן. באלד אויף צומאָרגנס האָבן די פאריינען ארויסגעשיקט קאמיסיעס, זיי זאלן היטן, אז די ארבעטער זאלן ווארפן די ארבעט צו די 8 שעה, ווייל די לאגע איז געווען אזא, אז מען האט געדארפט היטן נישט נאר די ארבעטס געבער, נאָר אויך די ארבעטער. נישט אלע האָבן באַנומען און פאַרשטאנען דעם מיטאמאל אפגעהאלטענעם נצחון. נישט איינמאל זענען אויף דעם באדן אויסגעבראכן קאנפליקטן מיט די ארבעטער גופא.

דער קאמף איז געווונען געווארן אין סאמע ברענענדיקן סעזאן, און כדי דער ארבעטער זאל פילן דעם אפגעהאלטענעם זיג, האט דער פאריין נישט דערלויבט די ערשטע צייט צו ארבעטן איבערשעהן. כ׳געדענק א פאל, ווי מענדל פלאנסקי איז געקומען בעטן, אז דער פאריין זאָל דערלויבן זיינע ארבעטער צו ארבעטן איבערשעהן. ער איז גרייט צו צאָלן וויפל דער פאריין וועט באשטימען, ווייל די ארבעט מוז ביי אים פארטיק ווערן צום באשטימטן טערמין, לויט א באשטעלונג. עס האט אים אבער גארנישט געהאלפן.

מ׳דארף אונטערשטרייכן, אז די ארבעטער־באוועגונג אין סאָכאַטשעוו איז געווען די שפעטסטע וואס איז געקומען צום לעבן, זי איז אבער געווען די ערשטע, וואס האט דערוואכט פון דערשלאגנקייט און אפאטיע, זיך אויסגעניכטערט און

אויפגעשטאנען צוריק צום לעבן נאכן ארויספארן פון די ציוניסטן און פאלקיסטן פאר די לעצטע עטלעכע יאר.

פונקט ווי אומעטום, אזוי אויך ביי אונדז אין שטעטל, האבן זיך אויף דער יידישער ארבעטער־גאס געמומען אויסקריסטאליזירן די באזונדערע ריכטונגען, וועלכע האבן באהערשט צו יענער צייט יעדער שטאט און שטעטל אין פוילן. דער פאריין איז געווען אנגעשלאסן אין דער קאמוניסטישער צענטראלע אין ווארשע, ווישעגראד און בלוינע האבן גיהאט די פולשטענדיקע השפעה, און זיי האבן געפירט נישט נאר עקאנאמישע אקציעס, נאר אויך פאליטישע און קולטורעלע ארבעט. דער סעקרעטאר איז געווען זייער אן ענערגישער בחור און איז געווען ביי אלעמען באליבט.

ביים פאריין איז געשאפן געווארן א קאמוניסטיש „קעמערל", פארשטייט זיך אומלעגאל, ווייל די קאמוניסטישע פארטיי איז צו יענער צייט געווען אומלעגאל אין פוילן. דאס „קעמערל" איז געשטאנען אין קאנטאקט מיט דער פוילישער קאמוניסטישער ארגאניזאציע און מיט דער פ. פ. ס. „לעוויצא" (לינקע), צוזאמען מיט זיי דורכגעפירט אקציעס און צוזאמען מיט זיי געשאפן דעם „מאָפר"־(ארגא־ניזאציע צו העלפן פאליטישע ארעסטירטע).

אין יענער צייט איז געשטארבן אויף דער אזוי גערופענער „פראלעטארישער קרענק" — שווינדזוכט, עזריאל סקורניק. אזוי ווי ער איז געווען א שניידער און האט געהערט צום פראפ. פאריין, האט אים די קאמוניסטישע ארגאניזאציע, געהייסן האט עס „דער פאריין" — איינגעארדנט די לויה אויף איר חשבון. זיי האבן געפירט א קאמף מיט דער חברה קדישא, און נישט געלאזט איבער אים אדורכפירן די רעליגיעזע צערעמאניעס. זיי האבן אין דער צייט פון דער לויה אפגעשטעלט די ארבעט, איינגעארדנט א מאסן־צוג אין וועלכן עס האבן אנטיילגענומען אלע יידישע ארבעטער פון דער שטאט. די אנטיילנעמער האבן מארשירט מיט רויטע פענער און טראנספאראנטן אין די הענט, אויף וועלכע עס זענען געווען אויפ־געשריבן אנטי־מלוכהשע אויפשריפטן. ביים אפענעם קבר האט מען געהאלטן רעדעס, אבער אינמיטן רעדן איז אנגעקומען פאליציי, פאנאנדערגעטריבן דעם גרויסן עולם פון דער דעמאנסטראציע און סתם מענטשן, וועלכע זענען געקומען קוקן צוליב נייגעריקייט.

צום ערשטן מאל איז אזא זאך פארגעקומען אין סאָכאַטשעוו און דאס איז געווען א גרויסע געשעעניש, א טעמע פון געשפרעכן אויף א לאנגער צייט. אין דעם זעלבן יאר, ד. ה. 1927 האט דער פראפ. פאריין זיך געגרייט צו פייערן דעם ערשטן מאי צוזאמען מיט די פוילישע ארבעטער. א נאכט פריער האט מען אין פאריין צוגעגרייט די פענער, טראנספאראַנטן מיט געהעריקע אויפשריפטן, צוגע־גרייט א מאי־בלימל. די יוגנט — סיי קאמוניסטישע און סיי די בונדישע — האט זיך געגרייט מיטן גאנצן ברען פון זייערע יונגע נשמות און געזאָרגט דערפאר, אז

דער יידישער אנטייל אין דעם אלגעמיינעם מאי־צוג מיט די פוילישע ארבעטער זאל זיין וואס גרעסער, אימפּאזאנטער. א קליינקייט? דאס ערשטע מאל גייען יידישע ארבעטער אין א מאי־דעמאנסטראציע ביי אונדז אין שטאט און דערצו נאך מיט פוילישע ארבעטער צוזאמען.

ענדלעך איז דער מאי־צוג אנגעקומען. נישט קוקנדיק דערויף וואס עס האט פון אינדערפרי אן גערעגנט, איז דאך די דעמאנסטראציע פארגעקומען. צום שלוס פון דער דעמאנסטראציע וואס האט מארשירט, נאך דער פאראייניקונג מיט די ארבעטער פון באַרישעוו, איבער די גאסן פון שטאט, איז אין מיטן מארק פארגע־קומען א מיטינג. מיט א רעדע אין נאמען פון די יידישע ארבעטער איז ארויסגע־טרעטן א באקאנטער קאמוניסט הירש פון בלוינע. זיין רעדן האט אלעמען באגייס־טערט. ער האט גלייך נאך זיין רעדע געמוזט אין געהיים פארלאזן סאָכאַטשעוו, ווייל די פּאָליציי האָט אים אומעטום ארומגעזוכט, אָבער אומזיסט. זי האָט אים נישט געפונען. ער איז דאן בכלל אנטלאפן פון פוילן קיין רוסלאנד, ווו ער איז אין יאר 1937 אומגעקומען צוזאמען מיטן גרעסטן טייל פוילישע קאמוניסטן, בעת די „רייניקונגען" פון דער נ. ק. וו. ד.

אין פאריין איז אויך געווען א באדייטנדיקע גרופּע בונדיסטן. זיי האבן זומער 1927 אראפּגעבראכט פון ווארשע דעם באקאנטן בונדישן טוער, דעם סעקרעטאר פון לעדער־פאריין בערל אַמבאַראַס אויף א פארזאמלונג אין פאריינס־לאָקאל. נאָך דער פארזאמלונג איז אין זעלבן לאקאל פארגעקומען א פארזאמלונג פון בונדיסטן און סימפּאטיקער, און צום ערשטן מאל איז אין סאָכאַטשעוו געגרינדעט געווארן א בונדישע ארגאניזאציע.

נישט לייכט איז געווען דער אנהויב. איז דאך אין סאָכאַטשעוו אלץ געקומען מיט א פארשפּעטיקונג. אין דעם יאר ווען ביי אונדז אין שטעטל איז געגרינדעט געווארן די בונדישע ארגאניזאציע, איז שוין דער „בונד" אין פוילן געווען דער ווארט־זאגער פון די יידישע ארבעטער. מ'טאר אבער נישט פארגעסן, אז סאָכאַטשעוו איז געווען א שטעטל וואס האט ביז יענער צייט נישט פארמאגט קיין ארבעטער־טראדיציע און דערפאר איז דאס איינבירגערן זיך פון דער געשאפענער בונדישער ארגאניזאציע נישט אנגעקומען לייכט. קעגן איר האבן געפירט א קאמף די לינקע, וואס האבן אירע חברים פארשריגן אלס „סאציאל פארעטער" — דאס איז געווען דער נאמען מיט וועלכן די קאמוניסטן האבן פארשריגן אלע אנדערע ארבעטער וועלכע האבן נישט געוואלט גיין מיט זיי, און סיי די ציוניסטן וואס האבן ביסלעכווייז אנגעהויבן ווערן טעטיק צוריק ווי אן ארגאניזאציע.

כ'דערמאן זיך א קוריאָז, וואס קלינגט ווי א וויץ. עס איז אבער כאראקטע־ריסטיש פאר דעם נארוואס דערציילטן. אין יאר 1929, בעת די אראבישע פּאגראמען אין ארץ־ישראל, האט דער „בונד" ווי באוווסט פארנומען אן אנדער שטעלונג צו די געשעענישן ווי אלע ציוניסטישע פארטייען. אין סאָכאַטשעוו איז דאן געווען א

בונדישער טוער שמחה גאלדבערג, א זון פון בנימין בלאַכאַזש. דאָס איז געווען א מענטש, וואס איז מיט זיין גאנצן לעבן געווען איבערגעגעבן דעם „בונד". האט מען אים אין שטאט ארומגעיאגט, אז ער טראגט זיך ארום מיט א בריוו פון די אראבער... פארשטייט זיך, אז קיינער האָט עס נישט געמיינט ערנסט.

דער ווירקונגס־קרייז פון דער בונדישער ארגאניזאציע האט ארומגענומען אויסער די ארבעטער, אויך דעם גרעסטן טייל כאלופניקעס, שאפנדיק שפעטער פאר זיי דעם סאציאליסטישן האנטווערקער פאריין, וואס האט געשפילט אן אנגע־זעענע ראלע אין שטאט, ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. זיי זענען כמעט אין אלע פאכן געגאנגען ביי אקציעס סיי פאליטישע, סיי עקאנאמישע מיטן בונד. דאס הייסט נישט, אז אלע מיטגלידער פון סאציאליסטישן האנטווערקער פאריין זענען געווען בונדיסטן. געווען צווישן זיי אויך קאמוניסטן, אומפארטייאישע און ציוניסטן. א לאנגע צייט איז פארזיצער פון דער פארוואלטונג געווען דער בונדיסט זשאמע שטיגליץ. צו דער פארוואלטונג האט שטענדיק געהערט דער קאמוניסט אדאם קלוסקא, וואס איז בכלל געווען טעטיק אויף דער ארבעטער־גאס, ווידמענדיק זייער א סך צייט פאר דער געזעלשאפטלעכער ארבעט.

די בונדישע ארגאניזאציע האט שטענדיק אנגעהאלטן א קאנטאקט מיט דער פוילישער סאָציאליסטישער פארטיי פ. פ. ס. און איר פירער דראַבער, א ביז גאָר סימפאטישער און אינטעליגענטער מענטש. ער איז געווען א יידן־פריינט (אומ־געקומען דורך די דייטשן אין אוישוויץ). זיי זענען אין אלע אקציעס, ווי שטאט־ראט־וואלן און סיים־וואלן, געגאנגען צוזאמען, און מיט זייער אונטערשטיצונג האָט די בונדישע ארגאניזאציע באקומען א פארשטייער אין שטאט־ראט — יחיאל מאיר זאלצמאן (שקאלעק), וועלכער איז צוריקגעקומען פון רוסלאנד אין יאר 1925, דער איינציקער סאָכאַטשעווער בונדיסט נאך פון 1905.ליידער איז ער נישט געשטאנען אויף דער געהעריקער מאראלישער הויך און איז אין יאר 1930 אויסגעשלאסן געווארן פון „בונד". מיט דער אונטערשטיצונג פון פ. פ. ס. האט דער „בונד" אויך באקומען א פארשטייער אין דער קראנקן־קאסע — שלמה שוויאטלאווסקי.

צוליב דעם כסדרדיקן וווקס פון דער ארגאניזאציע, וואס האָט שוין מער איר ארבעט נישט געקענט פירן אין פראפ. פאריין, שאפט דער „בונד" אן אייגענעם לאקאל, א יוגנט־ארגאניזאציע „יוגנט־בונד־צוקונפט", וואס האט זיך זייער שיין אנטוויקלט, ווי אויך א ספארט־קלוב „מארגנשטערן". זיי ציען צו צו דער ארבעט אומפארטייאישע, שאפן איין א ביבליאטעק, און הויבן אן פירן א קולטור־טעטיקייט צווישן די מיטגלידער און אויסער זיי, ברענגענדיק פון ווארשע רעדנער און פאר־שטייער פון צ. ק. וועלכע האבן געהאלטן רעפעראטן אויף פארשידענע ליטערארישע און פאליטישע טעמעס. די בונדישע ארגאניזאציע הייבט אן וואס מער אריינדרינגען אין יידישן לעבן, און ווערט א ווירקנדיקער פאקטאר ביים געשטאלטן דאס געזעל־שאפטלעכע לעבן פון יידישן סאָכאַטשעוו, נעמענדיק אן אקטיוון אנטייל אין אלגע־

מיינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן וואָס האָט אַזוי רעשיק אָנגעהויבן, נאָך אַזאַ לאַנגער צייט פון שטילשטאַנד און וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביזן סוף.

ס'איז כדאי צו באַמערקן, אַז די אָרגאַניזאַציע האָט קיינמאָל נישט פאַרמאָגט קיין געצאָלטן פונקציאָנער און עס האָבן זיך אויסגעבילדעט טוער, חברים פון דער שורה, אַרבעטער פון דער שטאָט, פון איר אַרויסגעוואַקסן. אייניקע פון זיי וועל איך דאָ דערמאָנען: יאַנטל ראָזען, הערשל וואַרשאַווסקי, שטיגליץ, שמחה גאָלדבערג, מענדל פרידמאַן, משה גייער און חיים פינטשעווסקי, וועלכער איז געקומען צום „בונד" אין 1937, און ביז דאַן געהערט צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

### ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס

בערך אין דער זעלבער צייט ווען עס האָבן זיך אַנטוויקלט די אַנדערע אָרגאַני־זאַציעס, הייבט אָן קומען צו זיך די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע נאָכן אַרויספאַלן פון אַ טייל פון איר אַקטיוו. זיי באַקומען אַ פאָנד אויף צו בויען אַ העברעאישע שול „יבנה". אייגנטלעך, האָט מען די שול נאָך געגומען בויען אין יאָר 1927, זי איז אַ פּאָר יאָר געשטאַנען נישט אויסגעפּאַרטיקט. צום לייגן דעם גרונדשטיין פון דער שול, קומען פון אַמעריקע די פאָרשטייער פון סאָכאַטשעווער רעליעף־קאָמיטעט, און אַלס הויפּט שפּענדער ישראל קעלער און חיים ראַבינאָוויטש. די פייערונג איז פאָרשטייט זיך, געווען אַ גרויסע. אין אַ פּאָר יאָר אַרום איז די שול פאַרטיק געוואָרן. מען האָט אַראָפּגעבראַכט לערער פון דער פרעמד און די שול איז געוואָרן אַ פאַקט. ביסלעכווייז האָט זיך די שול אַנטוויקלט און ביים סוף האָט זי שוין פאַרמאָגט 6 קלאַסן, מיט אַלע מלוכהשע רעכטן פון אַ נאָרמאַלער שול. נאַטירלעך, איז די שול געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון שול־קוראַטאָריום. די אונטעררריכט־שפּראַך איז געווען עברית, נאָר דער פּלאַן פון די למודים איז געווען אַזוי ווי אין אַלע מלוכהשע פאָלקס־שולן. עס זענען געווען אַ סך פינאַנסיעלע שוועריקייטן. אַלע מאָל האָט מען געדאַרפט אָנקומען צום מאַגיסטראַט נאָך אַ סוב־סידיע, וואָס איז גאָרנישט געווען אַזוי לייכט אַרויסצובאַקומען ביי די לעצטע רעאַקציאָנערע שטאָט־ראַטן פאַר די לעצטע 10 יאָר ביז דער מלחמה. אָבער נישט געווען קיין פאַל, ווען אַ פאַרשלאַג, פאַר יידישע הצטרכותן, אַריינגעטראָגן דורך יידישע ראַטמענער, זאָל נישט קריגן די פולע אונטערשטיצונג פון די ראַטמענער פון פ. פּ. ס. און איר פירער דראַבער.

די לערער פון דער שול האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אידעאַליזם אין זייער אַרבעט. זיי האָבן דערצויגן אַ נייע יוגנט און איינגעפּלאַנצט אין די קינדער נייע באַגריפן, פון וועלכע די פריערדיקע דורות קינדער האָבן נישט געהאַט קיין שום אַנונג, ווייל אין די סאָכאַטשעווער חדרים האָט מען זיי וועגן די אַלע נייע באַגריפן נישט געלערנט. איך וויל דערמיט נישט זאָגן, אַז דער חדר האָט נישט דערפילט זיין פונקציע אין לעבן פון קינד אין די פריערדיקע דורות. זענען דאָך די



שטאָטישע גימנאזיע — גימנסיה עירונית

גרעסטע טייל שרייבער און געזעלשאפטלעכע טוער ביי יידן, די וועלכע האבן געשאפן די גאלדענע תקופה פון טויזנט יאר מזרח־אייראפעאישן יידנטום, ארויס־געקומען נישט פון קיין אוניווערסיטעטן, נאר דווקא פון חדר, פון קליינעם שטעטל. האבן דען נישט זישע פרידמאן און עוזר ווארשאווסקי געלערנט ביי סאָכאַטשעווער מלמדים אין זייערע חדרים?

געווען ביי אונדז נאך א טיפ פון א יידישע שול — א רעליגיעזע, וועלכע איז געשאפן געווארן דורך דער „אגודה", פאר קינדער אין שול־עלטער. פאר יינגלעך די שול „יסוד התורה", און פאר מיידלעך — די „בית־יעקב"־שול. די שולן האָבן געהאט א טיף רעליגיעזן אינהאלט, און זענען געווען א מין סינטעז צווישן חדר און שול. אויך זיי האָבן געבראכט לערער פון דער פרעמד, און אויך זיי איז אויסגעקומען דורכצומאכן די זעלבע שוועריקייטן ווי די פריער דערמאנטע שולן. ביידע סארט שולן האבן געפירט צווישן זיך א שטילן קאמף פאר געווינען די נשמה פון יידישן קינד, און ביידע האבן עקזיסטירט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה.

די ציוניסטישע ארגאניזאציע האט ווידער אנגעהויבן ווערן טעטיק. שמחה גרונדוואג איז ווייטער געווארן איר פארטרעטער און פארזיצער. אבער קיין פרישע כוחות זענען נישט צוגעקומען, און מיט קיין צו גרויסער טעטיקייט האבן זיי זיך נישט געהאט צו בארימען. דער דרך־ארץ צו שמחה גרונדוואג האט ווידער אנגע־האלטן, ווי צו אן אלטן ציוניסטישן וועטעראן און געזעלשאפטלעכן טוער, ער האט אבער מער נישט געקענט דערפירן דערצו, אז די ציוניסטישע ארגאניזאציע זאל

ווערן א מאסן כוח. זי איז שוין מער אין סאָכאַטשעוו נישט געווען דער איינציקער כוח ווי אמאל.

רעדנדיק וועגן דער ציוניסטישער באַוועגונג, דאַרף מען אויך דערמאָנען די רעוויזיאָניסטן. זייער פירער איז געווען ד״ר סאלאמאן. דער פירער פון זייער יוגנט־ארגאניזאציע „ביתר" איז געווען פנחס ברעסלער. זיי פלעגן טראָגן ביי פארשידענע געלעגנהייטן אוניפארמען און פלעגן איינאָרדענען פארשידענע פייערונגען. וועגן איינער אזא פייערונג וויל איך דערציילן: אין יאר 1930 האבן זיי ארגאניזירט א פייערונג פון אַנטהילן אַ פאָן. די פייערונג איז פאָרגעקומען אין דער שול, און עס זענען געווען אנוועזנד א סך געסט איינגעלאדענע פון דער פרעמד און פארשטייער פון דער מאכט. ביים סאמע פייערלעכסטן מאמענט פון דער אנטהילונג, איז פון דער ווייבער־שול אראפגעווארפן געווארן א ווייסע טויב מיט א רויטן געוואנט, אויף וועלכן עס זענען געווען אויפגעשריבן אנטי־„ביתר" לאזונגען. נאטירלעך, אז עס איז באלד געווארן א גרויסע בהלה, און די פייערונג איז טיילוויז צעשטערט געווארן. דער עפילאג פון דעם איז געווען, אז די פאליציי מיטן קאמענדאנט בראש האבן באלד ארעסטירט עטלעכע מענטשן אויפן ארט, וועלכע האבן זיך געפונען אונטער א פארדאכט ביי דער פאליציי, שוין פון פריער, און זיי אפגעשיקט קייו לויוויטש, אין דער טורמע אריין. דער פארפאל האָט געהאט א ברייטן אפקלאנג אין שטאט. לאנג האט מען וועגן דעם גערעדט און קאמענטירט.

דער החלוץ איז געווען אנגעפירט פון פנחס וויינבערג (איבערגעלעבט די מלחמה, אומגעקומען דורך א מערדערישער האנט אין סאָכאַטשעוו, באלד נאָך זיין אומקערן זיך אין שטאט פון זיין באהעלטעניש). דאס איז געווען א טעטיקע ארגא־ניזאציע, וועלכע האט געפירט א ברייט־פארצווייגטע ארבעט, און געהאט אן אנזען אין שטאט מיט איר טעטיקייט און אקטיוויטעט. געשאפן אן אייגענעם בלאז־ארקעס־טער, וועלכער האָט זיך זייער שיין אנטוויקלט און איז אויפגעטרעטן ביי אלע פייע־רונגען און בעלער וואס דער החלוץ האט איינגעארדנט. א באזונדער ארט האט פארנומען דאס ארגאניזירן קורסן פאר לערנען העברעאיש, אנגעפירט פון א לערער פון „יבנה" שול.

צו די ציוניסטישע ארגאניזאציעס דאַרף מען אויך צורעכענען די מזרחי יוגנט־ארגאניזאציע. דאָס זענען געווען רעליגיעז־ציוניסטישע יידן. זייערע טוער זענען געווען: אייזיק וואלדנבערג, יעקב בידערמאן. פון דער יוגנט: מאטל באמערדער, און אליהו בלומענטאל.

דער קרן־קימת האָט געפירט איר טעטיקע ארבעט אין שטאָט. יעדע ציו־ניסטישע ריכטונג האט געהאט דארט איר פארשטייער לויט א פארטיי־שליסל. פארזיצער פון קרן־קימת איז געווען שמחה גרונדוואג. זיין ארט האָט שפּעטער פארנומען מיכאל כהן, וואס איז נאך לאנגע יארן נישט זיין אין סאָכאַטשעוו, צוריק געקומען און זיך באזעצט אין שטעטל, געוואָרן טעטיק אין דער ציוניסטישער ארגא־

ניזאציע און געארבעט ביזן אויסברוך פון דער היטלער־מלחמה. מיט זיין טעטיקייט האט די ציוניסטישע ארגאניזאציע באקומען א פעאיקן, אינטעליגענטן טוער, וועלכער האט אויך געגרינדעט אן אייגענע צייטונג א. נ. „סאָכאַטשעווער לעבן”, פון וועלכער עס זענען דערשינען בלויז עטלעכע נומערן. דאס נישט קענען בייקומען די פינאנ־סיעלע שוועריקייטן און דער עיקר דאס פעלן פון ליטעראַרישע כוחות, וואס זאלן אנפירן און ארויסגעבן אן ערנסטע צייטונג, האט דערפירט צו איר פארמאכן.



בית־יעקב שול. — בית־ספר „בית יעקב”

## אגודת ישראל

דער רעליגיעזער טייל פון דער באפעלקערונג האט זיך אויך ארגאניזירט אין די רייען פון דער „אגודה”. די ארגאניזאציע האט ארומגענומען א גרויסן טייל פון דער יידישער באפעלקערונג, געהאט פארשטייער אין שטאט־ראט און יארן־לאנג אנגעפירט מיט דער קהילה. יוסף וואלקאוויטש איז לאנגע יארן געווען זייער פארזי־צער. זיי האבן געפירט א ברייט־פארצווייגטע טעטיקייט צווישן דער יוגנט און געשאפן די „פועלי־אמונת ישראל”. גרויסע אקטיוויטעט אין דער אגודה האבן ארויסגעוויזן די ברידער מרדכי (מאָטל) און יצחק ווינער און יצחק שיינוואלד (זון פון יענקעלע מלמד). יצחק ווינער איז שפעטער געווארן פארזיצער פון דער קהילה, אויפן ארט פון יוסף וואלקאוויטש. ער איז אויף דעם אמט געבליבן ביזן סוף.

## קאָמוניסטישע יוגנט

די קאמוניסטישע יוגנט־ארגאניזאציע האט געפירט איר ארבעט אומלעגאל. זי איז אפילו אין די 30־קער יארן אריינגעדרונגען אין די קרייזן פון דער בירגערלעכער

און שטודירנדיקער יוגנט. פון צייט צו צייט פלעגט די פאליציי פאלן אויף זייערע שפורן און דורכפירן ארעסטן. ביי איינעם אזא ארעסט האט מען פארחתמעט דעם פראפעסיאנעלן פאריין. א טייל מיטגלידער האט מען איינגעזעצט, און א טייל האט געמוזט אנטלויפן פון שטאָט און אפילו קיין אויסלאנד.

## יוגנט פון „בונד"

א שטארק אקטיווע ארבעט צווישן דער יידישער ארבעטער־יוגנט האט געפירט די בונדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אַלץ טיפער איינגעדרונגען אין די נאָר וואס דערמאנטע יוגנט־קרייזן. די לעצטע יארן האט זי אויך געהאט א שטארקן צופלוס פון יוגנט, וואס איז געקומען צו איר פון קאמוניסטישע קרייזן, נאכן פאנאנדערלאזן די קאמוניסטישע פארטיי אין פוילן דורכן קאמינטערן.

די ארבעט פון דער בונדישער ארגאניזאציע איז באשטאנען אין אויפקלערונג, ווי לעקציעס, רעפעראטן, אויספלוגן, זומער־לאגערן, וועלכע זענען געוואָרן איינגעאָרדנט אויך געמיינזאם מיטן „טור" (יוגנט־ארגאניזאציע פון פ. פ. ס.). די מיטגלידער פון די בונדישע ארגאניזאציעס זענען אין זייער גרעסטער מערהייט געקומען פון די אָרעמסטע, פון בילדונג באַרויבטע שיכטן. די אָרגאַניזאַציע איז פאַר זיי געוואָרן דער דערציונגס־אינסטיטוט, אין וועלכן זיי האָבן באקומען די נויטיקע בילדונג און וויסן, און געשטילט דעם אלץ מער וואקסנדיקן קולטור־דורשט. די בונדישע יוגנט האָט אויך בייגעטראגן צום קאלאריט פון דער גרויסער אויפלעבונג און אלגעמיינעם וווקס פון דער יידישער יוגנט אין סאָכאַטשעוו.

## לערער אין דער פוילישע פאָלקס־שול

מען דארף דערמאָנען אויך דעם ביישטייער וואס עס האָט צוגעטראָגן דער יידישער לערער אין דער פוילישער, אזוי גערופענער „פאווישעכנער" פאָלקס־שול. קאמפעלמאכער — א פארבנרייכע, אינטערעסאנטע פערזענלעכקייט, איז געקומען קיין סאָכאַטשעוו אין אנהויב 20־קער יאָרן פון גאליציע. ער האָט נישט געהערט צו קיין שום פארטיי. געווען שטארק אסימילירט, אבער א הארציקער פאָלקס־מענטש פון טיפ יאנוש קארטשאק. ער האט געלעבט אין סאָכאַטשעוו ביזן יאָר 1936. דערנאָך האָט אים דער שול־קוראטאריום איבערגעפירט קיין גראדזשיסק, אלס לערער אין די דאָרטיקע „פאווישעכנע" שולן. ער האָט געהאט א גרויסן איינפלוס אויף דער יוגנט, זאָרגנדיק פאר איר פיזישער און גייסטיקער אנטוויקלונג. ער האָט פיל מיטגעווירקט אין איר דערציונג, און ווי א פאטער געזאָרגט פאר אלע יוגנטלעכע. ער האט געשאפן כאָרן, לייען־קרייזן און איז אויך געווען דער גרינדער פון דעם ספאָרט־קלוב זש. ט. ג. ס. — יידישער ספאָרט און טורן־פאריין. ער האט געפירט א ברייט־פארצווייגטע ספאָרט און קולטור־טעטיקייט, און מיטגעווירקט צו דער אלגעמיינער אנטוויקלונג פון יידישן סאָכאַטשעוו, זארגנדיק און פארווירקלעכנדיק די לאָזונג, אז

צו א געזונטן גייסט דארף מען אויך האָבן א געזונטן קערפּער. די זש. ט. ג. ס. האט זיך באַרימט געמאכט מיט איר אינעלעכער דיסציפּלין און עפנטלעכע ארויס־טריטן, ווי פוטבאָל־פאַרמעסטונגען און טורן־פעסטן.

קאמפּעלמאכער האט איבערגעלאָזט נאָך זיין אוועקפאָרן פון דער שטאט, א טיפע בענקשאפט ביי די אלע וואס האבן געהאט דאס גליק דערצויגן צו ווערן אונטער זיין השגחה. אין זיין נייער היים גראדזשיסק, האָט ער שוין מער נישט געפונען זיינע קינדער, וואָס ער האָט געהאט אין סאָכאַטשעוו. ער האט געלעבט דארט ביז דער מלחמה און ווארשיינלעך אומגעקומען צוזאמען מיט די גראָדזשיס־קער יידן.

## עקאָנאָמישע און געזעלשאפטלעכע אויפלעבונג

ס׳וואַקסט אונטער אַ יוגנט. אויך פון אנדערע שטעט און שטעטלעך קומט מען זיך באַזעצן אין סאָכאַטשעוו. אונדזער שטעטל באַקומט דעם נאָמען פון א „פרנסה״ שטאָט . אין דארף כאָדאקאוו 4 קילאמעטער פון שטאָט, ווערט געגרינדעט אין אנהויב יאר 1928 א גרויסע פאבריק פון קונסט־זייד. די צאָל ארבעטער איז ביז דער מלחמה דערגאנגען צו איבער 5000. די פאבריק האט געשפילט א גרויסע ראָל אין דער טעקסטיל־אינדוסטרי אין פוילן, די צווייט גרעסטע פאבריק פון איר מין. קיין יידן האָט מען, פארשטייט זיך, דארטן נישט אריינגעלאָזט. עפּעס ווי אויף א רפואה האט



יידישע קינדער פון דער „פּאָווּשעכנער״ שול מיטן לערער קאמפּעלמאכער
ילדים יהודים מביה״ס העממי הפולני עם המורה קמפלמכר

דארט געארבעט אין יידישע פרוי. דערפאר איז דער האנדל אין שטאָט צוליב דעם געוואקסן.

סאָכאַטשעווער יידן זענען געוואָרן צושטעלער פון פארשידענע מאטעריאלן. שוסטער, שניידער, היטלמאכער און סטאלארעס האבן באקומען פיל ארבעט, באשטעלונגען פון די פאבריקס־ארבעטער. דאָס האָט גורם געווען צו פארגרעסערן זייערע ווארשטאטן. סאָכאַטשעוו איז געווארן די איינציקע צושטעלערין פון אלץ וואָס די פאבריק האט זיך געניטיקט צו איר וווקס און פונאנדערבוי. ס'איז געוואָרן א גוואלדיקע אויפלעבונג אין דער שטאָט. געווען ארבעטן ווו יידן זענען געווען אויסשליסלעך די איינציקע צושטעלער פון מאטעריאלן און פון געברויך. די ארומיקע דארפישע באפעלקערונג איז געוואָקסן.

צוליב די אלע סיבות האָט די שטאָט באקומען אן אנדער אויסזען. דאָס אלץ האָט געהאט א ווירקונג אויך אויף דער וויטערדיקער געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג פון דער יידישער באפעלקערונג. עס זענען אויפגעקומען פארטייען מיט אינסטיטוציעס, יעדע פארטיי האט שוין געהאט אירע פארטייאישע יוגנט־ארגאניזאציעס, בענק, ווירטשאפטלעכע־פארבאנדן, געזעלשאפטלעכע און ווילטעטיקע אינסטיטוציעס אונטער פארשידענע נעמען, ספאָרט־ארגאניזאציעס מיט פארטייאישע און אומפארטייאישע מיטגלידער. מען האָט אפילו נישט פארזען צו שאפן אן „אגראיד" (א פרא־קאמוניסטישע ארגאניזאציע צו זאמלען געלט פאר בירא־בידזשאן). און א קלוב ווו מען האָט געלערנט עספעראַנטאָ. עס זענען געווען אין שטאָט אויך — צום ערשטן מאל —ביים ערשטן ארויסלאז פון דער גימנאזיע, עטלעכע יידישע אבסאלווענטן. נו און יעצט ווו איז די ביבליאטעק, דער דראמאטישער קרייז ?

## קולטור־אינסטיטוציעס

### דראַמאטישער קרייז

די ארבעט פון דראמאטישן קרייז איז אנגעגאנגען די גאנצע צייט. נחום גרונדוואג האט נישט געקארגט קיין מי, ארייגלייגנדיק אין דער ארבעט זיין גאנצן כוח און טאלאנט, פארנאכלעסנדיק זייער אפט זיינע פערזענלעכע אינטערעסן. דער דראמאטישער קרייז איז געווען פאר אים א לעבנס־ציל, און ער האט זיינע באדערפענישן געשטעלט אין דער ערשטער ריי. נישט געקוקט דערויף וואָס א סך פון די מענטשן האָבן זיך געטוישט, אוועקגעפאָרן קיין אויסלאנד, און נאר א טייל, געציילטע, זענען געבליבן פון די פיאנערן, און ס'איז נישט אזוי לייכט געווען צו ווערבירן נייע כוחות. דאך האָט זיך דער קרייז נישט אראפגעלאָזט אין זיין קולטורעלן ניווא צו די וואָס האָבן א קליינעם קולטור־באגאזש, נאר פארקערט, אויפגעהויבן דעם ניווא פון די מענטשן צום קרייז און געזארגט דערפאר, אז הגם די מענטשן טוישן זיך כסדר, זאָל דאך דער קרייז ווי געהעריק ארבעטן. ער האָט אכטונג געגעבן, אז די מענטשן זאָלן זייערע ראלן קענען נישט נאר מעכאניש פון אויסנווייניק, נאר זיך פארטיפן

אין זיי, זיי פארשטיין, זיך באמיען ארויסצוברענגען די כאַראַקטער־שטריכן פון דעם געגעבענעם טיפ.

עס איז גענוג צו דערמאָנען אזעלכע אויפפירונגען פון קרייז פאר די לעצטע יאָרן ווי דער „טויבער" פון בערגעלסאן, „גרינע פעלדער" פון פרץ הירשביין, „בונט אין אויסבעסערונגס־הויז", „דער אורטייל", „אזעף". „צוויי מאל הונדערט טויזנט", „שווער צו זיין א ייד" פון שלום עליכם, חוץ דעם „אייזערנעם" רעפערטואר פון קרייז ווי : גארדין, גאלדפאדען, וואָס ער האָט אויפגעפירט פאר דער גאנצער צייט, פון ערשטן טאג זינט זיין גרינדונג אין יאָר 1918. דער קרייז איז קיינמאָל נישט געגאנגען אויפן וועג פון לייכטן ווידערשטאנד, זיך נישט אראפגעלאָזט צו שונד, צו צווייפלהאפטער קונסט. געזארגט פאר קינסטלערישער ריינקייט. נישט די קאסע איז געווען דער עיקר, נאָר דער מאראלישער דערפאלג. קיינער האָט דערפון נישט געלעבט. אלע מיטגלידער פון קרייז האָבן בייטאג געארבעט און ביינאכט געקומען צו א רעפעטיציע, ווי צו א הייליקער עבודה. דער טאָג פון אן אויפפירונג איז געווען פאר יעדן מיטגליד פון קרייז א יום־טוב. יעדער האָט אין אזא טאָג געפילט א הייליקן ציטער : עס זאל נאר געלונגען, מען זאל נאר נישט דורכפאלן, חלילה. ווען מען גיט היינט א טראכט רעטראספעקטיוו וויפל אידעאליזם, וויפל דערהויבנקייט און איבערגעגעבנקייט האָבן פארמאָגט די מענטשן ! די חברים האָבן זיך נישט בלויז באנוגנט וואָס מען לערנט זיי און זיי לערנען זיך אויס די ראלן, נאר זייער אפט איז מען געפאָרן קיין ווארשע צו די „ווילנער", אָדער אין טעאטער „נאוואשטשי", כדי צו זען די זעלבע פארשטעלונג ביי אנדערע, פראמינענטע יידישע אקטיארן. פארגלייכנדיק, נעמענדיק אין אכט אונדזערע און זייערע טעאטער־מעגלעכקייטן, טיפן און סצענעס, זענען שפעטער אדורכגעפירט געוואָרן אין קרייז דיסקוסיעס. אויפן סמך פון דעם אלעם האָט מען ווייטער געשעפט כוח און מוט צו ארבעט, נישט אפשטעלנדיק זיך פאר קיין שום שוועריקייטן. א סך פיעסן זענען פיל מאל געשפילט געוואָרן. דער רום פון אונדזער קרייז איז געווען גרויס אויך אין די ארומיקע שטעט. פיל מאל זענען מיר פארבעטן געוואָרן צו שפילן אין לוויוויטש, בלוינע, ווישעגראד און אין אנדערע גרעסערע און קלענערע שטעטלעך. אויסער די אויפפי־רונגען פון קרייז, פלעגן די חברים גרונדוואג, ליפמאן, דיאמאנד, מאיר האלצמאן און אהרן כהן, אויפטרעטן און אנטייל נעמען מיט צוגעפאסטע פראגראמען אויף אַלע קולטור־פאַראַנשטאַלטונגען אין שטאָט.

דער דראמאַטישער קרייז פארדינט אַ באזונדערע אָפשאַצונג, ווייל ער האָט אזוי פיל בייגעטראָגן צו דער קולטור־אנטוויקלונג פון אונדזער יידישן סאָכאַטשעוו. מיר דערמאָנען אים מיט אזויפיל ליבע און יראת הכבוד, ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטן געווען. ליידער דערמאָנען מיר עס מיט א טיפן ווייטיק, ווייל עס געהערט שוין צו דער פארגאנגנהייט.

דעם לעצטן זומער פון 1939, פארן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־

מלחמה, האָבן מיר זיך געגרייט אויסצופירן „נח פאנדרע“ פון זלמן שניאור, וואָס אין דאן מיט גרויס דערפאלג אויפגעפירט געוואָרן אין וואַרשע. ליידער האָט דער היטלער־אנפאַל אויף פוילן צעשטערט די ווייטערדיקע פלענער, און דער דראַמאַטישער קרייז איז פארניכטעט געוואָרן צוזאמען מיט אלע דערגרייכונגען פון די יידן אין שטאָט.

## ביבליאָטעק

אַ באַזונדערע ראָל האָט פאר די לעצטע יאָרן געשפילט אין דער געזעלשאַפט־לעכער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט — די ביבליאָטעק, ספּעציעל אין לעבן פון דער יוגנט. די ביבליאָטעק איז געווען אַ מוסטער פון אומפארטייאישקייט און צוזאָמענארבעט פון מענטשן פון אלע ריכטונגען. איר גלאַנץ־פּעריאָד זענען געווען די דריי יאָר ביז דער מלחמה.

ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, איז די אומפארטייאישקייט פון דער ביבליאָטעק זייער אָפּגעהיט געוואָרן. אזוי ווי אלע פּארטייען האָבן געקענט דעם כאַראַקטער פון דער ביבליאָטעק, האָט מען פאר איר איבערגעלאָזט צו פירן די קולטור־ארבעט צווישן דער יוגנט. פון איר איז געווען אָפּהענגיק דער קולטור אויפשטייג פון דער יוגנט, זי איז געווען זיין באַראָמעטער. די ביבליאָטעק איז באטראַכט געוואָרן פאר דער איינציקער „אוניווערסיטעט“, ווו מ׳קען דורכן בוך דערווערבן זיך די נויטיקע ידיעות און וויסן, פאר דער אויפקלערונגס־ארבעט; ספּעציעל פאַר די טוער פון די פאַרשידענע פּארטייען און אָרגאַניזאַציעס.

אין יאָר 1937 איז אריינגעטרעטן אן ענדערונג אין דער ארבעט פון דער פאַרוואַלטונג, וואָס האָט עקזיסטירט ביז דאַן. זי האָט נישט געקענט פארענטפערן די פּראָבלעמען און פארלאַנגען, וועלכע זענען פאר איר געשטעלט געוואָרן. די סיבה איז געווען דאָס וואָס פאר די לעצטע עטלעכע יאָר זענען אין דער אנפירונג געווען מענטשען נישט באַרופענע צו אַזאַ ארבעט. אין דער פאַרוואַלטונג האָבן זיך על פי רוב געפונען בעלי הבתישע יינגלעך, וואָס האָבן פארשטאנען, אז די העכסטע אויפגאבע פון דער ביבליאָטעק איז ארויסצוגעבן א בוך און נישט מער. עס איז טאקע אויך געווען א לייען־זאָל מיט עטלעכע יידישע צייטונגען, אָבער זי האָט נישט געוועקט קיינעמס אינטערעס. פּאָרזיצער איז געווען **אברהם כהן**, (א זון פון יענקל כהן). די ארבעט האָט ער געפירט לויט זיין אייגענעם איינזען, נישט רעכענדיק זיך אָפּטמאָל מיט די באשלוסן פון די פארוואלטונגען, ער האָט געטאָן סיי ווי וואָס ער האָט געוואָלט. דאך אין די ביבליאטעק געוואַקסן. פון 40—50 מיטגלידער אין יאָר 1937 ביז 200 מיטגלידער אין יאָר 1939, דאָס האָט ווייטער געגעבן א שטויס, אז זי זאָל דאָך פארוואנדלט ווערן אין אַ קולטור־אינסטיטוציע און נישט אין אן אָרט, ווו מען טוישט בלויז א בוך. דער איבערברוך איז געקומען אויף אן אלגעמיינער יערלעכער פארזאמלונג אַנפאנג יאָר 1937.



פאַרוואַלטונג פון דער ביבליאָטעק אין יאָר 1925 — ועד הספריה

דאַן איז געוויילט געוואָרן א נייע פאַרוואַלטונג, אין וועלכער עס זענען אריין בלויז 2 אָדער 3 מענטשן פון דער אלטער פאַרוואַלטונג. ביז צו דער קאָנסטיטואירונג, איז ווידער געוואָרן אלס פאָרזיצער אברהם כהן (צוליב סיבות וועלכע איך געדענק שוין נישט). אויף דער ערשטער זיצונג פון דער ניי אויסגעוויילטער פאַרוואַלטונג איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע, ווי אזוי צו פאַרוואַנדלען דעם לייען־זאַל אין א צוציונגס־אָרט פאַר אלע, אָן אונטערשיד פון פּאַרטיי־אַנגעהערי־קייט. היות דער לייען־זאַל איז געווען פאַרזען בלויז מיט יידישע בירגערלעכע צייטונגען, זאָל אויך אבאָנירט ווערן די „פאָלקס־צייטונג“, דער אָרגאַן פון בונד אין פוילן. דער פאָרשלאַג איז אריינגעטראָגן געוואָרן דורך דעם שרייבער פון די שורות, און איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן זיך צו שטעלן אין פאַרבינדונג מיט אלע פאַרלאַגן, צייטשריפטן און בעטן זיי זאָלן אונדז צושיקן די ניי־דערשינענע אויסגאַבן.

אזוי ווי דער פאָרזיצער איז אָבער געבליבן אברהם כהן, וועלכער האָט זיך נישט גערעכנט מיט די באַשלוסן פון דער פאַרוואַלטונג און גוט געוווסט, אַז אָן זיין אונטערשריפט און סטעמפּל קען מען גאָרנישט טאָן, האָט ער דעם פאָרשלאַג באַיקאָטירט. אויף דער נאָענטסטער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג איז ער אויפגעפאָדערט געוואָרן צו געבן א דערקלערונג. און דאָ איז ער טאַקע ארויס

מיט לשון, טענהנדיק, אז מען דארף די „פאָלקס־צייטונג״ נישט אַבאַנירן. דערביי האָט ער געגעבן אָנצוהערן, אז מיר זענען נישט די איינציקע, וואָס קענען באַשטימען אַזעלכע זאַכן, נאָר די מאכט האָט אויך וואָס צו זאָגן און, אז ער ווייסט אויף זיכער, אז די מאכט איז קעגן אריינעמען אזא צייטונג אין לייען־זאַל...

פארשטייט זיך, אז עס איז אויסגעבראָכן א גרויסער סקאַנדאַל און די זיצונג איז אויפגעריסן געוואָרן. אין שפּיץ פון דער אקציע קעגן אברהם כהן, האָבן זיך געשטעלט פּנחס וויינבערג און ישראל אייסמאַן. די אויבנדערמאַנטע צוויי חברים, מיטן שרייבער פון די שורות, האָבן גערופן אויף מוצאי יום־כּיפּור א גרויסע באַראַטונג פון אַלע געזעלשאַפטלעכע טוער און אומפּאַרטייאישע אין לאָקאַל פון דער ביבליאָטעק. די אויפגאַבע פון דער באַראַטונג איז געווען צו אינפאָרמירן די מענטשן וועגן דער לאַגע ארום דעם ענין ביבליאָטעק און נעמען שטעלונג צו דער געשאַפענער סיטואַציע. היות די מאכט האָט שוין געוווּסט וועגן דעם גאַנצן ענין און מיר האָבן זיך געריכט א ליאַדע טאָג, אז מען קען פארמאַכן די ביב־ליאָטעק, האָט מען געמוזט האַנדלען שנעל און פאָרזיכטיק, ווייל דאָס אַלץ איז שוין געלעגן אין די הענט פון וויצע־סטאַראָסטע באַרקאַווסקי, אָדער ווי מיר פלעגן אים רופן „בראַדקאַ״, צוליב זיין בערדל וואָס ער האָט געטראָגן. ער האָט געקענט אַלץ טאָן, ווייל ער האָט אויף זיך געקוקט ווי אויף דעם בעל הבית פון אַלע יידישע אינסטיטוציעס אין שטאָט. ער האָט בכלל געשפּילט א פינצטערע ראָל אינעם לעבן פון די סאָכאַטשעווער יידן אין די לעצטע יאָרן, ווי מיר וועלן עס זען שפּעטער.

די באַראַטונג איז געווען אַן ערנסטע און אַ שטורמישע. אייניקע אָנטיילנעמער פון איר וויל איך דאָ דערמאָנען: שמחה גרונדוואַג, שמחה כהן, לוטעק סקאַטניצקי, מנשה קנאַט, נחום גרונדוואַג, מיכאל כהן (א ברודער פון אברהם כהן), יוסף מונה, הערשל וואַרשאַווסקי, יואל מילער, ד״ר קאַפּלאַן און אַנדערע. אַלע אַנוועזנדע אויף דער באַראַטונג האָבן דערפילט די שווערע געשאַפענע לאַגע. מען האָט זיך אָפּגעגעבן א חשבון צו וואָס דאָס קען דערפירן. דאָ גייט נישט אין וועלן פאַר־כאַפּן די ביבליאָטעק דורך דער אָדער יענער פּאַרטיי, נאָר פּשוט אָפּשרייען די גזירה פון דער מאַכט, און דער עיקר שטעלן מחוץ למחנה די, וועלכע האָבן צו דעם דערפירט און מאַכן זיי אומשעדלעך. די באַראַטונג האָט געדויערט ביז דריי ביינאַכט. מען האָט איינשטימיק באַשלאָסן: היות ס׳איז אינגאַנצן געווען 2 חדשים נאָך דער יערלעכער פאַרזאַמלונג, און לויטן רעגולאַמין קען מען פאַרן יאָר נישט רופן ווידער אַ פאַרזאַמלונג מיט וואַלן צו אַ נייער פאַרוואַלטונג, זעט אָבער פאַר דער זעלבער רעגולאַמין, אז אויב צוויי דריטל מיטגלידער פאָדערן עס פאַרן יאָר, דאַרף די מאַכט יאָ דערלויבן צו רופן אזא פאַרזאַמלונג נאָך פאַרן אָפּלויף פון דער קאַדענץ פון דער פאַרוואַלטונג. אזוי ווי די פאַרביטערונג צווישן די חברים איז געווען גרויס, איז געווען לייכט צו שאַפן די צאָל אונטערשריפטן. די באַראַ־

טונג האָט אויסגעטיילט א קאָמיסיע, וועלכע האָט זיך אונטערגענומען צו שאפן די נויטיקע צאָל אונטערשריפטן און אלץ וואָס איז נויטיק און פארבונדן מיט רופן א נייע פארזאמלונג. עס איז אויך באשטימט געוואָרן, אז די דעלעגאציע אין באשטאנד פון די חברים: לוטעק סקאטניצקי, מנשה קנאט און מענדל פרידמאַן, זאָלן באלד צומאָרגנס פאָרן קיין ווארשע צו נח פרילוצקי, אים איבערגעבן דעם גאנצן ענין, ווייל עס האָט געמוזט קומען א שנעלע אינטערווענץ, נאָך איידער מען פארמאַכט די ביבליאָטעק. נאָכן אויסהערן אונדז, האָט פרילוצקי אין אונדזער אנוועזנהייט, זיך פאַרשטענדיקט טעלעפאָניש מיט הענריק ערליך, דעם באוווסטן בונדישן פירער. אונדזער דעלעגאציע איז אויך אויפגענומען געוואָרן דורך אים. ערליך און פרילוצקי האָבן באַלד אינטערוועניֶרט ביי דער ווארשעווער וואָי־עוודזטווע, און אזויארום איז אויסגעמיטן געוואָרן דאָס פארמאכן פון דער ביב־ליאָטעק.

די קאָמיסיע האָט גלייך אומקערנדיק זיך קיין סאָכאַטשעוו געשאַפן די נויטיקע אונטערשריפטן און דערלאַנגט אין סטאַראָסטווע, בעטנדיק א דערלויבעניש אויף א פארזאַמלונג. מיר האָבן די דערלויבעניש באקומען אָן שוועריקייטן, ווייל ווי עס האָט אויסגעזען, האָט די סטאַראָסטווע שוין געהאט, ווייזט אויס, אַן אינפאָר־מאציע פון דער ווארשעווער וואיעוודזסטווע. נאָכמער, זיי האָבן אפילו באשטע־טיקט דעם טאָג־אָרדענונג מיטן פונקט וועגן וויילן א נייע פארוואַלטונג, און אפילו אונדז געגעבן דעם זאל פון דער „פאָוושעכנער״ שול, באשטימט א טערמין ווען די פארזאמלונג זאָל פארקומען און... אַלס „פאָרשטייער״ באַשטימט דעם פאָליטישן רעפערענט פון סטאַראָסטווע, ס ק ר ע נ ט, כדי מיט די אייגענע אויגן זען די „קראמאליע״ וואָס האָט זיך רחמנא־לצלן ארייננעכאפט אין דער יידישער ביב־ליאָטעק.

עטלעכע טעג פאר דער באשטימטער פאַרזאמלונג באקומען מיר, די פאר־וואלטונגס־מיטגלידער, אן איינלאדונג פון פאָרזיצער פון דער ביבליאָטעק, אויף א דרינגנדער פארזאמלונג אין לאָקאַל פון דער ביבליאָטעק, מיט דער באמערקונג, אז דאָס קומען איז פארפליכטנד, צוליבן אנטייל פון וויצע־סטאַראָסטע באָר־קאווסקי. צו דער באשטימטער צייט זענען אלע מיטגלידער געקומען, אויסער ישראל אייסמאן, וועלכער האָט זיך פארשפעטיקט און געהאט א שארפן ווערטער־אויסטויש דערפאַר מיט באָרקאָווסקין.

די ערשטע בשורה וואָס ער האָט אונדז איבערגעגעבן, איז געווען, אז די בקשה צום מאגיסטראט וועגן א סובסידיע פאר דער ביבליאָטעק, וועט נישט דערפילט ווערן, ווייל דער שטאָטישער בודזשעט איז אזוי אויך גענוג באלאַסטעט; און ווען אפילו דער שטאָט־ראט און מאגיסטראט זאָלן יאָ באשטעטיקן, וועט ער ליידער מוזן די פאָזיציע פון איר בודזשעט שטרייכן. און ער דערקלערט אונדז ווייטער: אָבער איר דאַרפט דאָך האָבן געלט צו קויפן ביכער און אנדערע

זאכן, איז דאָך געלט דאָ געגוג, נאָר עס געפינט זיך אין די יידישע הענט, אזוי, אַז עס איז נישט כדאי אנצוקומען צום מאגיסטראט נאָך א סובסידיע און ער אליין בכבודו ובעצמו, איז גרייט אונדז צו העלפן שאַפן א ביסל געלט... אָט איז זיין פּלאַן: היות ווי דער בעל־הבית פון דעם הויז איז גאלדמאן און דער זעלבער גאלדמאן האָט אויך א געשעפט, איז גאָרנישט שווער צו כאַפּן אים ביי אַן עבירה אין זיין געשעפט. למשל: שמוק! דאָס איז דאָך א זאַך וואָס עס פעלט נישט ביי יידן. וועט ער גלייך צומאָרגנס אריין אין גאלדמאנס געשעפט, מאַכן אים א פּראָטאָקאָל אויף 150 זלאָטעס פאר נישט ריין האלטן... אָדער, פארלאָזט זיך אויף מיר — האָט ער ווייטער געזאָגט — איך וועל אים גלייך מעלדן, אז אין פאַרלויף פון דריי טעג דאַרף ער מיר ברענגען פון אייך א קבלה, אז איר האָט דאָס געלט דערהאלטן. דער גאלדמאן וועט דאָך נישט וועלן האָבן מיט מיר צו טאָן און גיין זיך משפטן מיט מיר... דערביי האָט ער פארזשמורעט די אייגעלעך זיינע, און געקוקט אויף יעדן באזונדער, כדי צו פאַרשן דעם איינדרוק וואָס זיינע רייד האָבן אויף אונדז געמאַכט. ער האָט אָבער לאנג נישט געדאַרפן וואַרטן אויף אונדזער ענטפער.

מיר האָבן אים דערקלערט, אז מיר דאנקען אים פאר זיין „אויפמערקזאמ־קייט" און גוט הארץ, און קאטעגאָריש אפּגעוואָרפן זיין פאַרשלאָג, וויסנדיק צו וואָס ער צילט. מיר האָבן אים מודיע געווען, אז מיר זענען בירגער פון שטאָט, וואָס צאָלן שטייערן צוגלייך מיט אלע, און דער מאגיסטראט איז מחויב אונדז צו געבן א סובסידיע ווי א לעגאלע אינסטיטוציע, וואָס פירט איר טעטיקייט צווישן דער יידישער באפעלקערונג; און אויב אונדזער בקשה וועט געשטראָכן אָדער אפּגעוואָרפן ווערן, דורך אים, וועלן מיר אפּעלירן צו דער העכערער מאכט — צו דער וואיעוואָדזסטווע.

ער האָט זיך געמאכט תמעוואטע, אז ער פארשטייט נישט וואָס מיר רעדן צו אים. ער האָט זיך געהייסן ווייזן דעם מיטגלידס־בוך און די ביכער־קאטאלאָגן. בלעטערנדיק די פּוילישע און יידישע קאָטאַלאָגן, וואָס מיר האָבן אים איבערגעזעצט, האָט ער אונדז געגעבן צו פארשטיין, אז ער מיינט נאָר אונדזער טובה, זאָגנדיק וועלכע ביכער מיר דארפן ארויסוואַרפן, ווייל די ביכער קענען, חלילה, דעמאראליזירן די יוגנט און שלעכט ווירקן ביים דערציען די יידישע יוגנט צו אירע פליכטן אלס בירגער פון דער פּוילישער מדינה... איר ווילט דאָך אוודאי — האָט ער צוגעגעבן, אַז עס זאָל נישט באַרעכטיקט ווערן די מיינונג פון א גאָר גרויסן טייל פון דער פּוילישער באפעלקערונג, אז איר זענט פרעמדע ביי אונדז אין לאנד און מען דארף אייך עלימינירן פון דער פּוילישער געזעלשאפט — האָט ער שעלמיש צוגעווונקן מיט זיינע דורכדרינגענדיקע אויגן.

ס'איז כדאי אויסצורעכענען עטלעכע פון די שרייבער, וואָס זייערע ביכער האָט ער געהייסן ארויסוואַרפן; מאקסים גאָרקי, טאָלסטאָי, ראָמען ראָלען, אַנרי




מיטגלידער פון ספאָרט־קלוב מיטן לערער קאַמפּעלמאַכער ; חברי מועדון הספורט עם המורה קאמפלמכר

בארביס, טובים, ברונא יאשינסקי, און נאָך און נאָך. דער צעטל וואָלט געווען צו לאַנג אויסצורעכענען אַלע. בפרט האָט ער געהייסן באַזייטיקן די אַלע ביכער, וועלכע זייערע מחברים זענען סאָציאַליסטן.

אַריינקוקנדיק אין מיטגלידס־בוך, האָט ער אונדז געגעבן אָנווייזונגען וועלכע בירגער זענען גוטע און שלעכטע. אייניקע פון זיי דאַרף מען בכלל אַרויסוואַרפן, ווייל זייערע עלטערן האָבן וויייניק געגעבן פאַר דער נאַציאָנַלער הלוואה, וועלכע די פוילישע רעגירונג האָט דאַן פּראָקלאַמירט. צום סוף האָט ער פאַר אונדז געהאַלטן די אמתע דרשה, אַז מיר דאַרפן געדענקען ווו מיר געפינען זיך, ווי דאַנקבאַר מיר דאַרפן זיין, ווי געהאַרכזאַם און זיך נישט לאָזן אויף קיין שלעכטע וועגן. ער ווייסט אַלץ און איז וועגן אַלעמען אינפאָרמירט. ער ווייסט, וואָס עס קומט פאָר אין שטאָט און וואָרנט אונדז דער עיקר פאַר דער קאָמוניסטישער נעץ, וואָס ווערט ביי אונדז פאַרלייגט און דרינגט אַלץ טיפער אַריין אין די קרייזן פון דער יידישער באַפעלקערונג, דורך פאַרשידענע וועגן, מיטן ציל צו העצן קעגן פוילן און אירע געזעצן. געדענקט וועגן דעם — האָט ער פאַרענדיקט, אַז די פוילישע מאַכט וועט דאָס נישט טאָלערירן און וועט דאָס אויסראַטן מיטן שורש!

די זיצונג האָט אויף אונדז איבערגעלאָזט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק. מיר האָבן וועגן דער זיצונג באַלד איבערגעגעבן די אָנטיילנעמער פון דער פריערדיקער קאָנפערענץ. מיר זענען געווען פאַרביטערט, און מיט אומגעדולד דערוואַרט די פאַרזאַמלונג. די גאַנצע שטאָט איז געווען אויף אונדזער זייט. דאָס האָט אונדז געגעבן אויסדויער. מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָס וואָס עס קומט פאָר ביי אונדז אין שטאָט, איז אַ רינגעלע אין דער קייט פון דעם קאַמף, וואָס עס פירט די יידישע געזעלשאַפט אין גאַנץ פוילן פאַר איר עקזיסטענץ.

ענדלעך איז געקומען דער דערוואַרטעטער טאָג. צו דעם באַשטימטן טערמין האָבן מיר אַלע זיך פאַרזאַמלט אין דעם לאָקאַל פון דער „פּאָושעכנער" שול. עס איז געקומען דער לייטער פון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג פון סטאַראָסטווע — סקרענט מיט זיינס אַ געהילף — אַ ייד וואָס האָט געאַרבעט אין קולטור־רעפעראַט ביים סטאַראָסטווע. דאָס איז געווען מ א נ צ א ז ש. ער האָט גוט געקענט יידיש און פלעגט באַזוכן אַלע אונדזערע אונטערנעמונגען און טעאַטער־פאָרשטעלונגען, כדי צו קאָנטראָלירן אויב מיר שפּילן נישט עפּעס אַנדערש, ווי עס איז געווען אָנגעגעבן אין די דערלויבטע „צענזורקעס". ביידע האָבן שטאַרק אָבסערווירט די אַריינגעקומענע.

די פאַרזאַמלונג האָט זיך מערסטנטייל געפירט אין דער פוילישער שפּראַך. פאָרזיצער איז געווען מנשה קנאָט. פאַרשטייט זיך, אַז די פאַרזאַמלונג איז געווען אַ הייסע און אויסער צוויי, דריי מיטגלידער, האָבן אַלע רעדנער פאַראורטיילט די האַנדלונג פון אברהם כהן. אויף דער פאַרזאַמלונג זענען פאַרוויישט געוואָרן אַלע פּאַרטייאישע אונטערשידן. מיר האָבן געפילט די אחריות, אַז דווקא אין

אנוועזנהייט פון דעם מאכט־פארשטייער סקרענט, טארן מיר נישט ארויסווייזן אונדזערע מיינונגען וואָס שיידן אונדז פאנאנדער, ווייל דער אנגריף פון דער מאכט איז געווענדעט קעגן אונדז אלע. די רעדנער זענען געווען: קנאַט, דער פארזיצער, יונה ברעסלער, לוטעק סקאטניצקי, אייסמאן, פנחס וויינבערג, שמחה און נחום גרונדוואג און אנדערע. אלע האָבן אונטערגעשטראָכן, אז די פריערדיקע פארוואלטונג איז נישט פעאיק אנצופירן מיט דער ביבליאָטעק, און קען נישט מער רעפרעזענטירן אירע מיטגלידער. סקרענט, זעענדיק די איינהייטלעכקייט און זיכערקייט פון די ארויסטרעטער אויף דער פארזאמלונג, האָט פארגעלייגט איבערצורייסן די דיסקוסיע און צוצוטרעטן צו וואַלן. ער האָט זיך אוודאי עפעס אנדערש פארגעשטעלט, אבער זעענדיק, אז עס איז שוין האלבע נאכט, האָט ער געמאכט זיין פארשלאג צו ענדיקן.

עס האָט זיך נישט געפונען קיין איינער, וואָס זאָל פארלייגן דעם פריערדיקן פארזיצער אלס קאנדידאט. עס איז אויסגעווײלט געווארן א פארוואלטונג אין באשטאנד פון די מיטגלידער: לוטעק סקאטניצקי, מנשה קנאַט, יונה ברעסלער, ישראל אייסמאן, פיניע וויינבערג, מענדל פרידמאן, אברהם טאוב, יאסל גרונדוואג און שפעטריק. דער לעצטער איז געקומען קיין סאָכאַטשעוו די לעצטע יאָרן, און האָט געארבעט אלס צאָן־טעכניק ביי לענטשיצקין. ער איז געווען זייער טעטיק אין דער ביבליאָטעק. עס זענען אויך אויסגעווײלט געוואָרן פארשידענע קאָמיסיעס, און מיט דעם האָט זיך דאָס גאנצע קאפיטל פארענדיקט.

די פארוואלטונג האָט זיך קאָנסטיטואירט אזוי: פאָרזיצער—סקאטניצקי, סעקרעטאר — פיניע וויינבערג, וויצע־פאָרזיצער מענדל פרידמאן, קאסירער — ישראל אייסמאן.

אין דעם צוזאמענשטעל האָט די פארוואלטונג עקזיסטירט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה. אין זומער 1938 איז פלוצלינג געשטאָרבן פון א הארץ־אטאק לוטעק סקאטניצקי. באלד דעם זעלבן טאָג איז פאָרגעקומען א טרויער־זיצונג פון דער פארוואלטונג, און אויף זיין אָרט איז באשטימט געוואָרן מנשה קנאט אלס פאָרזיצער, וועלכער האָט שוין דעם אמט אנגעהאלטן ביזן סוף, ד.ה. ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1939.

נאָך דער רעוואלוציע וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דער ביבליאָטעק, האָט די פארוואלטונג געדונגען א גרעסערן לאָקאל אויף דער טראיאנאווער גאס, אין הויף פון הערצקע טילמאן. צוגעקויפט פרישע ביכער, געעפנט דעם לייען־זאל און איינגעשאפן אלע יידישע טאָג־צייטונגען און אויסנאם, צייטשריפטן, זשורנאלן, פארשידענע פעריאדישע אויסגאבעס. עס זענען אויך אבאָנירט געוואָרן אַ געוויסע צאָל פוילישע צייטונגען. געשטעלט זיך אין פארבינדונג מיט די פארלאגן. ווער־בירט נייע מיטגלידער. אויך דער דראמאטישער קרייז איז צוריקגעקומען, — דאָ

איז דאָך געווען זיין נאַטירלעכע היים. דאָ, אין דער ביבליאָטעק, איז ער געשאַפן געוואָרן און געשטעלט זיינע ערשטע טריט. ווידער האָט נחום גרונדוואַג זיך גענומען צו דער אַרבעט און זיך פאַרמאַסטן אויף גרויסעס. עס זענען געמאַכט געוואָרן גרויסע פּלענער אַראָפּצוברענגען אַ באַקאַנטן רעזשיסער, ער זאָל איינ־רעזשיסירן אַ קינסטלערישע פּיעסע פון אַ גרויסן פאַרנעם, און עס איז געשטאַנען די פראַגע פון שאַפן אַ טעאַטער־געזעלשאַפט אויפן מוסטער פון וואָלאָצלאַוועק. מען האָט אנגאַזשירט פון וואַרשע אַרטיסטן ווי יאָנאַס טורקאָוו, בלומענפעלד דיאַנאַ, אידאַ קאַמינסקאַ, שושנה כהן, מאָריס לאַמפּע, יוסף קאַמען, רחל האָלצער, יוסף סטרוגאַטש, אַברהם וואָלפשטאַט און אַנדערע. זיי האָבן געגעבן וואָרט־קאָנ־צערטן, וועלכע זענען גוט באַזוכט געוואָרן.

אין יאָר 1938 האָט די פאַרוואַלטונג פון דער ביבליאָטעק, אין פאַרשטענדי־קונג מיטן וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַריין, אַראָפּגעבראַכט אויף אַ קאָנצערט די באַקאַנט געוואָרענע יידישע פידל־שפּילערין און ווירטואָזין קלאַראַ מענדעלסאָן, וואָס איז צו יענער צייט געווען אַ גרויס געשעעניש אין יידישן לעבן. דער לי־טעראַטן־פאַריין האָט אונדז אויך געשיקט רעדנער און שרייבער, וועלכע האָבן געהאַלטן פאַרלעזונגען און רעפעראַטן אויף אַקטועלע און אינטערעסאַנטע טעמעס. באַזונדער איז ווערט צו דערמאָנען די „אָפענע פאַרומס", וואָס מיר האָבן אין דער לעצטער צייט איינגעאָרדנט יעדן פרייטיק־צונאַכטס, אויפן מוסטער פון וואַרשע־ווער פאָלקס־אוניווערסיטעט. דער דערפאָלג פון די פרייטיק־אָוונטן איז געווען אומגעהויער גרויס. שטענדיק איז דער לאָקאַל געווען פול געפּאַקט מיט מענטשן. ער איז געוואָרן צו קליין, צו ענג. די אָוונטן פלעגן אנגעפירט ווערן דורך איי־גענע כוחות. עס זענען באַהאַנדלט געוואָרן פאַרשידענע ליטעראַרישע, געזעל־שאַפטלעכע ווי אויך אַנדערע פּראָבלעמען. דער אָוונט איז באַשטאַנען פון אַ קורצן רעפעראַט — אַן איינלייטונגס־וואָרט, דערנאָך אַ דיסקוסיע און צום סוף אַ קינסטלערישער טייל, אויסגעפירט דורך די חברים פון דעם דראַמאַטישן קרייז, וועלכער האָט שטענדיק געגעבן פון די שאַפונגען פון דעם נאָרוואָס דיסקוטירטן שרייבער אָדער בוך, וואָס איז באַהאַנדלט געוואָרן.

די קולטור־אַרבעט פון דער ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע ווירקונג אויף דער יוגנט. איך וויל דאָ דערמאָנען די לעצטע צוויי גרעסטע קולטור־אונטערנעמונגען, וועלכע זענען פאָרגעקומען אַ קורצע צייט פאַר דער מלחמה. פון איינער אַזאַ אונטערנעמונג איז נאָך געבליבן אַ פּראָגראַמקע (זע די געדרוקטע פּראָגראַמקע פון דער מענדעלע־אַקאַדעמיע).

ווינטער 1938 איז פאָרגעקומען די מענדעלע־אַקאַדעמיע, און פרילינג פון זעלבן יאָר — פּסח די לעצטע פּרץ־אַקאַדעמיע. ביידע אַקאַדעמיעס זענען פאָר־געקומען אין די גרעסטע זאַלן פון שטאָט, וועלכע זענען געווען איבערגעפּולט פון מענטשן. די רעדעס זענען געהאַלטן געוואָרן פון אייגענע חברים. באַזונדערס

פראכטפול איז געווען די מענדעלע־אקאדעמיע. דער דראמקרייז האָט אויפגע־
פירט א פראגמענט פון „מסעות בנימין השלישי״, א כאר אין באשטאנד פון 30
חברים, אנגעפירט דורך לייבל פ ע ר ש ט ע נ ב ע ר ג , האָט אויסגעפירט אַ ליד
פון משה שולשטיין וועגן מענדעלען. מוזיק צום ליד האָט געשאפן דער באקאנטער
מוזיקער פון ווישעגראד א ג ר א ד נ י ק (אומגעקומען דורך די דייטשן ערגעץ
אין רוסלאנד, נישט באוווסט דאָס אָרט).

די פרץ־אקאדעמיע איז פאָרגעקומען ביי דראבערן אין זאל. עס האָבן דאָן
גערעדט דיזעלבע חברים: וויינבערג, פיניע, שפעטריק, מנשה קנאט, דער שרייבער
פון די שורות, נחום גרונדוואג און מאיר האָלצמאן האָבן געלייענט פון פרצ׳ס ווערק,
און די אַקאַדעמיע האָט געמאַכט א שטארקן איינדרוק. די אונטערנעמונג איז שוין
געווען די לעצטע פון דער ביבליאָטעק. אין דער לופט האָט זיך שוין געטראָגן
די קומענדיקע מלחמה, פאר וועלכע אלע האָבן זיך אזוי געשראָקן.

דערווייל האָט זיך די אנטיסעמיטישע כוואליע פארשטארקט. אין סאָכאָטשעוו
האָט מען געשלאָגן יידן, עס זענען פאָרגעקומען באיקאטן און פיקעטן אויף
יידישע געשעפטן. דאָס אלץ איז געוואָרן א טאג־טעגלעכע דערשיינונג אין
יידישן לעבן אין שטאָט. דאָך איז די ביבליאָטעק אנגעגאנגען מיט איר ארבעט.
די מלחמה האָט געטראָפן די ביבליאָטעק אין איר שענסטן בלי־פעריאָד. ס׳איז
געווען דער לעצטער זומער. דער אנטיסעמיטיזם האָט זיך פארשטארקט פון
טאָג צו טאָג.



אַ סצענע פון דוד בערגלסאָנס „דער טויבער״. הלהקה הדרמטית—תמונה מ„החרש״
של ד. ברגלסון

ווען ס'איז באַקאַנט געוואָרן דער מאָביליזאַציע־רוף פון דער פוילישער אַרמיי, האָבן מיר אויף א דרינגנדיקער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג באַשלאָסן צו פאַר־פאַקן די ביכער אין קאַסטנס און באַהאַלטן אויפן בוידעם. מיט וויפל זאָרגפעל־טיקייט דאָס איז געטאָן געוואָרן! נישט איינער פון אונדז האָט צוזאַמען מיט די ביכער פאַרפאַקט זיינס א טרער. צו דער אַרבעט זענען מאָביליזירט געוואָרן פיל חברים אויסער דער פאַרוואַלטונג. די לעצטע ביכער זענען פאַרפאַקט געוואָרן, ווען מען האָט שוין די שטאָט באָמבאַדירט, ווען די דייטשע מחבלים זענען געפלויגן איבער דער שטאָט...

יעדער האָט זיך געשטעלט די פראַגע, צי וועט ער נאָך דערלעבן מיט די אייגענע הענט אויסצופאַקן די ביכער? ליידער האָבן נאָר איינצלנע דאָס דערלעבט. ווען איך בין אין יאָר 1946 געקומען פון רוסלאַנד קיין סאָכאַטשעוו, צוזאַמען מיט הערצקע טילמאַן, דעם בעל הבית פון הויז וווּ עס האָט זיך געפונען די ביבליאָטעק, האָבן מיר זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן בוידעם און נישט געטראָפן קיין זכר פון די עטלעכע טויזנט ביכער. אין מיסט פון בוידעם האָבן זיך געוואַלגערט עטלעכע בלעטלעך פון שפּינאָזאַס „עטיק" און פון פּרץ'ס „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק"... פאַרגעלטע און פאַרשטויבטע האָט מען נאָך אין זיי געקענט לייענען די אותיות, ווי אויך דעם סטעמפּל פון דער ביבליאָטעק. ווי סימבאָליש! „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" איז געבליבן ווי אַ זכר פון דער „היטלער־נאַכט", וואָס די היטלעראַווצעס האָבן איינגעאָרדנט אויף די סאָכאַטשעווער יידן, פון וועלכע נאָר געציילטע האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט.

לויט ווי א טייל פּאַליאַקן האָבן אונדז איבערגעגעבן, זענען די ביכער פאַר־ברענט געוואָרן דורך די פּאַליאַקן אויפן באַפעל פון די דייטשן, נאָכדעם ווי זיי האָבן אַרויסגעטריבן די יידן פון סאָכאַטשעווער געטאָ. מען האָט אַלע ביכער צונויפגענומען אין מיטן־מאַרק און געמאַכט א שייטער־הויפן.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט די ביבליאָטעק אין אונדזער שטאָט וואָס האָט מיט־געהירקט צו דער געשטאַלטיקונג פון אַן אימפּולסיוון און קולטורריך יידיש לעבן אין סאָכאַטשעוו.

## יידיש געזעלשאַפטלעך־לעבן פון 1937 ביז 1939

צו איר הויך־פּונקט איז די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט דערגאַנגען די לעצטע 2 יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, סיי צוליבן וווּקס פון דער יידישער באַפעלקערונג, סיי צוליבן עקאָנאָמישן אויפבלי. עס האָט זיך אפילו אנגעהויבן פילן א מאַנגל אין אַרבעטס־הענט, אין אַרבעטנדיקער אינטעליגענץ, עס הויבן אָן קומען פון דער פרעמד פאַרשידענע פאַך־לייט, ספּעציעל יידישע דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, וואָס א טייל פון זיי זענען באַלד אַריינגעטרעטן אין דער געזעלשאַפט־

לעכער ארבעט. עס קומען צוריק מענטשן, וועלכע האָבן מיט יאָרן צוריק פארלאָזט די שטאָט, און איצט שטעלן זיי זיך גלייך צו דער דיספּאָזיציע פון זייערע פארטייען און ארגאַניזאציעס. דעם צופלוס פון די אינטעליגענטע כוחות הויבט מען אָן צו פילן אין דער געזעלשאפטלעכער ארבעט, אין וועלכער זיי ברענגען אריין מער קאלאריט און ספּעציעל צווישן דער יוגנט.

אין דער לופט האָט זיך געטראָגן דער אנקומענדיקער שטורעם. אין גאנץ פּוילן, און פארשטענדלעך אויך אין סאָכאַטשעוו, האָט דער עקאָנאָמישער באיקאט אַנגענומען אלץ ערנסטערע און שווערערע פאָרמען. אין די מארק־טעג, דינסטיק און פרייטיק, זענען אָרגאניזירט געוואָרן דורך די פּוילישע כוליגאַנעס פּיקעטן, און זיי פלעגן זיך שטעלן ביי די יידישע געשעפטן נישט ארייגלאָזנדיק אהין קיין קריסטלעכע קונים. האָט זיך שוין אמאָל באוויזן א פּאָליאק וואָס האָט געוואלט אריינגיין קויפן אין א יידיש געשעפט, ווייל ער האָט גוט געוווסט, אז דאָס ארטיקל וואָס ער וועט קויפן ביים ייד וועט אים קאָסטן א סך ווייניקער ווי אין קריסטלעכן — האָט ער מורא געהאט, ווייל די כוליגאנישע אנטיסעמיטן פלעגן אזא קונה אָפּ־ווארטן ביים ארויסגיין, אים כאפן און אנהענגען אן אויפשריפט, אז ער האָט געקויפט ביי א יידן. ווי מיט א שאנד־צייכן איז דער פּאָליאק אזוי געגאנגען, אויף זיין פּלייצע די אויפשריפט, און א כוליגאַן האָט אים געהיט, ער זאָל חלילה די אויפשריפט נישט אראָפּנעמען. פארשטייט זיך, אז דאָס האָט געווירקט, אז קיין פּאָליאק זאָל נישט ארייננגיין קויפן אין א יידישער קראָם. אלע יידישע געוועלבער זענען געווען באַקלעפט מיט אויפשריפטן, פּלאַקאָטן, אז דאָס איז א יידישע קראָם, מען זאָל אין איר נישט קויפן.

יידישע פּאָרשטייער פון פארשידענע ריכטונגען האָבן זיך געוואָנדן נאָך הילף צום פּאָרשטייער פון פּ. פּ. ס. דעם פּריער־דערמאָנטן דראַבער. די כוליגאַנישע באָיוווקע האָט אים דערפאַר פאַרנאַרט אין אַ פינצטער געסל (אויף דער ווארשעווער גאַס, ביים אַריינגאַנג צו לוקשטיקן) און אים אזוי צעשלאָגן, אז א פאַרשעמטער האָט ער געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט. אויף א מינוט האָט מען לייכטער אָפּגעעטעמט, אָבער מיט יעדן טאָג איז די געפאר געוואָרן גרעסער. ס'האָט דאן אין דער פּוילישער געזעלשאַפט נאָך געהערשט אַן אַנדערער צוגאנג צום קאמף מיט יידן, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דער באַרימטער רעדע פונעם דעמאָלטדיקן פּוילישן פּרעמיער־מיניסטער, סקלאַדקאָווסקי, אונטערן נאָמען — אָווּשעם". דאָס האט געדאַרפט הייסן : שלאגן יידן טאָר מען נישט, אָבער עקאָנאָמישער באיקאט, פּיקעטן, באַזייטיקן יידן פון האנדל, אינדוסטרי, האַנטווערקערייי און אויף זייערע ערטער באזעצן פּאָליאקן — „אָווּשעם", דאָס יאָ!

דער געטרייער אויספירער פון דעם לאָזונג אין סאָכאַטשעוו איז געווען דער שוין טרויעריק־באַרימטער וויצע־סטאראָסטע באָרקאָווסקי — „בראדקא" ווי מיר האָבן אים גערופן. ער איז געוואָרן דער געשפּענסט פון אונדזער יידיש לעבן,

און אנגעוואָרפן אויף אלעמען א שרעק. יעדן פארנאכט פלעגט ער ארומפאָרן אויף א ווייס פערד, אָנגעטאָן אין א גרויסער פעלערינע, וואָס האָט פארדעקט דאָס גאנצע פערד, און אָך און ווי איז געווען צו א יידן, וואָס האָט געוואָגט צו פאַרמאַכן זיין געוועלב 5 מינוט נאָך 7. ער פלעגט מאכן פראָטאקאָלן אָן רחמנות, אויף הונ־דערטער זלאָטעס. ער פלעגט די פראָטאָקאָלן שרייבן אויף געוויינלעכע שטיקלעך פאפיר, און אפילו אויף פאקונגען פון די אויסגערייכערטע סיגארעטן. נישט איין יידישן קרעמער האָט ער אזוי ארום צעבראָכן, ווי עס איז געווען דער פאל מיט בערל אקלאנסקי, וועלכער איז אראָפּ פון זינען.

ער האָט פארוועדט צו ארבעטן אין די זונטיק־טעג, און אין די טעג ווען ס'איז אויסגעפאלן א פוילישער יום־טוב. רייטנדיק אויף זיין פערד און פילנדיק די מורא וואָס ער ווארפט אָן אויף די יידן, איז ער געוואָרן נאָך מער האפערדיקער, און האָט אנגעהויבן אויך ארייגדרינגען אין יידישן געזעלשאפטלעכן לעבן, אנהויבנדיק געבן דאָרט זיינע עצות און זאָגן זיינע דעות, ווי עס איז געווען דער פאל מיט דער ביבליאָטעק.

דער אנטיסעמעטיזם איז געוואָקסן פון טאָג צו טאָג. די פיקעטן זענען יעדן טאָג שטארקער געוואָרן, און יעדן פרימארגן זענען די יידישע געשעפטן געוואָרן באקלעפט מיט פארביקע פלאקאטן, אז דאָס איז א יידיש געשעפט און די קריס־טלעכע באפעלקערונג ווערט אויפגעפאָדערט נישט צו קויפן אין אים. כדי אָבער באדינען די פאליאקן, האָבן זיך געעפנט פוילישע געשעפטן. עס האָבן אנגעהויבן קומען פון דער פרעמד קריסטלעכע שוסטער, שניידער, סטאָלארעס, שמידן און אנדערע האנטווערקער. עס האָבן זיך אנגעהויבן אָפטע אנפאלן אויף יידן אין די אוונטן, וועלכע זענען אויסגעפירט געוואָרן דורך די פארשידענע כוליגאנעס פון שטאָט.

די פארברעכערישע מעשים פון די היטלעריסטן אין דייטשלאנד האָבן געפונען א גוטן אפקלאנג אויפן פוילישן באָדן, און די רעזולטאטן האָבן נישט לאנג געלאָזט אויף זיך ווארטן. אין די הויכע רעגירונגס־קרייזן אין פוילן איז שוין דאן דיסקוטירט געוואָרן א געזעץ־פראיעקט, וואָס האָט געדארפט רעגולירן און אויס־גלייכן דעם יידישן האנדל, אינדוסטרי, און האנטווערקעריי לויט א פראָצענט־נאָרמע, לויט דעם פראָצענט יידן אין פוילן. ד.ה. אז די יידישע באפעלקערונג האָט געמעגט זיין פאַרטרעטן אין די אויסגערעכנטע געביטן מיט אזא פראָצענט, וויפל איר באפעלקערונג האָט באטראָפן אין דער אלגעמיינער באפעלקערונג פון פוילן.

דערמוטיקט פון די אלע אנטיסעמיטישע געזעצן, האָבן די כוליגאנעס געטאָן זייער ארבעט אומגעשטערט אויך ביי אונדז אין שטאָט. זיי האָבן אויסגעשפרייט זייער טעראָר אויפן גאנצן שטח פון יידישן לעבן, און, ס'איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג שווערער און ענגער.

היטלער מיט זיינע גענעראלן האָבן שוין געדראָט די פוילישע מלוכה־מענער, וואָס א טייל פון זיי זענען געווען פארקויפטע דייטשע אגענטן. זיי האָבן פון איין זייט געהאלטן רעדעס, אז זיי וועלן זיך נישט לאָזן און פון דער צווייטער זייט אויסגעלאָזט דעם צאָרן צו דער יידישער באפעלקערונג.

אין אזא עלעקטריזירטער לופט פון מלחמה־שטימונג און טעראָר, איז אויסגעקומען אָנצוגיין מיט דער ארבעט און נישט לאָזן יידן אריינפאַלן אין יאוש און אין מורא. די ארבעט איז נישט געווען קיין לייכטע. יעדע פארטיי האָט געמוזט קעגנווירקן אין איר פעריפעריע וואָס זי האָט באהערשט. אוועקטרייבן די שטימונגען וואָס האָבן זיך אנגעהויבן פאַרשפרייטן. יעדע פארטיי איז אָנגעגאנגען מיט איר ארבעט, אפשר מער נאָך ווי שטענדיק. מ׳האָט געפּרוווט ווייטער אקטיוויזירן און פאַרזעצן די ארבעט. זיך פארבינדן מיטן פראָגרעסיוון טייל, מיט דעם טייל פון דער פוילישער באפעלקערונג אין סאָכאַטשעוו, וואָס איז נאָך נישט געווען פארסמט, וואָס האָט נאך געגלויבט אין סאָלידאריטעט. און דאָ האָט זיך ווידער ארויסגעוויזן ווי אן אמתער יידן־פריינט, וועלכער האָט כסדר קעגנגעווירקט די געפאר פון וואקסנדן אנטיסעמיטיזם אין דער שטאָט — דער פ.פ.ס. פירער דראבער. ווי אַן אמתער פריינט האָט ער זיך געשטעלט אויף אונדזער זייט, און זיך נישט גערעכנט דערמיט וואָס ער איז פארשריגן געוואָרן פאר א יידישן „פּאַכאַלעק״ (אונטערהעלפער).

אויף וויפל די פארשטארקטע ארבעט פון די פארטייען אויף דער יידישער גאַס האָט געגעבן אירע פרוכטן, קען באווייזן דער יידישער אָנטייל אין די לעצטע צוויי וואל־קאמפאניעס, וואָס מיר האָבן געפירט צו יענער צייט אין פוילן, אין די חדשים מאי־יוני. דאָס זענען געווען די וואלן צום שטאָט־ראט און צו דער קהילה.

די וואלן זענען געפירט געוואָרן אין א שרעקלעכער טעראָר־שטימונג קעגן דער יידישער באפעלקערונג. דער זון פון ז ש מ י ע ו ו ס ק י — א באקאנטער ענדעקישער כוליגאן אין דער שטאָט, האָט אנגעפירט מיט א באנדע שלעגער, ארויסגעשלעפט יידן פון די רייען ביי די וואל־אורנעס, כדי זיי זאָלן נישט קענען שטימען. יידן האָבן געשטעלט אומעטום א ווידערשטאנד, און עס איז דער באנדע נישט געלונגען צו פארקלענערן די צאָל יידן וואָס האָבן געשטראמט צו די וואל־אורנעס. בכלל האָבן די לעצטע וואלן אין פוילן צו די קהילות און שטאָט־ראטן באוויזן אן איבערראַריענטירונג פון כוחות צוזאמענשטעל אויף דער יידישער גאַס, לטובת דער ארבעטער־באוועגונג (קאָנקרעט „בונד״), — דאס זעלבע איז פאָרגעקומען אין סאָכאַטשעוו.

די אלע פון אונדז שוין פריער אויסגערעכנטע פארטייען און ארגאניזאציעס, האָבן געארבעט און געווירקט ביז צו דער מלחמה. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס עס איז געווען אַן אויפשטייג און ירידה אין זייער ארבעט, האָט ער דאָך נישט געמינערט די ראָל וואָס יעדער פארטיי האָט געשפּילט. עס איז אָבער א חוב

אויסצורעכענען די נעמען פון די יעניקע וועלכע זענען ביז דער לעצטער מינוט געשטאנען ביי דער אנפירנדיקער ארבעט פון די אלע פארטייען: אלגעמיינע ציוניסטן — זייער אקטיוו איז באשטאנען פון שמחה גרונדוואג, מיכאל כהן, משה לאדזשער (יאקובאוויטש), יואל מילער, ד״ר קאפלאן, שעמיאנטעק. „מזרחי — יענקל בידערמאַן, מאנטשיק, אייזיק וואָלדענבערג, בלומענטאל א.א. „אגודה״ — יוסף וואלקאוויטש, יענקל ביענטשקאווסקי, אליעזר זוסמאן, יצחק ווינער א.א. החלוץ — פיניע וויינבערג, שמואל יאקובאוויטש. „בונד״ — הערשל וואַרשאַווסקי (א ברודער פון שרייבער עוזר ווארשאווסקי), יאנטל ראָזען, אהרן גרינבערג, שמחה גאלדבערג, חיים פינטשעווסקי, מענדל פרידמאן.

קיין קאמוניסטישע ארגאניזאציע האָט נישט עקזיסטירט, ווייל ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, האָט מען זי אויפגעלעזן אין 1937 אין גאנץ פוילן און במילא אויך ביי אונדז אין סאָכאַטשעוו. אויך דער פראָפעסיאָנעלער פאריין האָט ווי א זעלבסשטענדיקע פראָפעסיאָנעלע אָרגאניזאַציע נישט עקזיסטירט, ווייל די פּאָליצייַ האָט דעם פאריין פארמאכט נאָך דעם ארעסט פון עטלעכע פאריינס־טוער, בעת דער פייערונג פון „בית׳ר״.

יעדע פּארטיי האָט זיך געהאט איר יוגנט־אָרגאניזאציע צווישן וועלכע זי האָט געפירט א פארשטארקטע ארבעט, אפשר נאָך מיט מער אייפער און אימפעט ווי ביי דער פּארטיי גופא, ווייל אלע האָבן זיך אָפּגעגעבן א דין וחשבון, אַז וואָס גרעסער איר אָנזען צווישן דער יוגנט, אלץ שטאַרקער וועט זיין איר כוח.

דער קאמף איז געווען א ריינער אָן פערזענלעכן אייגן־נוצן, אויסשליסלעך נאָר צו פאַרבעסערן און פארשענערן דאָס אלגעמיינע יידישע לעבן אין שטאָט.

אין דער ניי־געוויילטער קהילה און שטאָט־ראט, האָבן שוין די יידן נישט געקענט ברענגען צום אויסדרוק די שטים פון די וואָס האָבן זיי געוויילט. אין שטאָט־ראט האָבן די יידן שוין געהאט נישט מער ווי 3 פאָרשטייער, ווייל די מוניציפּאליטעט איז פאר די וואלן געוואָרן אזוי צוגעשניטן, אז די יידישע פאר־טרעטונג זאָל זיין א מינימאלע. די דריי שטאָט־ראט פאָרשטייער זענען געווען: מיכאל כהן — פון די ציוניסטן, יוסף לוקשטיק פון די האנטווערקער און קליינהענדלער און חיים פינטשעווסקי פון „בונד״.

אין דער ניי־אויסגעוויילטער קהילה איז געווען פאָרזיצער יצחק ווינער פון דער „אגודה״ אויפן אָרט פון פריערדיקן פאָרזיצער יוסף וואלקאוויטש. די „אגודה״ האָט געהאט די גרעסטע פראקציע אין דער ניי־אויסגעוויילטער קהילה. דער „בונד״ וואָס האָט קיינמאָל נישט געהאט קיין פאַרטרעטער אין דער קהילה, האָט דאָס מאל באקומען צוויי פאָרשטייער הערשל ווארשאווסקי און אהרן גרינבערג.




בנין פון מאַגיסטראַט : בנין העיריה

**קיין לאוויניק האָבן די יידן אין לעצטן מאגיסטראט נישט באקומען.**

* * *

דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939 האָט זיך אַלץ געענדיקט. שוין דעם זעלבן טאָג, דעם ערשטן מלחמה טאָג, ווען די דייטשע בעסטיעס האָבן געמאכט זייער איבער־פאל אויף פוילן, איז סאָכאַטשעוו באָמבאדירט געוואָרן און ס׳זענען געפאלן די ערשטע קרבנות. אויפן 5־טן טאָג, ווען די דייטשע ארמייען האָבן זיך דערנענטערט צו דער שטאָט, און סאָכאַטשעוו איז פארפלייצט געוואָרן מיט זעלנער פון דער אָפּטרעטנדיקער פוילישער ארמיי, האָט די גאנצע יידישע באפעלקערונג פארלאָזן די שטאָט. מען איז געלאָפן קיין ווארשע, מיינענדיק, אַז דאָרט, אין דער הויפּט־שטאָט וועט מען האָבן גרעסערע שאַנסן צו בלייבן לעבן. מען האָט געמיינט און געגלויבט, אז ווארשע וועט נישט פאלן. יעדער ייד האָט געהאט די איבער־צייגונג, ווען ענגלאנד און פראנקרייך האָבן אויפן דריטן טאָג דערקלערט דייטש־לאנד קריג, אז די מלחמה וועט נישט לאנג דויערן און יעדער וועט זיך אומקערן אין זיין היים. די אילוזיע האָט אָבער שנעל, זייער שנעל געפּלאצט. נאכן אפּזיין עטלעכע טעג אין ווארשע, האָבן א סך סאָכאַטשעווער (און אנדערע) יידן געפונען דעם טויט פון די אפטע באָמבאדירונגען. נאָך א חודש צייט איז די מלחמה צווישן דייטשלאנד און פוילן געווען „פארענדיקט”. פוילן האָט קאפּיטולירט.

א הייפל סאָכאַטשעווער יידן האָבן זיך אומגעקערט א היים, און האָבן

געטראָפן זייער שטאָט אין חורבות. סאָכאַטשעוו האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א שרעקלעך בילד. עס איז נישט געבליבן קיין איין גאנץ יידיש הויז. די דייטשן האָבן נאָכן ארייננמארשירן קיין סאָכאַטשעוו גענומען נקמה אין די יידן און האָבן ווי לויט א פּלאַן, אלץ וואָס האָט געהאט א שייכות מיט יידן צעשטערט. מען דארף נישט פארגעסן, אז בעת די קאַמפן איז סאָכאַטשעוו איבערגעגאנגען עטלעכע מאָל פון האַנט צו האַנט — פון די דייטשן צו די פּאָליאַקן, פון די פּאָליאַקן צו די דייטשן. אויב אָבער ס'זענען נאָך געבליבן עטלעכע הייזער ווו מען האָט ווי עס איז געקענט וווינען, האָבן די פּאָליאַקן אהין די יידן נישט ארייינגעלאָזט און אליין זיך דאָרט באזעצט. אפילו אזא ייד ווי יחיאל מאיר טילמאַן, וועלכער האָט געהאט אין סאָכאַטשעוו 10 הייזער, האָט נישט געהאט ווו צו וווינען, ער האָט נישט געהאט ווו אַריינצוגיין...

**
*

דאָס איז דער סך־הכל פון דער פיל־הונדערט־יעריקער יידישער קהילה אין סאָכאַטשעוו, וואָס האָט פארנומען אזא אנגעזען אָרט אין לעבן פון דער יידישער באפעלקערונג, פון אלע יידישע קהילות אין מדינת פוילן.

צווישן די 6 מיליאָן יידן, וועלכע זענען אומגעקומען דורך אוממענטשלעכע פייניקונגען און פארברענט געוואָרן אין די גאז־אויוונס פון אוישוויץ, מאידאנעק, סאָביבאָר און אנדערע טויט־לאַגערן, געפינען זיך 5000 יידן פון סאָכאַטשעוו, וועלכע זענען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם.

מיר וועלן זיי קיינמאָל נישט פארגעסן.

משה שווארץ (שיקאגא)

# די פארשניטענע היים

פון שטאָל און אייזן, קאלט און הארט און שטום,
שמיד אויס א הארץ פאר זיך, דו מענטש — און קום!
ח. נ. ביאליק

טראָץ דעם וואָס מיין אויפגאבע איז אויפצולעבן דערינערונגען פון בלויז א באשטימטן פעריאָד פון לעבן אין סאָכאַטשעוו, קען איך דאָך נישט פארבייגיין גלייכגילטיק און נישט דערמאָנען, כאָטש מיט עטלעכע ווערטער, דעם גרויסן חורבן.

די האנט ציטערט, און דאס האַרץ ווערט פארקלעמט, ווען מען דערמאנט זיך דעם גורל פון סאָכאַטשעוו וואָס איך האָב פארלאָזט אין יאָר 1926 פול מיט א שפרודלדיק יידיש לעבן, און דאָס סאָכאַטשעוו וואָס איך האָב אנגעטראָפן צוריק קומענדיק אין יאָר 1949. צווישן די צוויי דאטעס ליגט א טיפער אָפגרונט, א ים מיט בלוט, מיט ווייטאג, צער און חורבן.

דער איינגעשטעלטער שטייגער פון די לעבעדיקע איז צו פארגעסן די וואָס די ערד דעקט צו. אָבער מען קאן קיינמאל נישט פארגעסן דעם אומקום פון א גאנצן קיבוץ, פון א ישוב און זיין ברוטאלן טויט.

ס'איז שווער פאר מיר צו מאכן א הספד נאָך מיין געבורטס־שטאָט, וואָס איז מיר אזוי ליב און נאענט. מיט טויזנטער פעדעם בין איך געווען פארבונדן מיט דעם יידישן לעבן אין סאָכאַטשעוו, און זיך געטיילט מיטן צער און שמחות, מיט די פרייד און יסורים פון יעדן ייד אין שטעטל.

און איצט איז אויך אויף מיר אויסגעפאלן דער גורל זיך צו באטייליקן אין דער פארצייכענונג פון דער טרויעריקער כראָניק, און שטעלן א שטיין צוקאפנס דער אויף אייביק חרובער פאר אונדז סאָכאַטשעוו, די אומגעקומענע קדושים; מיין אייגן בלוט און פלייש, און מיינע בני־העיר וועמענס אונטערגעהאקטע לעבנס וועלן מיר נאָכגיין ווי א שטן ביז אין מיין קבר אריין.

***

סאָכאַטשעוו האָט אריינגעשריבן אַ הערלעך קאפיטל אין דער געשיכטע און אין דעם קאלירפולן און אייגנארטיקן לעבן פון די יידן אין פוילן פון ווען, עס האָט געשטראָמט דער ליכטיקער גייסט איבער אלע יידישע ישובים אין דער

וועלט במשך פון דורות, און געגערט אונדזער פאָלק מיט די קערנדיקע יידישע טראדיציעס, מיט יידישן וויסן, מיט די ווערק פון יידישן געדאנק און יידישער שאפונג.

סאָכאַטשעוו האָט מיט זיך סימבאָליזירט און איז געווען דער סינטעז סיי פון דעם יידיש־טראדיציאָנעלן לעבן, ווי אויך פון דעם פראָגרעסיוון קולטור לעבן. דאָס זענען געווען יאָרן וועלכע האָבן געשלאָגן טיפע ווארצלען פון וועלכע ס'האט זיך געצויגן דער המשך — ביז דעם גרויסן נאציאָנאַלן אומגליק. ס'איז אָבער ביי די געראטעוועטע פארבליבן די צערפולע בענקשאפט — א בענקשאפט נאָך יענע יאָרן און טעג, נאָך די קינדערישע זומער־פארנאכטן; נאָך די פריידיקע שבתים און ימים טובים. א בענקשאפט אהיים, צו די מיט יידן באוואוינטע גאסן און געסלעך, אויסגעזעצט אין די הייסע זומער־נעכט מיט יידישע פרויען וועלכע האָבן אין זייערע פשוטע ווייבערישע שמועסן ארויסגעבראכט דאָס שווערע סאָציאַל־עקאָנאָמיש און פאָליטישע לעבן פון די יידן אין דעם אמאָליקן פוילן; א בענקשאפט נאָך די טייערע פשוטע יידישע פאָלקס־מענטשן וועלכע זענען אזוי ברוטאל אומגעקומען. די שטאָט פון מיין געבורט האָט מיך שטענדיק באצויבערט, און איך האָב וועגן איר שטענדיק געטראכט מיט ליבשאפט. און ווו איך בין געווען, האָט מיך שטענדיק געצויגן קיין סאָכאַטשעוו, די שטאָט פון מיין יוגנט־טרוים, ווו מיינע יוגנט־חלומות זענען געוואָרן געוועבט און וועלכע האָט אויך פאר מיר אנגעצייכנט דעם גייסטיקן וועג אין מיין לעבן.

דער צייט־אָפשניט 1915—1926 קען באצייכנט ווערן ווי דער רענעסאנס, דער אויפשוואונג פון דעם יידישן געזעלשאפטלעכן, פאָליטישן און קולטורעלן לעבן אין פוילן.

דאָס זענען געווען שטורמישע יאָרן פון מלחמות און רעוואָלוציעס; יאָרן פון חבלי לידה, פון נייע סאָציאַל־פאָליטישע אָרדענונגען אין א ריי לענדער און פון דער באפרייונג פון אונטערדריקטע פעלקער, צווישן זיי אויך פוילן וועלכע איז דעם 11־טן נאָוועמבער 1918 אַנטשטאַנען אלס א פריי אומאָפּהענגיק פוילן. אט די אלע געשעענישן האָבן געלאָזט זייערע שפורן און איינגעבראכט טיפע ענדערונגען אויך אין דעם יידישן לעבן אין פוילן.

נישט קוקנדיק אויף דעם שווערן, עקאָנאָמישן מצב, סיי אונטער דער דייטשער אקופאציע און סיי שפעטער אין דעם „פרייען" פוילן, איז אין יידישן לעבן פאָרגעקומען אַ גרויסער קולטור־אויפשטייג און ס'האָט פולסירט א פאָליטיש־געזאַלשאפטלעך לעבן. סאָכאַטשעוו איז נישט נאָר געווען א טייל פון דער פויליש — יידישער געזעלשאפטלעכקייט, נאָר איז געשטאנען אין פאדערגרונט פון דעם אזוי שטארק פולסירנדיקן לעבן פון פוילישן יידנטום, וועמענס אקטיוויטעטן האָבן זיך אויסגעדריקט אין א פארצווייגטער קולטור־טעטיקייט, באשטייענדיג פון א רייכער שטאָטישער ביבליאָטעק פון עטלעכע טויזנט ביכער אין יידיש, פויליש, העברעאיש

און רוסיש; א לייען־זאל וואָס פלעגט יעדן אוונט אנגעפילט ווערן מיט יונגע בחורים און מיידלעך, דיסקוסירנדיק פארשידענע ליטעראַרישע און פּאָליטישע פּראָבלעמען; פעריאָדישע לעקציעס מיט אייגענע כחות און אויך אראָפּגעבראכטע רעפערענטן פון דער שכנישער ווארשע וועגן די נייע שטרעמונגען אין דער יידישער און וועלט ליטעראַטור און אנדערע פּראָבלעמען. א זייער פּעאיקע און אקטיווע דראמאטישע סעקציע, אנגעפירט אין פארשידענע צייטן, דורך דעם טעאטער קענער נחום גרונדוואג, וואָס האָט געהאט א נאָמען אין שטאָט אין אומגעבונג, וועלכע האָט דורכגעפירט אפטע דראמאטישע פאָרשטעלונגען און ליטעראַריש־מוזיקאַלישע אוונטן מיט פראָגראמען פון די יידישע קלאַסיקער און פון דער וועלט ליטעראַטור; ארויסטרעטונגען מיט געזאנג־נומערן פון דעם כאר ביי דער דראמא־טישער סעקציע.

דאָס אלץ איז דערמעגלעכט געוואָרן אַדאַנק דער אינטעליגענטער יוגנט, וואָס האָט זיך געריסן צו א נײַ לעבן, און האָט אויסגעטיילט פון זיך פעאיקע פירער און טוער וועלכע האָבן אריינגעבראַכט ליכט, וויסן און א נייעם גייסט און ריטם אין דעם גאנצן יידישן לעבן.

נאָך פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט שוין סאָכאַטשעוו פאַרמאָגט אַ „יידישע געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעק" און א דראמאטישע סעקציע אלס א טייל פון דער ביבליאָטעק. אָבער מיט דעם אויסברוך פון דער מלחמה זענען די יידן פון סאָכאַטשעוו, ווי פון א סך אנדערע שטעט און שטעטלעך ארויסגעטריבן געוואָרן דורך דער צארישער רעגירונג קיין ווארשע, איבערלאָזנדיק דעם גאנצן פארמעגן וואָס איז צוזאמען מיט דער גאנצער שטאָט חרוב געוואָרן.

נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן אין יולי 1915 פארנומען ווארשע, האָבן זיך די יידן אנגעהויבן צוריקקערן קיין סאָכאַטשעוו. קומענדיק צוריק אהיים, אנהייבנדיק אויפבויען דאָס חרובע לעבן און די חרובדיקע היימען, האָט מען גלייך אויך אנגעהויבן טראכטן וועגן דעם גייסטיקן לעבן.

די גרויסע זאָרג ווז דעם קאָפּ אוועקצולייגן, ווייל ס'איז נישט געבליבן כמעט קיין איין גאנצע דירה האָט נישט אפגעשוואכט און נישט געשטערט דעם שטארקן באגער צו פארבינדן דאָס שווערע טאג־טעגלעכע עקאָנאָמישע לעבן מיט א באגער צו א גייסטיק־געזעלשאפטלעכן לעבן.

מיט דער גרעסטער עקשנות און אנשטרענגונג, מיט די באגרענעצטע מענטש־לעכע און פינאנציעלע כוחות איז געעפנט געוואָרן די „יידישע געזעלשאפטלעכע ביבליאָטעק און לעזע־זאל", וועלכע איז גלייך געוואָרן די היים און צענטער פון דער צוריקגעקומענער יוגנט. ארום אָט דער ביבליאָטעק האָט זיך גרופּירט כמעט די גאנצע יוגנט פון סאָכאַטשעוו און אויך א צאָל עלטערע אָן אונטערשייד פון אידעאָלאָגיעס און פארטיי אנגעהעריקייט. די ביבליאָטעק איז געוואָרן מער ווי אָן ארט וו מען קריגט א בוך, דאָס איז געוואָרן א דערציונגס־אינסטיטוציע, ווו מ'האָט

געזאָרגט פאַר דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון דער יוגנט, און מיט אַ וואַכזאַם אויג געהיט, אַז יעדער מיטגליד אָדער לייענער זאָל לייענען דאָס פּאַסיקע בוך.

דער פּראָצעס פון דעם קולטורעלן וווקס האָט זיך אוועקגעלאָזט אויף ברייטערע וועגן, דער אויפשוווּנג האָט זיך אָנגעהויבן אויסדריקן אויך אין אַנדערע קולטורעלע פאָרמען, ס׳איז געשאַפן געוואָרן די דראַמאַטישע סעקציע ביי דער ביבליאָטעק, און אַלץ צוזאַמען איז געוואָרן אַן אינטעגראַלער באַשטאַנדטייל פון דעם אַלגעמיינעם יידישן לעבן אין סאָכאַטשעוו.

די דראַמאַטישע סעקציע האָט שוין באַלד ביים אָנהויב זיך געשטעלט גרויסע אויפגאַבן, און האָט דערמיט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע קרייזן אין יידישן לעבן, און געמאַכט אַ גרויסן ביישטייער אין אירע שפּעטערדיקע דערפאָלגן. די אויפגאַבע פון דער דראַמאַטישער סעקציע איז געווען הויפּטזעכלעך, צו ברענגען צום אויסדרוק דאָס יידישע טעאַטער שפּיל און די בעסערע יידישע דראַמע, פאַרגרעסערן און באַרייכערן דעם שטאָטישן קולטור־צענטער און אים דערמעגלעכן נאָכצוקומען די גייסטיקע נויטן און פאַרלאַנגען פון דער יידישער באַפעלקערונג.

אין אַ גאָר קורצער צייט איז אָט די דראַמאַטישע סעקציע אויסגעוואַקסן צו איינער פון די שענסטע קולטור־אינסטיטוציעס אין פּוילן, וועלכע האָט אין גאַנג פון אירע אַקטיוויטעטן, ביזן יאָר 1926, פאַרצייכנט גרויסע דערפאָלגן סיי מיט אירע קינסטלערישע דערגרייכונגען, מיט איר הויכן קולטור־ניוואָ און מיטן אויסוואַל פון איר רעפּערטואַר.

די סאָכאַטשעווער ביבליאָטעק און דראַמאַטישע סעקציע זענען געוואָרן אַ שם דבר אין אַ סך שטעט אין פּוילן, און זייערע אַקטיוויטעטן זענען נאָכגעפאָלגט געוואָרן מיט גרויס פאַרערענג פון די שכנ׳ישע שטעט ווי בלוינע, גראָדזשיסק, ווישאַגראַד, לוויוויטש א. אַנד.

די וועלכע האָבן געלעבט אין יענער צייט אין סאָכאַטשעוו און לעבן איצט אין דער וועלט־צעשפּרייטקייט, און דער בוך וועט זיי דערגרייכן, וועלן אין זייער זכרון זיכער אויפלעבן יענע הערלעכע טעג פון די יום־טוב׳דיקע דערפאָלגרייכע, קינסטלערישע אויפפירונגען פון יעקב גאָרדינס „דער אומבאַקאַנטער״ „גאָט מענטש און טייוול״ „קרייצער־סאָנאַטאַ״ און דער „פרעמדער״ פּרץ הירשביינס „די נבלה״ „דער שטומער״ פון א. וויטער „די משפּחה״ פון נאָמבערגן, שלום עליכמס „צעזייט און צעשפּרייט״, „מזל טוב״ און „אַגענטן״ „יאַנקל דער שמידט״ פון דוד פּינסקי, „צוריקגעקומען״ פון שלום אַש און אַנדערע דראַמאַטישע אויפפירונגען פון איין אַקטערס, קליין־קונסט אָוונטן און כאָר־געזאַנגען, וועלכע פלעגן אַרויסרופן אַזויפיל באַגייסטערונג און אַריינברענגען אַזויפיל יום־טוב׳דיקייט אין דער יידישע גאַס.

די יידישע קולטור טוער אין סאָכאַטשעוו האָבן אויך מיט גרויס כבוד און פּיעטעט הייליק אָפּגעהיט די יאָרצייטן פון די פאַרשטאָרבענע יידישע שריפטשטעלער קלאַ־

סיקער. די יאָרצייטן זענען יעדעם יאָר דורכגעפירט געוואָרן מיט גרויס פייער־לעכקייט און גייסטרייכע פּראָגראַמען, אויף וועלכע עס זענען ארויסגעטרעטן מיט אָפּשאצונגען ספּעציעל אראָפּגעבראכטע שרייבער פון ווארשע און נענטער באקאנט די ברייטע יידישע פאָלקס מאסן מיט זייערע שאפונגען.

א חוץ דער ביבליאָטעק וועלכע איז געווען אַן אומפּארטייאישע, איז אויך, נאטירלעך, אין די קרייזן פון די ציוניסטן, פאלקיסטן און ארבעטער געפירט גע־וואָרן א ברייט פארצווייגטע קולטור־און פּאָליטישע אויפקלערונגס־ארבעט.

ס'איז אויסגעקומען איבערצולעבן פארשידענע עפּיזאָדן, וועלכע האָבן מיט זיך אפּגעשפּיגלט דעם אנטיסעמיטישן כאַראַקטער פון דעם דעמאָלטדיקן פּוילן, און איינעם פון זיי איז ווערט צו דערמאנען — ער איז פארבונדן מיט דעם פארשטארבענעם פירער פון „בונד", שריפטשטעלער און לעקטאר א. ליטוואק.

אויף דער איינלאדונג פון דער ביבליאָטעק איז ער געקומען האלטן א לעק־ציע וועגן י. ל. פּרץ, פאר וועלכער ס'איז, ווי אלעמאָל, אין אזעלכע פאלן, באזאָרגט געוואָרן אַ געהעריקע דערלויבעניש. און ס'איז נאטירלעך געווען אומדערווארט, ווען אין יענעם שבת אוונט, א שעה פאר דער לעקציע, האָבן זיך באוויזן פאָרשטייער פון דער פּאָליציי מיט א דערקלערונג אין נאָמען פון דעם סטאראסטע, אז דער רעדנער מעג האלטן די לעקציע נאָר אין דער פּוילישער שפּראַך און נישט אין יידיש. נאָכדעם ווי אלע טענות האָבן נישט געהאָלפן, האָט דער שרייבער פון די שורות, אלס פאָר־זיצער פון דער ביבליאָטעק און פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה, אונטער־געשריבן א פּאפּיר, אז ער נעמט אויף זיך די גאנצע התחייבות לגבי דער פּוילישער מאכט פאר ניט אויספאָלגן א פּאָליצייאישע פאראָרדענונג.

דער ענין האָט דערגרייכט צום בילדונגס־מיניסטעריום, און שפּעטערדיקע לעקציעס אין יידיש זענען שוין געהאלטן געוואָרן אַן שטערונגען.

צום גרויסן ווייטאָג, איז די גרעסטע צאָל פון די וועלכע האָבן געבראכט ביי־טראג און זיך מיטבאטייליקט אין דער אנטוויקלונג פון יידישן געזעלשאפטלעכן קולטור־לעבן אין סאָכאטשעוו, צווישן די אומגעקומענע. איך וועל דא מיט גרויס יראת־הכבוד דערמאָנען די נעמען פון שמחה גרונדוואג, נחום גרונד־וואג, מחלה גרונדוואַג—שוואַרצהאַר, בלומע וויינבערג, היה פליישמאן, כאוועשע לעפקאוויטש, בינה פּעסטמאן, שמחה קאן, יוסף מונע און יוסף לוקשטיק און נאָך, וועמענס נעמען איך געדענק מער נישט.

לאמיר דא מיט כבוד דערמאָנען אויך יוסף לייב, בעסער באקאנט אלס לוטעק סקאטניצקי, וועלכער איז געשטאָרבן פאר דער לעצטער מלחמה. ער איז די גאנצע צייט, אויך נאָך מיין פארלאָזן סאָכאַטשעוו אין 1926 געשטאנען אין פאדערגרונט פון דעם יידישן פּאָליטישן געזעלשאפטלעכן און קולטורעלן לעבן אין סאָכאַטשעוו, און געבראכט אַ גרויסן בייטראג אין קאַמף קעגן אנטיסעמיטיזם

זינט דער אנטשטייונג פון פוילנס אומאָפּהענגיקייט ביז דער לעצטער שעה פון זיין פלוצימדיקן טויט.

מיט יראת הכבוד, ווייטאג און צער וויל איך דאָ אויך דערמאנען דעם נאָמען פון וואווע ראזענבערג, וועלכער איז געשטאָרבן אין ניו יאָרק, דעם 14־טן מאי 1953. דער נפטר מיט זיין אינטעליגענץ, ענערגיע און טיפער באהאוונטקייט אין דער ליטעראטור און טעאטער, האָט צוגעטראָגן א גרויסן חלק צו דער אנטוויקלונג פון גייסטיקן לעבן אין שטאָט. (ער האָט זיך געגרייט צו באטייליקן אין דעם בוך, אָבער מיט זיין טויט איז איבערגעריסן געוואָרן זיין לעבן און אויך זיינע פלענער).

מיט ווייטאָג און צער זאָל דאָ אויך דערמאנט ווערן א וויכטיקער טוער פון יענער צייט, וועמענס יונג לעבן איז אזוי פלוצלינג איבערגעריסן געוואָרן — אהרן פרידמאן, געשטאָרבן אין ירושלים, ערב יום כפור, 1953.

מיט צער און בענקשאפט וועל איך אויך דערמאנען אליעזר מאיר ליבערט, געוועזענער פרעזידענט פון דעם שיקאגער סאָכאַטשעווער אונטערשטיצונג פאריין במשך פון 28 יאָר, געשטאָרבן דעם 20־טן יולי 1956. זיין טויט האָט טיף געטראָפן אלע לאנדסלייט. ער האָט זיך אויסגעצייכנט אין ברענגען הילף צו אלע נויט־באדערפטיקע סאָכאַטשעווער.

פון די וואָס זענען געבליבן לעבן זאָלן דערמאנט ווערן: יעקב פרידמאן, שכונת בורוכוב; רחל וויינבערג—לבנון, תל־אביב, הערשל קאץ, לאס־אנדזשעלעס און משה שוואַרץ, שיקאגאָ.

## די אנטשטייונג פון נייעם פוילן

דעם 11־טן נאוועמבער, 1918, איז פוילן פראקלאמירט געוואָרן אלס זעלבס־שטענדיקע מלוכה. צוזאמען מיט די פייערונגען פון דער באפרייונג האָט זיך אנגעהויבן אַ כוואליע פון פּאָגראָמען. יידיש בלוט האָט זיך געגאָסן; מ׳האָט געשניטן בערד, געוואָרפן יידן פון די באַנען, און ס׳האָט אנגעהויבן אויסרינען די אילוזיע פון א פרייען פוילן, פון וועלכן מ׳האָט אזויפיל גע׳חלומ׳ט און געלייגט אזויפיל האפענונגען. דער פריערדיקער אַנטיסעמיטיזם איז נאָכמער פאַרשאַרפט געוואָרן אין אלע זיינע פאָרמען. דער וועג אויף וועלכער ס׳האָט זיך געלאָזט דאָס נייע פוילן, איז דערפאר געווען א שטארקע אנטוישונג פאר דער יידישער יוגנט אין סאָכאטשעוו, ווי אין גאנץ פוילן.

אָבער מיט דער אנטשטייונג פון דער אומאָפּהענגיקן פוילן, האָט זיך געענדערט דער גאנג פון דער געשיכטע פון די יידן אין פוילן, ס׳האָט זיך אויפגעוועקט די אקטיוויטעט פון אלע יידישע, פּאָליטישע און נאַציאָנאלע באַוועגונגען אין לאַנד, און דאָס האָט אריינגעבראכט נייעם שוווּנג און אויפלעבונג אויך אין דעם פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכן לעבן אין סאָכאַטשעוו וואָס איז נישט געבליבן אונטער־שטעליק. יענע תקופה האָט בכלל געענדערט דעם אויסזעען פון דעם ביז דאַן



יידישע ראטמענער אין דער דעלעגאציע פאר אויפנעמען דעם פרעזידענט פון פוילן; נבחרי עיריה יהודים במשלחת לקבלת פני נשיא המדינה

אפאטיש־פארגליווערטן יידישן לעבן, און דער סאָכאַטשעווער יידישער ישוב הויבט אן ווערן אין זיין גרויסער מערהייט אַ פּאָרגעשריטענער און אַ קעמפערישער, נעמט אויף אלע פּראָבלעמען וואָס זענען ארויסגעשוווּמען אין גאנג פון לעבן, און קאמף פאר די רעכט פון יידן אלס בירגער פון דעם נייעם פוילן.

סאָכאַטשעוו האָט מיט כבוד דעמאָנסטרירט, אז זי איז אַן אינטעגראַלער טייל פון דעם קאלירפולן פוילישן יידנטום אויף אלע געביטן פון דעם פּאָליטיש־געזעל־שאפטלעכן און קולטור לעבן.

## דער סאציאלער באשטאנד

פון די ארום 800 יידישע פאמיליעס וואָס האָבן צו יענער צייט באוואוינט סאָכאַטשעוו, איז דער רוב באשטאנען פון בעלי־מלאכות, האנטווערקער, קליינע קרעמער, תבואה הענדלער און סתם לופט־מענטשן. סאָכאַטשעוו, ווי דער רוב שטעטלעך אין פוילן, האָט נישט געהאט קיין ספּעציעלע אינדוסטריע. די גרעסטע צאָל בעלי מלאכות איז באשטאנען פון שניידער, שוסטער, קצבים, בעלי־עגלות, קאָמאַשן־מאַכער, בלעכער, דראָשקאזשעס, טרעגער א.א.וו.

ס׳זענען אויך געווען א קליינע צאָל גבירים וועלכע האָבן זיך פארנומען מיט וואַלד און האָלץ מסחר, גרויסע תבואה סוחרים און א צאָל פארמעגלעכע פון פארשידענע האנדלס־צווייגן. אָבער די גרעסטע צאָל פון די „סוחרים״ האָבן זיך געראנגלט פאר זייער עקאָנאָמישער עקזיסטענץ אונטער דעם יאָך פון די שווערע שטייערן און דעם שטארק באגרענעצטן האנדל.

ס׳איז אויך געווען א קליינע צאָל אנדערע פאכן. אָבער דער גרעסטער טייל איז באשטאנען פון די אויבן־דערמאנטע וועלכע האָבן זיך שפּעטער אָרגאַניזירט אין א י י ן פּראָפעסיאָנעלן פאריין. אָט די גרופּע, כאָטש קליין אין צאָל, האט גלייך אָנגעהויבן פארנעמען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דעם געזעלשאַפטלעכן עקאָ־נאָמישן און פּאָליטישן לעבן. א חוץ ־יאָס זי האָט אנגעפירט מיט אקטיוויטעטן פון פּאָליטישער אויסבילדונג, האָט זי אויך צו פארצייכענען דערפאלגן פון געווינען בעסערע עקאָנאָמישע באדינגונגען פאר די ארבעטער.

אויך די בעלי־מלאכות האָבן אנגעפירט אטקיוויטעטן אין די ראמען פון זייערע מעגלעכקייטן און געשאפן א האנטווערקער פאראיין.

ס׳איז אויך געווען אין שטאָט א געזעלשאפטלעכע לייי־קאסע, ווו דער בעל־מלאכה און קליינער געשעפטס־מענטש האָט געקראָגן אַ הלואה און דערמיט לייכטערגעמאכט דאָס אזוי שווערע לעבן.

דער האנטווערקער פאראיין האָט אויך געשפּילט א פּאָליטישע ראָלע אין דעם יידישן און אין שטאָטישן לעבן.

די יידן אין סאָכאַטשעוו האָבן ארויסגעוויזן א געוואלדיקן אינטערעס אין דעם אלגעמיינעם פּאָליטישן לעבן אין לאנד, און אין דעם איינשטעלן די

שטאַטישע קאָמונאַלע ווירטשאַפט, און האָבן גלייך ארויסגעוויזן א פּאָליטישע רייפקייט פון אחריות און איניקייט בעת די וואלן צו דער שטאָט־פּאַרוואַלטונג.

די יידן אין סאָכאַטשעוו האָבן אפילו אין אָנהויב פון די 20־ער יאָרן געוואַגט, אין פאראייניקונג מיט דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּארטיי פּ.פּ.ס. אויס־צוקלייבן א יידישן וויצע־בורמיסטש, און דערמיט איינגעשריבן א וויכטיקן בלאַט אין דער געשיכטע פון די יידן אין פוילן אין פרט פון מיליטאַנטישקייט, מוט און קאמף פאר פולער גלייכבארעכטיקונג. מיט די פאראייניקטע כחות איז אין דער זעלבער צייט אויך אויסגעקליבן געוואָרן א פּראָגרעסיווער בירגערמייסטער קעגן דעם קאנדידאט פון דער רעאקציע. די אנטיסעמיטן האָבןביידע פאסירונגען נישט געקאנט פארטראָגן, און דערפאר געסטראשעט דעם דערוויילטן וויצע בירגער מייסטער טאקע דעם שרייבער פון די שורות, אַרייצוואַרפן אין א זאַק אין וואסער, אויב ער וועט נישט גלייך רעזיגנירן. אָבער זיי האָבן זייערס נישט דערגרייכט. ער איז געשטאנען אויף זיין פּאָסטן ווי א שטאָלצער ייד און גלייכבארעכטיקטער פוילישער בירגער אין קאמף פאר יידישע רעכט ביז זיין אפפאר קיין אמעריקע.

די סאָכאַטשעווער באפעלקערונג איז אין יענער צייט באשטאנען פון 60 פראָצענט יידן און 40% קריסטן. און די יידן אין סאָכאַטשעוו, באַווירקט פון דעם פּראָגרעסיוון טייל אין דעם געזעלשאפטלעך־פּאָליטישן לעבן, זענען, ביז מיין פארלאָזן סאָכאַטשעוו, צו יעדע שטאָטישע וואלן געגאנגען פאראייניקטערהייט, און אלס רעזולטאט פון דער פאראייניקונג זענען פון די 24 ראָטמענער דער־ווילט געוואָרן 14 יידישע פאָרטרעטער פון דער גאנצער יידישער געזעלשאפט־לעכקייט — ציוניסטן, אגודה האָנטווערקער, פּאָלקיסטן און „בונד“, און געש־טערט די אנטיסעמיטישע פּלענער, אונטערצוגראָבן דעם יידישן האנדל אין דעם הויפט טייל פון שטאָט, דערונטער אויך אראָפּצוואַרפן די יידישע סטראַגאַנעס און בוידן פון מארק, פון וועלכע יידישע משפחות האָבן דורות געצויגן חיונה. דערדאָזיקער אנטיסעמיטישער אקט האָט זיך שפּעטער, דורך פארשידענע גע־אָגראפישע מאכינאציעס, איינגעגעבן, אריינגעמענדיק אלס טיילן פון שטאָט געגנטן מיט א ריין קריסטלעכער באפעלקערונג, און דערמיט רעדוצירט די צאָל יידישע שטימען און ממילא די צאָל יידישע ראטמענער צו א מינדערהייט.

זאָל דאָ מיט כבוד דערמאָנט ווערן דער לאַנג־יאָריקער סאָכאַטשעווער כלל־טוער, שמחה גרונדוואג, וואָס א חוץ זיינע אקטיוויטעטן אויף אנדערע געביטן פון שטאָט, האָט ער זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט אין דער ארבעט פון דער שטאָט־פּארוואלטונג אלס לאַנג יאָריקער ראַטמאַן אין זיין טאָג־טעגלעכן קאמף קעגן דער פּוילישער רעאקציע און אנטיסעמיטן פאר די אינטערעסן פון די סאָכאַטשעווער יידן.

## די וואלן צו דער יידישער קהלה

פון די 652 שטעט און שטעטלעך אין פוילן, האָט זיך סאָכאַטשעוו שטארק אויסגעצייכנט אין דעם פרט פון איינשטעלן און אָרגאניזירן דאָס אָפיציעלע יידישע לעבן.

ווי ס׳איז אַרויס דער באפעל דורכצופירן וואלן פון פאָרשטייער צו דער יידישער קהלה, האָט זיך דאָס גאנצע יידישע, פאָליטישע געזעלשאפטלעכקייט אנגעהויבן גרייטן צום היסטאָרישן טאָג מיט איר גאנצער קאמפס־פעאיקייט.

דאָס אינערלעכע יידישע לעבן אין סאָכאַטשעוו, פונקט ווי אין אלע אנדערע שטעט, איז ביז פוילנ׳ס זעלבסשטענדיקייט געווען שטארק אפגעשטאנען. דאָס אָפיציעלע יידישע לעבן איז דאָמינירט געוואָרן פון עטלעכע גבירים „פני״ און „שיינע״ יידן, פרנסים אָדער דאָזאָרעס. אָט די „פירער״ פון דעם יידישן קהל זענען אין זייער גרעסטער מערהייט געווען ווייט פון יידישן לעבן און דעם גורל פון דער יידישער אָרעמשאפט נישט אָפגעפילט.

די גאנצע ארבעט האָט זיך אויסגעדריקט אין ענינים פון כשרות, שול, בית המדרש, מקוה, שוחטים א.א.וו. און אויך אויף דעם געביט איז אלץ געווען שטארק פארנאכלעסיקט און פארעלטערט. דער פאָלקס־מענטש, דער בעל־מלאכה האָט קיין מאָל ניט געהאט א געפיל פון ליבע אָדער אכטונג צו די תקיפים.

זענען דעריבער, מיט פרייד אויפגענומען געוואָרן די פאָרשטייענדיקע וואַלן צו רעאָרגאַניזירן דאָס יידישע לעבן אונטער דעם נאָמען „רעליגיעזע יידישע קהלה״. לויט דער וואל־אָרדינאציע, האָט סאָכאַטשעוו געדארפט אויסקלויבן 4 פאָרשטייער צו דער קהלה. און דער רב פון שטאָט וואָס איז דעמאָלט געווען ר׳ הערשעל פערקאל, איז אויטאמאטיש געוואָרן א מיטגליד אין דער קהלה פארוואלטונג.

די וועלכע האָבן דאן געלעבט אין סאָכאַטשעוו און וועלן לייענען די שורות, וועלן זיכער אין זייער זכרון אויפלעבן יענע טעג פון דעם אייפערדיקן וואל־קאמף. די אגודה מיט דער מיטהילף פון רב, האָט אָנגעפירט אַן אינטענסיוון וואל־קאמף קעגן אלע איבעריקע פארטייען; די בעלי־מלאכות און פאָלקס־מענטשן האָבן זיך געוואָלט באפרייען פון דער העגעמאָניע פון די ביזאיצטיקע „פירער״ און אויס־קלויבן כאָטש א טייל פאָרשטייער וואָס זאָלן אויסדריקן די נויטן פון די ברייטע פאָלקס־מאסן. אָפיציעל האָבן פיגורירט דריי פארטייען — אגודה, ציוניסטן און די פאָלקס־פארטיי, כאָטש די לעצטע איז געווען קליין אין צאָל, האָט זי געהאט א שטארקע נאָכפאלגערשאפט צווישן די האנטווערקער, ארבעטער און אלע די וועלכע האָבן געשטרעבט ארייַנצוברענגען א ראדיקאלע ענדערונג אין יידישן לעבן.

נאָך א לאנגן, אינטענסיוון וואל־קאמף, אַן אַקציע וואָס האָט אויסגעדריקט מיט זיך א נייעם אויפשוווּנג אין דעם יידישן, פאָליטישן, רעליגיעזן און קול־



דזשוינט קוך שפייזט סאכאטשעווער קינדער נאך דער ערשטער וועלט מלחמה —
מטבח ג'וינט בפעולתו לאחר מלחמת עולם הראשונה — חלוקת מזון לילדי העיר.

טורעלן לעבן, איז דער אויסגאנג פון די וואלן געווען א זיג סיי פאר די ציוניסטן און פאָלקס־פארטיי. טראָץ דעם וואָס די אגודה האָט זיך פארמאסטן אויף נישט ווייניקער ווי אויף אלע 4 קאנדידאטן, האָט זי קוים דערגרייכט צוויי, איינער פון די ציוניסטן און א פאָרטרעטער פון דער פאָלקס־פארטיי.

מיט דעם רעזולטאט פון די וואלן האָט זיך אנגעהויבן א ניי בלאט אין דער געשיכטע פון דעם יידישן לעבן אין סאָכאַטשעוו. די ניי־דערוויילטע קהלה־פאָרוואלטונג איז, אונטער׳ן דרוק פון די צוויי פראָגרעסיווע פאָרשטייער, געוואָרן א ווירקנדיקער פאַקטאָר און א וויכטיקער כוח אינעם לעבן פון די סאָכאַ־טשעווער יידן, און האָט אויך אויסגעשפרייט אירע טעטיקייטן אויסער די ראמען פון ריין רעליגיעזע ענינים. די זיצונגען און פארהאנדלונגען זענען געווען אפענע, און האָבן שטענדיק צוגעצויגן א גרויסע באזוכערשאפט. די קהלה־שטוב איז פשוט געוואָרן אַן אָפענע פאָלקס־טריבונע ווו ס׳זענען אויפגענומען און דיסקוסירט געוואָרן וויכטיקע פאָליטישע, נאציאָנאלע און וועלט ענינים. די קהלה פאר־וואלטונג איז געוואָרן דער אמת׳ער אויסדרוק פון דעם יידישן ישוב אין סאָכאַטשעוו, רעאגירט אויף א ווירדיקן אופן און זיך אפגערופן מיט איר גאנצן אויטאריטעט אויף יעדער קעגן יידן באגאנגענער עולה.

צום ערשטן מאָל האָבן סאָכאַטשעווער יידן דערפילט, אז זייער לעבן האָט אנגענומען נייע פאָרמען. די סאָציאלע און עקאָנאָמישע פארשינדארטיקייט האָט זיך אנגעהויבן אָפשפיגלען אויף די זיצונגען פון דער קהלה־פאָרוואַלטונג.

ארום די יאָרן 25־1924 ווערט פוילן ארומגעכאפט פון א שווערן קריזיס. דער ארבעטער און דער קליינבירגער האָבן געליטן מער ווי דער איבעריקער טייל פון דער באפעלקערונג. די גראבסקי „עגלה" האָט אוועקגענומען דאָס ביסל אָרעמקייט פון די פאראָרעמטע יידישע האנטווערקער און קרעמער. אונטער די שווערע באַדינגונגען ווערן די פליכטן פון דער קהלה־פארוואלטונג נאָך מער ערנסטער. אין פיל פאלן קומט אויך אויס צו אונטערוועגירן ביים שטייער־אמט לטובת א צאָל יידן, אַ סך מאָל מיט דערפאלג צו פארמיידן פון פולשטענדיק רואינירט ווערן.

און אזוי האָט די קהלה אין גאנג פון איר טעטיקייט שטענדיק געלייגט גרויס געוויכט אויף דעם עקאָנאָמישן מצב פון דעם בעל־מלאכה, קליינהענדלער און פון דער אָרעמקייט.

דער ארעמער טייל פון די סאָכאַטשעווער יידן, וועלכער האָט זיך צוליב דעם געשאפענעם קריזיס שטארק פארגרעסערט אין צאָל, און זיך גענויטיקט אין הילף, האָבן עס געקראָגן פון דער קהלה־פארוואלטונג אויף א שיינעם באשיידענעם אופן אין פארשידענע פאָרמען. ביים ארויפלייגן דעם שטייער „עטאַט" איז שטארק גענומען געוואָרן אין אכט דער עקאָנאָמישער מצב פון יעדן יחיד, וואָס איז אין פיל פאלן געווען די סיבה פון קאמף מיט די פאָרשטייער פון דער אגודה.

אזוי האָט אויסגעזען דאָס לעבן אין סאָכאַטשעוו ביז מיין אפפאר פעברואר 1926. אין 1949 האָב איך באזוכט סאָכאַטשעוו, און ווי שטאַרק האָט מיין הארץ געבלוטיקט, זעענדיק דעם גרויסן חורבן.

סאָכאַטשעוו איז געבליבן אַ ליכטיק ווינקל אין דער נשמה פון יעדן סאָכאַ־טשעווער. דער אָנהויב פון מיין דור איז נישט פארלוירן געגאנגען. די וועלכע דער גורל האָט פארוואָרפן אין אַלע וועלט־טיילן, האָבן אין גאַנג פון זייער לעבן פאָרגעזעצט די שיינע טראַדיציעס פון סאָכאַטשעוו, — א טייל האָט אָנטייל גענומען אין דער אנטשטייונג פון מדינת ישראל, און אנדערע אין די קאמפן פאר א שענערער און יושרדיקער וועלט.

ש. שוויאטלאווסקי

# געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס

סאָכאַטשעוו, ווי אלע יידישע שטעט און שטעטלעך אין פוילן, האָט געהאט א גאנצע ריי חברות, וואָס האָבן געטראָגן דעם כאַראַקטער פון א מין זעלבסטהילף. בראש פון די חברות זענען געשטאנען ארעמע האַרעפּאַשניקעס—„עמך". איך וויל דאָ דערמאָנען די עלטסטע חברה „לינת-הצדק", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך אזעלכע יידן ווי דניאל שוסטער פון דער משפחה מ אָ ש ע נ ב ע ר ג, זיין ברודער י ו ס ף י ו נ ה דער בדחן און הערש ק ל ו ס ק ע,ביידע שוסטערס, משה אהרן מאָשענבערג (צונאָמען פאַטאָם) פון פאַך א טרעגער, שלום ז ע ל מ א נ א ָ- ו ו י ט ש אויך א שוסטער פון פאַך און נאָך אנדערע ארבעטס-מענטשן, טרעגער און בעל-מלאכות.

דער ערשטער סיום-הספר, וואָס די חברה-לינת-הצדק האָט איינגעאָרדנט און די פייערלעכקייט, ווען מען האָט דאָס ספר געפירט איבער דער גאנצער שטאָט צו דער שול, איז לאַנג, לאַנג געבליבן אין זכרון פון די סאָכאַטשעווער יידן. זעליג ק ל ו ס ק ע, א ייד פון דער סאָכאַטשעווער אָרעמקייט, האָט פון גרויס התלהבות געבלאָזן נאַפּט פון מויל אויף א גרויסע בלעך, וואָס ער האָט געטראָגן ביי דער פייערלעכקייט. דער נאַפּט האָט זיך אָנגעצונדן און פארכאַפּט זיין, זעליגס, באָרד, עס האָט קיין סך נישט געפעלט, אז ער זאָל פאַרברענט ווערן...

א גרויסע הילף האָט די חברה לינת הצדק געטראָגן פאר דער סאָכאַטשעווער אָרעמקייט. די מיטגלידער פון דער חברה זענען געגאנגען אויף „לינתן" — ד.ה. נעכטיקן צו די קראנקע און באַדינען זיי מיט אלעם נויטיקן, אָנהויבנדיק מיט א רעצעפּט ביז פשוטע בעט-באַדינונג. מען דארף נישט פארגעסן אין וואָס פאַראַ וווינונגען די סאָכאַטשעווער אָרעמקייט האָט דאן געלעבט — צומיינסט אין בוידעם-שטיבלעך, אָדער אין נאַסע קעלערס. דאָרט אהין זענען געגאנגען די „לינתניקעס", כדי צו טראָגן הילף פאר קראנקע.

א הילפס-טעטיקייט פון אן אַנדערן מין האָבן געפירט די חברות הכנסת אורחים, ביקור חולים, הכנסת כלה און אנד. וועמענס איינציקער ציל איז געווען — קעגנ-זייטיקע הילף. זייערע אָרגאַניזיאַטאָרן זענען געווען די אָרעמסטע מענטשן פון שטאָט.

נישט אומעטום האָבן די יידן געקאָנט באַווייזן זייער איניציאַטיוו. אויף אַ גאָר שלעכטע מדרגה איז געשטאַנען די דערציונג פון די אָרעמע קינדער. פאַר די אָרעמע קינדער איז צוגעטיילט געוואָרן דער לאָקאַל פון דער חברה קדישה, וווּ עס איז געווען דער מלמד משה־איטשע ק י ש ק ע. דעם געהאַלט זיינעם האָט דער מלמד פון דער תלמוד תורה געמוזט אַליין צונויפנעמען. די תלמידים זענען געגאַנגען אָפּגעריסן און באָרוועס. דער עיקר זענען ביי זיי געווען אָפּגעריסן די דאַשקעס פון די היטלען... דאָס האָט זיך גענומען דערפון, וואָס דער מלמד משה איטשע פלעגט בעתן לערנען אראָפּציען דעם דאַשעק איבער די אויגן פון די תלמידים ווען זיי האָבן זיך פאַרזינדיקט נישט זשאַלעווענדיק דערביי קיין מתנת יד...

## ד ע ר ע ר ש ט ע ר פ ר אָ פ ע ס י אָ נ ע ל ע ר פ אַ ר יי ן

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט געבראַכט אַ גרויסן חורבן, און אַמשטאַרקסטן האָט געליטן די אָרעמקייט פון שטעטל.

סוף יאָר 1914 דערנענטערט זיך דאָס דייטשע מיליטער צו די ברעגן פון דער בזורע, און דער פראָנט שטעלט זיך אָפּ אין סאַמע מיטן שטעטל. עס ווערט דער־הרגעט נתן דוד מ ל מ ד, און די רוסן הענגען אויף דריי יידן: יוסף מ ל מ ד (קאַצאַפּ), שמחה י ה ו ד ה און אריה לייב ש נ יי ד ע ר. די איבעריקע אַנטלויפן נאַקעט און באָרוועס אין מיטן ווינטער קיין וואַרשע. דאָס יידישע סאָכאַ־טשעוו האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

אַכט חדשים האָבן אָנגעהאַלטן די קאַמפן צווישן די רוסן און די דייטשן. דער גרעסטער טייל פון שטעטל איז פאַרניכטעט געוואָרן, און לסוף האָבן די דייטשן אין יוני 1915 פאַרנומען סאָכאַטשעוו. שפּעטער איז דאָס דייטשע מיליטער אַריין אין וואַרשע. יידן קומען צוריק אין זייער געבורטס־שטעטל, צומיינסט אָרעמע און מיטל־שטאַנד. דאַקעגן בלייבן ווינען אין וואַרשע און אין לאָדזש די אָנגעזעענסטע רייכסטע משפחות ווי די ר ע כ ט מ אַ נ ס, ג ר אַ ו ב אַ ר ד ס, ע נ ג ע ל מ אַ נ ס, ו ו אַ ר ש אַ ו ו ס ק י ס און אַנד. זיי קומען צוריק קיין סאָכאַטשעוו ערשט ביים סוף פון דער מלחמה. דעם רבינס משפחה פאַרבלייבט שוין ווינען אין לאָדזש. דאָס שטעטל הויבט אָן צוריק אויפלעבן. די חורבות ווערן אָפּגערוימט, און עס בויען זיך נייע הייזער. אויך דער אויסזען פון סאָכאַטשעווער יידן ענדערט זיך. עס הייבן זיך אָן באַווייזן יידן איי‍ראָפּעאיש געקליידעט. ס׳הויבט אויך אָן אויפלעבן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן, וואָס טראָגט אינגאַנצן אַן אַנדערן כאַראַקטער ווי פאַר דער מלחמה. עס שאַפט זיך אַ ביבליאָטעק, די ערשטע קולטור־אינסטיטוציע ביי אונדז אין שטעטל. עס גרינדעט זיך דער ערשטער דראַמאַטישער קרייז. ס׳הויבט זיך אָן אַ קאַמף צווישן די פּאַרטייען פאַר דער העגעמאָניע.

פּאַראַלעל צו דער קולטור־אַרבעט פון דער געזעלשאַפטלעכער ביבליאָטעק, אַנטוויקלט זיך אויך די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג. אין יאָר 1925 ווערט אָרגאַניזירט

אין לאָקאַל פון דער חברה לינת הצדק דער ערשטער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין. אלס פאָרזיצער ווערט אויסגעוויילט פּייזול ג א ל ע ק, דער בעל קורא פון דער חברה, און אַלס סעקרעטאר א צווייטער פרומער יונגערמאַן. די ערשטע אלגעמיינע פאַר־זאַמלונג קלויבט אויס אַן איניציאַטיוו־גרופּע פון 10 חברים, צווישן זיי אויך מיך. נאָך דער „באַגרינדונג" פון פאָרזיצער חבר פּייזול ג א ל ע ק, אַז דער „בונד" לאָזט נישט דאַוונען, ווערט מיט א מערהייט שטימען באַשלאָסן אָנצושליסן זיך אין דער צענטראַלע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין וואַרשע אויף בראַצקע 11 (צענטראַלע פון קאָמוניסטיש געשטימטע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען). נאָך א שטאַרקן קלאַפּ אין בעלעמער פון בלינדן א י ט ש ע, וואָס האָט מודיע געווען, אז עס איז שוין צייט צו דאַוונען מנחה, ווערט די גרינדונגס פאַרזאַמלונג געשלאָסן...

## ד ע ר  ע ר ש ט ע ר  ש ט ר י י ק

צוליב דעם, וואָס אַן אַרבעטס־געבער מענדל פּ ל אָ נ ס ק י, האָט זיך אָפּגע־זאָגט ארויסצוגעבן ארבעט דעם חבר אדם קלוסקע, וואָס האָט געאַרבעט אלס „כאַלופּניק", באַשליסט די צענטראַלע צו דערקלערן א שטרייק. מיר האָבן דעמאָלט געוואָרנט, אז דער שטרייק וועט דורכפאַלן, ווייל עס איז געווען נאָך דעם סעזאָן. אָבער די צענטראַלע איז געווען פאַראינטערעסירט אין א פּאָליטישן עפעקט און האָט באַשלאָסן שטרייקן.

דער שטרייק איז געווען אימפּאָזאַנט, אלע ווי איינער האָבן געשטרייקט, אָבער דער סוף איז געווען א טרויעריקער. צוליב א פּראָוואָקאַציע האָט די מאכט דאַן אויפגעלעזט די קאָמוניסטישע צענטראַלע, אַרעסטירט דעם גרעסטן טייל פון די מיטגלידער, פאַרנומען דעם גאַנצן ארכיוו, און גלייך האָט זיך די פּאָליציי געוואָרפן אויף אלע אָפּטיילונגען אין לאַנד — און אויך אויף דער אָפּטיילונג אין סאָכאַטשעוו. עס האָבן זיך אָנגעהויבן ארעסטן און אויספאָרשונגען. דאָס האָט געווירקט, אז די אַרבעטס־געבער ביי אונדז אין שטעטל זאָלן ווערן חוצפּהדיקער; זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט און דערקלערט א לאָקאַוט, קיינעם נישט צוריקצולאָזן צו דער ארבעט. ביי די ארבעטער אין שטעטל איז געוואָרן א געדריקטע שטימונג, און דער שטרייק איז מיאוס דרכגעפאַלן. דער פאַריין ווערט אויפגעלעזט דורך דער פּאָליציי און די הויפּט־אָרגאַניזאַטאָרן — צווישן זיי אויך איך — ווערן געשטעלט אונטער פּאָלי־צייאישער אויפזיכט, וואָס האָט געצויגן נאָך זיך פארשידענע צרות.

אַ שטיקל צייט שפּעטער, אומגעפער אין יאָר 1926, באַווייזט זיך ביי אונדז אין סאָכאַטשעוו יחיאל מאיר ז אַ ל צ מ אַ ן (שקאָלעק), וואָס האָט נאָך אנטייל גענומען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין סאָכאַטשעוו אין יאָר 1905. בעת דער רעוואָלוציע אין יאָר 1917 איז ער געווען אין רוסלאַנד, און שפּעטער געקומען קיין סאָכאַטשעוו, וווּ ער האָט זיך געשטעלט בראש פון דער ארבעטער־באַוועגונג. ער רופט א פאַרזאַמלונג, און מיר באַשליסן באַנייען די פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט. ער לייגט פאָר, אז מיר זאָלן זיך אָנשליסן אין דער בונדישער צענטראַלע. מיט א

מערהייט שטימען ווערט דער פאָרשלאג אָנגענומען, און באלד אויף דער ערשטער ווענדונג וועגן אויפסניי אָרגאַניזירן די פראָפעסיאָנעלע באוועגונג ביי אונדז אין שטאָט, שיקט די צענטראַלע איר פאָרשטייער, דעם חבר בערל אַמבאַראַס (בערל שטעפער) און ער אָרגאַניזירט אונדזער פאַריינס־טעטיקייט.

די באוועגונג האָט זיך זייער שיין אנטוויקלט. ביי די וואלן צום שטאָטראַט איז אונדז געלונגען, א דאַנק דעם חבר משה שוואַרץ, וואָס האָט געהאט א גרויס אנזען, דורכצופירן אונדזערעס א חבר. אונדזער ראַטמאַן איז געווען טאקע דער חבר זאלצמאן. דאָס האָט צוריק געהויבן דעם אָנזען פון דער פראָפעסיאנעלער באוועגונג. ביי די וואַלן צו דער קרייז־קראַנקן קאַסע האָבן די פראָפעסיאָנעלע פאריינען דורכגעפירט צוויי ראטמענער: יחיאל מאיר פיערניק און דעם שרייבער פון די זכרונות. שפּעטער ווער איך אויסגעוויילט אין דער רעווידיר־קאָמיסיע, ווו איך ארבעט איבער פינף יאָר ביז צו דער ליקווידאַציע פון דער זעלבסט־פאַרוואלטונג דורך דעם סאנאציע־רעזשים אין פוילן.

אונדזערע פאָרשטייער אין דער קראַנקן קאַסע האָבן פיל געהאָלפן דער אָרעמער יידישער באפעלקערונג אין שטעטל, און מיר האָבן אויך אויסגעקעמפט, אז עס זאָל אָנגענומען ווערן א יידישער דאָקטאָר און אַ פעלדשער.

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָט סאָכאַטשעוו פאַרמאגט פארשידענע חברות, וואָס האָבן זיך פארנומען מיט קעגנזייטיקער הילף. די חברות האָבן געטראָגן א פילאַנטראָפישן כאַראַקטער. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין באַנייטן סאָכאַטשעוו, שאַפן זיך נייע אָרגאַניזאַציעס פון קעגנזייטיקער הילף און קאָאָפעראטי־ווע טעטיקייט. צוזאמען מיט דער עקאָנאָמישער באָיקאָט־פאליטיק פון דעם פוילישן אַנטיסעמיטישן רעזשים, וואָס טוט אלץ כדי צו פארניכטן דעם יידישן קיום אין די שטעטלעך, שטאַרקט זיך אויך די קעגנזייטיקע הילף אין סאָכאַטשעוו. א דאנק דער מי און ענערגיע פון יעקב בענטשקאָווסקי (יענקל טרעפיאזש) גרינדעט זיך אין סאָכאַטשעוו א קאָאָפעראטיווע פאָלקס־באַנק (באנק לודאווי), וואָס העלפט אַ פאָר הונדערט משפחות פון סאָכאַטשעווער מיטלשטאנד און אָרעמקייט זיך ראַטעווען פון אונטערגאַנג.

זאָל אויך דערמאָנט ווערן די גמילות־חסדים קאַסע, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט יחיאל מאיר טילמאן. זיין ארבעט האָט ער געטאָן מיט איבער־געגעבנקייט. נישט איין אָרעמער האַנטווערקער אָדער אָרעמער סוחרל, האָט זיך געראַטעוועט מיט דעם געלט פון דער קאסע.

אזוי האָבן פשוטע „עמך" יידן פון סאָכאַטשעוו געפירט זייער געזעלשאַפטלעך לעבן, געהאָלפן זיך קעגנזייטיק, געווען טעטיק לטובת הכלל, ביז עס האָט זיך אויף זיי אַראָפּגעלאָזט די היטלעריסטישע מערדער־האַנט.

ש. גרונדוואג

# די חבלי לידה פון היגן ציוניזם

— פאָרוואָרט —

דער שרייבער פון די שורות וועט זיך באַמיען, אין זיינע זכרונות וועגן דער אַנטשטייונג און וווקס פון ציוניזם אין אונדזער שטאָט ברייטער צו שילדערן צוו. אנד. די מעטאָדן און רדיפות מיט וועלכע די דעמאָלטדיקע חסידים אונטער דער השפעה פון „סאָכאטשעווער הויף", האָבן באַנוצט אין זייער קאַמף ביים וועלן דערשטיקן די נאַציאָנאַלע אויפלעבונגס־באַוועגונג. זיי האָבן אַרויסגעגעבן א קול קורא צו די יידן אין קאָנגרעס־פוילן געחתמעט דורך גער, אלעקסנדער, אַמשינאָוו א.אנד, וועלכער האָט אַנטהאַלטן א חרם און איסור קעגן די אָרטיקע ציוניסטן.

אין פאַרלויף פון דער שילדערונג וועלן מיר זיך באַגעגענען מיט פאַרשידענע אינטערעסאַנטע טיפּן, בילדער, כאַראַקטערן און אויטאָריטעטע פּערזענלעכקייטן פון ביידע לאַגערן, ווי אויך מיט פאַרשידענע אינטערעסאַנטע מאָמענטן וועגן דער באַציונג צו אונדז פון דער צאַרישער מאַכט.

ספּעציעל וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אויף די מפּלות און נצחונות בעת די פאַרבי־סענע קאַמפּן אַרום די קולטורעלע, נאַציאָנאַל־רעליגיעזע און נאַציאָנאַל־פּאָליטישע געביטן.

## א. דער משכילישער צענטער

מיט יאָרן צוריק האָט זיך ביי אונדז אין שטאָט, פּונקט ווי אין אַלע אַנדערע שטעטלעך, געפונען א קליינער קרייז פון באַוווּסטזיניקע פאָרגעשריטענע יידן, צו וועלכן ס'האָבן געהערט די ה"ה ש. געלמאַן, ג. ליכטענשטיין, י. מ. גרונדוואַג, ג. וואַרשאַווסקי, מ. פעסטמאַן (לעהרער), א. ראָזענפעלד, ק. וואָלמאַן און דער שרייבער פון די שורות. דער צענטער פון דעם קרייז האָט זיך געפונען אין דער וווינונג פון י. מ. גרונדוואַג. דאָרט איז געווען א ביבליאָטעק, פאַרזען מיט טעגלעכע און פעריאָדישע צייטונגען און זשורנאַלן אין יידיש, העברעאיש, פּויליש, צוו.אנד. האָבן זיך געפונען דער „המגיד", „המליץ", „הצפירה". די אַקטועלע אַרטיקלען זענען געוואָרן פאַרגעלעזן אין דעם קרייז און מיר האָבן וועגן זיי דיסקוטירט.

די צוזאמענקונפטן און דיסקוסיעס האָבן שטופנווייז אויפגעוועקט דאָס נאַ־ציאָנאלע באַוווסטזיין ביי אלע אָנוועזנדע און ווען ס׳זענען דערשינען די בראשורן „אויטאָעמאַנסיפּאַציע״ פון ד״ר ל. פינסקער, „דער יודנשטאַדט״ פון ד״ר הערצל א.אנד איז די דערמאנטע גרופּע שוין געווען אומשטאנד אויפצופאסן דעם ציוניזם אלס די איינציקע ראדיקאלע לעזונג פון צוויי טויזנט יאָריקן יידישן גלות־פּראָבלעם און אין רעזולטאַט דערפירט צו דער ערשטער אָפיציעלער קליינער ציוניסטישער פארזאמלונג.

צו דער זעלבער צייט האָט אין אונדזער שטאָט געלעבט א גרויסער תלמודיסט, בעל־תנ״ך און בעל דיקדוק ר׳ י ה ו ש ע ז״ל (דער איינציקער זון פון רבי אלעזר׳ל ז״ל, אמאָליקער היגער רב), וועלכער האָט געהאט שטארקע סענטימענטן פאר יידישע נאציאָנאלע ענינים. לויט זיין ווונטש איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די גאַנצע משכילישע גרופּע זאָל זיך צוזאמענקומען ביי אים אין וואוינונג און קאָנספּירא־טיוו אָפּהאלטן די ערשטע ציוניסטישע פארזאמלונג, צו וועלכער ס׳איז אונדז אויך געלונגען צוציען אזעלכע אָנגעזעענע יידן ווי ר׳ לייב ג ר י נ ב ע ר ג, ר׳ פ ר י ד־מ א ן הערש (היגער מוהל), ר׳ מנשה ר א ב י נ א ו ו י ט ש און ר׳ גאדל מ ל מ ד. דעם גרעסטן טייל פון די אויסגערעכנטע האָט מען אין היגן רבישן „הויף״ גערופן די „געכאפּטע״.



שמחה גרונדוואג מיט זיין פרוי שרה־רבקה — שמחה ושרה־רבקה גרונדוואג

אין זעלבן אוונט, ווען ס׳האָט געזאָלט פאַרקומען די פאַרזאַמלונג, האָט דאָ געווײלט אלס גאסט אויף דער חתונה אין רבינ׳ס הויף דער דעמאָלט באוואוסטער נאציאָנאלער רעדנער ה׳ י. װײנטראַב. אַ דאַנק דער באַמיונג פון ה׳ מ. פעסטמאַן ע״ה. האָט ער באוויליקט זיך צו באטייליקן אין אונדזער פאַרזאמלונג, ווו ער האָט צוזאמען מיטן ה׳ ק. וואלמאן און דעם שרייבער פון די שורות אויס־פירלעך באַגרינדעט דעם טעארעטישן און פאָליטישן ציוניזם, און אין רעזולטאַט פון זיין געלונגענער רעדע איז אין אונדזער שטאָט געגרינדעט געוואָרן די ערשטע ציוניסטישע אָרגאניזאציע פון 15 חברים, מיט א פאַראנטוואָרטלעכן קאָמיטעט אין דער שפּיץ.

ב. די ערשטע ציוניסטישע אָרגאניזאַציע

בכדי צו שאפן די מעגלעכקייטן, אז די ניי־געגרינדעטע ציוניסטישע אָרגאַ־ניזאציע זאָל קענען עקזיסטירן און פארשפרייטן דעם ציוניסטישן געדאנק צווישן ברייטערע קרייזן פון דער היגער באפעלקערונג, איז געוואָרן געשאפן א ציוניס־טישער בית תפלה א. נ. „חברה בני ציון סאָכאַטשעוו״, וועלכע האָט זיך געפונען אין דער וואוינונג פון ה׳ מ. ק. גאָטסקינד (דרדקי מלמד), וועלכער האָט דעם לאָקאל פון זיין חדר אוועקגעגעבן צו דעם צוועק אומזיסט. דאָרט האָט מען יעדן שבת און יו״ט געדאווענט בצבור, געלערנט תנ״ך, „דברי ימי ישראל״ (פראָפ. גרעץ) און פאַרגעלעזן די וועכנטלעכע ציוניסטישע און אלגעמיין יידישע פרעסע. יעדן יומא דפגרא האָבן די חברים געהאַלטן רעפעראטן מעניני דיומא, אונטערשטריי־כנדיק דעם נאציאָנאלן מאָמענט. א דאנק דער סיסטעמאטישער אויפקלערונגס־ארבעט האָט זיך די צאָל מיטגלידער אין דער אָרגאַניזאציע פארגרעסערט. עס זענען צוגעקומען די חברים: ר׳ חיים מישערוויצער, ר׳ ש. נ. װאַרשאַװסקי, ר׳ מאיר נאשעלעװיטש, ר׳ א. ל. שעמיאַנטעק, ר׳ מאיר קאָהן ר׳ בן־ציון קרוין. אויך דער קרייז פון סימפאטיקער איז געוואקסן. צו דער צייט האָט זיך די ציוניסטישע אָרגאַניזאציע אויך אריבערגעטראָגן אין אַ גרעסערן לאָקאַל, אין הויז פון דעמאָלטדיקן יושב ראש ר׳ ש. געלמאַן.

אריבערגייענדיק צו א סטאַבילער ציוניסטישער טעטיקייט און אפשאצנדיק די גרויסע באַדייטונג וואס ער האָט פאר דעם פּאָליטישן ציוניזם, די צוזאמענשלי־סונג פון אלע ארטיקע ציוניסטישע גרופּן אין איין אלוועלטלעכער ציוניסטישער ארגאניזאציע האָט דער קאָמיטעט דעלעגירט 3 חברים, מיט דעם שרייבער פון די שורות אלס סעקרעטאר, מיט דירעקטיוון אנצושליסן אונזדער אָרגאניזאציע ביים ציוניסטישן צענטראל־ביורא אויף טשעפלא 3 (א שטיבל ד׳ על ד׳), מיט וועלכער ס׳האָבן אנגעפירט די חברים: אדוו. יאסינאַווסקי, ד״ר ט. הינדעס, נ. סאקאלאָוו, א. פאדלישעווסקי, לעוויטע (ל. לעוויטעס פאָטער), ד״ר ז. ביכאָווסקי. קיין צענטראַל־קאָמיטעט האָט דאַן נישט עקזיסטירט. נאר



סאכאטשעווער יידן אין ווישעגראד בעת דער אויפנאמע פאר נחום סאקאלאוו אין יאָר 1925
יהודי סוכצ׳וב משתתפים בקבלת פנים לנחום סוקולוב בהגיעו לוישגרוד ב־1925



געזעגענונגס־באנקעט צום אפפאר פון חיים טעמפל מיט זיין פרוי קיין ארץ ישראל
מסיבת פרידה לעליתו של ח. טמפל ואשתו לא״י

קאָנגרעס־פוילן איז געווען פאַרטיילט אין רעיאָנען, יעדער מיט א באַזונדערן מורשה. פאר די אויבנדערמאָנטע מנהיגים האָבן מיר איבערגעבן א באַריכט וועגן דער אַנטשטייונג און טעטיקייט פון אונדזער אָרגאַניזאציע, און דערקלערט אונדזער גרייטקייט זיך אנצושליסן אין ציוניסטישן רעיאָנס־ביורא, וועלכע איז דורך זיי אויפגענומען געוואָרן מיט דער גרעסטער צופרידנקייט, פאַרזיכערנדיק אונדז זייער גייסטיקע און יורידישע הילף ביים פירן אונדזער ציוניסטישע טעטיקייט.

און ווירקלעך האָבן זיי זייער צוזאג דערפילט, און נאָכן אפלויף פון א קורצער צייט האָט אונדז באַזוכט דער באַרימטער יידיש נאציאָנאלער מטיף קאראטקין, וועלכער האָט ביי א פול געפּאַקטן בית המדרש געהאַלטן עטלעכע איבערצייגנדע ציוניסטישע רעפעראטן, און ארויסגערופן אזא ענטוזיאַזם ביי אלע צוהערער, אז גלייך אויפן אָרט זענען פארקויפט געוואָרן 400 שקלים. א באַזונדערן רעפעראַט האָט ער געגעבן אין אייגענעם לאָקאל ספעציעל פאר חברים, און דערפירט צו א רעאָרגאַניזאציע פון דער גאנצער גרופּע, אויסוויילנדיק א סטאבילן קאָמיטעט מיט דעם שרייבער פון די שורות אלס פּאַרזיצער, מ. פעסטמאן (סעקרעטאר) און א. ראָזענפעלד (קאסירער). באַזונדער זענען געוויילט געוואָרן קאָמיסיעס פאר פּראָפּאַגאַנדע, פינאַנסן, קולטור און דערציונג.

דער ניי־געוויילטער קאָמיטעט האָט גלייך ביים אָנהייב פון זיין טעטיקייט זיך איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פון ד״ר הערצלס ווערטער, וועלכער זאָגט: „דער ציוניזם איז דער אומקעהר צום יודענטום, נאָך פארן אומקעהר אין יידישן

לאנד״. און האָט פאר זיך נישט געזען קיין מעגלעכקייט פון פראָדוקטיווער ציוניסטישער טעטיקייט אָן א שולע, וועלכע זאָל דערציען דעם יונגען יידישן דור אין דעם נאַציאָנאלן גייסט. באקענען אים מיט דער רייכער פאַרגאנגענהייט פון אונדזער פאָלק, און ארויסרופן ביי אים ליבע צו דער העברעאישער שפראך א.א.וו. דער קאמיטעט האָט נאָך לענגערע אנשטרענגונגען געעפנט א חדר מתוקן אונטער דער אנפירונג פון באקאַנטן בעל תנ״ך ג. װארשאװסקי ז״ל.

מיט וועלכע רדיפות ס׳איז געווען פארבונדן דאָס עפענען פון אזא חדר צו יענער צייט איז זיך לייכט פאָרצושטעלן. דער ויצעקו פון די אלטע מלמדים אין שטעטל איז דערגאנגען עד לב השמים. און דער גרעסטער טייל פון דער באפעל־קערונג האָט אויך נישט ווייניק געשטורעמט, ביז די ידיעה איז דערגאנגען צום סאָכאַטשעווער הויף און פון דאָרט איז געפאלן די ערשטע „באָמבע״ אויף דעם ציוניזם בכלל און אויף די היגע ציוניסטן בפרט.

(אויסצוג פון „סאָכאטשעװער צייטונג״, נר 2)

יעקב פרידמאן

# די פּיאָנערן פון העברעאישן שול־וועזן

דער חדר מתוקן אין סאָכאַטשעוו האָט זיך ווייניק וואָס אונטערשיידעט פון אמאָ־ליקן חדר. דער זעלבער סדר, דער זעלבער טיש, און ביים טיש זענען געזעסן די תלמידים —מיט זייערע ספרים, בראש דער מלמד — רבי. אָדער ער האָט זיך געדרייט ארום טיש, געלערנט מיט די קינדער און אלע מאָל זיך אָפּגעשטעלט ביי א צווייטן און אים געפּרעגט עפּעס, אָדער געפּאָדערט ער זאָל אליין ווייטער זאָגן... דער אונטערשיד צווישן אלטן חדר און חדר־מתוקן איז באשטאנען דערין, וואָס אין חדר מתוקן האָט מען געלערנט „עברית־בעברית", אלץ אין לשון קודש און אויך מער תנ"ך א.א.וו..

דער מלמד, וועלכן מ'האָט שוין גערופן „לערער", האָט פון צייט צו צייט ווייטער געקניפּט דעם תלמיד דאָרט ווו ס'איז אים געווען באקוועם... אָדער א ריס געטאָן ביים אויער, אזוי אז דער תלמיד האָט געמיינט אז דאָס אויער איז געבליבן ביים „לערער" אין האנט, און פון צייט צו צייט ארויסגעזאָגט א קללה פּונקט ווי דער אלטער רבי. און פּונקט ווי דער רבי־מלמד איז אויך דער „לערער" געשטאַרבן פאר א פּרוטה, ביז ער האָט באקומען דעם שכר־לימוד, רבי־געלט. זיין מצב איז געווען פיל ערגער, ווייל די צאָל תלמידים זיינע איז געווען פיל ווייניקער ווי ביים פּשוטן מלמד. אין חדר מתוקן האָבן געלערנט קינדער פון עלטערן, וואָס זענען געווען ציוניסטן, און האָבן געוואָלט מקיים זיין מיטן גאנצן ווילן מצוות ציוניזם. און וויפל זענען געווען דאן אזעלכע משפחות אין שטאָט? און ווען ס'זאָל נישט זיין איינער משוגע־איבערגעגעבן צו דער זאך, וואָס זאָל דער ערשטער ברענגען אלס קרבן זיינע קינדער צוליב לשון־קודש, וואָלט אזא חדר מתוקן נישט געבוירן געוואָרן. אזעלכער איז געווען ביי אונדז אין שטאָט שמחה גרונדוואג. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט מיט זיין אייזערנעם ווילן געשאפן דעם חדר מתוקן און שפּעטער די העברעישע שולע, און אזוי ארום איז אין משך פון עטלעכע יאָר אויפגעקומען א יונגער דור פון העברעיש־רעדנדיקע קינדער — און יוגנט. אין די שפּעטערע צייטן, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זיך דאָס העברעישע שול־וועזן אויסגעברייטערט, און עס איז געשאַפן געוואָרן די „יבנה" שול.

ווען מיר דערמאָנען די אויפלעבונג פון דער העברעיִשער שפראַך, איז אונדזער חוב אויך צו דערמאנען די לערער אידעאַליסטן וואָס האָבן זיך מקריב געווען פאר דער שפראַך, האָבן געהונגערט, געליטן, געקעמפט פאר דער עקזיסטענץ, אפשר נאָך שווערער ווי וועלכער ס'איז מלמד אין שטאָט. מ'האָט זיי גערופן אפיקורסים, שמד'ניקעס, זיי זענען דאָך גערודפט געוואָרן פון אלע קעגנער. לאמיר דערמאָנען אָט די לערער אידעאַליסטן.

## ג ד ל י ה   װ א ר ש א װ ס ק י

געבוירן 1867 — געשטאָרן 1908.

א זון פון א תבואה־סוחר. ער איז געווען אן אויסנאם פון אלע זיינע ברידער. צו דער ציוניסטישער באַוועגונג איז ער צוגעשטאנען נאָך אין הערצלס צייטן. מיט הארץ און נשמה האָט ער זיך איבערגעגעבן דער ציוניסטישער טעטיקייט. ער האָט פארשטאנען, אז ציוניזם באדייט אויך אויפלעבן די העברעיִשע שפראַך, און ער האָט גענומען לערנען מיט א גרופע קינדער עברית בעברית. די נעמען פון די עלטערן, וועלכע זענען געווען די ערשטע מחנך צו זיין זייערע קינדער אין עברית, געדענק איך נאָך ביז היינט. עס זענען געווען די קינדער פון לערער גדליה װ א ר ש א װ ס ק י — ש ל מ ה און ע ו ז ר, די קינדער פון זיינע ברידער — ש ל מ ה און נ ח ו ם און די קינדער פון נחום ג ר ו נ ד װ א ג, הערצקע ג ר א ו ב א ר ד און יצחק װ א ר ש א װ ס ק י.

דערדאָזיקער העברעיִשער לימוד האָט אנגעהאלטן ביז דער רוסיש־יאפאנישער מלחמה. ווארשאווסקי איז אוועק קיין לאָנדאָן, און דאָרט האָט ער ווייטער זיך פארנומען מיט פארשפרייטן די העברעיִשע שפראַך. צוריקקומענדיק פון לאָנדאָן קיין סאָכאַטשעוו, האָט ער ווידער געעפנט זיין חדר, אָדער ווי מען האָט עס שוין גערופן — די שול עברית בעברית פון גדליה ווארשאווסקי. ער איז קראנק געוואָרן, און נאָך א קורצער צייט געשטאָרבן אין עלטער פון 39 יאָר.

זיין טויט האָט גורם געווען אן איבעררייס אין העברעיִשן חינוך, ווייל ס'זענען נישט געווען קיין נייע יונגע כוחות וואָס זאָלן ממשיך זיין דעם העברעיִשן חינוך. שפּעטער איז געקומען דער פעריאָד פון חדר מתוקן.

## ד ע ר   ל ע ר ע ר   פ א ט א ל א װ ס ק י

א הויכער, א דארער, מיט גרויסע אויגן, וואָס האָבן געקוקט דורך שטארק קורצזיכטיקע גלעזער מיט פיל גוטסקייט, א בעל משפחה מיט עטלעכע קינדער, געוווינט אין איין שטוב, וואָס האָט געדינט אי אלס וווינונג, אי אלס חדר צום לערנען. נישט בחינם איז ער שטענדיק געווען אן אויפגערעגטער און זייער א בייזער — דוקא בשעת ער האָט געלערנט מיט די תלמידים. זיין שטענדיקע אויפ־געגטקייט איז געקומען צוליב פאָלגנדיקע סיבות: ער האָט געהאט א שווער לעבן,

נישט קיין געזיכערטע עקזיסטענץ, באגרענעצט מיט זיין הכנסה וואָס ער האָט באקומען נישט צו דער צייט און אפשר אויך דערפאר, וואָס ער האָט געוואָלט, אז די תלמידים זאָלן אין זיך איינזאפּן וואָס שנעלער און וואָס מער דאָס העברעישע וואָרט, דעם העברעישן אויסדרוק, אז דאָס קינד זאָל וואָס מער טראכטן נאָר אין עברית. ער האָט געוואָלט, אז די שפּראך זאָל גיין האנט ביי האנט מיט דער ציוניס־טישער באוועגונג, און דאָס איז נישט געווען קיין לייכטע זאך. צוליב דעם האָט ער אפשר זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן פון די אלטע מלמדישע מנהגים — א שטארקן קניפּ טאָן, אָדער א ריס טאָן אן אויער און אויך מכבד זיין מיט א קלאַפּ איבער די פינגער, אז טרערן האָבן אנגעהויבן רינען פון די אויגן. עס קען זיין, אז ער האָט עס געמוזט טאָן, אז ס׳איז געווען ביי אים א נויטווענדיקייט. זיינע מחשבות, געפילן און איבערגעגעבנקייט האָבן נישט געקענט ביישטיין דעם ווייטיק, וואָס ער האָט געפילט זעענדיק, אז דער אָדער יענער תלמיד גייט נישט ווייטער — האָט ער געוואָלט, אז דאָס קינד זאָל פילן „אזא ווייטיק ווי ער״ — — —

אזוי האָט דער לערער פּ א ט א ל א װ ס ק י געשלעפּט יאָרן דעם שווערן עול, ביז ר׳האָט באקומען א צווייטן פּלאץ מיט מערער הכנסה אין א צווייטער שטאָט.

נאָך זיין פארלאָזן סאָכאַטשעוו, איז געבוירן געוואָרן דער געדאנק וועגן עפענען א מאָדערנע שול מיט מאָדערנע איינריכטונגען, מיט א באשטימטן פּראָגראם. און ס׳איז געשאפן געוואָרן די שולע „התחיה״, מיט א געוויסער צאָל קינדער וואָס האָבן שוין גערעדט עברית. בראש פון דער שולע האָט זיך געשטעלט דער בעהעלפער פון לערער פאטאלאווסקי.

## פ ל ו צ ע ר

דער נייער לערער האָט א סך איבערגענומען פון זיין רבין: אויפגערעגטקייט און שלאָגן די תלמידים. ער האָט כלל נישט געטראכט, אז ער איז נאָך א יונגער בחור, און אז ער דארף זיך פירן גאָר אנדערש. און אפשר דערפאר, וואָס זיין געזונט צושטאנד איז געווען רואינירט, כסדר געהוסט, נישט געגעסן צו דער זאט, כמעט נישט געהאט צו עסן, אָבער ער איז געווען פול פלאם־פייער. זיינע ציוניסטישע רעדעס האָבן געצונדן באגייסטערונג, און די יוגנט האָט געטרונקען מיט דורשט זיין וואָרט. אויך די תלמידים האָבן אים זייער ליב געהאט, ווייל ער האָט זיך מקריב געווען פאר דער עקזיסטענץ פון דער שול.

אזוי האָט ער עטלעכע יאָר געפירט די למודים, ביז די שול האָט זיך פארגרע־סערט, און מ׳האָט געדאַרפט אנגאזשירן נאָך איינעם אָדער צוויי לערער. ער האָט נישט געקענט זיך האלטן צווישן די נייע לערער, ווייל זיין הייסער טעמפּערא־מענט, האָט אים געשטערט איינצולעבן זיך מיט מענטשן, און ער האָט פארלאָזן די שטאָט.

ער האָט געהאט א סך שווערע יאָרן, געוווינט אין א קליין בוידעם־שטיבל

לעבן דער שול, קוים פאר׳איין מענטש, נישט איינמאָל געהונגערט, און דאָס האָט פאַרשאַרפט זיין קראַנקייט.

שפעטער האָבן מיר געהערט, אז ער ליגט אין א שווערן צושטאנד אין יידישן שפיטאָל אין ווארשע. אייניקע חברים האָבן אים באזוכט. לסוף איז געקומען די ידיעה, אז ער גוססט. מיר זענען געקומען קיין ווארשע און אים שוין געטראָפן א טויטן. אזוי איז געשטאָרבן דער יונגער טעמפעראַמענטפולער העברעישער לערער, וואָס האָט מקריב געווען זיין לעבן פאר לשון קודש.

אין דער צייט פון איבערדייס, האָבן די אנגעזעענע רייכע משפחות ר ע כ ט־מ א ן און ג ר א ו ב א ר ד געבראכט צו זיך אין הויף א פריוואטן לערער, וואָס האָט מיט דער דערלויבעניש פון זיינע באלעבאטים צוגענומען נאָך אייניקע קינדער פון שטאָט און ווייטער פארשפרייט די העברעישע שפראך. דאָס איז געווען דער לערער.

### א ה ר ן ר ו מ י א נ ע ק

א ליטווישער ייד, גוט געקענט תנ״ך און עברית, און אויך אנדערע לימודים. די צוויי דערמאָנטע משפחות האָבן אים אויפגעהאלטן ביי זיך אין הויף. אלע קינדער פון הויף האָבן געלערנט און אויך אייניקע פון די שכנים, ווי ד א ו ו י־ד א ו ו י ט ש א. אנד. שפעטער האָט ר ו מ י א נ ע ק געשאפן א גרופע, מיט וועלכער ער האָט געלערנט עין יעקב אין בית המדרש און אויך געגרינדעט א גרופע ציוניסטן צו לערנען תנ״ך אין בית המדרש. צוליב אים איז אויסגעבראכן דער ערשטער סקאנדאל צווישן די פרומע יידן און ציוניסטן וואָס האָבן אויסגע־טייטשט זיינם א וואָרט, וועלכעס האָט פוגע געווען בכבוד פון די פרומע יידן.

### מ ש ה ׳ ל ג ר א ד ז י ס ק ע ר

א פשוטער ייד, א מלמד ווי אלע אנדערע מלמדים, אָבער מיט אן אנדערן צוגאנג. ער האָט געוואָלט מהנה זיין זיינע תלמידים דוקא מיט דער העברעישער שפראך. משה׳ל גראדזיסקער האָט געהאט זיינע תלמידים. איך געדענק נאָך די נעמען פון אייניקע פון זיי: דוד וואלארט, שעיה ראזענפעלד, פינקע כהן, שמעלקע ...... כתריאלס, עוזר וואַרשאווסקי, מאטע גראובארד און יעקב שוסטער.

א חוץ דעם זענען געווען אין שטאָט אייניקע דרדקי מלמדים — ביז תלמוד און אויך מלמדים וואָס האָבן געלערנט די קינדער תנ״ך.

**יעקב פרידמן**

# השומר הצעיר

נאָך די שווערע און גרויסעליידן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט עפּעס געצויגן נאָך א ניי, פריי לעבן. די פיר יאָר זענען אפּגעמערקט געוואָרן מיט בלוט און חורבן, און די צוקונפט האָט מען געזען ווי דורך א נעפּל. קיינער האָט אָבער נישט געוווסט ווי און מיט וואָס אנצוהויבן. ביז ס׳איז געקומען דער ציוניזם און געעפנט נייע פּערספּעקטיוון. די ציוניסטישע ארבעט האָט גערופן און געמאָנט. די יוגנט און די עלטערע מענטשן זענען געגאנגען נאכן רוף, א שטראַל פון א ניי לעבן האָט זיך באוויזן. ס׳זענען גערופן געוואָרן צוזאמענפאָרן, בּאראטונגען, דאָס וואָרט ארץ ישראל האָט אפּגעקלונגען טיף אין יעדן האַרץ, און דאָס נייע וואָרט „חלוץ" האָט געצויגן צו אונדזער לאנד, צו אַ ניי לעבן און צוקונפט. די באוועגונג האָט מיטגעריסן, און באזונדערס האָט זיך די נאציאָנאלע יוגנט געוואָרפן מיט איר פייער־טעמפּעראמענט אין די ארעמס פון ציוניזם.

דעם מצב פון די קינדער אין עלטער פון 12—16 יאָר, צומיינסט חדר יינגלעך, האָט מיך געבראכט צום געדאנק, אז מ׳מוז אויף דעם געביט עפּעס טאָן. ס׳איז אָבער נישט געווען אזוי פּשוט. די קינדער זענען דאָך נישט פון איין שטאנד, נאָר פארשידענע משפּחות, פרומע און פרייע, און מען דאַרף געווינען זייער צוטרוי, ווי אויך פאראינטערעסירן די קינדער און געפינען דעם געהעריקן לאזונג און די פּאסיקע באוועגונג.

האָב איך אָרגאניזירט א קליינע גרופּע קינדער אונטערן נאָמען „פּרחי ציון". אין משך פון א געוויסער צייט האָב איך געזען, אז דאָס איז נישט צוגעפּאַסט, כדי צו קענען צוציען די קינדער, איבערהויפּט די פרומע קינדער. אָבער איך האָב געמאכט א נייעם שריט, גענומען א צימער און אנגעהויבן צוזאמענרופן די קינדער, און סיסטעמאטיש זיי דערקלערן דעם צוועק. א טייל האָבן זיך באגנוגנט מיט אזאָ קליינער באוועגונג, און א טייל האָבן אנגעהויבן פאָדערן א תכלית, א פּראָגראם, און דערצו איז דער פּראָגראם פון „פּרחי ציון" געווען צו שוואך. דאן האָב איך געפונען פאר נויטיק זיך צו פארבונדן מיט זעליג וויצמאן ז״ל פון ווארשע, וועלכער איז דאַן געווען דער אָנפירער פון

קרן קימת עסקנים מיט אהרן פרידמאן פון ירושלים בעת זיין באזוך אין סאָכאַטשעוו אין יאר 1937

עסקני הקהק״ל עם א. פרידמן מירושלים בבקורו בסוכצ׳וב ב־1937

השומר הצעיר, און ער האָט מיך געראָטן, אָננעמען דעם פּראָגראַם פון השומר הצעיר פאַר די קינדער. די קליינע גרופּע האָט אויפגעלעבט, און ס׳האָט געווירקט אויף א זייער גרויסן טייל נייע קינדער, וועלכע זענען געקומען זיך אנשליסן מיטן הסכם פון זייערע עלטערן. דאָס איז געווען זייער א גרויסער שריט פאָרויס, צוזאמענצובערענגען יינגלעך מיט מיידלעך אין איין צימער, ווו זיי מאכן פאַרשי־דענע ספּאָרט־איבונגען און שומרישע סקויטן פעולות, מיט א ספּעציעלן צייכן און קליידונג. אָבער די עלטערן האָבן מיט זייער גאנצער ערנסטקייט מיר פאַרטרויט זייערע קינדער. די באוועגונג האָט זיך גלייך אָרגאניזירט לויטן פּראָגראַם, אַלס גדוד פאַרטיילט אין צוועלף שבטים, יעדער שבט האָט געהאַט זיין צייכן און זיין ראש השבט. מיר האָבן אנגעהויבן לערנען די געשיכטע פון ציוניזם און פון ארץ־ישראל.

פון צייט צו צייט זענען די עלטערן גערופן געוואָרן אין לאָקאַל פון השומר הצעיר, זיי זאָלן זען און זיך איבערצייגן, מיט וואָס זייערע קינדער פאַרנעמען זיך און ווי ערנסט זיי באציען זיך צו דער נייער יוגנט באוועגונג. ס׳איז זיי געפעלן געוואָרן דער רעזשים וואָס אלע וואַרפן זיך אונטער און די אַלע פאַראָרדע־נונגען, און אז ס׳האָט זיך געטראָפן און צווישן עלטערן און קינדער זענען אויס־געבראָכן קאָנפליקטן, האָבן זיך די עלטערן געווענדעט צו מיר, — און אלץ איז אויסגעגלייכט געוואָרן.

פון צייט צו צייט זענען איינגעאָרדנט געוואָרן שומרישע אָוונטן, וועלכע האָבן געמאכט א גוטן איינדרוק. די הכנסות זענען געגאנגען אויפן נאציאָנאלן פאָנד.

דער ערשטער לג־בעומר אויספלוג האָט איבערגעלאָזט א שטארקן איינדרוק אויף דער יידישער באפעלקערונג אין שטאָט. זיי האָבן צום ערשטן מאָל געזען אין סאָכאַטשעוו ווי זייערע קינדער מארשירן אונטער דער נאציאָנאלער פאָן, ווי סקויטן מיט אלע פיטשעווקעס, איבער די גאסן פון שטאָט און ארויס פון שטאָט, אין א יונג וועלדל אריין, צו פארברענגען דעם טאָג נישט בלויז מיט „פאלע־בויגנס״, נאָר שטאָלצע און פריילעכע הנאה האָבן פון דער פרייער לופט אין פרייען פעלד. פארנאכט, ווען דער אויספלוג האָט זיך צוריקגעקערט אין שטאָט, האָבן אלע געוואַרט אויף זיי, און מיט נחת צוגעקוקט. און ווען מיר זענען דורכגעגאנגען דעם ציוניסטישן לאָקאַל פון וועלכן ס׳איז לכבוד דעם אויספלוג ארויסגעהאָנגען גע־וואָרן ד״ר הערצלס בילד, האָבן זיך אלע אָפּגעשטעלט, און די יונגע קעפּלעך האָבן זיך געבויגן פארן גרויסן ציוניסטישן מנהיג. דאָס האָט געהאַט א שטארקן אָפּקלאַנג ביי דער יידישער באפעלקערונג, וואָס האָט אפשר דאָס ערשטע מאָל אַזעלכעס געזען.

נאָך דעם אויספלוג האָבן זיך אנגעהויבן ווענדן צו אונדז נאָך קינדער, יונגערע און עלטערע.

דאָס אַנטשטיין פון השומר הצעיר, די ערשטע קינדער־אָרגאַניזאַציע אין סאָכאַ־



„השומר הצעיר" אין סאָכאַטשעוו — „השומר הצעיר" בסוכצ׳וב

טשעוו האָט געבראכט פיל נוצן דער נאציאָנאלער באוועגונג, און אריינגעטראָגן פיל לעבן אין יעדער שטוב. די עלטערן האָבן מיטגעהאָלפן, מיט דער האָפענונג, אז דאָס וועט זיי העלפן פארווירקלעכן זייערע פלענער פון פאָרן קיין ארץ ישראל. אָבער זייער א קליינע צאָל האָט זוכה געווען דערצו.

דער השומר הצעיר פון אונדזער שטאָט האָט פארשריבן א שיין קאפיטל היסטאָריע אין דער קורצער צייט וואָס ער האָט עקזיסטירט, ביז מיין אפפאָרן נאָך ארץ ישראל, סוף 1920. כדי צו דערמאָנען מיין אָפשייד מיט די קינדער דעם לעצטן טאָג פון אפפאָרן האָבן מיר זיך פאָטאָגראַפירט — און דאס בילד איז געבליבן אלס איינציקער זכר פון אַלעמען. זיי האָבן מיר מיטגעגעבן צום אנדענק און צו היטן, ביז זיי וועלן אליין קומען אין ארץ ישראל, דעם ערשטן שטעמפל פון גדוד, און אויך די פאָן, און מיר פריוואט א קליינע מתנה. מיר האָבן זיך נישט געקענט שיידן, און דער חבר ה ע ל ע ק, חיים ק ר א נ ג א ל ד וועלכער האָט איבערגענומען די הנהגה הראשית נאָכן אפפאר פון זעליג ווייצמאן קיין ארץ ישראל, האָט געפונען פאר נויטיק מיך מיט מיין פרוי באגלייטן ביז דער פוילישער גרענעץ, אלס אנער־קענונג פאר מיינע פארדינסטן פארן השומר הצעיר אין אונדזער שטאָט.

אזוי האָט זיך פארענדיקט א שיין קאפיטל אין לעבן פון אונדזערע יונגע קינ־דער, וועלכע זענען שפעטער אומגעקומען דורכן מערדערישן היטלעריזם.

**א. שטשאפא/פאריז**

# די ארבעטער-באוועגונג

אין יאר 1926 בין איך אנגעקומען ארבעטן קיין סאָכאַטשעוו. אין א שטיקל צייט ארום האב איך צוזאמען מיט בצלאל יאקובאוויטש, דוד סקורניק, יהושע סקורניק, שאול דיאמענט, גרשון פעפערקאָוויטש, חיים מאיר קאלאבּיעלסקי א. אַנד. געגרינדעט א קאמוניסטיש קרייזל.

שפעטער זענען געגרינדעט געוואָרן צוויי פּראָפעסיאָנעלע פאריינען פון שוסטער און שניידער ארבעטער. פארזיצער פון די שוסטער איז געוועזן בערל בזשאזאווסקי (שטיוּוניאק), פון שניידער פאריין מרדכי קנאבל. אין אנפאנג זענען מיר געוועזן לאָקירט ביי יחזקאל בארנשטיין אין דער ווארשעווער גאס, אין איין נישט איבעריק גרויס צימער, וואָס איז באַשטאַנען פון איין טיש און עטלעכע לאַנגע בענק. שפעטער ביי שמואל גיטיי אויפן וואַרשעווער וועג (לעבן דער קאַלייקע וואָס איז געגאנגען קיין ווישעגראד). נאָך שפעטער זענען מיר איבערגעגאנגען צו יידל לוקשטיק אויף טראיאנאווער גאס.

ביי די פראפעסיאנעלע פאריינען האבן מיר געשאפן א ביבליאטעק אונטערן נאָמען „ארבעטער ביבליאָטעק ביי די פּראָפעסיאָנעלע פאריינען״, ווו די ארבעטער־יוגנט האָט אויסגעבאָרגט און געלייענט יידישע ביכער.

פון צייט צו צייט זענען פארגעקומען שטרייק אקציעס. אין יאר 1928 איז פארגעקומען א גרויסער שטרייק פון אלע שניידער ארבעטער, וועלכער האָט זיך געענדיקט מיט א נצחון פון די ארבעטער. אין 1929, דעם 1־טן מאי, איז פאָרגעקומען א גרויסע ארבעטער־דעמאָנסטראַציע פון פוילישע און יידישע ארבעטער. ערב דעם 1־טן מאי זענען פארגעקומען עטלעכע ארעסטן פון יידישע און פוילישע ארבעטער. צווישן אנדערע בין איך ארעסטירט געוואָרן מיט מיין פרוי. מיר זענען בײנאכט אפגעשיקט געוואָרן אין א קוילן־וואגאָן קיין לוויוויטש. דאָרטן זענען מיר געזעסן איבערן טאג, און פארנאכט באפרייט געווארן.

ביי די דערמאָנטע אָרגאניזאציעס האָט עקזיסטירט א קאמוניסטישע פראקציע, וועלכע האט פאקטיש קאנטראלירט זייער קולטורעלע און פראפעסיאנעלע טעטיקייט. מיר האָבן אויך געהאט א קעמערל פון „מאָפּר״ (הילף פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע).

אין די דערמאנטע ארגאניזאציעס זענען געווען אקטיוו אדם קלוסקי, בעניעק יאבלאנקי (דעם שינדל־מאכערס איידעם פון קאַלושין), שאול דיאַמענט א. א.

עס איז אויך געווען טעטיק א בונדישע גרופע אונטער דער אנפירערשאפט פון ש. שוויאטלאווסקי און יחיאל מאיר זאלצמאן (שקאלעק). ביי וואל־אקציעס זענען זיי געגאנגען צוזאמען מיט פ.פ.ס. שלמה שוויאטלאווסקי איז געווען אין דער פארוואלטונג פון דער קראנקן־קאסע, און זאלצמאן א מיטגליד פון שטאט־ראט.

די פראפעסיאנעלע פאריינען האבן זיך אויפגעלעזן אין יאר 1930, צוליב פּאָליציייאישע פארפאלגונגען. אָבער א גרופע ענטוזיאסטן האָט זיך נישט אונטער־געגעבן, און געזוכט וויטער אנצוגיין מיט דער ארבעט. אין די דרייסיקער יארן איז געגרינדעט געוואָרן א ספּאָרט־געזעלשאפט אונטערן נאָמען „שטערן״, וועלכער האָט זיך צוערשט געפונען אין הויז פון נחום ווארשאווסקי, נישט ווייט פון מאגיסטראט און שפּעטער זיך איבערגעטראגן אין הויז פון זעליג איזראעלסקי אויף דער ווארשעווער גאס. אין דער פארוואלטונג בין איך געווען מיט יאסל גרונדוואג און אנדערע.

מיר האבן געפירט א קולטור־טעטיקייט. די דערמאנטע ארבעטער־ביבליאטעק איז איבערגעגאנגען צו אונדז. מיר האבן געהאט אפילו א גרופע וואס האט זיך געלערנט עספּעראנטא. מיר האבן איינגעארדנט אפטע פארלעזונגען פון יידישע און פוילישע שרייבער און פרעלעגענטן, וועלכע זענען געוואָרן גוט באזוכט. זומער האָבן מיר געמאכט אויספלוגן אויסער דער שטאָט.

א באזונדער הערלעך קאפיטל פון דער סאָכאַטשעווער ארבעטער־באוועגונג איז דער דראמאטישער קרייז, וועלכער האָט פארמאגט באגאַבטע אמאטאָרן־שפּילער. איך דערמאן זיך פאלגנדיקע אנטיילנעמער: ליפּמאן דיאמענט, אהרן קאהן, יאסל גרונדוואג, מחלה שווארץ, שאול דיאמענט, זלמן פערשטענבערג, פעסע פער־שטענבערג אהרן גראסמאן (פון ווישעגראד), פייגע בראדער. מ'האָט אויפגעפירט גוטע פיעסן. א רושם האָבן געמאכט אויך די שיינע דעקראציעס.

אונדזער טעטיקייט האט שטארק מיטגעהאלפן אויפצוהייבן דעם קולטור־ניוואָ פון דער סאָכאַטשעווער ארבעטער־יוגנט. אונדזערע פארלעזונגען זענען געוואָרן באזוכט נישט בלויז פון ארבעטער, שוין אפגערעדט פון אונדזערע פארשטעלונגען. אונדזערע אמאטארן שפּילער זענען געווען באליבט ביי דער גאנצער פארגעשריטע־נער יידישער באפעלקערונג פון אונדזער שטאט.

אזוי האָבן מיר אנגעהאלטן אונדזער קולטור־טעטיקייט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה אין יאר 1939.

**דוד וואלראט**

# דאס ערשטע אמאטארן-טעאטער

אין אנהויב פון צוואָנציקסטן יאָרהונדערט נאָך דער מכירת־יוסף פּעריאָדע איז מיין פאָטער צוריקגעקומען אהיים פון אמעריקע. אוועקגעפאָרן איז ער אין א פּויליש יידיש היטל מיט אַ דענקע — צוריק איז ער געקומען אין אַ קורצער מאַרי־נאַרקע און אין א שוואַרצן הארטן קאַפּעליוש און א צוגעשוירן בערדל...

פון די אלע נסים וואָס ער האָט דערציילט וואָס ער האָט אלץ געזען און געהערט אין אמעריקע האָט צום שטארקסטן אנגעריסן דאָס וואָס ער האָט געזען אין ניו־יאָרקער יידישן טעאטער. צום שטאַרקסטן האָבן די דערציילונגען געווירקט אויף מיין ברודער פסח. מיט יעדן אָוונט איז דער עולם צוהערער געוואַקסן אין צאָל, אָלץ מער און מער. עס איז געוואָרן א טעגלעכע דערשיינונג — יעדן אוונט נאָך דער ארבעט און וועטשערע איז אונדזער שטוב געווען פול — מיין טאטע איז געזעסן אויבן אָן אונטערן שיין פון בליץ־לאָמפּ און דערציילט און צומאָל איבערגעזוונגען די לידלעך וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט. ביי די צוהערער האָבן זיך צעפלאקערט די פאנטאזיעס, ס'האָט אנגעהויבן זשומען און טעאטער איז געוואָרן דער טעגלעכער צעהיצטער שמועס — ביז מען האָט זיך אנגענומען מיט מוט און ארויסגעזאָגט, אז עס זאָל זיך שאַפן אַן אמאטאָרן־טרופּע און שטעלן א פּיעסע. און נאָך הייסע און זידנדיקע דעבאַטן איז באַשלאָסן געוואָרן אויפצופירן הערצ־עלע מיוחס פון משה ריכטער. מיין ברודער פסח האָט איבערגענומען די רעזשי און צוזאמענגעשטעלט א טרופּע. דאָס גרויסע פּראָבלעם איז אָבער געווען—מענער יאָ מענער — אָבער פרויען ?... וועלכעס אנשטענדיק מיידל וועט עס וואַגן צו גיין שפּילן טרעיאָטער...

א גאָר אָפּטע אריינגייערין צו אונדז איז געווען אונדזער קרובה רבקה שוואר־צאר — נאָך גאָר יונג און צאַרט, א דין לענגלעך חנעוודיק פּנים מיט שוואַרצע האָר און א קעקסל אויפן שפּיץ קאָפּ.

עס האָט לאנג נישט גענומען און אויך זי איז אָנגעגריפן געוואָרן פון באַגער צו שפּילן טעאַטער — זי האָט זיך אָנגעטאָן א כח און געמאָלדן איר גרייטקייט, אָפּ־געזען פון די סקאַנדאַלן וואָס זענען פאָרגעקומען אין איר היים וואָס האָבן אפילו געפירט צו פּעטש...

די ראָלן זענען דאַן פאַרטיילט געוואָרן אזוי:

| | |
|---|---|
| הערצעלע מיוחס: | מאטע פינדעק |
| אייזיקל זיין זון: | פסח וואהלראט |
| יעקל בעל עגלה: | פנחס ראזענפעלד |
| טייבעלע זיין טאכטער: | רבקה שווארצאר |
| חוה לאה: | לאזער ראזען |
| חיים יואל: | מרדכי היימאן |

אויפגעפירט פון פסח וואָהלראַט

שמחה גרונדוואַג: סופליאָר

לאזער ראזענפעלד: דעקאָראַציעס און גרים

מוזיק: די ברידער ראָטשטיין

שבת נאָכן עסן, די שטאָט שלאָפט, די לעדן זענען פארהאקט, מיין טאטע האָט זיך צוגעלענט, די מאַמע איז אַוועקגעפאַלן א מידע, פאַרזונקען אין שלאָף, דער דרויסן איז זוניק וואָרעם ס׳יונגוואָרג רייסט זיך צו גיין שפּאַצירן אין לוסטגאַרטן, די דאָזיקע שבתים האָבן פאר מיר געהאט אַ גאר באזונדערן רייץ — מיך האָט געצויגן מיטצוגיין מיט פסח׳ן — איז מיר דערפאר צוגעטיילט געוואָרן גאָר אַ וויכטיקע מיסיע, היות ווי פסח איז געווען דער אָפיציעלער „פאָטאָגראַפיסט״ פון די סאָכאַטשעווער אינטעליגענץ איז מיין מיסיע באשטאנען אין אַטוואָס: וואַרטן אין שטוב ביז איך וועל זיין זיכער, אַז טאַטע־מאמע שלאָפן שוין גוט — האָט פסח פאַרזיכטיק שטיל געעפנט דעם לאָדן פון דרויסן און דערנאָך ס׳פענצטער, איך האב אים ארויסדערלאנגט דעם גאָר היפשן אַפּאַראט, איך האָב זיך אויף די שפּיץ נעגל ארויסגעשאַרט דורכ׳ן פענצטער, פאַרמאַכט דעם לאָדן און נאָכגעטראָגן דעם אפאראט פסח׳ן.

געגאנגען זענען מיר אויפן שלאָסבאַרג, אַרויפגעקלעטערט העט העט אזש צום סאמע שפּיץ ווו עס זענען נאָך געשטאַנען צעשאָסענע מויערן פון אַמאָליקן שלאָס.

דאָרט האָט שוין געוואַרט: יענקל און נחום באַמבאַס, די ברידער דאַווי־דאָוויטש, שמחה און נחום גרונדוואג, שמחה און וואווע ראָזענבערג, אברהם זיל־בערשטיין (בדחן), פנחס גראובאַרט, משה שניידער מיט זיין געליבטע יוסף ה׳אל־קאוויטש׳ס טאָכטער, מאטע פינדעק, משה לערערס זון, רבקה שווארצאר, גוטשע זיידנדאָרף, לאזער און פנחס ראָזענפעלד, לאזער ראזען און א צאָל אַנדערע וועמעס נעמען איך קען זיך איצט נישט דערמאנען.

דא האבן זיך אנגעהויבן די ערשטע פראבן פון הערצעלע מיוחס. און אין צווישן איין סצענע און א צווייטע האָט פסח פאָטאגראפירט די חברה. אויף א שכנותדיק בערגל זענען געשטאנען הערמאן און לוטעק סקאטניצקי און געשפּילט פאליאנד מיט פיניע דעם שטריקמאכערס זין.

די דאָזיקע פראָבעס האָבן אָנגעהאַלטן ביז שפּעט נאָך מיטאָג — ווען די זון האָט זיך אָנגעהויבן טיקן און שפּיגלען אין דער בזורע, וועלכע איז געלעגן האַרט ביים בארג — זענען חברה שוין א טייל געזעסן א טייל געלעגן אויפן ווייכן גראָז און געחלומט פון דער ערשטער פאָרשטעלונג.

ווען די שטערן האָבן זיך אנגעהויבן באוויזן אין דעם טיף־בלויען הימל — האָט חברה זיך אנגעהויבן אראָפּשלייכן פון בארג און זיך צונויפגעמישט מיט די יידן וועלכע זענען געגאַנגען פון שול נאָך מעריב...

מיטאָמאָל האָבן זיך אנגעהויבן באווייזן אפישן אין די גאַסן. נייגעריקע יונגעלייט און מיידלעך זענען געשטאנען אין גרופּקעלעך מיט פאַריסענע קעפּ — געלייענט . . .

גאַנץ סאָכאַטשעוו איז געגאַנגען אויף רעדלעך. מ׳האָט זיך קוים געקענט דערוואַרטן דעם שבת צונאכטס ווען די טרופּע וועט זיך באווייזן אין נייעם טעאַטער אויף חיים לייזערס פּלאַץ.

שבת פרי האָבן זיך גרופּירט קולקעס מענטשן אין פראָנט פון דער שול זיך געהיצט און פאַרגעסן אַז אינעווייניק האַלט מען שוין ביים אויסשפּייען.. אין קהל־שטיבל האָט מען שוין פון לאַנג אָפּגעדאַווענט...

באַלד נאָך הבדלה האָבן זיך אנגעהויבן ציען שרענגעס מענטשן פון דער טראַנאָווער גאַס — פון דער באַרסאָווער גאַס פון שול־געסל — אַלץ האָט זיך געצויגן דורך דער וואַרשאָווער גאַס צום טעאַטער, ווו מ׳האָט זיך געשטופּט איינער אויפן אַנדערן צו קויפן בילעטן. אינעווייניק זענען געווען אויסגעשטעלט לאַנגע בענק — אויף דער וואַנט האָט געהאָנגען א פּאָרטרעט פון קיסר מיט אַן א צאַל מעדאַלן אויפן ברוסט, האַרט ביי דער בינע זענען געזעסן די כליזמרים, משה ראָטשטיין בראש מיט האַלב־פאַכמאַכטע טרערנדיקע אויגן... זיין פּנים באַצירט מיט א שוואַרץ פאַרשוירן בערדל — ער האָט געשפּילט די ערשטע פידל — זיין פידל האָט צום בעסטן געפידלט ווען ער האָט פריער געמאַכט קידוש איבער אַביסל 96־ער...

חיים ראָטשטיין האָט אויך נישט פיינט געהאַט דעם ביטערן טראָפּן — ער האָט געשפּילט די צווייטע פידל. ישראל ראָטשטיין האָט געהאַט א גלאַט ראַזירט קיילעכיק פּנים מיט שוואַרצע דיקע וואָנצעס און דיקע ליפּן און אַ קליין פּישביינקעלע אויף דער אונטערשטער גאָמבע. ער האָט געשפּילט אויף דער טראָמפּייט.

דער לאַנגער נח איז געשטאַנען אַריבערגעבויגן איבערן באַס און געקרעצט.

מיטאַמאָל האָט זיך ישראל ראָטשטיין געגעבן אַ שטעל־אויף און געגעבן א סיגנאַל צום אָרקעסטער און אויפגעשפּילט די אוווערטורע. הערצער האָבן אנגע־הויבן קלאַפּן שנעלער — עולם איז אויפגעשפּרונגען. אַ טייל האָבן זיך איפּגעש־טעלט אויף די בענק.

אין די קעלערן ווו עס האָבן זיך געפונען די גאַרדעראָבע־צימערן האָט אַלץ

געפיבערט — ס׳האָט געשמעקט מיט שמינקע, לאזער ראָזענפעלד איז געווען פארטאן מיט גרימירן די אקטיארן — די נעכטיקע יונגע־לייט זענען מיטאמאָל פארעלטערט געוואָרן... פשוט נישט צו דערקענען. איך פלאָנטער זיך אונטער די פיס — דערלאנג דעם די שטיוול דעם די קאפאטע — דעם אנדערן די בייטש מיטן וואַטענעם קאַפּטן. לאזער ראָזען וואָס האָט געשפילט אלס דינסטמויד חוה לאה שטייט אין די האלקע — אָנגעטאָן אין דאַמסקע שיך מיט הויכע אָפּצאַסן, מיט רויט אנגעשמירטע באקן — אויפן קאָפּ א פּאַרוק לאנגע האָר מיט אַ צאָפּ, ער באמיט זיך אריינצוקריכן אין קליידל און מוז אנקומען נאָך הילף צו פרויען — ער פרובירט גיין ארויף די טרעפּן און פאלט — נישט געוווינט צו די שיך...

הינטער די קוליסן שטייט פסח און כאפט אַ לעצטן בליק צי אַלץ איז אויפן געהעריקן אָרט, ער קוקט ארויס דורכן ספּעציעל־געמאכטן לעכל אין דער פאָרהאַנג.

דער זאל איז פול... שמחה גרונדוואג רופט דעם פערסאָנאל אויף דער בינע אלע פיבערן פון נערוועזיטעט. עס הערט זיך דאָס גלעקל — א סיגנאל אז אָט אָט און דער פאָרהאנג גייט ארויף. עס ווערט פינצטער אין זאַל — ס׳ווערט שטיל אז מ׳קען הערן אַ שפּילקע פאלן אויף דער ערד — הערצער שטעלן זיך אָפּ — — דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף — און עס דערהערן זיך די ערשטע ווערטער פון יענקל בעל עגלה הינטער די קוליסן.

„בררררר איז היינט, א פררראָסט״. פנחס ראָזענפעלד האָט געמאכט זיין דעביוט...

דער ערשטער אקט פאלט. דער עולם פּאטשט בראוואָ. די כליזמרים שפּילן, דער עולם הערט נישט — א גערויש א געפילדער — ס׳גלעקל קלינגט — ס׳ווערט ווידער שטיל.

אין צווייטן אַקט זינגט לאזער ראָזען — „חוה לאה גוט שבת״. ער האָט געביטן זיין שטימע, מיטאַמאָל געוואָרן א סאָפּראַן. דער עולם קייכט פון געלעכטער...

דער לעצטער פאָרהאנג פאלט, פאלט און הויבט זיך. עולם וויל נישט אָפּ־טרעטן. רייסן זיך צום אויבן־אָן, ווילן פערזענלעך דאנקען די אקטיאָרן, וועלכע האלטן זיך אין איין פארנייגן...

נייע שטערן האָבן זיך באוויזן אויפן סאָכאַטשעווער הימל — וווּ מ׳איז געגאנגען און וווּ מ׳איז געשטאנען האָט מען נאָר גערעדט פון טעאטער און די אַקטיאָרן.

סאָכאַטשעוו האָט זיך דערהויבן צו א נייער הויך און אָנגערעגט צו ווייטערדיקע פארשטעלונגען — וועלכע זענען באשטאנען פון:

דוד׳ס פידעלע: פון יוסף לאטיינער,

דער אלגעמיינער סטרייק: פון הערמאן שטיפּט,

טאטע מאמעס צרות: פון באריס טאָמאַשעווסקי און מאקס געיבל.

אָבער די טרופּע האָט פארלוירן איינעם פון אירע בעסטע קרעפטן און פעיקסטע טאלאנטן. פנחס ראָזענפעלד איז דערטרונקען געוואָרן זיך באָדענדיק אין גאמבין. ער איז אלט געווען 14 יאָר.

די טרופע האט געמאכט א רושם נישט נאר אין סאָכאַטשעוו נאר אפילו אין די שכנותדיקע שטעט — ווו מ׳האָט זיי פארבעטן צו גאסטראָלירן. איך בין געוואָרן דאָס „קמאהלע“ אין דער טרופע. געזונגען אין כאָר מיטגעוואנדערט קיין לוויוויטש — גראָדזשיסק און געגאנגען אַ גאנג... ביסלעכווייז האָבן חברה אנגע־הויבן חתונה האָבן און די פעריאָדע איז פאראיבער און נאָר איבערגעלאזט נאך זיך א צאַפּלדיקע אויפרעגונג וועלכע איז איבערגענומען געוואָרן מיט יאָרן שפעטער פון יונגערע חברה...

יוסף גרונדוואג / ירושלים

# יידיש טעאטער

באלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה ווען דאָס שטעטל האָט אנגעהויבן צוריק ארויפגיין אויפן וועג פון א ניי לעבן, איז אין סאָכאַטשעוו געשאפן געוואָרן אן אמאטארן־קרייז צו שפילן טעאטער.

אין דעם קרייז האָט מיין פאָטער, נחום גרונדוואג, געשפילט די ערשטע ראָלע. ער איז געווען דער רעזשיסער, האָט אָנטייל גענומען אין די פאָרשטעלונגען, און זיין נאָמען האָט געצויגן עולם, נישט נאָר אין סאָכאַטשעוו, נאָר אויך אין די ארומיקע שטעטלעך.

איך וויל אָבער נישט, אז עס זאָל זיך באקומען דער איינדרוק, אז דאָס שפילן טעאטער אין סאָכאַטשעוו איז געווען דער אויסשליסלעכער פארדינסט פון מיין פאָטער. למען האמת מוז איך זאָגן, אז אין סאָכאַטשעוו האָט עקזיסטירט א ליב־האבער־קרייז פון טעאטער נאָך מיט 50 יאָר צוריק, פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער קרייז האָט שוין דעמאָלט אויסגעפירט פיעסן פון דעמאָלטיקן טעאטער־רעפערטואר, און מיין פאָטער, נאָך אלס יינגל, האָט זיך באטייליקט אין די פאָר־שטעלונגען. אין יענער צייט האָט ער דאָס ערשטע מאָל געשפילט די ראָל פון א פרוי גאר, און דעמאָלט ווי עס זעט אויס, איז אין אים אריין דער דראנג פון שפילן טעאטער.

חוץ מיין פאָטער האָבן זיך אין די פאָרשטעלונגען באטייליקט: הערשל כץ, משה שווארץ, יעקב פרידמאן, וואווע ראזענבערג, בלימע און רחל וויינבערג, לוטעק סקאטניצקי, חיה־רעשל פליישמאן, מחלה און דינה גרונדוואג, ווי אויך מיין מוטער רבקה ז״ל. גאנץ פארשטענדלעך, אז אין פארלויף פון קומענדיקע יאָרן האָבן זיך די מענטשן געטוישט, עס זענען צוגעקומען נייע קרעפטן, ווי: בינע פעסטמאן, אברהם נא־שעלעוויטש און אנדערע. מיין פאָטער האָט נישט געקארגט קיין מי און אריינ־געלייגט זיין גאנצע נשמה און מסירת־נפש צו דערהויבן זיי צום ניוואָ פון די אלטע אמאטאָרן, וועמענס נעמען און שפילן איז געוואָרן באוווסט אין די ארומיקע

שטעטלעך, וועלכע האָבן זיך געבעטן ביי די סאָכאַטשעווער, אז זיי זאָלן זיי מהנה זיין מיט א פאָרשטעלונג.

כמעט יעדע פאָרשטעלונג איז געווען פארבונדן מיט א געדענק־טאָג, אָדער יובילײ. יעדע נייע פאָרשטעלונג איז געווען א יום־טוב פאַר דעם עולם און פאר די שפּילער. ערנסט און הייליק איז זייער באַציונג צו זייער ארבעט. א סך מי



נחום און רבקה גרונדוואג

און כוחות האָבן זיי אריינגעלייגט אין די פאָרשטעלונגען, כדי זיי זאָלן שטיין אויף א געהעריקער הויך. מיין פאָטערס רום איז מיט יעדער פאָרשטעלונג גע־וואקסן. עס איז געווען גענוג ערגעץ ווו צו אנאנסירן, אז נחום גרונדוואג באטייליקט זיך אין דער פאָרשטעלונג, אז די קאסע זאָל זיין פול.

דעם גרעסטן דערפאלג פון זיינע אויפפירונגען האָבן געהאט: פרץ הירשביינ׳ס „נבלה", „די גרינע פעלדער", שלום אשס „אונזער גלויבן", סטרינדבערגס „דער פאָטער" און שלום עליכמס „צוויי הונדערט טויזנט". עס איז אויך אויפגעפירט גע־וואָרן גאָלדפאדענס „צוויי קוני לעמלס", גארדינס „גאָט מענש און טייוול", „דער אומבאקאנטער" (אין מערץ 1918 — פון וועלכע מיר גיבן דאָ אַ בילד), „די קרייצער סאָנאַטע" (פסח 1922) אין דער אויפפירונג האָב אויך איך אָנטייל גענומען אין דער ראָל פון דעם 8־יעריגן אלבערט. ווי דאָס וואָלט ערשט היינט געווען, געדענק איך,

ווי די טרערן האָבן מיך געשטיקט ביי מיין אויפטריט, און ווי מיין טאטע האָט מיר געגעבן אנווייזונגען ווי איך זאל שטיין, וועלכע באוועגונגען מאכן און ווי אזוי רעדן. ווי מיר זעען פון דער אויטענטישער „פראָגראַמקע" פון דער אויפפירונג וואס מיר פארעפנטלעכן דא זענען נאָר איינציקע געבליבן לעבן.

אין די לאַנגע ווינטער שבת־צונאכטסן זענען איינגעפירט געוואָרן טעאטראַלישע מלווה מלכה׳ס, אין וועלכע עס האָט זיך באַטייליקט מיט רעציטאציעס נישט נאָר מיין פאָטער, נאָר עס זענען אראָפּגעקומען ליטעראטן פון ווארשע, וועלכע האָבן געהאַלטן רעפעראַטן אויף ליטעראַרישע און טעאטער טעמעס. עס זענען אויך פאָרגעקומען פאָרשטעלונגען פון ווארשעווער פּראָפעסיאָנעלע ארטיסטן.

נאָענט פאר דער צווייטער וועלט מלחמה, האָט מיין פאָטער אויפגעפירט מיט אמאטארן רעווי־פאָרשטעלונגען. ער פלעגט אליין שרייבן די קופּלעטן, פּאַראָדיעס, לידער און זיי געבן א סצענישן תיקון. עס איז ווערט צו דערמאנען, אז אין אָט די רעווי־אויפפירונגען האָבן זיך אויסגעצייכנט פריידע כמיעל (היינט אין ארגענטינע), און אויך מאיר האָלצמאַן ז״ל.

מיין טאטע איז אויך געווען רעזשיסער און לייטער פון סאָכאַטשעווער אר־בעטער דראמאטישן קרייז די „יידישע בינע", און האָט מיט זיי געשטעלט דוד בערגעלסאנס „דער טויבער", וואָס האָט געהאט אן אויסערגעוויינלעכן דערפאלג.

ווי דער שטייגער איז, האָבן אויך ביי אונדז אין שטאָט נישט געפעלט קיין קאָמישע עפּיזאָדן, און איך וויל טאקע דא דערציילן איניקע.

בעת אן אויפטריט פון דעם ווארשעווער ארטיסט זשאק לעווי, וועלכער איז מייסטנס אויפגעטרעטן אין קלאסישן רעפּערטואר, האָט אונדזער עולם געזעען א נס פון „תחית המתים". ומעשה שהיה כך היה...

ווען דער ארטיסט איז געווען אנגעטון אין א רוימישער טאגע אלס מארק אנטאניוס און געהאלטן שעקספּירס בארימטן הספד אויף צעזארן, איז דער „טויטער" צעזאר פלוצלינג אויפגעשטאנען תחית המתים, אראָפּגעשפּרונגען פון טיש און געמאכט א ויברח... אין זאל איז געוואָרן א מהומה. דער ארטיסט איז געבליבן שטיין א דערשראקענער.

ווי עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן, האָבן צוקאפּנס פון טויטן געברענט צוויי ליכט, די ליכט האָבן אראָפּגעטריפּט אויפן „טויטן" און אים אפּגעבריט, איז ער אויפגעשטאַנען און געמאַכט פליטה...

צווייטער עפּיזאָד:

דער ציוניסטישער דראמאטישער קרייז האָט באשטימט אויפצופירן א פּיעסע מוצאי שבת, אין איינעם פון די לעצטע יולי טעג, נישט אויפפאסנדיק (און דאָס בשגגה), אז גראד דער אוונט פאלט אויס אין די דריי וואָכן צווישן שבעה־עשר בתמוז און תשעה באב. האָט טאקע דער רב און דער פרומער טייל פון דער באפעלקערונג פון שטאָט נישט געוואָלט לאָזן שפּילן קיין טעאטער אין די טרויער טעג.



דראמאטישער קרייז; סקציה דרמטית

צו דער „מלחמת מצוה" האָט ער גערופן חסידים און שיינע בעלי בתים, און שבת צונאכטס האָבן זיי זיך מקדים געווען באצייטנס און גלייך נאָך מעריב זיך געלאָזט אין „טרעיאטער" און פארכאפט דעם זאל פון פייערלעשער, ווו די פאָרשטע־לונגען פלעגן פאָרקומען. עס האָט זיך אנגעהויבן צווישן ביידע צדדים א ויכוח, וואָס האָט געדויערט א לענגערע צייט, אזוי אז אַ גרויסער טייל פון די טעאטער־גייערס, קומענדיק קויפן אין קאָסע בילעטן, האָבן געטראָפן זייערע טאטעס זיצן אין זאל, אנגעטון נאָך די שבת׳דיקע זיידענע קאַפּאָטעס... זיי האָבן שוין קיין בילעטן נישט געקויפט, נישט וואגנדיק ארייצוגיין אין זאל.

אפרופן די אויפפירונג נאָך אזוי פיל צוגרייטונגען, איז שוין געווען אוממעגלעך. ווי תמיד איז פארן זאל געשטאנען א פּאָליציסט, וועמענס אויפגאבע איז געווען צו היטן די עפנטלעכע רו. זעענדיק וואָס עס גייט אָן אין זאַל, האָט ער גלייך געמאָלדן וועגן אינצידענט דעם שטאָט קאָמענדאט, און דער איז אנגעקומען בכבודו ובעצמו. אונדזערע חסידים האָבן נישט געוואָלט פארלאָזן דעם זאל, און דערקלערט דעם קאָמענדאנט אויף לשון פויליש : „טען מיעשאנדז מא טזשי טיגאָדניע" (דער חודש האָט דריי וואָכן). אָבער דער קאָמענדאַנטישער גויישער קאָפּ האט בשום אופן נישט געקענט פארשטיין, וואָס זיי מיינען דערמיט...

— וואָס הייסט דער חודש האָט דריי וואָכן, א חודש האָט דאך פיר וואָכן און נישט דריי !

עס האָט זיך אנגעהויבן א דיסקוסיע צווישן רב און קאָמענדאנט : „דריי וואָכן", „פיר וואָכן", דער סוף איז געווען אז איינער האָט דעם צווייטן נישט פארשטאנען. און דער רב מיט די באגלייטערס האָבן פארלאָזט דעם זאל. פארשטייט זיך, אז קיין הכנסה האָט שוין דער אוונט נישט געגעבן, ווייל דאָס רוב בילעטן זענען געבליבן נישט פאַרקויפט. און פון דאַן אָן, האָט שוין אונדזער דראַמאַטישער קרייז אויפ־געפּאַסט נישט צו באשטימען טעאטער־שפּילן אין די „דריי וואָכן".

ד ר י ט ע ר ע פּ י ז אָ ד :

אין איינער פון די אויפפירונגען פון דראמאטישן קרייז פון דער ביבליאָטעק, נאָך אין יאָר 1920, האָט אויך אנטייל גענומען דער טאלאנטפולער אמאטאר ה ע ר־מ א ל י ן פון לויוועמש. ווי תמיד, זענען אזעלכע געסט און זייערע באגלייטערס איינגעשטאנען ביי אונדז אין הויז. איבערגעלאָזט אין שטוב זייערע וואליזעס מיט זייערע זאכן און קליידער, זענען אַלע בני בית אוועק אין זאַל צו דער פאָרשטע־לונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין זאַל פון דער ביבליאָטעק, אין לעווקאָוויטש׳ס הויז. די שטימונג איז געווען א געהויבענע, א יום־טוב׳דיקע.

דאָס גרויסע בילד פון דעם נביא ירמיהו „על נהרות בבל", געמאָלן אויף דעם פאָרהאנג פון דער בינע, דורך א סאָכאַטשעווער טאַלאנטפולן מאָלער, האָט צו־געגעבן ערנסטקייט און געשאַפן די פּאַסיקע אַטמאָספערע (מיט יאָרן שפּעטער נאָכן ליקווידירן דעם קליינעם זאל, האָט דער זעלבער פאָרהאנג געדינט פאר

א וואנט אין מיין זיידנ׳ס סוכה). אבער לאמיר צוריקגיין צו דער פאָרשטעלונג, בעסער געזאָגט, וואָס האָט פּאַסירט נאָך דער אויפפירונג, וועלכע איז, אגב, זייער גע־לונגען.

צופרידענע זענען מיר געגאנגען אהיים, אָבער ווי אַנטוישט זענען מיר געווען, קומענדיק צוריק שפּעט אין דער נאכט (ווייל אין סאָכאַטשעוו האָט זיך טעאטער געענדיקט ווייט נאָך האלבער נאַכט), טרעפנדיק אויפגעריסן די פענצטער פון אונדזער שטוב. עס האָבן געפעלט אלע מלבושים פון די פרעמדע געסט און א פּליושן טישטוך, אין וועלכן די „גנבים" האָבן זעט אויס, איינגעפּאַקט די זאַכן. עס האָט זיך דערוועקט א חשד, אז דאָס „שטיקל ארבעט" האָבן אָפּגעטאָן פּאָליטישע קעגנער, וועלכע האָבן אויף אזא אריגינעלן אופן זיך נוקם געווען אין דראמא־טישן קרייז, וועלכער איז געווען אונטער דער ציוניסטישער השפעה. עס האָט נישט געהאָלפן דאָס זוכעניש און אונטערהאנדלונגען — די מלבושים האָט מען נישט אָפּגעקריגן, און די געסט זענען אהיימגעפאָרן מיט גרויס נזק און עגמת נפש. לאַנגע וואָכן האָט נאָך אונדזער שטעטל „געקאָכט" מיט דער אָריגינעלער „גנבה".

די, און אנדערע עפּיזאָדן, האָבן נישט אָפּגעשטעלט די טעטיקייט פון די אַמאַטאָרן־שפּילער און נישט אָפּגעשראָקן דעם עולם טעאטער־באזוכער.

ביז אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה זענען אין סאָכאַטשעוו געווען אַמאַטאָרן־טרופּעס, וואָס האָבן אליין געשפּילט, און אויך איינגעלאַדן פּראָפע־סיאָנעלע ווארשעווער יידישע שוישפּילער.

ביז צום טראגישן סוף איז מיין פאָטער נחום גרונדוואג געשטאנען אין שפּיץ פון די טרופּעס, געלערנט מיט זיי דעם רעפּערטואַר, רעזשיסירט און אריינ־געבראַכט אין סאָכאַטשעווער לעבן קולטור און פרייד.

**יצחק ווײַנשטאק**

# דער בלאז-ארקעסטער

די ערשטע פּיאָנערן וואָס האָבן געגרינדעט דעם יידישן בלאז־ארקעסטער אין סאָכאַטשעוו, זענען געווען, א גרופּע יוגנטלעכע וואָס האָבן געהאט דעם שטאַרקן דראַנג און דרייסטקייט אונטערצונעמען אזא קאלאסאלן שריט ווי אויפצובויען אזא אָרקעסטער, נישט האָבנדיק קיין שום עלעמענטארע מיטלען דערצו. אין אָנפאנג האָבן זיי זיך אנגעשטויסן אויף גרויסע שוועריקייטן ביים דערווערבן די ערשטע אינסטרומענטן, אָבער זיי האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן פאר קיין שוועריקייטן, ווייל זיי האָבן געהאַט א שטאַרקן ווילן און ליבע צו מוזיק. און דאַן האָט זיך אָנגעהויבן די פיבערהאַפטע אַרבעט פון זיך לערנען שפּילן.

עס איז אדורכגעגאנגען א געוויסע צייט, און עס האָבן זיך באוויזן די רעזולטאטן פון דער אינטענסיווער ארבעט. אברהם נאשעלעוויטש און הערשל גראבארד האָבן שוין געשפּילט קארנעט, הערשל אקליינסקי און יאסל גרונדוואג — באַריטאָן, און דאַן זענען געקומען די נאָכפאלגער, ווי: יוסף קעיזמאן, מאָטל גראמאן, סענדער בראט, איטשע סקוירניק, זאוואדזקי, וואָלף איטשע גאלעק און אנדערע.

אין די זומער חדשים האָט מען אנגאזשירט פון וואַרשע דעם באַגאַבטן דיריגענט ה׳ קומאָק, וואָס האט רעפּעטירט מיט דעם אָרקעסטער א פּאָר מאָנאט. א דאנק זיין אינטענסיווער און אנגעשטרענגטער ארבעט, האָט דער אָרקעסטער אָנגעהויבן דערשיינען עפנטלעך. אָבער ווו נעמט מען געלט אויף צו קויפן די נויטיקע אינסטרומענטן ? זענען די מיטגלידער פון אָרקעסטער געקומען אויפן געדאנק איינצואָרדענען מיט אייגענע כוחות טעאַטער־פּאָרשטעלונגען, וואָס זאָלן אריינטראגן איינקונפטן אויף צו קויפן די נויטיקע אינסטרומענטן, דער פּלאַן האָט זיך איינגעגעבן. נאָך אַן אינטענסיווער ארבעט, האָט דער ארקעסטער זיך אנטוויקלט אזוי, אז ער האט שוין געקענט עפנטלעך דערשיינען מיט אַ ברייטן פאַרנעם.

אין סאָכאַטשעווער קולטורעלן לעבן האָט זיך געלאָזט פילן, אז עס עקזיסטירט אַן ארקעסטער. איבעראל האָט ער אנטיילגענומען ווי צווישן די אַנטראַקטן אויף טעאטער פּאָרשטעלונגען, ביי טענץ בעלער א.ז.וו.. די ציוניסטישע אָרגאַני־



ארקעסטער ; תזמורת

זאציע אין סאָכאַטשעוו האָט ער רעפּרעזענטירט מיט מאַרשירן און שפּילן אויף די וואַרשעווער גאַסן ביי די פייערונגען פון באַלפור־דעקלעראַציע אין ל״ג בעומר אויספלוגן.

און ווען נחום סאָקאָלאָוו האָט באזוכט זיין געבורט־שטעטל ווישעגראַד, אין 1924, האָט דער אָרקעסטער אנטייל גענומען אין פייערלעכן צוג איבער די ווישע־גראַדער גאַסן. פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין סאָכאַטשעוו איז דער אָרקעס־טער געווען א נחת־רוח און שטאָלץ.

ליידער אָבער האָט ער נישט געקענט צוליב פאַרשידענע סיבות פאַרזעצן אין די לעצטע יאָרן זיין זעלבסשטענדיקע עקזיסטענץ, און ער האָט זיך געמוזט נישט־ווילענדיק אויפלעזן. געציילטע מיטגלידער פון אָרקעסטער האָבן זיך באטייליקט אין דעם שטאָטישן פייערלעשער־אָרקעסטער ביז 1939, ווען ס׳האָט זיך געלאָזט פילן דער אנטיסעמיטישער גייסט.

**יעקב פרידמאן**


Nr. 2. פרייז 10 גראָשן „Sochaczewer Caitung"

# סאכאטשעווער צייטונג

צוויי וועכענטליכע אויסגאַבע

Sochaczew, 11-go grudnia 1936 r. 11 דעצעמבער 1936

סאָכאַטשעוו איז נישט אָפּגעשטאַנען פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין דער מדינה פוילן. סאָכאַטשעוו האָט אויך געהאַט אַ געוויסע צייט אַן אייגענע צייטונג. עס זאָגט זיך נאָר אַ צייטונג, ווייל סך הכל איז עס געווען אַ קליין בלעטל פון 4 קליינע דרוק-זייטן, וואָס האָט געזען די ליכטיקע שיין איינמאָל דורך צוויי וואָכן — „צוויי וועכנטלעכע אויסגאַבע".

צו האָבן טענות צו די סאָכאַטשעווער, הלמאי זייער „צייטונג" איז ארויס סך הכל איינמאָל דורך צוויי וואָכן, קען מען באמת נישט. זיכער האָבן זיי געזען גענוג גרינע ווערים פאַר די אויגן, איידער זיי האָבן צוזאמענגעשטעלט איינמאָל דורך צוויי וואָכן די אָרימע גראָשנס, וואָס דאָס אַרויסגעבן די „צייטונג" דאַרף קאָסטן. מען קאָן זיך פאָרשטעלן, אַז זיי האָבן זיך גוט דעם קאָפּ געבראָכן. פאַר אונדז איז גיכער א שאלה, צו וואָס האָט סאָכאַטשעוו, וועלכע איז געווען אַזוי נאָענט צום וואַרשעווער צענטער מיט דער רייכער פרעסע, אינגאַנצן באַדאַרפט אַן אייגענע צייטונג? האָט זיי, חלילה, געפעלט קאָפּברעכעניש אָן דער צייטונג? צו וואָס פאַרשווענדן אַזוי פיל כוח און ענערגיע, וואָס דאַרף אין אַזאַ אונטער־נעמונג אריינגעלייגט ווערן, אז וואַרשע שטייט אונטערן נאָז?

ווי עס זעט אויס האָט אָבער די סאָכאַטשעווער טעמפעראַמענטפולע יוגנט אַנדערש געהאַלטן און אונדזער שטאָט האָט געמוזט האָבן אַ צייטונג אין יידיש.

דער ערשטער נומער פון דער „סאָכאַטשעווער צייטונג" איז פון 20־טן נאוועמבער 1936 — פרייטיק כסלו. דאָרט איז פאַראַן אַ לייט-ארטיקל, אָדער רעדאקציע-אַרטיקל מיט דער אונטערשריפט בן י. און אַ טיטל־קאָפּ: „אַ נוצלעכע אַרבעט". בן י. שרייבט: „אַ געלונגענער איינפאַל איז עס געווען דאָס אַרויסגעבן די צייטונג, שוין צוליב דעם, וואָס די געשעעענישן אין אונדזער שטאָט אין אַלגעמיין און די יידישע באַזונדערס, וועלן באקומען א געהעריקע אָפּשפיגלונג אין געדרוקטן וואָרט".

„מען דארף נעמען אין אַכט, אַז אויך אין די קלענערע שטעט קומען פאָר זאַכן, וועלכע דאַרפן אינפאָרמירט און באַהאַנדלט ווערן. מאַנכע מאָל ווערן ענינים פון ערשטקלאַסיקער באַדייטונג דורך יידישע געזעלשאַפטן, אָדער עסקנים פאַרנאַכלעסיקט, אָדער אפילו נישט באַהאַנדלט און דאָס פאַראורזאַכט נישט זעלטן גרויסן שאָדן, ווייל עס פעלט די פאַרינטערעסירונג פון דער יידישער באַפעלקערונג מיט זייערע אייגענע ענינים. די גלייכגילטיקייט צו דעם, קומט פון דעם שוואַכן געזעלשאַפטלעכן לעבן אויך אין אונדזער שטאָט, און דעריבער גלויבן מיר וועט דאָס דערשיינען פון דער צייטונג זיין אַ דורכברוך פון דעם ביזאיצטיקן צושטאַנד".

בכלל האָט סאָכאַטשעוו מיט איר צייטונג אין יענער צייט אַרויסגעוויזן די געהעריקע פאַרינטערעסירונג פאַר יידישע פראָבלעמען. דאָס באַווייזן די ווייטערדיקע אַרטיקלען. אַן אַרטיקל וואָס רופט זיך: „די געשיכטע חזרט זיך איבער", אונטערגעשריבן פון „הגלעדי", באַהאַנדלט די געשעענישן אין א"י, וועגן דעם „מפעל בא"י", וועגן דער פאָדערונג פון ועד לאומי און די „אגודה", וואָס וויל זיך נישט אונטערוואַרפן דער קאָנטראָל פוןביידע צדדים. דאָס אַרטיקל ענדיקט זיך מיטן אויסרוף: „זאָל עס די וועלט וויסן"! אין צווייטן אַרטיקל „געגנוואַרט און צוקונפט", אונטערגעשריבן יעקב ז—ן, רעדט זיך וועגן דער יידישער עקאָנאָמיק און די ספּעציפישע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, ציוניזם, א"י א. א. וו. ווייטער קומען „היימישע ענינים": סוחרים־פאַריין, קהילה, אַריינגעזאָגט דעם און יענעם, אונטערגעשריבן — מיכאל קאהן. אַן אַרטיקל פון איינעם אלף־בית — וועגן קאָאָפּעראַטיוון, דערנאָך א הזכרה „ביים פרישן קבר פון ד"ר יהושע טהאָן ז"ל. דער טשוואָק אָבער פון דעם קליינעם צייטונגל, איז אַן אַרטיקל פון ש. גרונדוואַג — „די חבלי לידה פון היגן ציוניזם". דאס איז אַן אמת שטיק יידישע געשיכטע מיט איר צאַפּלדיקייט. עס איז א גרויסער שאָדן פאַר אונדז סאָכאַטשעווער שארית הפליטה און פאַר דער יידישער געשיכטע, וואָס דאָס אַרטיקל איז נישט פאַרענדיקט. 40 יאָר ציוניסטישע געשיכטע אין סאָכאַטשעוו רעדט צו אונדז מיט די שפּראַך פון נעמען, אַלטע, גוטבאַקאַנטע נעמען און פאַקטן בולטע. עס ווערט דערציילט, ווי אַזוי דאָס קליינע שטעטל סאָכאַטשעוו האָט זיך אויף זיין נאַיוון אופן אָפּגערופן אויף דער גרויסער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער באַוועגונג, און דער רושם וואָס אחד העם, קאַלישער, סאָקאָלאָוו האָבן דעמאָלט געמאַכט אין סאָכאַטשעוו.

גרונדוואַגס אַרטיקל באַרעכטיקט די גאַנצע צייטונג, און נאָכמער — זי ווייזט בולט, ווער איז געווען דער פלאַנצער פון ציוניסטישן געדאַנק אין סאָכאַטשעוו, וואָס האָט גורם געווען נאָך פיל צענדליקער יאָרן ציוניזם, אַז די צייטונג זאָל ווייטער פלעגן דעם זעלביקן געדאַנק.

דער צווייטער נומער וואָס איז דאַכט זיך דער לעצטער, טראָגט די דאַטע

פון 11־טן דעצעמבער 1936, כ״ז כסלו, דאָס איז אַ נומער פון חנוכה תרצ״ז און די אַרטיקלען זענען ענלעך צו די פובליקאַציעס אין ערשטן נומער. דאָ איז אויך פאַראַן אַ ווייטערדיקער המשך פון ש. גרונדוואַגס אַרטיקל.

סאָכאַטשעוו איז נישט אָפּגעשטאַנען פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין דער מדינה פוילן, הן אין פרומקייט, הן אין מאָדערנעם יידישן געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן. די היטלערישע אויסראָטונג האָט דערשטיקט דאָס יידישע שפרודלדיקע לעבן.



געזעלשאפטלעכער טוער — מנשה קנאָט
מעסקני העיר — מנשה קנאט



ר׳ יהושע (שיע) בזשעזשינסקי
פון די אנגעזעענסטע בעלי־בתים אין סאָכאַטשעוו

## אלחנן כץ

# „חבורה תהלים"

איך געדענק די „חבורה תהלים" נאָך פון פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה, אלס יינגל ווען כ'בין נאך געגאנגען אין חדר. מיין פאטער איז געווען גבאי אין דער חברה, האָט ער מיר יעדן פרייטיק געגעבן א רשימה פון די חברה־מיטגלידער, איך זאָל גיין צו זיי נאך וואָכן־געלט. דאס געלט (ביז אנדערט־האלבן רובל) האט מען געדארפט פארן רבין, וואס האט געלערנט אין דער חברה שבת אין דער פרי, פארן דאווענען, און אויך פאר מנחה; פאר די 2 שמשים פון דער חברה, יקיר שוסטער און ר' משה אהרן שולקלאפער און די רעשט אויף ליכט.

דער רבי איז געווען ר' מנשה צימריינסקי ז"ל. ווען ער האָט גע־לערנט, איז דאָרט תמיד געווען פול־געפאקט מיט מענטשן. אויך הינטער די פענצטער זענען געשטאנען מענטשן. ער איז אויך געווען א שטענדיקער מתפלל אין דער חברה, און ימים נוראים איז זיין חזקה געווען צו דאווענען כל נדרי, מוסף און נעילה. די „חבורה תהלים" איז געווען די גרעסטע אין סאָכאַטשעוו, כמעט 60% איינוווינער פון שטאָט זענען געווען פארשריבן אין איר. ביי אונדז איז געווען דאס בוך פון אלע חברה־מיטגלידער, וואָס האָבן זיך אליין איינגעשריבן אין אים. איך פלעג יעדעס מאל לייענען די נעמען פון די פארשריבענע און שוין דעמאָלט פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה, זענען שוין געווען נעמען פון פאר קנאפע 200 יאָר.

די מתפללים וואס האבן געדאווענט יעדן שבת האבן געציילט בערך זעקס מנינים, אדער מער. זיי האָט מען געקענט זען איין מאָל אין יאָר אין שול, שבועות, ווען ס'איז דוד המלך'ס יאָר־צייט. די שול איז געווען פול־געפאקט מיט מענטשן, יעדן האט מען מכבד געווען מיט עטלעכע קאפיטלעך תהלים. און די בכבודיקע מענטשן האָט מען מכבד געווען מיט שיר היחוד. דאָס ערשטע קאפיטל פון שיר היחוד זאָגן איז געווען די חזקה פון ר' משה רעכטמאן, נאכער ר' לייביש גרובארד, ר' נח דייכעס, ר' בינעם פרומער, ר' דוד יצחק האמער, ר' מנשה צימריינסקי א.א.וו. אנעים־זמירות האָט געזונגען דער חזן. מיר, חדר־יינגלעך, זענען געגאנגען יום־טוב פון שטוב צו שטוב מיט קעסטלעך זאמלען ליכט פאר דוד המלך'ס יאָר־צייט.

יעדן שבת האָבן די חברה לייט געזאָגט תהלים, זומער אין שול 3 אזייגער, נאך מיטאג, און ווינטער, פרייטיק־צו־נאכט, 3 אזייגער ביינאכט אין בית המדרש; פינקטלעך צו דער שעה האָט ר׳ יקיר שוסטער גערופן צו תהלים.

ווען כ׳בין געווען א קליין יינגל, האב איך זיך געבעטן, מען זאָל מיך אויך אויפוועקן, איך וויל מיטגיין צו תהלים. האָט מיך מיין פאָטער נישט געוואָלט אויפוועקן, אָבער מיינע עלטערע ברידער זענען מיטגעגאנגען צו תהלים. אז כ׳האָב



ר׳ מענדל פרידמאן
פון די אנגעזעענע כלל־טוער
מחשובי עסקני העיר

זיך אויפגעכאפט פון שלאָף שבת אין דער פרי, האָב איך געוויינט, ווייל מען האָט מיך נישט אויפגעוועקט מיטצוגיין. שפעטער ווען כ׳בין עלטער געווארן, האב איך זיך נישט געדארפט מער בעטן, ווייל מיין פאָטער פלעגט מיך אויפוועקן צום תהלים־זאָגן.

**די גבאים פון די חברה תהלים זענען געווען: גבאי ראשון — ר׳ יחזקאל כ״ץ, גבאי שני — שאול פליישמאן, גבאי שלישי — שלום צבי סאפערמאן.**

**די מתפללים יעדן שבת, לויט ווי איך געדענק, זענען געווען: ר׳ אבא קלוס־קא, ר׳ מנשה צימריינסקי, ר׳ משה בערמאן, ר׳ אהרן בער־מאן, ר׳ שאול פליישמאן, ר׳ יחזקאל כ״ץ, ר׳ שלום צבי סאפער־**



ר׳ שמואל הכהן זאלצמאן

**מאן, ר׳ סענדער בז׳זינסקי, ר׳ מענדל היטלמאכער, ר׳ יחיאל פעפערקאוויטש, ר׳ יצחק ערליך, ר׳ צבי נעלסאן, ר׳ ליפא נעלסאן, ר׳ בנימין ראבינאוויטש, ר׳ נפתלי ראבינאוויטש, ר׳ משה לעווקאָוויטש, ר׳ מענדל שטיגליץ, ר׳ בערל יאקו־באָוויטש, ר׳ נחשון קעפער, ר׳ לייבל פליישמאן, ר׳ לייבל טא־בענפעלד, ר׳ מאיר בזשעזשאָווסקי, ר׳ אברהם מאיר לייזערס, ר׳ זיסל קויפמאן, ר׳ משה כ״ץ, ר׳ שמואל כ״ץ, ר׳ אלתר בערמאן**

ר׳ הערצקא בערמאן, ר׳ בעריש כ״ץ, ר׳ אברהם כ״ץ, ר׳ לייבוש קנאט, ר׳ (אליעזר) לייזער צוקערוויץ, ר׳ ישראל משה צוקער־וויץ, ר׳ יצחק מאיר בראפמאן, ר׳ גרשון פרידמאן, ר׳ שעיה (שייקעלע) פרידמאן, ר׳ בעריל פאזנאַנסקי, ר׳ שעיה פאזנאַנסקי, ר׳ חיים פאזנאַנסקי, ר׳ (יעקב) יאקל בעקער, ר׳ שמואל סקורניק, ר׳ יצחק גרושקא, ר׳ ישראל שעיה רוטשטיין, ר׳ לייבל זאלצמאן, ר׳ יעקב דוד זאלצמאן, ר׳ פנחס זאלצמאן, ר׳ אליעזר זאלצמאן, ר׳ בצלאל זאלצמאן, ר׳ דוד בערמאן, ר׳ ברוך מרדכי קאהן, ר׳ חיים קאהן, ר׳ פנחס שייגוואלד, ר׳ משה נעלסון, ר׳ ברוך פליישמאן, ר׳ פנחס לעווין, ר׳ פייוויש האַלצמאן, ר׳ הערשל קלוסקא, ר׳ פנחס בעקער, ר׳ חיים יארזינעק, ר׳ חנן ליבערט, ר׳ אליהו מאריענפעלד, ר׳ ישראל וואלראט, ר׳ יחזקאל קעזמאן, ר׳ פנחס בלומענטאל, ר׳ מאיר בלומענטאל, ר׳ זליג געלב־שטיין, ר׳ מרדכי סעגאל, ר׳ שלמה מאצנא, ר׳ מאיר נאשעלע־וויטש, ר׳ יקיר שוסטער, ר׳ משה אהרן שולקלאַפּער, ר׳ יוסף סאטענבערג — זכרונם לברכה.

אויף ימים נוראים פלעגן קומען נאָך מער מענטשן, אויך דאָרפס־לייט. די בעלי תפילות זענען געווען ר׳ הירשעל בזשעזשינסקי, ר׳ מנשה צימ־רינסקי. א שטענדיקער בעל תוקע איז געווען ר׳ הענעך בראפמאן, (היינט אין אמעריקע). פון די אַלע אויבנדערמאנטע זענען אַ טייל געשטאָרבן ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה, א טייל זענען אוועק קיין אמעריקע, און די איבעריקע זענען געווען אין סאַכאַטשעוו ביז צום חורבן פון דער קהילה.

די „חברה תהלים״ איז געווען זייער גוט אוועקגעשטעלט אין אלע הינזיכטן. זי האָט אויך געהאט א גמילת־חסדים קאסע. יעדן פרייטיק איז געגאנגען א צווייטער גבאי איינקאסירן די הלוואות. 2 מאָל א יאָר איז געמאכט געוואָרן דער חשבון פון דער קאסע — חוה״מ פסח און חוה״מ סוכות. יעדער בעל־חוב האָט געמוזט באצאָלן דעם רעשט וואָס ער איז שולדיק געבליבן. געווען אַזעלכע וואָס האָבן נישט געהאט צו דעקן דעם חוב. געדענק איך, אז מיין פאָטער האָט זיי געבראכט געלט, זיי האָבן געוואַרט ביז נאָך דער זיצונג, און באלד גענומען א פרישע הלוואה; האָבן זיי גלייך צוריק געגעבן דאָס געלט וואָס זיי האָבן געבאָרגט צו באַלייגן, און ס׳איז זיי נאָך געבליבן א פאָר רובל פאר זיך.

א חוץ די גבאים זענען געווען אויך אַזעלכע צווישן די מתפללים, וואָס האָבן זיך פאראינטערעסירט מיט די געקוועלטע אין פרנסה, געשאַפן געלט און זיי געהאָלפן. און ס׳זענען געווען בעלי משפחות מיט 6—8 קינדער, וואָס האָבן נישט פאַרמאָגט קיין פרוטה. די פרנסה זייערע איז געווען שווער און ביטער, געלעבט האָבן זיי פון א גמילות חסד, זונטיק געבאָרגט, דינסטיק צוריקגעגעבן, מיטוואָך

ווידער געבאָרגט און פרייטיק צוריקגעגעבן. און פונדעסטוועגן האָבן אויך גע־קוועלטע מענטשן געפירט א שיין פאמיליע־לעבן, חתונה געמאכט קינדער און געהאט נחת. די חברה לייט האָבן געזאָרגט אז קיינער זאָל נישט זיין געפאלן ביי זיך און אלעמען געהאָלפן. די קעגנזייטיקע באציונג איז געווען זייער פיין. דער אָרעמער האָט געלעבט מיט האָפענונג און בכבוד, נישט געהאט קיין טענות צו קיינעם. מען האט דערציילט, אז ס׳איז געווען אין סאַכאַטשעוו בלויז איין פאל פון



ישראל מאיר זילבערמאַן

אומגליק צוליב נויט: אין יאָר 1880 האָט זיך אויפגעהאָנגען א שניידער, ר׳ נפתלי ה י ר ש, א פאָטער פון 8 קינדער, ווייל ער איז געווען א גרויסער בעל חוב. יאָרן־לאנג האָט מען וועגן דעם גערעדט.

אז ס׳איז ווער געשטאָרבן פון די מתפללים פון דער „חברה תהלים", זענען די חברה־לייט געקומען דאַווענען די גאנצע שלושים, אין דער פרי און פארנאכט. סאָכאַטשעוו האָט געהאט א גוטן שם מיט איר הילפסגרייטקייט פאַר נויטבאדערפ־טיקע.

י. פ.

# חברה קדישא

דאָס איז דאָך געווען איינע פון די הויפט חברות אין יעדער יידישע קהילה. נישט יעדער איינער איז אָנגענומען געוואָרן אַלס חבר. מ׳האָט געדאַרפן האָבן גרויסע זכויות און אַ גוטן נאָמען. געציילטע חברים זענען זיי געווען. אין זייערע הענט איז געלעגן דער גורל פון יעדן מת. נישט איינמאָל האָט זיך געטראָפן, ווען פאַרמעגלעכע משפחות האָבן נישט געוואָלט געבן דער חברה קדישא די ס׳מע וואָס זיי האָבן געבעטן פאר דער טרחה, כדי קובר צו זיין דעם מת — איז געקומען צו סקאַנדאַלן און קריגערייען וואָס האָבן זיך געקענט ציען צוויי דריי טעג. מ׳האָט פשוט פאַר זיי געציטערט, און דאָס צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, ווייל זיי פאַרנעמען זיך דאָך נאָר מיט טויטע, און ס׳איז כדאי לעבן מיט זיי בשלום. צווייטנס, האָט מען זיך תמיד געהיט פון פוגע בכבוד צו זיין די חברה קדישא לייט.



געשענדעטע ספרי־תורות ווערן געבראַכט צו קבורה אין 1916
ספרי־תורה מחוללים במלחמת עולם הראשונה מובאים לגניזה

דער בית הקברות איז געווען אין זייערע הענט, און דאָרט האָבן זיי געפירט זייער קברות־פּאָליטיק. זיי האָבן באַשטימט דעם אָרט פאַרן קבר, לויטן כבוד פון פאַרשטאָרבענעם, אָדער פון זיין משפחה. זיי האָבן געטאָן זייער אַרבעט באמונה, בקדושה ובטהרה, מיטן גרעסטן כבוד און שלא על מנת לקבל פרס, נאָר נאָך אַזאַ שווערער אַרבעט, איבערהויפּט ווינטער, ווען זיי האָבן געמוזט שטיין אָפט שעהן און ברענען האָלץ אויפן אָרט ווו דער קבר האָט געדאַרפט געגראָבן ווערן, כדי די ערד זאָל זיך דערוואַרעמען, און מען זאָל קאָנען אָנפאַנגען גראָבן, האָט מען נאָכדעם געמאַכט אַ גוטן יי״ש־לחיים. צוויי מאָל אין יאָר האָבן זיי איינגעאָרדנט סעודות.

יעדן פרייטיק פלעגט א חברה־קדישא־מאַן באַזוכן אַלע איינוווינער פון שטאָט, אויפמאָנען דעם וואָכן־געלט. זיי האָבן געמאַכט אַ רשימה פון די נצרכים, און אַהיימגעטראָגן צו יעדן אין שטוב מתן בסתר.



משה (טעמעס) שיינוואלד

**מאיר גאלדפארב**

# פון געזעלשאַפטלעכן לעבן

די „יבנה"־שול איז געשטאַנען אונטערן אויפזיכט פון „מזרחי" בעת די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, האַנטווערקער, קליינהענדלער און סוחרים האָבן געהאַט אַ מערהייט אין דער קהלה, בראש מיט דעם פרעזעס בידערמאַן און דאָזאָרעס מאָנטשיק, מונער, גינגאָלד, לוקשטיק, האָבן זיי געגרינדעט די שול אין קהלה־בנין. אין דערזעלבער צייט איז אין א טייל פון דעמזעלבן בנין געגרינדעט געוואָרן די „בית יעקב" שול פאַר מיידלעך.

דער ערשטער מנהל פון יבנה־שול איז געווען יצחק שפירא, אין די ווייטערדיקע יאָרן איז דער בנין געוואָרן ענג פאַר דער שול. האָט דער ועד ההורים בראש מיט ירחמיאל גערשט און דעם טעכנישן סעקרעטאר פון די שולע זיינוול גרוינעם געדונגען נאָך צימערן פאַר די העכערע קלאַסן, ביי הערצקע טילמאַן אויף סטאַשיצאַ גאַס. דאַן האָבן מיר תלמידים נישט געדאַרפט זיך אַרומרייסן מיט די פוילישע שילער ווי פריער אין די פוילישע שולן, ווייל אַלע פוילישע למודים זענען געווען אויפן אָרט אין „יבנה". דער לערער־פערסאָנאַל האָט זיך זייער אָפט געביטן, אַ טייל האָבן געלערנט נאָר אַ קורצע צייט, ווי די לערער אַראָנאָוויטש, באָרענשטיין, ביאַליסקענסקי, אָפּאָטאָווסקאַ ד"ר שפירא, אַרענזאָן און אַנדערע. דאַקעגן די וועטעראַנען וואָס האָבן מיטגעמאַכט פאַרשידענע צייטן צווישן זיי דער העברעאיסט יצחק שפירא, דער פאָלאָניסט שטרייכער, און דער תלמודיסט צבי דריזשאָן, וועלכער איז פאַר דער מלחמה אַרויסגעפאָדערט געווארן קיין פינלאַנד אלס פעדאַגאָג.

נאָכן ענדיקן די „יבנה" שולע האָט די יוגנט געזוכט זיינע וועגן ווי ווייטער זיך לערנען אָדער זיך אויסבילדן פאַכלעך, און דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ צווישן פארטייאישער קאמף ווי אַזוי אַריינצובאַקומען מער די יוגנט. מען האָט געשאפן אָרקעסטערס, פינג־פאָנג־פאַרמעסטונגען א.ז.וו.

אַ טייל יוגנטלעכע האָבן פאַרברענגט אין דער זש.טג.ס. ביי פארשידענע ספארט־אימפרעזעס. דאָס איז דאַן געווען דער איינציקער יידישע ספאָרט־קלוב אונטער דער פירונג פון יולעק מילער, ישראל איזמאַן און לייבל זאַנד.

אין יענער צייט האָט מען זיך געגרייט פייערן דעם 15 יעריקן יובילײ פון דעם ספּאָרט־קלוב. מיר, יוגנטלעכע האבן געגרינדעט אַ קוישבאל־סעקציע בכדי אנטייל צו נעמען אין דער פייערונג. די יוגנט איז אויך געווען טעטיק אין כלערליי פאליטישע יוגנט אָרגאַניזאַציעס ווי אויך אנטיילגענומען אין די אַקטיוויטעטן (קעסטל־אָוונטן) אָרגאַניזירט דורך דער יידישער ביבליאָטעק. נאַ־טירלעך האָבן זיך יוגנטלעכע באַטייליקט אויך אין פּאָליטישן קאַמף. מיר, יוגנטלעכע פון לינקן פליגל האָבן דאַן געהאַט ספּעציעלע שוועריקייטן מצד די עלטערן.



הערצקע גאלדפארב מיט זיין משפחה
הערצקע גולדפרב ומשפחתו

פאַר אַלעמען איז דאַן געווען אין 1939 אַ נייעס אַז דער „בונד" איז אַרויס מיט אַן אייגענע ליסטע דאָס ערשטע מאָל צו די קהלה־וואַלן. נאָך אַ דערפאָלג־רייכע וואַל־קאַמפּאַניע איז דעם „בונד" געלונגען אַדורכצופירן צוויי דאַזאַרעס

הערשל ווארשאווסקי און אהרן גרינבערג. ביי דער קאָנסטיטואירנדיקער זיצונג האָט דער „בונד" ארויסגערוקט אלס פאַרזיצער די קאַנדידאַטור פון הערשל וואַרשאַווסקי. האָט זיך געשאַפן אזא סיטואַציע: יוסף וואָלקאָוויטש וואס איז געגאנגען צו די וואַלן מיט אַ זעלבסשטענדיקע ליסטע, האָט בעתן ווילן דעם פארזיצער צו דער קהלה נישט געשטימט פארן קאנדידאט פון אגודת ישראל יצחק ווינער, נאָר פאָר דעם בונדישן קאַנדידאַט הערשל וואַרשאַווסקי.



יידל מאשמאן

דער רעזולטאט איז געווען 4 שטימען פארן בונד און 4 פאר דער אגודה. דער רב פרעקאַל האָט נישט געוואָלט דעצידירן מיט זיין שטימע. איז באַשלאָסן געוואָרן צו וואַרפן א גורל. דער גורל איז אויסגעפאַלן פאר הערשל וואַרשאַווסקי, אבער דער סטאַראָסטע האָט דעם אויסוואַל נישט באַשטעטיקט. דאַן איז געקומען קעגן ווילן פון „בונד" צו א פאַרשטענדיקונג צווישן די איבעריקע פראַקציעס און ס'איז געווילט געוואָרן יצחק ווינער. אים האָט דער סטאַראָסטע יא באַשטעטיקט. א צווייט קאַפיטל זענען געווען די שטאָט־ראַט־וואַלן, וועלכע זענען פאָרגעקומען דעם 21־טן מאי 1939. עס האָט דאַן געברויזט און געפלאַקערט דער אנטיסעמיטיזם אין פוילן. דער הויפט־קאַמף איז געווען צווישן דער הערשנדיקער און נישט לאַנג געשאַפענער פארטיי דורך פאָלקאָווניק אַדאַם קאָץ „אָזאָן" און די אַרבעטער־פאַרטיי פ.פ.ס. אָבער די פאלאנגא מיט איר אַנטי־יידישן העצן און בויקאָט איז אויך נישט געשלאָפן.

דעם 17־טן מאי אין אָוונט, גייענדיק שפאצירן צו דער בריק מיט פרימעט דעגענשיין, רויזע און ברכה מאשנבערג, יוסף נאדעלהאַפט, חיים שיינוואַלד און

אנדערע, האָבן מיר באַמערקט ווי אויף דעם הויז פון שמעון קראַקאָוו שטייען עטלעכע מענטשן מיט שטעקנס און עמערס און מאָלן אויף דער מויער ווי אַ ייד פירט אַ חזיר אויף אַ שטריק. אויפן חזיר איז אויפגעשריבן פ.פ.ס. און אונטערגעשריבן פ.פ.ס. — זשידווו פיעס. שפּעטער האָבן מיר באַגעגנט עטלעכע מיטגלידער פון פ.פ.ס. און „טור" מיט וועלכע מיר האָבן זיך פאַרשטענדיקט אויסצומעקן די אויפשריפטן. דאַן איז אויסגעבראָכן דער ערשטער אינצידענט צווישן אונדז און די אנטיסעמיטן וואָס האבן געהיטן די אויפשריפטן. מיר האָבן געהאט די איבערוואָג אבער זיי האָבן ווייטער ממשיך געווען זייער ארבעט. די באַיאָוועקעס פון פ.פ.ס. האָבן ווי געהעריק רעאַגירט.



חיים שיינוואלד — זון פון ר׳ זלמן

דעם 18־טן מאַי האט מען אַרעסטירט משה גייער און דעם 19־טן מאַי נאך פיל מענטשן. די פּאָליציי האט מיך אויך געזוכט.

דעם 20טן מאַי אין דער פרי בין איך מיט קלמן ראָזנקאָפּ געגאַנגען צו דער באַן אפּוואַרטן דעם פאַרשטייער פון ווארשע, וואס האט געזאָלט א דורכפירן א וואַל־מיטינג.

מיטן צוג פון וואַרשע איז אנגעקומען אויך דער קאַסירער פון „צוקונפט" אברהם איזראעלעוויטש. נאָכן פאַרשטענדיקן זיך מיט די פארשטייער פון ווארשע האָבן מיר באַשלאָסן אז איך דאַרף זיך צושטעלן אויף דער פּאָליציי.

ווען כ׳בין געקומען אויף דער פּאליציי האב איך באַגעגנט 12 פאַרהאַלטענע חברים מיט די קאַנדידאַטן צום שטאָט־ראַט בראש, חיים פינטשעווסקי און וויינשטיין. נאך א גאַנצן טאָג אויספאַרשונגען האט מען געברענגט די גרופּע

צעשלאָגענע אַנטיסעמיטן בכדי זיי זאָלן דערקענען די שלעגערס. און אינטערע־סאַנט: זיי האָבן טאַקע פעסטגעשטעלט אז דאס זענען די שלעגערס, אויסער מיר און נאך צוויי חברים.

דעם זעלבן פאַרנאַכט נאָכן אדורכפירן דעם וואַל־מיטינג איז געקומען אויף דער פאָליציי דער פרעזעס פון „קולטור ליגע״ צבי וואַרשאַווסקי מיט דעם פארשטייער פון וואַרשע יוסף גוטגאָלד און אויף זייער אינטערווענץ האט מען אונדז אלעמען באַפרייט. זונטיק, דעם 21טן מאי אין טאג ווען ס׳זענען פארגעקומען די שטאָט ראַט וואַלן איז געווען יום־טוב אין שטעטל.

פארשטייט זיך אז ס׳איז נישט אַדורך אָן פראָוואָקאַציעס, ווען אַ גרופע, „פאַלאַנגיסטן״ מיטן פוילישן סוחר׳ס זון, גורסקי בראש, האָבן זיך געוואָרפן מיט



יוסף נאדעלהאפט — זון פון ר׳ נפתלי

רעוואָלווערן אויף די יידישע וויילערס. אבער ס׳איז אַדורך אָן קרבנות. דער ענדגילטיקער רעזולטאט פון די וואַלן איז געווען, אז די פ.פ.ס. מיט דעם פאַרשטייער פון „בונד״ האבן געהאַט אַן אַבסאָלוטע מערהייט. נאָכן פאַרענדיקן די וואַל קאמפאניעס אין שטעטל איז ווידער געוואָרן רואיק. פיל פון די יוגנטלעכע זענען ארויסגעפאָרן אין יוגנט־לאַגערן און אַ טייל האבן זיך געגרייט צו די עקזאַמענס ביים פאַרענדיקן דעם שול־יאָר. אין יולי זייענדיק צו גאַסט ביי דער „צוקונפט״ אין זגיערש האָט די לופט שוין געשמעקט מיט פולווער, און טאַקע דאן איז פארגעקומען די ערשטע מאָביליזאַציע. ס׳איז שוין געווען שווער צו פאָרן קיין סאָכאַטשעוו.

זונטיק, דעם 3טן סעפטעמבער, דעם דריטן טאָג נאכדעם ווי די היטלעריסטן זענען באפאלן פוילן, בין איך אריין אין סעקרעטאַריאַט פון „צוקונפט״ און פאַרברענט

אלע רשימות ווי אויך די סטעמפּלען מיטן גאַנצן אַרכיוו פון „קולטור־ליגע״.

דריי טעג שפּעטער אין די מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג אַוועק קיין וואַרשע. פיל האָבן שוין נישט געהאַט קיין מעגלעכקייטן צו קומען קיין וואַרשע און זענען געבליבן אין בלוינע, איך צווישן זיי. ראש השנה זענען די ערשטע דייטשן אריין קיין בלוינע און פאַרנומען דאָס שטעטל. פאַר יום־כפור בין איך מיט נאָך עטלעכע יוגנטלעכע צוריק געגאַנגען קיין סאָכאַטשעוו. דער יידישער קוואַרטל איז געווען פאַרברענט, די געשעפטן אויסראַבירט, און א ייד צו טרעפן איז געווען אוממעגלעך. די ערשטע נאַכט ביי די דייטשן אין סאָכאַטשעוו האָבן מיר פאַרברענגט ביי בערל (דב) שלאַדאָוו אין שטוב, ווו אפילו די מאַטראַצן פון די בעטן זענען געווען אויסגעראַבירט. נאָך אַ פּאָר טעג האָבן אָנגעהויבן צוריק קומען יידן פון וואַרשע און דאָן האָט מען דערציילט וועגן אומקום פון די פאַמיליעס גאָטהעלף און בערג אין וואַרשע.

צו יענער צייט האָבן מיר אַ טייל יוגנטלעכע זיך אָפּט באַגעגנט ביי זילפּה קאָן אין הויז פון נח דייכוס און באַשלאָסן צו שוואַרצן די גרענעץ און אַוועק קיין ביאַליסטאָק און אזוי האָבן מיר טאַקע געטאָן.



דער מאַגיסטראַט — בנין העיריה

שלמה שוויאטלאווסקי

# די קאאפעראטיווע פאלקס־באנק

די אנטשטייונג פון די עקאָנאָמישע און ווירטשאפטלעכע אינסטיטוציעס פון די יידן אין סאָכאַטשעוו, דארף מען איינטיילן אין צוויי באזונדערע פאַזן; 1) די יידישע ווירטשאפטלעכע אינסטיטוציעס ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס האָט רואינירט די שטאָט און די גאנצע יידישע באפעלקערונג האָט געמוזט אויסוואנדערן, זיך ראטעווען און איבערלאָזן אויף גאָטס בארא׳ט דאָס האָב און גוטס. 2 די נאך־



ס׳זיצן פון רעכטס צו לינקס: נפתלי ראַבינאָוויטש, יאַנקל ביענטשקאָווסקי, הערש גוטגעשטאַלט (רעוויזאָר פון וואַרשע), אברהם ראָזנפעלד, שמואל כץ.
ס׳שטייען פון רעכטס צו לינקס: הערשל גאָטהעלף, אבא רייטמאַן, שלמה שוויאַטלאָווסקי, מאָטל ביעזשאַנסקי, מאנטשיק, מענדל פלאַנסקי און יהושע ליבערמאַן

מלחמה־צייט, ווען א גרויסער טייל פון די סאָכאַטשעווער יידישע איינוווינער האָבן זיך צוריקגעקערט אין זייער חרובֿער היים, און צוזאמען מיט דער פוילישער באפעל־קערונג אנגעהויבן אויפבויען די שטאָט.

אויף וויפל מיין זכרון נאַרט מיך נישט, זענען ביז 1914 קיין יידישע ווירט־שאפטלעכע אינסטיטוציעס אין סאָכאַטשעוו נישט געווען. א חוץ אייניקע, פילאנטראָ־פישע, וווילטעטיקע חברות ווי צ.ב. „לינת הצדק", „הכנסת אורחים", וועלכע האָבן געפירט א טעטיקייט, וואָס האָט כמעט קיין השפעה נישט געהאט אויפן עקאָנאמישן לעבן אין דער שטאָט, און א חוץ דעם אויך א קליין פריוואַט בענקל פון יחיאל מאיר טילמאן.

דאקעגן איז עס גאנץ אנדערש געווען אין 1918, נאָך דער אנטשטייונג פון דער פוילישער זעלבסשטענדיקער מלוכה, ווען די סאָכאַטשעווער יידישע באפעלקערונג האָט אנגעהויבן צוריק קומען קיין סאָכאַטשעוו, אויפבויען די שטאָט און דעראָבערן די חרוב־געוואָרענע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

אין ווארשע האָט זיך אנגעהויבן אָרגאניזירן דער יידישער האנטווערקער און קליינהענדלער און אונטער דער השפעה פון ווארשע איז אין סאָכאַטשעוו געגרינ־דעט געוואָרן א „האנטווערקער פארבאנד", וואָס האָט זיך אנגעשלאָסן אין דער ווארשעווער צענטראלע, אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאנען דער האנטווערקער־טוער חיים ראטנער. ביים „האנטווערקער־פארבאנד" איז אויך געגרינדעט געוואָרן א האנטווערקער־באנק.

שפּעטער א ביסל האָבן די סאָציאליסטישע אַרבעטער־פּארטייען געשאַפן אין סאָכאַטשעוו אַ סאָציאַליסטישן האַנטווערקער פאַרבאַנד און אריינגענומען אין זיינע רייען קליינע האנטווערקער און כאלופּניקעס. די ביידע האנטווערקער פארייניקונגען וואָס האָבן געפירט צווישן זיך א אידעאלאגישן קאמף און ביידע זענען געשטאנען אונטער קעגנערישע השפעות — ביידע האָבן אָבער געהאָלפן צוריק אויפבויען דאָס יידישע האנטווערקער לעבן אין סאָכאַטשעוו און עקאָנאָמיש פארפעסטיקט נאָכן חורבן דאָס, וואָס די מלחמה האָט פאראורזאכט.

דער פּוילישער שאוויניזם און אנטיסעמיטיזם האָבן אין נייעס פוילן אנגעהויבן א דיסקרימינאציע פּאָליטיק קעגן יידן בכלל און קעגן יידישן קליין־האנדל און האַנט־ווערקער בפרט. א גרויסע געפאַר איז אנטשטאנען פאר די יידישע, נאָכן קריג דעראָר־בערטע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. אויך די יידישע האנטווערקער אָרגאניזאציעס, די סאָציאליסטישע און נישט סאָציאליסטישע, האָבן דערפילט די געפאר, און אין סאָכאַטשעוו איז געשען דאָס גרויסע וווּנדער — די פארייניקונג פון ביידע האנט־ווערקער גרופּירונגען, און עס איז געגרינדעט געוואָרן די „יידישע קאָאָפּעראַטיווע פאָלקס־באנק", וואָס האָט פאקטיש פאראייניקט אלע יידישע אָרגאניזיציעס, וואָס זענען געווען טעטיק אין יידישן סאָכאַטשעווער לעבן — פון „אגודת ישראל", ציוניסטישער אָרגאניזאציע ביז צום „בונד" און קאָמוניסטן.

דער איניציאַטאָר פון דער „יידישער קאָאפעראַטיווער פאָלקס־באַנק", וואָס האָט אריינגעלייגט אזויפיל מי כדי צוזאמענצוברענגען די קעגנערישע פאַרטייען צו איין טיש און שאפן א בשותפותדיקע פאָלקס־באנק — איז געווען יעקב בענטש־קאָווסקי, אַ מיטגליד פון דער „אגודה" אין סאָכאַטשעוו.

יעקב בענטשקאָווסקי, אליין אַ האנטווערקער, האָט געהאט מיט זיין ברודער און קינדער בשותפות א ווארשטאט פון שיך מיט הילצערנע זוילן, די אזוי גערו־פענע „טרעפעס". בעת דער מלחמה און באלד נאָך דער מלחמה, ווען ס'איז געווען א מאנגל אין לעדער, זענען „טרעפעס" געווען א גאַנגבאַר ארטיקל, און א סך יידישע פאמיליעס האָבן זיך פון דעם מפרנס געווען. יעקב בענטשקאָווסקי האָט אָבער געקוקט א ביסל ווייטער: די צייטן ווערן נאָרמאל, „טרעפעס" וועלן ווינציקער געברויכט ווערן, ס'וועט אנטשטיין א גרויסע קאָנקורענץ, די פוילישע קאָאפעראטיוון וועלן נענטער זיין צו דער מלוכה־שיסל און מען מוז עפעס אנהויבן טאָן, כדי די יידישע קאָאפעראטיוון זאָלן זיין קאָנקורענץ־פעיק. ער האט אויס־גענוצט זיין אנזען, דעם צוטרוי פון אלע פאַרטייען, כדי זיי צו באוועגן זיך פארייניקן לטובת דעם יידישן האנטווערקער און קליינהענדלער, און פון אלע קליינע פאַרטיי בענקעלעך, זאָל געשאפן ווערן איין גרויסע, געמיינזאמע באנק — די „קאָאפעראטיווע יידישע פאָלקס־באנק".

גרויס איז געווען יעקב בענטשקאָווסקיס דערפאָלג. זיין פלאַן האָט געפונען פארשטענדניש. מען האָט זיך צו אים צוגעהערט, און אונטער דער אויפזיכט פון דער צענטראלער באנק פאר קאָאפעראטיוון אין ווארשע און מיט א פאיען־אָפּצאָל פון די סאָכאַטשעווער האנטווערקער פון אַלע ריכטונגען — איז געעפנט געוואָרן די יידישע קאָאפעראטיווע פאָלקס־באנק. עס איז געשאפן געוואָרן אן אויפזיכט־ראט פון 5 האנטווערקער: 2 סאָציאליסטישע האנטווערקער, 3 פון די „אגודה" קרייזן, און די באנק האָט אָנגעהויבן ארבעטן. באלד האָט זיך באוויזן דער דערפאָלג.

אין אָנהויב האָט די באנק נאָר ארויסגעגעבן הלוואות אין דער הויך פון 250 זלאָטעס, וואָס איז געדעקט געוואָרן פון פאיען־אָפּצאָל, אין דער הויך פון 10 פראָצענט פון קרעדיט, ד.ה. 25 זלאָטעס. מיט דער צייט אָבער, אז די באנק האָט אנגעהויבן געווינען דעם צוטרוי פון דער סאָכאַטשעווער יידישער באפעלקערונג און זיי האָבן אנפארטרויט דער באנק זייערע אָפּשפארונגען, זענען די הלוואות געשטיגן ביז צו דער סומע פון 300 זלאָטעס, און 200 זלאָטעס אויף דיסקאָנטע און וועקסלען וואָס האָט צוזאמען אויסגעמאכט ביז 500 זלאָטעס — א בכבודיקע סומע פאר א האנטווערקער, וואָס האָט אים געהאָלפן ארויסקריגן זיך פון די פינאנסיעלע שוועריקייטן און עס זאָל אים אויך איבערבלייבן א געוויסע סומע באַטריבס־קאַפּיטאַל, ער זאָל נישט זיין אזוי אָפּהענגיק פון די פוילישע אנטי־סעמיטישע בענק, וואָס זענען נאָר אויסן געווען צו פארשווערן דעם יידישן בעל־

מלאכה זיין עקזיסטענץ. דער יידישער האנטווער־ער און קליינהענדלער האָבן געקענט פרייער „אפעטעמען“. זיי האָבן געפילט אונטער זייערע פלייצעס אן אינס־טיטוציע וואָס זאָרגט פאר זיי, און וועט זיי שטיצן אין אַ עת צרה.

די קאָאפעראַטיווע יידישע „פּאָלקס־באַנק“ האָט זיך אנטוויקלט, און די פארוואלטונג פון דער באנק האָט אויך איינגעפירט פרעמירטע אפשפאָרונגס־ביכלעך, אויף וועלכע מען האָט געקענט 2 מאָל אין יאָר געווינען א סומע פון 500 זלאָטעס. אזויארום זענען די אָפשפאָרונגען אין דער באַנק שטאַרק געשטיגן, און עס האָט דער פאַרוואַלטונג געגעבן די מעגלעכקייט צו פארגרעסערן די קרע־דיטן ביז צו דער סומע פון 1000 זלאָטעס — 500 הלוואה און 500 דיסקאָנטא.

די פארוואלטונג פון דער באנק האָט זיך אָבער אויך מיט דעם נישט באגנוגנט. דער קרעדיט איז אלץ געווען צו קליין, דער יידישער האנטווערקער זאָל זיך קע־נען אַנטוויקלען. די דיסקרימינאַציע קעגן יידישן האַנטווערקער און קליינהענדלער איז פארשארפט געוואָרן. מען האָט דעם יידישן האנטווערקער נישט צוגעלאָזט צו קיין שום עפנטלעכע ארבעטן, און די פארוואלטונג פון דער „יידישער קאָאפע־ראטיווער באנק“ האָט זיך געפילט פארפליכטעט צו ווענדן קיין ווארשע צום אויפזיכטס־ראט פון צענטראַלן רעוויזיאָנס־פאַרבאַנד, זי זאָל איר אויך דערלויבן פארגרעסערן די קרעדיטן אין דער פאָרם פון ווינקולאציע.

ווינקולאציע, דאָס מיינט, אז דער האנטווערקער זאָל אין דער פאבריק אָדער ביים הורטאָווניק קענען איינקויפן סחורה אויף קרעדיט פאר זיין געברויך אויפן גאנצן סעזאָן. כדי ער זאָל קענען רויק ארבעטן און נישט דארפן לויפן זוכן דאָס ביסל סחורה וואָס ער האָט נויטיק פאר זיין ארבעט. די סחורה זאָל געשיקט ווערן אויפן חשבון פון דער באנק, און זי זאָל ארויסגעבן דעם האנטווערקער איינציקווייז, לויטן באַדאַרף פון זיין אַרבעט. די ווינקולאַציע־פאָרם פון קרעדיט, האָט אָבער דער אויפזיכטס־ראט בין דאן נישט דערלאָזט, מורא האָבנדיק פאר דער גרויסער ריזיקע, וואָס די באנק נעמט אויף זיך.

פאר דעם יידישן האנטווערקער איז אָבער די ווינקולאציע געווען ממש א ישועה. עס האָט דערמעגלעכט אים איינקויפן ביליק גרעסערע קוואנטומס סחורה, און דער סוחר אָדער פאבריקאנט זאָל זיין זיכער מיטן געלט וואָס זיי באָרגן אויס דעם האנטווערקער. מיט דער צושטימונג פון צענטראלן רעוויזיאָנס־פאַרבאַנד, האָט די סאָכאַטשעווער קאָאפעראטיווע פאָלקס־באנק גענומען מאכן ווינקולאציע־אָפעראציעס.

דער יידישער שניידער, שוסטער, היטל־מאכער האָבן אויפגעלעבט. די פאב־ריקאנטן און הורט־סוחרים האָבן זיי אָקעגנגעטראָגן סחורה אויפן גאנצן סעזאָן. פארן גאנצן באטרעף איז ערוב געווען די סאָכאַטשעווער פאָלקס־באנק. ארויסגענומען פון לאגער פון דער סאָכאטשעווער פאָלקס־באנק האָבן זיי איינציקווייז, רעגולירנ־דיק יעדן קליינעם פאָסטן סחורה באזונדער. דער האנטווערקער האָט אזויארום

געהאט לעבן זיך סחורה און צו א ביליקן הורט־פרייז. ער האָט געקאָנט אויס־שטיין די קאָנקורענץ.

די יידישע קאָאפעראטיווע פאָלקס־באַנק האָט עקזיסטירט און געפירט איר טעטיקייט לטובת דעם יידישן האַנטווערקער און קליינהענדלער ביז צו דער היטלער מגיפה. די באַנק האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן צוזאמען מיטן לעצטן שפור פון יידישן עקאָנאָמישן לעבן אין פוילן.



פון רעכטס צו לינקס: האָלצמאַן, אהרן פרידמאַן, אברהם יצחק וויינבערג, אברהם יעקב בזשעזשאָווסקי אלעזר דוד כץ און פּיניע וויינבערג אַלס קינד.




יידישע כלל־טוער אין יאָר 1918 — עסקני העיר ע״י בנין העיריה.

**לייב פערשטענבערג**

# דער לערער פון דער יוגנט

אויפן שול־הויף פון דער פאווּשעכנער שול. די גרויסע הפסקה. דער פלאַץ איז פארפולט מיט עטלעכע הונדערט קינדער. פריילעכע הילכיקע קולות, מען שפּילט זיך, מען טאנצט און זינגט, מען שטיפט, און מען באוויזט פארשידענע קונדסים־שטיק.

אין איינעם אַ טייל פון הויף קעגנאיבער דעם קאנצעלאריע־פענצטער, ווּ די לערערס רוען און גרייטן זיך צו דער צווייטער לעקציע, האט זיך פארזאמלט אַ געזעמל קינדער און געשאפן אַ מין גרויס ראָד. אינדערמיט שלאָגן זיך צוויי ייִנגלעך, אַ פּוילישער און אַ ייִדישער. כאָטש דאָס ייִדישע ייִנגל איז איינער פון די וואס לאָזן זיך נישט, פונדעסטוועגן... כאַפּט ער קלעפּ, ווייל אלע פּוילישע חברים העצן אונטער און מוטיקן דעם שייגעץ מיט אויסגעשרייען: „גיב אים, דעם „זשיד“!, „דערהרגע אים“!, „האק אים אויס די ציין“ א.א.וו. מיר, ייִדן, שטייען און שווייגן, אַ ביסל פון שרעק און אַ ביסל פון נישט־דרייסטקייט, און קענען מיט גארנישט העלפן אונדזער גע־שלאָגענעם חבר, ווייל אַ געזעץ עקזיסטירט אויפן סאָכאַטשעווער שול־הויף, אויב איין שילער שלאגט זיך מיטן צווייטן, טאָר זיך קיינער נישט ארייַנמישן. דער שייגעץ ווערט וואס ווייטער מער צעווילדעוועט, די געשרייען פון די אַרומיקע גיבן אים צו מער חוצפה. וואס אַמאָל גיט ער דעם ייִדישן ייִנגל שטארקערע קלעפּ, און דאס ייִדישע ייִנגל בלוטיקט שוין.

אין דעם מאָמענט לויפט ארויס פון לערער־צימער עפּעס אַ נייער לערער, נישט קיין גאָר הויכער, אַ דיקלעכער. אויפן גרויסן קאפּ, נישט פּראָפּאָר־ציאָנעל צום גוף, אַ ביסל בלאָנדע האָר. ענלעך צו אַ קריסט, אָבער מיט אַ פּאָר ברוינע סאמעטענע גוטע אויגן. לויפט ער שנעל צו צו די קינדער, צערייסט זיי, כאפּט זיי ביידע אָן פאר די אויערן און נעמט זיי מיט אין קאנצעלאריע. דאס ייִדישע ייִנגל איז אָפּגעראטעוועט פון ווייטערדיקע קלעפּ און שפּאָט פון די חברים. מיר, ייִדישע קינדער, באַגלייטן מיט דאנקבארע בליקן דעם אַוועקגייענדיקן לערער. דאס איז געווען דער לערער קאַמפּעלמאַכער.

געקומען איז ער פון אַ גאַליציאַנער שטאָט. אַן אויסגעדינטער אָפיציר אין דער עסטרייכישער ארמיי. אלט געווען דאן פאר די 40 יאָר. שטארק אַסימילירט. נישט געקענט יידיש און נישט העברעאיש. געשיקט געוואָרן דורכן קוראטאריום אלס לערער אין דער סאָכאטשעווער פאָלקס־שול.

געקומען איז ער אין אַ צייט פון תוהו ובוהו אין לעבן פון דער סאָכאַ־טשעווער יוגנט. די העברעאישע שול „התחיה" איז געווען ליקווידירט, דער השומר הצעיר פונאנדערגעלאָזט, דער בלאָז־ארקעסטער אין סטאדיום פון צעפאלן זיך. אויך די ארבעטערשאפט איז געווען ערב אָרגאַניזירן זיך. די איינציקע אָרגאַניזאציע, וועלכע האט שוואך פונקציאָנירט, איז געווען די ביבליאטעק, אויך זי — נאך אַ קריזיס פון קאמף צווישן ציוניסטן און פאלקיסטן.

קאָמפעלמאַכער האָט עס גלייך באַנומען מיט זיין חוש. אַלס מענטש מיט ברויזנדיקן טעמפעראַמענט, מיט פיל איניציאטיוו, האט ער דערזען, אז מען מוז אין סאָכאַטשעוו עפעס טון פאר דער יידישער יוגנט. דאס איז ער גע־קומען צו דער יוגנט, אָנגעקניפּט מיט זיי קאָנטאַקט און באַשלאָסן צו שאַפן אַן אומפארטייאישן ספארט־קלוב. אַ נייעס אין סאָכאַטשעוו.

אָבער ווו נעמט מען געלט־מיטלען, אז די שטאט איז פאראָרעמט? עס איז פשוט נישטאָ קיין געלט צו קויפן דעם ערשטן פוטבאָל.

קלויבט אויס דער „לערער" די מער פעאיקע קינדער צווישן די שילער פון דער פאוושעכנער שול, און אָרגאַניזירט אין זיין איינצל צימער (ביי וועלוול פינטשעווסקי) אַ כאָר. ער לערנט אונדז אויס עטלעכע דעקלאמאציעס און עפעס אַן איינאקטער אין דער פוילישער שפראך (ווייל יידיש קען ער נישט), און חול־המועד פסח קומט פאָר אַ פאָרשטעלונג אין דער געוועזענער שול „התחיה". דער ציל איז דערגרייכט. די צווייטע וואָך, ווען דער „לערער" איז געווען אין ווארשע, האט ער געבראכט דעם ערשטן פוטבאָל.

דאס איז געווען דער אָנהויב. מיר פלעגן זיך טרעפן 3 מאָל אַ וואָך אויפן פערדס־מארק, ביי מיכאַלסקיס מיל, און שפילן פוטבאל, הגם קיינער פון אונדז האט נישט געוווסט די כללים פון שפיל, אפילו דער לערער אליין, וועלכער האט נישט דורכגעלאָזט קיין איין טרעונינג, האט געהאט זייער ווייניק ידיעות. האט ער מיט זיך מיטגעבראכט קובא גוטיין, וועלכער האט שטודירט אין ווארשע און געווען איינער פון די בעסטע שפילער אין אַ ווארשעווער קלוב. און עס איז אַוועק אַ קאמף פארן קיום פון קלוב.

די סאָכאַטשעווער יוגנט טרעט אריין מאסנווייז אין ספאָרט־קלוב. די אויסגעבאָרגטע שטובן ווערן צו ענג, און עס פאסט נישט פשוט צו פירן אַ קלוב אויף אַ בוידעם. מען דארף האבן אַ לאקאַל. אבער ווו נעמט מען געלט? דער לערער קאמפעלמאכער ווארפט אַ נייעם געדאנק: איינאָרדענען טאנץ־

אָוונטן מיט אַ לייכטן פאַרוויילונגס־פּראָגראַם ווי כאָר־געזאַנג, רעציטאַציעס, גימנאַסטישע איבונגען, מוזיק־נומערן, מיט אימפּאַזאַנטע נעמען ווי: „אַ גראַנ־דיעזער פּורים באַל", „אַ חנוכה־ראַוט", „אַ טאַנץ־אָוונט מיט אַ דזשאַז־אָר־קעסטער פון וואַרשע". און דאָס איז געווען אַ נייעס אין סאָכאַטשעוו. יוגנט




פרויען־סעקציע ביים זש.ט.ג.ס.

האָט ביז דאַן אויך געטאַנצט אָבער בלויז אויף טרעפונגען אין פּריוואַטע שטובן, אויף חתונות. נאָך יעדער פאָרשטעלונג פון דראַם־קרייז פלעגט מען אוועקנעמען די בענק און טאַנצן.

קאַמפּעלמאַכער האָט געבראַכט לגמרי עפּעס נייעס. אין די שענסטע זאַלן פון שטאָט, וועלכע מען האָט שיין דעקאָרירט, האָט מען אַרומגעשטעלט טישלעך פאַר געסט, איינגעאָרדנט אַ בופעט מיט גוטע מאכלים, אַ גוטן טאַנץ־אָרקעסטער, די געסט זענען געווען אָנגעטאָן אין אָוונט־קליידער, יעדער לויט זיינע מעגלעכקייטן.

דער קלוב האָט מיט דער צייט דערוואָרבן אַן אייגענעם לאָקאַל. די פוט־באָליסטן שפּילן שוין אויף מעטשן מיט אַנדערע שטעט און מיט פּוילישע שטאָטישע קלובן, וועלכע האָבן שנעל אָנגעהויבן נאָכמאַכן דעם ייִד קאַמ־פּעלמאַכער. די ערשטע דרוזשינע שפּילט שוין אין נייע פוטבאָל־שיך, אין אַ ספּעציעלן קלוב־אוניפאָרם — שוואַרצע הייזלעך און העמדלעך מיט שוואַרץ־

ווייסע פאַסן מיט אַן עמבלעם: יידישער ספאָרט און טורן־פאַריין סאָכאַטשעוו אין יידיש און Z. T. G אין פויליש. עס אָרגאַניזירט זיך אַ גרויסער מאנדאלין־ארקעסטער פון 60 מאַן, אָנגעפירט דורכן לערער, וועלכער שפילט שיין פידל.

דער ערשטער קאָנצערט קומט פאָר אין שרה אייזמאנס נישט־אויסגע־פאַרטיקט הויז, אין שטובן אָן פענצטער און אָן טירן, פאַרהאָנגען מיט קאָצן. און אזוי ווי עס פאלט אויס פונקט חנוכה, איז געווען אַ שפּאָר ביסל קאלט אויך, האָט מען זיך דערוואַרעמט מיט חנוכה־פּאָנטשקעס און מיט הייסן טיי. דער קאָנצערט האט געהאט דערפאָלג און גוטע אָפּקלאנגען צומארגנס אין שטאָט.

צום זומער ווערן אָרגאניזירט פארשידענע אונטערנעמונגען ווי: לייכטאַט־לעטיק, האנטבאָל, פינג־פּאָנג, גימנאסטיק, באָקס, שאַך, אמאטארן־פאטאגראפיע, טוריסטיק.

אַ שם דבר אין שטאָט אויף אַלע קאָנצערטן און פארוויילונגס־בעלער איז געווען די ערשטע אָרגאניזירטע סעקציע — דער כאָר, וועלכער האט אויס־געפירט לידער אין יידיש, העברעאיש און פויליש. דער לערער, וועלכער האט אליין נישט געקענט קיין יידיש און געווען ווייט פון העברעאיש, האט זיך זייער געמוטשעט ביים אויסלערנען אונדז דעם יידישן אדער העברעאישן טעקסט, און צוגעפאסט די לידער צו יידישע יום טובים און פייערונגען.

מיט שנעלע טריט צעוואקסט זיך דער קלוב, כאפּט ארום און פאראינ־טערעסירט כמעט די גאנצע יוגנט. זש. ט. ג. ס. ווערט אַן אָרט פאר די סאָכאַ־טשעווער יוגנט, וווּ זיי געפינען אַן אינטערעס. דער לערער שעפּט נחת פון זיין מי און ארבעט, און קומט יעדעס מאָל מיט נייע פלענער. ער לייגט פאָר בויען אַן אייגענעם טעניס־פּלאַץ. צו דעם צוועק באקומט ער פון מאגיסטראַט אַ שטח ערד הינטער דער שטאָט, וווּ מיר, מיט אייגענע כוחות, גייען ארויס מיט לאָפּאַטעס און העק און גלייכן־אויס דעם שטח. אייניקע פון די טיכ־טיקסטע מיטגלידער בויען אויס אַן אספאלטירטן טעניס־קאָרט. מען קויפט טעניס־ראקעטן מיט פילקעלעך, און דעם לערער איז מען מכבד מיט דעם ערשטן שפּיל אין סאָכאַטשעוו אויף דעם ערשטן אין סאָכאַטשעווער געשיכטע — טעניס פּלאַץ.

און צו נאָך אַ גרעסערן פארמעסט האט זיך פארנומען דער לערער. געקומען מיט אַ פּלאַן וועגן בויען אַן אייגן הויז מיט אַ ספארט־האַלע פאר גימנאסטיק און פארוויילונגס־אוונטן. אַ פּלאַץ האט מען געזאָלט באקומען פון מאגיסטראַט. עטלעכע טויזנט זלאָטעס האבן מיר פארמאָגט, און די רעשט געלט האט מען געזאָלט צונויפנעמען ביי דער סאכאטשעווער באפעלקערונג.

צוליב די גרויסע געלט־סומעס וואס דאס הויז האט געדאַרפט קאָסטן, האבן מיר פארגעלייגט דער יידישער ביבליאטעק צו בויען בשותפות אַ מין יידיש קולטור־הויז. אבער צוליב פארשידענע פריוואטע געשעענישן אין לעבן פון לערער איז געשען, דאָס ערשטע מאָל, אז זיינס אַ פּלאַן איז נישט אויס־געפירט געווארן.

די סאכאטשעווער יוגנט איז געווען מוזיקאליש. אין סאכאטשעוו האט מען ליב געהאט זינגען. עס זענען געווען שיינע בעלי־תפילות, שיינע מקהלות (משוררים) ביים חזן שמואל יחיאל ליבערמאן און ביים לעצטן חזן הערש העלמער. עס איז געווען אַ נחת־רוח וען מאיר נאשעלעוויטש האט זיך צעזונגען. עס זענען געווען אין סאכאטשעוו צווישןביידע וועלט־מלחמות אזש 3 בלאז־ארקעסטערס: דער ערשטער סתם פון חובבי מוזיק. דער צווייטער ביים „הפועל" און אַ דריטער ביים „ביתר", אַ חוץ אַ מאנדאלין־ארקעסטער און אַ כאָר ביים ספארט־קלוב. סאכאטשעווער האבן געהאט פעאיקייטן, גוטע געהערן, גוטע שטימען צום זינגען, אבער זייער ווינציק אנונג וועגן וועלט־מוזיק, וועגן באוווסטע קאמפאזיטארן, מוזיקאלישע ווערק און געשיכטע פון מוזיק.

מען דערציילט, אז אויסלענדישע טוריסטן זענען געקומען באזוכן פרידעריק שאָפּענס געבורט־אָרט וואס געפינט זיך ווי באוווסט, אין זשעלאזאָווע־וואָליע, (6 קילאָמעטער הינטער סאָכאַטשעוו), און געטראָפן אַן אַנגעזעענע סאָכאַטשעווער באַלעבאָסטע, האָבן זיי זי אָפּגעשטעלט און געפרעגט, צי זי ווייסט נישט, ווו מען גייט צום שאָפּען־דענקמאָל. „די שאָפּעס — האט זי געענטפערט — די שאָפּעס זענען דאָ נישט ווייט, ביי דער טראַיאַנאָווער־גאַס", — אָנווייזנדיק אויף דעם פייער־לעשער־זאַל, וועלכן מען האָט גערופן „די סטראַזשאַצקע־שאָפּעס"...

קאמפעלמאכער האט אונדז געלערנט, ווער ס'איז געווען שאָפּען, אונדז אריינגעפירט אין דער מוזיק־וועלט און איינגעפלאַנצט אין אונדז ליבשאפט פאַר מוזיק, קונסט און נאַטור. זייער אָפט האט ער אונדז געפירט צום הייזל, ווו עס איז געבוירן געווארן דער גרויסער קאָמפאזיטאר, און וואס איז פאר־וואנדלט געווארן אין אַ קליינעם מוזעאום. ביזן אָוונט פארבראכט אויף דער פרישער לופט, ביים טייכל, וואס שניידט דורך דעם הויף, און אין רעפעראטן און לייכטע שמועסן אונדז דערציילט די געשיכטע פון מוזיק. און כאטש עס האט זיך פיל נישט געענדערט אין הייפל און אין הייזל פון שאָפּען, איז פאר אונדז געווען אַ תענוג צו באַזוכן דאס אָרט פיל מאָל, זיך אָוועקזעצן אין אַ ראָד ביים ווערבע־בוים, ווו אויך שאָפּען פלעגט זיצן שעהן־לאנג, איינהארכן זיך אין זיין גערויש און שאפן זיינע ווונדערבארע פּאלאנעזן און מאזורקעס, און הערן דעם לערער קאמפעלמאכער דערציילן זיינע אינטערעסאנטע שמועסן.

עס איז געווען אַ יום־טוב פון P. W. (יוגנט ארגאניזאציע פון מיליטער־רישער צוגרייטונג), וואס פלעגט יעדעס יאר פארקומען זייער פייערלעך מיט פאראדן און דעפילאדעס. אבער דער הויפט־פונקט פון פראגראם איז דאס מאל געווען אַ פוטבאָל־פארמעסט צווישן דער רעפרעזענטאנץ פון די קריסטלעכע קלובן מיט אַ קלוב פון אַ צווייטער שטאט. מאכט זיך אַ מעשה, אַז אַ טאָג פריער מעלדעט די פרעמדע מאַנשאַפט, אַז זי קומט נישט. איז ווי זאגט דאס שפריכווארט: „יאק בידא, טא דא זשידא". ווענדעט מען זיך צום יידישן קלוב, מיר זאלן זיין די קעגנער. אין ערשטן מאָמענט האבן מיר זיך געשראקן. ערשטנס, דאַרפן מיר דאָך שפילן קעגן אן אויסוואל פון די בעסטע פוילישע פוטבאליסטן, וועלכע האבן זיך געגרייט און טרעניִרט צום פארמעסט עטלעכע וואכן פריער, און מיר זענען בכלל נישט געווען צוגע־



די פוטבאל־סעקציע

גרייט. צווייטנס, האבן מיר מורא געהאט פאר אַ קאמפראמיטאציע פאר דער סאכאטשעווער באפעלקערונג. אבער דער לערער האט אנגענומען די איינלאדונג, און געגלויבט אין אונדזער אַמביציע.

אויפן נייעם ספארט־פלאץ ביי דער קאלייקע, האבן זיך דעם דערמאָנטן זונטיק פארזאמלט עטלעכע טויזנט מאן, יידן און קריסטן און פיל פרעמדע געסט. די יידן זענען געווען דענערווירט און מיט שרעק געוואַרט אויפן ענד־רעזולטאט, וועלכער קען זיך ענדיקן מיט אַ קאמפראמיטאציע, די גויים זענען געווען אין אַ גוטער שטימונג און געווארט צו זען, ווי אזוי זייערע „כלאָפּצעס" וועלן דאס חוזק מאכן פון די „זשידקעס"...

מיט הארצקלאפעניש, מען זאל נאָר פארשפילן מיט כבוד, לויפן ארויס אונדזערע 11 שפילער, וועלכע מען נעמט אויף קאָלט. דערפאַר אָבער נעמט מען אויף מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן די פוילישע מאנשאפט. דער פּוילי־שער שופט, אַ קאַפּיטאַן פון דער ארמיי, גיט אַ פייף — און די שפּיל הויבט זיך אָן. און עס געשעט אַ נס, אז אנשטאט מען זאל אונדז אָנגרייפן און מיר זאָלן באקומען איין גאָל נאכן צווייטן, ווערן מיר די אָנגרייפער און ס׳געדויערט נישט לאנג, ווי מיר פירן שוין מיט 1 גאָל. דאס גיט צו מוט אונדזערע שפילער, און זיי גייען איבער אין אַ שטורעם — און ביז צו דער פויזע פירט דער יידישער ספארט־קלוב מיט 4 גאָלן אנטקעגן 0. די גויים איז נישט געלונגען אַריינצוקלאַפּן אין אונדזער טויער אפילו איין גאָל. דאס קריסטלעכע פּובליקום שטייט מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, פאַרשעמט, אויף אַזאַ מיאוסן דורכפאַל האָבן זיי זיך נישט גערעכט, און פון וועמען, — פון עפּעס אַ פּאָר יידישע יינגלעך ?

אבער נאָך דער הפסקה קומט אָן ענדערונג אין גאנג פון שפּיל צוליב 2 געשעענישן 1) ישראל א י י ז מ א ן, דער בעסטער שפּילער פון דער מאנשאפט, מוז צוליב פּערזענלעכע ענינים פארלאזן דעם פּלאץ און אַפּפאָרן. זיין אָפּוועזנהייט שוואכט אָפּ די דרוחשינע, שפּילעריש און מאָראליש. און 2) דער שופט האט באקומען אָנווייזונגען, ווי אזוי מען דאַרף פירן דעם מעטש, אז די יידן זאָלן חס וחלילה נישט זיגן און באקומען דעם בעכער.

און אזוי איז געשען. דער שופט האט געטון אַלץ, אז מיר זאָלן שוין נישט שיסן קיין גאָלן און די שקצים זאָלן אריינקלאפּן 5 גאָלן, געזעצלעך אדער נישט־געזעצלעך. מיר האבן טאקע פארשפּילט, אבער אראפּגעגאנגען פון שפּיל־פעלד אלס די מאראלישע זיגער.

לאַנג, נאָך לאַנגע חדשים האָט מען אין סאָכאַטשעוו גערעדט וועגן דעם פוטבאָל־מעטש.

די ידיעה, אז דער לערער פארלאָזט סאכאטשעוו און פאָרט אריבער קיין גראָדזשיסק, איז פאר אונדז געווען אַ שווערער קלאַפּ. סיבות זענען געווען עטלעכע : קאמפּעלמאכערס גרויסער טרוים איז געווען צו זיין אַ פּארוואלטער פון אַ יידישער פאָושעכנער שול, ווו עס זאָלן לערנען נאָר יידישע קינדער און דאָן וועט ער האבן די מעגלעכקייט צו באווייזן זיינע פעאיקייטן און מעג־לעכקייטן פארן יידישן קינד.

די צווייטע סיבה איז געווען דאס נישט אריינגעמען אים אין יידישן בלאָק צו די שטאָט־ראט וואלן, ווו ער איז תמיד געווען ראטמאַן און מיט זיין שיינעם פּויליש פּארטיידיקט די יידישע באפעלקערונג. דער לערער וויל נישט זיין קיין פארשפּילטער, און שעמט זיך פאר די פוילישע שול־קאָלעגן, און מיט אונדזער מיטהילף, מיטן קלוב, שטעלט ער ארויס אַ סעפּאראטע ליסטע.

ליידער ליידט די ליסטע אַ דורכפאַל, ווייל מיר אלע האבן נאך דאן נישט געהאט קיין שטים־רעכט...

די דריטע סיבה, גלויב איך, איז געווען די וויכטיקסטע: צוויי קינדער האָבן זיי געהאַט, צווי זין. דער עלטערער, עדעק און אַ יינגערער, לונדעק. געראטענע, שיינע, אינטעליגענטע קינדער, וועלכע זענען דערצויגן געווארן מיט גרויס ליבשאפט. ספעציעל דורך דער אידעלער פרוי בערטא קאמפעלמאכער.

און ס׳איז געשען, אז דער יינגערער לונדעק איז קראנק געווארן און ס׳האט נישט געהאָלפן קיין שום רעטונג פון באוווסטע דאקטוירים, פראפעסארן פון ווארשע, און אונדזער באַליבטער חבר האָט אויסגעהויכט זיין יונגע נשמה.



פוטבאָל־סעקציע מיטן לערער קאַמפעל מאיער און שמואל ליבערט

דעם וויטיק און צער פון דער פאמיליע איז שווער צו באַשרייבן. אין זיין לוויה האט אנטיילגענומען אַ האלבע שטאט, יידן און קריסטן.

קאמפעלמאכער האט איבערגעלאזט דעם ספארט־קלוב אין זיין גאנצן פונאנ־דערבלי, אין זיין שענסטן פעריאד. דער גרעסטער טייל פון דער יוגנט, פון אַלע שיכטן, איז געווען אנגעשלאסן אין קלוב. אפילו קריסטן ווערן מיטגלידער. דער לערער איז זיכער, אז ר׳האט איבערגעלאזט גוטע, פעאיקע פארטרעטער. עס שאפט זיך אַ נייע פארוואלטונג מיט די ברידער וואלקאוויטש, די ברידער מילער, די ברידער באלאס, שמואל רעכטמאן, רייזל

ב ר א ט, חוה פ ר י ד מ א ן, לייבל ז א נ ד און איבער אלע דער פעאיקער און באגאבטער פיניע ו ו י י נ ב ע ר ג, וועלכער ווייזט ארויס פיל איניציאַטיוו און איינפאלן. ער ארגאניזירט פרייטיק-צונאכט-רעפעראטן, שמועסן און קעסטל־אָוונטן מיט דיסקוסיעס. יעדן פרייטיק אָוונט איז דער קלוב איבערפולט מיט יוגנט־חברים און פרעמדע. עס פירן זיך הייסע דיסקוסיעס אויף פארשידענע טעמעס.

ווייַנבערג ארגאניזירט אַ שאַך און פינג־פּאָנג טורניר, אין וועלכע ס׳ווערן אריינגעצויגן פיל יוגנטלעכע. עס שאפן זיך נייע סעקציעס, ווי אַ דראַם־קרייז, P. W. (מיליטערישע צוגרייטונג). דעם כאָר און מאנדאלין־ארקעסטער פירט ווייטער ל. פערשטענבערג. עס קומען פאָר עטלעכע גרויסע אויספלוגן לויטן מוסטער פון לערערס אויספלוג קיין פויזן אויף דער לענדער־אויסשטעלונג, קיין גדיניע, קוזמיר און ארומיקע שטעט, ווי: פלאָצק, ווישעגראַד, בלוינע, גראדזשיסק. די פוטבאל־סעקציע באקומט נייע יונגע כוחות און איז ווייטער די שטארקסטע פוטבאל־דרוזשינע אין שטאט.

אַ גרויסן דערפאלג האבן מיר אויף דער „קליינער מכביה׳דע“ אין לוויוויטש. דער לוויוויטשער „מכבי“ ארגאניזירט אין יאר 1932 אַ צוזאמענקום פון יידישע ספארטלער פון עטלעכע שטעט: קוטנע, סאכאטשעוו, סקערניעוויץ, זשיראַרדאוו, גאסטינין און לוויוויטש.

אונדזער זש.ט.ג.ס. פון סאכאטשעוו רעפרעזענטירט זיך אמשענסטן. קודם כל קומען מיר אַלע אין אַן איינהייטלעכער אוניפאָרם און מיט דער קלוב־פאָן. און ביי דער דעפילאדע איבער דער שטאט באקומען מיר דאס ערשטע אָרט.

אבער דאס זענען געווען די לעצטע שיינע טעטיקייטס יארן פון ספארט־קלוב, ווייל פון יאר 1933 הויבט זיך אָן אַ ירידה. אין שטאט ארגאניזירן זיך שטארקע פאליטישע ארגאניזאציעס. פנחס ווייַנבערג טרעט ארויס פון קלוב און שאפט דעם החלוץ, וואס זיין ציל איז — הכשרה און עליה קיין ארץ ישראל, און די יוגנט טרעט מאסנווייז אריין אין דער נייער ארגאניזאציע. גלייכצייטיק שאפט זיך אַ בירגערלעכע באוועגונג — דער בית׳ר, און אויך זי ציט אָפּ אַ גרעסערן טייל יוגנט פון קלוב. די ארבעטער שאפן אויך צוויי ספארט־קלובן: דער בונד — דעם „מארגנשטערן“ און די קאמוניסטישע יוגנט די „גוויאזדא“.

דער לערער קאמפעלמאכער באזעצט זיך אין גראדזשיסק. ער שאפט דארט אַ מוסטער־שול פאר בלויז יידישע קינדער. כדי צו פארגעסן זיך אָן טויט פון זיין זון, גיט ער אוועק די גאנצע ענערגיע, מי און פעאיקייטן פאר זיין שול. ער באווייזט ממש וווּנדער אין ארגאניזאציע. ער בויט אויף אַן אייגענעם שול־בנין, אַ ספארט־קלוב, און אַ בלאז־ארקעסטער ביי דער שול. אזוי ווי אין סאכאטשעוו, איז ער אויך באליבט און געאכטעט ביי דער גראדזשיסקער יוגנט.

אבער אונדז, זיינע סאָכאַטשעווער תלמידים, קען ער נישט פאַרגעסן. און מיר שטייען מיט אים אין שטענדיקן קאָנטאַקט. זייער אָפט, ביי פאַרשידענע פייערונגען פון דער גראַדזשיסקער שול קומען מיר אלס געסט, מיר האָבן אויך ספּאָרט־פאַרמעסטן מיט דער גראַדזשיסקער יוגנט. אויך ביי אונדזערע יום־טובים און פאַרוויילונגען קומען דער לערער, זיין פרוי און זון צו אונדז צו גאַסט.

איך גלויב, אַז אין די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן, ווען זיין איידעלע נשמה איז אויסגעגאַנגען ערגעץ אין אַ גאַז־קאַמער פון אוישוויץ צי מאַידאַנעק,




אויפן קבר פון לערער קאַמפּעלמאַכערס זון, לונדעק
על קברו של לונדק, בנו של קאמפלמכר

זענען זיינע לעצטע געדאנקען געווען געריכט צו סאכאטשעוו, צו זיין סאכאַ־טשעווער יוגנט... זיינע לעצטע געדאנקען האבן אים געמוזט פירן קיין סאכאטשעוו, ווייל אויפן סאכאטשעווער בית־עלמין איז אויך געווען אַ קבר מיט אַ מצבה אין פארם פון אַ צעבראכענעם בוים און אויפן בוים אַ גרויסער פויגל, וועלכער פרעסט און צערייסט אויף שטיקער אַ הארץ, און נידעריקער פון שרעקלעכן בילד אַ מארמאר־שטיין מיט אן אויפשריפט אין דער פוי־לישער שפראך:

דא ליגט אונדזער פארגעטערטער זון

לונדעק

און מיט העברעאישע אותיות אַ צושריפט:

בן דב קמפלמכר

כי שמרו אמרתך
ובריתך ינצרו
יורו משפטיך ליעקב
ותורתך לישראל

משה לבנון

# סאכאטשעווער רבנים

לויט דער געשיכטע פון די יידן אין סאָכאַטשעוו קומט אויס, אַז דער ערשטער רב וואָס האָט פאַרנומען דעם כסא הרבנות איז געווען ר׳ יונה נחום הכהן בן ר׳ מאיר כץ, א ברודער פון ש״ך (שפתי כהן) אַן אידעם פון ר׳ אהרן שמואל קוידאנאווער א תלמיד פון גאון ר׳ יעקב טאמאשאווער. אין יאר תכ״ג (1669) האָט ער ארויסגעגעבן דעם ספר „ברכת הזבח״ פון זיין שווער.

וועגן דעם רב איז אין אלטן פנקס פון דער חברה קדישא געווען פארשריבן, אַז פאר זיין פטירה האָט ער צוגעזאָגט די שטאָט — טאָמער חלילה, ס׳וועט זיין אַן עת־צרה, זאל מען קומען מתפלל זיין אויף זיין קבר וועט די שטאָט ניצול ווערן, אויך יחידים וועלן געהאָלפן ווערן.

נאָך דער פטירה האט קהל געוואָרט איבער שלושים און באשלאסן צו שטעלן אַן אוהל אויפן קבר. ווען מ׳איז אָבער אַרויס אויפן בית־עולם דאָס אויספירן האט מען דעם קבר נישט געפונען, און דעריבער קיין אוהל נישט געשטעלט. אַנדערע האָבן דערציילט, אז יחידים האָבן זוכה געווען צו זען דעם קבר און תפילה טאָן און זענען אויך געהאָלפן געוואָרן.

(זע: „שם הגדולים החדש״, אות נ. ח.)

## ר׳ משה׳לע חריף

אויפן אלטן בית־עולם האט זיך געפונען צווישן א סך קברים א קבר מיט א גאר נידריקן דריי־קאנטיקן שטיין, אויף וועלכן מ׳האט כמעט נישט געזען די אותיות אבער מ׳האט געוווסט, אז דאס איז דער קבר פון ר׳ משה׳לע חריף, א רב פון דער שטאָט.

אַ גדול בתורה און אין מדות. יידן פלעגן מתפלל זיין אויף זיין קבר.

(לויט א מסורה).

## ר׳ מאיר בן ר׳ יצחק אייזענשטאט

דעם שכ״ס (שפתי כהן) א שוועסטערן אייניק׳ל, דער מחבר פון ספר „פנים מאירות״. אין סאכאטשעוו איז ער געווען א מורה־הוראה. פון סאכאטשעוו

איז ער אוועק קיין ווערמייזא און געווארן דארט רב, און פון דארט אין אנדערע קהלות. זיין ווייב איז געווען א טאכטער פון ר׳ משה פון סאכאטשעוו, — א סברה דעם אויבנדערמאנטן ר׳ משה׳לע חריפ׳ס א טאכטער. נפטר געוואָרן אין יאר תק״ד (1744). („שם הגדולים לארץ הגר״, אות מ׳, י״ד).

## ר׳ אריה לייב חריף

ווען ר׳ ישע׳ה׳לע פשעדבאָזשער און דער ייד הקדוש האָבן פאַרלאָזן די ישיבה פון ר׳ לייביש חריף, דער אב״ד פון אַפּט — האָט ער זיך מער נישט געקענט דערהאַלטן אין אַפּט און איבערגענומען דעם כסא רבנות אין סאָכאַטשעוו. דאָ האָט ער געגרינדעט אַ גרויסע ישיבה אין וועלכער ס׳האָט צווישן אַנדערע אויך געלערנט דער רבי ר׳ בונים פון פשיסכע.

געווען באַוווסט אונטערן נאָמען ר׳ לייביש חריף. געלעבט אין דער צייט פון די באַוווסטע גאונים ר׳ פנחס הורוויץ פון פראנקפורט און ר׳ מאיר פאזנער, בערך אין יאר תק״נ (1790). מחבר פון ספר חדושי מוהר״א אויף מסכת גטין. („שם הגדולים החדש״ ל, י״ז; זע אין „שיח שרפי קודש״).

## ר׳ מיכעלע מגיד

אב״ד, א גאון און מקובל. זיין איידעם איז געווען דער ראש בית־דין פון סעראצק (ר׳ אריה לייב). א קדוש וטהור. אפגעהיטן ביז גאָר. זומערצייט האָט ער זיך באזונדערס געהיטן מיטן עסן מחשש מילבן. ר׳ לייביש חריף האָט אויף אים געזאָגט, ווען ער וואָלט געווען בכוח צו מאַכן אַזעלכע סגופים ווי ר׳ מיכעלע, וואָלטן מלאכים געשטאַנען ביי זיין טיר. ער איז נפטר געוואָרן אין יאר תקצ״ח (1838). („דור דור ודורשיו״, אויך „שיח שרפי קודש״).

## דער רב ר׳ שלמה יששכר דוב בער

א זון פון ר׳ נתן ארי׳, דיין ומורה־צדק בכרובעשאוו. אן אור־א־יניקל פון פני־יהושע. מ׳האָט אים גערופן דער קאָריוועער רב. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקע מחלוקת אין שטאָט. ס׳ווערט דערציילט אין ספר „שיח שרפי קודש״, אז די קעגנער זיינע האָבן געבראַכט אַ דיין אין שטאָט. פרייטיק, ווען דער דיין איז געגאנגען אין מקוה, האָט אים באַגלייט אַ גרויסער עולם מיט פיל כבוד. אז מ׳האָט דאָס דערציילט דעם רב, האָט ער געזאָגט: ס׳איז דאָך געשריבן לפני שבר גאון. וכך היה. דער דיין איז געקומען אין מקוה, אַריין אין דער וואַנע, געפאַלן חלשות און געשטאָרבן.

ר׳ אלעזר׳ל, דער שפעטערדיקער סאָכאַטשעווער רב האָט דערציילט, אז ער האט געלערנט מיטן חדושי הרי״מ אין ווארשע. איז צו זיי צוגעקומען

אַ ייד אַנגעטאָן אין צעריסענע קליידער און געזאָגט: דאָרט ווו מ׳קען מיך נישט איז מיר דערלויבט צו זאגן, אז כ׳בין אַ צורבא דרבנן, כ׳בין אַ בקי און כ׳קען דעם אבן עזר אויסווייניק. האָט דער חדושי הרי״מ אָנגעהויבן מיט אים שמועסן און געזען, אז ער איז טאקע אַ בקי. דער רב האָט זיי דערציילט, אַז די שטאָט סאָכאַטשעוו האָט אים אַרויסגעטריבן...

דער חדושי הרי״מ מיטן רב ר׳ אלעזר׳ל האָבן צוזאַמענגעשאַפט 50 טאָלער ער זאָל זיך באַקליידן. שפּעטער איז ער געווען רב אין פלאנסק־נאשעלסק און מורה־צדק אין ווארשע.

## הרב ר׳ נתן פרענקל

רב אין סאכאטשעוו. פאראן תשובות פון אים אין ספר דברי חיים און אויך אין ספר קנאת סופרים. געווען אויך רב און סטאַשעוו. דער יחוס זיינער איז פארשריבן אין ספר „צבי לצדיק מורה״ פון זיין אייניקל ר׳ אברהם נתן אייזענבערג (קפ״ט).

## הרב ר׳ יעקב

געווען רב אין סאכאטשעוו און אין סאקאלאוו. דער שווער פון הרב ר׳ יהודה לייב בן ר׳ אשר גינזבורג פון ווילנע. („אנשי שם״, חלק ב׳ אות י׳).

## ר׳ טרייטל מורה־הוראה

דעם מורה־הוראה האָט די שטאָט זייער מכבד געווען. קיין באשטימטע פענסיע האָט ער נישט געוואָלט נעמען פון קהל. געווען אַ מסתפק במיעוט. מ׳האט אים געוואלט מאכן פאר א רב, אבער ער האט קיין כסא רבנות נישט געוואָלט אָננעמען. (לויט אַ מסורה).

## הרב ר׳ אלעזר׳ל הכהן בן ר׳ זאב וואלף

דער מחבר פון חדושי מהרא״ך, דער איידעם פון באַקאַנטן ליסער רב ר׳ יעקב בעל חוות־דעת. אין סאָכאַטשעוו האָט מען אים גערופן ר׳ אלעזר׳ל. די שטאָט האָט זיך צו אים באַצויגן מיט יראת־הכבוד. אַ גדול בתורה און חסידות. פון די חשובע קאָצקער חסידים. ער האָט זוכה געווען צו טראָגן דעם קאָצקער אויף זיינע הענט.

צו ערשט איז ער געווען רב אין פולטוסק, דאַן אין סאָכאַטשעוו, און שפּעטער אין פלאָצק — און צוריק אין סאָכאַטשעוו. וועגן אים האָט מען אין שטאָט דערציילט אלערליי מעשיות.

ווי גרויס ער איז געווען אין תורה און אין צדקות, האבן זיך דאך געפונען מענטשן וועלכע האבן אים פוגע בכבוד געווען. צווישן זיי איינער א ייד, א בן־תורה, אפילו א בעל־הוראה, מיר גדעדנקען נאך דעם מענטש — א שטארק געליטענע משפחה, שטאָט האָט געזאָגט אַז דאָס איז אַ פועל יוצא פון דער פגיעה.

נפטר געווארן כ״א חשון תרמ״ג אין סאכאטשעוו, קהל האט אויף זיין קבר געשטעלט אַן אוהל און א גרויסער כבוד איז געווען פאַר א נפטר צו באקומען א קרקע נעבן דעם אוהל.

## דער רבי ר׳ אברהמ׳עלע סאכאטשעווער

אַלטע חסידים האָבן דערציילט, אַז ווען ס׳איז אָנגעקומען צו ר׳ אברהמ׳עלען, דעם דעמאָלטדיקן נאשעלסקער רב און רבי פון חסידים די ידיעה, אז ר׳ אלעזר׳ל הכהן, דער סאָכאָטשעווער רב איז נפטר געוואָרן, איז זיין צער געווען זייער גרויס און ער האָט זיך נישט געקענט געפינען קיין אָרט.

שטייענדיק אזוי זיך ביים פענצטער און קוקענדיק אין חלל העולם, האָט ער ווי געררעדט צו זיך — יעצט רופט מען מיך קיין סאָכאָטשעוו... האָט טאַקע נישט לאנג גדעויערט, ווי דער ראש הקהל ר׳ מענדל פראמער (אויך אַ נאשעלסקער חסיד) מיט נאָך חשובע בעלי־בתים האָבן זיך געאיילט קיין נאשעלסק מיט א פארטיקן כתב רבנות פאר ר׳ אברהמ׳עלען, ער האט אבער געשטעלט באדינגונגען: נישט צו וווינען אין דער קהלשער דירה וואָס איבער דער מקוה, נישט דארפן זיין ביי יעדער חתונה דער מסדר־קדושין, דאקעגן אבער מוזן די שוחטים זיין אונטער זיין אויפזיכט. און נאך פיל אנדערע תנאים האָט ער געשטעלט, וואָס די שלוחים האָבן אלץ נאָכגעגעבן. נאַשעלסק האָט זיך קעגנגעשטעלט, נישט געוואלט ארויסלאזן דעם רב, אבער נישט געקענט אים אפהאלטן איבערצונעמען דעם עול פ׳ן רבנות אין סאכאטשעוו.

דער טאג פון זיין אנקומען קיין סאכאטשעוו איז געווען א יום־טוב, גרויס איז געווען דער כבוד ביים קבלת פנים. מ׳האט אויסגעשפאַנט די פערד פון דער קאָטש און מענטשן האָבן זי אַריינגעפירט אין שטאָט. דער נייער רב האָט געפרעגט: היתכן — אַ בשר ודם און אַזאַ כבוד? מ׳איז געקומען צו דער הסכמה אַז דער כבוד איז כבוד התורה.

דער נייער רב האָט זיך באזעצט אין זיין פריוואַט הויז אין דער טראנאווער גאַס, וואָס זיינע חסידים האָבן פאַר אים געקויפט. וועגן דעם הויז האָבן חסידים דערציילט: דער קאָצקער רבי איז אַדורך סאָכאָטשעוו, ווען ער איז געקומען פון די שטעטלעך סנצעמיען לואנטשין. ווען ער איז צוגעקומען צום הויז ווו ס׳האָט דעמאָלט געוווינט אַ רוסישער נאַטשאַלניק פון פאָסט, איז ער געבליבן שטיין און אויסגערופן: א אור תורה שיינט ארויס פון דעם הויז. און עפעס אַ ריח פון קידוש

השם. (א רמז אויף די 4 קדושים). און דאָס הויז, צוזאַמען מיט דער שטאָט, איז טאָקע באַרימט געוואָרן אלס מקום תורה.

די שטאָט האָט זיך געפרייט מיטן נייעם רב און אים שטאַרק מכבד געווען. יאַשינאָווסקי דער וואַלד־סוחר, האָט יעדן טאָג געשיקט די בריטשקע צו ברענגען דעם רב אין שול דאווענען. ס׳ערשטע מאָל ווען דער נייער רב איז געקומען אין שול צום דאווענען האט ער זיך געווענדעט צו די מתפללים מיט אַ בקשה און אַזוי געזאָגט: כ׳בעט אייך, יידן, נעמט מיר נישט פאר קיין עולה, כ׳בין געווינט פון מיין קינדהייט צו דאַווענען נוסח ספרד; און אַזוי ווי אין שול דאַווענט מען נוסח אשכנז, בעט איך אייך יידן זייט מיר מתיר צו דאַווענען מיטן נוסח ספרד. נאַטירלעך, קיינער האָט זיך אים נישט אַנטקעגנגעשטעלט. זיין ווארט איז געווען הייליק.

ער האט אנגעהויבן פירן די שטאט מיט אהבה און גלייכצייטיק אויך מיט מוסר. געשיקט פון צייט צו צייט דעם משמש בודק זיין די וואָגן אין די געוועלבער; און אפילו די סטראַגאַנעס מיט אויבס אויפן מאַרק, זיי זאָלן נישט ארויפלייגן פון אויבן די שיינע פירות און אונטן די פאַרפוילטע. ער איז אריינגע־דרונגען אין אלע געביטן פון יידישן לעבן פון דער שטאָט.

צוליב געוויסע טעמים האָט ער מתקן געווען דאָס השכמה־מנין שבת (יידן האָבן געזאָגט: „געדאַוונט ביי שכמה״).

מיט דער צייט האָט ער אויך געגרינדעט אַ ישיבה אין וועלכער ס׳האָבן געלערנט בחורים פון גאַנץ פוילן. אַז מ׳האָט געזאָגט אַ תלמיד, האָט מען פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַ סאָכאַטשעווער תלמיד פון אבני־נזר. גלייכצייטיק האט זיך אויך פארשטארקט דאס סאכאטשעווער חסידות. ס׳האבן אנגעהויבן קומען וואָס מער חסידים, און די שטאָט איז פול געוואָרן מיטן גייסט פון יידישקייט און חסידות. אַלטע סאָכאַטשעווער יידן האָבן דערציילט וועגן דער תקופה מיט יראת הכבוד, און זי באַצייכנט אַלס אַ „גאָלדענע צייט״. מ׳דאַרף אבער צוגעבן, אז א געוויסער טייל פון דער באפעלקערונג איז נישט געווען צופרידן מיט די׳ שטרענגקייט אין יידישקייט.

מ׳האט איינמאל דערציילט דעם רב, אז ס׳דארף זיין א חתונה אין שטאט אויף וועלכער בחורים מיט מיידלעך גרייטן זיך נאכ׳ן חתונה־מאָלצייט צו טאַנצן. האָט דער רב גערופן צו זיך דעם גוטן ישיבה־בחור פּיוויש (ר׳ שמואל יחיאלס דעם שוחטס שוואָגער) ער זאָל מיטגיין מיט אים צו דער חופה. ביי די מחותנים איז געווען אַ גרויסע שמחה — אַ קליינינקייט, דער רבי איז געקומען צו זייערע קינדערס שמחה. ווי איבערראַשט אָבער זענען די מחותנים געוואָרן, ווען נאָך דער חופה האָט זיך דער רב אַוועקגעזעצט מיט פּיוויש׳ן שמועסן אין לערנען. מיטהאַלטן

מיטן מאַלצייט האָט ער נישט געוואָלט, נאָר געזעסן און געשמועסט ביז דער לעצטער פון די געסט, צוזאַמען מיט די כלי־זמר׳ס, האָבן פאַרלאָזן די חתונה־שטוב.

נאַטירלעך, אזעלכע פאַסירונגען האָבן אַרויסגערופן ביי אַ טייל יידן אומ־צופרידנקייט. מיט דער אַנטשטייונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג האָט ער זיך אין אָנהויב באַצויגן צום ציוניזם ווי צו אַ התעוררות פאַרן ישוב אין ארץ־ישראל, וואס ס׳איז ביי אים געווען א גרויסע מצוה. מיר געדענקען נאָך די שקלים ביי אַ חסידישן ייד (אַ סאָכאַטשעווער חסיד) וואָס ר׳האָט געקויפט, און דער רבי האָט געוווסט דערפון. נאָר אַזוי ווי מ׳האָט אָנגעהויבן צו דערציילן פאַרשידענע מעשיות פון אַ געוויסן שטייגער, און דערצו האָבן סאכאטשעווער ציוניסטן געגרינדעט א חדר מתוקן (חסידים האבן עס גערופן „חדר מסוכן״), — האָט ער דעמאָלט אויסגערופן מיט פאַרוווּנדערונג: „אַזוי! מיינען זיי דאָך עפּעס אַנדערש אויך, נישט בלויז ארץ־ישראל.״ און ס׳איז אַרויס אַ באַפעל נישט צו קויפן קיין שקלים.

אַזוי האָבן זיך אָנגעהויבן שאַפן מיינונגס־פאַרשידנהייטן צווישן צוויי טיילן; בראש פון איין טייל איז געשטאַנען ר׳ חיים מרדכי וואָלקאָוויטש (יוסף וואָלקאָוויטשעס פאָטער), מנשה צימריינסקי און זלמן אַלבערט. בראש פון צווייטן טייל זענען געשטאנען גדליה ווארשאווסקי, שמחה גרונדוואַג אהרן רומיאנעק — אלע ציוניסטן. ס׳איז געקומען צו קריגערייען, אפילו צו געש־לעגן. דער שלום איז צעשטערט געוואָרן.

נישט גרינג איז אויך געווען צו האַלטן ביים רב אַ דין־תורה. קוים האָט א בעל־דין געזאָגט אַ הויכן: „גוט מאָרגן, רבי״, — האָט עס שוין געהייסן אבק שוחד און ער האָט נישט אָנגענומען די דין־תורה. און אויב ס׳איז שוין יא אדורכגעפירט געוואָרן א דין־תורה, האט ער ביים ארויסגעבן דעם פסק זיך איינגעהילט אין טלית, זיך געשאָקלט אַ פּאָר מינוט אַז אויף די בעלי־דין איז געפאַלן אַ אימה־ופחד — אַז זיי האָבן שוין פאַרזאָגט אַלעמען נישט צו האַלטן ביי אים אַ דין־תורה. ס׳איז אויך נישט גרינג געווען צוצוקומען צום רב אין שטוב. אן אויסנאַם איז געווען: מזכיר זיין אַ חולה. דער שמש האט געהאַט אַן אָנזאָג — אפילו אין מיטן נאַכט. אויך די דרשות אין שול זענען געווען שארפע. ס׳האט פאַסירט, אז דער רב איז ארויף צום ארון קודש האַלטן א דרשה, האָט ער זיך איינגעהילט אין טלית, געשאָקלט אַ פּאָר מינוט און געזאָגט: — ובא לציון גואל ונאמר אמן, — און דערמיט פאַרענדיקט די דרשה, ביים חסידישן עולם האָט עס אַרויסגערופן התפעלות, ביים בעל־בתישן פאַרוווּנדערונג.

# די ערשטע רדיפה

צוליב וועלכע סיבות די אַרטיקע מאַכט האָט פאַרחתמ׳ט דעם רבינ׳ס פּריוואַט־מקוה אויף זיין הויף, ווייסן מיר נישט. אַ פאַקט איז: ווען ר׳ אברהמ׳על׳ע האָט באַדאַרפט גיין אין מקוה האָט מען אָפּגעריסן די חתימה און ער איז אַריין זיך טובל זיין. ס׳האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט, און ער איז ארויסגעפאָדערט געוואָרן צו דער מאַכט קיין וואַרשע. אַלס איבערזעצער איז מיטגעגאַנגען מיט אים ר׳ יצחק ענגעלמאַן, דער קענער פון רוסיש, און רייכער וואלד־סוחר. דער גובערנאַטאָר האט געפרעגט צווישן אנדערן, אז ס׳איז דאך געשריבן דינא דמלכותא דינא, דערויף האט דער רב געענטפערט, אַז דער דין גייט אָן, ווען די געזעצן פאַר אַלע בירגער זענען גלייכע... נאָר אַזוי ווי פאַר יידן זענען פאַרהאַנען אויסנאַם־געזעצן, איז דעריבער דער דין אויף זיי נישט חל (צי ר׳ יצחק האָט דאָס איבערגעזעצט דעם גובערנאַטאָר — ווייסן מיר נישט). ס׳איז געלונגען ר׳ יצחק ענגעלמאַן איבערצייגן דעם גובערנאַטאָר, אַז ר׳האָט נישט פאַר זיך קיין מורד במלכות... (אין דער אמתן איז עס אנדערש געווען) — און ער איז געבליבן רב, נאָר מיט אַ האַרבע וואָרענונג.

צוויי יידן האָבן געפירט צווישן זיך אַ פאַרביסענעם געלט־משפט. דער סכום איז אפילו נישט געווען קיין גרויסער, עפּעס מער ווי הונדערט רובל. דער מלווה, זעענדיק ווי דער לווה האַלט אין איין לייקענען די הלוואה, האָט ער זיך באַנוצט מיטן דעמאָלטדיקן געזעץ, אַז ס׳געריכט מוז צופּסקענען אַ געפאָדערטע שבועה. האט דער מלווה געפאָדערט אַ שבועה דאוריתא ד. ה., ביי א ספר־תורה און מיט שוואַרצע ליכט, און דער אָפּנעמער פון דער שבועה זאָל זיין נישט דער מורה־הוראה נאָר דוקא דער צדיק, (אַזוי האָט אים דעמאָלט גערופן אויף די קריסטלעכע באַפעלקערונג). נאַטירלעך, אַז דאָס געריכט האָט די שבועה צוגעפּסקנט. מ׳האָט דאס באַלד מודיע געווען אין הויף, אבער ר׳ אברהמ׳על׳ע האָט דערפון נישט געוואָלט הערן. די מקורבים האָבן אָנגעהויבן אונטערהאנדלען מיטן מלווה און געוואָלט אים געבן אַ פּיל פּאַכיקע סומע ווי די תביעה איז געווען, אָבער ס׳האָט נישט געהאָלפן. נאָר אַ שבועה האָט ער געפאָדערט. גלויבנדיק אַז אַזוי ווי דער בעל דין זיינער וועט שווערן — שטאַרבט ער אויפן אָרט...

צום באַשטימטן טאָג פון דער שבועה, זענען דער רוסישער ריכטער מיטן סעקרעטאַר אויך אַ זשאַנדאַר אין אוניפאָרם, געקומען אין שול אָפּנעמען די שבועה, אבער דער רב איז נישט געקומען. אויפן אָרט האט מען אָנגעשריבן א ראַפּאָרט אין דער גובערניע, און נאָך אַ פּאָר טעג איז געקומען אַ באַפעל וועגן אַ באַלדיקע דעמיסיע פון רב. דערהאלטנדיק די ידיעה האָט ר׳ אברהמ׳על׳ע אויסגערופן:
— ווען כ׳וואָלט געווינט אין אַ וואַלד, וואָלטן זיך די ביימער מיט מיר געקריגט...
די מקורבים האָבן זיך שטאַרק באַמיט אָפּצורופן די גזרה. נאָך שטאַרקע באַמי־אונגען איז געלונגען אָפּצורופן דעם גרוש. נאָר די דעמיסיע איז געבליבן — ער

איז געוואָרן אויס רב. ער איז געווען רב אין סאָכאַטשעוו פון תרמ״ג ביז תרנ״א. ער איז געבליבן באַוווּסט אלס סאָכאַטשעווער רבי אונטערן נאָמען „אגלי־טל״ אָדער „אבני־נזר״ — די חבורים וואָס אויף זיי האָט ער געאַרבעט עטלעכע צענדליקע יאָר. אפילו איצט, אין יאָר תשכ״א, געפינט זיך אין דרוק אַ נייע אויסגאַבע פון משניות מיט די הגהות פון אבני־נזר וואָס האָט אַרויסגערופן גרויס אינטערעס אין די לומדישע קרייזן.

ער איז נפטר געוואָרן י״א אדר תר״ע. פון דער קבורה ביז ס׳איז פאַרענדיקט געוואָרן דער אוהל זענען צוויי חסידים געשטאַנען ביים קבר אפילו שבת. דאָס איז געטאָן געוואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פאַסירונג מיטן קבר פון ערשטן סאָכאַטשעווער רב, ר׳ יונה נחום הכהן.

מיט דעם באַזייטיקן פון ר׳ אברהמ׳על׳ן האָט די שטאָט נישט געוואָלט משלים זיין, און מ׳האָט ווייטער געגעבן רח״ש. ס׳שעכט־הויז איז געשטאַנען ווייטער אונטער דער אויפזיכט פון רבי׳, און אלץ איז ווייטער געטאָן געוואָרן מיט דער הסכמה פון הויף. דאָס האָט געדויערט אַ לענגערע צייט, און קהל האָט נישט געוואָלט אויפנעמען קיין צווייטן רב, און קיין רב האָט אויך נישט געוואָלט אָננעמען ס׳רבנות אין סאָכאַטשעוו. ביז ס׳איז געקומען פון דער גובערניע אַן אָנזאָג: אויב די שטאָט וועט נישט אויפנעמען אַ רב, וועלן זיי אַריינשיקן אַ „קאַזיאָנעם״ רב. וכך הוה.

## דער קאַזיאָנער רב

סאָכאַטשעוו האָט זיך דערוואָרט, נאָך אַ לאַנגער קייט פון רומפולע רבנים, צו אַ „קאַזיאָנעם״ רב. דער רב מטעם איז קודם כל געווען אַ ליטוואַק, אים איז שווער געווען צו פאַרשטיין ס׳ריידן פון סאָכאַטשעווער יידן, און אים צו פאַרשטיין איז אויך נישט גרינג געווען. דערצו האָט ער געהאַלטן ביי זיך אַ הינטעלע. ס׳האָט נישט איינמאָל פּאַסירט, אַז ס׳הינטעלע איז אים נאָכגעלאָפן שבת אין שול אַריין. ביי יעדער חופה איז ער געווען אָנוועזנד. דער מורה הוראה האָט מסדר קדושין געווען, און ער האָט געמאַכט די ציווילע אַקטן. מיט קיין שאלות וועגן כשר־טרפה איז מען צו אים נישט געגאַנגען. ס׳האָט אַ מאָל געטראָפן, אַז אַ יידענע איז צו אים אַריין מיט אַ שאלה וועגן אַביסל מילך וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אונטער אַ פליישיק טעפּל. דער רב מטעם האָט נישט פאַרשטאַנען וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך, פרעגט ער זי: וויפל קאָסט ס׳טעפּל? ענטפערט זי: פינף גראָשן. זאָגט ער צו איר: נעמט זיך פינף גראָשן, מאַדאַם, און דרייט מיר נישט אין קאָפּ...

ער פלעגט אויך קומען צום רבינ׳ס טיש און אפילו באַקומען שיריים און וויין. לאַנג האָט ער זיך אָבער נישט געקענט האַלטן אין שטאָט, און נאָך עטלעכע חדשים איז ער אַוועק.

## ר׳ ירוחם מורה הוראה

א שטילער ייד, נישט געקענט הויך ריידן. ער האָט אין דער צייט פארנומען ד׳עם אָרט פון אַ רב אין שטאָט. אים איז געקומען צו הילף ר׳ בונם מלמד, דער קאצקער חסיד, א גרויסער למדן. זיי ביידע האבן זיך פארנומען מיט פסקנען שאלות, סדור קדושין א. ד. גל.

אַ שטאָט דאַרף אָבער אַ רב. האָבן זיך די דאָזיקע גענוֹגס געוואָנדן צום רבין ר׳זאַל ברענגען אַ רב. און דער רבי האָט זיך געוואָנדן צו ר׳ שמואל טאַראָווער, אַ למדן. אַ חשבוער פולאָווער חסיד, אַ מלמד פון בחורים נבחרים. דער רב טאַראָווער איז געווען פאַרבונדן מיט אַ שטאַרקער מחלוקה. באַלד האָט ער זיך צעקריגט מיט שמואל יחיאל שוחט, דער הויף שוחט, אויף אזוי ווייט, אז באקומענדיק שיריים ביים רבינ׳ס טיש, האט ער נישט געגעסן ס׳פלייש פון זיין שחיטה. די מקורבים פון רבין האָט דאָס פארדראָסן. דערצו האָט מען אים גערופן דער „וויערניק״ (באגלייבטער), ווייל ווען ס׳איז געווען א רוסישער יומא דפגרא, האט ער ארויס־געשטעלט ליכט אין פענצטער. אין סאָכאַטשעוו האָט מען מער נישט באַדאַרפט, אַז ס׳זאָל זיך צעפלאַקערן אַ שטאַרקע מחלוקה. דער פארגעשריטענער טייל האָט געהאַלטן מיטן רב טאַראָווער, דאַקעגן דער חסידיש־בעל־בתיש־פרומערער (און ווער אין סאָכאַטשעוו איז דעמאָלט נישט געווען פרום?) זענען געווען קעגן אים. אין דער צייט האט פאַסירט, אז יונגע פרויען, מאָמעס פון קליינע קינדער פון שענסטן יחוס, זענען אוועק פון דער וועלט. האָבן סאָכאַטשעווער יידן דאָס פאַרבונדן מיטן חטא פון דער מחלוקה. דער רב טאַראָווער אַליין איז אַוועק פון סאָכאַטשעוו קיין לאָנדאָן, און דאָרט נפטר געוואָרן.

## הרב ר׳ שמואל יצחק לאנדא

אַן אייניקל פון ר׳ וואָלף סטריקאָווער, אַן אור־אייניקל פון באַוווסטן טשע־כאַנאָווער רב ר׳ אברהם. נאָכדעם, ווי די שטאָט איז ווידער געבליבן אָן אַ רב, האָט דער „אגלי־טל״ געשיקט שמואל יחיאל שוחט מיט נאָך עטלעכע חשובע בעלי בתים (מיט א כתב־רבנות) קיין סאָבאָטע, ווו ר׳ שמואל יצחק איז געווען, און אים באַפוילן בפקודת הרב, ר׳זאָל אננעמען דעם עול הרבנות אין סאָכאַטשעוו.

הרב לאנדא, האָט פאַרלאָזט די שטאָט סאָבאָטע, געהאָרכט דעם געבאָט פון זיין רבין דער „אגלי־טל״ און געקומען קיין סאָכאַטשעוו אין יאָר תרס״א. ער איז דאן אלט געווען 26 יאָר; מיר געדענקען נאָך גוט דעם רב.

אין זיין 12־יאָריקע רבנות אין סאָכאַטשעוו איז קיין שום מחלוקת נישט געווען, טראָצדעם וואָס ער איז געווען שטרענג וואָס אָנבאַלאַנגט יידישקייט. די שטאט האט אים מכבד געווען. ער איז געווען א גרויסער אוהב הבריות. אין זיין צייט האבן זיך געגרינדעט אונטער זיין אויפזיכט דער „לינת הצדק״, „הכנסת־אורחים״, „בקור חולים״ א אנד. ער האָט געשטיצט מענטשן מיט וואָכן־געלט,

אָרעמע קראַנקע מיט אומזיסטע רפואות. ס׳האָט פּאַסירט ביי אים אַ גנבה, מ׳האָט ארויסגעגנבעט די קישנס, האט ער נישט געלאזט מעלדן דער פאליציי, ווייל ס׳קען זיין אַז דער גנב איז אַ ייד דאַרף ער דאָך די קישנס צום שלאָפן. אין דער צייט האָט מען אים מכבד געווען מיט סנדקאות אויף אַ ברית. (אַזוי איז געווען דער מנהג אין שטאָט). ווען מ׳האָט אַריינגעבראַכט ס׳קינד צום מל זיין, האָט דער רב דערקענט זיין קישן אויף וועלכן ס׳קינד איז געלעגן. אָבער ער האָט זיך נישט וויסן געמאַכט. אויף אַן אָרעמען ברית פלעגט ער זיך נוהג זיין צו שיקן משקה און ברויט מיט הערינג, און געזען דער עולם זאל זיך וואַשן. מיט א צייט שפּעטער האָט מען די קישנס אונטערגעוואָרפן דעם רב אין שטוב. האָט ער געשיקט נאָך דעם בעל ברית און אים געהייסן זיי צוריקנעמען, נאָר געפּאָדערט פון אים ער זאָל מער נישט גנבענען. יעדן דאָנערשטיק פלעגט ער אים שיקן מתן בסתר א רובל מיט צוואַנציק קאָפּיקעס. זיינע דרשות האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט הלכה, דרוש און פלפול, פון וועלכע סאכאטשעווער בעל בתים און ל׳מדים האָבן א הנאה געהאַט. ביי דער קבורה פון „אבני־נזר״ס רעביצין, האָט דער „אבני־נזר״ געזאגט צום הרב לאנדא, ער זאל עפּעס זאגן. האט דער הרב לאנדא געהאלטן אַ הספד. ביים ענדיקן האָט דער „אבני־נזר״ זיך אָנגערופן צו אים: דער היגער רב האט וויל געזאגט! וויל געזאגט! אַ טייל פון זיינע דרשות, אויך דער הספד איבער פרידעם הירש פרידמאַן, איז געדרוקט אין זיין ספר חדושי ש״י (שמואל יצחק) ארויסגעגעבן דורך זיין זון הרב וואָלף לאנדא אין תל־אביב אין יאָר תש״כ.

ער האט פארלאזט סאכאטשעוו אין יאָר תרע״א, אדער תרע״ב און איבערגענומען דאָס הרבנות אין טשעכאַנאָוו, ווו ס׳איז אַמאָל געווען רב זיין סבא קדישא, הרב ר׳ אברהם פון טשעכאַנאָוו. נפטר געוואָרן כ״ד תמוז תרע״ה, אין עלטער פון 40 יאָר. וועגן זיין פטירה איז כדאי צו לייענען אין אויבנדערמאנטן ספר חדושי ש״י. אין זיין צייט איז געווען מורה הוראה דער שפּעטערדיקער רב הרב פּערקאל.

## דער לעצטער סאכאטשעווער רב

נאָכדעם ווי הרב לאנדא האָט פארלאָזן סאָכאַטשעוו, האָט זיך אָנגעהויבן אַ קליינע מחלוקה, נישט אַזוי וויט צווישן די שטאָט בעל־בתים, ווי צווישן דער משפחה פון הויף. אין פרינציפּ האָט די שטאָט מסכים געווען אַז ס׳רבנות קומט בירושה דעם הויף, נאָר ווער זאל ווערן רב: דער זון פון רבי ר׳ שמואל, („שם משמואל״), דער דעמאָלטדיקער ווישעגראָדער רב און לעצטער סאָכאַטשעווער רבי אין פוילן ר׳ דוד׳ל, אָדער דער איידעם פון ר׳ מאירל בארנשטיין ר׳ אברהמ׳לעס ברודער, דער מאַן פון דער רביצין האָדעל, אַן אייניקל פון „אבני־נזר״ דער „שם משמואל״ האָט פאַרלאַנגט, אַז זיין זון ר׳ דוד׳ל זאָל ווערן רב, נאָר בהסכם כולם. גאַנץ מעגלעך, ווען ר׳ מאיר׳ל טענה׳ט נישט אַז די ירושה פון רבנות קומט זיין איידעם, איז מער ווי זיכער, אַז ר׳ דוד׳ל וואָלט געוואָרן רב. נאָר אַזוי ווי ס׳איז

געקומען צו אַ ווידערשטאַנד, פון דער אייגענער משפחה, האָט דער „שם משמואל" באַלד מותר געווען. און די סאָכאַטשעווער חסידים האָבן זיך אפילו געוואָלט פאַרמעסטן אין אַ קאַמף, אָבער דער „שם־משמואל" האָט עס שטרענג פאַרווערט. אינטערעסאַנט, אז ר׳ מאיר׳לען איז געלונגען צוצוציען דעם גאַנצן ציוניסטישן טייל פון דער שטאט מיט ר׳ שמחה גרונדוואג בראש. אזויארום איז געווילט געוואָרן דער איינציקער קאַנדידאַט, הרב ר׳ צבי פערקאל. די סאָכאַטשעווער חסידים, און בכלל דער חסידישער טייל, האָבן זיך אין די וואַלן נישט באַטייליקט.

הרב פערקאַל איז געווען א גרויסער למדן און בקי, בכל חדרי התורה. יומם ולילה האָט ער עוסק געווען בתורה. אין זיין יוגנט האָט ער געלערנט צוזאמען מיטן שרייבער ה. ד. נאָמבערג, און זיי זענען געווען גוטע חברים. פון זיין לומדישקייט און בקיאות האט אבער ליידער די שטאט קיין שטארקע הנאה נישט געהאָט. ער איז געווען א כבד־פה, און נישט געקענט מהנה זיין דעם עולם מיט דרשות. דערפאר אבער האט ער ארויסגעוויזן אויפמערקזאמקייט צו יעדער פאסירונג אין שטאט וואס האט, לויט זיין מיינונג, געהאט א שייכות צו יידישקייט.

און זאל דא געזאגט ווערן צום לויב און שבח פון די סאכאטשעווער יידן, טראָץ דעם אלעם האט די שטאט אים געהאלטן בכבוד. שבת־הגדול אדער שבת־תשובה, ווען דער רב האָט געזאָגט אַ דרשה, איז די שול געווען געפּאַקט מיט בעל־בתים און חסידים, נישט צוליב דער דרשה ווי צוליב אפגעבן כבוד דעם רב. אפילו די פּאָרגעשריטענע האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט כבוד. איינער אַ יוגנטלעכער האָט אים ארויסגעטראָגן אַ קראַנקען און שוואַכן אויף די הענט פון זיין שטוב, אריינגעלייגט אין אן אויטאָ און אָפּגעפירט קיין ווארשע, וו ער איז נפטר געוואָרן אין געטא, בשנות הפורענויות של הנאצים.

## דער לעצטער מורה הוראה

ר׳ לייבל וואָלמאַן, דער זון פון חנה בענטשקאָווסקי (פון צווייטן מאן), איז געווען אן אייניקל פון ר׳ אהרן גרינשפאַן. געבוירן און דערצויגן אין סאָכאַטשעוו. געווען אַ חבר פון ר׳ אלכסנדר זישע פרידמאַן. דעם יסוד אין לערנען האָט ער געקראָגן ביים מלמד „דער קליינער משה דוד׳ל", ביי וועמען ס׳האָבן געלערנט נישט מער ווי 4 בחורים. ער האט זיך אויך אנגעזאָפּט מיט תורה פון ראש־ישיבה ר׳ אריה לייב פראָמער, וואס איז געשטאנען בראש פון דער לעצטער ישיבה ביים „שם־משמואל" אין יאָר תרע״ד און שפּעטער בראש ישיבת חכמי לובלין. דער מורה הוראה ר׳ לייבל וואָלמאַן האָט נאָר געלערנט אין סאָכאַטשעוו, און איז אויפגענומען געוואָרן אַלס מורה הוראה איינשטימיג דורך אַלע שיכטן. סאָכאַטשעווער יידן האָבן געזאָגט אַז ס׳איז אייגן בלוט און פלייש, ס׳קומט אים, ער האָט זיך אַליין אויסגעאַרבעט. ער איז טאַקע געווען אַ מופלג בתורה. אומגעקומען צוזאַמען מיט די יידן אין געטא ווארשע.

מ. ב. שטיין

# דער רב ר׳ אלעזר הכהן

ר׳ יהושע, דעם רבס ר׳ אלעזרלס זון, וואָס האָט געוווינט אין סאָכאַטשעוו ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, דערציילט אין קונטרס „עץ עבות״, געדרוקט אין סוף פון ר׳ אלעזרל׳ס ספר „חדוש מהראד״ פאָלגנדיקע מעשה:

ר׳ אלעזרל איז ביים לעבן פון קאָצקער רבין ר׳ מענדל, געווען א בעל־תוקע אין קאָצק. איין מאָל ראש השנה, האָט ר׳ אלעזרלען אָנגעהויבן ווי טאן דער האלדז, און ער איז געווען אין ספק צי וועט ער זיין בכוח שופר בלאָזן. איז ער אריינגעגאַנגען צום קאָצקער רבין ר׳ מענדל און זיך פאר אים באקלאָגט.

— נאָר דו און נישט קיין אנדערער וועט שופר בלאָזן — האָט דער קאָצקער אים שטרענג געענטפער׳ט.

— איך ווייס דאָך אָבער נישט צי איך וועל קענען — האָט ר׳ אלעזרל באמערקט.

— הירש! האט דער קאָצקער א געשריי געטאָן אויף זיין משמש ר׳ הירש פארצעווער — נעם אפער פון אונטערן בעט מיינע פוטער־שטיוול, און גיב זיי דעם בעל־תוקע אנצוטאָן! — און צו ר׳ אלעזרלען האָט ער געזאָגט:

— טו אָן מיינע פוטער־שטיוול און גיי בלאָזן שופר.

ר׳ אלעזרל איז געבליבן שטיין פארחידושט. דער רבי איז א נידעריק געוויקסיקער און ער א הויכער, א ברייטביינער. דעם רבינס פוטער־שטיוול וועלן אים נישט ארויפגיין אויף די פיס.

אָבער אז דער רבי האָט באפוילן, איז פארפאלן. ר׳ אלעזרל איז ארויס פון רבין, און קוים מיט צרות ארויפגעצויגן דעם רבינס קליינע שטיוול אויף זיינע גרויסע פיס. דעם רבינס פוטער־שטיוול האָבן אים געקוועטשט די פיס, ביז אונטערן הארץ אים פארצויגן. ביי יעדן טריט האט ער געהינקט. אָבער פארפאלן, דער רבי האָט געהייסן, און א הינקענדיקער איז ער אריין אין רבינס בית־המדרש, געבלאָזן שופר ווי דער רבי האָט געהייסן, און דער האלדז האָט אים מער נישט וויי געטאָן. אזוי האָט דערציילט ר׳ יהושע דעם רבינס.




רב אלעזר׳לס אוהל צווישן אנדערע מצבות
אויפן סאָכאַטשעווער בית־הקברות

ווי מען זאָל נישט קוקן אויף דער מעשה, איז זי זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר רב אלעזרלס גאַנצע לעבן.

געבוירן אין וואַרשע, ביי א טאַטן א מאַנופאַקטור־סוחר — ר׳ וואָלף לייפסקער, וואָס האָט געהאַט די זכיה צו זיין אין וואַרשע פּרנס. אין פּאַטערס שטוב איז ר׳ אלעזרל דערצויגן געוואָרן אין א ברייט־סוחרישער, גבירישער רחבות, און קיין שום זאַך איז פאַר אים, ר׳ אלעזרל׳ען נישט געווען צו טייער. דער פּאַטער האָט פאַר זייז זון גענומען די בעסטע מלמדים פון אויסער וואַרשע.

ווען ר׳ אלעזרל איז אויסגעוואַקסן, האָט ער געטאָן א שידוך מיטן גרויסן גאון, דער פּוסק פון יענער צייט, דער ליסער רב ר׳ יעקב, מחבר פון א סך גאונישע הלכה ספרים און ליסער רב.

כדי ער זאָל נאָך אלס חתן קענען לערנען ביים ליסער רב, האָט דער גביר וואָלף לייפסקער פאַרבעטן צו זיך קיין וואַרשע די כלה, דעם ליסער רבס טאָכטער ברײנדל און אים, ר׳ אלעזרל׳ען געשיקט קיין ליסע לערנען אין דער ישיבה פון ליסער רב.

ווי פריער אין וואַרשע, איז ער אויך דאָ ביים ליסער רב געזעסן טאָג און נאַכט אין דער ישיבה און געלערנט; געלערנט און מצליח געווען. ער איז געוואָרן א בקי אין ש״ס און אין פּוסקים און אלע וואָס זענען געקומען אין ליסער רבס שטוב אריין, האָבן זיך נישט געקענט געגוג אפּווונדערן פון אים. אזוי האָט ער ממשיך געווען זיין לערנען נאָך דער חתונה מיטן ליסער רבס טאָכטער אלס קעסט־יונגערמאַן. שוין דעמאָלט האָט ער זוכה געווען אויפגענומען צו ווערן אלס ליסער דיין. די מעשה איז אזוי געווען:

א מאָל האָט דער ליסער רב געפּסקנט א שאלה און אליין איינגעזען דערנאָך, אז ער איז נכשל געוואָרן, זיין פּסק איז נישט געווען אויסגעהאַלטן לויטן דין. האָט דער ליסער דערין געזען אן אות פון הימל; פון הימל האָט מען אים מכשיל געווען און מען וויל נישט, אז ער זאָל ווייטער פּסקענען שאלות. האָט ער צונויפגערופן די ראשי הקהל פון ליסע און צו זיי אזוי געזאָגט:

— זוכט אייך אן אנדערן רב, איך קען מער קיין רב נישט זיין.

— וואָס הייסט דאָס? פאַר וועלכן חטא? אויב דער רב האָט ווינציק איינקונפט פון רבנות, זענען מיר גרייט מוסיף צו זיין — האָבן זיי געטענה׳ט.

האָט דער ליסער רב די ראשי הקהל געענטפערט:

— איך האָב מיך טועה געווען אין פּסק, און האָב אויף מיר מקבל געווען מער קיין שאלות נישט פּסקענען, און ווי קען איך זיין רב אין ליסע? זוכט אייך אן אנדערן רב וואָס וועט קענען פּסקענען שאלות.

— צו פּסקענען שאלות — האָבן די ליסער ראשי הקהל געענטפערט — וועלן מיר אויפנעמען א דיין, וואָס וועט פּסקענען שאלות, און דער רב וועט קענען ווייטער זיין רב.

דער ליסער האָט מסכים געווען. די שטאָט האט אויפגענומען א דיין אויף צו פסקענען שאלות, און דער דיין איז געווען דעם רבס איידעם ר׳ אלעזר׳ל.

לאנג איז ר׳ אלעזר׳ל נישט געבליבן אין ליסע. די צייט פון קעסט ביים ליסער רב האָט זיך געענדיקט און צו בלייבן אין ליסע, לעבן אין דחקות און זיין אָן אָנגעוויזענער אויף דער טובה פון קהל — דאָס האָט ער, ר׳ אלעזר׳ל, נישט געוואָלט. ער האָט עס אויך נישט געמוזט. אין ווארשע האָט אויף אים געוואַרט דעם פאטערס פארמעגן, און אים איז ליבער געווען זיין א רייכער בעל־הבית אין ווארשע און קענען געבן מיט דער ברייטער האנט, ווי צו זיין דיין אין ליסע.

ר׳ וואָלף לייפסקער, דער רייכער מאנופאקטור־סוחר, ווי נאָר ער האָט זיך דערוווסט, אז זיין זון קלערט וועגן קומען צוריק קיין ווארשע — האָט ער פאר אים געדונגען א דירה כיד המלך, און געעפנט אויף זיין נאָמען א סקלאַד פון זיידנצייג, כדי ער זאָל קאָנען זיין אַ בעל־הבית פאר זיך; ער זאָל נישט דארפן אנקומען אויף זיין געברויך צום אייגענעם פאטער.

מיט גרויס כבוד איז ר׳ אלעזר׳ל צוריק געקומען קיין ווארשע. זייענדיק א גרויסער למדן און דער זון פון גביר ר׳ וואָלף לייפסקער, האָט אים קיין כבוד אין ווארשע נישט געפעלט. סיי די ווארשעווער חסידים און סיי די מתנגדים, האָבן פאַרן ליסער רב׳ס איידעם דרך־ארץ געהאַט, און ר׳ אלעזר׳לס רייכע שטוב איז געוואָרן א ווארעמע היים פאר לומדים און חסידים.

רבנים, גאונים וואָס זענען געקומען קיין ווארשע, האָבן געפונען פאר זייער חוב צו זיין ביי ר׳ אלעזר׳לען, און זיין נאָמען איז געוואָרן אָנגעזען צווישן רבנים און־לומדים. ער איז געוואָרן א חשוב אין פשיסכע, ביים רבין ר׳ בינעם, און נאָכן רבינס פטירה איז ער געווען א בן־בית אין קאָצק, ביי ר׳ מענדל קאָצקער. איין מאל, ווען ר׳ מענדל קאָצקער איז נישט גוט געוואָרן שבת ביים טיש, האָט ר׳ אלעזר׳ל גענומען דעם רבין אויף די הענט און אים אריינגעטראָגן אין זיין חדר מיוחד.

אויך אין ווארשע איז ר׳ אלעזר׳ל געוואָרן א צענטראַלע פיגור. די ווארשעווער ראשי קהילה האָבן אים פאַרגעלייגט ער זאָל ווערן פרנס אויפן אָרט פון זיין פאָטער ר׳ וואלף לייפסקער, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען אויף דער עלטער. ר׳ אלעזר׳ל אָבער האָט נישט געוואָלט ווערן קיין כלל־טוער, וואָס וועט אים מבטל זיין פון לערנען. אזוי האָט ער אויך נישט געוואָלט ארויסשטעלן זיין קאנדידאטור אויף רב אין ווארשע, בעת דער גרויסער מחלוקה צווישן חסידים און מתנגדים איבער דעם כסא הרבנות פון ווארשע. דער חסידישער קאַנדידאט איז געווען דעם קאָצקער רבינס שוואגער, דער גאון און שפעטערדיקער גערער רבי ר׳ איטשע מאיר, און דער מתנגדישער רב ר׳ יעקעלע געזונטהייט, דער שפעטערדיקער ווארשעווער רב. ר׳ אלעזר׳ס קאנדידאטור אלס קאָצקער חסיד, א זון פון ווארשעווער פרנס, האָט געהאט אלע שאנסן אָנגענומען צו ווערן ביי די חסידים און ביי די מתנגדים.

האָט ער אָבער נישט געוואָלט זיך אָנטאָן די „ענגע שטיוול" און אריינקריכן אין א מחלוקת, אזוי, אז ער האָט זיך אפגעזאָגט ארויסצושטעלן זיין קאנדידאטור אויף ווארשעווער רב.

ער האט אָבער „די ענגע שטיוול" שפעטער געמוזט אָנטאָן ביי א סך ערגערע באדינגונגען. די ברירה איז שוין נישט געווען אין זיינע הענט, און ער איז געווען געצוווּנגען זיי אָנטאָן.

זיין פאטער, ר' וואלף לייפסקער, איז געגאנגען אין וועג פון אלע לעבעדיקע און איבערגעלאָזט זיין זון ר' אלעזרלען א ירושה פון 150.000 רובל (א גרויסע סומע צו יענער צייט).די ירושה האָט ר' אלעזרל'ען געגעבן די מעגלעכקייט צו ווערן א גרויסער בוי־אונטערנעמער, און ער האָט אָנגענומען דורך א קאנקורס צו בויען פאַר דער רוסישער רעגירונג דעם וואַרשעווער ציטאַדעל.

דאָס אָננעמען אזא גרויסן פּאַדראַט ביי דער רוסישער רעגירונג, האָט ביי אלע אויסגעזען ווי א גליק־געשעפט. די רוסישע רעגירונג האָט אָבער איר צוזאָג צו שיקן בחינמדיקע ארבעטער פון רוסלאנד נישט געהאלטן. ר' אלעזרל האָט געמוזט דינגען ארבעטער אין ווארשע, זיי באצאָלן פון זיין טאַש און דער סוף איז געווען, אז פון „גרויסן געשעפט" איז ער ארויס א גרויסער אָרימאַן. די ירושה פון פאָטער איז אים פארלוירן געגאנגען, און ער איז נאָך געבליבן א בעל־חוב דערצו.

כדי צו קענען מפרנס זיין די שטוב זיינע, האָט ער געמוזט אננעמען א רבנות, שוין נישט אין ווארשע, נאר ווו עס האָט זיך אים נאר געמאכט. אזוי ארום איז ער געוואָרן רב אין מאקאווע, דערנאך אין פולטוסק, און אין יאר תר"י איז ער געוואָרן רב אין סאָכאַטשעוו.

דאס גיין אין „ענגע שטיוול" איז ווייטיקלעך, און אפילו פארבונדן מיט גרויס צער פאר דעם וואָס איז דערצו נישט געוווינט. און ווער האָט זיך אזוי געהיטן דערפאַר ווי ר' אלעזרל? זיין רב אין אַ שטאָט האָט ביי אים געהייסן: זיין דער דעה־זאָגער אין דער שטאָט. די שטאָט זאָל אים פאָלגן אין אַלעם, און זיין ווארט זאל זיין א פסק אויף וועלכן מען טאָר אפילו נישט נאָכטראכטן. אין וועלכער שטאָט האָט א רב אין יענער צייט נישט געהאט קיין קעגנער? און וועלכער רב האָט אין יענע צייטן נישט געהאט אויסצושטיין אפילו בזיונות און רייבונגען מיט די ראשי הקהל?

האָט ר' אלעזרל, ווי ווייט עס איז נאָר מעגלעך געווען, געטוישט די „ענגע שטיוול" און זיך אויסגעזוכט מיינסטנס נאָך ענגערע. פון סאָכאַטשעוו איז ער אוועק קיין פלאָצק, פון פלאָצק ווידער קיין מאקאָווע, פון מאקאָווע נאָך א מאל קיין פולטוסק, און פון פולטוסק איז ער געקומען אין יאר תר"ל צום צווייטן מאל קיין סאָכאַטשעוו.

כסדרדיקע וואנדערונגען. דער גורל זיינער, וואָס דער קאָצקער רבי ר' מענדל האָט אים אין יענעם ראש השנה געהייסן אנטאן דווקא די ענגע שטיוול און בלאָזן שופר, איז אים נאכגעגאנגען דאס גאנצע לעבן...

די לעצטע רבנות ר׳ אלעזרל׳ס איז געווען אין סאָכאַטשעוו. אויפן סאָכאַטשעווער גוטן־אָרט האָט ער ביים ערשטן מאָל זיין רב, אין תרי״ב, ווען עס האָט געהערשט די מגיפה פון כאלערע, באגראָבן זיין 12 יעריקן עלוי אפרימל.

די רביצין בריינדעלע האָט ביי ר׳ אלעזרל׳ס אלע רבנותן נישט געקענט פארגעסן סאָכאַטשעוו, ווו איר אפרימ׳ל איז באגראָבן געוואָרן, און זי איז געקומען אין די לעצטע יארן פון איר לעבן באגראָבן צו ווערן נאָענט צו איר זון, אויפן סאָכאַטשעווער בית־עולם.

אין חשון תרמ״ב איז ר׳ אלעזר׳ל נפטר געווארן אין סאָכאַטשעוו. דאָס סאָכאַטשעווער קהל האט אויפגעשטעלט אן „אוהל״ אויף זיין קבר, נישט ווייט פון דער בזורע.

ביי אן עת צרה פלעגן סאָכאַטשעווער יידן מתפלל זיין אויף זיין קבר, און די רואיקע בזורע האט נישט איין מאל געהערט הארץ־רייסנדיקע געוויינען ביי זיין אוהל.

**זאב וואלף יחיאל לאנדא**

המו״ל ספר חידושי ש״י

# מיין טאטע ז״ל

דער שרייבער פון די שורות, איז דער זון פון הרב שמואל יצחק לאנדא ז״ל, וואָס איז געווען רב אין סאָכאַטשעוו אין די יאָרן תרס״א—תרע״ב.

אין דער צייט פון זיין רבנות האָט געהערשט שלום אין שטאָט, און אַלע טיילן פון דער באפעלקערונג האָבן זיך באצויגן צו אים מיט טיפן דרך ארץ. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע פיינע מעלות, מיט זיין אמת און פשטות אין באצוג צו יעדן איינעם, גרויס צו קליין.

אויך האָט ער זיך אויסגעצייכנט אויפן פילאנטראָפּישן געביט, אויסער זיין טעטיקייט אויפן געביט פון דער ישיבה ווו ער האָט געגעבן א שיעור, דאָס האָט ער געגרינדעט דעם „הכנסת אורחים" אונטער דעם אויפזיכט פון אברהם חיים קופער, לייבוש קעלער, מאיר דייכוס און דוד ליכטנשטיין. ער האָט אויך געגרינדעט די „חברת לינת הצדק", וואָס פלעגט שיקן פרייוויליקע צו באַוואַכן און העלפן אָרעמע קראנקע. אויך פלעגט דער טאַטע ע״ה ארויסגעבן די צעטלען אויף צו באקומען רפואות אין דער אַפּטייק און געשיקט קראנקע צו דאָקטוירים אָן געלט. אויך די פעלדשערס סקאָטניצקי און לייבוש פעלד־שער, פלעגן באזוכן קראַנקע אָן געלט. כ׳געדענק, אז משה ענגעלמאַן, הענעך זאַיאָנץ און שלמה גראדזשיסקער — אלע אויפן עולם האמת — פלעגן צוזאמען מיטן טאטן זאמלען געלט אויף די נויטיקע הוצאות.

ביי אלעמען איז דער טאטע ז״ל געווען באליבט, אויך ביי דער חברת משניות און חברת תהלים. כדאי צו דערמאָנען די געשטאַלט פונעם שמש פון דער חברת תהלים, ה׳ יקיר, א שוסטער, וועלכער פלעגט וועקן די יידן צו זאָגן תהלים. — „מיינע ליבע לייטן איך וועל אייך עפּעס זאָגן: דער זייגער האָט שוין דריי געשלאָגן, און מען דארף שוין תהלים צו זאָגן". די ווערטער זענען געווען זיס און האַרציק, און די יידן פלעגן אויפשטיין און גיין זאָגן תהלים.

איינמאָל אין אַ ווינטער נאכט, איז ר׳ יקיר אומגעפאלן אין טיפן שניי, און זיך נישט געקענט רירן פון אָרט. ער איז שוין דאַן געווען א זקן. פלוצים באוויזט זיך לעבן אים אַ הדרת־פּנימדיקער ייד, הייסט אים אויפשטיין און ווייטער רופן צום

תהלים־זאָגן. ער איז אָבער באלד פארשוווּנדן, און ר׳ יקיר, פּלעגט זאָגן, אז דאָס איז געווען דוד המלך...

דער קול תורה און קול תהלים פלעגט זיך הערן אין סאָכאַטשעוו ביז אינדערפרי.

און זאָל דאָ דערמאָנט ווערן די תלמוד תורה מיטן גבאי ר׳ ברוך נ י י מ א ן און דער מלמד ר׳ משה א י ט ש ע. פון אָנהויב חודש אלול פלעגן זיי קומען מיט די תלמידים זאָגן תהלים אין בית מדרש יעדן אינדערפרי; און דאַן פלעגט מען



ר׳ הערשל בזשעזשינסקי

זיי טיילן קיכלעך און צוקערלעך. דער טאטע ז״ל איז געווען דער בוחן, וואָס האָט עקזאמינירט די תלמידים. ער פלעגט זיך אינטערעסירן מיט יעדן קינד באַזונדער, און זאָרגן פון אָנפאנג ווינטער פאר שטיוועלעך און ווארעמע מלבושים. אויך דער מלמד האָט געלערנט מיט זיינע תלמידים מיט גרויסע ליבע און מסירות נפש צו יעדן קינד, און אזוי אויך די אנדערע מלמדים ר׳ י ע נ ק ל מ ל מ ד און ר׳ י ש ע י ה ו י ו נ ה.

און ווער געדענקט נישט דעם אלטן ר׳ בינם מלמד, וואָס פלעגט זיך עוסק זיין מיט שאפן געלט פאר ארץ־ישראל? ער האָט תמיד געלערנט, און זיין פרוי האָט געהאט א שטעל אויפן מאַרק, געהאנדלט מיט זאָקן און מפרנס געווען די שטוב.

און זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן דער שטאָט־מוהל הירש פרידמאַן, וואָס פלעגט אַן ווען ס׳איז לוין ארומפאָרן איבער די דערפער און מל׳ן קינדער, און אפילו פאר הוצאות נישט נעמען.

אונדזער גבאי ר׳ הערשל בזשעזשינסקי האָט מיט מסירות נפש אויפ־געפאסט אויפן עירוב, ער זאָל זיין בסדר.

און די אלע געשטאלטן זענען בלויז יחידים אין דער טייערער מענטשלעכער מאָזאַיק פונעם אַלטן סאָכאַטשעוו.

מ. ב. שטיין

# אלכסנדר זישא פרידמאן

אלכסנדר זישע פרידמאן האָט שוין אין די לעצטע יאָרן פאר דער היטלער־מלחמה נישט געהערט צו סאָכאַטשעווו אליין. אלס גענעראל־סעקרעטאַר פון אגודת ישראל אין פוילן, האָט ער געהערט צום כלל פון פוילישן יידנטום.

זיין זיידע פרימאן הירש פרידמאן, איז געווען פון די אנגעזעענסטע סאָכאַ־טשעווער עסקנים. אלכסנדר זישעס יוגנט און בחור יאָרן זענען אדורך אין סאָכאַ־טשעוו, און ער איז געווען א תלמיד אין דער סאָכאַטשעווער ישיבה אויפן נאָמען פון רב ר׳ אברהמעלע סאָכאַטשעווער.

שוין אלס בחור האָט זישע פרידמאן (אזוי האָט מען אים דעמאָלט גערופן) זיך ארויסגעוויזן אלס פעיק צו לערנען, און נישט איין סאָכאַטשעווער געדענקט נאָך היינט זיין קלינגענדיק קול, וואָס האָט אפגעהילכט אין סאָכאַטשעווער רבינס גרויסן בית־המדרש פון פארטאָג ביז שפעט אין דער נאכט. פון יענעם פעריאָד אין זישע פרידמאנס לעבן דערציילט ד״ר הלל זיידמאן אין „מאָרגן זשורנאל״ פאָל־גנדיקן עפיזאָד:

„איז געווען אין ווארשע א ייד א גביר, א הויז־באזיצער און א סוחר, וואָס האָט אימפאָרטירט זייגערלעך פון דער שווייץ. מאיר יואל שווארצשטיין האָט ער געהייסן. איז דער געפאלן אויף א המצאה, ווי אזוי אריינצוגעבן אין יונגע בחורים חשק צו לערנען: ער האָט פארהערט און, אז מ׳איז בייגעשטאנען גוט דעם פארהער — דער דאָזיקער ייד איז געווען אויך אליין א תלמיד חכם — האָט מען באקומען „א פרעמיע״: אן עכט שווייצאריש זייגערל. די בעסטע עילויים האָבן באקומען די בעסטע זייגערלעך.

זישע פרידמאנס זייגערל, וואָס ער האָט באקומען ביי בר־מצוה, איז נאָך „געגאנגען״ — האָט ער מיר געוויזן — ווען ער איז אלט געווען עטלעכע און פערציק יאָר״.

די סאָכאַטשעווער פרעמירטע בחור־יאָרן זענען אלכסנדר זישע פרידמאן

נאָכגעגאַנגען און אריינגעלויכטן אין זיין ווארשעווער פּאָליטישער טעטיקייט; דערציילט ווייטער ד״ר הלל זיידמאַן:

„און כל ימיו, ווען ער איז געווען טרוד ביז גאָר, האָט ער נישט נאָר געקענט לערנען, נאָר אויך ג ע ל ע ר נ ט. און נישט נאָר ש״ס' נאָר אויך תנ״ך. ער האָט געהאַט סמיכה, אָבער נישט געוואָלט זיין קיין רב. הגם ער האָט געהאַט אלע מעגלעכקייטן דערצו.

זיינע חדושי תורה, פאַרעפנטלעכט אין „דגל התורה״ ארויס־געגעבן אין ווארשע אין די צוואַנציקער יאָרן, פון הרב מנחם כשר, (דער מחבר פון „תורה שלימה״) האָבן ארויסגערופן אנערקענונג ביי לומדים. זיין ספר „כסף מזוקק״ — וועלכן דער באַוווסטער ווארשעווער באַנקיר און נדבן רפאל שערעשעווסקי האָט אים א נאָמען געגעבן — איז געווען אי פּעדאַגאָגיש, אי לומדיש. זיינע זאַמלונגען אויפן נאָמען „דער תורה קוואַל״ זענען געווען נישט נאָר בלויז פרעמדע „זאַכן״ נאָך אויך אייגענע און פול מיט בקיאות און שאַרפזין.

ער האָט ליב געהאַט העברעאיש. געווען דער פּיאָנער פון דער העברעאישער פּרעסע פון אגודת ישראל אין פּוילן. געווען דער גרינדער און רעדאַקטאָר פון דער צייטונג „דגלנו״ און שפּעטער פון „דרכנו״, וועלכע זענען דערשינען אין ווארשע.

זיינע ארטיקלען אין „יוד״ און אין „יידישן טאַגעבלאַט״ אין ווארשע זענען געווען פול מיט טעמפּעראַמענט און לאָגיק. זיין סטיל איז געווען שיין און קלאָר.

זישע פרידמאַן איז געווען דער גרויסער אָרגאַניזאַטאָר. אלס גענעראַל־סעקרעטאַר פון אגודת ישראל אין פּוילן, האָט ער א סך בייגעטראָגן צום אומגעהייערן וווקס פון דער אָרגאַניזאַציע אין די לעצטע יאָרן. א סך כוחות אריינגעלייגט״.

אלכסנדר זישע פרידמאַן דער גרויסער אָרגאַניזאַטאָר, וואָס האָט א סך ביי־געטראָגן צום וווקס פון דער „אגודת ישראל״ אין פּוילן, דער גענעראַל סעקרעטאַר פון „אגודת ישראל״, איז אָבער געווען מער כלל טוער ווי פּאָליטישער־טוער. „די פּאָליטיק״, האָט ער איבערגעלאָזט פאַר אנדערע, און דער עיקר זיך פאַרנומען מיט דערציאונג. ער איז געווען עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון דער רעליגיעזער חנוך־אָרגאַניזאַציע „חורב״, דער המשך פון די סאָכאַטשעווער ישיבה־יאָרן, ווען ער האָט געלערנט מיט בחורים, געווען ממונה איבער דער ישיבהשער בחורישער „מלביש־ערומים״, און אזוי האָט אים געטראָפן דער אומגליק פון יידנטום, די נאַצישע אינוואַזיע קיין פּוילן. און ד״ר הלל זיידמאַן דערציילט:

„ס'איז געקומען די מלחמה, און דעמאָלט האָט זיך אנטפּלעקט דער אמתער זישע פרידמאַן. שוין פון סאַמע אָנהויב איז דער גרעסטער

קרבן געווען דער אָרטאָדאָקסישער ייד, און ספּעציעל די רבנים, מחנ־כים, תּלמידי חכמים, ישיבה־בּחורים (פּאַרוואָס — אַ צווייט מאָל — ז.)

איז ר׳ זישע פרידמאַן געווען דער וואָס האָט געלאָזט הערן דאָס בת קול: „אוי להם לבריות מעלבונה של תורה״. ער איז געווען דער שטענדי־קער מאָנער פאַר דער דאָזיקער קאַטעגאָריע באַגאַטעליזירטע, גרינג־געשעצטע, באַוואָלטע. ער האָט נישט אויפגעהערט איבערחזרן אין די אַלע קאָמיטעטן, הילפס־אָרגאַניזאַציעס, קהילה־אינסטיטוציעס, „דזשאָינט״, א.ד.גל.: „הוי לדור שאתה פרנסו שאי אתה מפרנסו, שאי אתה יודע בצערן של תלמידי חכמים״. און מען האָט זיך מיט אים גערעכנט. הן צוליב זיין ערלעכקייט, הן צוליב דעם, ווייל מ׳האָט געוווּסט, אַז ער, דער אגודה־פירער, איז דער רעפּרעזענטאַנט פונעם רעליגיעזן יידנטום. וואָס ווייטער האָבן אים אַלע אָנערקענט פאַר דעם מנהיג פונעם רעליגיעזן יידנטום. הגם ער האָט נישט געוואָלט פאַר־נעמען קיין שום אָפיציעלע שטעלע.

ער איז איינגעלאַדן געוואָרן נאָך אין יאָר 1940, אַלס מיטגליד צו דער קהילה: ער האָט אָפּגעזאָגט. שפּעטער האָט דער קהילה־פּרעזעס אַדאַם טשערניקאָוו, פיל מאָל זיך צו אים געווענדעט מיט דער בקשה אָנצונעמען די מיטגלידערשאַפט פון דעם קהילה־ראַט. מ׳דאַרף גע־דענקען, אַז דערמיט איז געווען פאַרבונדן, אַ חוץ 1.000 זלאָטעס פּענסיע אַ חודש, אַ גאַנצע ריי פון נוצן, און אויך אַ געוויסע זיכער־קייט. ער האָט קיינמאָל נישט מסכים געווען. ער האָט זיך געוויד־מעט אויסשליסלעך דער אַרבעט.

די דאָזיקע טעטיקייט, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן גאַנץ באַשיידן פון עטלעכע זלאָטעס שטיצע פאַר נויטבאַדערפטיקע, איז אויסגע־וואַקסן צו אַ גראַנדיעזן־פאַרצווייגטן הילפס־אַפּאַראַט, מיט פיל פאָלקס־קיכן, שולן געהיימע תלמוד־תורה׳ס, ישיבות, בית־יעקב קורסן, שי־עורים, ביבליאָטעקן״.

ער איז שוין געווען אין זיין פולער רייפקייט, ווען די נאַצישע מערדער זענען אַריין קיין פּוילן. פון די איינצלנע פּאָליטישע יידישע טוער, וואָס זענען נישט געלאָפן ראַטעווען די אייגענע הויט און איבערגעלאָזט דעם יידישן כלל הפקר. אַלכּסנדר זישע פרידמאַן איז געבליבן אין דער אומגליקלעכער צייט פון זיין פּאָזי־ציע, און צוזאַמען מיט אַנדערע איבערגעבליבענע געטראָגן דעם יידישן גורל אין געטאָ.

„אַלכּסנדר זישע פרידמאַן האָט זיך איינגעגעבן אַריינצובאַקומען אַלס שוסטער אין דער „שאָפּ״ פון דער דייטשער פירמע „שולץ״ אויף נאַוואַליפּיע 46—44, ווו דער לייטער איז געווען ה׳ אברהם ה ע נ ד ע ל,

און ווו עס האָבן זיך געשיצט א סך רבנים, רביים און תלמידי חכמים.
ער ציט זיך איבער אין דער וווינונג פון ה׳ יוסף ק ר ע ל (יוניאר) אויף נאוואליפיע 59. א גאנצן טאָג אָדער א גאנצע נאכט, 12 שעה אין מעת לעת ארבעט ער ביים וואר־שטאט. איך האָב אים דאָרט באזוכט. ער זיצט אין א גאנץ פיינער געזעלשאפט: משה בצלאל, (אלטער דעם גערער רבינס ברודער), דער פיאסעטשנער רבי ר׳ קלונימוס ש פ י ר א דער סאסנאוויצער רבי ר׳ דוד ה א ל ב ע ר ש ט א ט רב ר׳ א ל ט ע ר די ברידער ראפאָפּאָרט מענדעלע, שמחה, אהרן און יעקב פון ביליץ. מען ציט ארויס טשוועקעס פון אלטע שטיוול, און מען לערנט אויסנווייניק משניות, וואָס ליגט אויף די קניען אונטערן טיש־ברעט. ר׳ זישע פרידמאן לערנט פארן עולם. מען האלט פונקט ביים משניות סדר מועד. אָוונט, ווען מען קומט א היים פון דער ארבעט, לערנט ער א שיעור גמרא בעיון, מיט שטילע יונגעלייט, און א קאפיטל תנ״ך: ירמיהו. אזוי לעבט מען צווישן פחד און האפענונג, און מען שעפט קראפט פון דער תורה, „פונעם אייביקן קוואל״. זישע פרידמאן פארענדיקט אויך זיין ספר פון פירושים אויף תורה און נ״ך א. נ. „אבן האזל״. ער ווייזט מיר עטלעכע געדאנקען, וואָס זענען אים אויפגעקומען טאקע ביים „וואַרשטאט״. איך פאַרשטיי ווי רבי יוחנן הסנדלר האָט געקענט זיין א שוסטער און א תנא אין איין צייט...״

ער טרינקט פונעם גאליקן בעכער ביזן סוף. איינער אליין געבליבן פון זיין פאמיליע. אין דער פארצווייפלונג דערהויבט ער זיך און שרייבט א ליד.

„דערביי איז ער שטארק פארזוייטיקט. ער איז געבליבן איינער אליין. פארלוירן די גאנצע משפחה: זיין פרוי און זיין געראטן טעכטערל, וועלכע ער האָט געהאַט 11 יאָר נאָך דער חתונה, און וועלכע איז אלט געווען 13 יאָר. א פראכטפול קינד, דערצויגן ווי אזא מחנך ווי זישע פרידמאן קען דערציען. ער האָט אָנגעשריבן א העברעאישן שיר, אין וועלכן ער האָט באקלאָגט זיין געליבט קינד. ער ווייזט אים מיר: ער שרייבט דאָרט, ער ווייסט נישט אויף וואָס צו בעטן, צי אויף איר צוריקקומען, צי זי זאָל שוין ניט זיין: זי זאָל האָבן א לייכטן טויט, און נישט ליידן קיין טאָרטורן״.

די נאצישע מערדער האָבן אים נישט געקענט צעברעכן. פעסט ווי א דעמב שטייט ער אין אלע נסיונות, דערפילט ווייטער זיין אויפגאבע, וואָס איז געוואָרן א חלק פון זיין איך — העלפן יידן. אָבער ווי אזוי העלפן, אז עס איז שוין באלד נישטאָ וועמען צו העלפן, און די וואָס לעבן נאָך מוזן לעבן אונטערערדיש אויסצומיידן די געפאר וואָס הענגט ווי א שווערד איבער די קעפּ און די שווערד קען זיך יעדע

מינוט אראָפּלאָזן? פארגראָבן אין בונקערס אויפן מאָדערנעם לשון לערנען זיי תורה און ד״ר הלל זיידמאן דערציילט:

„אין געטאָ ווארשע איז דערפינדן געוואָרן א קאָמבינאַציע: ישיבה־בונקער.

„בונקער״ וואָס ביי די דייטשן האָט עס באדייט א נעסט מיט א מאשינען־געווער, פון וואנען מען האָט ארויסגעשאָסן האָט אין געטאָ געמיינט — אן אונטערערדישע הייל, ווו יידן האָבן זיך אויסבאהאלטן פאר די נאצישע שחיטות. אָפטמאָל זענען די בונקערס געווען פארזען מיט פארשידענע באקוועמלעכקייטן: וואסער־לייטונג, עלעקטרישע ליכט, גאז, און ווען אין אזא „בונקער״ זענען געזעסן בחורים מיט גרויסע רבנים און האָבן געלערנט, איז עס געווען — ישיבה־בונקער. א סך אזלעכע געווען אין ווארשעווער געטאָ.

ווער האט זיי באזארגט מיט שפייז? מיט סטאקס צו קענען איבערהאלטן?

און דא קום איך צו א ניי קאפיטל „זישע פרידמאן״. צום לעצטן און זיכער איינס פון די שענסטע דערהויבנסטע, נישט בלויז אין זיין לעבנס־געשיכטע נאר אין דער געשיכטע פון ווארשעווער יידנטום בכלל.

זישע פרידמאן, שוין אן זיין פאמיליע, ארבעטנדיק אלס „שוסטער״ אין שולצס „שאפ״, לויפט ארום גאנצע טעג — און א סכנה געווען דעמאָלט ארויסגיין אין גאס — קלאפט אן אין אלע טירן און זאמלט שפייז פאר די אונטערערדישע (דאס מאל שוין נישט אין איבער־טראגנדיקן זין פונעם ווארט, נאר טאקע אין ווערטערלעכן, פשוטו כמשמעו) ישיבות.

די אויפגאבע איז א שווערע, ווייל אין דעם מאל האנדלט זיך נישט, ווי ביז איצט, בלויז דעם טאג איבערצוקומען, ניין, דאס איז נישט גענוג. מען מוז אנגרייטן „סטאקס״, ווער ווייסט אויף ווי לאנג? אויף וואס לענגער איז בעסער. ווייל דארף מען דאך איבערהאלטן, איבער־לעבן ביזן סוף. ד. ה. ביז צום טאג פון באפרייאונג (אז מ׳וועט אונטערצינדן און ארייגווארפן באמבעס אין די קעלערן — האט מען דעמאָלט נישט געקענט וויסן).

— זישע פרידמאן געפינט פאר דער זאך מענטשן מיט פארשטענ־דעניש פאר תורה, פאר קידוש השם. אין איינער פון זיין שענסטע אנטפלעקונג. אברהם געפנער, דער פרעזידענט פון צענטראלן יידישן סוחרים־פארבאנד פון פאר דער מלחמה איז איצט דער אנפירער פון דער שפייז־אפטיילונג פונעם יידן־ראט: יצחק גיטערמאן און דוד

גוזשיק, די מסירות־נפשדיקע „דזשאינט"־דירעקטאָרן (נישט קיין לייכטע זאך דעמאלט געווען צו זיין דזשאינט־דירעקטארן... היינט איז עס לייכטער...) האבן זיך ווארעם אפגערופן, צוגעשטעלט די נויטיקע סומען און גרויסע רעזערוון פון שפייז.

פרידמאן באזארגט אויך די רבנים מיט שפייז, וואס לערנען מיט די תלמידים אין די ישיבות. די גדולי התורה רבי מנחם זעמבא, רבי אדי פראמער, דער געוועזענער קאזשעגלאווער רב און שפעטער ראש ישיבה פון לובלין, ר' אדי לייב לאנדוי, דער קאליביעלער רב און אויך ראש ישיבה אין לובלין, וואס זענען דעמאלט געווען אין ווארשע.



ר' יהושוע (שיע) פרידמאַן מיט זיין פרוי
די עלטערן פון אלכסנדר זישא פרידמאַן

און אזוי זיצן הונדערטער ישיבה־בחורים אין בונקערס און לערנען טאג און נאכט בעיון, זענען מחדש חדושים, און די רבנים זאגן שיעורים ,שמועסן און לערנען...

אויבן, אין דער „לעגאלער" וועלט בושעווען די נאצישע מערדער, באגייען די שוידערלעכסטע אכזריותן און אונטן, אונטער דער ערד זיצן יידן אין טיפן זיך אין תורה, זינקענדיק אין שאול

תחתיות פון פיין, דערהויבט מען זיך צו די העכסטע הויכקייטן פון גייסטיקער גבורה.

די מאכט פון שווארצסטע פינסטערקייט הערשט אויבן, און דאס ליכט פון קדוש השם — אין לעבן — גייט אויף פון אונטער דער ערד. פון די טיפסטע מעמקים דערהויבט זיך דאס קול תורה.

איך בין נישט איינמאָל געווען אין אָט די ישיבה־בונקערס. ס׳ערשטע מאל, ווען איך בין אהין אריינגעקומען, פון דער גאס ווו די נאצישע בעסטיע האט געלויערט אויף יעדן טריט, האבן פאר מיר אויפגעטויכט בילדער פון אוראלטע צייטן: פון רבי שמעון בר יוחאי, וואס האט געלערנט תורה אין דער מערה, אויך אין א ישיבה־בונקער: פון די אנוסים פון שפאניע, וואָס האָבן געדינט גאָט אויך אין די מעמקים, און וואָס זייער ליכט שיינט ביז היינט.

אזוי דארף אויך שיינען דאס ליכט פון די ישיבה־בונקערס פון ווארשעווער געטא.

הימלען און אפגרונטן האבן זיך דעמאָלט צונויפגעפראַלט. און צווישן זיי האט געפלאטערט די נשמה פונעם פאלק. און דאס ליכט פון „דארטן" — דאס איז זייער צוואה.

אין אונדזער קאָסטבאַרסטע ירושה זאלן מיר דערזען דאס ליכט און אפהיטן די ירושה".

ביז אפריל 1943 איז זישע פרידמאן געווען טעטיק אין ווארשעווער געטא. ער איז געווען מיטגליד פון דעם ווידערשטאנדס־קאמיטעט, און אין דער צייט האבן אים די מערדער אוועקגעשיקט פון ווארשע אין דעם ארבעטער־לאגער „טראווניק" לעבן לובלין. ביי איינער פון די „סעלעקציעס" איז ער פון דארט אוועקגעפירט געווארן אין אן אומבאקאנטער ריכטונג.

כבוד זיין אנדענק!

ת. נ. צ. ב. ה.

## עוזר ווארשאווסקי

געבוירן 1898 אין סאָכאַטשעוו. בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און שפּעטער אין וואַרשע, פון 1923 אין מערב־אייראָפּע, בערלין, לאָנדאָן און צענדליקער יאָרן אין פאריז. 1941 געבליבן — ביים דייטשן אָקופּאַנט.

לעא קעניג

# עוזר ווארשאווסקי

## א.

...ווען מיר גייען ריידן וועגן עוזר וואַרשאַווסקי דעם קינסטלער, דאַרפן מיר זיך אָנטאָן אַ כוח און פאַרגעסן אין זיין טראַגישן סוף: מיר האָבן נאָך גענוג



עוזר ווארשאווסקי

זעלבסטווירדע — און מיר זענען עס שולדיק אונדזער ליטעראַטור — ניט נושא פנים זיין אונדזערע קינסטלער, ווייל זיי זענען געפאַלן ווי מאַרטירערס.

און איך בין אַזוי זיכער, אַז עוזר וואַרשאַווסקי וואָלט אַליין אויך דאָס געוואָלט.

איך זע וואַרשאַווסקיס שלאַנקע עלאַסטישע פיגור. זיין בלייך, געשפּיצט, האַלבייניש געצייכנט פּנים, ווי ער זאָגט, שטייענדיק ביי אַפּעריטיף אין אַ קאַפע אויפן מאָנפּאַרנאַס:

— גיי, פאַרגעס עס... דערמאָן עס אפילו ניט... ווילסט מיך צייכענען — צייכן; ווילסט מאָלן מיין פּאָרטרעט — מאָל... מאַך אַ גוטע זאַך, אָבער אָן די שמן־זית־מליצות וועגן קדושים־מאַרטירער. איך האָב אַ גוט פּנים פאַר אַ הייליקן אַנטאָני, אָדער ר׳ נחמן... אָבער היט זיך ניט אַריינצופאַלן אין קינסטלערישער פאַלשקייט, אין פּאָזע... אין „קאָמפּאָזיציע"... מאַך אַ גוטן פּאָרטרעט, אויב דו קענסט. אַ מענטשלעך פּנים איז דאָך אַ וועלט מיט פאָרמען, ליניעס. און אַ מאַרטירער־קראַנץ אויפן שאַרבן ווירקט דאָך טעאַטראַל און קאָן קאַליע מאַכן אַ גוטן פּאָרטרעט פון אַ מענטשן.

...רייד ניט פון מיין סוף. איך בין גלאַט פאַרשוווּנדן געוואָרן, ווי איינער פאַרשווינדט אין אַ געדיכטן ענגלישן נעפּל. איך בין ווי איינער וואָס איז פאַרלוירן געוואָרן וויט אין דער פרעמד, מען ווייס נישט ווו, וויט פון אייגענע און פריינד. ס׳איז בעסער אַזוי, ווייל עס שטאַרבן נאָר די, וואָס מען זעט זיי שטאַרבן, אָבער פאַרשווּנדענע, פאַרלוירענע — גלייבט מען, זיי וועלן זיך נאָך אומקערן... דערפאַר, ווייס מען ניט צי מען דאַרף זיצן שבעה נאָך זיי.

די אומשטערבלעכקייט פון פאַרלוירענע און פאַרשווּנדענע. אפשר די איינציקע אומשטערבלעכקייט...

## ב.

עוזר וואַרשאַווסקי איז — און וועט בלייבן — אַן איינזאַמע פיגור אין אונדזער ליטעראַטור. אַ יחיד במינו אין פיל וויכטיקע פּרטים:

ער איז דערשינען ביי אונדז נישט ווי דער רוב יידישע שרייבער, מיט „ערשטע טריט", מיט סקיצן, קורצע, צוזאָגנדיקע דערציילונגען, לידער; ער איז מיט־א־מאָל דערשינען און גלייך אָנערקענט און באַרימט געוואָרן אין אונדזער ליטעראַטור מיט אַ גרויס ווערק, מיט אַ גרויסן ראָמאַן. און דאָס איז אַ זעלטנקייט. איך קאָן זיך ניט דערמאָנען, ווער פון אונדזערע עלטערע און יינגערע יידישע שרייבער און דיכטער זאָל האָבן געמאַכט אַזאַ צייטיקן, אַזאַ פאַרטיקן אַריינטריט אין אונדזער ליטעראַטור.

מסתמא האָט ער אויך געשריבן פ אַ ר ן דערשיינען פון זיינע „שמוגלאַרס"; אפשר האָט ער אויך עפּעס אָפּגעדרוקט, אָבער קיינער האָט זיינע ערשטע טריט נישט געהערט. פּלוצים דערשיינט אין וואַרשע אַ יידישער ראָמאַן — אַ גרויסער, אַ

קרעפטיקער, אַ נייער ראָמאַן — און עוזר וואַרשאַוסקי ווערט באַרימט, עוזר וואַרשאַווסקי ווערט אַ פיגור אין אונדזער ליטעראַטור. (שוין דער קלאַנג אַליין פון זיין נאָמען עוזר וואַרשאַווסקי דערמאָנט עפּעס פּאַרטיקס, צייטיקס. כאָטש ער איז מסתמא געווען אין די ערשטע צוואַנציקער, ווען ער האָט אָנגעשריבן דעם ראָמאַן). נאַטירלעך וועלן מיר זיך אַלע שטאַרק פרייען, ווען ס׳וועלן זיך נאָך געפינען נישט־פאַרעפנטלעכע, וויכטיקע כתבים זיינע. אין זיינע לעצטע יאָרן פלעגט ער שטענדיק עקספּערימענטירן אין זיין שרייבן, אָבער פון ניינצן צוואַנציק אָן ביז איצט קענען מיר אים דערהויפּט ווי דער מחבר פון „שמוגלאַרס״.

אַוודאי ווייסן מיר, אַז ער האָט אויך נאָך דעם ראָמאַן געשריבן פיינע דער ציילונגען. אַ גרעסער ווערק „שניטצייט״, אַ פּאָר עסייען; מיר געדיינקען אויך דעם קורצן פעריאָד, ווען ער איז געווען פאַרבונדן מיט דער אימאזשיניסטיש־עקס־פּרעסיאָניסטישער גרופּע „כאַליאַסטרע״; מיר קענען און האָבן ליב דעם „פּאַ־ריזער״ עסטעטיזירנדיקן נאַטוראַליסט עוזר וואַרשאַווסקי; אָבער זיין לעבנס־ווערק, זיין איינציק ווערק איז, ווי ווייט מיר קענען עס איצט זען, זיין ראָמאַן, אָדער ריכטיקער, גרויסע נאָוועלע — „שמוגלאַרס״.

ג.

אַ יחיד במינו.

אַ שרייבער, וואָס איז פּלוצים נתגלה געוואָרן מיט אַ גרויס קינסטלעריש ווערק, און האָט פּונקט אַזוי פּלוצים אויפגעהערט שרייבן.

„אָ, עוזר וואַרשאַווסקי, האָבן שרייבער־קאָלעגן צווישן זיך גערעדט, איז אַ גרויסער טאַלאַנט, אָבער ער האָט דאָך אויפגעהערט צו שרייבן, ער שאַפט דאָך איצט גאָרנישט״...

גלייך ווי ס׳וואָלט געווען אין גאַנצן און נאָר די שולד פון דעם דער־פאַלגיקן שרייבער ווען ער הערט מיט־אַ־מאָל אויף שרייבן, גלייך ווי מען וואָלט נישט געדאַרפט זוכן די אמתע סיבות פון דעם אַנטשוויגן ווערן אין דעם אַלגע־מיינעם סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן הינטערגרונט.

און — דאָס ווילט זיך מיר איצט באַטאָנען — גלייך ווי ס׳וואָלט גאָר געווען אַ גרויסער מעלה וואָס אַ סך שרייבער הערן נישט אויף צו שרייבן און האַלטן אין איין איבערחזרן זייער ערשטן דערפאָלג, כדי צו מאַכן אַ בכבודיק לעבן. עס קאָן גריילעך זיין, אַז אַ סך שרייבער — אין אַלע ליטעראַטורן — וואָלטן גאָר אַ סך געוווּנען, ווען זיי הערן אויף שרייבן, אויב זיי האָבן אין דער אמתן שוין מער נישט וואָס צו זאָגן. אמתע שרייבערישע גבורה באַשטייט אפשר אין גובר זיין דעם „יצר״ צו „שאַפן״ נאָך און נאָך.

פאַרשטייט זיך, אַז „אַרבעטן" איז אַ גרויסע זאַך, אָבער מער אויפן איכות ווי אויפן כמות... און איך מוז מודה זיין אויף אַ שוואַכקייט: מיין ליבשאַפט און אַכטונג צו וואַרשאַווסקין זענען געשטיגן, כאָטש — אָדער ווייל — איך האָב געוווּסט, אַז ער האָט אויפגעהערט שרייבן. אין „זיין אויפהערן שרייבן" האָט זיך געלאָזט הערן די קינסטלערישע ערלעכקייט, וואָס זאָגט: נאָך וואָס האַלטן אין איין איבערחזרן זיך, אַבי נאָר אויפצוהאַלטן די געוווינטע בכבודיקע פּאָזיציע, אַ שטאָט אין מזרח.

איך בין שוין לאַנג געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אַן אמת גוטן שרייבער דערקענט מען אפשר מער פון דעם, וואָס ער שרייבט נישט, ווי פון דעם, וואָס ער שרייבט. ס׳ווילט זיך אָפּט באַדויערן די באַרימטע נאַציאָנאַלע אויבנאָן־פּאָעטן און שריפטשטעלער: אין זייער יוגנט זענען זיי געווען אַזוי סימפּאַטיש, ספּאָנטאַן־שעפעריש.

## ד.

אין אונדזער ליטעראַטור איז עוזר וואַרשאַווסקי דער איינציקער, דאַכט זיך, וואָס איז אַרויסגעקומען מיט אַ בוך, וואָס האָט אים גלייך אָוועקגעשטעלט צווישן די ערשטראַנגיקע דערציילער פון יענער צייט. און דאָס בוך — „שמוגלאַרס" — איז געבליבן זיין איינציקער בוך.

פאַרוואָס?

איז דאָס, וואָס מען רופט „טאַלאַנט", אַזאַ זאַך וואָס קאָן פלוצים אויפבליצן און פונקט אַזוי זיך אויסלעשן?

איז עס געווען וואַרשאַווסקיס קראַנקייט וואָס האָט אים געשטערט ווייטער צו שרייבן? האָט דאָך גאָרקיס שווינדזוכט אים גאָרנישט געשטערט לאַנג צו שאַפן. (אגב האָט ער, גאָרקי, זיין בעסט בוך „זכרונות", אָנגעשריבן אין שפּעטע, צייטיקע יאָרן פון זיין לעבן).

איז דען ניט אַ קראַנקייט אָפּט אַ סטימול צו קאָנצענטרירטער אַרבעט? וואָלט, למשל, מארסעל פּראָסט געשריבן זיין גרויסן ווערק ווען נישט זיין אַסטמע?

פאַרוואָס זשע האָט וואַרשאַווסקי אויפגעהערט צו שרייבן? פאַרוואָס קענען מיר אים נאָר פון זיינע „שמוגלאַרס"?

איז י. מ. ווייסענבערג, וועלכער האָט „אַנטדעקט" וואַרשאַווסקין, געווען גערעכט, ווען ער פלעגט ברוגז טענהן, אַז עוזר האָט אויפגעהערט שרייבן, ווייל ער איז אַוועק פון פוילן, זיין באָדן, און האָט זיך באַזעצט אין פּאַריז? אָט זענען דאָך אַנדערע באַרימטע יידישע שרייבער אַוועק פון פוילן און דאָך (אָדער, דאַכט זיך עס טאַקע נאָר?...) זיך אַנטוויקלט און אויסגעוואַקסן קינסטלעריש אויף פרעמדע באָדנס. מען קאָן אפשר זאָגן, אַז דער רוב דיכטער און קינסטלער אונד־

זערע וואַנדערן פון לאַנד צו לאַנד צוזאַמען מיט זייערע מאַסן־לייענער, דאָס הייסט, אַז זייער באָדן וואַנדערט מיט זיי. און ווער פון אונדז דאַנקט עס נישט גאָט אַצינד, וואָס אַזאַ גרויסע צאָל פּוילישע יידן מיט זייערע דיכטער האָבן פאַלאָזט זייער פּוילישער היים אין די יאָרן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות?

„פּאַריז האָט וואַרשאַווסקין געשאַדט" — ווען איך האָב דאָס געהערט פון ווייסענבערגן, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז ס'וואָלט אים, דעם קינסטלער, ווייסענבערגן, גאָר ניט געשאַדט, ווען אויך ער לעבט אַ פּאָר יאָר אין פּאַריז, ווען ער זעט זיין יידיש פּוילן אַ געוויסע צייט פון דער ווייטן...

## ה.

עוזר וואַרשאַווסקיס ראָמאַן אין דריי טיילן „שמוגלאַרס" איז דערשינען אין ניינצן צוואַנציק — דאָס הייסט אין דער צייט, ווען אין אייראָפּע האָט זיך שוין אָנגעהויבן ווייזן דער קריזיס, וואָס האָט געפירט צו דער צווייטער וועלט־מלחמה; און אין אונדזער יידישער ליטעראַטור, ווי אין אונדזער וועלטלעכן נאַציאָנאַליזם בכלל, האָט זיך שוין אָנגעהויבן שטאַרק פילן אָט דער אינעווייניקסטער און גע־פערלעכער קריזיס, פון וועלכן מיר זענען נאָך עד היום נישט אַרויס. דער נאַיווער פּלאַטאָנישער אידעאַליזם פון דער אייראָפּעישער אינטעליגענץ נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן אויסוועפּן, און ס'האָבן זיך גענומען ווייזן אָט די עקאָנאָמישע, נאַציאָנאַלע און אידעאָלאָגישע ווידעראַנאַנדן און קאָנפליקטן, וועלכע האָבן כמעט חרוב געמאַכט אייראָפּע און דאָס אייראָפּעישע יידנטום אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

מיט פרצס טויט האָט זיך אָפּגעטאָן דער גלאַנץ פון דעם צענטער וואַרשע. דער גרויסער ליטעראַרישער צענטער האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעליידיקט און איז פאַראָרעמט געוואָרן, כמעט אַלע זענען זיך צעפאָרן און ס'איז געבליבן נאָר דער שטיק פּרימיטיוו און גרויסער קינסטלער ווייסענבערג (די אנדערע, אפילו נאָמבערג האָבן שוין זייענדיק אין וואַרשע געלעבט מער מחוץ פּוילן). וואַרשאַווסקי איז צו יונג און צו פיין אַלס קינסטלער צו קענען בלייבן נאָר מיט ווייסענבערגן; און ווען ס'קומט די שפּאַלטונג אין דער „כאַליאַסטרע" — אורי צבי גרינבערג פאָרט קיין ארץ־ישראל און מאַרקיש קיין רוסלאַנד, — בלייבט וואַרשאַווסקי אַליין אין פּאַריז, ער איז אפשר אויך צו פיין אַרין צו קינסטלער־באָהעם געוועזן, ס'זאָל אים לאָקן די דעמאָלטיקע אַמעריקע.

## ו.

און דער עיקר: ווען וואַרשאַווסקיס רעאַליסטיש־אַנימאַליסטישער ראָמאַן איז דערשינען, האָט זיך שוין אָנגעהויבן זען דער סוף פון דער רעאַליסטישער —

פריער משכיליש־סאַטירישער און דערנאָך קינסטלערישער — תקופה אין אונדזער ליטעראַטור. אמת, אין יענער צייט בערך האָבן זיך באַוויזן אויך די קרעפטיקע רעאַליסטישע דערציילער י. י. זינגער און א. מ. פוקס, אָבער דעם טאָן האָבן געגעבן שלום אשס יידישע ראָמאַנטישע קידוש השם־טעמעס און אָפּאַטאָשוס פּוילישע וועלדער (נישט אומזיסט האָט זיך דער רעאַליסט ווייסענבערג אָנגעהויבן דעמאָלט בונטעווען קעגן אשן און אָפּאַטאָשון). די קורצע תקופה, ווען מיר האָבן זיך אָנגעהויבן קוויקן מיט די „געזונטע יידן" אין דער יידישער ליטעראַטור (און מיטן „ריח־השדה" אין דער העברעישער), האָט זיך ווי אומבאַמערקטערהייט גע־נומען ענדיקן. די טענדענץ צו ווייזן אונדזער לעבן — פאַר זיך און פאַר לייטן — אַזוי ווי ס'איז, אָן דעם שמן־המשחה און דער אַפּאָלאָגעטיק, האָט זיך פאַרביטן מיט אַ טענדענץ צו זוכן און ווייזן פּאָזיטיווע ווערטן. און נישט נאָר ווייל שלעכטע צייטן האָבן זיך גענומען ווייזן, נאָר ווייל מיר האָבן אָנגעהויבן אידעאַליזירן און זיך באַרימען מיט אונדזערע דערגרייכונגען: מיר האָבן דאָך שוין עפּעס אַ ליטעראַטור, אַ ניי רוסלאַנד, אַ באַלפור־דעקלאַראַציע...

מיר האָבן זיך שטאַרק אָנגעהויבן פרייען מיט שלום עליכמען, אָבער דער־הויפּט צוליב זיין אָפּטימיזם. מען האָט אידעאַליזירט אין אים דעם „עמך". נישט אומזיסט האָט מען שלום עליכמען אַזוי „אידעאַליזירט" אין רוסלאַנד, וווּ ס'האָט גענומען הערשן — און ס'הערשט נאָך עד היום — אַ פּראָלעטאַריש־סאָציאַליס־טישער,דאָס הייסט אַ ראָמאַנטישער רעאַליזם. און דער יונגער וואַרשאַווסקי איז געווען דורכויס אַ רעאַליסט. און ער האָט געהאַט דאָס „אומגליק" פאַרכאַפּט צו ווערן ווי אַ שרייבער און קינסטלער אינעם קלעם פון צוויי צייטשטימונגען, ווען אונדזער ליטעראַטור האָט זיך ווי פּלוצלינג דערזען על פרשת־דרכים.

ער האָט זיך נאָך די „שמוגלאַרס" געפּרוווט קינסטלעריש ראַטעווען אינעם עקספּרעסיאָניסטישן רעאַליזם, וועלכער איז דעמאָלט רעוואָלוציאָנער, אָבער אויך דער לעצטער האָט זיך באַלד געשפּאָלטן אויף פּראָלעטאַרישע קונסט פון איין זייט און אויף פאַרשידענע ראָמאַנטישע און אידעאָלאָגישע בלאָנדזשענישן און זוכונגען פון דער אַנדער זייט. וואַרשאַווסקי איז אפשר געווען קינסטלעריש צו ערלעך (אַנדערע מיינען, אַז אויפריכטיקייט איז שוואַכקייט) — און ער איז געבליבן אַליין און „פאַרלוירן" אין פּאַריז.

ז.

אָבער אויב עוזר וואַרשאַווסקי איז אַן איינזאַמע און טראַגישע פיגור אין אונדזער ליטעראַטור, איז אָבער זיין „איינציק" ווערק „שמוגלאַרס" נישט פון די זעלטענע ווערק וואָס מאַכן דעם איינדרוק ווי זיי וואָלטן געווען אַן איבערבלייבעכץ פון אַ פריערדיקער עפּאָכע, אָדער אַן ערשטע שפּראָצונג פון אַן עפּאָכע, וואָס דאַרף ערשט קומען. וואַרשאַווסקיס נאָוועלע איז נישט קיין ווערק פון אַן איזאָלירטן

עקסצענטרישן קינסטלער. פאַרקערט: דער ראָמאַן „שמוגלאַרס" האָט אַזוי צו זאָגן טאַטע־מאַמע אין אונדזער ליטעראַטור: די פאַרשוינען און טיפּן — אָפּטמאָל אַ ביסל צו סילועטיש — וואָס מיר טרעפן אין וואַרשאַווסקיס בוך, זענען אונדז גאָרניט פרעמד. מיר האָבן זיך שוין געטראָפן מיט זייערע לייבלעכע, פליישׁ־און־בלוט־קרובים, ברידער און שוועסטער, אין די ערשטע דערציילונגען פון שלום אש און וויסענבערג.

...וואַרשאַווסקיס „שמוגלאַרס" איז אַ המשך אין אונדזער ליטעראַטור, נישט קיין איזאָלירטע קינסטלערישע דערשיינונג. וואַרשאַווסקי שטאַמט גיכער פון וויי־סענבערגס ווי פון אַשס „שטעטל". און אפילו אַ הויך פון מענדעלעס השפעה — וואָס איז נאַטירלעך און געזונט — מערקט זיך אין וואַרשאַווסקיס נאָוועלע.

וואַרשאַווסקי איז געווען אַ פּאָעט, ליריש ערטערווייז ווי אַש; נישט אַזוי פּלאַסטיש ווי וויסענבערג, אָבער דערפאַר מאָלערישער. ער איז געווען מער קאָלאָריסט ווי פּלאַסטיקער.

וואָס עס אונטערשיידט אים אָבער אַממייסטן פון דעם פריערדיקן אַש און וויסענבערג איז זיין שטאַרקע נייגונג צום גראָטעסק, וואָס האָט אים נענטער גע־מאַכט צו די עקספּרעסיאָניסטן, וועלכע זענען געווען דעמאָלט מאָדערן.

אין פאַרגלייך מיט אים איז וויסענבערג קלאַסיש און אַקאַדעמיש, און אַש — אידיליש. וואַרשאַווסקי האָט אַ שטאַרקע נייגונג געהאַט צו מאָלערישן גראָטעסק, און זיינע העלדן זענען אַ סך אַנימאַלישער און סעקסועלער  ווי ביי וועלכן ניט איז אַנדערן יידישן שרייבער.

אַש חנדלט זיך מיט זיין סעקסואַליזם; וויסענבערג ווייזט די פּרוי ניכטער און האַרט. אין וואַרשאַווסקיס „שמוגלאַרס" ווילדעוועט דער סעקסואַליזם. אָפּטמאָל באַקומט איר דעם איינדרוק פון אַ וואַקכאַנאַליע פון ליידנשאַפטלעך־צערייצטע גופים; מענטשן זענען ביי אים דער עיקר חיות וואָס רייסן און שלאָגן זיך פאַר ווייב און ברויט, כאָטש זיי קאָנען אויך זיין אַזוי פיין און ראָמאַנטיש ווי ווען ער שילדערט, למשל, דאָס אויפוואַכן פון אמתער ליבע צווישן פאַנטלס זון, מענדל, און דער פּראָסטיטוטקע נאַטשע.

אָפּטמאָל פילט מען אין די צעיושעטע רויע שילדערונגען אַן אַנזאָג פונעם שפּעטערדיקן, פאַרבלאָנדזשעטן ראַפינירטן קינסטלער וואַרשאַווסקי.

ח.

אָבער דאָס נייסטע, וואָס האָט איבערראַשט און דערפרייט ווען דאָס בוך איז דערשינען איז געווען דאָס, וואָס ס'איז געווען אַ נאָוועלע נישט פונעם ווייטן אָדער נאָענטן יידישן עבר, נאָר אַ גרויסער און ברייטער לייוונט פון דעם דעמאָלטיקן יידישן, יידיש־פוילישן הווה.

די היינטצייטיקייט פון דעם נייעם ראָמאַן „שמוגלאַרס״ איז געווען די געוואַלדיקע איבערראַשנדיקע נייעס; וואַרשאַווסקי האָט ווילד, אימפּעטיק אַן עפן געטאָן די טיר פון אונדזער ליטעראַטור צו דער ווירקלעכקייט, וועלכע האָט זיך גענומען פאַרמאַכן נאָכן טויט פון מענדעלע און שלום עליכם. ס׳רוב דעמאָלטיקע יונגע קינסטלער — און ניט נאָר אין אונדזער ליטעראַטור — דערשיינען מיט בילדער, סקיצן, דערציילונגען און אפילו ראָמאַנען פון זייערע קינדהייט־זכרונות און איבער־לעבונגען פון דעם נאָענטן עבר. כמעט אַלע בעסטע דערציילער אונדזערע האָבן אין זייערע ערשטע ווערק נישט אָנגערירט דאָס הווהדיקע און אַרומיקע. עס קאָן זיין, ס׳איז נאַטירלעך אַזוי, און אפשר אויך קינסטלעריש ריכטיק צו שרייבן מיט דער נייטיקער פּערספּעקטיוו. אַזוי אַרום מאַכט שוין אונדזער ליטעראַטור אָפט דעם איינ־דרוק פון אַ ליטעראַטור אויף היסטאָרישע טעמעס, אַ זכרונות־ליטעראַטור, באַזונ־דערס לעצטנס. עפּעס ווי אונדזערע קינסטלער און דיכטער, מיט אַ פּאָר אויסנאַמען, וואָלטן זיך מורא געהאַט צוצורירן צו אונדזער טראַגישער און אָפּטמאָל מיאוסער ווירקלעכקייט. און מיט־אַ־מאָל האָט זיך געיאָוועט אַ נייער שרייבער און מיט אומגעהויערער דרייסטקייט זיך גענומען שילדערן אויף אַ גרויסן לייוונט דאָס לעבן אין אַ פּויליש־יידיש שטעטל, אפשר דאָס גאַנצע יידישע לעבן אין פּוילן בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אַ יונגער, נאָך גאָר אומבאַקאַנטער שרייבער זאָל קומען מיט אַזאַ גרויס בילד פונעם איצטיקן לעבן, וואָס ער האָט ערשט אַליין דורכגעלעבט!

דאָס איז געווען דאָס נייע און דערפרייענדיקע אין דעם ראָמאַן: נישט נאָענטער צי ווייטער עבר, נאָר אַ גרויסע קינסטלערישע און סאָציאַלע קאַנווע פון דער ערשט־איבערגעלעבטער ווירקלעכקייט אינעם יידישן פּוילן בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע. און קיין רעפּאָרטאַזשן־ראָמאַן — אין ניינצן־צוואָנציק האָט מען נאָך דערפון, דאַכט זיך, נישט געוווּסט.

געוויס זענען שוין דעמאָלט געווען אין אונדזער ליטעראַטור שילדערונגען פון גרעסערע נאָוועלן פון דער דעמאָלטיקער ווירקלעכקייט, אויך לעבעדיקע פאַר־טרעטן און טיפּן פון דער סביבה: נאָמבערג האָט אונדז שוין געהאַט געגעבן „פליגלמאַן״, בערגלסאָן — „אַרום וואָקזאַל״ און „נאָך אַלעמען״, אַש — זיין ראָמאַן „מערי״, ווייסענבערג זיין „שטעטל״, רייזען און אַנדערע האָבן שוין סקיצירט די פאַרשידענע מאָדערנע עקסטערניקעס, לערער און פאַרשידענע לעבעדיקע גע־שטאַלטן. אָבער אַ גרויסע נאָוועלע פון אַן ערשט איבערגעלעבטער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער דראַמע — פון אַ יונגן, נאָך אומבאַקאַנטן שרייבער, און אַן ערשט בוך — דאָס איז געווען דאָס פריילעך־איבערראַשנדיקע. און אַ בוך איז דאָס געווען וואָס האָט נישט מורא געהאַט צו ווייזן דאָס אמתע פנים פונעם יידיש־פּוילישן שטעטל בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

ס׳איז געווען די צייט, ווען מיר האָבן נאָך מורא געהאַט צו ווייזן אמתע

רעאַליסטישע בילדער פונעם יידישן לעבן, ס׳איז געווען די צייט ווען מיר זענען נאָך געזונט געווען אָדער געהאַלטןביים געזונט ווערן ווי אַ פאָלק, מען מעג זאָגן, ס׳איז געווען די צייט, ווען אונדזערע אויגן זענען נאָך נישט געווען פאַרבלענדעט פון אמתע און פאַלשע טרערן פון חורבן ווי אַצינד.

ט.

איבערלייענענדיק איצט נאָך אַמאָל עוזר וואַרשאַווסקיס „שמוגלאַרס" האָב איך באַקומען דעם איינדרוק, אַז דאָס בוך איז נאָך צייטיקער געוואָרן. ס׳רוב ביכער ווערן פאַרוואַסערט און אָפּגעבליקאַוועט מיט דער צייט. אַזוי אַז ס׳איז זיי שווער צו לייענען, הגם זיי זענען אַזוי אינטערעסאַנט ווען זיי זענען דער־שינען. און וואַרשאַווסקיס בוך איז, ווי געזאָגט, נאָך צייטיקער געוואָרן, כאָטש ס׳איז דערשינען מער ווי מיט דרייסיק יאָר צוריק. און וואָס פאַר אַ דריי צענדליק יאָר זענען דאָס געווען פאַר אַלע פעלקער, פאַרן יידישן פאָלק און... פאַרן צע־פייניקטן פוילישן יידנטום.

ווען איר לייענט אַצינד וואַרשאַווסקיס בוך, דערשפירט איר גלייך ווי עס האָט געקראָגן אַ נייע אומגעהויער טראַגישע און מוראדיקע פרישקייט, כמעט ווי אַקטועלקייט. דערפאַר גלייב איך, אַז וואַרשאַווסקיס „שמוגלאַרס" וועט בלייבן אַ ראָמאַן אין דער יידישער ליטעראַטור־געשיכטע.

דער קומענדיקער היסטאָריקער פונעם אַמאָל גרויסן, געזונטן און שאַפערישן פוילישן יידנטום („וואָס פאַר אַ מין געזונטעניש" — ווי עס דריקט זיך אויס וואַרשאַווסקי) וועט מוזן לייענען און איבערלייענען וואַרשאַווסקיס „שמוגלאַרס". און אויך דער ירמיהו פונעם חורבן פון פוילישן יידנטום בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, וועט מוזן לייענען וואַרשאַווסקיס איינציק בוך.

אין אונדזער ליטעראַטור איז, דאַכט זיך, ניטאָ נאָך אַזאַ קינסטלערישע און פולע אָפּשפּיגלונג פונעם יידישן־פּויליׂשן לעבן בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אונטערן דייטש. (און מיר דאַכט זיך, אַז אין דער מלחמה־ליטעראַטור בכלל דאַרף וואַרשאַווסקיס „שמוגלאַרס" פאַרנעמען אַ וויכטיקן און אייגנאַרטיקן פּלאַץ, ס׳האָט געדאַרפט אין מער שפּראַכן איבערגעזעצט ווערן).

אין דעם בוך זעען מיר די דעגראַדאַציע און דעמאָראַליזאַציע, וואָס מלחמה מוז אַריינברענגען אינעם לעבן פון דער ציווילער באַפעלקערונג. מיר זעען דאָ אַ בילד פון ירידה און דעגראַדאַציע פונעם פּויליש־יידישן שטעטל בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אפילו באַלעבאַטישע מענטשן האָבן זיך געמוזט נעמען צום שמוגל און צו בראָנפן־מאַכעריי, כדי צו ראַטעווען זיך און זייערע קינדער פון הונגער, און ווען צווישן אונדזערע פרימיטיווע געזונטע פאָלקס־כוחות, מיט וועלכע דאָס פּוילישע יידנטום איז געווען אַזוי רייך, האָט זיך געשאַפן אַזאַ מין לעבנס־חכמה „אַ כפּרה דער כשרער גראָשן פאַרן טרייפענעם רובל"!

„וואָס פאַר אַ מין געזונטעניש" — און אין די פולבלוטיקע קללות, אנימאַלישער גראָבקייט פון וואַרשאַווסקיס באַלעגאַלעס און שמוגלאַרס, פילט איר אַזוי פיינלעך די אָפּהענטיקייט און דערשלאָגנקייט פונעם גלות.

עוזר וואַרשאַווסקיס „שמוגלאַרס" איז נישט נאָר אַ גראָטעסק רובענסאַרטיקע וואַקכאַנאַליע פון געשלעגן, צעיושעטע סעקסועלע ליידנשאַפטן פון האַלב פּרי־מיטיווע יונגען און זייער קאַמף פאַר טויט און לעבן. אַ ווייטער אָפּשיין פון „מענטשלעכקייט" און „יידישקייט" שימערט ווי אַ לייכטער נעפּל איבער די שמוגלאַרס, זייערע ווייבער און „כלות־שיקסעס".

דער נאַטוראַליסט־אַנימאַליסט וואַרשאַווסקי איז אויך אַ פיינער ראַפינירטער פּאָעט און ער ווייס צו דערציילן פון אהרעלע קוואַרטירמייסטער, וועלכער האָט געראַטעוועט זיבעצן יידן פון געשאָסן ווערן, לייגנדיק אַ לאַטע אויפן שינעל פונעם „קאָמידאַנט". פון אַזאַ טערפּקע ביטערקייט פילט זיך אין דעם ווערק, די ביטערקייט פון אַ יונגן מאָלער און דיכטער, וועלכער האָט געזען און איבערגעלעבט אַ רוי, נאַקעט לעבן פון מענטשן־האַלבע־חיות.

אַ יאוש־ביטערקייט פון וועלכער ער האָט זיך אוודאי ניט געקאָנט באַפרייען אין זיינע איינזאַמע פּאַריזער יאָרן, און וועלכע האָט אים אפשר אונטערגעזאָגט: נאָך וואָס שרייבן? איז דען דאָ האָפענונג פאַר דעם מין מענטש?

ז.

פּאַנטל — איינער פון די הויפּטהעלדן אין וואַרשאַווסקיס „שמוגלאַרס", וועל־כער איז, אגב, אַ ביסל צעשוווּמען און אין טייל ערטער פּאַרעמלאָז — אַ מין יידישער טאַראַס בולבאַ, זאָגט „נביאות" ווען די מלחמה (פאַרגעסט ניט, די ערשטע וועלט־מלחמה) וועט זיך ענדיקן און זיינע „פּשיאַטשעלעס" שמוגלאַרס הויבן אָן מורא האָבן, אַז זיי וועלן זיך מוזן נעמען צו זייערע פרידלעכע „כשרע" גראָשנס: — „איך, פּאַנטל, זאָג ענק: איצט וועט זיך אָנהויבן דער אמתער שמוגל... דער כשרער".

פּאַנטלס נבואה איז מקוים געוואָרן. און נאָך ווי...

איך האָב געזאָגט, אַז וואַרשאַווסקיס „שמוגלאַרס" האָבן איצט געקראָגן אַ נייע פרישקייט; און באַטייט — וואָלט איך צוגעגעבן.

עפּעס, ווי די צייט, די איבער דרייסיק יאָר וואָס זענען פאַרלאָפן זינט די נאָוועלע איז אָפּגעדרוקט געוואָרן, וואָלט פון דאָס ניי אונדז אַ נייע אויפלאַגע פון דעם בוך געגעבן.

און דאָס ביטער טראַגישע איז: ווען מיר לייענען אַצינד די „שמוגלאַרס" ווירקט עס אויף אונדז כמעט ווי אַן אידילישע פונעם פויליש־יידישן לעבן בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

די דייטשישע אָקופּאַציע פונעם יידישן פּוילן איז דעמאָלט געווען אַזאַ מענטשלעכע, אַזאַ אידילישע אין פאַרגלייך מיט דער דייטשישער אָקופּאַציע אין דער איצטיקער צווייטער וועלט־מלחמה.

היינט דער גורל פונעם פּוילישן יידנטום בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה — און דער גורל אין דער לעצטער צווייטער וועלט־מלחמה!...

דער לעצטער פערטל יאָרהונדערט האָט פון־דאָס־ניי אַרויסגעגעבן וואַרשאַווסקיס „שמוגלאַרס": אַ ברוטאַל רעאַליסטישע נאָוועלע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ אידיליע. און עוזר וואַרשאַווסקי, דער פיינער דיכטער און מאָלער פון די „שמוגלאַרס", וועלכער איז אַוועק פון זיין פּוילן און געפּראַוועט גלות אין פּאַריז, האָט דאָס נישט אויסגעמיטן דעם גורל פונעם פּוילישן יידנטום און איז אומגעקומען אַזוי ווי זיי און מיט זיי.

„רייד ניט פון ד ע ם, גוטער ברודער... שווייג וועגן ד ע ם, שטום און פרעג אפילו ניט צי איך האָב נאָך אַ ליד געהאַט"...

(„די גאָלדענע קייט" נומ. 14)



גדליה וואַרשאַווסקי — פאָטער פון עוזר וואַרשאַווסקי

**מלך ראוויטש**

# ביאגראפישע נאטיצן

דער ערשטער נאָמען, וואָס האָט אַ קלונג געטון איבער אַלע אויפלעבנדיקע קאָנטינענטן און אינזלען פון דער יידישער וועלט־ליטעראַטור נאָך דעם שטיל־שטאַנד פון די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — איז געווען דער נאָמען עוזר וואַרשאַווסקי און דאָס ערשטע גרעסערע ווערק — דאָס ווערק זיינס „שמוג־לארס". עס איז געווען אינגאַנצן אַ נייער נאָמען דעמאָלט, און דער טרעגער זיינער קוים עטלעכע און צוואַנציק יאָרן אַלט. די רעאַליסטן האָבן גענומען די זאַך ווי זי איז — געווען אַ צייט פון שמוגל אין דער דייטשער אָקופּאַציע פון פּוילן און מערב־רוסלאַנד, איז דאָס געקומען צום אויסדרוק אין דער ליטעראַטור. אַזוי איז עס נאַטירלעך. די אידעאַליסטן האָבן געדרייט מיט די אידעלע נעזער. עס איז נישט נאָר געווען אַ צייט פון שמוגל, עס איז געווען אַ פּאַטעטישע צייט, עס איז אויך געווען אַ צייט פון גרויסע איבערקערענישן אין איראָפּע, אַ צייט פון צוגרייטונג פון גרויסע רעוואָלוציעס, אַ צייט פון גרויסע איבערגאַנגען און גרויסע אָנונגען, און אָט קומט אַרויס דאָס יידישע פאָלק, דאָס פאָלק מיט די זיבן פּנימער — און אַלערליי אידעאַלן איינגעשטעלטע — און אַנטפּלעקט זיך מיט דעם אַכטן פּנים. וואָס איז נישט דאָס אייגנטלעכע פּנים זיינס, אַנטפּלעקט זיך אַלס פאָלק פון שמוגלאַרס. אָבער דאָס איז נישט געווען די שולד וואַרשאַווסקיס, דאָס איז גיכער געווען די שולד פון די, וואָס האָבן די זיבן פּנימער פאַרשוויגן, און נישט די שולד זיינע, די שולד פון דעם איינעם, וואָס האָט דאָס אַכטע פּנים אַנטפּלעקט. ער איז אַ נאַטוראַליסטישער קינסטלער און ער האָט געטון זיין פליכט. ער קען דאָך נישט טון די פליכט פון אַנדערע.

איטשע מאיר וויסענבערג האָט וואַרשאַווסקי'ן אַריינגעפירט אין דער ליטעראַ־טור. און ער איז אייביק מיט אים אַזוי שטאָלץ געווען, אַזוי ווי וואַרשאַווסקי וואָלט נישט געווען זיין צופעליקע אַנטדעקונג, נאָר בלויז דער שליח, דער סעקרעטאַר, וואָס האָט זיין — וויסענבערגס—ווערק אויפגעשריבן. וויסענבערג האָט ליב געהאַט צו אַנטדעקן טאַלענטן, און ער האָט אויך געהאַט אַ טאַלענט צו אַנטדעקן טאַלענטן

— און דער עיקר פּראָזע־טאַלענטן — (אויך שמעון האָראָנטשיק איז געווען זיין אַנטדעקונג), אָבער ער האָט אויך ליב געהאַט צו געדענקען דער וועלט, אַז ער האָט פאַר איר דעם, אָדער יענעם טאַלענט אַנטדעקט. ער האָט געהאַלטן כסדר פאַר די אויגן פון דער יידישער ליטעראַטור די חשבונות פאַר זיינע אַנטדעקטע טאַלענטן. און נישט ער האָט זיך איינמאָל פאַר אַלעמאָל געלאָזט באַצאָלן די חשבונות, און נישט ער האָט זיי צוריק — ווי אַ דזשענטלמען — אַריינגעלייגט אין קעשענע. נאָר כסדר לויב און דערמאָן אים און פאַל אויף די קני פאַר אים אַלס דער אַנטדעקער פון דעם און דעם אַנטדעקער פון יענעם, ווען אפילו קאָלומבוס וואָלט כסדר אַזוי געהאַלטן פאַר דער וועלט זיינע חשבונות פאַר דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע, וואָלט מען אים אויך אין איין שיינעם טאָג געזאָגט: נאַ דיר צוריק אַמעריקע און נעם דיר צוריק דיין חשבון! — און אַזוי ווי ער האָט זיינע חשבונות געהאַלטן פאַר דער יידישער ליטעראַטור כסדר אַזוי האָט ער זיי נאָך מער געהאַלטן פאַר די אַנטדעקטע גופא, צו זיי איז ער ממש געווען דעספּאָטיש. ער פלעגט קאָריגירן זייערע ווערק, קאָנטראָלירן זייערע פריינטשאַפטן, ארויפצווינגען זיינע פריינטשאַפטן, זיינע סימפּאַטיעס, זיינע איבערצייגונגען, זיין מאָדנע אָרטאָגראַפיע פון זיין געבורט־שטאָט זשעליכאָוו. נאָך זיין גרויסן דערפאָלג איז וואַרשאַווסקי נאָך אַ קורצע צייט געבליבן אין וואַרשע און אַוועק קיין מערב־אייראָפּע.

אַ ראָלע האָט דאָ אויך געשפּילט עפּעס אַ דאָקומענטן־פלאָנטער, צי אפשר אַ פלאָנטער מיט מיליטער־צייגנישן, אָבער די הויפּט־ראָלע האָט געשפּילט ווייסענבערג. אָפּטמאָל פלעג איך אָבסערווירן באַגעגענישן פון ווייסענבערג מיט וואַרשאַווסקין. וואַרשאַווסקי איז געווען אַ מאָגערער, אַ צאַרטער, אַ בלאָנדער, אַ ווייסהויטיקער, אַ שטיל־רעדער און האָט פיינט געהאַט צו רעדן וועגן הויכע זאַכן. פּונקט דער היפך ווייסענבערג. אַז עוזר האָט דערזען ווייסענבערג׳ן, פלעגט ער נאָך מאָגערער, צאַרטער, בלאָנדער, ווייסהויטיקער און נאָך שטילער ווערן. ער האָט זיך אַזש געגומען מיניען אין פנים. עפּעס אַזוי ווי אַ צאַרטער עילוי פאַר זיין גראָביונגישן טאַטן, וואָס מיינט, אַז דער עילוי זיינער מוז כסדר זיצן איבער ספרים און דאָס בחור׳ל ווייסט, אַז מען קען קענען אָן דעם אויך. אַז דער אַנטדעקער פלעגט אַריינקומען אין קלוב, פלעגט זיך דער אַנטדעקער אומקוקן אויף אַלע זייטן צי איז נישטאָ קיין מעגלעכקייט צו אַנטלויפן. אָבער אין געשפּרעכן מיט אַנדערע פלעגט וואַרשאַווסקי רימען זיין רבי׳ן אין הימל אַריין.

נאָך זיין ריזן־דערפאָלג מיט די „שמוגלאַרס“ האָט זיך וואַרשאַווסקי ליטעראַריש קיינמאָל מער נישט ריכטיק דערכאַפּט. מען האָט דאָך דעמאָלט שיר די גאַנצע יידישע ליטעראַטור נישט אַרויפגעלייגט אויף זיינע שמאָלע פלייצעס. איינער האָט געצויגן קיין רעכטס, דער אַנדערער קיין לינקס, און אַ פעסטער אייגענער וועג איז נישט געווען — און דאָס אייראָפּעישע באָהעמישע לעבן האָט געמאַניעט און געצויגן — און ווער עס פלעגט קומען פון פּאַריז קיין וואַרשע — נאָך דעם

יאָר 1924 — האָט געהאַלטן פאַר זײַן חוב יעדן אײנעם אויפן אויער צו דערציילן, אַז מיט וואַרשאַווסקי איז עס נישט גאַנץ גלאַטיק; אײנער האָט דערציילט וועגן זײַנע איבערמעסיקע ראָמאַנטישע איבערלעבונגען מיט פראַנצויזישע מיידלעך, אַן אַנדערער האָט פאַרזיכערט, אַז דאָס איז דער ביטערער טראָפּן, אַ דריטער האָט געזאָגט, אַז ער האַלט זיך בוכשטעבלעך ביים באָהעמישן פּרינציפּ פון גאַרנישט טון — און ווערק פון וואַרשאַווסקין זענען געקומען זייער זעלטן, ביז זיי האָבן זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט. — עטלעכע מאָל האָב איך אים אין פּאַריז געטראָפן, ער איז נאָך צאַרטער, בלייכער, שטילער געוואָרן — און אין דעם אָפטן פאַרצווייפלטן מאַך מיט די דינע הענט איז שוין געווען אַן אָנזאָג פון שטילן ציניזם. קיינמאָל אָבער נישט — אויסגעלאָשנקייט. איך פלעג מיך אַלעמאָל געזעגענען מיט אים מיט דער איבערצייגונג, אַז גוטע רעזשי קען אים אויפלעבן און גרויסע ווערק פון אים אַרויסברענגען. דאָס מאַטעריאַל איז דאָ אין אים, ער האָט אַלע די יאָרן פון שווייגן אַ סך געלעזן, אַ סך געלערנט, אַ סך אָבסערווירט, נאָר אינערלעכע אָרגאַניזאַציע האָט געפעלט און אויסערלעכער סטימולאַנט.

1938

ישעיה טרונק

# שמואל לעהמאן ז״ל
# דער לאמעד־וואווניק
# פון יידישן פאלקלאר

שמואל לעהמאן געהערט צו דעם מין גאָט־געבענטשע „משוגעים לדבר אחד״, וואָס א דאנק זיי ווערן צונויפגעזאמלט פאר דורות און אויפגעהיט אוצרות, וואָס קיינער קוקט זיך אויף זיי נישט ארום און וואָס וואלגערן זיך אויף דער גאס „כאבן שאין לו הופכים״.

א גאנץ לעבן, וואָס איז געווען אויסגעפילט מיט נויט און מאטערניש, מיט ממש אן אסקעטישן אָפּזאָגן זיך פון תענוגי עולם הזה, איז דער דאָזיקער װוּנדער־לעכער פאנאטיקער פון יידישן פאָלקלאָר ארומגעפאָרן איבער יידישע שטעט און שטעטלעך, ארומגעקלעטערט אויף בוידעם־שטיבלעך, קעלערן און מעלינעס אויף סטאווקי, דזשיקע און סמאָטשע אין ווארשע און נישט מיד געוואָרן צו פארציי־כענען אין הונדערטער העפטן מיט זיין פארצוקטן, כמעט אומלעזבארן כתב יידישע פאָלקס־מעשיות, פאָלקס־לידער (בעיקר גנבים־לידער), שפּריכווערטער, אנעק־דאָטן א. אז. וו.

דאָס, וואָס ביי אומות־העולם טוען מלוכהשע וויסנשאפטלעכע אינסטיטוציעס מיט קאָסטבאַרע עקספּעדיציעס האָבן ביי אונדז געטאָן יחידים, ווי שמואל לעהמאן. ארויסגעלאָזט זיך פון אלע זיינע געשעפטן און פטרנדיק אויף זיינע רייזעס איבער דער פוילישער פּראָווינץ זיין גאנץ פארמעגן מיט דעם ווייבס נדן אלס צוגאָב (ער און זיין פרוי האָבן געשטאמט פון פארמעגלעכע באלעבאטישע יידישע פאמיליעס) — ווייל אָפט האָט שמואל לעהמאן געמוזט נאָך באצאָלן א רובל און מער פאר לאזן זיך אויפזינגען א לידל, אָדער איבערדערציילן א מעשה און פאר יאטן — „גוטע ברידער״ פון סטאווקי־געסל שטעלן א פלעשל י״ש מיט צובייסעכץ — האָט דיך דער דאָזיקער דאָן־קיכאָט פון יידישן פאָלקאר (ער האט אויסערלעך אויסגעזעען, ווי דער לייבלעכער דאָן־קיכאָט) במשך פון יאָר צענדליקער געטאָן שטיל און באשיידן זיין הייליקע ארבעט.

דער דאָזיקער טשודאַק, וואָס צאָלט רובלס פאר לידלעך און מעשיות איז געווען זייער פּאָפּולער ביי דער יידישער אָרעמקייט אויף סטאווקי און סמאָטשע. „דער יאָלד אין קאפעליוש״, האָט מען אים דאָרטן גערופן.

שפעטער, ווען שמואל לעהמאַן איז שוין געווען אַ קבצן און נישט געקאָנט צאָלן קיין רובלס פאַר לידלעך האָט מען אים נישט איין מאָל מיט אַ ביסל שפּאָטיש געלעכטערל געהייסן מוחל זיין און נישט דולן קיין קאָפּ מיט יאָלדישע שטיק און אַפילו גוט־ברודעריש אים אַראָפּגערוקט דעם יאָלדישן קאַפּעליוש איבערן שטערן.

שמואל לעהמאַן האָט נישט געהאַט קיין פאַך־בילדונג אויפן געביט פון פאָלקלאָר. ער האָט אָבער פאַרמאָגט אַן אויסערגעוויינלעכן חוש פאַרן יידישן פאָלקלאָר. מיט זיין שאַרף־שפּיציקער נאָז האָט ער תמיד אין די בוידעם־שטיבער און קעלערן דערשפּירט עפּעס אַ ניי לידל אָדער אַ נייעם, אפשר אַ צענטן וואַריאַנט פון דעם, אים שוין באַקאַנטן פאָלקס־לידל און פאָלקס־מעשה. נישט האָבנדיק קיין פאַכמענישע אויסבילדונג אין מוזיק, האָט ער זיך געהאַט זיין אייגן נאָטן־סיסטעם פון פאַרשרייבן מעלאָדיעס. שמואל לעהמאַן האָט זיין אַרבעט געטאָן ביחידות, אָן עפנטלעכן פרסום, נישט האָבנדיק די מינדעסטע אונטערשטיצונג מצד דער אָפיציעלער יידישער געזעלשאַפט אין וואַרשע. זאָל דאָ אויסגעזאָגט ווערן דער סוד, אַז דער 30־ער יובילײ פון זיין טעטיקייט אין 1932 איז אָפּגעמערקט געוואָרן אין פוילן אַ דאַנק דער פּריוואַטער איניציאַטיוו פון אַ קליינער גרופּע פון זיינע פריינט און פאַרערער.

אין רעזולטאַט האָט שמואל לעהמאַן באַוויזן צונויפצוזאַמלען ריזיקע אוצרות (צענדליקער קאַסטנס) פון פאַרשריבענעם יידישן פאָלקלאָר, פון וועלכן נאָר אַ מקצת מן המקצת האָט דערלעבט צו זעען די ליכטיקע שיין: „אַרבעט און פרייהייט", 1921, „גנבים לידער", 1928, „ביי אונדז יידן", (צוזאַמען מיט פּ' גראַובאַרד), „יידישע שפּריכווערטער, גלייכווערטלעך, רעדנסאַרטן און צונעמענישן, וועגן לענדער, געגנטן, שטעט און שטעטלעך", (צוזאַמען מיט נ. פּרילוצקי) — אין פּרילוצקיס זאַמל־ביכער „פון דער אייראָפּעאישער מלחמה", זאַמלבוך „לעבן" א"א.

עס געהערט צו די טראַגישע פּאַראַדאָקסן פון אונדזער יידישן לעבן, אַז ערשט אין וואַרשעווער געטאָ האָט די זאַמל־אַרבעט פון שמואל לעהמאַן באַקומען אַ מאַטעריעלן געזעלשאַפטלעכן אָנשפּאַר אין די ראַמען פון דער אַלגעמיינער אַקציע צו ראַטעווען די יידישע שעפערישע אינטעליגענץ. אַ ספּעציעלן אינטערעס צו זיין אַרבעט האָבן אַרויסגעוויזן ד"ר עמנואל רינגלבלום און יצחק גוטערמאַן ז"ל. אין דער תקופה פון אומקום און אונטערגאַנג האָט מען פאַרשטאַנען די נויטווענדיקייט צו ראַטעווען — אויב עס לאָזט זיך נישט ראַטעווען די לעבעדיקע טרעגער פון יידישן פאָלקלאָר — איז כאָטש אַ טייל פון זייערע אוצרות.

חוץ דעם האָבן זיך דאָ פאַר שמואל לעהמאַן געעפנט ממש נישט געאַנטע מעגלעכקייטן פון אַרבעט: אין וואַרשעווער געטאָ איז אָנטשטאַנען אַן אמתער קיבוץ־גלויות פון דער גאַנצער פּוילישער פּראָווינץ — אַנטלאָפענע אָדער פאַרטריבענע פון הונדערטער שטעט און שטעטלעך. די פּליטים־פּונקטן זענען געוואָרן אַ קוואַל, פון וועלכן שמואל לעהמאַן האָט געקאָנט שעפּן בשפע.

איך שטעל מיר פאָר ווי לעהמאַן דרייט זיך ארום מיט זיין נאָטיץ־ביכל צווישן די פארהונגערטע פּליטים און זוכט דאָרט — אין דעם ים פון מענטשלעכן עלנד און נויט — דעם נייעם טראגישן פאָלקלאָר, די ניי־אנטשטאנענע געטאָ־לידער, מעשיות און געטאָ־אנעקדאָטן. די ראָל פון „דעם יאָלד אין קאַפּעליוש" אין א נייער און ווי טראגישער אויפלאגע איז זיכער נישט געווען, וואָס מקנא צו זיין. די דאָזיקע מענטשן, וואָס דער גורל האָט זיי פארמשפּט אויף אַן אומפארמיידלעכן אויסגיין אין שרעקלעכער נויט און פּיין, איז זיכער נישט געלעגן אין קאָפּ צו זינגען פאר דעם דאָזיקן טשודאק געטאָ־לידלעך, און ווי האָט זיך זיין פּילבאר הארץ געמוזט קאָרטשען אין ווייען אין אָנבליק פון דעם דאָזיקן מענטשלעכן יאָמער. אלע האָבן זיי זיך דאָ, אין דעם ווארשעווער גיהנום, צונויפגעזאַמלט, אלע זיינע געוועזענע „קליענטן" פון די יידישע שטעט און שטעטלעך — די מיידלעך מיט זייערע ליבע־לידער, די זקנים — פון וועמענס מויל ער האָט פארשריבן די וואונדערלעכע מעשיות וועגן אליהו הנביא און דעם פארכשופטן פריץ... אָבער אין באוווסטזיין פון זיין היסטאָרישער שליחות איז דער דאָזיקער גאָט־געבענטשטער פאנאטיקער געשטאנען מיט א פארקלעמט הארץ און פארביסענע ליפּן און נאָטירט דאָס געזאנג פון תהום.

צוזאמען מיט שמואל לעהמאַן (ער האָט געהאַט די זכיה צו שטארבן מיט א נאטירלעכן טויט אין ווארשעווער געטאָ אין יאָר 1941 — דעם 23 אָקטאָבער) איז אומגעקומען אפשר איינע פון די רייכסטע זאמלונגען פון יידישן פאָלקלאָר, וואָס זייער אבידה איז גאָרנישט אָפּצושאַצן — די פרוכט פון איבער 40־יאָריקער אומדערמידלעכער, איבערמענטשלעכער ארבעט.

וועגן זיין טויט אין ווארשעווער געטאָ שרייבט עמנואל רינגעלבלום אין זיינע נאָטיצן פון אָקטאָבער 1941:

„...דעם 23־טן אָקטאָבער איז געשטאָרבן שמואל לעהמאַן, געארבעט ביזן לעצטן מאָמענט. געזאמלט א סך מלחמה־פאָלקלאָר. אויף דער לוויה האָבן זיך צוזאמענ־געטראָפן די פארשטייער פון יידישן ווארשע. כאראקטעריסטיש, אז זיין לוויה האָט זיך צוזאמענגעטראָפן מיט דער לוויה פון איינעם פון זיינע העלדן: בערל חזיר, וואָס האָט אים דערציילט א סך מעשיות. בערלס לוויה איז אָבער געווען א סך גרעסערע, ווי לעהמאַנס. דער פרעזעס טשערניאַקאָוו, צו וועמען מען האָט זיך געווענדעט וועגן אַן אומזיסטער קרקע, האָט נעבעך נישט געוווסט, ווער לעהמאַן איז. ער ליגט אין דער ליטערארישער אלייע, לעבן י. מ. וויסנבערגן".

י. פרידמאַן

# פנחס גראַובאַרד

זון פון לייבוש גראַובאַרד, א רייכער סאָכאַטשעווער בעל הבית. אין די יונגע יאָרן בעת דער רעוואָלוציע פון 1905 געוואָרן א פועלי־ציוניסט, און אָרגאַניזירט אין סאָכאַטשעוו א שטרייק פון אַלע יידישע דינסט־מיידלעך. די רוסישע זשאַנ־דאַרמעריע האָט אים אנגעהויבן פארפאלגן, און ער האָט געמוזט אנטלויפן קיין בעלגיע. נאָך צרות אין אויסלאַנד, איז ער אין א צייט ארום צוריקגעקומען.

אין יאָר 1910 איז ער געפאָרן קיין ארץ ישראל און צוריקקומענדיק פון דאָרט, האָט ער ארויסגעגעבן א בוך: „אויף די וועגן פון א״י״. ער האָט זיך דערנענ־טערט צו נח פרילוצקי און ש. אנסקי, און אָנגעהויבן זאמלען יידישן פאָלקלאָר.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז ער געוואָרן א מעצענאַט אין ווארשע, געשטיצט יידישע שרייבער און א סך פון זיי געהאָלפן ארויסגעבן זייערע ביכער. א דאנק אים האָבן יידישע שרייבער ארויסגעגעבן ביכער, וואָס וואָלטן זיכער פארלוירן געגאנגען.

נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז ער אנטלאָפן פון ווארשע קיין ווילנע און פון דאָרט קיין אמעריקע.

אין זיינע בריוו פון ניו־יאָרק, רעדט ער ווי אַנטוישט ער איז פון לעבן. ער זעט דאָרט נישט דאָס שיינע רייכע יידישע לעבן, וואָס ער האָט געזעען אין פוילן. ער זעט ווי מען נעמט אראָפּ פון די ווענט בילדער פון עלטערן מיט באָרד און פיאות, און מ׳לייגט זיי ארויף אויפן בוידעם. ער זעט: יידישע ביכער וואלגערן זיך אויפן מיסט א.אז.וו.

דאָס לעבן אין אמעריקע האָט אים צעבראָכן, און נאָך א קורצער קראַנקייט איז ער אין עלטער פון 58 יאָר געשטאָרבן אין ניו־יאָרק, דעם 23 דעצעמבער 1953.

א. אלמי

# פנחס גראובארד

דער טויט פון אַ נאָענטען מענש, א קרוב, אָדער אַ חבר, רופט אין אונז ארויס ניט נאָר טרויעריגע געפילען, נאָר אויך — ווי מאָדנע דאָס זאל ניט קלינגען — פריידיגע מחשבות. ניט נאָר דערמאָנט ער אונז אָן דעם אומפאַרמיידליכען סוף, נאָר וועקט אויך אויף ליכטיגע זכרונות פון אַמאָל־אַמאָל, פון יוגענט, האָפענונגען, פלענער, איבערלעבענישען, חלומות.

אַזאַ שטראָם פון ליכטיקע יוגענט־חלומות האָט אין מיר אַרויסגערופען דער טויט פון מיין יוגענט־חבר פנחס גראָובאַרד, דער פאָלקלאָריסט, נאָענטער מיט־אַרבייטער פון ש. אַנסקין, געוועזענער ביכער־פאַרלעגער און ליטעראַרישער מע־צענאַט — אין די „גרינע" יאָרען פון אונזער יוגענט און פון דער מאָדערנער אידי־שער ליטעראַטור.

פנחס גראָובאַרד איז נאָך געווען אַ יונג בחור׳ל, ווען ער איז געקומען קיין וואַרשע פון נאָענטען סאָכאַטשעוו — און געקומען איז ער ניט בלויז מיט באַגייסטערונג פאַר דער אידישער ליטעראַטור און אירע שעפער, נאָר אויך — מיט געלט... ער האָט געשלעפט געלט פון זיין פאָטער, דעם רייכען גוטבאַזיצער און וואַלד־סוחר, און דערמיט געהאָלפען ארויסגעבען זשורנאַלען, יום־טוב־בלעטער, ביכער אָדער גאָר אונטערשטיצען אַ נויטבאַדערפטיגען יונגען אידישען דיכטער...

גראָובאַרד פאַראינטערעסירט זיך אין אידישען פאָלקלאָר און עס אָרגאַניזירט זיך אַ גרופּע פאָלקלאָר־זאַמלערס, אונטער דער השפעה און אָנפירונג פון נח פריי־לוצקין. אין דער גרופּע געפינען זיך, אַ חוץ גראָובאַרד׳ן: שמואל לעהמאַן, מרים כמעלניצקי, יהושע פערלע, שרה קאָרנבייסער (שפעטער פערלע׳ס ווייב) און דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות.

מיר לאָזען זיך אַרויס איבער אידישע שטעט און שטעטלעך און איבער די גאַסען און געסלעך פון וואַרשע גופא, זאַמלען פאַרשרייבען ווו נאָר עס לאָזט זיך — פון פאָלקס מויל. דאָס פאָלק קוקט אויף אונז ווי אויף משוגעים: מיט וואָס דער־וואַקסענע בחורים פאַרנעמען זיך דאָס!... אידען און אידינעס, חסידים און מתנגדים, זקנים און זקנות, און, להבדיל, אונטערוועלט־פאַרשוינען און פאַרשוינ־

טעס, קעשענע־גנבים, מעסער־שטעכערס, מאַרעוויכערס, זונות, אַלפאָנסען קוועטשען מיט די פּלייצעס, אָבער זיי לאָזען זיך פון די יאָלדען „מעלקען", ווי פרילוצקי רופט דאָס, טייל־מאָל פאַר'ן פרייז פון עטליכע רובל...

דאָס פאָלק זינגט פאַר אונז, דערציילט אונז מעשה'ס, וויצען, פאַרוואַרפט אונז מיט שפּריכווערטער, אָפּשפּרעכענישען, „זאַבאַבאָנעס"; אַלטע אידענעס — צווישען זיי מיין באָבע חיה, דעם טאַטענ'ס מאַמע — זאָגען פאַר אונז תחינות, „גאָט פון אברהם" — און מיר פאַרשרייבען.

אידישער פאָלקלאָר — דאָס אויפקלייבען די פאָלקס־אוצרות — איז דעמאלט נאָך אַ פרישע געביט, וואָס לאָקט. ס'ווערט שנעל די פּאָפּולערסטע אַקטיוויטעט אין דער אידישער קולטור־וועלט ניט נאָר אין תחום המושב פון דער צאַרישער אימפּעריע, נאָך אויך אין מאָסקווע און פּעטערבורג. מאַרעק און גינזבערג האָבען שוין אויפגעזאַמעלט אַ שלל מיט אידישען פאָלקלאָר. איגנאַץ בערנשטיין אין וואַרשע — אויך. איצט נעמען זיך דערצו מיט התפעלות נח פּרילוצקי און ש. אנסקי. טיילווייז אויך פּרץ און ה. ד. נאָמבערג. פרילוצקי מאַכט דערפון אַן אָרגאַניזירטע באַוועגונג. ער האַלט לעקציעס פאַר אונז וועגען פאָלקלאָר ביי אידען און ביי אַנדערע פעלקער, וועגען דער וויכטיגקייט צו זאַמלען און — ווי אזוי צו זאַמלען.

אָבער עס קומט צו אַ ריס צווישען דעם מדריך און דער זאַמעל־גרופּע — צוליב'ן הימל... פרילוצקי זאָגט אונז אָן צו פאַרשרייבען גענוי „ווי דאָס פאָלק רעדט". ניט, למשל: „דאָס, וואָס ווער", נאָר: „וואוע, דועס, וועיאַ" א. אַז. וו. די צרה איז, וואָס נח איז אַ וואָלינער און אין זיין געגענט זאָגט מען „אימל און הערט", אַנשטאָט הימעל און ערד, הערט ער אויך אין פוילען — אימעל... פאַרריכט ער אונזער מאַטעריאַל און ווו נאָר הימעל, מעקט ער אים אויס און שטעלט אַוועק אימעל... אין אמת'ן זאָגן פוילישע אידען, דער עיקר וואַרשעווער, ניט הימעל און ניט אימעל, נאָר — הימו...

פּראָטעסטירען מיר קעגען פרילוצקי'ס „א־מעל". מיר ווילען דווקא דעם הימעל, אָבער פרילוצקי איז אַן עקשן און וויל ניט נאָכגעבען. שפּעטער קומט צו אַנדערע קאָנפליקטען. דער סוף איז, אַז די גרופּע צעפאַלט זיך. שמואל לעהמאַן מאכט שבת פאַר זיך. גראָובאַרד רייסט זיך אויך אָפּ און ספּעציאַליזירט זיך אויף גנבים־לידער. אין אַ צייט אַרום פאַרבינדט ער זיך מיט ש. אַנסקין און ווערט זיין געטרייער מיטאַרבייטער, באַגלייטער און טיילווייזער מעצענאַט. פּערלע און איך בלייבען מיט נח'ן.

אין זומער 1911 האָט פּנחס גראָובאַרד אַ נייעם פּלאַן: גרינדען אַ פּיאָנערען־גרופּע און פאָרען קיין ארץ־ישראל אַקערען און זייען... מיר איז אפילו אַ שאָד איבערצולאָזען דעם „מאָמענט". ווו איך האָב געמאַכט מיינע ערשטע זשורנאַליסטישע טריט — און דאָס איז דאָך אַ מעשה פון בלויז געציילטע חדשים, זינט דעם 10־טן נאָוועמבער 1910, ווען דער ערשטער נומער „מאָמענט" איז אַרויס.

אָבער דער געדאַנק פון פאָרען, דערצו קיין ארץ־ישראל, לאָזט מיך ניט אָפּ. איך העלף גראָובאַרדן צונויפשטעלן די גרופּע. ס'שטייען־צו דער יונגער זשורנאַליסט י. י. טריוואַקס, דער יונגער פּאָעט א. י. קריזאַוואָסקי, דער יונגער דערציילער יוסף ראָזענפעלד (פון ראַדאָם) און נאָך עטליכע, וועמענס נעמען איך קאָן זיך איצט ניט דערמאָנען. דער „מאָמענט" איז מודיע זיינע לעזער, אַז זיין מיטאַרבייטער — איך, הייסט עס — פאָר קיין ארץ־ישראל און וועל פון דאָרט באַשרייבן דאָס הייליגע לאַנד.

מיר פאָרען — מיט ליידיקע קעשענעס, אָן דאָקומענטען, אָן אַ פּלאַן, אָבער מיר פאַרלאָזן זיך אויף אונזער גביר און מעצענאַט גראָובאַרד... ס'איז אָוונט. אויף יעדער סטאַנציע, ווו די באַן שטעלט זיך אָפּ, זענען אונז מקבל־פּנים דעלעגאַציעס פון יונגוואַרג, איבערהויפּט מיידלעך, מיט בלומען, מען זינגט די „התקוה", מען שרייט, מען טומלט. אויף איין סטאַנציע, דאַכט זיך, אַז אין גראָדזיסק, רוקן זיך אַרויס צוויי פּרעכטיג־שיינע מיידלעך, שוועסטער, מיט בלומען. טריוואַקס (וועלכער איז שפּעטער געוואָרן אַן ארץ־ישראל'דיגער תושב און דער אַרויסגעבער פון דער גרויסער העברעאישער ענציקלאָפּעדיע) שלעפּט מיך ביי דער פּעלערינע:

— קום, לאָמיר אַראָפּגיין, זיך נעענטער באַקענען מיט דער דעלעגאַציע!...

מיר שפּרינגען אַראָפּ פון דער באַן, באַגריסן זיך מיטן יונגוואַרג, אָבער די צוויי שוועסטער לאָזן מיר ניט אָפּ פון אויג... חברה זינגט. מיר פילן זיך ווי העלדען. מיר פאַרגעסן די באַן, גראָובאַרד'ן, ארץ־ישראל... דער פייף פון דער באַן ברענגט אונז צוריק די באַלדיגע רעאַליטעט... אָבער מער ווי דער געדיכטער רויך פון דער באַן אין שוין ניטאָ... מילא, וועלן מיר וואַרטן אויף דעם נאָענטן צוג, אָבער די נאָענטסטע באַן גייט אויף צוריק, קיין וואַרשע, הייסט עס — פאָרן מיר צוריק קיין וואַרשע...

איך טראַכט־צו עפּעס אַ תירוץ, צבי פּרילוצקי, דער רעדאַקטאָר פון „מאָמענט" איז אויסער זיך: ס'איז דאָך פּשוט אָפּגענאַרט די לעזער!... „גאַניעץ", די אַנטי־סעמיטישע פּוילישע צייטונג, קומט אַרויס מיט אַ סענסאַציע: דער ציוניזם איז באַנקראָט, אַ סימן — דער מיטאַרבייטער פון „מאָמענט", וואָס איז געפאָרן מיט אַ גרופּע קיין ארץ־ישראל, האָט חרטה באַקומען אין מיטן וועג און צוריק־געקומען קיין וואַרשע...

אַך, די לייכטזיניגע יוגענט!—און סך־הכל זענען מיר דעמאָלט געווען אינגלעך צווישן 16 און 18...

**
*

אין אַ יאָר אַרום קומט פּנחס גראָובאַרד צוריק פון ארץ־ישראל — מיט גרויסע פּלענער, אָבער איך האָלט שוין ערב אַמעריקע און די וועלט האַלט שוין ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה. צווישן די צוויי וועלט מלחמות ווערט פּנחס גראָובאַרד א

גאַר גרויסער גביר, אַן אדיר. ער גרינדעט אַ ביכערפאַרלאַג, גיט אַרויס דאָס גרויסע פאָלקלאָריסטישע זאַמעלבוך „ביי אונז אידען״, אונטער דער רעדאַקציע פון מ. וואנווילד (ש. ל. קאַווע), א בוך פון זיינע ארץ־ישראל רעפּאָרטאַזשען און א ריי ווערק פון עלטערע און אינגערע שרייבערס. אָבער פאָלקלאָר איז נאָך אַלץ זיין שטאַרקסטע שוואַכקייט און ער האָט גאַר־גאַר גרויסע פלענער וועגן א גרויסען פאַרלאַג, וואָס זאָל זיין א ליטעראַרישע בריק צווישען ווארשע—ניו־יאָרק—בוענאָס־איירעס . . .

מיין לעצטע באגעגעניש מיט פנחס גראָובאַרד׳ן איז ביי מרדכי דאַנציס׳עס לוויה. זכרונות פון אַמאָל. עס קומט צורייד וועגען אונזער יוגענט־חבר י. י. טריוואַקס, וואָס ער איז געקומען פון ישראל קיין אַמעריקע פאַר זיין העברעאישער ענציקלאָפעדיע און איז געפאַלען טויט אין מאָנטרעאָל. אין שאטען פון טויט שווימט אַרויס דאָס אמאָליגע ווארשע, די וויט־נאָענטע יונגע יאָרן, די עטליכע אינגעלעך, וואס האָבען זיך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געלאזט קיין ארץ ישראל אַקערן און זייען . . . גראובאַרד האָט נאָך אַלץ פלענער, גרויסע פלענער, פלענער, פלענער.

(„טאָג מאָרגנזשורנאַל״, 11־טער יאַנואר, 1953)

משה שווארץ (שיקאגא)

# וואלף (וואווע) ראזענבערג

אוממעגלעך צו דערמאָנען סאָכאַטשעוו, הויפּטזעכלעך צווישן די יאָרן 1915 ביז צום אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן, און אַרויסלאָזן פון אויג די ליכטיקע פּערזענלעכקייט וואָס עס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט וואָווע ראָזענבערג, וועלכער האָט מיט זיך פאַרקערפּערט דעם פּויליש־יידישן פאָלקס־אינטעליגענט. כאַראַק־טעריסטיש פאַרן דעמאָלטדיקן קאָלירפולן פּוילישן יידנטום.

ער איז נישט מיטגעריסן געוואָרן פון דעם שטראָם פון אסימילאַציע, נאָר געבליבן ענג פאַרבונדן מיט דעם יידישן פאָלקס־מענטש, מיט דער יידישער ליטע־ראַטור, יידיש געזאַנג און יידישער קולטור ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

אַלס אַ נאָענטער פריינט און חבר פון וואָווע ראָזענבערג, און אגב פון די כמעט געציילטע פאַרבליבענע פון אונדזער דור, איז מיר באַוווסט, אַז וואָווע האָט פאַר אַ צאָל יאָרן געחלומט און זיך אַרומגעטראָגן מיט גרויסע פּלענער וועגן פאַראייביקן סאָכאַטשעוו אין דער פאָרם פון אַ יזכור־בוך.

געבוירן געוואָרן אין יאָר 1892, אין סאָכאַטשעוו, אין אַ פרום חסידיש הויז, וועמענס פאָטער ס׳איז געווען דער אָנגעזעענער גערער חסיד ר׳ הערשל שוחט. פאַרבראַכט זיינע קינדער יאָרן אין דער חסידיש־טראַדיציאָנעלער היים, און אַלס אַ דערוואַקסן יינגל געלערנט אין דער ישיבה און אָנגעזאַפּט זיך מיט דער קולטור פון די תלמודישע און אַלט־העברעאישע קוואַלן. שוין אין די יוגנט־יאָרן רייסט ער זיך אַרויס פון דער היים, לעבט אין וואַרשע ווו ער האָט די מעגלעכקייט זיך צו באַ־קענען מיט דער יידישער קלאַסישער ליטעראַטור, און מיט דער וועלט־ליטעראַטור, קומט אַריין אין די קרייזן פון יידישע קינסטלער, שרייבער און אינטעליגענץ. אין יענער צייט הויבט ער אויך אָן שרייבן יידישע לידער, און ווערט אַ בן־בית ביי י.ל. פרץ און אַ נאָענטער פריינט פון נח פּרילוצקי, און איז אָנגעזעען אין דעם יידישן קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין וואַרשע.

אין יאָר 1915, ווען וואַרשע ווערט פאַרנומען פון דעם דייטשן מיליטער, הויבן אָן די אַרויסגעטריבענע יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך זיך אומקערן אַ היים. אויך די סאָכאַטשעווער יידן קומען צוריק, און צוזאַמען מיט דעם ווידער־אויפשטעלן

דאָס עקאָנאָמישע לעבן, הויבט מען אָן בויען אויך דאָס קולטורעלע, געזעלשאַפט־לעכע לעבן.

צו יענער צייט האָט זיך אויך וואָווע ראָזענבערג צוריק־געקערט, אויף אַ צייט, קיין סאָכאַטשעוו ווו ער פאַרנעמט זיך מיט אַדוואָקאַטור, כאָטש ער איז נישט געווען קיין געענדיקטער אַדוואָקאַט, און איז געוואָרן איינער פון די זיילן און פירער פון דעם פּאָליטישן און קולטור־געזעלשאַפטלעך לעבן. זיין גייסטיקער השפּעה האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף די, וועלכע זענען געווען אַרום אים און געשלאָגן טיפע וואָרצלען אין עטלעכע דורות.

נאָך עטלעכע יאָר פאָרט ער צוריק קיין וואַרשע, ווו ער איז צוזאַמען מיט די יידישע שרייבער און טוער ווי ש. סטופּניצקי, ה.ד. נאָמבערג, נח פּרולוצקי, שלמה מענדעלסאָן א.א. אין דער נאַציאָנאַלער פירערשאַפט פון דער דאַן ניי־געשאַפענער „פאָלקס־פּאַרטיי", און האָט אין אירע אינטערעסן באַזוכט אַ צאָל יידישע ישובים אין פוילן.

אין יענער צייט האַלט ער אָן אַ פאַראַנטוואָרטלעכע שטעלע אין „דזשאָינט", וועלכער האָט דאַן אָנגעפירט אַ גרויסע הילפס־אַקציע אין פוילן.

אין דעם יאָר 1924, פאַרלאָזט ער פוילן און פאָרט קיין אמעריקע — שוין צום צווייטן מאָל ווו ער האָט פאַרבראַכט אַ קורצע צייט אין יאָר 1910 — דאַסמאָל מיט זיין פרוי בראָנקע, שוין צו ווערן אַן'אייביקער תושב, און באַזעצט זיך אין ניו־יאָרק. אָבער דאָ הויבט זיך אָן פאַר אים אַ שווערער וועג פון צופּאַסן־זיך צו אַ נייעם לעבנס־שטייגער און באַדינגונגען. זיך שווער אָנטוישט. שטענדיק געפילט דעם פיינלעכן וויטאָק פון בענקשאַפט נאָך דעם אַמאָליקן לעבן, האָט ער זיך אויך אָנגעשטויסן אָן שוועריקייטן צו דערשלאָגן זיך צו אַן עקאָנאָמישער סטאַביליטעט.

אָבער ער איז קיינמאָל נישט געווען פּאַסיוו צו די לויפנדיקע פּראָבלעמען, און איז געווען ענג פאַרבונדן מיט דעם יידישן און אַלגעמיינעם לעבן, און דורכגעלעבט מיט לייב און לעבן דעם פּראָצעס און דעם ראַשיקן גאַנג פון וועלט־געשעענישן. כאָטש זיין אידעאישער וועלט־באַנעם איז געווען אין אַ געוויסער מאָס אַ קאָנסערוואַטיווער, אַ צוריקגעהאַלטענער און נישט רעאַליסטיש געגוג צו זעען די געוואַלדיקע, היסטאָרישע געשעענישן און ענדערונגען אין גרויסע וועלט־טיילן, האָט ער פאַר די יאָרן פון זיין לעבן אין אַמעריקע זיך נישט אידענטיפיצירט מיט כמעט קיין שום פּאָליטישער פּאַרטיי אָדער גרופּע, אַ חוץ מיט בלויז קולטור אַרבעט, — איז ער אָבער שטענדיק געשטאַנען אויף דער זייט פון דעם אונטערדריקטן און ליידנדיקן מענטש.

געווען אַ האַרציקער און פילבאַרער מענטש. דער חורבן היטלער, וועלכער האָט אויך אומגעבראַכט זיינע קרובים אין פוילן, האָט געמאַכט אויף אים אַ שרעקלעכע ווירקונג און איבערגעלאָזט טיפע ווונדן אין זיין האַרץ און נשמה, ביז דער גרויזאַמער טויט האָט אים אַוועקגעריסן אין עלטער פון 61 יאָר.

**וואָוועס איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין יאָר 1953, נאָך אַ לאַנגער און שווערער קראַנקהייט, און דריי יאָר שפּעטער איז אויך זיין פרוי אַוועק אין דער אייביקייט, איבערלאָזנדיק נאָך זיך זייער איינציקע טאָכטער נינאַ.**



אלחנן (חונע) ליבערט מיט זיין פרוי



ר׳ פרימאן הירש (שלום צבי פרידמאן)

### יעקב פרידמאן

# פרימאן הירש (שלום צבי פרידמאן)

## א

דער נאָמען פרימאן הירש, ווי מען האָט אים אין סאָכאַטשעוו גערופן, האָט מאָדנע געקלונגען. א נאָמען, וואָס איז ענלעך צום פאמיליע נאָמען (מען האָט אים טאקע גערופן פרידמאן הירש), און אזוי זעלטן איז אויך פרימאן הירש אליין געווען.

אויסערלעך פשטות שבפשטות. א מיטלוואוקסיקער, מיט א דאר פרום פנים און אַ קליינער אויסגעשפיצטער נאָז, מיט אַ ווייסער גראָער באָרד, אַן אמשינאָ־ווער חסיד.

אין שפייז־געוועלב וואָס האָט געהאט א מאָדנעם אויסערלעכן אויסזען, האָט פרימאן הירש געהאט צו פארקויפן חוץ שפייז אויך אַפטייק־זאכן און פארשידענע „באבסקע" רפואות, גראזן צו פארשידענע מיחושים און קרענק, וואָס גויים האָבן פאר אים געקליבן אויף די פעלדער און ער האָט זיי אליין כסדר געטריקנט. איינמאָל האָט מען געזען לויפן א פארוויינטע פרוי, מיט געבראָכענע הענט צו פרימאן הירשן אין געוועלב אריין, ער זאָל זיך אויף איר דערבארעמען און געבן א רפואה. און פרימאן הירש האָט אָנגעהויבן זוכן אין זיינע אנגעפילטע פושקעס און מישן רפואות מיט רפואות.

און וואָס איז פרימאן הירש נישט געווען? בעל תפילה, מוהל, גבאי פון דער חברה קדישא ראש בעל מתעסק, בעל תוקע — און די אלע „אמטן" זענען נישט געווען קיין אויסערלעכע זאכן און סתם אמטן, נאָר ווי ער וואָלט אין זיי געבוירן געוואָרן...

עטלעכע און פערציק יאָר איז ער געווען מוהל אין שטאָט, ביי ארעם און רייך. קיין שום זאך האָט אים נישט אָפּגעהאלטן פון צו גיין מלן א קינד. ער האָט פאַרלאָזט זיין האנדל, און עס האָט געמעגט זיין א שניי, א פראסט, א שטורעם און א רעגן — דער שטאָט־מוהל איז געגאנגען מקיים זיין א מצוה.

קיין ספעציעלער חזן איז פרימאן הירש נישט געווען, און דאָך צענדליקער יאָרן נישט אויפגעהערט צו זיין דער בעל תפילה פון שחרית אין שול און אין בית מדרש. ער האָט געוואָלט ביידע צופרידן שטעלן, איבערהויפט אין די ימים נוראים און ער האָט איינגעטיילט אזוי: דעם ערשטן טאָג שחרית און שופר־

בלאָזן אין שול — מוסף אין בית מדרש. דעם צווייטן טאָג פארקערט. ער איז אויך געווען דער שטאָט מ ב ק ר. זומער, ווינטער, ביי טאָג, ביי נאכט, מ׳האָט אים גערופן און ער איז געגאנגען.

פארנומען שטארק אָבער איז ער געווען ווען ס׳איז ווער געשטאָרבן אין שטאָט. ווען משה אהרן שולקלאפער האָט געגעבן מיטן הילצערנעם האמער צוויי קלעפּ אין די טירן, א סימן, אז ס׳איז דאָ אַ בר־מינן אין שטאָט, האָט זיך אנגעהויבן פרימאן הירש׳ס ארבעט. אלס גבאי פון חברה קדישא איז ער געגאנגען אויפן בית עולם, אויסגעקליבן א קרקע און באלד נאָך דעם איז ער אלס ראש מתעסק געווען ביים נפטר. ווען אלץ איז שוין געווען גרייט האָט ער מיט די איבעריקע חברה קדישא געמאכט די טהרה, און דערנאָך דעם נפטר אריינגעלייגט אין קבר, און ווער שמועסט נאָך, ווען א דאָרפסמאַן איז געקומען צו פאָרן מיט א מת אין שטאָט אריין אָדער גאָר א מת־מצוה?

ווי מ׳האָט אמאָל דערציילט, האָט ער אין א פינצטערער נאכט ווי אין חלום געהערט, אז מען קלאפּט אין זיין פעצטער און מען זאָגט אים, אז א מת־מצוה ליגט אויפן באַריסאָווער וועג. איז ער אויפגעשטאנען, ארויס פון בעט, זיך אָנגעטאָן, אָנגעצונדן די לאמטערן און זיך געלאָזט גיין זוכן אין דער ריכטונג פון באריסאָווער וועג. פלוצלונג האָט ער דערזען, ווי קעגנאיבער גייט אויך ווער מיט א לאמטערן, וואָס איז אויך געווען א צווייטער חברה קדישא מאן און וואָס אים האָט זיך אויך דאָס זעלבע געחלומט. זיי האָבן זיך איינגעטיילט ווי אזוי צו גיין אויסזוכן, און זיך געטראָפן ביי דער בריק פון באריסאווער וועג. פרימאן הירש איז דער ערשטער צוגעגאנגען צום בריק און געפונען דעם מת. געוואָרט אז דער צווייטער זאָל אויך אנקומען, און ביידע האָבן גענומען דעם בר־מינן אויף זייערע פלייצעס און געבראכט אין טהרה־שטיבל אויפן בית־עולם...

פרימאן הירש איז געווען אַן אויסנאָם פון אלע חברה־קדישא לייט מיט דעם, וואָס ער האָט נישט ליב געהאָט קיין כוס. ער איז געווען א„טרוקענער" גבאי פון דער חברה קדישא. אפילו ביים יום־טוב פון דער חברה קדישא ז׳ אדר האָט ער נישט געטרונקען קיין סך און נישט קיין שאַרפע משקאות, חוץ שבת און יום־טוב נאָך די פיש. דעם גרעסטן נחת האָט ער געהאט שמחת תורה, ווען ער האָט אלס גבאי פון דער חברה קדישא געטיילט אלע קינדער פון דער שטאָט רויטע עפּעלעך צו זייערע פענער מיט הבדלות. הונדערטער קינדער זענען צו אים דעמאָלט געקומען, און ער איז נישט מיד געוואָרן טיילנדיק, און אליין מיטגעריסן געוואָרן פון דער קינדערישער פרייד. דאָס איז ביי אים געווען דער שכר מצוה פאר זיין איבערגע־געבענער ארבעט...

די פּאָלקסטימלעכקייט איז געווען דער גרונט־שטריך פון פרימאן הירש׳ס טעטיקייט. און דאָך, אָט דער אײדעלער פּאָלקסטימלעכער עסקן, וואס האט זיך קיינ־



ר׳ מענדל פרידמאן מיט זיינע קינדער

מאל נישט געמישט אין מחלוקת׳ן, איז דאָך אריינגעצויגן געוואָרן אין א מחלוקת און דווקא מיטן סאָכאַטשעווער הויף, און געווען איז עס אזוי:

דער ציוניסטישער מנין ביי שמואל נ ע ל ס א ן אין הויז, האָט געשריבן א ספר תורה. האָט מען פרימאן הירשן אויך איינגעלאַדן ער זאָל קומען צום סיום־הספר. פרימאן הירש מיט זיין זון מענדל האָבן זיך נישט אָפּגעזאָגט פון גיין און קויפן אן אות, און צוזאמען מיט אלע שטאָטישע ציוניסטן און אנדערע יידן פון שטאָט זיך משמח געווען מיט דער תורה. ווען זיי זענען אהיימגעקומען האָבן זיי געפונען ביי זיך אין טאש א שקל...

די מעשה פון שקל איז דערגאנגען צום רבינס הויף, און מען האָט פרימאן הירשן נישט געקאָנט מוחל זיין די עבירה פון „שקל״. ווען ער האָט אלס גבאי פון חברה קדישא ,ווי דער מנהג איז געווען יעדעם יאָר שמחת תורה, געבראַכט צום רבינס טיש פאַרן רבין לעקעך, רויטע עפּל און גאָר גרויסע געפלאָכטענע הבדלות, וואָס מ׳האָט ספּעציעל באשטעלט אין ווארשע, האָבן די הויף־לייט פרימאן הירשן מיט זיין פמליא נישט אריינגעלאָזט צום טיש; און נאָר א דאנק זיין רואיקייט און כבוד צום אלטן ר׳ אברהמעלע, האָט ער אויסגעמיטן א גרויס געשלעג אין הויף.

די שטילע מחלוקת צווישן הויף און פרימאן הירשן האָט זיך געצויגן יאָרן. איבערגעבעטן האָט זיך דער הויף מיט אים דעמאָלט, ווען א מקורב פון הויף איז געשטאָרבן און זיי האָבן געמוזט אנקומען צו חברה קדישא זיי זאָלן אים מקבר זיין. און דער משא ומתן האָט זיך געצויגן דריי טעג, און א דאנק דעם יום־טוב וואָס איז געווען אינמיטן, האָט זיך דער ענין געענדיקט.

א צוואה האָט ער איבערגעלאָזט, מ׳זאָל דאָס זעקל וואָס מ׳לייגט אונטערן קאָפּ אין קבר, אָנפילן אנשטאָט מיט ערד מיט אלע קבלות וואָס ער האָט געזאמלט אלע יאָרן פון פארשידענע ישיבות, און תרומות פון סתם צדקה באזונדער פון די ארץ־ישראל ישיבות, און אויך דאָס מוהל מעסער און דאָס קליינע שופרל וואָס ער האָט געבלאָזן אלע יאָר שופר, זאָל אוועקגעלייגט ווערן צו קאָפּנס. די צוואה איז מקיים געוואָרן. אין זיין לוויה האָט זיך באטייליקט די גאנצע יידישע באפעל־קערונג אלט און יונג, אפילו קינדער. דעם ארון האָט מען אוועקגעשטעלט פאַרן ארון הקודש, און דער רב דמתא, ר׳ ל נ ד ו י, האָט אים מספיד געווען.

אזעלכע זענען געווען די אמאָליקע פאָלקס־עסקנים, איבערגעבן מיט לייב און לעבן.

# שמחה גרונדוואַג

ב.

די לעצטע ידיעה, וואָס מיר אין ארץ ישראל האָבן באַקומען פון געטאָ וואַרשע איז געווען א קורצע:

— „דער טאַטע לעבט שוין נישט מער"...

יאָ, דאָס איז געווען דער סוף פון א משפחה, וואָס האָט אַלץ מקריב געווען פאַר דער געזעלשאַפט און פאַרן ציוניזם, און נישט זוכה געווען צו קומען קיין ארץ ישראל.

שמחה גרונדוואַג מיט 40—45 יאָר צוריק.

טובת הכלל איז ביי אים געווען פאַר אַלעם; פּרנסה אַן א זייט, ביי דער משפּחה — אַן אורח, „קהלשע געשעפטן" האָבן אים פאַרשלונגען פון פרימאָרגן ביז שפּעט ביינאַכט, די משפּחה האָט טאַקע געליטן אין אַלע הינזיכטן, אָבער ער האָט זיך פאַר קיין זאַך נישט אָפּגעשטעלט. געזען נאָר אין און איינציקן, ליכטיקן, שיינעם, מיט בלומען באַצירטן וועג, וואָס פירט קיין ציון — ארץ־ישראל. פון דעם וועג האָט ער פונעם ערשטן טאָג פון הערצלס רוף ביזן געטאָ נישט געוואָלט אָפּטרעטן.

דאָס איז געווען שמחה גרונדוואַג.

ווו האָט ער זיך נישט באַטייליקט אַלס אַקטיווער כלל־טוער? אומעטום, ווו מ'האָט געדאַרפט אַרבעטן לטובת הכלל — איז ער דערשינען, נישט פרעגנדיק אַפילו זיינע חברים, וואָס אין זייער נאָמען איז ער אַרויסגעטרעטן.

פאַרגעשטעלט האָט ער זיך אַלס דעמאָקראַט, אָבער א סך יאָרן איז ער געווען א מושל בכיפּה — אָבער אַלץ געטאָן באמונה שלמה. צענדליקער יאָרן געווען יושב ראש פון דער אגודת הציונים און קרן־קימת לישראל, און אין די שפּעטערדיקע יאָרן — יושב ראש פון די „בנות־ציון". מיט דער אַנטשטייונג פון ציוניזם האָט ער געגרינדעט א ביבליאָטעק און געשטאַנען אין איר שפּיץ, ביז די ביבליאָטעק האָט זיך פאַרוואַנדלט אין א „יידישע געזעלשאַפט־ביבליאָטעק אין סאָכאַטשעוו". געווען פאַרשטייער אין דער קהילה. געגרינדעט א חדר מתוקן „עברית בעברית", וואָס איז שפּעטער געוואָרן א „בית ספר עברי" און האָט די גאַנצע יאָרן געדעקט זיינע דעפיציטן. ווו נאָר א געזעלשאַפטלעכע אַקציע — איז ער געווען.

די עלטערע ציוניסטן, די וואָס זענען צוגעשטאַנען צום ציוניזם מיט אים צו־זאַמען, האָבן אים שפּעטער כמעט פאַרלאָזט. ער האָט זיי ווי אַרויסגעשטופּט מיט



די העברעאישע שול „התחיה" — בית הספר „התחיה"

זיין אקטיוויזם. „אומעטום — איך". אויך די יוגנט איז געווען אונטער זיין איינ־פלוס. פלעגט יעדן שבת געבן א לעקציע פון יידישער געשיכטע אָדער ציוניזם, און האָט דערצויגן אַ יונגן דור, א יונגן ציוניסטישן דור. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן זיי אָנגעהויבן נעמען אין זייערע הענט די ציוניסטישע ארבעט, נישט זייענדיק מסכים מיט די אָנשויאונגען און איינשטעלונגען פון זייער לערער. נישט איינמאָל איז ער ברוגז געוואָרן, אָבער ווען מ'האָט אים פארזיכערט אז דאָס איז לטובת ארץ־ישראל — דעמאָלט איז ער צוריק געקומען. ער האָט נישט געקאָנט זיין פּאסיוו, און זען ווי יונגע „שנעקעס" פירן אן מיט אלעם און דארפן נישט זיין מיטהילף...

צענדליקער יאָרן זענען דורכגעלאָפן, און שמחה גרונדוואָג איז געבליבן דער זעלבער כלל־טוער, אַ ציוניסט מיט יונגן טעמפּעראמענט, מיט א פייערדיקן ווילן צו כלל־ארבעט. — ער האָט געמונטערט, גערופן די יוגנט ביי יעדער געלעגנהייט, געלייענט רעפעראטן, פארשפּרייט ציוניסטישן וויסן און ליטעראטור, כדי באוווסט־זיניק צו מאכן די יוגנט, דערציען א ציוניסטישן דור וואָס זאָל ראוי זיין פאר ארץ־ישראל. ער האָט אָנגעפירט אלע קאמפן מיטן רבינס הויף, וואָס האָט געקעמפט מיטן ציוניזם.

ער האָט אלץ געטאָן פאר ארץ־ישראל און, ווי געזאָגט, נישט געהאט די זכיה צו זען דאָס צוגעזאָגטע לאנד. ער איז געפאלן א קרבן אין געטאָ ווארשע, מיט אן אוממענטשלעכן טויט, דורך די נאצישע הענט.

און זאָל דאָ דערמאָנט ווערן זיין זון, נחום, אומגעבראַכט דורך די נאַציס. ער איז געגאנגען א צווייטן וועג, קהלשע געשעפטן געלאָזט דעם פאָטער — און אליין זיך געווידמעט דעם טעאטער. ער האָט און האָט א סך פרנסה'ס: געארבעטביים טאטן אין געוועלב, געווען א בעל־עגלה, אבי נישט צו זיין אפּהענגיק אין וועמען, אָבער פון די בינע־ברעטער איז ער נישט אפּגעטרעטן. א דאנק אים איז אנטשטאנען אין שטאָט א דראמאטישע סעקציע, וואָס האָט אויסגעפירט גארדין—און גאָלדפאדן־פּיעסעס, אפּערעטקעס און דראמעס און אלץ פאר ווילטעטיקע צוועקן — פארן כלל.

נישט איינמאָל האָט מען אים געבעטן: — נחום, קום קיין ארץ ישראל. מיט דיינע פעיקייטן און הומאר וועסטו קאנען פארנעמען א בכבודיקן אָרט אין ארץ־ישראלדיקן טעאטער. און אויך ער האָט נישט זוכה געווען נאָר זיין זון געשיקט קיין ארץ ישראל מיט דער האפענונג, אז ווען דער זון וועט זיך איינאָרדענען, וועט ער אויך קומען אין לאנד.

שמחה גרונדוואָג האָט זיך מקריב געווען פאר ארץ־ישראל און אומגעקומען אין געטאָ, אפילו זיינס א קינד האָט נישט געהאט די זכיה צו קומען אין לאנד, נאָר זיין אייניקל.

זיינע בריוו צום אייניקל, צום אור־אייניקל און אויך צו מיר, זענען געווען פול מיט באגייסטערונג פאר אונדזער לאנד. יעדן בריוו האָט ער געענדיקט: „איך זאָל נאָך האָבן די זכיה מיט אייך זיך צו זען אין ארץ־ישראל"...

**אלחנן כץ**

# ר׳ מנשה צימריינסקי

דער רבי פון דער „חברה תהלים״, ר׳ מנשה צימריינסקי ז״ל, איז געווען א ייד א תלמיד חכם, א בעל יועץ, גבאי פון דער חברה קדישא און א „מבקר״, אָבער נישט פאר קיין געלט נאָר לשם מצווה. האָט ווער געברויכט שטיין צום פריזיוו, איז מען געקומען צו אים פרעגן אַן עצה, וואָס צו טון. איז ווער קראנק געוואָרן, איז מען געקומען בעטן ר׳ מנשהן, ער זאָל קומען מבקר חולה זיין. אויף צומאָרגנס איז מען געקומען זאָגן, ווי דער קראנקער פילט זיך, און געפרעגט, וואָס מען מעג דעם קראנקן געבן עסן. וואָס ר׳ מנשה האָט געזאָגט האט מען געטון.

איך האָב געלערנט ביי ר׳ מנשה צימריינסקי פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. געדענק איך, ווי ס׳פלעגן קומען פרויען מיט א געוויין, אז דער מאן אָדער ווער פון די פאמיליע איז געפערלעך קראנק געוואָרן און אים געבעטן: ר׳ מנשה׳לע קומט שנעל, האָט ער זיך געבייזערט אויף זיי: איר זאָלט מיך נישט רופן ר׳ מנשה׳לע, איך הייס ר׳ מנשה. גייט זאָגט, אז איך קום שוין צו. אַז ר׳ מנשה איז געקומען, האָט ער דעם קראנקן באהארכט, געשטעלט באנקעס, אויסגעשמירט, און געזאָגט וואָס מען זאָל דעם קראנקן געבן עסן. אז ס׳איז ווער געקומען אים רופן צו א קראנקן, און ער האָט פונקט געהאלטן אין מיטן עסן, האָט ער געלאָזט שטיין דאָס עסן — און געגאנגען צום קראנקן. אז מען האָט אים גערופן צו א קראנקן אין מיטן דער נאכט, און יענער האָט געוווינט אויפן בוידעם שטוב, צי אין א קעלער, איז ער גלייך געגאנגען, קיינמאָל נישט אָפגעזאָגט, ער איז געווען דאן דער אנפירער פון דער שטאָט, אויך פון דער חברה קדישא, די שמשים פלעגן קומען אים פרעגן וואס צו טון. און מען פלעגט זיך מיט אים בעראטן וועגן א דין תורה, אָדער א בוררות. ווי ר׳ מנשה האָט געפסקנט, אזוי זענען ביידע צדדים מסכים געווען. פאר בלויז דרך ארץ צו אים האָט מען געפאלגט וואס ער האָט געזאָגט.

נישט געווען א מענטש, וואָס האָט געהאלטן ביים שטארבן, אז ר׳ מנשה זאָל נישט זיין ביי יציאת־נשמה און וידוי זאָגן. אז ס׳איז ווער געשטאָרבן אפילו אין מיטן דער נאכט, האָט ר׳ מנשה גלייך געשיקט א שמש פון דער חברא קדישא, ער זאָל זאגן ר׳ משה־אהרן שולקלאפער, אז מאָרגן (פאר טאָג) אין דער פרי

דארף מען געבן נאר 2 קלעפּ (געווען א מנהג ביי אונדז אין שטאָט, אז דער *שמש*, דער שולקלאַפּער, האָט געקלאַפּט אין די טירן פון די געוועלבער מיט א היל־צערנעם האמער, יעדן טאָג 5 א זייגער אין דער פרי, צו דריי קלעפּ. פרייטיק — 2 מאָל: אין דער פרי און פאַרנאַכט פאַר ליכט־צינדן. און אז ס׳איז געווען א בר־מינן אין שטאָט, האָט ער נאָר געגעבן 2 קלעפּ. אז מען האט געהערט אין דער פרי 2 קלעפּ, פלעגט מען פרעגן דעם שולקלאפּער: ר׳ משה אהרן, ווער איז געשטארבן?).

ווו זעט מען היינט אזעלכע מענטשן, וואָס זאָלן טון אלץ לשם מצוה?



פרוי טשיפּע כץ מיט אירע קינדער



די משפחה טעמפל

שלמה שוויאטלאווסקי, תל־אביב

# סאכאטשעווער עסקנים

## ר׳ זלמן דער „מבקר״

### א

זלמן אלבערט (זלמן אייזנהענדלער) האָט געהאט אן אייזן־געוועלב אויף דער ווארשעווער גאס, אין הויז פון חנה צירל פליישמאן. אין זיין קרעמל



ר׳ זלמן אלבערט (דער „מבקר״)

איז געווען א קליינער שלאָסער־ווארשטאט. אין די פרייע מינוטן, ווען עס זענען קיין קונים נישט געווען, פלעגט ר׳ זלמן צורעכט מאכן שלעסער און צופאסן שליסלען, אָדער ארייגקוקן אין א ספר פון רפואות.

זלמן אלבערט איז געווען א „מבקר", האָט זיך געהאַלטן פאַר א קענער אין הלכות דאָקטעריי און געווען טעטיק אין דער חברה „ביקור חולים". מיטן אנטשטיין פון דער חברה „לינת הצדק", ווערט ר' זלמן דאָס הארץ און דער מוח פון דער אינסטיטוציע.

מיר האָבן געוווינט מיט אים אין איין הויף. מיין פאָטער איז לאַנגע צייטן געלעגן צו בעט, און ר' זלמן פלעגט אונדז אָפט באַזוכן; דער דאָזיקער טייערער ייד האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון. שפּעטער בין איך געווען אַן אָפטער איינגייער ביי אים אין שטוב, און נענטער צוגעזען זיין טעטיקייט.

איך ווייס נישט אויף וויפל ער איז טאַקע געווען א בקי אין דאָקטעריי... אָבער אז ער האָט מיט הארץ און נשמה געוואָלט העלפן מענטשן, איז ביי מיר אויסער יעדן ספק. איך דערמאָן זיך: עס איז א יריד־טאָג אין שטעטל, ר' זלמן שטייט אין זיין וואַרשטאַטל און פיילט די שליסלען. אין קרעמל געפינען זיך אויך אייניקע קונים. פּלוצלינג פאַלט אריין א פרוי מיט א געוויין: „רב זלמן ראַטעוועט! מיין שוואָגער איז אַוועקגעפאַלן אויף א הארץ־אַטאַק"!

— ווו וווינט איר — פרעגט ר' זלמן.

— ביי שמחה פעלצן־מאַכער אויפן בוידעם אין דער „פּאַצעיאַטקע" (דאַך־שטיבל), וואָס געפינט זיך אין דער שול־גאַס — ענטפערט די פאַרצווייפלטע פרוי.

ר' זלמן פאַרשרייבט שנעל דעם אדרעס, און ווענדעט זיך צו דער פרוי: „לויפט גיך אהיים, און איך קום גלייך מיט סקאַטניצקין".

פאַר ר' זלמנען עקזיסטירט שוין נישט קיין געוועלב, קיין שלעסלעך און קיין שליסלען. זיין פרוי טויבע־לאה געפינט זיך שוין אין געוועלב, און ר' זלמן לויפט צו משה סקאַטניצקין. אָבער סקאַטניצקי איז נאָר וואָס אַוועקגעפאָרן אין א דאָרף אריין צו א קראַנקן. ווערט ר' זלמן נישט נתפעל, און אין איין אָטעם איז ער שוין אין דער חברה לינת־הצדק, ווו ער נעמט אייניקע מעדיקאַמענטן מיט א טערמאָמעטער און שוין איז ער ביים קראַנקן. זיין סוגעסטיווער און פּסיכאָלאָגישער צוגאַנג צום קראַנקן ווירקט אָפט פיל מער ווי די בעסטע מעדיצינען. ער פרעגט נישט גלייך דעם קראַנקן וועגן דעם עצם הארץ־אַטאַק, וואָס ער האָט באַקומען, כדי נישט צו שרעקן אים נאָך מער. ווי א געניטער און לאַנגיעריקער דערפאַרענער ביי חולים, ווענדעט ער זיך מיט זיינע גוטמוטיקע בליקן צום קראַנקן: — „א גוט מאָרגן אייך ר' ישראל, זיכער עפּעס געגעסן וואָס עס טויג נישט פאַר אייך. מיר וועלן באַלד זען, ווייזט נאָר די צונג"!

ער שטעלט צו דעם טערמאָמעטער און נעמט גלייך דעם פּולס אין האַנט: „גאָרנישט, מיט גאָטס הילף וועט אַלץ זיין אין אָרדענונג, אַביסל פאַרדאָרבן און דאָס האָט געשטויסן צום האַרץ. איך פאַרשרייב אייך א רעצעפּט". דאַן ווענדעט ער זיך צו דער פרוי פון קראַנקן: — „גייט גלייך נאָך דער מעדיצין צו ר' הערש פרידמאַן".

מיט א נישט דרייסטן טאָן זאָגט די פרוי צו ר׳ זלמנען: „האָט נישט קיין פאַריבל, איך וועל זיך נישט שעמען פאַר אייך, עס איז נעבעך נישטאָ פאַרוואָס צו קויפן די רפואה״.

— „קומט גלייך מיט מיר — ווענדעט זיך ר׳ זלמן מיט א ליבלעכן טאָן צו דער פרוי. — זאָגט, שעמט אייך נישט מען מוז ראַטעווען דעם קראַנקן און אויך אים געבן גוט צו עסן״. און ר׳ זלמן גייט נישט פריער אהיים ביז דער קראַנקער ווערט נישט מיט אלעם באַזאָרגט.

אין שטעטל בושעווען עפּידעמיעס: פּאָקן און שקאַרלאַטין. מ׳מיידט אויס צו גיין צו שכנים. ר׳ זלמן שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום געפאַר, הגם ער האָט א גרויסע פאַמיליע מיט קליינע קינדער, און טראַכט נישט אז ער קען פאַרשלעפּן די אַנשטעקנדיקע קראַנקהייטן צו זיך אין שטוב. בייטאָג און ביינאַכט איז ער אויף די פיס צו ראַטעווען מענטשן. ער נעמט אנטייל אין פאַרשידענע קאָנסוליומס. לערנט אפילו לאַטיין, און מיט דער צייט הויבט ער אָן אין א סך פאַלן אליין צו פאַרשרייבן פאַרשידענע מעדיצינען. די אַפּטייקן האָבן צוטרוי צו דעם „מבקר״, און ווער עס האָט געבראַכט א רעצעפּט מיט ר׳ זלמנס אונטער־שריפט, האָט אין דעם אַפּטייק באַקומען די מעדיצין. ביי דעם דעמאָלטיקן דוחק אין דאָקטוירים, האָט ר׳ זלמנס מעדיציניש פּראַקטיק נישט איין מענטש אפּגע־ראַטעוועט פון טויט.



ר׳ יאַנקל קאָוואַל, (דער בעל דקדוק) מיט זיין משפּחה

# ר׳ הערשל קלוסקא ז״ל

ב

צו די סאָכאַטשעווער געשטאַלטן, טיפן און כלל־טוער, וועלכע זענען געווען טעטיק אין די פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין שטאָט, דאַרף ווערן צוגערעכנט די אייגנאַרטיקע געשטאַלט פון ר׳ הערשל קלוסקא.

אויף ווי ווייט מיין זכרון גרייכט, געדענק איך ר׳ הערשלען ווי איינעם פון די הויפט־טוער — מסתמא אויך מיטגרינדער — פון „לינת הצדק״.

די סאָכאַטשעווער אָרעמע מאַסן האָבן, ווי אין אַלע יידישע שטעטלעך אין פוילן, געלעבט אין די סאמע ענגע געסעלעך און אין אנטי־סאַניטאַרע באַדינגונ־גען אַזוי, אַז אויב ס׳פלעגט — נישט־זעלטן — אויסברעכן אַן עפּידעמיע אין שטאָט, פלעגט זי דוקא דאס ערשטע אָנגרייפן די מענטשן פון אָט־די געדיכט־באַוווינטע ערטער. אין אַזאַ־אָ צייט האָט די יידישע אָרעמקייט געזעען אין „לינת הצדק״ אַ רעטונג־ברעט. און נישט בלויז אין צייטן פון עפּידעמיעס, נאָר אויך אין „שטילע״ צייטן, זענען די דאָזיקע חושכדיקע געסעלעך געווען נעסטן פון פאַרשידענע קראַנ־קייטן און — „לינת־הצדק״ האָט תמיד געהאַט וואָס צו טאָן. די הויפּט־אַרבעט פון דער געזעלפשאַפט „לינת הצדק״ איז באַשטאַנען אין געבן אומזיסטע מעדיצינישע הילף צו די וועלכע האָבן נישט פאַרמאָגט קיין געלט אויף אויסצוקויפן די רעצעפּט אין אַפּטייק. אָבער ביז גאָר וויכטיק איז אויך געווען דאָס גיין נעכטיקן צו שווערע קראַנקע. און דאָ האָט ר׳ הערשל קלוסקאַ ממש זיך מוסר־נפש געווען, גייענדיק נעכטיקן אין די סכנתדיקע ערטער, טראָגנדיק הילף און אַ גוט, וואַרעם וואָרט פאַר די קראַנקע.

העלפן נויטבאַדערפטיקע איז געווען זיין אידעאַל. נישט קיין חידוש וואָס ער האָט דערוועקט צו זיך צוטרוי און דרך ארץ.

אין יאָרן שפּעטער, ווערט אין ווארשע געשאַפן די צענטראַלע פון „לינת־הצדק״, וועלכע הייבט־אָן פינאנסיעל צו שטיצן אירע אָפּטיילונגען איבער גאַנץ פוילן, צווישן זיי — די אָפּטיילונג אין סאָכאַטשעוו. ערשט דעמאָלט באַווייזן זיך די „שיינע יידן״ פון שטאָט, וועלכע שטעלן אין אַ זייט די פריערדיקע אידעאַליסטן, די גרינדער. אָבער ר׳ הערשל נעמט זיך נישט איבער מיט דעם. פאַרקערט : ער

איז צופרידן וואָס די אינסטיטוציע איז געוואָרן אַ צענטער צו העלפן אָרעמע קראַנקע. אָבער בלויז מעדיצין — האַלט ר׳ הערשל — איז ווינציק. מען דאַרף שטעלן דעם קראַנקען אויף די פיס. און אַז ר׳ הערשל זאָגט **מען דאַרף** איז נישט בלויז געזאָגט. נאָר ער נעמט פאַרווירקלעכן דאָס, וואָס ער האַלט פאַר נויטיק. ער גרינדעט דאָן אַ פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפט אונטערן נאָמען „עזרת חולים לעניים״, אין וועלכער ער לייגט אַריין אַ שטיק פון זיין וואַרעם יידיש האַרץ און אידעלער נשמה. אין דער דאָזיקער געזעלשאַפט האָט ער געאַרבעט ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג, ד. ה. — ביז זיין אומקום דורך די נאַצים, ימח שמם.

ר׳ הערשל קלוסקאַ, איינער פון די אייגנאַרטיקע מענטשן, האָט כשר פאַרדינט, אַז די לעבנגעבליבענע סאָכאַטשעווער יידן זאָלן אים נישט פאַרגעסן.

**
*

זאָלן דאָ אויך דערמאָנט ווערן די נעמען פון **גאָלעק**, **ברוך גאָלדשטיין**, בערל **בזשאָזאָווסקי**, הערצקע **ברויטמאַן** און אַנדערע, וועלכע האָבן געשאַפן אַ לאָקאַל און איינגעקויפט אַ נייעם אינווענטאַר פון בעטן, בעט־געוואַנט און בכלל געהאָלפן די פליטים מיט וואָס זיי האָבן געקענט.

צווישן די אומגעקומענע סאָכאַטשעווער עסקנים דאַרף אויך דערמאָנט ווערן ר׳ מאָטל **ביעזשונסקי**, דער זון פון ״ אליהו משה ביעזשונסקי, וועלכער האָט זיינערצייט, זייענדיק פּרעזעס פון דער קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס־באַנק אין סאָכאַטשעוו אין די יאָרן פון 36—35—1934 ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, פינאַנסירט כמעט אליין און געשטיצט מיט אַלע כוחות די באַנק, וואָס איז געווען אַ הילף פאַר הונדערטער אָרעמע יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן זיך ביטער געראַנגלט מיטן עקאָנאָמישן טעראָר פון דער אַנטיסעמיטישער רעגירונג.

יעקב פרידמאַן

# דערינערונגען

**א**ין סאָכאַטשעוו בין איך געבוירן און דערצויגן געוואָרן, און אין עלטער פון 26 יאָר האָב איך אויף שטענדיק פאַרלאָזן די שטאָט.

אויפן טראַקט וואַרשע־פויזן, 48 ווייאָרסט פון וואַרשע, איז געלעגן די אַלטע יידישע קהילה — סאָכאַטשעוו. דאָס שטעטל האָט געציילט 1,200 יידישע משפחות, בערך 5000 נפשות. צוזאַמען מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, וואָס איז געווען קלענער פון דער יידישער — ביי 7—8 טויזנט נפשות.

ווי יעדעס יידישע שטעטל, האָט סאָכאַטשעוו געהאַט אירע בעלי־בתים, אַרבעטס־מענטשן, סוחרים, קרעמער, בעלי־מלאכות און כלי־קודש, עסקנים, פּאַרטייאישע און אומפּאַרטייאישע יוגנט, סאָציאַליסטישע און ציוניסטישע פּאַר־טייען און וווילטעטיקע אינסטיטוציעס. דערצו האָט אויך סאָכאַטשעוו גע־האַט איר באַרימטן „הויף", וואָס האָט געשמט אין גאַנץ פוילן.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז סאָכאַטשעוו אינגאַנצן חרוב גע־וואָרן. 9 חדשים איז דאָס שטעטל געלעגן צווישן דער פראָנט־ליניע ביי דער בזורע, און פון דער באָמבאַדירונג איז סאָכאַטשעוו צעשטערט געוואָרן און געבערענגט אַ סך קרבנות.

איך און נאָך אַנדערע יונגעלייט, האָבן נאָך דער מלחמה מער נישט געזען פאַר זיך קיין צוקונפט אין סאָכאַטשעוו, און מיר זענען געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די צוקונפט פון אונדזער פאָלק איז נאָר אין ארץ־ישראל. מיר, יונגע, געזונטע בחורים מוזן זיך שיידן מיטן גלות, און גיין אויפלעבן אונדזער אייגן פאָטערלאַנד, און מיר האָבן סאָכאַטשעוו פאַרלאָזט.

שווער איז אונדז אָנגעקומען דאָס שיידן זיך מיט דעם שטעטל, ווו יעדער איבערגעבליבענער שטיין איז אונדז געווען נאָענט. אפילו די קאַלטע קברים האָבן צו אונדז גערעדט. די סאָכאַטשעווער חורבות האָבן אונדז דער־ציילט מעשיות פון אַמאָליקן לעבן, פון זיינע ליבע מענטשן, פון זייער אַרט לעבן. מיט אַ שווער האַרץ זענען מיר אַוועק.

איוב׳ס בשורות פון סאָכאַטשעוו האָבן אונדז דערגרייכט אין ארץ־ישראל, בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. צוזאַמען מיט אַנדערע שטעט און שטעטלעך, איז אויך דאָס יידישע סאָכאַטשעוו, וואָס האָט זיך געהאַט אינצווישן אויפגעבויט, גרויזאַם פאַרניכטעט געוואָרן דורך די נאַציס. און עס שווימען אויף אין מיין זכרון פאַרשידענע בילדער און געשטאַלטן פון אַמאָל.

# משה אהרן שול־קלאפער

## א

שוין פאַרטאָג האָבן זיך געהערט פון שול־געסל די שווער־באַשטיוולטע טריט פון משה אהרן שול־קלאַפּער, וואָס האָט מיטן קהל׳שן הילצער־נעם האַמער אין דער האַנט, זיך געלאָזט וועקן דעם סאָכאַטשעווער קהל צו עבודת הבורא.

משה אהרן שול־קלאַפּער האָט געגעבן איין קלאַפּ אין אַ פאַרמאַכטן לאָדן, דעם צווייטן און דריטן קלאַפּ, און דער זיסער שלאָף האָט זיך פון די אויגן אָפּגעטאָן, און אין סאָכאַטשעוו האָט זיך אָנגעהויבן דער פריש־אויפגעגאַנגענער טאָג.

אַ מנהג איז געווען אין שטעטל (כ׳גלויב אויך אין אַנדערע שטעטלעך), אַז יעדן נאָרמאַלן טאָג האָט דער שול־קלאַפּער אויסגעקלאַפּט דריי קלעפּ מיטן הילצערנעם, קהל׳שן האַמער: איינס, צוויי, דריי. איז אָבער אין דער נאַכט, חלילה, עמיץ געשטאָרבן, איז געשען אין שטעטל אַ „מאַלעער" — האָט דער שול־קלאַפּער אויסגעקלאַפּט נאָר צוויי קלעפּ, און דער דריטער נישט־אויסגעקלאַפּטער, איז מיט ציטער און שרעק געבליבן הענגען און זיך געלייגט אויפן געמיט, ווי אַ שוואַרצער שאָטן, וואָס האָט געשמעקט מיט טויט, מיטן „גוטן אָרט", מיט טהרה־וואַסער און לוויה. אַ קרעכץ האָט גע־נומען זיך רייסן, און טרערן רינען פון די אויגן...

אין משה אהרן שול־קלאַפּערס האַנט מיטן הילצערנעם האַמער, איז גע־לעגן דער גורל פון יעדן פריש־אויפגעוואַכטן טאָג. זיין פרייד און זיין טרויער, זיין פריילעך אָקעגנלויפן דעם טאָג און דאָס פאַרשעלטן זיין געבוירן ווערן. דער אָנזאָגער פון גליק און אומגליק איז ער געווען, און אויף זיין דריטן קלאַפּ מיטן קהלשן הילצערנעם האַמער אין לאָדן, האָט יעדער ציטערדיק געוואַרט...

מיטן זיין דער אָנזאָגער פון גוטן אָדער שלעכטן טאָג, האָט זיך אָבער משה אהרן שול־קלאַפּערס מיסיע נישט פאַרענדיקט. ער האָט געהאַט נאָך איין וויכטיקע מיסיע — צו זיין דער אָנזאָגער פון שבת.

געקאָכט און געברויזט האָט אין סאָכאַטשעוו דער פרייטיקדיקער מאַרק. פון גאָר פרי אָן, האָט דער קרעמער געאײַלט אין געוועלב אַריין. דער הענדלער ביים סטראַגאַן — צום סטראַגאַן מיט אויבסט, און דער טאַנדייטער — צוזאַמענצושטעלן זיין געשטעל מיט פאַרטיקע מלבושים, פּאַלטנס, שובעס, אָנצוגן פאַר די פּויערים פון דער אומגעגנט, וואָס קומען מיט זייערע וועגענער אין שטאָט אַריין. באַלד האָט דער מאַרק געגומען שימערירן מיט די פאַרשידן־פאַרביקע פּויערישע געוואַנטן, פערד האָבן געהירזשעט, קי, ציגן האָבן געמעקעט, הינער געקוואַקעט, העגער געקרייעט, און צווישן דעם הו־האַ האָבן יידן און יידענעס געטאַפּט די בייכער פון די עופות אויף שבת, געקויפט פּוטער, קעז, אייער און סוחרים — קערצלעך תבואה, אַ טינדל פלוימען, אַ זעקל עפּל, באַרן. דער רויש, דער געטומל האָט זיך געטראָגן פון מאַרק צו די געוועלבער, פון מאַרק צו די סטראַגאַנעס און צו די שענקן און פון די שענקן צום מאַרק, אַזוי, אַז איין קול האָט פאַרהילכט דאָס צווייטע קול. יידישע קולות האָבן זיך אויסגעמישט מיט גוישע. מען האָט זיך געדונגען, געקלאַפּט אין די הענט „נאַ זגאָדע" — אַ טאַרג...

ווי אַ שלאַקס־רעגן אין מיטן העלן טאָג, האָט זיך פּלוצלונג משה אהרן שול־קלאַפּער, ווען די זון האָט זיך אָנגעהויבן נייגן צו מערב, אַריינגעריסן און געגומען קלאַפּן מיטן הילצערנעם האַמער אין די טירן פון די אָפענע געוועלבער און דער מאַרק האָט אויפגעציטערט. אַלץ האָט אויפגעהערט ברויזן. די ווערטער אין די מיילער — ווי זיי וואָלטן פאַרשטומט געוואָרן. דאָס געזשום, די קולות האָבן זיך פאַרשעמט — און דער האַנדל האָט אויפגעהערט. פּאַמעלעכער זענען געוואָרן די באַוועגונגען פון די הענט פון די קויפער און פאַרקויפער. דער קרעמער האָט גענומען קוקן דער קונה זאָל וואָס־שנעלער אַרויס פון געוועלב; ער זאָל וואָס־שנעלער זיין געלט אָפּציילן, נעמען וואָס ער דאַרף און גיין פונוואַנען ער איז געקומען. אַ געאײלעניש האָט זיך אָנגעהויבן ביי די געשטעלן און סטראַגאַנעס. מען האָט געריסן סחורות פון פּויערישע הענט. מען האָט געכאַפּט פאַרפּאַקן, אַוועקטראָגן און די פּויערים וועלכע האָבן פריער געהאַנדלט, זענען געבליבן שטיין ווי פאַרחלומט. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז פּלוצלונג פאָרגעקומען, פאַרוואָס איז דער פאַרקויפער געוואָרן אַזוי אָנגעבלאָזן — ער לאַכט נישט מער, שמייכלט נישט מער, געבליבן אייז־קאַלט אין מיטן האַנדלען.

דערווייטערט האָט זיך משה אהרן שול־קלאַפּערס קלאַפּן מיטן קהל'שן האַמער, און מענטשן האָבן אָנגעהויבן פאַרמאַכן די אויבערשטע טירן פון די געוועלבער, פאַרקייטלען די קייטלען, פאַרריטשן די ריגלען און פאַרלייגן די שלעסער. ביי די געשטעלן האָבן האַמערס גענומען מאַכן אַ תל פון דעם, וואָס מען האָט אין דער פרי אויפגעשטעלט. ווי מיט אַ כישוף איז דער

מאַרק געוואָרן אויס מאַרק. ווי פון אונטער דער ערד אַרויס איז אויסגע־וואַקסן דער שטאָט־קערער מיטן גרויסן בעזעם, געקערט דעם גרויסן, אויס־געליידיקטן מאַרק. מיט שטילע מלאכים־טריט קומט אָן דער שבת. משה



אליהו (עליע) פאזנאנסקי מיט זיין פרוי (פון באלימאוו)

אהרן שול־קלאַפּער האָט אָנגעזאָגט זיין אָנקום, ווי אינדערוואָכן דעם אָנקום פון טאָג, און דער סאָכאַטשעווער מאַרק האָט געקריגן אַן אַנדער פּנים... באַלד וועלן די שבת־ליכט גאָלדיק שימערירן פון די יידישע פענצטער אין מאַרק אַריין. די שבתדיקע זמירות וועלן זיך הערן פון די שטובן און דריי אַ זייגער ביינאַכט, ווען די שטאָט שלאָפט נאָך איר מנוחהדיקן פרייטיק־צו־נאַכטס־שלאָף, וועט אויפשטיין יקיר שוסטער, גיין אין דער שטעטל־שער פינצטערניש און רופן מיט זיין הויך גלעטנדיק קול:

הערט נאָר צו מיינע ליבע לייט,

וואָס איך וועל אייך זאָגן:

דער זייגער האָט שוין דריי געשלאָגן

עס איז שוין צייט תהלים זאָגן.

# ר' מאיר בנימין

ב

מאיר בנימין איז געווען אין סאָכאַטשעוו אַ שם דבר, און אַז מאיר בנימין האָט שפּאַצירט איבער די גאַסן אין זיין שוואַרצער קאַפּאָטע, מיטן גאַרטל אַרומגעוויקלט, האָבן אַלע געוווּסט: עס איז דאָ אַ בר־מינן.

אין אַזאַ פאַל האָט ער קודם געמאַכט אַ גרויסן „לחיים", נישט מורא צו האָבן פאַר די טויטע. דערנאָך איז ער גלייך אַוועק צו אַלע חברה־קדישא־לייט, בכדי צו באַשטימען דאָס אָרט פון קבר. און מאיר בנימין האָט שוין נישט גערוט. ער האָט געמאָסטן דאָס האַלץ פאַרן אָרון פון „מת מצוה", געשניטן די קרשים. געמאַכט אַ שפּאַציר אין די הויפּט־גאַסן און אין געוויסע פלעצער זיך אָפּגעשטעלט, גענומען דאָס קליינע בערדעלע צוזאַמען מיט דער גאַמבע אין דער רעכטער האַנט און מיט דער לינקער אונטערגעהאַלטן דעם עלנבויגן און מיט אַ געזונטן סאָפּראַן־קול אויסגערופן: „מת מצוה"! מיט דעם האָט ער איבערגעצייגט אַלעמען, אַז ער האָט שוין אַלץ דערליידיקט, אַלץ איז פאַרטיק און איצט קומט אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד דעם מת. ביי דער לויה האט ער גענומען די בלעכערנע, קיילעכדיקע צדקה־פּושקע, מיט אַ קליין שלעסעלע פאַרשלאָסן, ווו ס'איז געווען אויפגעקלעפּט אַ צעטל „צדקה תציל ממות", וואָס איז געווען איינע פון די הויפּט־הכנסות פון דער חברה קדישא.

נאָך דער לויה זענען זיך צוזאַמענגעקומען די הויפּט־חברים פון דער חברה־קדישא און געמאַכט ערשט דעם רעכטן לחיים. און אַז מאיר בנימין האָט פאַרגעסן דעם חשבון פון די כוסות, זיינע באַקן זענען געוואָרן אַביסל רויטלעך האָט ער אָנגעהויבן דערציילן פון גרעסערע לויות, און אין זיין וואָרט איז געווען: „אַלץ מאיר בנימין"! „ווען נישט איך, וואָלט נאָך היינט די לויה נישט געווען", און האָט זיך בגלופנדיק צעלאַכט... אין שטאָט האָט מען אים טאַקע דעריבער גערופן: „אַלץ מאיר בנימין".

ביי אונדז קינדער זענען אַלע חברה־קדישא־לייט געווען גרויסע העלדן, זיי האָבן נישט קיין מורא געהאַט פאַר מתים. אָבער מאיר בנימין האָט אין אונדזערע

אויגן אַלעמען איבערגעשטיגן, אַ קליינִיקייט: „ער גייט אַליין ביינאַכט אויפן בית־עולם און האָט נישט קיין מורא״.

אַ פאַקט, וואָס איך האָב אים בייגעווינט און ביי מיר געפינען זיך נאָך היינט עטלעכע זילבערנע מטבעות, רוסישע 5 קאָפּיקעס און 10 קאָפּיקעס, אַלס אָנדענק פון אים, טאַקע פון מאיר בנימינען, וואָס איז בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה ניצול געוואָרן פון אַ שראַפּנעל.

אין יענער צייט האָבן אַ סך משפחות נישט געקוקט אויף דער געפאַר, וואָס האָט געדראָט צוליבן דערנענטערן זיך פונעם פראָנט קיין סאָכאַטשעוו, דאָך געבליבן אין שטאָט. דערווייל איז סאָכאַטשעוו מיט יעדן טאָג אַלץ מער חרוב געוואָרן. געוועלבער האָבן זיך געשלאָסן, קיין מענטשן אין די גאַסן האָט מען חדשים נישט געזען. מתים זענען געלעגן און קובר זיין אויף דעם בית־עלמין איז געווען אוממעגלעך. דאָרט האָבן זיך געפונען די אקאפעס. האָט מען באַשלאָסן צו באַגראָבן מתים הינטער דער שול און בית־המדרש, ווו מ׳האָט זיך געקאָנט שיצן פון די קוילן. איין טאָג זענען געווען עטלעכע מתים, אויך 2 קריסטן. ווען מען האָט פאַרענדיקט דאָס קובר זיין, האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעכע שיסעריי. מיר זענען געלאָפן זיך אויסבאַהאַלטן. אַ שראַפּנעל איז אונדז פאַרביי און אָנגערירט די מלבושים פון מאיר־בנימין, אפגעזענקט זיי, און דאָס געלט אין קעשענע איז צעשמאָלצן געוואָרן, נאָר ער איז ניצול געוואָרן.

יאָ, „אַלץ מאיר בנימין״.

# אברהם מאיר לייזערס

ג

ער איז געווען דער שותף פון מאיר בנימין. אויך זיין הויפט פרנסה איז געווען... דער טויט. ער איז געווען דער קעגנזאץ פון זיין שותף. שטיל, אָן רעש, מיט פאמעלעכע טריט איז ער געגאנגען צו זיין ארבעט. יי״ש האָט ער פיל מער געטרונקען פון זיין שותף, אָבער ער האָט געהאלטן גלייכגעוויכט, געוווסט, וואָס ער טוט און דאָס — אָן געפילדער.

א גרייז־גרויער, פון מיטעלן וווקס, כל ימיו געווען א שניידער, בעיקר געניית תכריכים...

ווי נאָר מאיר בנימין האָט אים געמאָלדן, אז פלוני בן פלוני איז געשטאָרבן, איז ער גלייך אוועק און קודם כל גענומען די מאָס פונעם טויטן גוף, כדי צו וויסן וויפל ווייסע לייוונט מ׳דארף האָבן. ביז ער האָט די בגדים נישט געענדיקט, האָט מען אים נישט געזען אין די גאסן. פארטיק געוואָרן, גלייך זיי אָפגעטראָגן, האָט ער ערשט דעמאָלט אנגעהויבן זיך באווייזן אין גאס. ער האָט דערפילט אלע שליחותן פון די חברה־לייט וואָס האָבן דורכגעפירט די קבורה.

אין פאליש פון דער שול האָט ער אנגעצייכנט די מאָס פונעם ארון, און גע־ווארט ביז די חברה־לייט זענען געקומען, כדי צוזאמען צושניידן די קרשים. שפעטער האָט ער זיי אוועקגעטראָגן אויפן בית־עלמין, און זיי ארייגעפאסט אינעם קבר. דאָן געקומען צוריק אין שטאָט און געמאָלדן, אז דער קבר איז פארטיק. נאָכדעם האָט זיך שוין אנגעהויבן די ארבעט פון מאיר בנימין, וואָס איז אוועק רופן די יידן צו אַ מת־מצוה.

# חייקל בעל־עגלה

ד

אין סאַכאַטשעוו זענען געווען א סך יידישע פרויען, וואָס האָבן ערלעך פארדינט דעם נאמען „אשת חיל". זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט אויף פארשידענע געביטן. מען האט זיי געקענט טרעפן צווישן אלע פאלקס־שיכטן. נישט אלע האבן געקענט און געוווסט זיי אפצושאצן ווי געהעריק. געמיינט האָט מען, אזוי דארף זיין. ערשט איצט, ווען מיר ווארפן א בליק אויף יענעם פארגאנגענעם לעבן, זעען מיר ווי גרויס עס איז געווען די ראָל פון דער יידישער פרוי אין אויפהאלטן דעם קיום פון אונדזער פאָלק און די ריינקייט פון יידישן משפחה־לעבן.

די סאַכאַטשעווער אשת חיל וועגן וועלכער מיר ווילן דא דערמאנען, האט געשטאמט פון א בעל־עגלה'שע משפחה. מ'האט זי גערופן „חייקל בעל־עגלה", חיים ניסן בעל־עגלה'ס טאכטער. חיים ניסן, א ייד, א פשוטער, האט זיך געהאט זיינע מצוות וואס ער האט אפגעהיטן מיט דער גרעסטער פינקטלעכקייט. איינע פון זיי איז געווען — באזארגן יידישע זעלנער מיט א כשרן פסח.

אין דער רוסישער צייט, זענען אין סאָכאַטשעוו איינגעשטאַנען צוויי ראָטעס זעלנער, צווישן זיי אויך יידן פון רוסלאנד; איז חיים ניסנ'ס מצוה געווען — זיך משתדל זיין, איבעהויפט פאר פסח, צו באפרייען די יידישע זעלנער אויף יום־טוב. ער האט זיי אפגעגעבן א שטוב אין זיין הייזל אויף גאנץ יום־טוב, און פאר זיי אנגעגרייט כשר עסן.

חייקל, זיין טאָכטער, האָט אין איר נשמה פארמאָגט עפעס פון איר פאָטער. זי האט דעם טאטן צוגעהאלפן, און פלעגט פארן צוויי־דריי מאל א וואך מיטן וואגן קיין ווארשע ברענגען סחורה. ווען דער פאטער האט זיך געפילט שוואך, איז זי אליין געפארן קיין ווארשע. דערפאר האט מען זי גערופן „חייקל בעל־עגלה". זי האָט זיך נישט געשעמט מיטן נאָמען. אלע בעלי־עגלות האָבן איר צוליב דעם אפגעגעבן כבוד,ווען זי האט זיך גענומען אויך היילן פערד — ממש ווי א דאקטער...

זי האט חתונה געהאט מיט א מאן וואס איז שפעטער געווארן א קאָוואַל, און אויך אים האט זי געהאלפן אין דער ארבעט. ווען זי האט געקלאפט די פאדקאוועס

אויף די פערדישע פיס, האט די גאס געהילכט, און דאס פערד איז געשטאנען ווי עס וואלט דרך־ארץ גֶעהאט פאר איר...

איז ביי וועמען קראנק געווארן א פערד, ביי יידן אדער קריסטן, האט מען גערופן חייקלען. פאר איר ארבעט האט זי קיין געצאָלט נישט גענומען, זי האָט עס געטאן אלס מצוה. און ווי זי וואָלט געבוירן געווארן דערצו. חייקל בעל־עגלה איז געווען אַ פעסטע, הויכע פרוי. אירע טריט און אויך איר רעדן האָט מען געהערט פון ווייטן. ס'איז אינטערעסאנט געווען צו זען איר צוגאנג צום אונטערזוכן, אדער היילן א פערד. פארקאטשעט די ארבל, אריינגעשטעקט איר האנט אין גוף פון פערד, ארויסגענומען פון דאָרט וואס זי האָט פארשטאנען אז עס איז איבעריק, און געגעבן א רפואה. זי האט זיך אויך פארנומען מיט מאכן אָפעראַציעס אויף פערד. מיט איר קליין שארף מעסערל האט זי אויסגעשניטן ווילד־פלייש — און אריינגעשיט זאלץ אין דעם וווּנד. אָדער אפגעלאָזן בלוט. זי האָט אלץ געטאָן מיט א פינקטלעכקייט, ווי זי וואלט געווען א וועטערינאַר. די שטאָטישע בעלי־עגלות האָבן איר צוגעטיילט כבוד. איר נאָמען איז באוווסט געוואָרן אויך צווישן די ווארשעווער פורמאנעס.

ווען ס'איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט מלחמה זענען די סאָכאַטשעווער געלאָפן קיין ווארשע. צווישן זיי אויך חייקל. סאָכאַטשעווער פליטים זענען פארטיילט געוואָרן צווישן ווארשעווער איינוווינער, און דווקא חייקל מיט איר משפחה זענען אריינגעשיקט געוואָרן צום גראָכאָווער רבין אין שטוב. דער כבוד האָט אויף איר שטאַרק משפיע געווען. זי איז געוואָרן אַ פיאסעטשנער חסידה. די וואַרשעווער בעלי־עגלות האָבן איר אָפגעגעבן כבוד אויך צוליב דעם, וואָס זי געפינט זיך אין אזא הויז און פאר אירע ידיעות אין היילן פערד. ווען ס'איז ביי וועמען קראנק געוואָרן א פערד, האָט מען עס נישט געברענגט צו חייקלען, נאָר מ'האָט געשיקט נאָך איר אַ דראָשקע מיט צוויי שליחים, און געבראכט צום שטאל ווו דאָס פערד געפינט זיך. מיט גרויס נייגעריקייט האָבן בעלי עגלות זיך צוגעקוקט, ווי די פרוי היילט אַ פערד. אלע זענען גרייט געווען איר קומען צו הילף. קיין געלט פאר איר ארבעט האָט זי נישט געוואָלט נעמען.

נאָך דער מלחמה איז זי צוריקגעקומען מיט איר משפחה קיין סאָכאַטשעוו, און ווייטער פאָרגעזעצט איר פרנסה ווי פאר דער מלחמה. יעדע וואָך, פאר שבת, איז זי געפאָרן קיין ווארשע און מיטגעפירט פארן גראָכאָווער רבין אויף שבת פון אלעם גוטן...

**לייב פערשטנבערג**

# חייקל בעל־עגלה

אויפן װאַרשעװער שאָסיי, װוּ עס ענדיקט זיך די שטאָט מיט אירע לעצטע, קליינע האַלב־איינגעפאַלענע הײַזקעס, און עס הייבן זיך אָן די רחבותדיקע גרינע פעלדער און דער הויפּט־טראַקט קיין װאַרשע, איז אַ געפילדער און רעש פון הינער, גענדז, קאַטשקעס און אינדיקעס, װאָס מישן זיך צונויף מיט מענטשלעכע קולות און געשרייען. דאָס גרייטן זיך די סאָכאַטשעװער בעלי־עגלות צו זייער װאָכיקער רייזע קיין װאַרשע, כּדי צוצושטעלן פאַרן װאַרשעװער מאַרק: עופות, קיישלעך אויבסט, קאַרטאָפל, אייער, פּוטער, קעז און אַנדערע פּראָדוקטן, װאָס די פּראָװינץ פלעגט צו־שטעלן פאַר דער מיליאָניקער װאַרשע. מען מאַכט די לעצטע צוגרייטונגען. װער עס שמירט די רעדער מיט סמאַראָװידלע, װער עס שטעלט איבער די גרויסע קלאַטקעס מיט עופות און װער עס קלאַפּט צו אַ ברעטל און שטעלט אײַן די סחורה אויף אירע ערטער, אַז עס זאָל אויפן װעג װאָס דויערט אַ גאַנצע נאַכט עפּעס נישט פאַרלוירן װערן.

די נאַכט פאַלט צו. די זון אַ רויט־פלאַמיקע, לאָזט זיך פאַװאָליע אַראָפּ אויף דער צװייטער זײַט בריק און פאַרשװינדט. פונדעסטװעגן װאַרט מען. מען װאַרט נאָך. חייקל איז נאָך נישטאָ מיט אירע 2 גרויסע, די גרעסטע װעגענער, מיט די 2 פּאָר שטאַרקסטע און שענסטע פערד צװישן אַלע בעלי עגלות.

חייקל איז געװען די איינציקע אין פּוילן בעל־עגלה פּרוי. נישט קיין גאַר הויכע, אויפן ערשטן בליק אפילו נישט קיין שטאַרקע, מיט אַ מענערישן זיכערן גאַנג. אַ ברוין אָפּגעבערענט פּנים, מיט אַ פּאָר בלויע אויגן, און אַ בליק פון אַ האַרציקע, גוטע יידישע מאַמע. געװען דער אָנגע־זעענסטער בעל עגלה אין שטאָט. יידן הויכע, װי די דעמבעס, בעלי עגלות פון דורות, געזונטע פערדס־יינגען, אַלע האָבן געהאַט דרך ארץ פאַר חייקלען.

חייקל האָט נישט נאָר געקענט אַנטרייבן מיט די פערד „נאַשפּיץ״ און געפירט דעם גאַנצן קאַראַװאַן װעגענער, פלאַטפאַרמעס, יעדעס מאָל מיט הצלחה אָן שטרויכלונגען קיין װאַרשע, נאָר געקענט אויך אונטערשטעלן אַן

אקסל ווען מען האט געדארפט טוישן אַ צעבראָכן ראָד פון אַ פול אָנגע־לאָדענעם וואגן. און ס׳האט געטראָפן, אַז אַ פערד איז געפאַלן און קראַנק געוואָרן, האָבן אַלע דראָזשקאָזשעס און בעלי עגלות נישט געוווסט קיין אנדערן וועג, ווי נאר צו חייקלען. ביי אזא פאל האט זי אלץ איבערגעלאזט און גלייך געלאָפן העלפן. פאַרשאַרצטביידע ארבל פון דער מענער־מארינארקע וועלכע זי האָט שטענדיק געטראָגן, אַ קוק געטאָן ווו מען האָט געדארפט, געטאָן וואס מען האט געדארפט — און עס איז אַדורך בסדר. צו קיין וועטערינאר־דאקטוירים האט זי קיין שטארקן צוטרוי נישט געהאט. ווען עמעצער האט געדארפט קויפן, אדער טוישן אַ פערד, קען עס געמאלט זיין אָן חייקלס מבינות? חס ושלום נישט לשם מעקלעריי, פארקערט, אז מען האט געדארפט ארויסהעלפן אַ געפאלענעם פורמאן ביים קויפן אַ פערדל, איז איר טאש שטענדיק געווען אָפן פון די ערשטע, און דעם רעשט געלט צונויפגענומען דורך אַ נדבה און ביי אייגענע חברה.

עס וועט אפשר זיין שווער תופס צו זיין, אז אָט די יידענע, וועלכע איז אַ גאנץ לעבן אומגעגאנגען צווישן פערד און שטאלן, האט געקענט אויך אומגיין ביי אַ קראנקן מענטש נישט ערגער, ווי דער שטאָטישער פעלדשער. עס איז נישט געווען קיין אָרעמע שטוב, ווען עמעצער איז שלאַף געווארן און פארן דאקטאר איז נישט געווען קיין געלט, מען זאל נישט רופן חייקלען אריינפאַסן אויפן אָרט אַן אויסגעלענקטע האנט אָדער פוס, שטעלן באנקעס און געבן פארשידענע רפואות — דאס אלץ איז ביי איר געווען אזוי נאָר־מאל, ווי להבדיל, איינשפאנען אַ פּאָר פערד. זייער אָפט, ווען אַ קינד אַ זויגלינג האט עפעס נישט געקענט שלאפן און געוויינט אַ גאנצע נאכט, איז די מאמע צומאָרגנס שוין געווען ביי חייקלען: „חייקל־שי קרוין, מיין בערעלע איז עפעס נישט מיט אלעמען — אַ גאנצע נאכט קיין אויג נישט צוגעטאָן“...

— „נו, האָסט אים שוין אוודאי צעבראָכן“ — בארואיקט חייקל די מאמע, מיט איר מענערישער באַסאָווער שטים „גיי אַהיים, הייץ אַיין, ס׳זאָל זיין ווארעם אין שטוב. איך קום באלד ארויף צו דיר, גרייט צו אַ ביסל אָלעיעק“. און ס׳איז געווען צו באוווּנדערן, ווי חייקל מיט אירע צוויי גרויסע, אויס־געהאָרעוועטע הענט, האט מיט וואס־פארא לייכטקייט, מיט וואס־פארא פאָר־זיכטיקייט, צערטלעכקייט און גלייכצייטיק זיכערקייט, אַ לייג אויס געטאָן דאס קינדעלע אויפן טיש און אַ שלעפּ געטאָן דאס רעכטע פיסל צום לינקן הענטל און דאס לינקע פיסל צום רעכטן הענטל (דאס האט זיך גערופן ביי איר אויסמעסטן) — און אזוי עטלעכע מאָל. אַ דריי איבער געטאָן דאס נפש׳ל מיט די פלייצעס ארויף, אויסגעשמירט מיט בוימל, אַ קלאפּ געטאָן אין הינטערשטן, איינגעוויקלט דאס שרייענדיקע קינד, וועמענס געוואלדן זענען דערגאנגען עד לב השמים, איבערגעגעבן עס דער מאמען אָנצוזויגן. —

„גיב אַכטונג זאלסט עס נאכאמאל נישט צעברעכן. היינטיקע מאמעס". האט זי גוטמוטיק אַ ברום געטאָן און איז שנעל אוועק. נישט געהאט קיין צייט אויף ווייבערישע מעשיות און גערעדעריי. שטענדיק געווען פארנומען מיט עפעס.

איר מאַן, מאַשקאַ, איז געווען אַ שמיד. אַ סך נידעריקער פון איר. אַ קרעמפּער, אַ געזונטער, מיט אַ פּאָר שטארקע ידיים. קיין גרויסע דעה אין שטוב האט ער נישט געהאט. אפילו אין באלעגאלעשאפט זיך נישט גע־מישט. ער איז געווען פארנומען אין זיין קאוואלסקע ארבעט. און אזוי ווי ער האט געקענט צוגיין צום גרעסטן, ריזיקסטן פערד אָן פּחד, און דאס פערד האט געמוזט געהאָרכזאַם, רואיק זיך לאזן אָנקלאַפּן די פּאַדקאָוועס, ווייל ער האט געקענט די קונסט פון באַהערשן די פערד, אזוי קליין און נעבעכדיק איז ער געווען שטענדיק אין דער היים קעגנאיבער חייקלען, וועלכע איז געווען די גאנצע דעה־זאָגערין און פירערין פונעם הויז. אפילו גויים האבן אים ליב געהאט. ווייל אז ער האט אָנגעקאָוועט אַ פערד איז עס געווען אַן אויפטו. מאַשקאַ האט געמאכט די בעסטע רייפן צו אַ וואָגן. זיינס אַ פּאַדקאָווע האט אַ פערד געטראגן חדשים־לאנג.

דאס האבן טאקע די גויים אים אזוי גערופן „פּאַניע מאַשקאַ". די יידן אין שטאט האבן עס שנעל איבערגענומען און אנדערש האט מען נישט גע־ווּוסט. אבער אין שטיבל ווו ער האט געדאַוונט, צווישן קצבים און קאַ־וואליעס אין מאָטע גראדזיסקיס הייזל אויף דער פארנע גאס, האט מען אים אויפגערופן צום ספר: ר׳ משה בן שמואל הכהן. דארטן האט ער טאַקע געוואָרפן אַן אויג אויף דעם בחור וועלכער האט געלייענט יעדן שבת אין ספר־תורה. און נאָר ער, פייוול, דער בעל־קורא, מוז זיין זיין עלטסטער טאָכטערס אײדעם. אויב אליין איז ער נישט געווען קיין קענער אין די קליינע אותיותלעך, זאל כאָטש דער איידעם זיין אַ קענער. און אז ער האט חייקלען דערציילט וועגן דעם, איז ביי חייקלען נישט געווען אַ זאַך, וואס זי זאל נישט קענען דורכפירן און בפרט — פאַר אַן אייגן קינד. מען האט פארקויפט אַ געשפּאַן, צונויפגענומען אלץ וואס מען האט פאַר־מאָגט, צוגעבאָרגט און געסילוקט דעם נדן, וויפל מען האט געפּאָדערט. נאָך געדונגען אַ דירה, שיין אויסמעבלירט און געשטעלט זיך מיט לייטן גלייך, און געפראוועט אַ חתונה. און, אז חייקל האט געמאכט אַ שמחה, האט זי איינגעלאדן, בוכשטעבלעך די גאנצע שטאט. וואס הייסט איינגעלאדן? אָפּ־געהיט האט מען געדארפט זיין, אז מען זאל נישט קומען צו חייקל׳ס אַ שמחה. קליינע שמחות — ווי: ברית׳ן, תנאים׳ס און שול־פירעכץ, האט זי געפראוועט ביי זיך אין דער קליינער וווינונג, אין אַ שטוב מיט אַ קיך, וואס איין וואנט האט זיך געגרענעצט מיט דער קוזשניע און די צווייטע וואנט מיט די שטאלן פאר פערד. אז עס איז נישט געווען קיין אָרט פאר אזא

גרויסן עולם, האט מען געגעסן פּאַרטיעסווייז. ווער עס האט אָפּגעגעסן האט שנעל פריי געמאכט דעם פלאַץ פאר אַ שטייענדיקן אין דרויסן אויפן הויף. אבער, אז חייקל האט חתונה געמאכט אַ טאָכטער, האט זי געדונגען דעם גרעסטן זאַל אין שטאט — די סטראַזשאַצקע שאַפּע, און אָנהייבנדיק פון דער פוילישער אינטעליגענץ מיטן בורמיסטרז בראש, אלע יידישע פני־העיר ביז אירע „גוטע ברידער" קאָוואַליעס, בעלי עגלות, דאָראָזשקאַזשעס, אלע האבן געמוזט זיין אויף דער חתונה און געגעסן, געהוליעט, געטאנצט די גאנצע צייט, ביזן פרימאָרגן אריין.

פאר אירע קינדער איז זי גרייט געווען זיך מקריב צו זיין. אלע טעכטער אויסגעגעבן מיט גרויס כבוד. ווען אַ קינד איז נישט געגאנגען מיט פרנסה — געקויפט נאך אַ געשפאַן און אריינגענומען צו זיך. ווען עס איז נאר גע־שאפן געווארן אַ גימנאזיע אין סאכאטשעוו, איז די יינגסטע טאכטער געווען איינע פון די ערשטע תלמידים. קיין סך האט זי זיך נישט אויסגעלערנט, אבער חייקל האט געטון אלץ וואס נאר זי האט געקענט. „וואס הייסט, אין סאָכאַטשעוו וועט זיין אַ גימנאזיע און מיין רחל'ע וועט דאָרט נישט גיין?"

דאס יונגסטע — חיים ניסן, איז געווען דער איינציקער זון, אַ בן־יחיד. פאר אים איז זי געווען פול מיט פלענער. פון אים וועט מען מאכן עפּעס אזוינס און אַזעלכעס.

נאך אַ פאקט, אפשר איינער אין פוילן: חייקל איז געווען אַ חסיד פון אַ רבין. יאָ, חייקל און נישט מאַשקאַ. אויסגעקליבן זיך אַ רבי, נישט פון די באַוווסטע, די גרויסע צדיקים, צו וועלכע עס זענען געפאָרן אַלע. זי האט זיך אויסגעפונען אַן אָרעם, נישט באַוווסט רבי'לע, אַ באַלעמעלאָכעשן רבי, פון אַ וואַרשעווער פאָרשטאָט — דעם גראָכאָווער רבין. נישט קיין קלענערן כבוד וואס מען האט דערלאנגט די גרויסע רביים, האט זי אָפּגעגעבן איר ארימען רבין. מיט יעדער „יאזדע" קיין ווארשע, האט זי נישט פארגעסן עפּעס אַ מתנה פארן רבין. יעדן זומער איז דער רבי פון גראָכאָוו געקומען אויף אָפּרו צו חייקלען, אין איר ווינונג פון אַ שטוב מיט אַ קיך, צווישן שטאַל און קוזשניע. אז זי האט נישט געהאט קיין שענערס, און ווען זי וואלט געהאט אַ פּאַלאַץ, וואָלט זי דערמיט נישט מהנה געווען דעם רבין? — „פּאַר מיין רבין — פלעגט זי זאָגן — דאָס שענסטע און דאס בעסטע". זי האט געשטראַלט פון פרייד און געווען גליק־לעך, ווען פרייטיק־צונאכט האט מען געפּראַוועט אַ טיש. מאַשקאַ, אַן איבערגעטוענער אין אַ זיידענער קאַפּאָטע איז געזעסן אויבן־אַן, לעבן דעם רבין. ס'זענען זיך צונויפגעקומען באַלעמעלאָכעס און סתם יידן ביי איר אין שטוב, און דער רבי האָט געזאָגט תורה. נאָכדעם האָט מען געזונגען חסידישע נגונים ביז שפּעט אין דער נאכט אריין. אַן איבערגעטוענע אין

אַ ריין קליידל, אָן אויסגעצוואָגענע, איז זי געשטאַנען אביסל אָפּגערוקט פון טיש און געווען צופרידן, איבערגליקלעך, אז זי לעבט נישט נאָר פאַר זיך, אז מיט איר האָרעווען קען זי עפּעס גוטס טאָן; אז זי קויפט זיך איין מצוות אויף יענער וועלט איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר. דערמיט וועט זי און איר בני־בית האָבן הצלחה, ס'וועט זיין פּרנסה אין שטוב און... די פערד וועלן זיין געזונט און שטאַרק.

חייקל איז געווען פול מיט ענערגיע. נישט באַגנוגנט זיך בלויז מיט דער באַלעגאַלעשאַפט און מיט דער קוזשניע. דערצו האָט זי נאָך געהאַט אַ סקלאַד פון ברען־קוילן און האָלץ. די לעצטע יאָרן, פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, האָט זי געלאָזט אויפמויערן אַ גרויס הויז אויף דער וואַרשע־ווער גאַס. עס זאָגט זיך אַזוי, אויפמויערן. מיט וויפל מי, צרות, קריגערייען און פּראָצעסן מיט די שכנים, וואָס האָבן זיך געגרענעצט מיט איר שטיקל פּלאַץ, איז איר אָנגעקומען צו דערגרייכן דעם ציל. און אַלץ חייקל! צו אַלע אַדוואָקאַטן, שופטים, אין געריכט, אפילו צום סטאַראָסטע איז חייקל אָנגעקומען מיט איר צעבראָכענעם פּויליש. אין אַ באַהאַלטענער, גרויסער טאַש, צווישן די פאַלדן פון איר ספּודניצע, האָט זי זיך אַרומגעטראָגן מיט אירע אַלע דאָקומענטן פון די פּלעצער און הייזער און ספּראַוועס. געווען פול מיט פּלענער און אויפטועכצן. ווען... ווען עס וואָלט נישט געקומען דער טראַגישער סעפּטעמבער 1939.

*****

אויפן פינפטן טאָג מלחמה איז שוין סאָכאַטשעוו געווען יידן־ריין. אַ גאַנצן טאָג האָבן די דייטשישע וואַנדאַלן מיט זייערע מערדערישע „מעסער־שמידן" באָמבאַדירט די שטאָט, כאָטש אין שטאָט איז נישט געווען קיין איין זעלנער. אבער געוווסט האָבן די מערדער פון זייער שפּיאָנאַזש, אַז יידן זענען יאָ פאַראַן אין שטעטל און יידן מעג מען פאַרניכטן. אויפן פינפטן טאָג פון דער מלחמה זענען שוין אין סאָכאַטשעוו געווען פאַרוווּנדעטע, טויטע, באָמבאַדירטע הייזער. איינע פון די ערשטע באָמבעס איז געפאַלן אויפן בית־המדרש, אויף ווינערס, דייכוסעס און זאַלצמאַנס הייזער. פון די עקספּלאָזיעס זענען אַלע יידישע שטובן געשטאַנען אָפן, טראָץ אַלע שלעסער און פאַרמאַכונגען. עס איז נישט באַוווּסט עד היום, ווער עס האָט דער ערשטער געוואָרפן אַ געדאַנק, אַז מען דאַרף פאַרלאָזן די שטאָט און איבער־פּעקלען זיך קיין וואַרשע, ווי וואַרשע וואָלט געווען אַן אייזן־שטאָליקער, הערמעטיש פאַרמאַכטער בונקער און דאָרט וועט קיינעם קיין שלעכטס נישט געשען. גענוג, עס איז געשען! מיט געשווינדקייט פון אַ בליץ האָט עס אַרומגעכאַפּט דער גאַנצער יידישע באַפעלקערונג. קליין און גרויס, יונג און

אַלט, קראַנקע און אַלטע לייט, אלע האבן דעמזעלבן טאג זיך ארויסגעלאזט צופוס קיין ווארשע, ווייל פאַרן מיט וואס איז נישט געווען. באַנען און אויטאבוסן האבן שוין נישט קורסירט. פאר אַ ליטער בענזין האט מען גע־צאָלט די גרעסטע פרייזן. און עס איז נישט געווען ווו צו קויפן אפילו פאר דאָלארן און גאָלד. דער וועג ביז ווארשע איז געווען פול מיט שיינע לוקסוס אויטאס, אָן בענזין. געבליבן איז נאָר דער איינציקער לאקאמאציע מיטל — פערד און וואגן. אבער נישט פאר מענטשן, ווייל יעדער האט געוואלט אָפ־ראטעווען אַ ביסל סחורה, מלבושים, וועש, בעטגעוואנט. פאַר אַ וועגעלע מיט אַ פערדל האט מען געצאָלט אסטראנאמישע סומעס. די פרייזן זענען געשטיגן פון שעה צו שעה. פון מינוט צו מינוט. און אויך דאס האט אויס־געפעלט. פארנאכט־צו איז די שטאט שוין געווען אויסגעליידיקט פון יידן. מען האט מורא געהאט איבערבלייבן אין שטאט די נאכט.

דער לעצטער וואָגן וואס האט זיך געגרייט פארלאזן די שטאט איז גע־ווען חייקלס. זי אליין איז געשטאנען אויפן גרויסן וואגן און איינגעלייגט די פעק, זעק מיט זאַכן, דעקן, קישנס, דאָס לעצטע ביסל אָרעמקייט פון די סאכאטשעווער יידן. אויפן וואגן, וועלכער איז געווארן פולער פון מינוט צו מינוט, איז זי אויסגעוואקסן ווי אַ ריז. מיט אירע אויסגעארבעטע פארמאזא־ליעטע הענט געווארפן און איינגעלייגט די פעק עס זאל וואס מער אריין אין וואָגן. מיט די צוויי שטיוואָלעס געטאָפטשעט און צונויפגעקוועטשט וואס מער, נישט גערעדט וועגן באַצאָלן. גענומען וויפל מען האט ארייגעשטופט אין האנט אריין און זיך נישט געדונגען. און עס איז געווען צו באוווּנדערן מיט וויפל באלעגאָלעשע קונסט זי האט אַ נעם געטאָן די לייצעס און בייטש אין האנט, און באצווונגען די צוויי פערד ארויסצושלעפן דעם וואגן, גרויס ווי אַ שטאָקיק הויז און שווער ווי דאס יידישע גלות — אויפן ווארשעווער שאָסיי ארויס.

וואס עס האט זיך געטאָן אויפן ווארשעווער שאָסיי איז זיך שווער פאָרצושטעלן. אַ מענטשן מאַסע, טויזנטער. נישט נאר פון סאכאטשעוו, אויך פון אנדערע שטעט, דעזערטירטע זעלנער פון פראָנט, וועגענער, האנט־ווע־געלעך, קינדער־וועגעלעך האבן געשטראָמט אין איין ריכטונג קיין ווארשע. ווער מיט אַ פעקל אויף די פלייצעס און ווער מיט אַ פיצל קינד, ווער מיט אַלטע טאטע־מאמע ביי דער האנט, וועלכע קענען קוים גיין. די גע־וואלדן און געשרייען פארהילכן דעם ארום. אויף אַ שטיין ביים ראנד פון שאָסיי, הינטער אַ בוים זיצט אַ פאראליזירטע אַנגעזעענע סאכאטשעווער באלעבאסטע און שרייט מיט נישט־מענטשלעכע קולות, פארוואס מען לאזט זי איבער. אַ סאכאטשעווער גבירישער ייד האט זיך איינגעהאנדלט אַ קליין וועגעלע, זיך איינגעשפאנט פאר אַ פערד און פוןביידע זייטן שטופן אים

אונטער, דער זון, אַן אײדעלער יונגערמאַנטשיק, מיטן יונגן װײבל אַ לערערין פון דער יבנה־שול. פון דער צװײטער זײַט — די טאָכטער מיטן אײדעם, װילן אפּראַטעװען כאָטש עפּעס פון די שװער אָפּגעהאָרעװעטע יאָרן. טריט בײ טריט, אָנגענומען אײנע אין דער צװײטע, גײען דרײ אַלטיטשקע ײדענעס, װאָס זײער עלטער צוזאַמען דערגרײכט פיל איבער 200 יאָר. אָבער שױן אײן קילאָמעטער איז פאַר זײ געװען צופיל. זײ זעצן זיך אַװעק אין ראָװ, װײנען און בעטן צו גאָט אויף עפּעס אַ לײכטן טױט...

חײקל פאַרט אַן מיט איר שװערן װאָגן און מיט אײן בליק האָט זי שױן דערזען די דרײ זקנות. גיט אַ שפּרונג אַראָפּ פון װאָגן מיט אַ לײכט־קײט פון אַ יונגנמאַן, שטעלט אָפּ די פערד און אויף דעם פול אָנגעפּאַקטן װאָגן זעצט זי ארויף די דרײ פאַרלאָזטע, אומגליקלעכע פרויען. זי אַלײן װעט גײן צו פוס בין װאַרשע.

אָבער ביז װאַרשע איז דער װאָגן נישט דערגאַנגען.

מיטן קאַיאַר איז די גאַנצע מענטשן־מאַסע, אַן אויסגעמאַטערטע פון שלעפּן זיך אַ גאַנצע נאַכט אָנגעקומען קײן בלױנע. דאָ איז דער הויפּט־טראַקט קײן װאַרשע געװען פאַרמאַכט. אָפּגעצוימט מיט שטאַרקע זעלנער־פּאַטרולן. דער װעג איז געװען אָפן נאָר פאַר דער אָפּטרעטנדיקער אַרמײ, װעלכע האָט זיך קאָנצענטרירט אין װאַרשע, פאַרן לעצטן שלאַכט. די גאַנצע ציװילע באַפעלקערונג האָט מען געקערעװעט אויף בלױנע, און מיט הינטער־װעגן צוריק נאָך װיסקיט (אַ קלײן שטעטעלע לעבן זשיראַרדאָװ). עס האָט זיך געשאַפן אַ שרעקלעכע בהלה און צעמישונג. מענטשן האָבן נישט געהאַט קײן צײַט און כּוח צו קלערן װאָס װײטער צו טון. אָבער דאָס אמתע האָט זיך אָנגעהױבן מיטן אָנקום פון טאָג.

די דײַטשן האָבן באַנײט זײער מערדערישע אַרבעט און פליענדיק ני־דעריק, כּמעט איבער די קעפּ פון די מענטשן, האָבן זײ אָנגעהויבן פון מאַשין־געװער זײען טױט צװישן דער מאַסע מענטשן, װעלכע האָבן װי מוראַשקעס באַלײגט דעם װאַרשעװער שאָסײ. מען האָט אָנגעהויבן ראַטעװען דאָס טײערסטע — דאָס לעבן — איבערלאָזנדיק אױפן װעג די פּעק, זעק, װעגעלעך, װעלכע מען האָט דערשלעפּט מיט די לעצטע כּוחות ביז בלױנע. דאָס װעגעלע פון סאַכאַטשעװער גביר איז געבליבן הפקר שטײן אין אַ זײט פון שאָסײ, און עס איז אפילו נישט געװען װער ס'זאָל עס באַרויבן. גױים, װעלכע האָבן זיך פאַרדונגען מיט זײער פורמאַנקעס פאַר טײער געלט, צו ײדן, כּדי איבערצופירן אַ ביסל אָפּגעראַטעװעטע זאַכן, האָבן אויסגעשפּאַנט די פערד און אַנטלאָפן איבערלאָזנדיק די װעגעלעך מיט דעם לעצטן װאָס איז געבליבן אױפן שאָסײ. אין עטלעכע מינוטן איז זיך אַלץ צעלאָפן. װער עס האָט נאָר געקענט אַ לאָך, אַ כאַטע, אַ װעלדל זיך דאָרט צו באַהאַלטן.

קינדער מיט עלטערן האבן זיך פארלוירן. פרויען מיט מענער האבן זיך געראפן, אלטע עלטערן זענען נאכגעלאפן די קינדער, וועלכע האבן אין גרויס שרעק געשריגן אויף די אלטע, וועלכע האבן נישט געקאָנט אָניאָגן די קינדער — און די דייטשן האבן אָן רחמנות געשאסן, ווי אַ פויער אין פעלד שניידט אונטער די זאנגען מיט זיין קאסע. אלע זענען זיך צעלאפן, אבער... נישט חייקל.

חייקל האט נישט פארלאזט דאס געפעק פון די געראבטע סאכאטשעווער יידן, וואס מען האט איר איבערגעגעבן. מיט איר געזונטן, פשוטן חוש פאר־שטייט זי, אז ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועט יעדער קענען מיט אַט די פעק זיך ראטעווען. חייקלען האבן נישט אָפגעשראקן די זעלנער, וועלכע האבן זי נישט געלאָזט דורכפאָרן מיטן הויפט־שאָסיי קיין ווארשע. חייקל קען אלע אונטערוועגן וואס פירן קיין ווארשע. זי גיט אַ צי די לייצעס אויף רעכטס, אַ שמיץ מיט דער בייטש און דורך פארשידענע האלב־שאָ־סייען און שמאָלע וועגן, קומט זי אָן קיין פרושקאוו. דאָ באגעגנט זי אַ שרעקלעכע דייטשע באָמבאַדירונג, אין וועלכער עס פאלן איר די צוויי פערד — און חייקל אָן די פערד איז ווי אַ מענטש אָן אַ נשמה. און אויך דאָן לאָזט זי נישט איבער די איר איבערגעגעבענע זאכן. מיט איבער־מענטשלעכע כוחות, מיט מיטהילף פון די פרושקאווער יידן, שלעפט זי איבער די אלע פעק, זעק, קוישן אין דער פרושקאווער מקוה אריין. וואס הייסט? אַזויפיל יידישע פראַצע וועט זי לאָזן פאַרפאַלן, ווען מען האט עס איר אָנפארטרויט?

אָן אויסגעמאטערטע, אַ פיזיש און פסיכיש צעבראָכענע, קומט זי פרייטיק צופוס קיין ווארשע מיט איר בייטש אין דער האנט — דאס איינציקע וואס איז איר געבליבן.

און ווען עס פארענדיקט זיך די מלחמה, לויפן טאקע סאכאטשעווער קיין פרושקאוו און נעמען דארט אָפּ זאכן אין דער דאָרטיקער מקוה, וואס איז על פי נס געבליבן גאנץ.

ווו, אין וועלכע אויוונס זענען די הארציקע, גוטע סאכאטשעווער יידן, די גאנצע משפחה חייקלס אוועק — איז נישט באוווסט. אין גרויסן קעסל פון ווארשעווער געטאָ זענען זיי געווארן אויסגעמישט און צעריבן אויף שטויב.

די קוזשניע, די שטעלער, דאס הייזל זייערס איז געווארן אָפגעווישט פון אויבערפלאך פון דער סאכאטשעווער ערד. דארט ווו זיי האבן געלעבט, געקעמפט, מיטגעמאַכט אזויפיל ליידן און פרייד איז אלץ אָפגעמעקט גע־ווארן נישט צו דערקענען, אז דארט איז געווען אזויפיל לעבן. אויף דעם אָרט איז איצט אַ מארק, ריין, פארקערט, ווי ס׳וואלט דארט קיינמאל קיין הויז נישט געשטאנען, קיין לעבן נישט געווען...

געבליבן איז נאָר איין זכר פון חייקלס זיין. אויף דער וואַרשעווער גאַס איז געבליבן דאָס נייע צווייִ שטאָקיקע הויז, באַזעצט מיט בלויז גויים. דאָרט איז פאַראַן נאָך אַ בלוי בלעכן שילדל מיט ווייסע לאַטיינישע אותיות אין דער פּוילישער שפּראַך:

Ulica Warszawska 33, dom Malzonkow Moszka i Chajki Karo

און מען דאַרף צוגעבן זכרונם לברכה, און ווי אויף יעדער מצבה ת. נ. צ. ב. ה. און סאָכאַטשעווער יידן אָפּגעראַטעוועטע פון שרעקלעכן קאַ־טאַקליזם, וועלכע האָבן נאָך איינמאָל, צום לעצטן מאָל געוואָלט זען זייער געבורט־שטאָט סאָכאַטשעוו, האָבן געמוזט זיך אָפּשטעלן כאָטש עטלעכע מינוט, אויף דער וואַרשעווער גאַס ביי חייקלס הויז, אַ טראַכט טאָן וועגן דער גוטער, פּשוטער, האַרציקער חייקל און איר משפּחה און געמוזט צוגעבן:

— אָט אַזעלכע זענען זיי געווען די סאָכאַטשעווער.

יעקב פרידמאַן

# אנסקי־אנקעטע

אין יאָר 1913, תר״ג, האט ש. אנסקי געשיקט צו אלע יידישע קהילות אַן אַנקעטע אונטערן נאָמען: אַן אָרטיקע היסטארישע פראגראם, פארפאסט פון ש. אנסקי, מיט דער מיטהילף פון א. יודיקי, דורך דער יידישער עטנאָגראַפישער עקספעדיציע אויפן נאָמען פון דעם באַראָן נפתלי הערץ גינצבורג. (זעלבס־שטענדיקע אפטיילונג פון דער „יידישער היסטאריש־עטנאגראפישער געזעל־שאפט״) כדי צונויפזאמלען מאטעריאל פון די יידישע קהילות און זייער לעבן, כדי צו פארעפנטלעכן דערנאך דעם באארבעטן מאטעריאל פאר די שפעטערדיקע היסטאָריקער.

אבער דער גורל האט אנדערש געוואלט. ער האט נישט איינגעשטימט מיט דעם גוטן ווילן פון ש. אנסקי, און מיט דער מאטריעלער מיטהילף פון באַראָן גינצבורג. — די ערשטע וועלט־מלחמה האט אויסגעבראכן און האט חרוב געמאַכט די דורך יאָרהונדערטער צונויפגעזאַמלטע גייסטיקע, (און פיזישע) מאַטעריעלע אוצרות. און די גרויסע אונטערנעמונג, איז צוליב די מלחמה־באַדינגונגען און מיט אנסקי׳ס טויט צו גרונט געגאנגען.

און אזוי איז פאַרלוירן געגאַנגען א זייער ווערטפולער מאַטעריאַל, וואס איז זיכער צונויפגעזאמלט געווארן אויך דורך אלע יידישע קהילות און ווער ווייסט אויב דאָס איז נישט דער איינציקער מאַטעריאַל וואס איז אָפּגעהיטן געווארן. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האב איך געהיטן דעם געזאמלטן מאטעריאל אין אלע וואנדער־פלעצער ער זאל נישט פאר־לוירן גיין. (נאך 35 יאר געהיטן דאס אין א״י, ביז דער ביטערער שיקזאל האט יעצט יא געוואלט, צוליב דער צווייטער וועלט־מלחמה — נאך די נאַצישע־היטלער מערדערישע יידן אויסראטונג, אז עס זאל אַ קאפיטל היסטאריע פון אַ קליין שטעטל אין פוילן פארעפנטלעכט ווערן, כדי צו פאראייביקן דעם נאמען און דאס לעבן, דאס יידישע לעבן פון אונדזער שטאט סאכאטשעוו).

166 שאלות איז פאַראַן אין דער אַנקעטע. תשובות זענען פאַראַן אויף 70 שאלות. ביי יעדע שאלה איז באַצייכנט דער נומער ווי אין דער אַנקעטע.

עס ווערט דא איבערגעגעבן צום דרוק, אזוי ווי עס איז דעמאָלט מיט 44 יאר צוריק פאַרשריבן געווארן, מיט קליינע אויסבעסערונגען.

שאלה: וואָסערע גלייכווערטלעך זענען פאַראַן וועגן אייער שטאט?

תשובה: סאָכאַטשעווער פערסיאַנער, סאָכאַטשעווער טאַטערן, טשאָכמעלאָך. רע־סאָכאַטשעוו.

שאלה: ווי לאַנג איז דא אין סאָכאַטשעוו אַ ישוב בכלל?

תשובה: צווישן 500־800 יאר.

שאלה: וויפל איז דא אין אייער שטאט שילן?

תשובה: איין שיל, קהל׳ס בית־מדרש, דעם רבי׳נס בית־המדרש.

שאלה: ווען איז יעדע פון זיי געבויט געווארן און ווער האט זי געבויט?

תשובה: די שיל איז געבויט געווארן אין יאר תר״ך, 1860. געבויט האט זי קהל. די אנדערע בתי מדרשים — שפעטער.

שאלה: וואָסערע זענען קהלשע, וואָסערע חסידישע און פון וואָסערע חסידים?

תשובה: די שיל איז פון קהל, דעם גרעסטן טייל מתנגדים, אזוי אויך קהל׳ס בית־המדרש. חסידים האבן זיך זייערע באזונדערע שטיב־לעך און מנינים. דעם רבי׳נס בית־המדרש געהערט דעם סאכא־טשעווער רבין און זיינע חסידים.

שאלה: וואסערע מעשיות און לעגענדעס גייען ביי אייך ארום וועגן די אלטע שילן?

תשובה: אין שיל בײַנאכט קומען די מתים דאווענען. ווען דער שמש גייט פרימארגן עפענען די שיל, טוט ער צוויי קלעפּ אין טיר — אַ סיגנאל די מתים זאלן זיך אָפּטראָגן...

שאלה: רעכנט אויס די שילן, וועלכע זענען געווארן אָפּגעברענט?

תשובה: אינעם יאר תרי״ט, 1859, איז אָפּגעברענט געווארן די אלטע שטאטישע שיל.

שאלה: ווי האט אויסגעזען די אָפּגעברענטע שיל און וואס פאַראַ ציורים און הייליקע חפצים זענען דארט אָפּגעברענט געווארן?

תשובה: עס זענען פאַרברענט געווארן פיר ספרי־תורות, דער ארון־קודש און אלע איבריקע הייליקע חפצים וואס האבן זיך דארט געפונען.

שאלה: זענען ביי אייך דא אלטע שלעסער, טורעמס און פאלאצן, גאנצע אדער חרובע?

תשובה: עס אין פאראן אן אלטער, חרובער שלאָס, וואס שטייט אויף אַ בארג. מ׳רופט אים אין דער שטאט און אין דער גאנצער אומגעגנט דער „שלאס־בארג". היינט זענען נאך פאַראַן דער בארג, און די רואינירטע ווענט חורבות.

שאלה: ווער ווינט, אדער האט אמאל געוווינט אין שלאָס?

תשובה: מ׳זאגט, אז ס׳האט אמאל געוווינט אינעם חרוב׳דיקן שלאס אַ פוילישער העלד. טייל זאגן, אז ס׳האט דארט געוווינט אַ פוילישער קייסער. געהערט האב איך פון ר׳ ישראל סופר, אַ היגער, אז ער האט געהערט דערציילן, ווען ער איז נאך אַ קינד געווען, אז אין דער היגער שטאט האט געוווינט אַ גרויסער גלח, אַן ארציביסקופ, איז ער אמאל ארויסגעגאנגען אויפן שלאס־בארג און האט געזאגט, אז זיין זיידעס זיידעס אן עלטער־זיידע האט אמאל אין שלאס געוווינט. מ׳דערציילט אויך, אז אַ קייסערין האט דא געוווינט. אויך — איינער פון די מאזאווישע פירשטן.

שאלה: וואסערע היסטאָרישע זכרונות און לעגענדעס זענען פאַרבונדן מיט די דאזיקע בנינים?

תשובה: מ׳שמועסט נאך היינט, אז עס זענען פאַראַן אין דעם בארג, ווו דער חרוב׳דיקער שלאס שטייט, פארשיטע פאלאצן און דארט געפינען זיך אַ סך אוצרות מיט גאלד. מ׳דערציילט, אז מיט יארן צוריק האבן אַ סך מענטשן געגראבן אין דעם בארג און זיי האבן געפונען געלט.

שאלה: וויפל בית־עלמינס זענען דא ביי אייך?

תשובה: דריי בית־עלמינס, וואס ליגן איינס לעבן צווייטן.

שאלה: ווי לאנג האט מען אויפגעהערט מקבר זיין אויפן אלטן בית־עלמין?

תשובה: אינעם ערשטן איז נישט באוווסט, אינעם צווייטן האט מען אויפ־געהערט מקבר זיין מיט אַ יאר 40 צוריק.

שאלה: באשרייבט ריכטיק ווי אזוי מען האט צוגענומען דעם נייעם בית־עלמין?

תשובה: דעם דריטן גוטן־אָרט, ס׳הייסט דעם לעצטן, (פון די פאַבריקע איז אומבאַוווסט) האט דער דעמאָלטדיקער היגער רב געפירט אונטער־האנדלונגען מיטן פריץ, דעם אייגנטימער פונעם באדן. דער פריץ האט מיטן גוטן ווילן דעם פלאץ פארקויפט צו דער קהילה. נאך דעם קנין האט דער רב מיט די שטאט־יידן געמאכט 7 מאל הקפות מיט ספרי־תורות ארום דעם חלק באדן, וואס איז געקויפט געווארן און אים מקדש געווען פאר אַ בית־הקברות.

שאלה: זענען נישטא אזעלכע קברים וואס גייען ארום וועגן זיי לעגענדעס?

תשובה: דעם שכ׳ס ברודער (געוועזענער היגער רב) האט צוגעזאגט ביים לעבן, אז „ווער עס וועט קומען אויף זיין קבר — דער וועט געהאלפן ווערן". נאָך זיין פטירה האט זיך נישט איינעם געגלוסט גיין אויף זיין קבר שטילערהייט, דער צווייטער זאל נישט וויסן...

ווי נאר דער ערשטער האט זיך בגנבה אריינגעכאפט אויפן בית־עלמין און איז צו צום קבר זיין האָרץ אַראָפּרעדן — האט ער מער דאס קבר נישט געפונען. עס איז נעלם געווארן. עס איז אויך פאראן וועגן דעם אַ צווייטע ווערסיע.

שאלה: שרייבט איבער אלע אלטע מצבות פון באוווסטע אלטע לייט.

תשובה: אין די ערשטע צוויי בית־עלמינס, איז נישט מעגלעך געווען איבערצולעזן די מצבות. דער גרעסטער טייל מצבות איז קליינע, נידריקע שטיינער וואס זענען כמעט אין דער ערד איינגעזונקען. די שריפט איז כמעט ווי אָפּגעמעקט געווארן.

שאלה: זענען נישטא אדער געווען ביי אייך ספּעציעלע יידישע געווערק־שאפטן (דהיינו, טליתניקעס, הענגלייכטער־גיסער?)

תשובה: ס'איז געווען מיט יארן צוריק, היינט איז נישטא.

שאלה? זענען ביי אייך נישט פארבליבן קיין אלטע פנקסים פון קהילות, ח״ק פועלי־צדק, חברה משניות'ן, חברה ש״ס'ן, חברה תהלים א.א.וו.?

תשובה: פארבליבן איז דער פנקס פון חברה קדישא.

שאלה? זענען נישט פארבליבן ביי אייך פארצייטיקע זאכן אין די שילן און ביי בעלי־בתים (דהיינו, פרוכת'ן, כתר'ס, יד'ן, בשמים־פושקעס, זאכן מיט יידישע אויפשריפטן א.א.וו.?)

תשובה: ביי איין בעל־הבית איז פארבליבן איין יד מיט אַ טאס. נאך אַ יד געפינט זיך אין אַ חברה. אין דער היגער שיל געפינט זיך היינט איין אלטער כסא של אליהו, אלט איבער הונדערט יאר, פון דער צייט וואס מ'האט געפלעגט מל זיין די קינדער אין שיל.

שאלה? איז ביי אייך אין שטאט אמאל נישט געווען אַ גרויסער רב, אַ גאון, אַ גרויסער ראש ישיבה?

תשובה: עס זענען געווען עטלעכע רבנים־גאונים (ר' אליעזר צבי חרלפּ ז״ל, ר' משה'לע חריף ז״ל, ר' לייביש ז״ל, אב״ד דאפּטא — סאָכאַטשעווע, ר' נחום רפופורט, דעם שכ'ס אַ ברודער, ר' נחום גינזבורג, ר' אלעזר'ל כהן ז״ל, ר' אברהמ'עלע בארנשטיין).

שאלה: איז ביי אייך אין שטעטל נישט געווען אמאל אַ גרויסער צדיק, אַ גוטער ייד? זיין נאמען יחוס און וועמענס תלמיד איז ער געווען?

תשובה: עס איז געווען דער צדיק און גוטער ייד אדמו״ר ר' אברהמ'עלע בארנשטיין. אן איידעם און תלמיד פון קאָצקער רבי ר' מנחם מענדל מקאָצק. היינט לעבט אין סאָכאַטשעוו זיין זון רב שמואל (ז״ל).

שאלה: איז נישט פארבליבן זיין בילד?

תשובה: עס איז פארבליבן דאס בילד פון ר׳ אברהמ׳עלע בארנשטיין, געמאלט פון היגן מאלער לאזער מאלאזש. (ראזנפעלד)

שאלה: קען נישט ווער באשרייבן זיין אויסזען, כאַראַקטער און לעבנס־פירונג?

תשובה: ר׳ אברהמ׳עלע בארנשטיין, אַ נידריקער און הדרת פנימ׳דיקער. די אויגן כמעט שטענדיק פארמאכט. גערעדט האט ער זייער שנעל, אזוי, אז מען האט אים זייער ווינציק פארשטאנען. ער האט זיך שטארק משמח געווען מיט אַ ייד. קיינמאל נישט גע־מאכט קיין אונטערשיד צווישן אַ רייכן און אַ אָרימען. צדקה האט ער געגעבן מיט אַ פולער האנט. טעג און נעכט געזעסן און געלערנט, געשריבן תשובות און געפירט אַ ישיבה. עסן און שלאָפן איז ביי אים געווען איינס פון די נעבן־זאַכן. מען דער־ציילט פון אים פארשידענע מעשיות און צווישן אנדערע אויך די כאראקטעריסטישע צוויי עפיזאדן: ווען ער איז נאך אלס בחור אהיימגעקומען פון דער ישיבה, האט אים די מוטער זיינע צוגעגרייט עסן — זעמל און פוטער, ער זאל זיך אָנשמירן די זעמל מיט פוטער. ער אבער האט געגעסן די זעמל און די פוטער געלאזט שטיין. האט אים די מוטער געפרעגט: היתכן? פארוואס שמירסטו נישט אָן די זעמל מיט די פוטער? האט ער גע־ענטפערט: איך זאל זיך נעמען צייט איבערצושנײַדן די זעמל און אויך אָנצושמירן מיט פוטער? צופיל ביטול תורה.

אויף דער עלטער אפילו, שוין זייענדיק אַ רבי, איז ער זייער ווינציק געשלאָפן און אז ער האט זיך צוגעלעגט אויף אַ פאָר מינוט, האט ער זיך גלייך אויפגעכאפט, זיך געוואשן די הענט און צו זיך געזאגט: „מנע... מנע... אזוי לאנג צו שלאָפן"... באמת אבער איז ער מער נישט געשלאָפן ווי איניקע מינוט.

ער האט געדאווענט פרי און נישט געמאכט קיין לאנגע שהיותביים דאַווענען — אַן עכטער רבישער טיפ פון דער פאַרצייט־ישער וועלט.

שאלה: איז ביי אייך נישט פארבליבן עמיץ פון זיינע אייניקלעך? זייערע נעמען.

תשובה: זיין זון און אייניקל — באוווסטע רבים.

שאלה: האט ער איבערגעלאזט נאך זיך געדרוקטע ספרים?

תשובה: יאָ. פון ר׳ אלעזר׳ל „חדושי מהרא״ך" (חדושים פון רב אלעזר הכהן) און פון ר׳ אברהמ׳עלען — „אגלי טל" ו„אבני נזר".

שאלה: איז נישט פארבליבן קיין כתב־יד׳ן?

תשובה: יא, פון ר׳ אלעזר׳לן און פון ר׳ אברהמ׳עלן זענען פארבליבן אַ סך כתבי יד׳ן.

שאלה: איז ביי אייך איצט נישטא קיין צדיק? זיין יחוס?

תשובה: ר׳ שמואל בארנשטיין שליט״א אַ זון פון ר׳ אברהמ׳עלע, אַן אייניקל פון קאצקער רבי.

שאלה: זענען ביי אייך נישט געווען, אדער זענען איצט דא באוווסטע יידישע גבירים?

תשובה: יא, ס׳איז געווען און ס׳איז אויך דא.

שאלה: האבן זיי געשפילט אדער שפילן נאך איצט אַ יידישע ראלע?

תשובה: יא.

שאלה: איז ביי אייך נישט געווען אַ באוווסטער חזן, כלי זמר, מארשאלעק, בדחן וכו׳?

תשובה: אברהמ׳עלע מארשאלעק.

שאלה: איז ביי אייך אין שטאט געווען אַ מסור (אַ שטאט־מסור)? וואס דערציילט מען וועגן אים?

תשובה: יאָ, איינער, מנשה פריינד. אין די יינגע יאָרן איז ער געווען אינספעקטאר, דעמאָלט האט ער יידן בדלות געשטעלט. ער האט ביי זיי צוגענומען וואס ר׳האט נאר געקענט. ר׳האט זיי געמסרט, און די וואס זענען ארעסטירט געווארן דורך אים, האט ער געלאזט זייער שטארק פייניקן און פיל זענען דורך אים געשטאָרבן. נאָכדעם האט ער זיך דערווארבן אַ קאַפּיטאל און האט אָנגעהויבן טובות טאָן די שטאָטישע יידן, ער האט זיך געלאזט פיל קאסטן פאר דער שטאט. מ׳דערציילט אויך, אז אין די עלטערע יארן, האט ער זיך אָפּגעזונדערט יעדן טאג באזונדער אין אַ צימער, ווו ער האָט אויך געדאַוונט... באַגראָבן האָט מען אים לעבן פּלויט פון גוטן ארט.

שאלה: ווייסט איר נישט די סיבות פון איינצלנע שמד־פאלן?

תשובה: אין פאל — צוליב פאמיליען־אנגעלעגנהייטן. מ׳האט זיך צו אים זייער שלעכט באצויגן, ניט געוואלט אים געבן עסן, קליידונג, האט ער עס אָפּגעטאָן דער משפחה און להכעיס איז ער אוועק צום קאַטוילישן גלויבן. איינער איז אַוועק, צום פּראַוואסלאַוונעם גלויבן. אַ דריטער מיט אַ פאמיליע אויך צום קאטוילישן גלויבן.

שאלה: קומען איצט פאר פאלן פון שמד? וויפל אין די לעצטע יארן?

תשובה: אין די לעצטע צען יאר איז קיין שמד־פארפאל נישט געווען.

שאלה: ווייסט איר נישט פאלן ווען משומדים זענען צוריק יידן געווארן?

תשובה: פון די לעצטע צוויי, איז איינער אוועק, ווינען אין קראקע, איז ער צוריק געווארן אַ ייד. פון איינעם פון די דערמאנטע איז פאר־בליבן אַ גרויסע משפחה. די מוטער לעבט נאך יעצט. מען דער־ציילט, אז יעדן פרייטיק טוט זי זיך אָן אַ ריין פארטוך צוליב שבת...

שאלה: האט נישט געטראפן ביי אייך, אז מען זאל שלאגן אדער הרגענען אַ משומד?

תשובה: דער וואס האט זיך געשמדט אויפן פראוואסלאוונעם גלויבן, האט מען געפונען אַ געשאָכטענעם. ווער ס׳האט עס געטאן, איז נישט באוווסט.

שאלה: געפינט מען אפשר ביינער, ווען מען גראָבט ביי אייך די ערד?

תשובה: מען געפינט אויף אַ סך ערטער. מיט עטלעכע יאר צוריק האט מען געפונען אַ גאנצן סקעלעט פון אַ מענטשן שטייענדיק אין דער ערד.

שאלה: זענען נישט פארבליבן קיין סליחות און תעניתים פון יענער צייט, ווי כ׳ סיון וכו׳?

תשובה: בשעת אַ שלאפקייט האט מען געמאכט אַ תענית — אבער מ׳האט אים שוין אונטערגעברענגט.

שאלה: האט אייער שטאט עפעס געהאט אַ שייכות צום פוילישן אויפשטאנד?

תשובה: יא.

שאלה: זענען געווען יידן מיאטעזשניקעס, וואס האבן אנטייל גענומען אינעם אויפשטאנד? וואס פארא פסק האבן זיי געהאט?

תשובה: צוויי מאן. איינעם האט מען געכאפט און געפסקנט הענגען. האט אים דער פאטער ביינאכט ארויסגעגנבעט פון טורמע און משלח געווען נאך חוץ־לארץ. דער צווייטער לעבט נאך. מען רופט אים בּזימעלע „קרייער". זיין סיגנאל לטובת די פוילישע אויפשטענד־לעֶר איז געווען „קרייען ווי אַ האָן". דער צווייטער וואס איז ניצול געווארן פון טויט, האט געגעבן אַ סימן: „אויף דער ערד אַ פאָר הויזן".

שאלה: ווייסט איר נישט פון מעשיות וואס זענען געווען פאַרשפרייט וועגן נאַפּאָלעאָנס מלחמה?

תשובה: נאפאלעאן איז געווען אין שטאט, האט דער שמש פון רב גע־וואלט ארויסקוקן פונעם פענצטער כדי אים צו זען און דאס איז נישט דערלויבט געווען. האט דער רבי אַ געשריי געטאן: ברוך, ווו

ביזטו? אין דעם זעלבן מאָמענט האט נאפאלעאן געהייסן אויס־שיסן פון אַ הארמאט, וואס די קויל איז גלייך אַדורך דעם אָפענעם פענצטער. אַ הונגעריקער פראַנצויזישער זעלנער איז אריין אין שטוב צו אַ ייד און איז צוגעפאלן צו אַ פאס מיט זויער־קרויט, וועלנדיק עסן מיטן מויל גלייך פונעם פאס — איז ער פלוצלונג געשטארבן. זיי האבן ביי אים געפונען פיל געלט און די משפחה איז געווארן גבירים ביז צום ענדע פון זייערע יארן.

שאלה: איז ביי אייך נישט געווען ווען אַן עלילת־דם?

תשובה: אינעם היגן קאשציאל האט מען געפונען אַ קעסטל מיט אַן אויפ־שריפט: „בלוט פאר יידן אויף פסח" און באלד האט זיך פאר־שפרייט אַ קלאנג, אז יידן האבן דערמארדעט אַ קריסטלעך קינד.

שאלה: איז עס באלד געשטילט געווארן, אדער ס'איז געווען אַ פראָצעס?

תשובה: די יידן האבן זיך גלייך געווענדעט צום גובערנאטאר און גע־פועלט ר'זאל מאכן אַן אויספאָרשונג. נאָך דער געהעריקער אויס־פאָרשונג, האט ער דאס קעסטל געלאזט פארניכטן און צו קיין פראָצעס איז נישט געקומען. דאס איז געשען מיט פיל יארן צוריק.

שאלה: זענען ביי אייך געווען עפידעמיעס? זענען דא מענטשן וועלכע געדענקען זיי?

תשובה: מיט אַ 60 יאר צוריק איז געווען אַן עפידעמיע. די עפידעמיע וועלכע איז געווען מיט 20 יאר צוריק, געדענקען פיל מענטשן.

שאלה: ווער איז זיך ביי אייך איצט מתעסק מיט קהלשע ענינים (ווער בויט בעדער, מקוואות, זארגט וועגן אַן אפטייק, אַ דאקטאר פארן שטעטל)?

תשובה: די דאזארעס פון שטאט. אויך פריוואטע כלל־טוער.

שאלה: צו וועלכע רביים געהערן די חסידים פון אייער שטאט?

תשובה: אמשינאווער, גערער, גראדזיסקער, אלעקסאנדראווער, און היגע (סאָכאַטשעווער).

שאלה: זענען ביי אייך אין שטאט פארגעקומען מחלוקתן צווישן חסידים און מתנגדים?

תשובה: יא.

שאלה: האבן ביי אייך די מתנגדים נישט מחרים געווען די חסידים?

תשובה: ניין.

שאלה: זענען נישט געווען קיין געשלעגן און משפטים צווישן חסידים און מתנגדים?

**תשובה:** יא. געשלעגן און משפטים. מיט אַ 12 יאר און מיט אַ צוויי יאר צוריק.

**שאלה:** זענען נישט פארבליבן קיין דאקומענטן און כתב־יד׳ן וועגן דעם?

**תשובה:** אומבאוווסט.

**שאלה:** ווייסט איר נישט פון מחלוקתן צווישן פרומע און אפיקורסים?

**תשובה:** צווישן פרומע יידן און ציוניסטן.

**שאלה:** וואסערע יידישע חברות געפינען זיך ביי אייך איצט? ווי אלט זענען זיי?

**תשובה:** חברה „חברה קדישא״, חברה „תלמוד תורה״, „ביקור חולים״, „הכנסת כלה״, „לינת הצדק״, חברה „תהלים״. חברה „בחורים״, „הכנסת אורחים״ ו„חייטים״.

**שאלה:** וואסערע פארטייען זענען ביי אייך געוועזן אין יאר 1905?

**תשובה:** פ.פ.ס. און פועלי ציון.

**שאלה:** זענען ביי אייך געווען שטרייקן? ביי וועלכע ארבעטער?

**תשובה:** ניין.

**שאלה:** וויפל זענען ביי אייך דא בעלי־מלאכות? וועלכע פאַכן, וויפל פון יעדן פאַך?

**תשובה:** וועבערס, קאַוואַלעס, איינבינדערס, זייגערמאַכערס, מאַשענזשניקעס, שניידערס, שוסטערס און סטאלארעס, שטעפערס, מאלאזשעס, היטלמאַכערס. וועבערס 3, קאוואלעס 2, איינבינדערס 3, זייגער־מאכערס 6, און שטריקמאכערס. (די איבעריקע פאַכן שוין נישט באַוויזן צו וויסן די צאָל).

**שאלה:** זענען דא ביי אייך פאבריקן? וועלכע?

**תשובה:** פון קינסטלעכע זייד.

**שאלה:** ארבעטן אין זיי יידישע ארבעטער? וויפל?

**תשובה:** קיין איינציקער יידישער ארבעטער.

**שאלה:** זענען פאראַן ביי אייך זייער אַלטע לייט? זייערע נעמען.

**תשובה:** שמאי יאקובאוויטש 102 יאר אלט, זילפע נאשעלעוויטש 105.

**שאלה:** זענען פאַראַן ביי אייך פאַרשפּרעכערינס, טוקערינס, קלאגערינס?

**תשובה:** יא, בלויז טוקערינס און קלאגערינס.

**שאלה:** זייערע נעמען?

**תשובה:** איידל פעסע, בינע גיטל שמייסער, מרים סאכאטשעווסקי.

**שאלה:** וואס איז דער הויפּט־האנדל אין אייער שטאט?

**תשובה:** קאָלאָניאַל־געזועלבער, מאַנופאַקטור, לעדער און תבואה.

שאלה: ווערט די יידישע קהילה אין אייער שטאט רייכער אדער ארימער?

תשובה: ארימער.

שאלה: איז ביי אייך שטארק די עמיגראציע קיין אַמעריקע? די סיבות. וויפל זענען אפגעפארן? וווהין?

תשובה: זייער שטארק. צוליב פאמיליע ארימקייט — נישט גענוגנדע מקורות פון פרנסה, פריזיוו, א.א.וו.

מ׳רעכנט פון 200 — ביז 300 פאמיליעס. שיקאגא, באלטימאר, קאלי־פארניע, קאָלאָראַדאָ, טאָראָנטע (קאַנאַדע) אויך נאך בעלגיען און לאָנדאָן.

## פנחס גראובארד

# „אין יענע טעג"

קליינע זאכן, דראבנע זאכן. אָבער זיי שאפן דעם טאן פון אונדזער לעבן, זיי זענען די לופט, מיט וועלכער מיר אטעמען, און פון זיי וועל איך רעדן.

מיר האבן געפירט א שטרייק פון די דינסט־מיידלעך אין אונדזער קליינעם ליבן סאָכאַטשעוו. אין די גרויסע שטעט האט מען דעם תענוג אויפצורודערן די פאַבריקן און זאַחאָדן, חען פראלעטאריער אין די טויזנטער ווארפן אוועק די ארבעט און שטעלן ארויס פאליטישע אדער עקאָנאמישע פאדערונגען. חאָס פאַראַ פראַלעטאריער האָבן מיר געהאט אין אונדזער שטעטל? צו ביסלעך, צו קאפעלעך שניידער, שוסטער, סטאליארעס, קירזשנער, שינדל־מאכערס. מיר האָבן זיי אַגיטירט מיט גרויס אימה און פחד, זיי זאלן זיך נישט ארויסגליטשן פון אונדזערע הענט...

בכלל האבן מיר אין שטעטל אגיטירט און סאציאליסטיש צוגעגרייט יעדן איינעם, וואס האט נאר געהאט די מינדעסטע ענלעכקייט צו א פראלעטאריער. מיר זענען טיילמאל אויך איבערגעגאנגען די גרענעץ און אריינגעשלעפט אין דער פועלי־ציוניסטישער ארבעט יוגנט, באלעבאטישע קינדער, וואס האבן אינגאנצן נישט געהאט קיין שייכות צו פראלעטאריער.

מיט די דינסט־מיידלעך איז אפילו צוגעגאנגען אביסל שווערלעך. ערשטנס האט מען זיי געדארפט לאנג ארייגקלאפן אין קאפ אריין, אז זיי זענען מענטשן גלייך מיט אלעמען און דארפן זיך אומבאדינגט אויסקעמפן א בעסער לעבן, וואס דאס איז פאר זיי געווען נישט אינגאנצן פארשטענדלעך. צווייטנס — האבן די באלעבאטים געמאכט קולות און געוואלדן איבערן גאנצן שטעטל, אריינגעטאן פינגער אין די לאנגע בערד און געשריגן : צו די דינסט־מיידלעך קריכט איר שוין, נישט גענוג זאָלט איר חערן! דוקא פארסאָציאליסטקעס חילט איר זיי מאכן! אנדערש לוינט אייך נישט. מיר וועלן אייך וויזן, יונגאטשעס, ווער איר זענט. גאט צו דאנקען פאראן נאָך פּאָליציי אין שטעטל!

יא, אין שטעטל איז טאקע געווען פאליציי, אבער אונדזער חוב איז געווען צו קעמפן מיט איר. דעריבער האבן מיר זיך נישט איבערגעשראקן און ווייטער געפירט דעם שטרייק. די שטעטלשע באַלעבאַטים זענען געשפרונגען פון דער הויט, איינער פון זיי האט אפילו געקראגן א פאר פייערדיקע פעטש. פאר דעם געפאטשטן האט זיך אפילו איינגעשטעלט מיינער א קרוב — א בייז פרום יידל, וואס האט זיך אמאל געריסן די האר פון קאפ, ווען ער האט דערזען מיט זיינע שארפע אייגעלעך, ווי גדליה ווארשאווסקי, דער פאטער פונעם שריפטשטעלער עוזר ווארשאווסקי, האט דערלאנגט א מיידל די האנט...

דערדאזיקער קרוב האט אונדז אנגעהויבן שטארק צו דערקוטשען, קריכן אין די ביינער מיט סטראשונקעס און מסירות... האבן מיר זיך פארזאמלט און אים געמשפט. כמעט איינשטימיק איז ארויסגעטראגן געווארן דער פסק־דין, מען זאל אים גוט אנברעכן די ביינער.

דער פירער פון אונדזער קליינטשיקער „באיוווקע" האט געהייסן „אמניבוס" — מיט

דעם דאזיקן אויסטערלישן נאמען איז ער געק־
רוינט געווארן דערפאר, ווייל ער, א ברייטער, א געזונטער, האט זיך תמיד שווער באוועגט און בעת מעשה זיך געוויגט מיטן גאנצן גוף אויף רעכטס און אויף לינקס, ווי אן אמתער אמניבוס. איצט האט ער געדארפט אויספירן דעם פסק־דין. א קאלטער און א רויקער האט ער שווער אראפגעלאזט דעם קאפ און ארויס־געמורמלט :

— נו, איר קאנט אייך שוין פארלאזן, עס וועט שוין זיין גוט...

אין א פינצטערן פארנאכט האט ער מיט נאך א פאר באיוועקע־חברים ארויסגענארט דעם קרוב פון שטוב, אחעק מיט אים אינעם טויט־שטילן קאזע־געסל און דארט אים טאקע, ווי געהעריק, מקיים־פסק־געווען. דער קרוב האט געמאכט א געוואלד—און חברה איז זיך צעלאָפן.

מיר האָבן געמיינט, אז איצט וועט נעמען א סוף צו די סטראשונקעס און מסירות, און האבן זיך טועה געווען. ווי נאר דער קרוב איז געקו־מען צו זיך נאָך די קלעפּ אין קאזע־געסל, האָט ער צענויפגענומען א חברה יידן און באפאלן אונדזערע צוויי חברים און זיי געשלאָגן ביז חלשות. איינער פון די צוויי איז טאקע שפּעטער פון די קלעפּ געשטארבן.

האבן מיר זיך ווידער פארזאמלט און ווידער געמאכט א משפט. אזוי ווי איינער פון די שלעגער, אהרן ב., האט זיך באזונדערס אויסגע־צייכנט מיט זיין אכזריות, האבן מיר אים צוגעמשפט די העכסטע שטראף : דערשיסן.

אונדזער „טריבונאל" האט געפירט די זיצונג אין אוונט, אין א קליינעם בוידעם־שטיבל, ביי א חבר א זאָקן־מאכער, וואָס האָט פארמאָגט א קליינעם, אייגענעם ווארשטאט און איז צען מאל אין טאג געשטארבן פאר הונגער. אינעם בוידעם־שטיבל איז געווען שמוציק, ברודיק, צום טיש איז געווען צוגעטשעפעט א זאקן־מאשין און נישט ווייט איז געשטאנען א שפין־ראד מיט אנגעצויגענע פעדעם. אין די שמוציקע בעטן זענען געשלאפן די קינדער : בלאסע, שמוציקע פנימלעך מיט צוגעמאכטע אויגן, סאפּענדיקע נעזלעך און צעשויבערטע האר. זיי זענען געלעגן אין קופּקעלעך, האלב צוגעדעקט מיט שמאַטעס, ווי ביי רייזענען אין ליד : „הענטלעך און פיסלעך געפלאכטן צוזאמען".

די מאמע האט זיך צוגעשפארט אויף א קאסטן און געדרעמלט... די פענצטער פון בוידעם־שטיבל זענען געווען פארשטעקט מיט קישנס און פארקלעפּט מיט צייטונגס פאפיר. אויפן טיש האט געברענט א קליין נאפט־לעמפל מיט צוויי רויכערדיקע שפּיצן אין קנויט און צעשפרייט א געל, מוטנע ליכט, געמישט מיט רויך און טשאד. מיר זענען געזעסן צוזאמען ביים טיש מיטן זאָקנמאכער און באטראכט די מיטלען, ווי אזוי אויסצופירן דעם הארבן פסק־דין איבער דעם אהרן ב.

פלוצלונג האָט זיך דעם זאָקנמאכערס ווייב איבערגעוועקט. זי האט אויפגעעפנט די אויגן און דערזען אונדזערע פנימער פון פארשווערער ביים מוטנעם ליכט פון רויכערדיקן לעמפל.

— וואָס איז דאס? האָט זי זיך אויפגעהויבן און זיך אוועקגעשטעלט אין מיטן צימער, וואס זענען דאס פארא פארזאמלונגען, פרעג איך אייך ? זי איז צוגעלאפן צום מאן און אים גענומען שאקלען ביים אקסל :

— שלימזל, א בראך און א מכה דיר אין דיינע ביינער אריין, ווי קומען זיי אהער? וואָס פארא געשעפטן האָסטו מיט זיי ? ביזט דאָך כלו־מרשט א באלעבאס, א פאבריקאנט, א זאקנמאכער וואס ארבעט פאר זיך משטיינס געזאגט. און זיי זענען שטרייקערס, סיבירניקעס, סאציא־ליסטן, זיי וועלן פאר דיר א פינגער אין קאלטן וואסער נישט אריינטאן, זיי וועלן פאר דיר נישט שטרייקן, און וועלן דיר נישט העלפן, אז דו זאלסט אפילו פגרן פון הונגער זיי אין די אויגן.

זי האט אפגעצויגן דעם אטעם מיט א שווער כריפען און זיך נאכמער צעקאכט — ווילסט מיט זיי צעפוילט ווערן אין טורמע אין אסטראג ? פאר ווייב און קינדער ארט דיר נישט? א פייער זאָל אייך אלעמען פארברענען! ארויס פון דאנען! שוין זאָלט איר ארויס פון דאנען ! ארויס ! ארויס !.

פלוצלונג האט זי אויפגעהויבןביידע הענט אין דער הויך, פארווארפן דעם קאפ אהינטער און גענומען שרייען נישט מיט איר קול :

— געחאלד! געחאלד! געחאלד!

די קינדער שטארק איבערגעשראקענע האבן זיך אויפגעכאפט פון שלאף און זיך פונאנדער־געוויינט. אין גרויס רציחה האט דעם זאקנמאכ־ערס ווייב געכאפט דאס פעסל מיט וואסער, און מיט דער גאנצער קראפט א גאס געגעבן אויף דער שטוב. דער „טריבונאל" האט כהרף עין געמאכט פליטה...

2

די פאליציי האט זיך גענומען צו אונדז מיט א באזונדערער התמדה. זי האָט אונדז נישט גע־לאָזט לעבן. מיר האָבן זי נישט געלאָזט לעבן, איר פארשאפט א סך ארבעט און זאָרגן. כמעט יעדן טאג האט עפעס פאסירט. דא א שטרייק, דארט א געהיימע פארזאמלונג, אמאל האט מען גוט אנגעבראכן די ביינער עפעס א מוסר, אמאל האט מען אנטוואפנט א פאליציאנט, און אמאל, ווידער, האט זיך פלוצלונג דערהערט א קנאל פון אונדזערס א רעוואלווער... ועל כולם האבן מיר עפטער פארשאטן דאס שטעטל מיט פריש־צאפלדיקע פראקלאמאציעס.

די פאליציי האט זיך צו אונדז גענומען, צוזאמען מיט דער ארטיקער זשאנדאמעריע : פריער האט מען ארעכטירט עטלעכע קריסטן, וואָס האָבן געהערט צו דער סאָציאל־דעמאקרא־טישער ארגאניזאציע און נאכדעם האט מען זיך גענומען צו אונדז. מען מוז מודה זיין, אז סיי די פאָליציי און סיי די זשאַנדאַמעריע האט מיט גרויס ענערגיע געארבעט. צווישן די זשאנדארמען איז געווען איינער א קליינטשיקער זשאַנדאַרל מיט פארזשמורעטע אייגעלעך און מיט א שארף נעזל, וואס האט געהאלטן אין איין שמעקן. דער מענטש האט געהאט א גוואל־טיקע תאווה נאכצוגיין יענעם, ווי א הונט און נאכצושמעקן. אומעטום האט ער אריינגעשטעקט דאס שארפע נעזל און גענישטערט מיט די אויגעלעך. ער איז נאכגעגאנגען ווי א שטן. טיילמאל גייסטו זיך אזוי פארטראכט אין א זייטיק געסל, די ברייטע פעלדער, וואָס גרענעצן זיך מיטן געסל, פילן דיך אן מיט מנוחה, די ווייסע וואלקנדלעך אויפן רויקן בלויען הימל דערציילן פון אייביקן פרידן, דאָס ווינטל גיט א גלעט די באק, ווי א ווייכע ווארימע האנט, דערוועקט זיסע פארגעסענע מינוטן פון די קינדער־יארן — פלוצים אינסטינקטיוו דרייסטו אויס דעם קאפ, און ער איז דא ! דאס זשאנדארל מיטן שארפן נעזל און שפיזיקע אויגעלעך...

מען האט זיך געדארפט אויסהיטן פון אים. אז מען איז ארויס פון שטוב האט מען זיך גוט ארומגעקוקט אין אלע זייטן, געזוכט דאס קליינע זשאנדארל. נישט אלע מאל קאן מען זיך אבער אויסהיטן. און אט האב איך זיך מיט אים געטראפן פנים אל פנים, די אייגעלעך ביי אים האבן א טאנץ געטאן פון איבערראשונג. ער איז אויף א רגע געבליבן שטיין, ווי א צוגעשמידטער צו דער ערד, און איך האב מיר דערווייל אריינגעכאפט אין א הויפל און זיך פארשטעקט אין א אפיצינע. דורך א שפארע, א לאך, האב איך דערזען מיין זשאנדארל, ווי ער איז ארומגעלאפן, ווי א פארסמטער און נישט געחוסט, חו מיך צו זוכן. איך האָב געחוסט, אז דאס שפיל ווערט געפערלעך און האב זיך באצייטנס אפגעטראגן. אין א פאר שעה ארום האב איך מיך שוין געפונען אין א זיכערן ווינקעלע אונטער דער שטאט און ביינאכט האט מיך ברוך־בער, א געזונטער יונג מיט ברייטע פלייצעס, אפגעפירט דורך בלוינע קיין גראד־זשיסק.

דאס איז אייגנטלעך געווען דער אנהויב פון א נסיעה צו דער גרענעץ. האט מיר זייער באנג געטאן מיין היימיש שטיקל ערד און איך האב מיך געפילט, ווי עמיץ וואלט מיט א שארפער האק אפגעהאקט מיך פון מיין עבר מיט די אלע ליבע געשטאלטן, וואס באוועגן זיך אין אים.

ברוך־בער האָט געטריבן דאס פערד, מיר זענען שנעל געפארן, אבער קיין בלוינע זענען מיר אנגעקומען אקוראט אין דעם גליקלעכן מאמענט, ווען די פ. פ. ס. האט געמאכט אן אנפאל אויף דער פאסט — —

— מיר ליגן, דאכט זיך, אין פעקל, ווי מיינסטו, הא ? — האט ברוך־בער גיך א זאג

געטאן און מכבד געווען דאס פערדל מיט א הייסן שמיץ. אין א פאר מינוט ארום האבן מיר זיך שוין געפונען ווייט און אויסגעמיטן די געפאר.

צומארגנס האב איך מיך הארציק געזעגנט מיט דעםברייט־ביינקן ברוך־בערן און אוועקגעפארן אין א וואלד. דא איז אוודאי געווען גוט און רואיק צו זיצן. ס'איז געווען אן אויסגעצייכנט באהעלטעניש.

די שטילקייט האט מיך אבער דענערווירט, די הויכע שווייגנדיקע סאסנעס האבן מיר ווי פארגעווארפן, הלמאי איך באהאלט מיך אויס. אין דמיון האב איך געזען מיינע חברים, דאס קליינע זשאנדארל, דאָס בוידעם־שטיבל אָמניבוסן, מיין קרוב, וואס האט געכאפט גוט אנגעבראכן די ביינער, און דאס הארץ האט מיר שטארק פארדריקט. איך האב געבענקט נאך מיינע חברים, נאך די ווילדע יאטן און צו אונדזער געמיינזאמער ארבעט.

איך האב נישט אויסגעהאלטן און זיך אריבערגעכאפט קיין טשענסטאָכאוו. דארט האב איך געהאט חברים. דארט האב איך מיך צום ערשטן מאָל באקענט מיט אברהם חעחיורקען, חעלכער איז צו יענער צייט געשטאנען אין אונדזערע רייען.

אין טשענסטאכאח האָב איך אויך נישט געקאנט פארבלייבן. אונדזערע א פארזאמלונג, אין וועלכער איך האב זיך אויך באטייליקט, איז ארומגערינגלט געחאָרן פון פּאָליציי. מיר און נאך א פאר חברים איז געלונגען צו מאכן פליטה. אבער לענגער זיין אין טשענסטאכאוו האב איך נישט געטארט און בין צוריק ארויסגעפארן אין וואלד.

כ'האב באשלאסן צו זיצן א לענגערע צייט אין וואלד, ביז עס וועלן אויפהערן די ארעסטן און דער יאגד אויף אונדזערע חברים. אין פלוג איז דער וואלד אויך געווען א תפיסה פאר מיר, נישט מער, מען האט דא נישט געזען קיין תפיסה־וועכטער.

דאס ליידיק גיין האט מיך געפייניקט. ביז ס'איז אראפגעקומען מיינען א פעטער אפצופירן מיך צו דער גרענעץ.

מיר זענען געקומען אין לאדזש, די שטאט איז געווען פארפלייצט פון קאזאקן, פאליציי־פאטרולן, שפיאנען. די באפעלקרונג איז גע־גאנגען מיט איינגעגראבענע קעפ אין די אקסלען און זיך אומרואיק ארומגעקוקט. עס האט אויסגעזען, ווי די שטאט וואלט באלאגערט געווען פון שונא.

מיין פעטער האט זיך איבערגעשראקן :

— דו גיי פארויס, האט ער זיך אנגערופן צו מיר א בלאסער, עס איז נישט גוט, ווען מען גייט צוזאמען. זע נאר, אזוי פיל קאזאקן...

אַ שרעקעדיקער האָט ער זיך אפגערוקט פון מיר און געגאנגען א שטיק וועג פון הינטן, געגאנגען און געציטערט.

3

אין לאדזש האב איך מיך געטראפן מיט א באקאנטן ייד יואל וו־סקי און האב מיך געזעגנט מיט מיין פעטער. יואל ח־סקי איז געחען א באוועגלעכער פריילעכער ייד, ליב געהאט א חיץ, א שפאס, חען נויטיק — א שטיף־טאָן חי א יונג צעלאזן ייִנגל.

מיט אט דעם יואל וו־סקי בין איך ארויסגעפארן קיין ולאצלאוועק, פון דארטן מיט פערד קיין ליפנע ביז דאבזשין. מיר האבן זיך געשלעפט א גאנצע נאכט. די פערד האָבן זיך געפוילט צו גיין, יואל האט זיך אבער גארנישט געמאכט דערפון, געזעסן אין וואגן און געזונגען אין דער נאכט אריין צונזערס א פאפולער לידל.

צו מיר האט ער געהאט א שוואכקייט, מסתמא דערפאר, חייל איך האָב אים טיילמאל צוגעהאלפן אין זיינע שטיפערייען און שפיצלעך. אין דאבזשין האב איך מיר באשטעלט אן אנצוג, געקויפט א קאפעליוש, און צום ערשטן מאל אראפגעווארפן פון זיך די לאנגע קאפאטע מיטן קליינעם חסידישן היטעלע.

יואל האט ארויסגעקריגן פאר מיר א „פול־פאסיק", א מין צייטחייליקן גרענעץ־שיין, כ'האָב זיך געזעגנט מיט אים און איבערגעפעקלט פון דאָבזשין קיין גאלוב, דעמאלט א דייטשיש שטעטל, וואס האט מיך גוואלדיק איבעראשט מיט זיין ריינקייט און ארדענונג. דאבזשין און גאלוב, צוויי שכנישע שטעטלעך, צוויי סימבאלן

— איינע פון אנשטענדיקייט און אפגעלאזנקייט, דאס צווייטע—פון קולטור. די קולטור האט מיך אנטציקט, אָבער דאָס הארץ האָט געצויגן צו יע־נער זייט... מיט דעם „פול פאסיק" אין קעשענע האָב איך מיר אַריבערגעפעקלט קיין בערלין און פון דאָרט קיין אנטווערפן.

געמומען טראכטן וועגן א תכלית און געווא־רן א בריליאנטן־שלייפער. אפגעהיט א שטיקל צייט אין בעלגיע, איז קיין אנטווערפן פלוצלונג אראפגעקומען פון מיין שטעטל דער זאקנמאכער, חאָס זיין חייב האָט מיט אירע היסטערישע געהאָלדן צעטריבן אונדזער „טריבונאל". דער זאקנמאכער איז געפארן קיין אמעריקע. דאס היסטערישע ווייב און די הונגעריקע קינדער האבן עטוואס פארנעפלט זיינע פועלי־ציוני־סטישע אידעאלן, און ער איז געפארן זוכן פרנסה אין לאנד פון דאלארן.

נו, וואס הערט מען אין דער היים ?

— וואס קען מען הערן ? עס איז שטיל.

— שטיל ?

— נו, יא, דאס קליינע זשאנדארל שמעקט שוין נישט אזוי אין די גאסן, די פאליציי מאכט נישט קיין רעוויזיעס, די באלעבאטים האבן אויפגעהערט צו מסרן... עס האט זיך געטומלט און עס האט זיך אפגעטומלט.

אפשר גאר פארן א היים... דערדאזיקער געדאנק האט מיך פלוצלונג א כאפ געטאן, ווי מיט צוואנגען... געטראכט, געטראכט און ארויס־געפארן פון בעלגיע, פון יענעם לאנד, וווּ איך בין געווען קינדיש לייכטזיניק און גלייכצייטיק ערנסט, ווי אן אלטער טרייער רעוואלוציאנער, ווו איך האב מיך געשיפט אויף דער שעלדע, געריטן אויף פערד, ארומגעלאפן איבער מוזייען געהערט הייסע רעוואלוציאנערע רעדעס און זיך געפרווט פראלעטאריזירן.

ווען איך האב ווידער אמאל דערזען דאס שטעטל, האט עס מיר אויסגעוויזן משונה ארעם און דערשלאָגן. ארעמע הייזער, ארעמע מענטשן, אן אָרעמער הימל און אן ארעמע זון. אלץ איז דא אזוי קליין, חאָכעדיק, עלנט...

אונדזער ארגאניזאציע איז געווען א צעק־לאפטע, אין די גאסן האבן באדיונגן געזונגען אונטער די העצעדיקע געלעכטערלעך פון די באלעבאטים :

מען האט שוין אויסגעהרגט אלע שטריי־קערס.

מען האט שוין פאר די שטרייקערס נישט קיין מורא,

מען קען שוין לערנען פריי די תורה...

מיט די מאגערע רעשטלעך פון דער ארגא־ניזאציע האט אנגעפירט איינער פון די געשלא־גענע חברים, א קראנקער און א צעבראכענער.

כ'האָב דערכגעמאכט א טיפן קריזיס, די הענט האבן זיך אראפגעלאזט און כ'בין ארומ־געגאנגען ווי נישט אויף מיין וועלט...

דער קריזיס האט עטוואס נאכגעלאזן, ווען מען האָט אין שטעטל גענומען פלוצים שמועסן פון פינצטערע מהומות, א חברה גדדונגענע שיכורים, חאָס דארפן אראפקומען מאכן א פאגראם.

מיר האבן גענומען ארגאניזירן א זעלבסט־שוץ. די ארטיקע ס. ד. האבן אונדז צוגעזאגט הילף. די װארשעווער ארגאניזאציע פועלי־ציון האָט אונדז אראָפּגעשיקט חבר נמרן מיט נאָך עטלעכע חברים. זיי האָבן געבראכט געווער. אין טאָג, חען דער עולם איז געווען באזונדערס אומ־רואיק און געוואַרט מיט שרעק אויף די פּאָגראָמש־טשיקעס, האָבן מיר צונויפגערופן א מאסן־פאר־זאמלונג דווקא ביים רבין אין בית המדרש. עס זענען געקומען א סך באלעבאטים, נמרן האָט געהאלטן א שארפע רעדע, גערעדט וועגן די סיבות, וואס רופן ארויס די פאגראמען, גערעדט וועגן פועלי־ציון, וואס דערציען די יידישע ארבעטער און דערוועקן מוט און מסירת־נפש. עס זענען שוין אוועק די צייטן, האט ער אויסגערופן חען א יידישער ארבעטער איז ארומגעגאנגען מיט א געבויגענעם רוקן און אראפגעלאזטן קאפ און זיך געשראקן פאר א פאל־צייאיש קנעפל און פאר דער שטעכעדיקער הארטער וואנס פון א זשאנדאר... דער יידישער ארבעטער איז אויסגעוואקסן און ווייס צו שטעלן א ווידערשטאנד די אלע פאגראמשטשיקעס און

זייערע הויכגעשטעלטע באשיצער. אויס מורא. אויס פחד, נאר גלויבן אין די כוחות פון יידישן ארבעטער !.

די באלעבאטים, וועלכע זענען געשטאנען אין בית־המדרש און זיך צוגעהערט צו די־דאזיקע ווערטער האבן שוין איצט נישט געשמייכלט פון חוזק, ווי דאס איז אמאל געווען זייער טבע. זיי זענען געשטאנען מיט אראפגע־לאזטע קעפ, דערשראקענע און פארלארענע, געזוכט שוץ ביי די ארבעטער, ביי די טרייפענע שטרייקער, ביי די פארשאלטענע פועלי־ציון...

די פאגראמשטשיקעס זענען נישט געקומען און קיין פאגראם איז נישט געווען. דאס צוגעגרייטע געווער האט מען באהאלטן און דאס שטעטל האט זיך בארואיקט.



אברהם לעווקאוויטש (קייסער) מיט זיין פרוי, אסתר

מ. ב. שטיין

# דער למד־וווניק

(א מעשה שהיה)

דער טויט פון א למד־חניק לערנט חי זיין לעבן האָט אויסגעזען. איז אין סאָכאַטשעוו חוץ דעם רב געחען אויך א למד־חניק, חאָס האָט באשיצט די שטאָט...

דעם שליסל צו די נסתרים, חאָס אין זייער זכות שטייט די חעלט, ליגט אונטערן כסא הכבוד און זייער סוד חייס נאָר גאָט ברוך הוא אליין. זייער כוח — על אחת כמה וכמה. רעדן חעגן זיי ביים לעבן איז נישט שייך. חאָס מער דער נסתר קאָן זיין באהאלטן, אלץ גרעסער איז ער. דורך זיין טויט חערט ער ערשט נתגלה, און אזוי איז טאקע געחען מיט יקיר שוסטער.

יקיר שוסטער האט געהאט א פנים, חאס דער צלם אלקים האָט דערפון אראָפגעשיינט. בלאס און דורכזיכטיק חי אן אבן טוב און ערשט די לאנגע, ברייטע, זילבער בארד! א זכיה האָט ער, יקיר שוסטער, אָבער געהאט, אז אין שטאָט האָט מען זיך אויף אים נישט דערקענט. א לאטוטניק, א סמאלע־קאפ... מער נישט פרייטיק־צונאכטס, חען די ליכט חאָס באשיינען דעם שבת אין די יידישע שטובן, איז שוין געהאט אויסגעגאנגען און די שטאָט איז געחען פארזונקען אין הייליקן שבתדיקן שלאָף — דעמאָלט האָט יקיר מיט זיין אטלאס, תחנונימדיק קול אויפגעלויכטן און האָט געחעקט די סאָכאַטשעחער יידן צו תהלים.

געחעקט? חס ושלום, יקיר האָט קיין ייד פון שלאָף נישט געחעקט און פון הייליקן שבת־שלאָף אחדאי נישט. יקיר האָט קיין פליג אויף דער חאנט נישט גערירט. יקיר האָט זיי נאר געבעטן מען זאָל אויפשטיין צו תהלים. זיין קויל האָט געגלעט:

הערט נאָר צו מיינע ליבע לייט,
חאָס איך חעל אייך זאָגן:
דער זייגער האָט שוין דריי געשלאָגן,
שוין צייט תהלים זאָגן.

יקיר׳ס קול האָט זיך געהערט פון איין עק שטאָט צום צחייטן. ער האָט נישט געחעקט בלויז יידן, נאָר אפילו גויים. ער האָט די פעלדער אוןביימער געחעקט און קיין גוי האָט נישט געהאט די חוצפה, אפילו נישט דער גלח און נישט דער נאטשאלניק אנצושרייען אויף יקירן פארחאָס ער חעקט אויף די שטאָט אין מיטן דער נאכט. קעגן יקירס אטלאסענע קול זענען אלע גויים פארשטומט געחאָרן. נישט אנדערש חי דוד המלך אליין איז מיט יקירן מיטגעגאנגען און אים געהיטן...

און אזוי האָט יקיר יאָר־איין, יאָר־אויס, זומער און חינטער אין די טיפסטע שנייען און חילדסטע זאחיערוכעס, אין די מוראדיקסטע פרעסט, גערופן פרייטיק־צונאכטס צו תהלים און פון זיין קול איז פול געחאָרן דאָס בית המדרש. ביז די ישול האָט זיך געעפנט שבת אינדערפרי צום דאחענען, האָבן בעלי־בתים, שוסטער און שניידער מיט יקירן תהלים געזאָגט, פסוקים אויסגעזונגען פון נעים זמירות ישראל, און דאָס קול פון זייער תהלים האָט געעפנט די שערי רחמים...

קעגן הקול קול יעקב, האָבן זיך געשטארקט די ידיים ידי עשו און ונשעה באב אין טאג פון אלע פורעניותן, האָט די סטרא אחרא אנגערייצט

די מלחמה, וואָס האָט פאַרפינצטערט די וועלט. אין שטאָט איז געוואָרן אַ מהומה. ביים ראַטהויז, ווו עס איז געווען אַ מעלדונג וועלכע יידן די גויים רופן אין מלחמה או־יין, זענען יידן, מענער און פרויען געשטאַנען און געהיינט די גזירה אפצושרייען. איינער נאָר — יקיר שוסטער האָט זיך פון שוסטער־בענקעלע נישט געריהרט. די ליכטיקע אויגן נישט אויפגעהויבן און געקלאַפּט איין טשוועקל נאָכן אנדערן אין דער הארטער זויל. מענטשן זענען פאַרבייגעגאַנגען און יקיר'ן מיט די פאַרוויינטע אויגן געשטאַכן :

— אודאי, וואס אַרט עס אים ? קיין קינדער האָט ער נישט, זיי זאָלן דאַרפן גיין אין אַ מלחמה און ער איז שוין צו אַלט.

יקיר שוסטער האָט זיך נישט אנגערופן. ווי פריער פאַרשטומט געזעסן און געקלאַפּט די טשוועקעס אין דער הארטער זויל און זיינע ליכטיקע אויגן, וואָס האָבן געפינקלט ווי שטערן, נישט אויפגעהויבן. וואָס פאַרא טרייסט, האָט ער, יקיר שוסטער, דער אַרעמער לאַטוטניק, דער סמאַלע־קאָפּ געקענט האָבן פאַר די אומגליק־לעכע, וואָס מען שיקט זייער אייגן בלוט און פלייש צו הילף די ידיים — ידי עשו ?

נישט גערעדט האָט יקיר, נאָר פּריוויטיק־צונאַכטס, נאָך האַלבער נאַכט, ווען די אומגליק־לעכע האָבן פון זייער שלאָף זייער אומעטיק אויסגעקרעכצט און אין שטאָט זענען געגאַנגען זעלנערישע שומרים און זייערע באַטשוועקטע טריט האָבן געהילכט מיילן פון דער ווייט — איז יקיר אַרויס פון זיין שטוב. געגאַנגען מיטן שליסל עפענען דעם בית־המדרש און אַרויס ווי יעדן פּריוויטיק־צונאַכטס רופן צו תהלים.

— יקיר, וואָס טוסטו, געדענק אין גאָט ! — האָבן בעלי־בתים אים גערופן. ס'איז דאָך מלחמה. די שטאָט איז פול מיט גויישע זעלנער.

— אין אַ סכנה קען נאָר העלפן תהלים.

— די גויים וועלן זאָגן, אַז דו רופסט דעם שונא.

— אין אַלע זיבן הימלען, הערט מען מיין רופן צו תהלים. זאָלן זיך די הימלען עפענען.

— ווער האָט עס דיר געזאָגט ?

— דוד המלך אליין — האָט יקיר שטיל און פאַרשעמט געענטפערט און באַלד דערנאָך דעם בית־המדרש אויפגעשלאָסן, דערנאָך זיך געלאָזט מיט שבתדיק'ן גאַנג דורך דער שטאָט און בעטנדיק, ווי ער וואָלט געזאָגט אַ קאַפּיטל תהלים גערופן :

הערט נאָר צו מיינע ליבע לייט,
וואָס איך וועל אייך זאָגן :
דער זייגער האָט שוין דריי געשלאָגן,
שוין צייט תהלים זאָגן.

די ידיים ידי עשו זענען אָבער געווען אַזוי חוצפּהדיק, אַז זיי האָבן דעם קול הקול יעקב נישט געקענט הערן, און אין דער פרי האָט מען יקיר'ן געפונען אַ טויטן אויף דער שוועל פון געעפנטן בית־המדרש...

משה לבנון

# ער האט דאך דיר צוגעזאגט...

אנומלט, מיט יאָרן צוריק, איז אין סאָכאַטשעוו געווען א וואסער־טרעגער, וואָס מען האָט אים גערופן קלמן־יענקל.

אין סאָכאַטשעוו זענען געווען עטלעכע וואסער־טרעגער, וואָס האָבן געטראָגן און געפירט וואַסער פון טייך. אין זומער האָט זיך געפילט פון זיי מיט טוכלעקייט. ווינטער זענען זיי געווען איינגעהילט אין פעלצן פארפרוירן ווי אייז.

פארגלייכן אָבער זייערע קובלעס מיט קלמן־יענקל׳ס גרויסע קובלעס — האט מען נישט געקאָנט. קלמן־יענקל׳ס קובלעס האָבן געהאָנגען אויף זיינע שווערע סאָנדעס [1]) ווי גאנצע פעסער, און געטראָגן האָט ער זיי א שטייף־אויסגעגלייכטער און פאר זיך געקוקט מיט די אונטערגעהויבענע וויעס, פון וועלכע עס האָט ארויסגעשטאָרצט רויטקייט ווי פון רוי־פלייש. גלייך ווי ער וואָלט אויף זיך מקבל געווען דאָס וואסער־טראַגן אָפצוקומען פאר עפעס א חטא און, ער האָט נישט אין זינען דאָס וואסער, נאָר אן אנדערן, פרעמדן ענין...

קלמן־יענקל האָט קיינמאָל נישט געוווסט וויפל מאָל וואסער ער האָט געטראָגן, און אויך נישט צו ווען ער האָט אריינגעטראָגן דאָס וואסער. אז מען האָט אים געפרעגט וויפל מאָל וואסער ער האָט געבראכט, איז ער געבליבן שטיין אין א פארלעגנהייט און קוים ארויסגעשטאמלט :

— „מער פון פינף“.

עס האָט אבער געקאָנט זיין צען און צוואנציק מאַל מער אויך.

קיין געלט פארן טראָגן דאָס וואסער האָט קלמן־יענקל אויך נישט פארלאנגט. דאָס איז נישט געווען זיין עסק. דאָס האָט געהערט צו זיין ווייב פריידע. זי האָט זיך אָפגערעכנט און ווי איר שטייגער — אויסגערעדט אויף קלמן־יענקלען וואָס אין דער קארט שטייט נישט. דערציילט פון איר לעבן וואָס זי פינצטערט אָפ ביי אים, און דערביי אָפגענומען דאָס געלט וואָס איר קומט.

זומער און ווינטער פארטאָגס, האָט פריידע מיט קלמן־יענקלען געזאָגט קריאת־שמע, און דערנאָך האָט קלמן־יענקל גענומען די גרויסע קובלעס, אויפגעהאָנגען אויף די סאָנדעס, א קוש געגעבן די מזוזה און אראָפּ צום טייך. ביים טייך האָט ער אָנגעשעפּט די קובלעס מיט וואסער, און זיך געלאָזט אין שטאָט אריין.

אזוי איז ער געגאנגען נישט מיד ווערנדיק הין און צוריק צום וואסער, און מיט קיינעם נישט אויסגערעדט קיין וואָרט, זיך קיין רגע נישט אָפּגערוט, נאָר געגאנגען הין און צוריק א פאַרטראַכטער. מען האָט געקענט מיינען, אז ער וועט אזוי אייביק גיין פון טייך און צום טייך... אָבער פלוצלונג, ווען קיינער האָט זיך נישט געריכט דערויף, פלעגט קלמן־יענקל זיך איינבויגן, אָפּטשעפּען די קובלעס, אראפּוואַרפן פון זיך די סאָנדעס און גיין אויפסניי צום טייך. און דאָרט זיך אנידערשטעלן מיט א קליין ווענדקעלע אין דער האנט כאפן פיש, שטיין אן

[1]) שאָנדרעס

אויסגעגלייכטער און קוקן שטום אין װאסער אריין...

צי קלמן־יענקל האָט אמאָל געכאפט א פישל מיט זיין װענדקעלע — דאָס האָט קיינער נישט געװוסט. פריידע? אפשר יא און אפשר נישט. זיכער איז אבער, אז קלמן־יענקל האָט קיין פיש נישט פארקויפט. ביז פארנאכט איז ער אזוי געשטאנען מיטן װענדקעלע ביים טייך און געקוקט אין װאסער אריין, ערשט בין השמשות האָט ער זיך געלאָזט גיין אין שטאָטישן בית־המדרש אריין צו מנחה מעריב.

קיינמאָל איז ער אין בית־המדרש װייטער נישט געגאנגען װי ביז צום עק טיש, װאָס איז געשטאנען נאָענט צו דער טיר, לעבן די צװיי גרויסע קאכל־אויװנס. אזוי, די הענט אראפגעלאזט, האָט ער געקוקט צום ארון־קודש, און קיין ריר זיך נישט געגעבן. ער האָט נאָר א שאָקל געגעבן מיטן קאָפ, װי ער װאָלט מסכים געװען מיט עמיצנס רייד און מער נישט. נישט קיין „אמן“, נישט קיין “ברכו“ — ער איז געשטאנען און געקוקט צום ארון־קודש. ביים זעלבן עק טיש איז קלמן־יענקל אויך געשטאנען שבת און יום־טוב ביים דאװענען. זיין טלית װאָס איז שטענדיק געװען א פריש אויסגעװאשענער, װי ניי — איז אויף אים װי געהאנגען. זיינע הענט זענען געװען אראָפגעלאָזן אונטערן טלית, װי ביים טראָגן װאסער און ער האָט זיך, װי אין דערװאָכנס ביי מנחה, קיין ריר נישט געגעבן, נאָר געשטאנען און געקוקט.

צו קיין עליה ביים ספר־תורה האָט מען קלמן־יענקלען קיינמאָל נישט אויפגערופן. מען האָט נישט געװוסט צי ער קען א ברכה מאכן איבערן ספר, און פארשעמען קלמן־יענקלען האָט דער בית־המדרש־שמש נישט געװאָלט. נאָר איינמאָל אין יאָר — שמחת תורה, האָט מען קלמן־יענקלען אויפגערופן צו א הקפה. אפילו מיטן ספר אין די הענט, איז ער שטיל געגאנגען און קיין װארט נישט געזאגט, װי ער װאָלט געװען פארטראכט. ער האָט נישט געזונגען, נישט געטאנצט, נישט געפרייט זיך מיט דער ספר תורה, ער האָט נאָר געקוקט פאר זיך...

אין שטאָט האָט מען קלמן־יענקלען װאסער־טרעגער גוט געקענט. „דו װאקסט א קלמן־יענקל“ — האָבן מוטערס געװאָרנט זייער קינדער, װאָס האָבן זיך אמאל פארגאפיעט. „דו ביזט א קלמן־יענקל“ — האָבן קרעמערס איינער דעם צװייטן באליידיקט. און אזוי װאָלט זיכער קלמן־יענקל אויסגעלעבט זיין גאנץ לעבן װי א „קלמן־יענקל“, און קיינער װאָלט פון אים נישט גערעדט. נאָר רעדן האָט מען אָנגעהויבן פון אים צוליב א מעשה װאָס עס איז מיט אים געשען :

אין א הייסן תמוז־טאג, מיטאג־צייט, איז ער, װי זיין שטייגער, געשטאנען ביים טייך מיטן װענדקעלע און פאר זיך געקוקט. איז צום װאסער צוגעפארן א בריטשקעלע און פון בריטשקעלע איז ארויסגעשפרונגען א סוחר, זיך אויסגעטאן און אריין אין װאסער זיך באדן. קלמן־יענקל איז דאָס נישט אָנגעגאנגען. גערעדט צום פרעמדן האָט ער אוודאי נישט. אפשר האָט ער אים גאָר אינגאנצן נישט געזען. דער פרעמדער אָבער האָט זיך אָפגעבאָדן ,איז ארויס פון װאסער, זיך אָנגעטאָן און אזוי װי ער איז געקומען — צוריק אװעקגעפארן. געװאָרן איז ביים װאסער שטיל װי פריער, און קלמן־יענקל האָט װייטער פאר זיך געקוקט.

מיטאמאָל האָט זיך דאָס װענדקעלע ביי אים אין האנט גענומען בויגן צום װאסער. די פעדער װאס איז געװען אָנגעבונדן אין שטריקל און איז געשװומען אויפן װאסער, האָט זיך גענומען טוקן. קלמן־יענקל איז נישט נתפעל געװארן. ער האָט דעריין געזען א סימן, אז גאָט האָט אים צוגעשיקט א פישל, האָט ער די װענדקע אויפגעהויבן העכער, א זילבערן, צאפלדיק פישל אראָפגענומען פון האטשעק, זיך איינגעבויגן און אריינגעלייגט דאָס פישל אין קיישל, װאָס איז געשטאנען לעבן אים. נישט װייט פון קיישל האָט ער געזען ליגן א טאָרבעלע. ער האָט געקלערט צי אויפהייבן דאָס טאָרבעלע, אָדער נישט, קיין גרויסער חילוק איז דאָס אים נישט געװען .עס האָט אים עפעס געגעבן א צי, און ער האָט דאָס טאָרבעלע יא אויפגעהויבן. עס איז נישט געװען קיין קליין טאָרבעלע, נאר א גרויסע טארבע און פון איר בלישטשען ארויס זילבערנע און גילדענע קעפ...

— טויטע קעפ — האָט יענקל געטראכט. מען דארף זיי באגראבן. און ער האָט איסגעגראבן א גריבל, אריינגעלייגט די טאָרבע מיט די קעפ און אריינגעשטעלט א צחייגל, חי א מצבה.

עס גייט נישט אויס קיין סך צייט, די בריטשקע איז חידער דאָ און דער סוחר גייט פון איר ארויס א פארצחייפלטער. ער האָט זיך דאָ געבאָדן און פארלוירן א פארמעגן מיט געלט. ער זוכט אהין, זוכט אהער און ער קוקט צו קלמן־יענקלען :

— איך האָב דאָ פארלוירן א טאָרבע מיט געלט, גאָלד־שטיקלעך, זילבערנע מטבעות, איך בין אומגליקלעך.

— געלט ? ניין. קיין געלט האָט קלמן־יענקל נישט געזען, נאָר קעפ. טויטע קעפ האָט ער דאָ געפונען און האָט זיי בארגראבן.

— חו האָט ער זיי בארגראבן ? — קלמן־יענקל חייזט אים אָן אויפן צחייגל.

דער סוחר קלערט נישט קיין רגע, לאָזט זיך אהין אונטערן צחייגל זעט ער באגראָבן זיין געלט. מלא שמחה שפרינגט ער צו צו קלמן־יענקלען :

— „רב ייד, איר האָט מיך געראטעוועט — און נעמט א זשמעניע מיט גאָלד־שטיקלעך און גיט קלמן־יענקלען — נעמט ! נעמט ! איר האָט אָפגעראטעוועט א גאנצע יידישע משפחה! נעמט פאר אייער טרחה !״

— קעפ ? טויטע קעפ ? חאָס טויגן מיר קעפ ? — ענטפערט קלמן־יענקל.

דער ייד שטעלט אויס אויף קלמן־יענקלען מויל און אויערן און שטיפט אים די זשמעניע גאָלד־שטיקלעך אין דער האנט אריין :

— נעמט, עס איז נישט קיין גניבה חלילה. די מצוה פון השבת אבידה געהערט צו אייך אויך.

— נישט קיין טויטע קעפ.

דער סוחר האָט געקוקט אויף קלמן־יענקלען חי אויף א משוגענעם. ער איז געפאָרן צום רבי ר׳ אלעזרל און אים דערציילט די מעשה, און איבערגעלאָזט ביים רבין געלט אויף צדקה.

רבי אלעזרל האָט דאָס געלט צוגענומען אויף א דבר שבצדקה. עס פעלן נישט קיין אָרימעלייט אין שטאָט. די מעשה אליין איז אים געחען א פלא. ער האָט אבער נישט געחאלט רעדן חעגן דעם.

אין אוונט, נאָך מנחה מעריב, איז קלמן־יענקל געקומען צולויפן צום רבין :

— אזוי חי ער איז אהיימגעקומען נאָך מנחה מעריב איז פריידע, זיין חייב אים אקעגנגעקומען מיט א האק, זי מוז אים הרגענען. איז ער קוים אנטלאָפן...

דער רבי האָט געשיקט דעם שמש נאָך פריידען.

— היתכן ? האָסט זיך אנידערגעשטעלט מיט א האק ? האָסט געחאָלט דעם מאן דיינעם הרגענען ? א יידישע טאכטער ?

— רבי, איך קען שוין נישט מער. דאָס גאנצע לעבן האָב איך אפגעפינצטערט צוליב אים. איך קען שוין נישט מער. אז גאָט האָט אים צוגעשיקט אַן אוצר, פאסט עס אים נישט, ער חיל נישט קיין זשמעניע גאלד־שטיקלעך חאָס דער סוחר האָט אים געחאָלט געבן... ניין, אזא מאן, א הארצגעשפאן, חיל איך נישט...

דער רבי האָט געגעבן פריידען צו פארשטיין די גרויסקייט פון דער מצווה פון אפצוגעבן אַן אבידה. קלמן־יענקל האָט אויסגעהאלטן א נסיון. קיין גאָלד־שטיקלעך נישט געחאָלט נעמען פאר דער מצווה. אויף יענער חעלט, נאָך הונדערט און צחאנציק יאר, וועט ער האָבן א גרויסן שכר.

— אבער חאס חעל איך האָבן פון זיינע מצות ? פארחאָס פינצטער איך אפ א לעבן ?

— דאס זעסטו, פריידע, ביזטו גערעכט. איך פסקן: דו קלמן־יענקל, זאָלסט פריידען צוזאָגן א העלפט פון דיין עולם הבא. זי ליידט צוזאמען מיט דיר.

— „אוי רבי !״ האט קלמן־יענקל געגעבן א ציטער. רבי אלעזרל איז געבליבן זיצן. ער, קלמן־יענקל איז נישט אזא תם. ער חייסט די גרויס פון זיין עולם הבא. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, און צוגעגאנגען צו קלמן־יענקלען :

— קלמן־יענקל, זאָג חער דו ביזט ?

קלמן־יענקל האָט אנגעהויבן שטאמלען, ווי מען וואָלט ביי אים וועלן אויסנארן עפעס און האָט געענטפערט:

— רבי, זאָל זיין ווי דער רבי האָט געפסקנט, א האלב חלק פון מיין עולם הבא שענק איך אוועק פריידען — און איז שנעל ארויס פון רבינס שטוב.

רבי אלעזרל האָט זיך פארטראכט. אויב ער קלמן־יענקל וויל זיין א נסתר, דארף מען אים נישט נויטן.

די שטאָט אָבער, האָט שוין אויף קלמן־יענקלען אנדערש גענומען קוקן. פון קלמן־יענקל וואסער־טרעגער האָט מען שוין מער נישט אָפגעלאכט, און שטאטישע ווייבער האָבן פריידען געטרייסט מיט קנאה ווען זי האָט געקלאגט אויף איר ביטער לעבן „ער האָט דאָך דיר צוגעזאָגט, נאָך הונדערט און צוואנציק יאָר"...




די בריק איבער דער בזורע
הגשר על נהר „בזורה"

י. י. טרונק

# פון בוך: פוילן"

די צוויי גרעסטע תורה־משפחות אין פוילן זענען זיך משדך. צדיקים אין גן־עדן טרינקען לחיים. פאַטשט־קאַטשן אין די בלאָטעס צווישן לוויוויטש און סאָכאַטשעוו. דעם פעטער יעקלס נצחון. אין אַ לוויוויטשער אכסניה. דער פעטער יעקל מאכט קולות אז אלע זענען שלימזלען. יידן שטופן ירחמיאלן אריין אין דער קאטש. דער פעטער יעקל ווערט שטיל ווי א לעמעלע. די פעלדער פורים־צייט. פאַטשטאַליאָנען טראָמפּייטערן אין דעם סוף־ווינטער־דיקן רחבות. גיי, פאָר מיט א נאר אויף א חתונה. דער פעטער יעקל ווערט ווידער שטיל ווי אַ לעמעלע. סאָכאַטשעווער בלאָטעס און סאָכאַטשעווער מאַרק. ס׳פאָרן מחותנים!

דעם צווייטן ווינטער זענען מיר ווידער געווען אין לאָדזש. איך בין נאָך אַלץ געגאַנגען צו ר׳ אהרנען אין חדר. אין די ווינטערדיקע אָוונטן בין איך אַהיימגעפאָרן מיט דער גרויסער סחורה־פור פון די ווישליצקיס. מ׳האָט געשמועסט: אויפן קומענדיקן ווינטער וועט מען מיך אָפּגעבן צו אַ גמרא־מלמד. דאָס האָט מיך אָנגעפילט מיט שטאָלץ. אין קוטנע האט זיך די מומע איטקע געהאלטן ביים גטן מיט בערישן.

פורים־צייט זענען מיר אַלע געפאָרן אויף אַ חתונה. דער פעטער יצחק, דעם טאַטנס ברודער — דער וואס האט זיך האָפּערדיק געשניטן אויף אַן עלוי — האט געהאַלטן ביים חתונה האָבן פון סאָכאַטשעוו. די כלה איז געווען אַן אייניקל פון באַרימטן סאָכאַטשעווער גאון ר׳ אמרהמעלע. ס׳האָט געהייסן: אין דעם דאָזיקן שידוך האָבן זיך צונויפגעגאָסן צוויי פון די גרעסטע און באַרימטסטע תורה־משפחות פון פוילן, ר׳ יהושיעלע און ר׳ אברהמעלע סאָכאַטשעווער. דערצו איז דער חתן געווען אַן אייניקל פון ר׳ יצחק וואורקער און די כלה אַן אייניקל פון קאָצקער. אַלטע חסידים האָבן געזאגט, אז צוליב דעם דאָזיקן שידוך איז אַ שמחה אין דער פמליא של

מעלה. די צדיקים אין גן־עדן הייסן זיך געבן בעכערס מיט יין־המשומר כדי צו טרינקען לחיים.

מען האָט זיך טאַקע געגרייט אויף אָט־אָ דער חשובער חתונה. אין אַלע רבישע הייף אין פוילן האָט מען זיך מכין געווען צו פאָרן אויף דער „סאָכאַטשעווער חתונה". ר' אברהמעלע איז דאַן געווען דער גרעסטער שר־התורה אין פוילן, דעם קאָצקערס אַן אײדעם און אַ רבי פון חסידים.

פון לאָדזש זענען מיר געפאָרן מיט דער באַן ביז לוויוויטש. סאָכאַ־טשעוו איז געווען אַ קליין אָפּגעלעגן שטעטעלע. אַ העק צווישן בלאָטעס. קיין באַן איז אַהין נישט דערגאַנגען. מ׳האָט געמוזט פאָרן מיט באַלעגאָלישע בוידן. אין יענע בלאָטעס צווישן לוויוויטש און סאָכאַטשעוו האָט אויך קור־סירט די „עקסטראַ־פּאָטשט". אַ גרויסער געלער קאַסטן מיט אַן אויפגע־מאָלטן רוסישן אָדלער און מיט משונהדיק הויכע רעדער, וואָס האָבן פאָרנדיק געקלאַפּט און געאָכצט. מ׳האָט אַזש פון דער ווייטן געהערט, אַז דאָ גייט די „עקסטראַ־פּאָטשט" די באַלעגאָלעס פון דער „פּאָטשט" זענען געגאַנגען אָנגעטון אויסטערלישע קיילעכדיקע קאַפּעלושן און האָבן אויף זיך גע־טראָגן רויטע פאַלדיקע שנורן, אויף וועלכע ס׳זענען געהאַנגען געדרייטע מעשענע טראָמפּייטן. אין מיטן וועג אָדער אַריינפאָרנדיק קיין סאָכאַטשעוו, האָבן זיך די פּאָטשטאַליאָנען צעבלאָזן אויף די דאָזיקע טראָמפּייטן. זיי האָבן געבלאָזן מאָדנע פאַרצייטישע ניגונים, וואָס האָבן שאַרף און אויסטערליש אָפּגעקלונגען אויף מרחקים. ווען די „עקסטראַ־פּאָטשטן" זענען גראָד אַדורכ־געפאָרן אַ וואַלד און די פּאָטשטאַליאָנען האָבן געבלאָזן, האָט דער וואַלד זיך אָפּגערופן פון שאַרפע און שאַליקע ווידער־קולות. סאָכאַטשעוו איז געווען אַזאַ פאַרוואָרפענער העק, אַז ווען מ׳האָט אָפּגעשאַפט די פּאָטשט־קאַטשן אין פוילן, האָט מען אינגאַנצן פאַרגעסן די אַלטע געלע קאַטשן, וואָס זיי האָבן זיך געשלעפּט אין די בלאָטעס צווישן לוויוויטש און סאָכאַטשעוו. זיי האָבן ווייטער קורסירט ווי אין קדמונים. איך ווייס נישט ווי אַזוי עס איז דעם פעטער יעקל אין קוטנע געגראָטן איבערצורעדן אַלעמען און אויסצופועלן, אַז מ׳זאָל פאָרן קיין סאָכאַטשעוו נישט אויף קיין פשוטע יידישע באַלע־גאָלישע בוידן, נאָר אויף אָט די אויסטערלישע פאַרצייטישע קאָטשן. גענוג — דער פעטער יעקל האָט אויסגעפועלט. ווען מיר זענען געקומען צו פאָרן קיין לוויוויטש מיט דער באַן און אַוועק ערגעץ אין אַן אכסניה הינטער דער שטאָט, איז שוין דאָרט געווען די גאַנצע קוטנער משפחה. דער פעטער יעקל האָט זיך שטאַרק געפאָרעט און כסדר געקריגט מיט זיין אײדעם ירחמיאל. אין אַ באַזונדער חדר פאַר מאַנסבילן איז אויבנאַן ביים טיש געזעסן דער זיידע ר' משהל אָנגעטאָן אין אַ רבנישן שאַפּענעם פעלץ און מיטן סויבלענעם קאָלפּאַק אויפן קאָפּ. ער האָט געהאַלטן דעם רבנישן שטעקן

אין דער האַנט און ער האָט געוואַרט מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט זיצנדיק אין דער לוויוויטשער אכסניה שוין געווען אין סאָכאַטשעוו אויף דער חתונה. לעבן אים איז געזעסן דער חתן יצחק מיט די צעשויבערטע פאות פון אַן עלוי, אין אַ גרויסן סאַמעטענעם קאַשקעט און אין אַ נייעם שאָפּן־פּעלץ, וואס האט אים צוגעגעבן די ברייטע האָפערדיקייט פון רבנישער עלוישקייט. אַלערליי לוויוויטשער יידן — וואס האבן גאָרניט געהערט צו די מחותנים — האָבן זיך אין וואָכעדיקע קאַפּאָטעס געשטופּט צווישן די קוטנער מחותנים. די יידן זענען צוגעגאַנגען צום זיידן ר׳ משה׳ל און אים געגעבן שלום עליכם. די קוטנער ווייבער זענען געזעסן אין אַן אַנדער חדר און געטרונקען טיי. צווישן זיי האָט זיך געפּאָרעט און הייזעריק געשריגן דער נייער משמש פון זיידן ר׳ משהל, הירשל נאמנס איידעם יעקב צאָמבער. ער איז געווען אַ קליין לעבעדיק שוואַרץ יידל מיט אַ פּאָר ברענענדיקע און ליידנשאַפט־לעכע אויגן.

דערוויל האָט מען געהערט פון דרויסן דאָס פּאַרצייטישע געשאַל פון טראָמפּייטן און אַ קרעכצעניש פון רעדער. דער פעטער יעקל איז אויפ־געשפּרונגען פון זיין אָרט און אַריינגעלאָפן צו די ווייבער, און מיט גע־וואַלדיקער און טריאומפירנדיקער שמחה אַ געשריי געטאָן:

— די פּאָטשט!

אינדרויסן זענען טאַקע געשטאַנען די צוויי געלע גרויסע פּאַרצייטישע קאַסטנס. אויפן הויכן באק זענען געזעסן באַוואָנצטע גויים אָנגעטוענע אין אויסטערלישע לעדערנע קאַפּעלושן, די טראָמפּייטן אַרומגעבונדן אויף די סוק־מאַנעס, לאַנגע בייטשן אין די הענט. די גויים האָבן געקנאַלט מיט די בייטשן און אזוי אַרום אַרויסגערופן די פּאַסאַזשירן פון דער אכסניה. מיר זענען אַלע ארויסגעקומען. דער פעטער יעקל האט זיך אַ בשמחהטער גע־פּאָרעט, גלייך ווי די קאָטשן וואָלטן געווען זיין אייגנטום. ער האָט זיך אפילו אין דרויסן פאר די קאָטשן געקריגט מיט ירחמיאלן. די טרעפּלעך צו די קאָטשן זענען געווען הויכע, און דאָס ארויפגיין אויף זיי איז נישט געווען זייער לייכט. פאַר דער קאָטש, אין וועלכער עס האָבן געזאָלט פאָרן די ווייבער, האבן זיך טאַקע געהערט געשרייען און געלעכטערס. די שלימ־מזלדיקערע ווייבער האָבן בשום אופן זיך נישט געקאָנט ארויפדראַפּען אויף דער קאָטש. דער משמש יעקב צאָמבער — הגם ער איז געגאַנגען אָנגעטון אין אַ סאַמעטענעם קאַשקעט מיט אַ יאַרמלקע און אין אַ צעדריפּעטן חסידישן גאַרטל — איז געשטאַנען לעבן די ווייבער און אויף זיין הויך הייזעריק קול געמאַכט אלערליי צווידייטיקע וויצן אויפן חשבון פון די ווייבער, וואָס באַווייזן נישט אַזוי לייכט אַרויפצוקומען אויף דער געלער קאָטש. אויך ביי די מאנסבילן האָט זיך געטון דאס נעמליכע. פאַר די עלטערע יידן איז עס

אויסגעקומען גאָר שווערלעך, הגם דער פעטער יעקל איז געשטאַנען לעבן די טרעפּלעך געשריגן און אַלעמען אָנגערופן שלימזל. ווען עס איז גע־קומען צו ירחמיאלן, האָט ער, ירחמיאל נעבעך, שטאַרק אָנגעהויבן צו קרעכצן, האָט זיך צוגעהאַלטן מיט די הענט ביים בויך און האָט קיין פוס אפילו נישט באַוויזן אַרויפצושטעלן אויפן טרעפּל. פון דער ווייבערישער קאָטש האט אים געזידלט זיין ווייב ראַצע. דער פעטער יעקל האָט זיך גע־קאָכט און דעם אומגליקלעכן ירחמיאלן אָנגערופן מיט כלערליי צונעמענישן. ס׳איז נישט געגאַנגען. ערשט עטלעכע פּרעמדע לויוויטשער יידן האָבן ירח־מיאלן גענומען אויף די הענט און אים אַריינגעטראָגן אין דער קאָטש. ירחמיאל האָט שווער אָפּגעזיפצט, און דער פעטער יעקל ביי די טרעפּלעך האָט געליאַרעמט און געזידלט. ווען עס איז געקומען דערצו, אַז דער פעטער יעקל אַליין דאַרף ענדלעך אַרויפצושטייגן אויף די טרעפּלעך, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער קאָן דעם ערשטן טריט נישט אַרויפשטעלן. דער פעטער יעקל איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן און זיך שטאַרק פונאַנדערגעהוסט. עס האָט אים גאָרנישט געהאָלפן. די אייגענע פרעמדע לויוויטשער יידן האָבן אים, דעם פעטער יעקל, געמוזט נעמען אויף די הענט און אים אַריינשטופן אין די קאָטש.

ווען אַלע מחותנים און מחותנתטעס זענען שוין געווען פונאַנדערגע־זעצט, האָבן זיך די אַלטע געלע קאָטשן שווער אָ ריר געטון פון אָרט. עס האָט געגעבן אָ טרייסל, אַז אַלע פּאַסאַזשירן זענען אַרויפגעפאַלן איינער אויפן אַנדערן. דער פעטער יעקל האָט שוין מער נישט געשריגן. די קאָטשן האָבן זיך קרעכצנדיקע צעשאָקלט און עס האָט אויסגעקוקט, אַז מיט זיי שאָקלט זיך מיט גאַנץ לויוויטש. די פורמאַנעס אויפן באָק האָבן געשריגן „נאָ באָק!״ און געקנאַלט מיט די בייטשן. ענדלעך זענען די קאָטשן פאַר־בייגעפאָרן די לעצטע לויוויטשער הייזלעך און ארויף אויף די פעלדער.

ס׳איז געווען פורים־צייט. אויף די פעלדער איז נאָך געלעגן טיפער שניי. דער וועג אָבער, וואָס פירט קיין סאָכאַטשעוו, האָט נישט ליב קיין שניי. ער איז געווען איין לאַנגע געוואַלטיקע בלאָטע פול מיט גריבער און גריבלעך. די בלאָטעס האָבן זיך ווי אויפגעקאָכט און צעשפריצט אונטער די הויכע קרעכצנדיקע רעדער פון די צווייי קאָטשן. אויף די ווייסע פעלדער אַרום זענען געפלויגן שוואַרצע קראָען און געשריגן. פון די מחותנים אינע־ווייניק אין די קאָטשן איז געוואָרן אָ קנויל, און זיי האָבן זיך פעסט גע־מוזט אָנהאַלטן אָן וואָס עס האָט זיך געלאָזט, וואָרעם עס איז געווען דאס חיות נישט זיכער. דער זיידע ר׳ משהל האָט אפילו געהאַט בדעה אָ שמועס צו טון מיטן חתן אין לערנען, נאָר עס איז ממש נישט מעגלעך געווען צו טון די מינדערסטע זאַך — אויך רעדן איז נישט געווען מעגלעך, סיידן צו

שרייען הויך אויפן קול. פּלוצים — קיינער האָט זיך אויף דערויף נישט גע־ריכט — האָט זיך דערהערט אַ שניידיקער שאַל פון טראָמפּייטן. דיביידע גויים אויפן באַק האָבן זיך מיט אַמאָל שאַרף און הויך צעבלאָזן אינמיטן די לײדיקע שנייאיקע פעלדער.

ירחמיאל נעבעך, איז געזעסן אַריינגעשטופּט צווישן די מחותנים און זיך פעסט אָנגעהאַלטן ביים אייגענעם בויך. אַלע מיחושים זיינע, אינעווייניק אין אים, האָבן אָנגעהויבן צו רעדן דיבורים. ירחמיאל האָט זיך מיטאַמאָל שטאַרק דערשראָקן פון דעם פּלוצימדיקן שאַרפן געשאַל און האָט זיך געוואָנדן צום פעטער יעקל און אים אַריינגעשריגן אין די אויערן אַריין, אַז מ'זאָל — נישט מער און נישט ווייניקער! — אָפּשטעלן די קאָטש אינמיטן די בלאָטעס, מחמת ער באַדאַרף משתין זיין...

דער פעטער יעקל איז אַזש רויט געוואָרן פון גרויס כעס.

— גיי פאָר מיט אַ נאַר אויף אַ חתונה, — האָט ער אַ געשריי געטאָן אין מיטן דעם צעשאָקלטן קנויל פון די מחותנים.

דער זיידע ר' משהל האָט געפּסקנט: פאַרפאַלן. מ'קאָן נישט קיין ייד לאָזן עובר זיין אויף אַזאַ שווערע עבירה, ווי „בל תשקצו"

מיט גרויס מי און מאַטערניש איז עס קוים געראָטן אַרויסצוקלאַפּן צום גוי אויפן באַק, אַז ער זאָל אָפּשטעלן די קאָטש. די קאָטש האָט זיך ענד־לעך אָפּגעשטעלט. אויך די קאָטש מיט די ווייבער האָט זיך אָפּגעשטעלט. עס האָט זיך אויסגעדוכט: די טיפע בלאָטעס אין וועלכע די גלעז באַשפּריצטע קאָטשן האָבן שווער געטאָפּטשעט, — האָבן זיך אויך באַרואיקט. בלויז אויף די שנייאיקע פעלדער האָבן הפקרדיק געקראַקעט די קראָען. אַז מ'האָט אויפ־געעפנט די טירן פון דער קאָטש, האָט זיך אַריינגעריסן דער פרישער סוף־ווינטערדיקער דרויסן. אַלע יידן אין דער קאָטש האָבן געמוזט העלפן ירח־מיאלן זיך אַרויסבאַקומען. ירחמיאל איז אַראָפּגעשטיגן טיף אינמיטן פון די בלאָטעס. ענדלעך האָט מען מיט גרויס מי און מאַטערניש צוריק אַרויפ־געקראָגן ירחמיאלן אין קאָטש אַריין. ווען דער גוי האָט געטון אַ קנאַל מיט דער בייטש און געוואָלט אַ יאָג טון די פערד, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איצט איז דער פעטער יעקל אַ קאַנדידאַט אויף משתין זיין. מ'האָט צוריק אַרויסגעקלאַפּט צום גוי, אַז ער זאָל וואַרטן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שווערע שטיקל אַרבעט, דעם פעטער יעקל אַרויסצוקריגן און צוריק אַריינצוקריגן אין דער קאָטש.

אַזוי זענען מיר מידע און צעבראָכענע ווידער ענדלעך אָנגעקומען צו די ערשטע הייזלעך פון סאָכאַטשעוו. דאָ האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן די ריכטיקע בלאָטעס. דאָס שטעטל איז ממש געשוואומען אין בלאָטע. ווען אונדזערע קאָטשן זענען מיט רעש און געקרעכצעניש אַריינגעפאָרן צווישן

די קליינע הילצערנע הייזלעך, האָט זיך אויסגעדוכט, ווי סאָכאַטשעוו וועקט זיך פון הינערפּלעט. אַלע פענצטער האָבן זיך געעפנט. כלערליי קעפּ פון יידענעס אין שלאָף־הויבן און יידן אין יאַרמלקעס האָבן זיך ארויסגעבויגן פון די פענצטער צו קוקן. פון טייל פענצטער האָבן זיך ווייבער איבערגעשריגן, אַז דאָ פאָרן די קוטנער מחותנים. די גויים אויפן באק האבן זיך פונדאָסניי פונאַנדערגעבלאָזן מיט די טראָמפּייטן. אַזוי זענען מיר מיט געשאַל און געפּילדער ארויפגעפאָרן אויפן סאָכאַטשעווער מאַרק.

דער מאַרק־פּלאַץ איז געווען איין גרויסע בלאָטע, אין וועלכער עס האָבן אַרומגעטאָפּטשעט יידן און גויים. פאַר די קרעמלעך זענען געשטאַנען יידן צוזאַמען מיט פויערים און געשמועסט. אַלע האָבן געקוקט אויף די קוטנער מחותנים. אונדזערע קאָטשן זענען דערווייל אריינגעפאָרן צווישן אויסגעשפּאַנטע פויערישע פורלעך, וואָס זענען געשטאַנען כמעט ווי פאַרטרונקען אין דער סאָכאַטשעווער בלאָטע. אָנגעבונדענע ביי די פורלעך האָבן פויערישע פערדלעך געשמאַק געקייעט היי און שעטשקע. קי זענען געשטאַנען אין מיטן די בלאָטעס, נאַריש געקוקט אויף די אָנפאָרנדיקע קאָטשן און געמעלה־גרהט. איינצלנע ציגן האָבן זיך אַרומגעדרייט אין די בלאָטעס פון סאָכאַטשעווער מאַרק, אַלעמאָל אַריינגעשטעקט די באַבערדלטע קעפּ אין דער טיר פון אַ יידיש קרעמל, ווי זיי וואָלטן דאָרט עמעצן געזוכט. ענדלעך האָבן זיך אונדזערע קאָטשן אָפּגעשטעלט. פרעמדע סאָכאַטשעווער יידן האָבן אונדז געהאָלפן ביים אויסשטייגן. מ׳האָט אונדז אַלעמאָל ביסלעכווייז „אריינגעשטעלט" ביי פאַרשידענע יידן. מיד און מאַט פון דער גרויסער און שווערער נסיעה פון לוויטש קיין סאָכאַטשעוו, בין איך ערגעץ אריינגעפאַלן אין אַ בעט און איינגעשלאָפן ווי אַ טויטער.

אַ חופּה אין סאָכאַטשעוו. יוצא ! אַ מדבר פאַרן זינדיקן גוף. מע נעמט זיך צוריק צו די גמרות. יעקב צאָמבער באַקומט אַן אָפּשניט פון דער רביצין צינה.

ווי ווייט ס׳איז נאָר געווען מעגלעך האָט מען אין סאָכאַטשעוו איינגעפירט קאָצקער התנהגותן. אין קאָצקער „הויף" האָט מען קיינמאָל נישט געשטעלט קיין חופּה ביינאַכט ווי ביי אַלע יידן, נייערט אין מיטן העלן טאָג. דעם קאָצקערס קינדער, וואָס האָבן חתונה געהאַט, האָבן טייל מאָל שעהן לאַנג געמוזט וואַרטן אונטער דער חופּה. די הבדלות האָבן שוין געהאַט אויסגעברענט ביז דער קאָצקער האָט באַוויזן ארויסצוקומען פון זיין חדר׳ל צו דער חופּה. אין סאָכאַטשעוו איז עס נישט געווען אַזוי שאַרף, אבער דער קאָצקער מנהג צו שטעלן אַ חופּה בייטאָג איז אין סאָכאַטשעוו געווען אָפּגעהיט מיט דער גאַנצער שטרענגקייט. דערפאַר האָט מען נישט געהאַלטן אין סאָכאַטשעוו פון קלעזמאָרים. הגם — פאַרפאַלן — קלעזמאָרים

אויף אַ חתונה מוז מען נעמען. נאָר די קלעזמאָרים האָבן זיך פאַרשאָלטן די יאָרן. חסידים האָבן זיי געשטופּט ווי האַנטשערקעס, און קוים האָבן זיי אָנגעהויבן צו שפּילן, האָט ר׳ שמואל ברייט אַ שריי געטאָן: „יוצא״ און ר׳ אברהמעלע האָט מיט עמעצן ביים טיש אָנגעהויבן צו שמועסן אין לערנען. דער בדחן — וועמען מ׳האָט געמוזט נעמען אויף אַ סאָכאַטשעווער חתונה ווי אַן אומפאַרמיידלעך בייז, — קוים האָט ער געעפנט דאָס מויל, האָבן חסידים אָנגעהויבן צו מאַכן אַ טומל, ר׳ אברהמעלע האָט עס געהאַלטן פאַר ביטול־תורה, און ר׳ שמואל האָט אַ געשריי געטאָן: „גענוג!״ די גראַמען זענען ממש געבליבן אויסגעטריקנטע אויף דער צונג פון אומגליקלעכן מאַר־שאַליק. מ׳האָט אים געגעבן אַ שטופּ אַראָפּ פון בענקל און ער איז כמעט ווי צעקוועטשט געוואָרן צווישן עולם חסידים, וואָס האָבן זיך אַ לאָז געטון צום טיש הערן ר׳ אברהמעלעס תורה.

אזוי איז אויך די חופה פון פעטער יעקל געווען אין מיטן העלן טאָג. זי איז געווען אויפן הויף פון ר׳ אברהמעלעס בית־המדרש. אין מיטן דער ריכטיקער סאָכאַטשעווער בלאָטע. ר׳ שמואלס טעכטער זענען געווען דראָבנע און שוואַרץ־חנעוודיקע. פרומעט, דעם פעטער יצחק׳ס כלה, גלויב איך, איז געווען די שענסטע. אַ קליינע, אַ פולע, מיט לעבעדיקע לאַכנדיקע אויגן. זי האָט צו דער חופה ניט געטראָגן קיין ווייס חופה־קלייד. אין קאָצק האָט מען נישט געהאַלטן, אַז ווייבער זאָלן זיך קליידן אין ווייסן ווי מלאכי־השרת. דאָס מעגן טון סיידן גרויסע צדיקים. דערפאַר, געדענק איך, ווי די כלה פרומעט איז געגאַנגען אָנגעטון עפּעס ווי אַ געל קלייד מיט אַ טשיפּיקל אויפן קאָפּ און אין אַ געל דעק־טוך. אלע מחותנים און אַ געוואַלטיקער עולם חסידים זענען געשטאַנען אין דער בלאָטע אַרום דער חופה. די ווייבער זענען געשטאַנען ערגעץ ווייט אַוועקגערוקט אין הויף, וואָרעם אין ר׳ אברהמ־עלעס נאָענטקייט האָט זיך נישט געטאָרט ווייזן קיין אשה. אין מיטן פון די בלאָטעס — ווען מען האָט געפירט חתן־כלה צו דער חופה — האָבן די קלעזמאָרים מכלומרשט עפּעס געטון אַ גרימפּל, אָבער ר׳ שמואל האָט פון אונטער דער חופה אָפּער אַ געשריי געגעבן: גענוג. די קלעזמאָרים האָבן דערשראָקענע אויפגעהערט. אונטער דער חופה האָט זיך אָנגעהויבן דער סידור־קידושין. שנעל און פלינק אָן לאַנגע ברייעונישן און זמירות, אַלץ אויפן קאָצקער אופן.

אַזוי ווי דאס גרויסע חתונה־מאָלצייט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אויפ־דערנאַכט, איז זיך דער עולם באַלד נאָך דער חופה פונאַנדערגעגאַנגען אויף די אכסניות, אָדער אין בית־המדרש. ר׳ אברהמעלע איז געגאַנגען צו זיין געוויינטלעכן שיעור. ר׳ שמואל האָט זיך געזעצט לערנען. סאָכאַטשעווער לומדים האָבן זיך גענומען צו די גמרות, אָדער זיך מפלפל געווען אין

לערנען. מ׳האָט פאַרגעסן אַז אָקערשט איז געווען אַ חופה. דער טאָג אַרום ר׳ אברהמעלעס בית־מדרש האָט אָנגענומען זיין וואָכעדיקן לומדישן אויסזען. אין סאָכאַטשעוו האָט מען ניט ליב געהאַט זיך צו באַלעווען מיט חתונה־צערעמאָניעס. אַלע האָבן זיך צוריק גענומען צו דער גמרא. מאיר בארנשטיין האָט געשמועסט מסחר־זאַכן מיט אַ רייכן סאָכאַטשעווער חסיד. אויך דער זיידע ר׳ משהל האָט זיך אַוועקגעזעצט לערנען מיטן חתן. די אויסגעפּוצטע מחותנתטעס האָבן זיך אַרומגעדרייט ווי איבעריקע נפשות, מיר אַלע זענען געווען הונגעריק. ר׳ אברהמעלעס סאָכאַטשעוו איז געווען אַ מדבר פאַרן זינדיקן גוף. ר׳ אברהמעלעס ווייב, צינע, דעם קאָצקערס טאָכטער, האָט מיט חסידישער שאַרפקייט געיאָגט די ווייבער זיך נישט אַרומצודרייען צווישן די מאַנסבילן און נישט שטערן יידן צו לערנען תורה. קוטנער מאַנסבילן האָט זי געטריבן צו דער גמרא. דער משמש יעקב צאמבער וואס איז אַ הונגעריקער אַריינגעקומען צו די מחותנתטעס און געבעטן אַ שטיקל לעקעך, און דערביי געפּרואווט זאָגן ווייבערישע גלייכווערטלעך, האָט פון דער רביצין צינע באַקומען אַ וויסטן אָפּשניט. הויך אויפן קול צווישן אַלע מחותנתטעס האָט זי אויף אים אַ געשריי געטאָן: „פּושע עוכר ישראל, ארויס פון דאַנען, זעץ זיך צו דער גמרא״. יעקב צאָמבער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, געשלונגען שפּייעכץ, אַ טויט־הונגעריקער אַוועק אין בית־המדרש, קוים זיך אַריינגעשטופּט צווישן לערנענדיקע יידן און הויך, אויף אַ בייז זינגענדיק קול גענומען לערנען די מסכתא „עירובין״.

סאָכאַטשעווער חתונה־מאָלצייט. מען איז זיך מפלפל. דער בדחן נעביך! די רביצין צינע פּראַוועט תרבות ביי די ווייבער.

אַ סאָכאַטשעווער חתונה־סעודה האָט גאָר קנאַפּ געהאַט ענלעכקייט מיט אַ געוויינלעכער חתונה. עס איז פּשוט געווען אַ רבישער „טיש״. נישט מער וואָס אויבנאָן ביי ר׳ אברהמעלען איז געזעסן דער חתן, דער פעטער יצחק. טאָמער האָט ר׳ אברהמעלע געעפנט דאָס מויל, איז געוואָרן אַ געשטופּעריי פון חסידים אויפן אויבנאָן. מ׳האָט דעם חתן כמעט אראָפּגעוואָרפן פון בענקל. די עסנס זענען געווען קנאַפּ. און אויך דאָס האָט מען געגעסן אויף אינדער־שווינד. נישט געשפּילט זיך מיט דער אכילה. דער עיקר האָט מען גע־שמועסט אין לערנען. און גערעדט האָט ר׳ אברהמעלע, שטיל און זייער פלינק אַז מ׳האָט קוים געקענט כאַפּן מיטן אויער. דערצו האט ר׳ שמואל צוגעאיילט די חסידישע סאַרווערס נישט צו באַלאַמוטשען, צו דערלאַנגען וואס ס׳איז דאָ. איידער מ׳האָט זיך נאָך צו עפּעס צוגערירט האָבן די סאַרווערס שוין אַוועקגעכאַפּט די טעלער, און ס׳איז ווייטער אָנגעגאַנגען דער שאַר־פער פּלפּול־שמועס. אָבער אפילו ביי דער גאַנצער יאָגעניש איז ר׳ אברהמעלע

נישט אויסגעזעסן ביים טיש. מחמת ער איז געווען אַ חלוש האָט אים ר׳ שמואל אריינגעפירט צוריק אין זיין חדרל. ר׳ אברהמעלע האט זיך ביחידות אָװעקגעזעצט ביי דער גמרא. ביים חתונה־טיש איז ווייטער אָנגעגאַנגען דער פלפול צווישן די איבערגעבליבענע גרויסע לומדים.

ביי די ווייבער איז גאָר צוגעגאַנגען ווי אין אַ מדבר. ס׳איז געווען דאָרט אַן אומהיימלעך שווייגעניש. אויבנאָן איז אין איר שאַרפן קאָצקער ביטול געזעסן די רביצין צינע און געוואָרפן אויף אלעמען אַן אימה. ווער פון די יידענעס עס האָט געפּרואווט צו עפענען דאָס מויל, האָט פון דעם קאָצקערס טאָכטער אויפן אָרט באַקומען אַן אָפּשניט, נישט צו האָבן קיין ניין מאָס רייד און צו געדענקען, אַז דאָ נישט ווייט זיצט ר׳ אברהמעלע ביי דער תורה און מע דאַרף זיך אויסהיטן ווי פון פייער אים נישט מבטל צו זיין, און בכלל איז בעסער אַז מע רעדט נישט קיין נאַרישקייטן. אפּעסן, און אָפּבענטשן און גיין אויף דער אכסניה שלאָפן. מער האָבן ווייבער נישט צו טון. דאָס איז געווען דער טאָן, מיט וועלכן די רביצין צינע האָט גע־פירט די חתונה־סעודה.

אין פרוי איז אָבער געווען צווישן די קוטנער מחותנתטעס, וואָס בעת די רביצין צינע האָט זי געזען, האָט זי מיטאַמאָל נאָכגעלאָזן פון איר קאָצקער שאַרפקייט, האָט אפילו אַרויסגעוויזן עניוות און סענטימענטן. פאַרשטייט זיך אויף אַזוי פיל, וויפל די דאָזיקע קאָצקער טאָכטער איז בכלל פעאיק גע־ווען צו ווייכהאַרציקייט און סענטימענטן.

דאָס איז געווען ר׳ יצחק וואורקערס טאָכטער, די באָבע בלימעלע.

עוזר ווארשאווסקי

# שמוגלארס

קאַפּיטלעך פונעם ראָמאַן

**1.**

פּאַנטל פורמאַן שטעקט אַרויס אַ האַנט, ציט זיך אויס אונטער דער דעק, דרייט זיך איבער פון איין זייט אויף דער צווייטער, זעצט זיך אויף און גענעצט. אין שטוב איז פינצטער, בלויז דורך די צוויי אויגנלעכער פון לאָדן רייסט זיך אַריין אַ שוואַכע באַגינענליכט.

— ס׳אי נאָך זייער פרי, — שטאַמלט ער רייבנדיק זיך די אויגן און אַרומקוקנדיק זיך איבער דער שטוב, וועלכע איז אינגאַנצן אין אַ קאַלטקייט און אַ פינצטערניש פאַרהילט, און דערזעענדיק די פּראָסטבלומען אויף דער שויב, דערפילט ער אַן אומהיימלעכקייט און ער רופט אַריבער צום צווייטן בעט:

— גליקע, גליקע!

— הע, וואָס? — כאַפּט זיך אויף זיין ווייב מיט אַ געוואַלדיקן אימפּעט און בלייבט זיצן מיט פאַרקלעפּטע אויגן און מיט אַ ברייט געעפנט מויל.

— זעסט, אס׳י שוין ווידער אַ פראָסט! — ווייזט ער אָן צום פענצטער און שטעקט אַרונטער ביידע הענט אונטער דעם וואַטענעם לייבל, אין וועלכן ער שלאָפט ווינטערצייט, און מיט אַ חשק נעמט ער זיך קראַצן מיט דער רעכטער די ברוסט און מיט דער לינקער אויבן אַרום דער פּלייצע.

— וואָס זאָגסטו? — פרעגט זי איבער. זי זיצט און מיט די פייכטע פינגער רייסט זי זיך פונאַנדער די פאַרקלעפּטע אויגנלעפּלעך.

— ס׳אי נישטאָ קאַ געלט, — ענטפערט ער.

זי ווערט מיטאַמאָל וואַך הערנדיק דאָס.

— מ׳דאַרף דאָך כאָטש אַ שטיקל קויל צו קויפן און אַ שטיקל ראַזאָווע ברייטל...

— ס׳אַ פראָסט! — כאַפּט ער זיך פלוצלונג נאָכאַמאָל, ווי ווענדיק עפּעס פאַרטרייבן פון זיך.

ער נעמט איילֿיק די הענט פון לייבל אַרויס, לייגט זיך צוריק און ציט זיך די דעק ביז איבער דער נאָז. פון אַנדערן בעט קוקט צו אים זיין ווייב, און פון איר פּנים און לייב גייט אַ פּאַרע.

— נו, וואָס ׳עט זיין? האַ? — פרעגט זי. נאָר זי ווייס, אַז ער קען דערויף קיין ענטפער נישט געבן.

פון דער ערשטער שטוב, דער קיך, דערטראָגט זיך אַ ייִנגלש קול:

— רוק זיך אַהין! זע נאַר, ווי ר׳האָט זיך דאָס צעלייגט. אַנדערש געפעלט דיר נישט, נאָר אויף די פּלייצעס...

— פאַרמאַך דעם „זשוראַטניק״, פוף! ענטפערט אָפּ אַ גראָבער קול.

— אַ כאָלערע... — הערט זיך נאָך דאָס ערשטע, יינגלשע.

— אַ כאָלערע אין זייערע ביינער אַריין! רופט זיך אָן פּאַנטלס קול, — אין שלאָף האָט עס קיין רו נישט.

— אָבער וואָס ׳עט זיין, וואָס ׳עט זיין? — הזרט גליקע דאָס איריקע שטי־לערהייט, — די בעקערין וויל שוין קיין קריש ברויט נישט געבן. אַ שטיקל קויל זאָל כאָטשביק ברענען אין קיך... — און חזרנדיק אַזוי, נעמט זי זיך צו קראַצן סיי דאָס לייב, סיי דעם קאָפּ, רייבנדיק אַזוי הין און צוריק די שלאָפּקופּקע איבער אים, ווי מ׳רייבט כריין.

פּאַנטלען ווערט הייס פון ליגן צוגעדעקט ביז איבער דער נאָז, הייבט ער אונטער אַ קליין שטיקעלע דעק, און די קאַלטע לופט טריקנט אים איבער דער הויט. אויפן גאַנצן קרעפּטיקן קערפּער זיינעם גייט עפּעס אַ מחיהדיק ווינטעלע אַרום. נאָר באַלד גיט ער אַ קוק אויף דער געפרוירענער שטוב, כאַפּט צוריק אַרונטער די אויסגעקילטע האַנט, דעקט זיך גוט איין און דערפילט די מחיהדיקע וואַרעמקייט.

באַלד שוויצט שוין באַ אים איין האַנט, דערנאָך די צווייטע, דערנאָך דער גאַנצער קערפּער. די עקן פון די קורצע, האַרטע און שוואַרצלעכע הערעלעך אויפן קאָפּ און אויפן פּנים גלאַנצן, ווי די טוי וואָלט אויף זיי געלעגן. ער הויבט אָן באַוועגן מיט די קורצע קרעפּטיקע פיס, גיט זיי אַ קורטשע איין און אַ ציִ אויס, פּונקט ווי ער וואָלט געוואָלט זיך אַ לאָז געבן ווי אַ פערדל אויף דער לאָנקע, און נאָכאַמאָל זיי אַ קורטשע איין און נאָכאַמאָל אַ ציִ אויס.

— לייג זיך אין דר׳ערד אַריין, פּאַנטל גנב! שרייט צו אים דאָס ווייב, — צעפּליק ס׳שטיקל איינשיט, וואָס האַלט זיך נאָך קוים...

אָבער „פּאַנטל גנב״ הערט איצט גאָרנישט. ער קאָפּעט כסדר אין בעטגעוואַנט, ער פילט זיך ווי אַ פיש אין וואַסער, און אפשר איז ער פאַרטון אין עפּעס אַ רעיון אויך... אפשר וועגן פּרנסה...

— וואָלסט געברויכט צו האָבן אַ נייעם שפּאַנצער, — רופט ער זיך פּלוצלונג אָן, און זיין קול איז אויך ווייך, אויף וויפל פּאַנטלס קול קאָן נאָר, — דער איז שוין אינגאַנצן צעריסן...

און אַז זי רעדט גאָרנישט, ווערט ער אויך אַנטשוויגן און לאָזט זיך אַריין אין די רעיונות וועגן אַ סך גוטע זאַכן: וועגן אַ בעסער לעבן און וועגן אַ גרויסער ברייטער פּרנסה.

אויך זי דערמאָנט זיך טאַקע, אַז ס'איז שוין די העכסטע צייט, וואָס מען דאַרף זיך נעמען פאַר עפּעס, נישט אַזוי צו זיצן... די קאַליע *) גיט דאָך היינט גאָרנישט... וואַסער אויף קאַשע... און דאָ איז שוין אַלצדינג צעפּליקט, צע־ריסן... מ'דאַרף האָבן וועש, שוכוואַרג, קוילן און האָלץ... און מ' דאַרף און מ' דאַרף...

און ביי פּאַנטלען ווערט פּאַרטיק אַ גאַנצער פּלאַן... „נישקשה, גאָט וועט העלפן"... און ער שפּרינגט אַרויס פון בעט און עס אַרט אים נישט אויף אַ האָר צומאָל די קעלט.

ער וויקלט אַרום די פיס מיט לאַנגע אָניצעס, ווי די האַנטיכער, ציט אַרויף די שטיוול און מיטן טאָג צוגלייך איז ער שוין אין שטאַל, ווו ער פּאַיעט די פערד.

2.

אינדערפרי קומט אַריין קאָפּל. אין שטוב איז קאַלט. די שויבן פון די פענצטער זײַנען אינגאַנצן פאַרצויגן מיט בליעכץ, און גליקע, קוקנדיג אויף זיי, טראַכט: „אַ פינצטערער גאָרטן אַ ביסל"... אויף דער הילצערנער שלאָף־באַנק ליגן נאָך פּאַנטלס ביידע זין. נעבן דער קיך זײַנען אָנגעוואָרפן עטלעכע פייערקעס און אַן אייזערנער טאָפּ שטייט פול מיט וואַסער. קאָפּל קלאַפּט אַ שטיוול אָן אַ שטיוול, רייבט זיך די הענט און בלאָזט אין די פויסטן אַריין.

— גוט מאָרגן, — זאָגט ער, און זײַן קול אין דער קאַלטער שטוב איז ווי פון אַ פאַס אַרויס. — אַ האָ, איז דאָס אַ ביסל קאַלט. — ער גייט צו נענטער צום טישל, וואָס שטייט נעבן איין פענצטער און, אַפּערמאַכנדיק זיך די אויערן פון אונטער דעם גרויסן פלושענעם הוט, זעצט ער זיך צו אויף אַ בענקל.

— ניש' געפאָרן צו דער קאַליע? — קאָן זיך פּאַנטל נישט איינהאַלטן פון אויסרעדן אין מיטן דאַווענען.

פּאַנטל גייט אום איבער דער שטוב, איינגעהילט אין אַ געל ברודיקן טלית און דורך דער פּאַליעדיקייט שפּירט זיך ווי פּאַנטלס קליינער קרעמפּער קערפּער שפּראָצט מיט געזונטקייט.

— אַז ס'אי' נישטאָ מיט וועמען, — ענטפערט קאָפּל און הוסט זיך אויס, ווייזט אויס שוין אַ שנעפּסל געמאַכט. — ווער עט גאָר פאָרן אויף אַזאַ פראָסט?!

פּאַנטל איילט זיך שוין איצט אונטער מיטן דאַווענען. ער בוקט זיך, שפּייט אויס אינדערגיך אין ביידע זייטן, וואַרפט אַראָפּ דעם טלית און תפילין, מאַכט

*) די באַן.

זיך גלייך דעם אַרבל, פּאַרציט דעם שפּיציקן באַראַנקאָוון הוט ביז איבער די ברעמען אַריין און נעמט אָן קאַפּלען פּאַר אַ קלאַפּע פון זיין פוטערנער סערמענגע.

— ווייסט — זאָגט ער, און די נאַזלעכער ציען זיך אים אויס אין דער ברייט, די אויגן ווערן אַרומגעצויגן מיט אַן אַ שיעור פעלדעלעך, צווישן וועלכע זיי ווערן ווי פאַרזונקען פון צוזאַמענקוועטשן דאָס לאַכנדיקע פּנים, — הע, הע, כ׳האָב די נאַכט עפּעס איבערגעאַרבעט... קום, מ׳וועט אויפזוכן יענקעלען און מ׳וועט אַריינגיין צום געלן עליע.

אַרויסגעקומען אויף דער ווייסער וועלט, איז קאַפּל געווען רויט ווי אַ טשוויק.

— האָסט עפּעס דערשנאַפּט ?... — ווענדעט ער זיך שטיל צו זיין באַגלייטער, אָבער פון געדירטקייט, קען מען עס הערן אין צווייטן עק מאַרק.

— מ׳וועט זיין ביי עליען, וועט מען שוין רעדן, האַלט פאַנטל דערווייל נאָך סוד.

— זעסט, ס׳איז היינט אַ ווייסער פראָסט, — נעמט יענער מיטאַמאָל גאָר פון וועטער רעדן. — זאָל ער נאָר ניט מיינען, אַז ער, קאָפּל, איז אַזוי טשעקאָווע... און וויזט אים מיט דער האַנט אויף אַ פּאָר ביימער, פאַרבייגייענדיק פאַרביי אַ הויז, ווו זיי שטייען און פאַרבלענדן אַזש די גאַס מיט זייער ווייסקייט. זאָגט פאַנטל נביאות, אַז ס׳וועט זיין דעם זומער אַ גרויסע „זאַראַזע" אויף אויבסט. און קאָפּל שאָקלט צו מיט זיין גרויסן קאָפּ, אָבער זיין מוח איז איצט פאַרנומען גאָר פון אַנדערע מחשבות: „אפשר האָט ער פון ערגעץ אַן אוצר דערטאַפּט... אפשר אַ פערדל ?... ווער ווייס ?..." און ער רייסט אויף די צוויי אויגן, לופּעט זיי אויס און וואַרפט אַ בליק פון דער זייט צום קליינעם יידל, וואָס גייט ביי זיין לינקער האַנט, שמייכלענדיק אונטער די וואָנסעס און בימבלענדיק מיט די ברייטע הויפנס, בשעתן שטעלן אַ טריט.

די גלעזלעך בראַנפן שטייען אויפן טיש און אַ פּאָר געייוירענע קיכלעך, וואָס קיינער קאָן זיי אַזוי גוט נישט מאַכן, ווי דער געלער עליע, ליגן אויף אַ גע־בלימטן טעלער. זיי נעמען די גלעזלעך אין די רעכטע הענט, און מיט די לינקע האַלטן זיי אונטער הינטערווילעכטס די קעפּ, אַ טראַג צו די גלעזלעך צו די ליפּן, אַן עפן די מיילער, אַ פאַרוואַרף די קעפּ און די גלעזלעך שטייען שוין צוריק ליידיק אויפן טיש. איצט פאַרבייסט מען מיט די קיכלעך און מ׳זעצט זיך אויף די שטולן.

„אַקיצע אַדוואווע [1], די זאַך איז אַזוי", פּאַרט פאַנטל אַרויס מיט זיין פּלאַן און קאָפּל מיט יענקלען עפענען די מיילער און די הענט לאָזן זיך אַראָפּ אויף די קני. — „וואָס ׳עבן מיר דערלעבן פון פאָרן צו דער קאָליע ? קוקסט אויס דעם פאַרשוין און איידער מ׳דערזעט׳ן, קריכט די גרינע גאַל אַרויס. גיי ביינאַכט אַרום און קלאַפּ

1) הקיצור הדבר.

אין די לאַדנס, וועק זיי, און זיי ענטפערן דיר ערשט אין אַ גוטער שעה אַרום: „ווער אי׳ דעס?״ הערסטו, ס׳זאָל אַ רוח אין זייערע מאַמעס לייבער אַריין!... אויף „טישענצע״ כפּרות דאַרף מען זיי... מ׳האָט דריי וועגן מיט פלאַנדעקעס? יאָ? ט׳מאַכט מען אַ שותפות, און מ׳הויבט אָן צו פאָרן גלייך קיי׳ וואַרשע, אויף „יאַזדעס״, איז זאָל מען אַלע דריי אַזוי לעבן, ווי מ׳שטא מאַרדאַ[2], אַז מ׳וועט נאָר פירן, עט זיין אַ ריוח. איין חודש ס׳זאָל גיין, שטעלט מע׳ זיך אויף די פיס! הע?! און פאַנטל ווערט אַנטשוויגן און ער קוקט אויף די צוויי „פשיאַטשעלעס״[3], זען וואָס פאַר אַן איינדרוק זיין רעדן האָט אויף זיי געמאַכט. און צומיינסט קוקט ער אויף קאַפּלען, וועלכער שפּרינגט אויף פון זיין שטול, אַזוי ווי פאַנטל איז נאָר שטיל געבליבן, און ער לאָזט אים אַראָפּ אַ האַנט אויף זיין אַקסל, אַזש די פּאַדלאָגע טוט אַ ציטער.

— אַ כאָלערע אין דיין קאָפּ אַריין! — דונערט ער אויס — אויף מיינע „מונעס״[4] ביסט געראָכטט.

— ס׳אי גאַנץ גלייך, רעדט אויך אַרויס יענקל, וואָס איז בטבע אַ קנאַפּער רעדער, כאַטש צו אַ קלאַפּ געבן איז ער נישט פון די לעצטע.

— און די קאַליע דאַרף מען אויך ניט אָפּלאָזן, — קומט פאַנטל אַריין אין באַגייסטערונג, אי פון זיין אייגענעם פּלאַן, אי פון קאַפּלס אַנערקענונג... דער עיקר פון צווייטן, ווייל ער רעכנט טאַקע אויף אים... „מ׳עט דאַרפן צוקויפן מעל און ברויט... און יענקל איז פּונקט אַזאַ עושר ווי ער״... — מ׳קאַן זיך איינטיילן, — רעדט ער ווייטער, — איינער ׳עט בלייבן דאָ און צוויי ׳עלן פאָרן. ווען די צוויי ׳עלן צוריקקומען, ׳עט מען זיך טוישן.

— ס׳אי גאַנץ גלייך, — חזרט איבער יענקל און וואַרפט אַריין אַ צווייט גלעזל, וואָס קאַפּל האָט דערווייל אָנגעגאָסן.

— לאָ׳ זיין מיט מזל און מיט ברכה, — ווינטשט צו קאַפּל און לאָזט אין זיך אויך אַריין נאָך איינס.

און אַזוי טרינקט מען אַ צווייטס און אַ דריטס, און די וואַרעמקייט צעגייט זיך פון די קישקעס איבער דעם גאַנצן לייב. די בעלי־עגלות רוקן זיך איצט צו נעענטער אַזוי אַז אַלע דריי פלושענע היטן רירן זיך אָן און די אָטעמס זייערע מישן זיך אויס צוזאַמען. זיי רעדן נאָך אַרום די זאַך און, ווען מ׳שטעלט זיך אויף צום אַוועקגיין, נעמט מען נאָך צו גלעזלעך און מ׳ווינטשט זיך צו צום צווייטן מאָל, אַז ס׳זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה.

## 3

שפּעטער אַ ביסל געפינען זיך שוין ביי פאַנטלען אין שטוב אַ פּאָר זעקלעך מעל און אַ קופּע ראַזאָווע ברויטן ליגט אויף דער שלאָף־באַנק. גליקע לויפט אַרום

2) ווי מיר שטייען דאָ. 3) פריינט, גוטע ברידער. 4) נאמנות.

אין דער ברודיקער שלאָף־קופּקע מיט די שפּיצעלעך. זי פֿאַרנייט און מאַכט צורעכט טאָרבעלעך און זי רעדט מיט דער קאָפּעלעכע און מיט דער יענקעלעכע און מ׳רעכנט איבער, וויפל עס וועט זיין ריוח.

דער קליינער אורקע שפּרינגט נאָך דער מאַמען, כאַפּט איטלעכס מאָל אַ שוואַרץ שטיק ברויט, צעפּליקט עס מיט די ציין און די באַקן אַרבעטן ביי אים גאַנץ רירעוודיק. ער קוקט זיך צו צו דעם, וואָס דאָ טוט זיך און ער קוועלט גאָר אָן. ס׳אי דאָך אַ לעבן! זעקלעך מעל און ברויטן. און מ׳לויפט, און מ׳האַוועט און מ׳שמאַיעט! ס׳גלוסט זיך אים היינט גאָרנישט צו גיין אויף דער גליטש... לויפט ער אַרום צוזאַמען מיט דער מוטער און ס׳דוכט זיך אים, אַז ער איז עפּעס גאָר שטאַרק פֿאַרנומען, אַז ר׳האָט אַפילו קיין מינוט קיין צייט נישט... ער מעלט זיך איין ווי גרויס ער איז און אויף דער אויבערשטער ליפּ גלאַנצן אים צו צוויי לעכטלעך...

דער עלטערער זון פֿאַנטלס, מענדל, איז אין שטאַל. ער מישט מיט די הענט אין אָבראָק און פירט זיי אַלעמאָל צו צו די פערדישע פּיסקעס. יעדע מינוט לויפט ער אַרויס, כאַפּט אַ בליק צו דער פור, אַ ברייטע, אַ לאַנגע, אַן איבערגעדעקטע מיט אַ פּלאַנדעקע, צי דאַרף מען שוין אַרויספירן די פערד צום שפּאַנען. און אַז ער דערזעט יושקען, די סטרוזשקעס שיקסע, אַרויסקומען אויפן הויף מיט אַ שיסל אין די נאַקעטע רויטע נאַסע הענט, און ווי זי בויגט זיך איין צום רינשטאָק די „מידלינעס״ אויסצוגיסן, גנבעט ער זיך אונטער און גיט איר אַ ציפּ אין דער נאַסער האַנט, וואָס ווערט מאָמענטאַל בלאַס, לויפט אָבער צוריק אויף און ווערט נאָך רויטער. בייזערט זי זיך אָן אויף אים און, אַרויסשטעקנדיק די צונג, דרייט זי זיך אויס מיט דער אַנדערער העלפט אין זיין זייט און בויגט זיך נאָך טיפער איין... מענדל ווידער באַליידיקט זיך גאָרנישט און לאָזט איר אַראָפּ דאָרט אָהין אַ פּאַטש און, איבערבויגנדיק איבער איר, טוט ער איר אַ זאָג גלייך אין אויער אַריין:

— איך פאָר היינט קיי׳ וואַרשע...

אַז עס ווערט פינצטערלעך, קריכן די בעלי־עגלות אַרויף אויף זייערע וועגנס, וואו אַלץ איז שוין פֿאַרפּאַקט און איבערגעדעקט מיט שטרוי, מ׳זאָל נישט דער־קענען. פוןביידע זייטן וואָגן, אויף די בוכטעס, זענען מיט אייזערנע קייטן אָנגע־שלאָסן שטייגן מיט עופות, וואָס שטעקן אַרויס די שנאָבל־קעפּ דורך די הילצערנע שטאַכעטלעך און זיי שרייען און פילדערן גלאַט אין דער וועלט אַריין.

די פערד זענען שוין געשפּאַנט, בלויז איין לייטש דערענדיקט נאָך מענדל צו פֿאַרלייגן אויף אַ שלייף אויף דעם אָרטשיק אַרויף, איצט נעמט ער די בייטש, גיט אַ שמיץ די פערד איבער די נאַקעטע פּלייצעס און — היידאַ, קיין וואַרשע!

פֿאַר דער טיר שטייט גליקע. זי קוקט לאַנג נאָך דער פור און טראַכט אין זיך: „האַלעוואי ס׳זאָל זיין מיטן רעכטן פוס״ נאָר אַז די פור איז שוין פֿאַרשוווּנדן אין

דער פינצטערניש, און ס'איז שוין נישט צו הערן דאָס סקריפּן פון די רעדער איבערן פּראָסטיקן שניי, רופט זי אורקען, וועלכער וואַרפט זיך מיט נאָך יינגלעך שניי אין קאָפּ אַריין, און זיי גייען אין שטוב אַריין זיך לייגן שלאָפן.

איצט גייען ערשט אָרעמע יידענעס, הענדלערינס, אויך אַוועק פון פאַר דער טיר, און זיי רעכענען איבער, וויפל ס'וועט זיין ריוח אויף יעדן שותף באַזונדער. נאָר אַז זיי קומען אַריין אין זייערע שטובן, שטעלן זיי זיך אַוועק פאַר זייערע מענער, האַלטנדיק אַ פינגער ביי די ליפּן, און זיי זאָגן:

— זעסט, די בעלי־עגלות זענען שוין געפאָרן מיטן „שמוגל".

4

אַ גאַנצע איבערקערעניש האָט די ערשטע „יאַזדע" *) אָנגעמאַכט אין שטעטל. אומעטום, אין בית־מדרש און אין אַלע שטובן, ווער ס'האָט נאָר געהאַט אַ מויל, דער האָט דערפון גערעדט. אין די רייכע שטובן האָט מען עס נאָר דערמאָנט גלאַט אַזוי זיך, „עלעהיי עפּעס אַ נייעס". אין די אָרעמע האָט מען זיך פאַראינטערעסירט גאָר שטאַרק. מ'איז דאָרט געווען טשעקאַווע צו וויסן, ווער ס'איז אַלץ מיטגעפאָרן, און וואָס פאַר אַ סחורה און וויפל מ'האָט מיטגענומען, צי גייט עס אַדורך בשלום און, אחרון אחרון חביב, וויפל ס'וועט זיי בלייבן פאַרדינסט.

די אַלע האָבן געוואַרט מיט גרויס אומגעדולד און זיי האָבן אויסגעקוקט די פורן, ווי משיחן. און אַז ס'איז געקומען צומאָרגנס בייטאָג, האָבן זיך אַ פּאָר נישט געפוילט און געלאָזט צום שאָסיי אַקעגן גיין.

זעט מען, ס'גייען יידן, קלעפּט זיך צו איבערן וועג איינער, אַ צווייטער, אַ דריטער, ווי צו אַ לוויה אַ שטייגער. גייען יידענעס פאַרנט אין די לאַנגע פאַטשיילעס, און יידן און יינגלעך איינגעהויקערט פון קעלט, די קעפּ איינגעקורטשעט אין די אויפגעשטעלטע קעלנער אַריין.

ס'האָבן אויך נישט אויסגעפעלט קיין ווייסע חברהניקעס, וועלכע האָבן זיך אויפן וועג געלאָזט וואוילגיין מיט קוילן שניי, אי צווישן זיך, אי טאַקע אויך מכבד געווען וועמען פון די יידן אָדער יידענעס, וועלכע האָבן זיי פאַרשאַלטן דאָס געביין מיט די יאָרן זייערע... נאָר חנה גימפּלס גייט מיט איין טריט פאָרויס פון די אַלע יידן און יידענעס, און שנייצט זיך כסדר די נאָז און שרייט אויף איר אויבערקולכל:

— אָבער ווער ס'איז שיין, איך בין קלוג! כ'האָב נישט, נאָך אייערנעכטן געזאָגט דען, אַז די בעלי־עגלות מיינען עפּעס צו טאָן? אַניש', וואָס האָבן זיי געדאַרפט ביי יענקל מעלער?

גייט אויך אויף דער סטעזשקע, האַרט נעבן ראָוו, דער זיבעציקיעריקער שיעה'קעלע, סאָפּעט ער, ווי אַ גאַנדז און פרעגט איבער:

*) נסיעה.

— ביי יענקל מעלער ? . . .

— יאָ, — ענטפערט חנה גימפּלס, — אַ גאַנצן זאַק מעל האָבן זיי אַהיימגעפירט, דערנאָך זענען זיי אַריין צו איטשע בעקער . . .

— צו איטשע בעקער ? — פרעגט ווידער דער אַלטער שיעהקע.

— יאָ, ביי איטשען האָבן זיי גענומען דריי פּוד ברויט — זאָגט זי און שנייצט זיך די נאָז.

נעמט אורקע, וואָס לויפט צווישן די איבעריקע ווייסע חברהניקעס, אַ שטיקל שניי, גייט געלאַסן צו צו חנהן און טוט עס איר אַ וואָרף גלייך אין דער נאָז אַריין. הויבט זי אָן צו שעלטן, אַנטלויפט ער און זאָגט :

— חנה גימפּלס האָט די ברכה אין דער נאָז ! . . . חנה גימפּלס האָט די ברכה אין דער נאָז ! . . .

ווערט אַ געלעכטער צווישן די לאָבוסעס און זיי נעמען זיך יאָגן איינער נאָך דעם אַנדערן. גליטש זיך איינער אויס, שטעלט ער זיך באַלד אויף און לויפט ווייטער. באָרן זיי זיך, ווערט זיי וואַרעמער, אַזוי אַז דער צוועלף־גראַדיקער פראָסט פאַרלירט אַ סך אין זייערע אויגן. לויפן זיי אַרום מיט די רויטע פּענימער, אויערן און נעז, ווי די בארקלעך *) און ווישן זיך כסדר איבער די אויבערשטע ליפּן מיט די אַרבל פון די פּאַלטנדלעך.

אויך דער אַלטער שיעהקע שפּירט כמעט נישט דעם פראָסט, וועלכער זוכט ביי אים אויס יעדעס שפּעלטעלע אַריינצובלאָזן, אפילו אויך אין די שטעקלאַטשן, וועלכע עפענען ביי יעדן טריט מיילער, פּונקט ווי די וואַלפישן, אין די צעריסענע וואַטענע הויזן, און דער עיקר, שפּילט ער אים אויף דער לאַנגער ציבעק־נאָז.

— אָ וואָ, אָ וואָ, — מאַכט ער מיט די ליפּן, און דער געדאַנק פאַרטראָגט אים צווישן מעלן און צווישן ברויט מיט קאָפּער און טשאַרנעכע, אַז ס׳שמעקט אַזש, און נאָך אַ סך גוטע זאַכן. ער דרייט זיך אַרום דער באַלעבאָס. — עד, עד, וואָס מע׳ האָט אַלץ דערלעבט, טראַכט ער זיך, אַמאָל איז געווען אַנדערש.

און ביים דערמאָנען זיך פון דעם אַמאָל, ווייזט זיך נאָך אַ בליצל אין זיינע אויסגעבלאַקירטע זיבעציק־יעריקע אויגן.

— אַמאָל, אַמאָל איז אַלץ געווען פּאַדאָסטאַטקאָם . . . **)

די שנור זיינע מיטן פּיצל קינד קומט אים פאַר די אויגן, און ער זעט די דאַרע בריסטן אירע, וואָס דאָס קינד ציט און ציט, נאָר ציט גאָרנישט אַריין אין זיך און פון איר ציט עס אַרויס דאָס חיות. אָבער באַלד פאַרשווינדט עס צוליב די גרויסע ראַזאָווע קיילעכדיקע ברויטן, וועלכע קומען צו אים צופליען פון אַלע זייטן.

— וואָס, ניכיי זאָל איך שוין גאָרנישט קענען אויפטאָן ? הע, הע, הע, נישקשה,

---

*) בוראַקלעך. **) געגוג ; בשפע.

דער אלטער גאָט לעבט נאָך, און דער אלטער שיעהקעלע איז נאָך אויך נישט עובר בטל... מ׳עט אויך קאָנען קויפן אַביסל סחורה און פירן קיי׳ וואַרשע... עט זעך אָפּשטעלן אַ קערבל, אַ האַלב קערבל — איז אויך געלט! אַלץ בעסער ווי גאָרנישט...

**

אין דער היים איז נאָר איין זלפה געבליבן. איין גאָט ווייס, אַז ווען חנה גימפּלס איז איר אַריינגעקומען זאָגן, אַז זי גייט אַנטקעגן די פורן, האָט עס זי געהויבן, ס׳האָט זי פשוט געריסן פון בעט אַרויס, אָבער דער אין הימל איז אויך אַ יודע, אַז זי האָט זיך נישט געקאָנט אונטערהויבן צומאָל... זיצט אַצינד נעבן איר איר איינציקער זון, דודל, קוקט אויף דער מאַמען, און אין די שוואַרצע אויגן קומען אים אָן טרערן, שטילערהייט, אין זיך, זאָגט ער אַ תפילה צום אויבערשטן און ער פרעגט ביי גאָט, מיט וואָס האָבן זיי זיך דאָס פאַרזינדיקט מער פון אַלע אַנדערע, וואָס ער שטראָפט זיי אַזוי האַרב...

זלפה שלאָפט נישט, זי האַלט צוגעמאַכט די אויגן און זי זעט, ווי איר איינציק קינד וויינט. אַ מאַמע, ווינד און ווייִ, זעט אַפילו מיט פאַרמאַכטע אויגן... און זלפה ווייס, אַז די טרערן, וואָס איר קינד פאַרגיסט, זענען צוליב איר... און זי ווייס אויך, אַז דאָס וואָס זיינע ליפּן שאָקלען זיך, דאָס בעט ער צו גאָט פאַר איר, פאַר זיין אָרעמער מאַמעס געזונט... גייט איר דערפון אַזאַ ליכטיקייט אַדורך איבער די שוואַכע קראַנקע אברים אירע, און ס׳דאַכט זיך איר, אַז זי איז געזונט. באַלד אָבער שפּירט זי אַ שטעכונג אין דער לינקער זייט, אין די פּלייצעס, און אויך די פיס שטעכן... „רבונו של עולם! רבונו של עולם!" — הייבט זי אָן שטיל צו בעטן, נאָר צום קינד זאָגט זי:

— וואָס וויינסטו, נאַרעלע? נישקשה, ס׳איז מיר טאַקע אַ סך בעסער ווי נעכטן... כ׳מיין, אַז אַרום מיטוואָך, דאָנערשטיק, מ׳זאָל דערלעבן מיט געזונט, על׳ך שוין קענען אויפשטיין פון בעט.

זי זאָגט דאָס און אויף איר, פאַר דער צייט געעלטערט פּנים, לייגט זיך אַ מוטערלעכע גוטסקייט אויס. קוקט זי אים אָן און דערזעט זיין בלייך פּנימל: קאַ׳ בלוטסטראָפּ אי׳ דעך נישטאָ אין זיין פּנים; אַ קלאָג און אַ בראָך איז צו דער מאַמען! נאָך קאַ׳ אָנבייסן נישט געגעסן...

— נעם דיר, נעם דיר, דודשי, אַ שטיקל ברויט און עס!

שאָקלט ער מיטן קאָפּ, אַז ער וועט נעמען, גלויבט זי׳ נישט, הייסט זיך דערלאַנגען ס׳ברויט פון טיש. גיט ער איר ס׳רעפטל, דערקענט זי, אַז ס׳איז גאָרנישט גערירט דערפון.

— האָסט׳עך גאָרנישט געגעסן! האַ? מעג מען אָפּנאַרן אַ מאַמע, מעג מען?...

— ניין, מ׳טאָר נישט — ענטפערט דוד ערנסט — אָבער דו, מאַמע, ביסטעך שוואַך... מיך הונגערט נישט...

—שוין זאָלסטו עסן, דו פּושע, עוכר!... דו הערסט! — און זי וויל זיך אויפזעצן און אָפּברעכן אַ שטיקל ברויט, אָבער זי קען נישט אַפילו דעם קאָפּ אונטערהויבן... און פון אָנשטרענגונג ווערט איר פּינצטער אין די אויגן, שטאַרקט זי זיך, אַבי נאָר נישט צו חלשן.

ווען ס׳ווערט איר אַ ביסל לייכטער, זיפצט זי אָפּ און דערכאַפּט דעם קינדס בליק, וועלכער קוקט ווי אַן אַלטער... — „אוי, אוי, אַ בראָך איז צו דער מאַמען״... וויל זי אים איינרעדן עפּעס אַ גוטע זאַך, אַז ס׳זאָל אים הייטערער מאַכן, זאָגט זי:

— הערסט, דודל, חנה גימפּלס איז דאָ פריער געווען, האָט זי געזאָגט, אַז די בעלי־עגלות זענען שוין געפאָרן מיט שמוגל. נו, טראַכט איך, מיט גאָט זיינער הילף, כ׳על נאָר אַראָפּ פון בעט, באַלד נאָך שבת מיערצעשעם, וועל׳עך אויך אָנהויבן צו פאָרן. באַ יענקלען ׳על׳עך קענען כאַפּן אַ האַלבן פוד מעל אויף באָרג. נו, ׳עט מען אָנהויבן, מיטן אויבערשטנס רצון, צו פאַרדינען, און ס׳עט ווערן גאָר אַנדערש.

הערט אויס דער זון, וואָס די מאַמע רעדט צו אים און ער ווייסט דאָך, אַז זי איז גוט קראַנק; און הלוואי אויף איבער אַכטאָג שבת, אין צוויי וואָכן אַרום, זי זאָל קענען אויפשטיין פון בעט... האָרכט ער זיך צו און קוקט דערביי אַזוי אומעטיק... נאָר מיטאַמאָל פאַלט אים איין גאָר עפּעס אַ פיינער געדאַנק און ער טוט אַ זאָג דער מוטער מיט שמחה:

— מאַמע, ווייסט, וואָס ס׳איז מיר איינגעפאַלן?

און אַז זי מאַכט אַ פרעגנדיקע מינע, הויבט ער אָן נאָכאַמאָל:

— איך ׳על פאָרן קיין וואַרשע מיט שמוגל!...

און אַז זי ווערט איבערראַשט, רעדט ער שנעל און מיט היץ ווייטער:

— וואָס אי׳? כ׳על נישט קאָנען? אויך מיר אַ גרויסע זאַך: נעמען אַ ביסל סחורה, אויפזעצן זיך אויף דער פור, איבערן גאַנצן וועג האַלטן אין האַנט ס׳קיישל, אין וואַרשע פאַרקויפן און צוריקקומען מיט געלט... הערסט, מאַמע, בענעמאָנעס, כ׳זאָל אַזוי לעבן, ווי ס׳עט אַזוי זיין. כ׳על גוט אַכטונג טון און כ׳על פאַרדינען...

אַזוי רעדט דודל צו דער מוטער און די אייגעלעך בלישטשען ביי אים, ווי די שטערנדלעך. ער שטעלט זיך שוין פאָר ווי ער קומט צופאָרן אַ דורכגעפראָרענער, אַ הונגעריקער; קומט אַריין אין אַ וואַרעמער שטוב; די מאַמע שטעלט פאַר אים אַ טעלער הייס געקעכטס און ער לייגט אַרויס דאָס געלט אויפן טיש, און מ׳ציילט דעם ריווח אַזוי לאַנג... ביז ס׳עסן ווערט קאַלט... און ער שפּרינגט אויף פון

בעט, וואו ער איז געהאַט געזעסן, כאַפּט דאָס רעפטל ברויט, שניידט אָפּ אַ שטיקל און דערלאַנגט דער מאַמען:

— נאַ, זאָגט ער, עס אַ שטיקל ברויט, מאַמע...

קוקט די מוטער אויף דעם זון. קוקט מיט די קראַנקע מוטער־אויגן און אויפן האַרצן ווערט איר מיטאַמאָל אי פריילעכדיק, אי טרויעריק...

נעמט זי צו שטומערהייט פון אים דאָס שטיקל ברויט, באַנעצט עס מיט שפּייעכץ, בייסט אָפּ מיט די נאַקעטע דזשאַנסלעס צו קרישקעלעכווייז און שלינגט זיי שווערלעך אַראָפּ.

די זון איז גראַד צוגעקומען צום פענצטער, האָט זי געשפּילט מיט די שטראַלן אירע איבער די צווייגלדיקע פראָסט־בלומען פון די שויבן. האָבן זיי אָנגעהויבן צו גלאַנצן און ביסלעכווייז צו טריפן, און די טרערן זענען גערונען פון זיי אויף די לייסטן פון די פענצטער.

**5**

דער שוואַרצער בערל האָט זייער אַ שוואַך האַרץ. אַ ליאַדע וואָס, לא עליכם, לייגט מען אים צו שטאַרצן און טיילמאָל העלפט דאָס אויך נישט. דעמאָלט מוז מען אים אַרומלייגן מיט הייסע גאַרטשיצעס... דעריבער האָט ער געזאָגט צום ווייב:

— ייטע, איך 'על נאָך פאָרן מיט דער קאַליע, ס'עט טאַקע אָנקומען אַ ביסל שווערלעכער: דאָס פאָרן ביז צום וואָקזאַל, דאָס נעמען אַ בילעט, און טאַקע פריער נאָך פאַר דעם אַלעמען אַרויסנעמען אַ שיין, אַ רייזעשיין. מ'מוז גיין צום „קאָמע־דאַנט" אויסדערציילן וואו איך פאָר, נאָך וואָס איך פאָר און אויף ווי לאַנג איך פאָר. און טאָמער פאַרלירסטו די שיין אין דער פרעמד, ביסטו דאָך איינגעשטעלט מיטן לעבן. נאָר דערפאַר ביסטו אין אַ צוויי דריי שעה אין וואַרשע, און דו זיצסט דאָך עפּעס אויף אַ באַנק, אַ מענטש! הכלל, איך פאָר מיט דער קאַליע.

אַזוי טייטשט איר אויס בערל, וואָס נישט קוקנדיק אויפן שוואַכן האַרץ, רעדט ער אַלץ אין איין אָטעם, אַזוי אַז מען קען די ווערטער קוים מיטן אויער דערכאַפּן. ייטע אָבער פאַרשטייט זיי שוין. אוודאי, איז געווען אַנדערש אַמאָל, באַלד נאָך דער חתונה. דעמאָלט פלעגט זי אים נישט פאַרשטיין איין וואָרט און ס'פלעגן זיך טאָן „ריסעס"...*) היינט, אַז זי קוקט אים נאָר אָן בלויז מיט די צוויי אויגן זיינע, פאַרשטייט זי שוין, וואָס ער מיינט. און די אויגן לויפן טאַקע ביי אים הין און צוריק און זיי ווייזן אויס ווי פרעמד, ווי נישט אָנגעקניפּט מיט זיין מענטש, נאָר על־פּי טעות פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן צו אים.

— אוודאי איז גלייכער מיט דער קאַליע, — זאָגט ייטע, — 'עסט דאָך ניט

---

*) הריסות.

צעבערעכן אַזוי די ביינער, נישט שלעפֿן זיך אַ גאַנצע נאַכט, ווי מיט דער פֿור, אויסצומאַטערן זעך.

און ביים שוואַרצן בערל, ווי קראַנק ער איז, איז נעשה ונשמע — געערדט און געטאָן. פּונקט ווי ביים רעדן, אַזוי אויך ביים טאָן — אַלץ נאָר אין דער געשווינד. „וואָרעם, וואָס פֿריער ד׳עסט האָבן אָפּגעטאָן, אַלץ גענער עסטו ווידער עפּעס טון״... דאָס איז זיין ווערטל. און טאַקע, ווען דער שרייבער אין די ברילן האָט אים אויסגעשריבן די שיק „געשעפּטלעך״, און דער קאָמענדאַנט האָט אונטערגעחתמעט, איז ער באַלד געלאָפֿן, געקויפֿט אַ ביסל סחורה, איינגעפּאַקט אין אַ קיישל, וואָס מע האַלט דערין וועש, פֿאַרשלאָסן אויף צוויי שלעסער, אַרומ־געבונדן נאָך מיט פֿעסטן שפּאַגאַט צו עטלעכע מאָל, און דער שוואַרצער בערל גייט שוין אָנגעטאָן דעם ברוינעם באַראַנקאָווע פּאַלטאָ; ייטע, ווידער, בינדט אים נאָך אַרום דעם האַלדז מיטן וואָלענעם שאַל, און ער זיצט שוין אויף דער בריטשקע ווי אַ פֿריץ.

אינמיטן וועג, דורך דעם וואַלד, נעמט אים שוין אָבער אָפּלאָזן דער מוט זיינער, מיט וועלכן ער האָט זיך אָנגעגורט פֿאַרן אַרויספֿאָרן. „כ׳וויס, ע, בע, ביי זיי... ביי די דייטשן...״

— בים, בים, בים, — סטאַרעט ער זיך אויסצובימבלען עפּעס אַ ניגון און ער טוט אַ פֿרעג ביים בעל־עגלה מיט אַ קאַלט קול, ווי אַ רוצח:

— זאָג נאָר, יענקל, הם... הם...

— וואָס? — דרייט דער פֿורמאַן אויס דעם קאָפּ.

— ה... ניין. כ׳מיין, ס׳קיישל שטייט פֿעסט?...

— יאָ, — ענטפֿערט יענקל און טוט אַ שמיץ דאָס פֿערד.

— בים, בים, בים... — בימקעט ווייטער דער שוואַרצער בערל. נאָר מיט־אַמאָל רופֿט ער אויס מיט גאָר עפּעס אַ פֿרעמד קול, וואָס האָט אויסגעוויזן ווי ערגעץ פֿון דער זייט, פֿון פֿעלד אַראָפּ אַהערצוקומען, אַז דער פֿורמאַן האָט געגעבן אַ האַלט אין די בריטשקע:

— יענקל, ס׳שטייט עמעצער ביים וואָקזאַל...

— צוויי שטייען, — ענטפֿערט יענער, — וואו מ׳גייט דורך מיט די בילעטן.

— צוויי?... — און ער שפּירט, ווי עפּעס רייסט זיך שוין אָפּ אין האַרץ...

— אָבער זיי טשעפּען נישט, — טרייסט אים יענער, זעענדיק ווי ער נעמט זיך אַזוי צום האַרצן איבער די צוויי...

בערל באַרואיקט זיך טאַקע באַלד. אָבער דער מוט זיינער איז שוין אויס... ס׳איז שוין גאָרנישט דער זעלביקער בערל, אַן אַנדערער... יענעם האָט ער געלאָזט אינדערהיים...

דורכן פֿעראָן איז ער געגאַנגען אין איין ציטערניש, וואַרפֿנדיק מיט די „פֿרעמדע״ אויגן זיינע אין אַלע זייטן, ווי איינער, וואָס האָט די נאַכט באַגנבעט

אַ קלויסטער און פירט זי, די גנבה, דאָ מיט זיך... אינעווייניק, אין וואַגאָן ערשט, האָט ער זיך אָפּגעווישט דעם שווייס פון פּנים.

בערל האָט אַרויפגעשטעלט זיין קיישל אויף דער פּאָליצע. ער האָט אַפילו געזוכט דאָס צו פאַררוקן אין אַ שפּאַרע ערגעץ... אָבער בלויז גלאַטיקע ווענט... און די בענק זענען ביי זיי געמאַכט אַנדערש ווי ביי די רוסן...

שטייענדיק אויף דער באַנק און מייסטערנדיק מיטן קיישל, — אפשר איז גוט אַזוי און אפשר איז נאָך בעסער אַזוי, — האָט ער געזען ליגן פיל אַזעלכע קיישלעך און וואַליזקעס און גלאַט אַזוי פּעקלעך... און ווען ער איז אַראָפּגעקראָכן און זיך אַנידערגעזעצט, האָט ער געזען אויף דער אייגענער באַנק, וואו ער איז געזעסן, און אויף דער קעגנאיבערדיקער באַנק אַ סך יידן, אויך אַזוי ווי ער אַרומגעבונדן די העלדזער מיט וואַרעמע פּאַטשיילעס, און די יידן קוקן אויך אַזוי ווי ער, אין די זייטן, ווי גנבים... אָבער ווען ער האָט שוין אינגאַנצן געהאַט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, האָט ער ערשט דערזען אַ געל יידל, אַ נידעריקס מיט אַ האָרב אויף די פּלייצעס און מיט אַ הויכן, זייער אַ הויכן אָפּשטייענדיקן שטערן. דאָס יידל איז זיך געגאַנגען הין און צוריק איבערן וואַגאָן און געזאָגט תהילים מיט אַזאַ וויינענדיק קול, אַז ס׳האָט געקאָנט אָננעמען ביים האַרץ. בערל האָט טאַקע דערשפּירט דאָס דאָזיקע האַרץ און האָט זיך אָן אָטעם פאַרהוסט.

— וואָס אי׳דען אייך? — איז צו אים צוגעלאָפן דאָס געלע יידל.

— גאָרניש, גאָרניש, דאָס האַרץ... — ענטפערט בערל.

נאָר אַז יענער הויבט אָן ווידער צו ציען דעם אומעטיקן תהילים־ניגון, ווערט בערלען אַזוי ענג, אַז ער מיינט, נאָך אַ רגע, און ס׳גייט אים שוין דאָס חיות אויס... טוט ער זיך אַ שטעל אויף און מיטן אייגענעם קול, ווי פריער צום פורמאַן, טוט ער אַ רוף אויס:

— זאָגט מיר, כ׳בעט אייך, וואָס פירט איר דאָס?

— נאַפט, — ענטפערט יענער און ס׳קול ציטערט אים ווי ביי אַ גזלן.

— און מעל? — באַרואיקט זיך ווידער אַמאָל בערל.

— מעל — נישט, ס׳איז אַ קליין פאַרדינסט, נאַפט גייט מער. אָבער מ׳האָט מיך זונטיק אָפּגעשאַכטן: אַ האַלבן פוד נאַפט צוגענומען...

און ס׳געלע יידל צעוויינט זיך שיעור נישט.

— ווער נעמט עס צו, פעטער? כ׳מיין, ווער איז ביי זיי ממונה דערויף?

— ס׳אי נישט קאַ׳ חילוק, — כאַפּט זיך אָן אַ שמאָל יידל מיט אַ שיטער בערדל און מיט שפּיציקע אייגעלעך, ווי די שפּילקעלעך. — ווער סע וויל פון זיי, דער נעמט צו. אָט ביי מיר האָט מען פאַראַכטאָגן צוגענומען אַ פוד מעל...

— אַ פוד מעל? — ציטערט שוין ווידער אויף דער שוואַרצער בערל, און ס׳געלע יידל קוקט אַרויף צו אַ שוואַרצער וואַליזקע און ווערט פּלוצלונג דערשראָקן אויף טויט.

— געוואַלד, יידן, וואָס טוט מען, ס׳נעצט מיר אַדורך...

און ער שפּרינגט אַרויף אויף דער באַנק, און דאָס יידל מיטן שיטערן בערדל מיט די שפּיציקע אויגן כאַפּט זיך אויך אַרויף און זיי נעמען פאַרשטאָפּן די בלעכענע נאַפּט־באַנקעס, וועלכע לייטן זיך אויף נאָך יעדער „יאַזדע" — מיט שמאַטעס און מיט פּאַפּירן, מ׳פאַרוויקלט און מ׳פאַרבינדט — מ׳זאָל נישט דער־קענען.

דערווייל קומען צו אָדער רוקן זיך צו די איבעריקע יידן און, שטייענדיק אַזוי אין אַ קופּע, נעמען זיי דערציילן פאַרשיידענע אומגליקן, וואָס ס׳האָט זיי שוין געטראָפן בעתן „פירן". און יעדער האָט צו דערציילן עפּעס אַ מוראדיקע מעשה מיט צונעמען, מיט האַרצוויטיקן און מיט שרעקלעכע עגמת־נפשן...

פון די אַלע מעשיות ווערט ביים שוואַרצן בערל אין האַרץ וואָס אַ מינוט אַלץ ענגער. די אויגן זיינע שפּרינגען אים שוין אַרום ווי פּרעמדע, זיי ווערן רונדיק און שטייף, מיט אַ מאָדנעם גלאַנץ, ווי פון שטאָל.

ווען דער לעצטער האָט שוין זיין מעשה געענדיקט, זעצט זיך דאַן יעדער אַוועק שטיל, פאַר זיך, נעבן זיין פּעקל, און זאָגט עפּעס אַ תפילה, אַ געבעט, וואָס זאָל ברענגען זיין האַרץ, זיין וויסט מזל, זיין ביטערע פּרנסה, פאַר גאָט ברוך הוא, דעם האַר פון דער וועלט. און ער זאָל טאָן פאַרבלענדן די אויגן פון די אַלע מלאכי חבלה פון די קאַליעם און פון וואָקזאַלס, און די פּעל זאָל ביי זיי אין די אויגן קליין ווערן, ווי די פינטעלעך, ווי די שפּרינקעלעך...

דער שוואַרצער בערל זאָגט איין קאַפּיטל תהילים נאָכן אַנדערן. און וואו ער דערזעט אויף אַ סטאַציע אַ קופּע דייטשן, וואָס ס׳דאַכט זיך אים נאָר בלויז אויס, אַז זיי קוקן צו זיין פענצטערל, קריכט אים ס׳האַרץ ווי אַ וואָרעם אין גוף אַרום און ס׳ווערט׳ן שיעור ניש׳ פינצטער פאַר ד׳אויגן... אין אַזאַ מינוט רייסט ער איבער דאָס תהילים־זאָגן, און אַז ער האָט שוין די „פינצטערע" סטאַציע הינטער זיך, טוט ער אַ נדר, אם ירצה השם, ער וועט נאָר איבערקומען, מער נישט צו פאָרן מיט דער קאַליע...

**פנחס גראובארד**

# טרפה'נע סחורה

## פורים שפיל

1

(אין שטוב קומט אַריינצולויפן א ייד, אַ קאָנטראַבאַנדיסט מיט א זעקל אויף די פלייצעס).

ייד: יידן, בני־רחמנים, לאָזט מיר באַהאַלטן א פעקל טרפה'נע סחורה! איך בין א טאַטע פון קליינע קינדער, עטץ זאָלט נישט אויסזאָגן וואו איך בין.

(ער באַהאַלט זיך)

(עס קומט אריין א „סטאַרשי" מיט אַ סטראַזשניק)

סטארשי: כאַזיאַאין, גדיע זדיעס יעוורעיסקי קאָנטראַבאַנדיסט? ניעטו יעוואָ?

בעל־הבית: (אדער בעל־הבית'טע): ניעטו.

סטארשי: (צום סטראַזשניק): שוקאַט יעוואָ.

(זיי זוכן דעם ייד און געפינען אים נישט, גייען זיי אַוועק און קומען צוריק אַריין און פרעגן זיך ווידער דאָסזעלבע און דער בעל־הבית (אדער די בעל־הבית'טע) ענטפערן זיי, אז ער איז נישטא. דאס איבערחזרט זיך עטלעכע מאָל. צום סוף גיט דער ייד אַ הוסט און דער סטראַזשניק געפינט אים, שלעפט ער אים אַפער פון באַהעלטעניש און דער „סטאַרשי" טוט אַ פייף, קומען אריין נאָך סטראַזשניקעס. דאַן קומט אויך אַריין דער נאַטשאַלניק, מאַכט מען אים א ווארע און דער „סטאַרשי" גיט א געשריי):

— דאַיטיע דאָראָגו! גאָספאָדין נאַטשאַלניק ידיאָט!

סטארשי: (צום קאָנטראַבאַנדיסט): פאַשפאָרט מאַיעש?

ייד: וואָס ווילסטו אַ פאַסיקל? איך האָב נישט קיין פאַסיקל. וואָס פאַר א פאַסיקל? כ'וויים גאָרנישט. וואָס?

סטארשי: דאַוואַי פאַשפאָרט!

ייד: גייסט מיר געבן אַ פּאַטש? איך קען דיר געבן צוויי פּעטש
(און ער גיט אים אַ פּאַטש)
(דער סטראַזשניק נעמט דאָס זעקל מיט די סחורה און ער גיט
דאָס דעם „סטאַרשי״ צו באַקוקן)



די אויספירער פון „טרפה׳נע סחורה״

סטארשי: (צום ייד): שווידעסטווא נאַ טאָוואַר מאַיעש?

ייד: וואָס ווילסטו פון מיר, א פּאָר פּאַדעשוועלעך? איך האָב מיר אַ
צינד געלאָזט לייגן פּאַדעשוועס, ווילסטו זיי אַראָפּרייסן?

סטארשי: שווידעסטוואָ נאַ טאָוואַר.

ייד: וואָס ווילסטו פון מיר, ס׳איז אין דרויסן א רעגן, ווילסטו מיר
אַראָפּרייסן די פּאַדעשוועלעך. יידן, בני־רחמנים, דעם טלית
און תפילין נעמט ער מיר צו.

נאטשאלניק: ביעריטיע יעוואָ!
(די סטראַזשניקעס נעמען אים אָן)

ייד: (זינגט): כ׳בין אַמאָל געווען אַ בראַווער מאַן, א בראַווער מאַן,
בין איך געקומען מיט סחורה קיין דיזער לאַנד.

אלע: (צוזינג):

ייד: קיין דיזער לאַנד בין איך געקומען, בין איך געקומען,
די רעכטע פּאָליציע האָט מיר צוגענומען.

אלע: (צוזינג)

ייד: אַזוי ווי ס׳איז נישטאָ קיין נייעם צו דערציילן, קיין נייעס צו דערציילן,
איך זינג מיר אַליין פון צרות און פון ליידן.

אלע: (צוזינג)

ייד: איך האָב ארומגערייזט די גאַנצע וועלט,
כ׳האָב געקענט האָבן דאָס רעכטע גליק,
קיין פאַרגעניגן איז פאַר מיר קיין געלט,
צו דער תפיסה ציט מיך צוריק.

סטארשי: קאַק טעביע זאָוואוט?

ייד: שינדרע־מינדרע שאט.

סטארשי: קאַקאַי שינדרע־מינדרע שאט?

ייד: משה־מרדכי, יאנקעל־מלמד, משה זוך מיך.

סטארשי: אָטקודעווא?

ייד: וואַרשאַווסקא גמינא־כאַדאַקאָווסקא.

נאטשאלניק: פיסאָט יעמו פיאַט ליעט קאַטאָרזשנאַ ראבאָטא.
(דער שרייבער זיצט ביים טיש און שרייבט)

ייד: (זינגט) מיטן פריערדיקן מאָטיוו.
איך בין אָפגעפאַלן מיט צען פראָצענט,
כ׳האָב עס געטון גוט הערן,
אוי, דאָס פייער האט מיין האָרץ פאַרברענט,
איך טו עס לעשן מיט מיינע הייסע טרערן.
יידן, בני־רחמנים.
נעמטס מיך אַרויס פון זייערע הענט,
גיט שוין דאָ אַ קוק,
מ׳שרייבט שוין פינף יאָר אַרעסטאַנט,
אַרעסטאַנט בין איך שוין,
כ׳האָב אינדערהיים אַ ווייב און קינדער,
שענקטס, ליבע יידעלעך,
איין נדבה יעדערן באַזונדער!
(דער שרייבער שטעלט זיך אויף)

אלע: (זינגען): בלייבט שוין מיר געזונט אלע ביינאַנד,
מ׳גייט שוין פון אייך אַוועק, אַוועק, אַוועק;
גאָט זאָל אייך געבן
איר זאָלט פרייד און נחת דערלעבן
און אונדז דאָס ביסעלע געלט

בלייבט שוין מיר געזונט אַלע ביינאַנד,
מ׳גייט שוין פון אייך אַוועק, אַוועק, אַוועק;
גאָט זאָל אייך געבן
טוי און רעגן (אדער: געזונט און לעבן).
און אונדז דעם גליקלעכן וועג.
(סאָכאַטשעוו. וואַרש. וואָיעוו.)

2

ייד: אַ גוטער פורים, בעל־הבית לעבן,
היינט איבער אַ יאָר זאָלט עטץ נחת דערלעבן,
גאָט זאָל אייך מכל טוב געבן
און ישיעות ונחמות זאָל מען איבער א יאָר דערלעבן.
(עס קומט אריין דער רעוויזאָר און דער קאָנטראבאנדיסט באַהאַלט זיך אונטערן טיש).

רעוויזאר: טו ניע פרישאָל אדין טשעלאָוויעק צאָ מאָ זאַגראניטשני טאָוואַר?

בעל־הבית: ניעטו.

ייד: קוקורעקו,
דאָ בין איך דאָ.
(דער סטראַזשניק נעמט אים זוכן און געפינט אים אונטערן טיש).

רעוויזאר: פאַשפאָרט מאָטיע?

ייד: בעל־הבית לעבן,
איר זאָלט מיר נחת דערלעבן,
איר האָט אַ פאַסעק, כ׳האָב אַליין אַ שטריקל,
אפשר האט איר — באָרגט מיר, וועלעך אים געבן

רעוויזאר: פאַשפאָרט מאָטיע?

ייד: כ׳האָב אַ שטריקל, וויל ער נאָך אַ פאַסעק.

רעוויזאר: קאָק ווי נאזיוואָטיע?

ייד: קאָק מיט בלוט און מיט אייטער.

רעוויזאר: קאָק טוואיא פאַמיליאָ?

ייד: קאָק בעזפלאָט.

רעוויזאר: טשטאָ מאָטיע טו טאָוואָר?

ייד: כ׳האָב אַ פאָר שאָק אייער מיט שמאַטעס,
גראָטעס,
און לייג אַריין דיין קאָפּ מיט די פיס,

וועט זיין נאָך שווערער.

רעוויזאר: (צום סטראַזשניק) פיסאַט!

(דער סטראַזשניק זעצט זיך אוועק שרייבן).

סטראזשניק: (צום ייד) קאַק טוואָיאַ פאַמיליאַ?

ייד: קאַק מיט בלוט און לייג אַריין די הענט מיט די פיס.

רעוויזאר: (צום סטראַזשניק) וואַזמי יעווא!



די אויספירער פון „טרפהנע סחורה"

ייד: בעל־הבית לעבן, לייזט מיך אויס, מען גייט מיך איינזעצן.

(דער קאָנטראַבאַנדיסט נעמט פון בעל־הבית געלט און טראָגט עס צו דעם רעוויזאָר).

רעוויזאר: פאַשאָל! סטראַזשניק, וואַזמי יעווא!

ייד: בעל־הבית לעבן, גיט מיר נאָך געלט, מען גייט מיך איינזעצן.

רעוויזאר: (שטופט אים) אידי!

אלע: א גוטן פורים!

(לוויוויטש, וואַרש. וואַיעוו.)

צבי כהן (ניו־יאָרק)

# ביי דער בזורע

די שיינע בזורע־געגנט, דער ווינקל פון פאַרבן און טענער, איז איצט חרוב; אָבער פון אמאָליקן פירשטנטום לויוויטש ביז ווייט איבער דער לעגענדן־שטאָט סאָכאַטשעוו, דאָרט ווו די בזורע שטייגט פון טאָל־לאַנד איבער באַרג־משופּעדיקייט און שלענגלט זיך ווייטער, כדי זיך אריינצוגיסן אין ווייסל — זעט מען נאָך אַלץ די שפּורן פון די שווערע קאַמפן וועלכע האָבן זיך דאָ אפגעשפּילט, און וועלכע האָבן איבערגעלאָזט חורבות און וויסטענישן; דאָס פירשטנטום איז נאָר האַלב צעשטערט, אבער די לעבעדיקע שטאָט סאָכאַטשעוו איז שוין מער נישטאָ, פון דעם מקום־תורה איז א באַרג אַש געבליבן, אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד...

נאָר ביי דער בזורע איז געבליבן א הילצערן הייזל, וואָס איז אויך האלב־חרוב, אָבער אין זיינע ווענט שטעקט עפּעס א סוד, ווי זיי וואָלט דערציילט א שטילן, הייליקן סוד...

אין דעם הייזל האָט געלעבט, א יידישע פּ׳שער זמיליע, פּראָסטע מענטשן, נאָר גוטע, ערלעכע און גאַטספאָרכטיקע. נישט גרויס איז געווען די פאַמיליע, אין גאַנצן פיר פּערזאָן: פאָטער און מוטער און צוויי טעכטער, כלה־מיידלעך. די עלטערע האָט געהייסן חנה׳לע און די יונגערע רחל׳ע; און שיין זענען די מיידלעך געווען ווי רויזן. נאָר פאַרשידן איז זייער שיינהייט. חנה׳לע די עלטערע איז געווען ווי א רויז,וואָס האָט ערשט געעפנט איר בעכער, און אירע בלוט־רויטע רויז־בלעטלעך פאַנאַנדערגעשפּרייט... אַ שלאַנקע בלאָנדינקע, פון א יאָר צוויי און צוואָנציק, פעסט געבויט, מיט אַן איידל חן־פּנימל און מיט א שטענדיקן שמייכל אויף די דינע ליפּעלעך; רחל׳ע, דאַקעגן איז געווען ווי א רויז, וואָס האַלט נאָך פאַרמאַכט אירע קנאָספּן און די בלעטלעך זענען איינס אויף ס׳אַנדערע געוויקלט, גלייך זיי וואָלטן אינעווייניק אָפּגעהיטן עפּעס א סוד. אויך זי איז געווען שלאַנק און פעסט געבויט, מיט אַ צאַרט פּנימ׳ל פון אַ יאָר זיבעצן, און אַ קונדס, א שטיפערקע...

שטיל און רואיק האָט זיך די פאַמיליע געלעבט ביז דער מלחמה. דער פאָטער האָט יעדן פרייטיק פרי־מאָרגן געכאַפּט פיש אין דער בזורע — און זיי געטראָגן

אין שטאט צו פארקויפן יידן לכבוד שבת; אין די איבעריקע טעג פון דער וואָך האָט ער געהאַנדלט אויפן דאָרף און אַזוי אַרום דערנערט זיין פאַמיליע.

אזוי האָט די פאמיליע געלעבט שטיל, אידיליש.

נאָר מיטן אויסברוך פון דער מלחמה, האָט דער פאמיליע געטראָפן אַן אומגליק. איינמאל, פרייטיק פרי, ווען דער פאָטער איז געגאנגען מיטן קאָרב פיש אין שטאָט אַריין, האָט אים אַ קאָזאַקן־פאַטרול באגעגנט. דריי זענען זיי געווען. האָט איינער דעם קאָרב פיש פון אים אַרויסגעריסן, אַ צווייטער האָט זיין פיקע אין אים אריינגעשטאָכן און דער דריטער האָט אים באזוכט, דאָס געלט צוגענומען, דעם זייגער אַראָפּגעריסן, די שטיוול אַראָפּגעצויגן, און דאַן אים אריינגעוואָרפן אין ראָוו, זיך אויסגעלאַכט און ווייטער געריטן...

פאַרנאַכט־צו האָבן יידן אַהיים געטראָגן דעם הרוג אין זיין הייזל, האָט דארט א יאמער אויסגעבראכן, און די מוטער מיט די קינדער זענען געזעסן און געוויינט א גאנצן שבת ארום דעם טויטן. און אַז עס איז געוואָרן נאַכט, האָט מען אים צו קבורה געבראַכט, אַ גאנצע וואָך דערנאָך שבעה געזעסן, און אז די טרויער־וואָך האָט זיך געענדיקט, האט די מוטער געזאָגט צו אירע קינדער:

— קינדערלעך, עס האָט אַן אומגליק געטראָפן, אַזוי האָט גאָט געוואלט, מען טאָר נישט מורמלען. העלפט מיר צו, וועל איך ווייטער האַנדלען, פיש־פאַנגען און מיר וועלן זיך דערנערן...

האָט די מוטער געפאַנגען פיש יעדן פרייטיק פרי, און די קינדער האָבן איר צוגעהאָלפן. נאָר אַ טרויער האָט זינט דעמאָלט איינגעהילט דאס הייזל.

...און געשען איז איינמאָל אויך אין א פרייטיק־פארנאַכט, די מוטער איז פון דער שטאָט געקומען און דערציילט, וואָס דאָרט קומט אלץ פאָר; קיין פרוי זעט מען נישט אין דער גאַנצער שטאָט, זי איז איינע אויפן מאַרק געשטאַנען פול מיט שרעק, אַלע פרויען האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, טאַטעס־מאַמעס האלטן זייערע קינדער פארשלאָסן אין די שענק, פארמויערט אין די קעלערס, אַפילו פרויען־קליידער האָט מען פון די וווינונגען אַרויסגערוימט. די פאַריקע נאַכט האָבן זיי די טויערן געריסן, פענצטער אַרויסגענומען און דריי יידישע מיידלעך אומגליקלעך געמאַכט...

האָבן דאָס אויסגעהערטביידע שוועסטערס, און אַ ציטערניש איז אַ דורך זייערע לייבער, ביי דער עלטערער מער ווי ביי דער יונגערער.

און אַז די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָט די עלטערע זיך נישט אויסגעטאָן און אויף איר געלעגער געוואַכט, צו יעדן שאָרך פון דרויסן זיך צוגעהערט, עטלעכע מאָל פון איר בעט אראָפּ, און שלאָס און ריגל געפרוווט, און פארנומען די קולות פון ווייטנס...

האָט זי אַ גאַנצע נאַכט געהערט, ווי מען האָט טירן און פענצטער געריסן

און פאַרנומען האָט זי פאַרשטיקטע וויי־געשרייען פון פרויען, און זי האָט איר שוועסטער געוועקט און געציטערט.

און אַז דער מאָרגנשטערן איז אויפגעגאַנגען, איז זי מיט איר שוועסטער צום טייך אַרויס.

האָבן זיי זיך ביים ברעג אַנידערגעזעצט, און די עלטערע האָט דער יינגערערס קאָפּ אין איר שויס גענומען, איר געקושט, און געזאָגט האָט זי:

— שוועסטער־לעב, דו האָסט געהערט וואָס די מוטער האָט נעכטן דערציילט, וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אין שטאָט, וואָס וואָלסטו געטאָן ווען...

— שוועסטער — האָט רחל׳ע געענטפערט — פרעג מיך נישט, עס ווערט מיר אַזוי קאַלט, אזא קעלט לויפט מיר דורכן לייב דורך.

— און ביי נאַכט, שוועסטער, האָסטו געהערט?

— אוי, דערמאָן נישט, דערמאָן נישט...

— און דאָך, שוועסטער־לעב — האָט די עלטערע אלץ ווייטער גערעדט — א ים מיט שאַנדע וואָלט דאָך אויף אונדזערע פּנימער געלעגן, מען וואָלט זיך אין דער בזורע מער נישט געקענט אָפּשפּיגלען...

— שווייג, שוועסטער!...

— אָבער וואָס וואָלסטו געטאָן ווען קאָזאַקן ברעכן איין די פענצטער...

— רעד נישט!...

— אָבער די קאָזאַקן וועלן דאָך קומען... זיי האָבן אונדזער פאָטער דערמאָרדעט און זיי וועלן אויך אונדז באַפאַלן... און דאַן... און דאַן...

— שוועס—טער! — האָט די יינגערע ציטערנדיק געזאָגט, און איר קאָפּ נאָך טיפער אין דער שוועסטערס שויס איינגעגראָבן.

— רחל׳ע!

— וואָס?

— לאָמיר... לאָמיר אריינשפּרינגען אין טייך אַריין, איידער...

— שוועסטער?!!

— זיי קומען... זיי וועלן קומען... און די שאַנדע וועט זיין אַזוי גרויס...

אָבער, שוועסטער זעסט, ווי די בזורע לויפט אַזוי שיין באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ און פאַלט דאָרט ווייט, ווייט אין דער ווייסל אַריין, און די ווייסל איז אַזוי שיין, און גרויס, און זי לויפט אַרום וואַרשע, און וואַרשע איז א שיינע שטאָט מיט אַזוי פיל גערטנער, טעאַטערן און מיט אַזוי פיל יונגע לייט... עס איז אַלץ אַזוי שיין און די זאָגסט... בררררר...

— אָבער זיי וועלן קומען... געדענק, דו וועסט דיר דערנאָך קיין אָרט מער נישט געפינען... דו וועסט מער אין דער בזורע נישט קוקן, דיך נישט מער שפּיגלען אין דער ווייסל און קיין וואַרשע נישט קומען... אַ וועלט מיט שאַנדע וועט דיך אַרומרינגלען, געדענק! — —

— אײ גאָט!

— זײ געזונט, שװעסטער!

— גײסט?

— יאָ!

— איך אויך, נאָר דער מוטער?

—לאָמיר זיך מיט איר געזעגענען, אָבער איר גאָרנישט זאָגן.

זײ האָבן די מוטער גערופן, אויף איר האַלדז געפאַלן, און זי געקושט:

— זײ געזונט, מוטער... מיר גײען אַװעק... מיר גײען, אײדער זײ קומען אַהער, אונדזערע גײען מיר ראַטעװען... די װעלט װאָלט דאָך דערנאָך געװען פול מיט שאַנדע!

די מוטער האָט שטיל געגאָסן טרערן און געזאָגט:

— װוּ גײט איר, קינדער?

אײנע נאָך דער אַנדערער האָבן זײ זיך פון אירע הענט אַרויסגעגליטשט, צום טײך אַװעק — און אַרײנגעשפּרונגען.

װען די מוטער האָט זיך דערפון דערװוּסט, איז זי שטײן געבליבן, זיך אַרומגעקוקט און געזאָגט:

— און איך? װוּ בלײב איך?... קינדער!...

און איז אויך אַרײנגעשפּרונגען...

באַלד איז אַרויס אַ בת־קול פון הימל:

— אם הבנים שמחה, הללויה!

מחלה לעווין־בוטלער

# פון מיינע איבערלעבונגען

די זיצונג אין דער שולע „התחיה" האָט זיך פארצויגן ביז 2 אזייגער נאָכמיטאָג. איך מיט מחלה גרינבערג זענען געזעסן צוגעטוליעט איינע צו דער צווייטער. מיר זענען געווען הונגעריק, אז מיר האָבן נישט געוווסט וואָס עס טוט זיך מיט אונדז. ווען די זיצונג האָט געהאט באַשטימט דעם שול־בודזשעט און דער פאָרזיצער האָט געמאָלדן, אז די זיצונג איז געענדיקט, זענען מיר צוזאמען געגאנגען אהיים. אויפן וועג זאָגט זי צו מיר, אז אין שטוב איז נישטאָ וואָס צו עסן. „קום צו מיר, זאָג איך, וואָס עס וועט זיין וועלן מיר ביידע עסן".

דערזעענדיק אונדז ביידן, האָט מיין מוטער א בייזן קוק געוואָרפן אויף מיר, נאָר זעענדיק מחלה'ן, האָט זי זיך אביסל צוריקגעהאלטן. מיין מוטער האָט אוועק־געשטעלט דאָס ביסל עסן, וואָס מיר האָבן זשעדנע אויפגעגעסן, און זענען דאָך געבליבן הונגעריק. עס האָט זיך אונדז געוואָלט שטארק עסן נאָך און נאָך, עפּעס טרינקען ווארעמעס, נאָר עס איז מער גאָרנישט געווען...

מיר זענען ביידע געגאנגען צו שמחה גרונדוואג, זען וואָס זיין קינד מאכט (מאניע נחומס איז דאן קראנק געווען אויף טיפוס).

אויף דער גאַס איז פינצטער און קאַלט. א זאַוויערוכע. ביי שמחה גרונדוואג איז די שטימונג געווען זייער א געדריקטע. ס'קינד איז געלעגן געפּערלעך קראנק. מיך מיט מחלהן האָט קיינער נישט באמערקט. מיר האָבן זיך אוועקגעזעצט אין א ווינקעלע און געשוויגן.

עס איז אריינגעקומען דער אלטער סקאטניצקי און באטראכט דאָס קינד. ער האָט געזאָגט צו אונדז און צו משה שווארצאר, אז עס איז נישטא קיין שום ענדערונג אין דער קראַנקייט פון קינד.

איך מיט מחלהן האָבן זיך אויפגעהויבן און אוועקגעגאנגען. קיינער האָט נישט באמערקט אונדזער אוועקגיין.

לעבן אונדזער שטוב האָב איך געהערט דאָס הויכע רעדן פון ברכה וואָל־קאוויטש. איך האָב זיך געזעגנט מיט מחלהן, נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט און געפילט ווי די טרערן שטיקן איר האלדז.

**ביי אונדז אין שטוב איז געווען וואַרעם. אינמיטן צימער איז געשטאַנען אן אייזערנער אויוון און ארום זענען געזיצן ברכה וואלקאָוויטש, פערל וואל־קאווי טש, יאסל מונע און מנשה קנאָט. אלע האָבן גערעדט צו הערן פון מיר א וואָרט וועגן מצב פון קינד.**

**מיין מוטער האָט דערלאַנגט די קאַרטאָפל, וואָס זי האָט געבראַטן אויפן אייזער־נעם אויוון, און מיר האָבן פאַרטרינקען מיט אביסל ציקאָריע־וואסער. מיין אָרעמע מאַמע האָט מער נישט געקוקט אויף מיר בייז. זי איז געווען גליקלעך וואָס אין שטוב איז וואַרעם, און וואָס זי האָט מיט וואָס מכבד צו זיין די געסט...**



פון רעכטס צו לינקס: אהרן פרידמאַן, אלעזר־מאיר ליבערט און נחום גרודוואַג

**יעקב פרידמאן**

# משה פעסטמאן

## א

משה פעסטמאן איז אין סאָכאַטשעוו געווען אַ יידישער לערער, וואָס האָט אויף זיך גענומען די עובדה צו לערנען יידישע קינדער — יידיש פון אַ בריוונשטעלער. דער פרומער טייל פון שטאָט האָט גלייך געפסקנט, אַז פעסטמאן וויל אַלע קינדער ברענגען צו שמד און מ׳האָט מיט אים מלחמה־געהאַלטן. די, וועלכע האָבן אים יאָ פאַרשטאַנען, האָבן זיך מיט גאָרנישט גערעכנט און האָבן געשיקט זייערע קינדער צום לערער אין שטוב.

משה פעסטמאַן איז שטענדיק געווען אנגעטאן ציכטיק, ריין ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ קולטור־מענטש. ער האָט געהאַלטן, אַז די תלמידים זיינע דאַרפן אויך לערנען פון אים דאָס עסטעטישע. אַזוי האָט ער געלערנט שרייבן און לייענען הונדערטער יידישע קינדער.



משה פעסטמאַן

אַ חוץ טראָגן דאָס יידישע וואָרט צו יידישע קינדער, האָט פעסטמאַן געהאַט נאָך אַן אידעאל — ארץ־ישראל. ער איז געווען א ציוניסט מיט האַרץ און נשמה, און געהאַט אַ השפעה אויפן יינגן דור.

זיין שווער מאַטעריעל לעבן האָט אים לסוף איינגעבראָכן. נאָך אַ שווערן איבערפאַל אויף אים פון חסידים, קעגנער פון ציוניזם, איז ער קראַנק געוואָרן. כמעט 15 יאָר נישט אַראָפּ פון בעט. די משפחה איז שרעקלעך פאַראָרימט געוואָרן, און דאס האט זיך אפגערופן אויך אויפן לעבן פון זיינע קינדער.

דער עלטסטער זון נפתלי, א גוטער תלמיד, איז אוועק קיין וואַרשע כדי צו לערנען אין אַ העכערער שול, אָבער דאָ האָט זיך ביי אים אָפּגערופן דאס שווערע לעבן פון די קינדער־יאָרן. די טראַגישע השפעה פון דער אומגליקלעכער שטוב און דער באַגאַבטער שילער איז אראָפּ פון זינען און געשטאָרבן אַלס משוגענער. די איבעריקע קינדער האָבן געמוזט מפרנס זיין די משפחה...



זיין זון, נפתלי פעסטמאַן

די יונגע סאָכאַטשעווער חלוצים, וואָס האָבן זייער דערציאונג געהאַט צו פאַרדאַנקען משה פעסטמאַן, האָבן זייער לערער נישט פאַרגעסן, און ווען זיי האָבן באַשלאָסן פאָרן קיין ארץ־ישראל, זענען זיי אַוועק זיך געזעגענען מיט זייער רבי.

דאָס איז געווען א ווינטער־פרימאָרגן.

שטיל, מרה־שחורהדיק איז פעסטמאַן געלעגן אין קראַנקן־בעט. אין שטוב זענען אַריין די חלוצים. זיי זענען צו צום בעט, גענומען זיין אייז־קאַלטע האַנט אין זייערע יונגע הענט און געווונטשן: „בלייבט געזונט, חבר, איר זאלט נאך שטארקער ווערן און באקומען נייע כוחות. להתראות מיט אונדז דארט אין ארץ־ישראל".

דער קראַנקער איז געלעגן אויף אַ זייט, געאָטעמט שווער, זיך אָנגעשטרענגט און געזאָגט:

—„פאַרט געזונט! געדענקט אייער אויפגאַבע! ברענגט אריין לעבן אין א״י! מיט אייער יונג בלוט און יונגע לעבנס, לעבט אויף דאס לאנד — אונדזער לאנד — ארץ־ישראל. מיט אייער שווייס זאלט איר באנעצן דעם טרוקענעם באדן — ר׳זאל פרוכטבאר זיין... דערמאָנט זיך אַמאָל, ביי אייער הייליקער אַרבעט, אין אייער עלטסטן חבר, וועלכער האָט אין גלות געקעמפט און געליטן פאַר אייך...

ער שטרענגט זיך אָן אויפצוזעצן און דריקנדיק פעסט זייערע הענט רעדט ער ווייטער: — חברים... גריסט ארץ־ישראל, גריסט אונדזערע ברידער אין ארץ־ישראל, איך וויל נאָך דערלעבן... זיך צו זען מיט אייך און מיט ארץ־ישראל...



בערל לייפער

עוד... לא... אבדה... תקותנו...

ער איז צוריקגעפאַלן אויפן קישן, און טרערן ווי פערל זענען גערונען פון זיינע אויגן.

אין מיין אָנוועזנהייט איז פאָרגעקומען די טראַגישע געזעגענונג, וואָס איז מיר ביז היינט פארבליבן אין מיין זכרון.

# דער ציוניסטישער מנין
# ביי ר׳ שמואל נעלסאַן

ב

גלייך ווי ד״ר הערצל האָט פּראָקלאַמירט זיין פּאָליטישן ציוניזם, האָט זיך באַלד אַ קליינע גרופּע מענטשן פון אונדזער שטעטל סאָכאַטשעוו אויך אָנגעשלאָסן אין דער נייער באַוועגונג.

אויף וויפל איך געדענק זענען עס געווען: יחיאל מאיר גרונדוואַג און זיין זון שמחה גרונדוואַג, משה פעסטמאַן דער לערער, מאיר נאַשעלעוויטש דער קוילן הענדלער, שמחה ווימיסלאָווסקי דער שניידער, לוזער ראָזענפעלד דער מאָלער, כתריאל דער זאָקן־מאַכער און ר׳ שמואל נעלסאָן.

מיט זייער גאַנצן פייער און גרויס כבוד צו ד״ר הערצל, האָבן זיי זיך איבערגעגעבן צו דער נייער, ציוניסטישער באַוועגונג. זיי האָבן באַלד אָנגעטראָפן שטאַרקע קעגנערשאַפט אויף יעדן טריט און שריט און זיי האָבן מלחמה געהאַלטן פאַרן ציוניסטישן געדאַנק. יעדער איינער פון די אויבן־דערמאָנטע האָט געטאָן אַלץ לויט זיינע כוחות כדי צו קענען אַריינברענגען דעם ציוניזם אין יעדער יידישער שטוב און אין יעדן יידישן האַרץ. נישט קיין לייכטע אַרבעט האָבן די ציוניסטישע קעמפער גענומען אויף זיך.

עס איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק צו שאַפן אַ ציוניסטישן מנין, ווו יעדן שבת ביים דאווענען, זאָל מען קענען אומגעשטערט רעדן וועגן ציוניזם, און אזוי ארום געווינען אָנהענגער. דער געדאַנק איז אַלעמען געפעלן און מ׳האָט אָנגעהויבן זוכן אַ שטוב פאַרן מנין. ס׳האָט זיך אָבער נישט געפונען קיין איין הויז אין שטאָט, וואָס זאָל וועלן פאַרדינגען אַ שטוב דעם „טריפהנעם מנין״, מ׳האָט זיי אויך אָפּגעזאָגט צו געבן אַ ספר־תורה צום לייענען, פאַר פחד, ס׳זאָל ח״ו נישט פסול ווערן...

ווען אַלע האָבן זיך שוין כמעט ווי מתיאש געווען פון קענען אַדורכפירן דעם שיינעם געדאַנק, האָט פלוצלינג ר׳ שמואל נעלסאָן ביי אַ זיצונג פאַרגעלייגט, אז ער וועט דערלויבן מאַכן א מנין ביי זיך אין הויז און ער וויל זען ווער עס וועט קומען שטערן. די פראַגע וועגן אַ ספר־תורה איז אויך געלייזט געוואָרן. די ציוניסטן האָבן

באַשלאָסן צו שרייבן א ספר. דער מנין איז אזוי אַרום געבוירן געוואָרן און אַ ספר האָבן זיי אויך באקומען.

עס געדענקט זיך זייער גוט די יום־טובדיקע שטימונג וואָס דער ציוניסטישער מנין האָט געשאַפן מיט דעם סיום־הספר. צום סיום־הספר זענען געקומען אפילו פון די גרעסטע קעגנער, וואָס האָבן נישט געקענטביישטיין דעם נסיון נישט צו קויפן אַן אות ביים סיום, זאָל עס זיין פאַר א ציוניסטיש מנין.

אַ סך פרומע יידן און אויך חסידים זענען געגאַנגען אין הויז פון ר׳ שמואל נעלסאָן, ווו ס׳איז פאַרגעקומען דער סיום־הספר, און האָבן מיט ציטעריקע הענט געשריבן דאָס געקויפטע אות, און אויך געטרונקען אַ גוטן לחיים, פאַרביסן מיט לעקעך און שנעל אָפּגעטראָגן זיך אַ היים ס׳זאָל זיי ווער ח״ו נישט אָנטרעפן.

איך געדענק נאָך ווי איצט, ווען מיין טאַטע איז אַהיים געקומען ביינאַכט בין איך נאָך נישט געשלאָפן, נעמט ער אַרויס אַ פּאַפּירל פון קעשענע און פרעגט מיך, וואָס דאָס איז? איך זאָג אים, אַז דאס איז אַ ציוניסטישער שקל. ער האט מיר דערציילט, אַז ער איז מיטן זיידן הערש פרידמאַן געגאַנגען קויפן אַן אות אין ספר־תורה וואס די ציוניסטן שרייבן, זענען געווען נאָך אַנגעזעענע יידן, און ווייזט אויס, ווען זיי האָבן געשריבן דאָס אות האט מען זיי אַריינגעלייגט דעם שקל אין קעשענע.

מיט אַזעלכע מיטלען האָט דער ציוניסטישער געדאַנק געוומען אַריינדרינגען אין די באַלעבאַטישע הייזער פון אונדזער שטעטל. ר׳ שמואל נעלסאָן האָט זיך מיט קיין אנדערע געזעלשאַפטלעכע ענינים נישט פאַרנומען. ער האָט אָנגעצונדן דאָס ציוניסטישע פייערל און געלאָזט עס טליען און אַז ער האָט געזען ס׳איז דאָ ווער ס׳זאָל עס היטן, האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט זיין פרנסה אין געוועלב.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געקומען זיינס אַ זון פון אַמעריקע אויף א באַזוך צו די עלטערן. דאָס איז געווען חנוכה־צייט. אין סאָכאַטשעוו איז שוין געווען אַ ברייט־פאַרצווייגטע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „השומר הצעיר״. איך האָב אים פאַרבעטן אויף אַ באַזוך אין לאָקאַל פון דער שולע „התחיה״, ווו איך האָב אים דערקלערט די אויפגאַבע פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. ער האָט געדאַנקט פאַר דעם כבוד, און ר׳ שמואל נעלסאָן האָט אין זיין נאָמען מיך פאַרבעטן צו זיך אין שטוב. ביי א גוט גלעזל טיי האָט דער גאַסט געגעבן אַ געוויסע סומע געלט פאר קולטור־צוועקן, און פאַר דעם געלט איז געשאַפן געוואָרן אַ קליינע ביבליאָטעק.

אין אַ צייט אַרום האָט די גאַנצע משפחה נעלסאָן עמיגרירט קיין אמעריקע. צו אונדז זענען דערגאַנגען ידיעות, אַז זיינס אַ צווייטער זון, הערמאַן נעלסאָן, פאַרנעמט זיך מיט הילפס־ארבעט פאַר זיינע לאַנדסלייט אין אמעריקע און גאַנץ באַזונדער פאר די נייע עולים אין ישראל. ער איז דער דופק פון סאָכאַטשעווער „רעליעף״ אין ניו־יארק. ווען נישט ער וואָלט שוין לאַנג דער רעליעף נישט עקזיסטירט. נאָר דורך זיין װאַרעמער איבערגעגעבנקייט און איניציאַ־

טיוו האָט ער דערמעגלעכט די גרויסע הילף פאַר אונדזער אַרגון יוצאי סוכצ׳וב אין ישראל.

אין אַמעריקע זענען זיי אַזוי אַרום ממשיך די ציוניסטישע אַרבעט פון די עלטערן יעדער אויף זיין וועג. פון פאָטערס אַרבעט ביז דער אַנשטייונג פון מדינת ישראל. און דער זון אין אַמעריקע העלפט ראַטעווען זיינע לאַנדסלייט, די שארית הפליטה פון היטלער גהינום. דורך זיין מיטהילף פאַר ישראל, האָט דער טאַטע מיט אַ סך צענדליקער יאָרן צוריק דערמעגלעכט אַ ציוניסטישן מנין כדי צו פאַרשטאַרקן דעם ציוניזם, דער זון העלפט מדינת ישראל צו באַזעצן די נייע עולים פּליטים וואָס זענען געקומען פון די לאַגערן.

ר׳ שמואל נעלסאָן איז געשטאָרבן אין אַמעריקע.



א זכר פון בית־הקברות

# יוסף וואָלקאָוויטש

ג

יוסף וואָלקאָוויטש האָט געשטאַמט פון אַן אַלט־חסידישער משפחה. געווען אַ פּרנס בן פּרנס. זיין פאָטער, ר׳ חיים מרדכי וואָלקאָוויטש, איז געווען פון די ערשטע גערער חסידים ביים שפת־אמת און טיש־זיצער ביים אַלטן סאָכאַטשעווער, ר׳ אברהם׳לע.

געווען אַ וואַלד־סוחר און ראש־הקהל אין סאָכאַטשעוו. געפירט א שטארקן קאַמף קעגן די ציוניסטן און געפירט די שטאָט מיט תקיפות.

זיין זון, יוסף וואַלקאָוויטש איז געווייזלט געוואָרן אַלס פרנס דורך דער אגודה. טראָץ דעם וואָס די שטאָט האָט נישט שטארק געהאַלטן פון אים, איז ער דאך יעדעס מאָל אויפסניי געווייזלט געוואָרן.

צו די קהלה־ענינים האָט ער זיך איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן. אָבער ער האָט אַלץ געטאָן לויט זיין אייגענעם ווילן און פאַרשטאַנד. אינטערעסאנט, אז דעם קאַמף קעגן אים האָבן אָנגעהויבן די צעירים פון זיי פּאַרטיי, די אגודה. און ס'איז זיי אויך געלונגען צו מאכן אים אויס דאָזאָר און ממילא — אויס ראש־הקהל.

אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ דורך די נאַציס.

# יחיאל מאיר טילמאַן

ד.

געשטאַמט פון די עלטסטע משפחות אין שטאָט, גאַנץ מעגלעך פון די ערשטע יידישע משפחות אין סאָכאַטשעוו. געשמ'ט פאַר זייער אַ קארגן. ער אליין האָט אויך געהאלטן, אז זיין רייכקייט האָט זיך געגומען פון שפּאָרזאמקייט. געווען איז ער אַ ייד, אַ תקיף, וואָס האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פון זאָגן יעדן איינעם, לויט זיין מיינונג, דעם אמת — אזוי צו יידן און אויך נישט מורא געהאט ארייצוזאָגן די גוים. אַ געוויסע צייט איז ער געווען ראַטמאַן און שטאָט־ראט. אז ס'פלעגט פאָרקומען שבת־צונאַכטס אַ זיצונג, איז ער געקומען אָנגעטאָן אין שבתדיקן שלאָף־ראָק. די גוים האָט עס פאַרדראָסן אַזאַ חוצפה פון א ייד.

טראָץ דעם וואָס ר'האָט געהאַט אַ נאָמען פאר אַ קארגן פונדעסטוועגן אז מ'האט חתונה געמאכט אַן אָרימע כלה, האָט ר' יחיאל־מאיר געהאט א חזקה, אויסער די געלט־שפּענדונג, אויך צו קויפן דעם טלית פארן חתן, און שלעכט איז געווען אז ס'האָט אים וועד די חזקה צוגענומען.

מיט זיין קאַפּיטאל האָט ער געשאַפן אַ באַנק לטובת דעם מיטעלן קלאַס פון שטאָט, און זיך איבערגעגעבן צו דעם מיט אלע זיינע כוחות. און ווער ס'האָט זיך נאָר געניטיקט אין אַ הלוואה, האָט ביי אים באַקומען, איבערהויפּט — די קליין־הענדלער.

עטלעכע מאָל אין יאָר איז ער געפאָרן צום אלעכסאַנדער רבין אלס זיין חסיד.

אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ דורך די נאַציס.

# דער מארד איבערן פאוויאטאווע נאטשאלניק באראגאוו

ה

אשוועָרער הייסער תשעה־באב־טאָג איז דאָס געווען אין יאָר 1905. מ׳האָט געזען פאַרשמאַכטע פנימער פון פאַסטן. ווער ס׳גייט אין די זאָקן, ווער אין לייכטע שיך. ווער ס׳גייט דאַוונען, ווער פון דאַוונען און טוט אַלע מאָל אַ שפּיי אין דער זייט פון ניכטערן מאָגן, האָפנדיק, אַז דער טאָג וועט שנעל אַדורכגיין.
האָט זיך פאַרגלוסט מיין פאָטער מענדל פרידמאַן מאַכן אַ שפּאַציר אין דאָרף כאַדאַקאָוו צום וואַיט, מיט אים רעדן וועגן אַן ענין. און אַזוי ווי ס׳איז פונקט געווען ביי אים דער שכן און פאַרטרעטער פון וואַיט מיטן וועגעלע, האָט ער באַשלאָסן מיטפאָרן בכדי ער זאָל קאָנען באַלד נאָך מיטאָגצייט צוריקזיין.
זיך דערוויטערנדיק פון שטאָט עטלעכע קילאָמעטער, האָבן זיי פּלוצלינג דערהערט שיסן אין ראָוו ביים וועג. פון גרויס שרעק זענען זיי בײדע אַראָפּגע־שפּרונגען פון וועגעלע און זיך אָנגעקוקט איינער דעם צווייטן. אין דעם מאָמענט קומט אַרויף אַ יונגער מענטש פון ראָוו מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט, שפּרינגט אַריין אין וועגעלע און רופט בײדע צו זיך און נעמט די לייצעס און טרייבט דאָס פערד זייער שנעל. מיין פאָטער פון גרויס שרעק איז געבליבן שטיין ווי פאַר־שטיינערט אויפן אָרט און דערזען ווי עס שטייט ביים זייט וועג, ווו מען האָט געשאָסן, דעם נאַטשאַלניקס בריטשקעלע. ווי ער שטייט נאָך אַזוי און טראַכט, קומט אַרויף אַ צווייטער פון ראָוו אויך מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט, לויפט גלייך צו צו אים, שטעלט צו דעם רעוואָלווער צו זיין מויל און פרעגט אים: דאָקאָנד מאַי ספּולניק אוטשיעקאַל? — וווהין איז מיין שותף אַנטלאָפן? פאַר גרויס שרעק האָט ער נישט געקענט רעדן און האָט אים נאָר געוויזן מיטן האַנט ווי דאָס וועגעלע איז אָפּגעפאָרן. דער צווייטער האָט אָנגעהויבן לויפן אין דער ריכטונג.
נאָך אייניקע מינוטן האָט ער זיך באַרואיקט, איז ער צוגעגאַנגען צום בריטש־קעלע, האָט ער געזען דעם קאָפּ פון דעם סטראַזשניק־דענשטשיק טויט ווי די וואַנט און פרעגט אים מיט שרעק, ווער ס׳האָט געשאָסן און צי זענען זיי אַנטלאָפן. אַז ער האָט אים באַרואיקט, זענען בײדע צוגעגאַנגען צום ראָוו ביים וועג און האָבן געזען ווי דער נאַטשאַלניק באַראַגאָוו ליגט דערשאָסן און זיין הונט לעקט אים אַרום

זיין בלוט און בילט זייער שטאַרק. דער סטראַזשניק איז גלייך אַריינגעשפּרונגען אין בריטשקעלע צוזאַמען מיטן טאַטן און הענדום־פּענדום אַוועק אין שטאָט.

חדשים צייט האָט מען דעם טאַטן געריפן צו אויספאַרשונגען. ס׳האָט שוין געהאַלטן דערביי מ׳זאָל אים חושד זיין, אַז ער האָט אָנטיילגענומען אינעם מאָרד.

אַ דאַנק דעם סטראַזשניק, וואָס האָט געטענהעט, אַז ער האָט אים בעת מעשה דאָרט ניט געזען, נאָר ערשט נאָך דער שיסעריי, אויך דער גוי, וואָס איז מיט־געפאָרן, האָט געשוווירן, אַז ביידע זענען אָנגעקומען, ווען מען האָט שוין געשאָסן, און די צוויי טעראָריסטן האָבן פאַרעפנטלעכט זייער מעלדונג, און געמיינט דער־מיט ראַטעווען דעם טאַטן, האָבן באַשטעטיקט, אַז ווען ס׳וואָלט געוועזן נאָך אַ קויל אין רעוואָלווער, וואָלטן זיי דעם ייִד אויך דערשאָסן, בכדי ס׳זאָל ניט בלייבן קיין עדות קעגן זיי...

אַזוי־ערנאָך איז דער טאַטע ניצול געוואָרן פון טויט.

די ייִדישע באַפעלקערונג האָט באמת געטרויערט נאָכן נאַטשאַלניק פאַר זיינע גוטע באַציאונגען אין שטאָט, און די פּאָליאַקן האָבן זיך געפרייט און מיט שמחה געזאָגט: מ׳האָט דערמאָרדעט דעם זשידאָווסקי אוטשיטשעל...

## Polacy!

Cztery miliony żydów pasożytuje na ciele Narodu Polskiego

Żydzi opanowali nam przemysł, handel, wolne zawody i rzemiosło

**Cztery miliony żydów czycha na ciężko zapracowane pieniądze polskiego chłopa i robotnika.**

Gdy dzieci Wasze często głodne — Wy pozwalacie wyzyskiwać się żydowi!

**Ten stan rzeczy musi się zmienić.**

Nie wolno Wam wejść do sklepu żydowskiego. Nie wolno za grosz kupić u żyda.

**Polak kupujący u żyda jest zdrajcą sprawy narodowej!**

Zwycięstwo pod sztandarami Młodej Polski.

**Z. M. P.**
ODDZIAŁ SOCHACZEW.

## POLACY!

**Po znojnym roku trudów i pracy, orki i siewu, wchodzimy w okres jesiennych plonów.**

Zaczyna się nowy rok gospodarczy wsi polskiej. Rok ten wypełni dalsza walka z zalewem żydowskim.

Wypędzamy żyda z polskich wsi nie poto, by wrogi okupant miast naszych zgarniał zyski z pracy Narodu.

Hasłem na dziś — skierowanie wsi polskiej do zażydzonych miast dla stworzenia polskiego handlu i rzemiosła.

Polak bezrolny i bezrobotny zdobywa pracę i chleb tylko w zmaganiach z żydostwem.

W walce gospodarczej z żydami w latach ubiegłych daliśmy pracę setkom tysięcy Polaków, w latach najbliższych musimy dać pracę — milionom.

**POLACY WSI I MIAST!**

**Chłopi, Rzemieślnicy i Kupcy!**

**Ani grosz w ręce żydowskie!**
**Zboże polskie do polskich młynów!**
**Produkty rolne do sklepów i hurtowni polskich!**
**Towary dla wsi z fabryk, sklepów i straganów polskich!**

ZDRAJCĄ NARODU KTO ZŁAMIE TEN NAKAZ!

PRECZ Z BIERNOŚCIĄ —

— DO WALKI!

O POLSKĘ BEZ ŻYDÓW!
O POLSKĘ POLAKÓW!
O POLSKĘ NARODOWĄ!

**STRONNICTWO NARODOWE**

## Rolniku Polski!

Pamiętaj, że kupując u swoich, dopomagasz do stworzenia warsztatów pracy dla własnych dzieci, które z przeludnionej wsi pójdą do handlu i rzemiosła w mieście.

Pamiętaj, że kupując u Polaka i sprzedając Polakowi pomagasz wzrastaniu polskiego handlu i budujesz siłę gospodarczą Narodu Polskiego.

Jeżeli pragniesz dobra własnych dzieci,

Jeżeli pragniesz silnej i wielkiej Polski —

Pamiętaj o haśle **„SWÓJ DO SWEGO PO SWOJE".**

Kupuj tylko u Polaków!

**ZARZĄD**
**Stowarzyszenia Kupców Polskich**
**w Sochaczewie.**

אַזוי האָט עס זיך אָנגעהויבן...
ככה זה התחיל...
כרוזי הסתה אנטי־יהודיים בפולין לפני השואה

**מ. ראיאק**

# די פארניכטונג

(גבית עדות פון הערצקע טילמאן, הירשל גאטהעלף, און שלמה יאַקובאָוויטש)

מיט גרויס פחד האָבן די יידן אין סאָכאַטשעוו אויפגענומען די ידיעות וועגן די נצחונות פון די דייטשן. ווען מען האט זיך אין סאָכאַטשעוו דערוווסט, אז דער פוילישער חיל אונטער דער פירונג פון גענעראל באַרטנאָווסקי ליידט מפלות איינע נאך דער צווייטער; ווען עס זענען געקומען די ידיעות, אז עס זענען געפאלן וולאצלאוועק און אנדערע שכנותדיקע שטעט און אז די דייטשן דערנענטערן זיך צו סאָכאַטשעוו, איז אין שטאט געווארן חושך. וועגן דער אכזריות פון די דייטשן אין די פארנומענע ארומיקע שטעט האט מען שוין געוווסט פון די פליטים, וואס זענען אנגעלאָפן קיין סאָכאַטשעוו, און די סאָכאַטשעווער יידן זענען ארומגעגאנגען ווי צעמישטע, נישט וויסנדיק ווו זיך אהינצוטאן און ווי אזוי זיך צו שיצן פון דער ווילדער חיה, וואס רוקט זיך אָן. א טייל יונגטלעכע — ביי א 200 פערזאן — האבן זיך געלאזן לויפן אין דער ריכטונג פון ראטנפארבאנד, נישט קוקנדיק אויף די גרויסע שוועריקייטן און געפאַרן מיט וועלכע דאָס איז געווען פארבונדן. די איבעריקע יידן זענען אנטלאפן אין די שכנותדיקע שטעט. מען איז געלאָפן קיין וואַרשע, וויסקיט, זשיראַרדאָוו א. א. וו. אין סאָכאַטשעוו זענען פארבליבן בלויז עטלעכע צענדליק אלטע און קראנקע, וואס האבן קיין כוח נישט געהאט צו אנטלויפן.

### בלוט און פייער

די דייטשן האבן פארנומען סאָכאַטשעוו ארום דעם 15־טן סעפטעמבער 1939. זיי האבן אין שטאט קיין יידן כמעט נישט געפונען. אויך די ארטיקע פאליאקן האבן געוווסט, וואס די דייטשן האבן אפגעטאן מיט די יידן אין די ארומיקע שטעט און זיי האבן אויף זייערע הייזער אויסגעהאנגען הייליקע בילדער און צלמים, כדי אויסצומיידן דעם מלאך־המות. די דייטשן האבן דעריבער אויסגעגאסן זייער צאָרן אויף די פארבליבענע זקנים און קראנקע. זיי האבן זיי אויפגעזוכט, א טייל פון די אומגליקלעכע דערשאסן אויף זייערע בעטלעך און אין פארשידענע לעכער, ווו זיי האָבן זיך געפרווווט אויסבאהאלטן, און א טייל פון זיי זענען געפייניקט געווארן ביז זיי האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות. די מערדער האָבן זיך לעבעדיקערהייט

און שוין נאָכן טויט איזדעקעוועט איבער זייערע קרבנות, ווי זיי וואלטן געוואָלט זיך נוקם זיין פארוואָס זיי האָבן אין סאָכאַטשעוו נישט געפונען אלע יידן. צווישן די אומגעבראכטע זקנים און קראנקע זענען געווען ישראל גאָלדפאַרב, דער שדכן הלל. טרעגער, שרה-יענטל — די מוטער פון הערצקע בערמאן, א. א. וו.

פארענדיקנדיק מיט די אלטע און קראנקע, האָבן זיי זיך גענומען צו די הייזער. זיי האָבן אונטערגעצונדן די הייזער פון די אנטלאָפענע יידן און זיי כמעט אלע פארברענט. עס זענען פארבליבן גאנץ בלויז די יידישע הייזער, וואָס זענען געשטאנען בשכנות מיט קריסטלעכע, און די קריסטן האָבן זיי אפגעבעטן כדי אויסצוהיטן זייערע אייגענע הייזער פון דעם פייער. עס זענען דעמאָלט פארברענט געוואָרן איבער הונדערט יידישע הייזער.

## די פליטים

די פליטים פון סאָכאַטשעוו האָבן אין ערגעץ קיין מנוחה נישט געפונען. סיי אין ווארשע און סיי אין זשיראַרדאוו און אין וויסקיט אומעטום ווו די דייטשן האָבן פארשפרייט זייער הערשאפט האָבן זיי כמעט אויף דעם זעלבן שטייגער אכזריותדיק געפייניקט די יידן. נאָכן ארומוואנדערן א פאר וואכן, האָבן זיך די סאָכאַטשעווער ביסלעכווייז אנגעהויבן אומצוקערן אין זייער שטאט אריין. צום סוף סעפטעמבער 1939 זענען שוין אין סאָכאַטשעוו געווען ביי 2000 יידן, אבער א גרויסער טייל פון די סאָכאַטשעווער יידן זענען פארבליבן אין דער פרעמד. נישט אומגעקערט האָבן זיך איבערהויפט די, וואָס האָבן זיך דערוווסט, אז זייערע הייזער זענען פארברענט געוואָרן און זיי האָבן דערשפירט, אז קיין היים וועלן זיי אין סאָכאַטשעוו מער נישט קענען האָבן.

די צוריקגעקומענע סאָכאַטשעווער, וועמענס הייזער זענען אפילו גאנץ געבליבן, האָבן אויך קיין ארט נישט געפונען ווו צו זיין. זייערע הייזער זענען געוואָרן פארנומען דורך די ארטיקע קריסטן, און זיי האָבן זיך געמוזט באזעצן אין קלערס און אין פוסטע באראקן, וועלכע דער מאגיסטראט האט געהאט אויפגעשטעלט פאר דער ארימער באפעלקערונג. זיי האָבן זיך אריינגעפרעסט צו 2־3 משפחות אין איין צימער און האָבן אנגעהויבן טרינקען פון בלוטיקן כוס.

אזוי ווי א חולה מסוכן ווארפט זיך פון איין אָרט אויפן צווייטן, מיינענדיק אז אויף דער צווייטער זייט וועט אים זיין לייכטער צו ליגן, אזוי האָבן זיך אויך די יידן אין יענער געגנט, נאָכן אריינקומען פון די דייטשן, געוואָרפן פון איין שטאט אין דער אנדערער. און פונקט אזוי ווי די סאָכאַטשעווער יידן זענען געלאָפן קיין ווארשע, וויסקיט, זשיראַרדאוו א. א., אזוי זענען אנגעקומען קיין סאָכאַטשעוו פליטים פון דער ארומיקער געגנט, ווי אילעווע, קאטשינגאט, מלאדיעשין, א. א. אזוי זענען אין יאנואר 1940 אנגעקומען קיין סאָכאַטשעוו ביז 400 פליטים. די

סאָכאַטשעווער יידן האָבן זיי אריינגענומען אין זייערע „וווינונגען", האָבן זיך מיט זיי געטיילט זייער אָרעם עסן, און האָבן זיי געהאָלפן מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקענט.

די ניי־געקומענע יידן האָבן אָבער באַלד דערשפּירט, אַז די לאַגע אין סאָכאַטשעוו איז ווייט נישט בעסער ווי אַנדערשוווּ. פאַרקערט, דאָ איז די לאַגע געווען פיל ערגער צוליב דעם, וואָס ליגנדיק אויפן וועג צווישן וואַרשע — בערלין, וואַרשע — פּויזן, איז סאָכאַטשעוו שטענדיק געווען איבערפולט מיט כל המינים דייטשן, וועלכע האָבן די יידן אומאויפהערלעך געפּייניקט. די יידן האָבן זיך נישט געטאָרט באַווייזן אויפן גאַס, זיי האָבן אויך נישט געקאָנט איינזיצן אין זייערע הייזער, ווו די דייטשן האָבן זיי געזוכט. זיי האָבן געמוזט זיצן באַהאַלטן אויף בוידעמער און אין פאַרשידענע לעכער, ביי באַקאַנטע קריסטן. די יידישע וווינונגען, דאָס יידישע פאַרמעגן האָבן די דייטשן צערויבט, זייערע געשעפטן האָבן זיי איבערגעגעבן אַרטיקע פּאָליאַקן. די לאַגע פון די יידן אין סאָכאַטשעוו איז געווען זייער שלעכט, און פיל סאָכאַטשעווער יידן האָבן ווידער פאַרלאָזן זייער שטאָט און זענען געלאָפן אין אַנדערע מקומות. זיי זענען געלאָפן קיין לאָדזש, לוויוויטש, וואַרשע, זשיראַרדאָוו, וויסקיט א. א. וו.

## די קריסטלעכע באַפעלקערונג

ווי אומעטום האָבן די דייטשן געפונען צווישן דער אַרטיקער באַפעלקערונג מענטשן, וואָס האָבן זיך געשטעלט צו זייער דינסט. דער פאָלקס־דייטש יוליאַן פּראַוזע, געוועזענער סעקרעטאַר פון סאָכאַטשעווער מאַגיסטראַט, איז דורך די דייטשן נאָמינירט געוואָרן אַלס בירגערמייסטער פון שטאָט. פּראַוזע, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין סאָכאַטשעוו און האָט כל ימיו געלעבט צווישן יידן, האָט אין זיין נייער פּעל אַליץ פלוצלונג פאַרגעסן, און פּונקט ווי זיינע בעלי־בתים אָן רחמנות געפּייניקט די יידן. צו זייער דינסט האָבן די דייטשן אויך אָרגאַניזירט אין סאָכאַטשעוו אַ פּוילישע פּאָליציי, וועלכע האָט זיי געהאָלפן אין אַלע זייערע אונטערנעמונגען און באַזונדערס — אין פּייניקן און אומברענגען יידן.

אויך פיל פון דער אַרטיקער ציווילער באַפעלקערונג האָבן געהאָלפן די דייטשן אין זייער בלוטיקער אַרבעט. זיי האָבן געפּייניקט די יידן מיטן זעלבן סאַדיזם, ווי די דייטשע הערשער. די אַרבעט פון די דייטשע משרתים אין סאָכאַטשעוו קאָן כאַראַקטעריזירן פאָלגנדיקער עפּיזאָד פון די לעצטע טעג פון סעפּטעמבער 1939. אין איינעם אַ זונטיק, האָט דער דייטשער קאָמענדאַנט בליאַסטשיק צונויפגע־טריבן אויפן מאַרק־פּלאַץ עטלעכע הונדערט חסידישע יידן, האָט זיי געצוווּנגען זיך אָנצוטאָן אין די שבתדיקע קאַפּאָטעס מיט טלית־קטנס, פון אויבן מיט קאַפּעלעך, מיצקעלעך אויף די קעפּ, און אונטער די קלאַנגען פון אַ דאָרפישן אָרקעסטער טאַנצן „מה יפית", כדי צו פאַרווילן די קריסטן וואָס האָבן זיך דאָרט צונויפגעקליבן אויפן פּלאַץ נאָכן אַרויסגיין פון קאָשטשאָל... די אָנגעזעענע באַקאַנטע יידן, ווי מרדכי

ב י ע ז ש א נ ס ק י, מרדכי ק א ן, משה ט י ל מ א ן, דוד א י י נ י ס א. אַנד. האָבן געטאַנצט. די דייטשן האָבן זיי געשמיסן און זיי געשווירן די בערד. די אנווועזנדיקע קריסטן האָבן מיט פאַרגעניגן צוגעקוקט, ווי די יידן זענען דערנידעריקט געוואָרן ווען דער ארקעסטער האָט געוואָלט אויפהערן שפּילן, האָט דער בעקער יאַן זשוקאָוווסקי געצאָלט דעם ארקעסטער פון זיין אייגן געלט, אז זיי זאָלן לענגער שפילן כדי די יידן זאָלן מוזן לענגער טאַנצן און פאַרווילן די פוילישע צוקוקער...

עס זענען אָבער אויך געווען אזעלכע קריסטן, איינצלנע צדיקים אין סדום, וועלכע האָבן מיטגעפילט די יידן אין זייער עת־צרה און זיי געהאָלפן. אזוי האָט דער פאַליאַק יאַן ס ל י ו ו א, דער אינהאַבער פון אפטייק־סקלאַד אין סאָכאַ־טשעוו, זייער אפט זיך משתדל געווען פאַר די יידן און האָט געזוכט פאַרשידענע וועגן זיי צו העלפן. די צופעליק לעבנגעבליבענע סאָכאַטשעווער יידן דערמאַנען דעם נאָמען פון י א ן ס ל י ו ו א מיט יראת הכבוד און דאַנקבאַרקייט און מיט צער דערויף, וואָס ער איז געשטאָרבן אין דער צייט פון דער דייטשער הערשאַפט און האָט נישט דערלעבט די באַפרייונג. די סאָכאַטשעווער דערמאַנען אויך צום גוטן די טאָכטער פון קריסטלעכן קצב ב א ל צ ע ר ס ק א, וועלכע האָט געהאַט א השפעה אויפן דייטשן אָפיציר בליאַסטשיק און האָט — אמת פאַר מתנות — זיך באַמיט צו לינדערן די יסורים פון די יידן אין סאָכאַטשעוו. צום באַדויערן, זענען זיי אָבער געווען זייער ווייניק אין צאָל און די בלוטדורשטיקע חיות האָבן אומגעשטערט געקאָנט פירן זייער ארבעט.

### דער יודענראַט

אין איין טאָג אין יאַנואַר 1940, האָט דער בירגערמייסטער פּראַוזע, מיט א גרעסער צונויפגערופן די יידן פון סאָכאַטשעוו אויפן פּלאַץ ביים מאַגיסטראַט, און האָט פאַר זיי איבערגעלייענט א באַפעל פון סטאַראָסטע פון סאָכאַטשעווער קרייז פאַר /רייכסדייטשן/ אויסצוווילן א יודענראַט פון 18 מאַן, וועלכער וועט זיך דאַרפן פאַרנעמען מיט אלע יידישע פראַגן אין שטאָט, ווי אויך שיקן יעדן טאָג יידן אויף ארבעט צו די דייטשן, כדי זיי זאָלן נישט דאַרפן כאַפּן קיין יידן אין גאַס און פון די הייזער, צושטעלן די דייטשן מעבל, שוכוואַרג, קליידער, בעטצייג א אז. וו. און בכלל דערפילן אלע זייערע פאָדערונגען.

די סאָכאַטשעווער יידן האָבן זיך אָן דעם אנגעכאַפּט, ווי א טרינקענדיקער כאַפּט זיך אָן אין א שטרויעלע, האָפנדיק, אז ביים יודענראַט וועט זיי אפשר זייער לעבן נישט זיין אזוי הפקר ווי פריער. עס איז אויסגעוויילט געוואָרן א יודענראַט פון די פאָלגנדיקע סאָכאַטשעווער יידן: ב י ד ע ר מ א ן יעקב — סוחר, אלס יודנעלסטער, און מיטגלידער: נחום ק ר אַ נ צ ו ו י י ג — געוועזענער סעקרעטאַר פון סאָכאַטשעווער קהילה, יאסל ל ו ק ש ט י ק — געוועזענער פאָרזיצער פון האַנט־

ווערקער פאריין, שמואל ל י ב ע ר ט — שניידער, זיין זון — ס ט ו ד ע נ ט, אידל ב א ל י א ס — בוימייסטער, איטשע ג ע ל ב ש ט י י ן — שניידער, יאסל מ ו נ ע — געוועזענער סעקרעטאר פון פאלקס־באנק און לאוניק פון מאגיסטראט, ש. ל ע ו ו י ן, וועלוול פ י נ ט ש ע ו ו ס ק י, פנחס ר א ז ע נ ק א פ, דוד א י ז ר א ע ל ס ק י, חאסקל ב א ר ע נ ש ט י י ן, — געוועזענער סוחר, מענדל א י י ז ע נ ש ט י י ן — געוועזענער קרעטשמער.

נאָך דער אנטשטייונג פון יודענראט איז די לאגע פון די יידן אין סאָכאַטשעוו געווארן עטוואס לייכטער. די יידן האָבן געקאנט פרייער זיך באוועגן אין גאס, ווייל דער יודענראט פלעגט יעדן טאג צושטעלן אַרבעטער, און די דייטשן האָבן נישט געכאפט קיין יידן אין די גאסן. די יידן האָבן געזוכט אין יודענראט א שטיצע, וואס זאָל זיי וויפל־נישט־איז שיצן פון דער דייטשער ווילדקייט. נאַטירלעך אז דאָס איז געווען בלויז אַן אילוזיע, וועלכע איז גאָר גיך פארשוואונדן.

## צ ו ו א נ ג ס ־ א ר ב ע ט

די יידן אין סאָכאַטשעוו האָבן די גאנצע צייט געארבעטביים לייגן א בריק איבער דעם טייך בזורע אין סאָכאַטשעוו, געגראָבן קאַנאַלן און געטריקנט זומפן ביי די קאַמפינאָסער וועלדער, 12 קלמ. פון שטאָט, פאַנאנדערגענומען די דורך באָמבעס רואינירטע הייזער און אויך פאנאנדערגענומען דעם צעשטערטן קאַשטשאָל. דער צעשטערטער קאַשטשאָל איז אגב, אלט געווען איבער 700 יאָר, און איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע היסטאָרישע מאנומענטן פון פוילן.

די יידן האָבן אויך געארבעט אויפן אעראדראם אין ביעליצע, 6 קלמ. פון שטאָט. כדי אויסצוגלייכן דעם פלי־פלאץ, האָבן זיי די דייטשן געצוווּנגען נעמען די מצבות פון בית־עולם און צעשטויסן זיי. כמעט אלע מצבות זענען צעשטערט געוואָרן, דערונטער דער אוהל פון רבי ר׳ אברהם בארנשטיין, דעם קאָצקער רבינס איידעם זצ״ל, וואָס איז געשטאנען ביים אריינגאנג, נאָענט צום טויער פון בית עולם און דער אוהל פון רב ר׳ אליעזרל, וואָס איז געשטאנען ביים בארג קעגנאיבער דעם טייך בזורע. מיטן צעשטערן דעם אוהל איז אויך אוועק אין פארגעסנהייט די לעגענדע, וועלכע איז פארבונדן מיטן נאָמען פון אליעזרל, וואָס דערציילט, אז אין זיינע צייטן האָט אין פוילן געהערשט א כאָלערע, פון וועלכער עס זענען אויסגעשטאָרבן פיל מענטשן. די כאָלערע האָט מען בשום אופן נישט געקאנט איינשטילן, ביז דער רבי האָט איינמאָל נאָך חצות גערופן צו זיך זיין אלטן שמש, האָט זיך אָנגעטאָן אין קיטל און טלית און מיט א לאָמטערן אין האנט אייניקע מאָל מקיף געווען די שטאָט און די מגפה האט אויפגעהערט...

דער גאנצער בית־עולם אין סאָכאַטשעוו איז פארניכטעט געוואָרן. עס איז פארבליבן א פריי פעלד און רעשטלעך פון צעבראָכענע מצבות.

ווי אויבנדערמאנט, האָבן די דייטשן אין דער ערשטער צייט געכאפט די יידן

אויף ארבעט אין גאס אָדער אין די הייזער און שפּעטער, נאָכן אנטשטיין פון יודענראט, פלעגן די יידן אליין זיך שטעלן צו דער ארבעט און פלעגן טאָן זייער עבודת־פּרך פון גאנץ פרי ביז שפּעט ביינאכט אן אפּרו.

בעת דער ארבעט האָבן זייערע אויפזעער־דייטשן און פּאָליאַקן געשלאָגן און געפּייניקט די יידן. די יידן האָבן אין זייערע ליידן געקרעכצט און געוואַרט אויף הילף, וועלכע איז ליידער נישט געקומען.

## דער געטאָ אין סאָכאַטשעוו

אזוי ווי אומעטום האָבן די דייטשן אויך אין סאָכאַטשעוו פארשפּארט די יידן אין א געטאָ. אין די ערשטע טעג פון יאנואר 1941, איז אנגעקומען א באפעל, אז די יידן מוזן זיך אריבערקלייבן מיט זייערע נאָך־נישט צוגערויבטע ביסל זאכן אין א ספּעציעל אויסגעטיילטן עק פון שטאָט. דאָס צונויפנעמען זיי צוזאמען, האָט די יידן צעטומלט, און זיי האָבן זיך נישט געאיילט מיטן איבערקלייבן זיך. זיי האָבן אָבער טייער באצאָלט פאר זייער „נישט געהארכזאמקייט", ווייל שפּעטער איז אנ־געקומען א פאראָרדענונג, אז יעדער ייד קאָן מיט זיך אריינעמען אין געטאָ בלויז 3 קלג. זאכן, איבערלאָזנדיק דאס איבעריקע אין די אלטע וווינונגען. און די „פאר־שפּעטיקטע" זענען אריין אין געטאָ בעירום ובחוסר כל.

דער געטאָ, ארומגעצוימט מיט א הויכן פּארקאַן פון שטעכלדראָט, איז באשטאַ־נען פון פאלגנדיקע גאסן: סארנא מיט אירע ביי־געסלעך, א טייל סטאשיצע (געוו. טראַנאווער), א טייל באזשניטשנא און די געסלעך ביים גארבער טייכל. דאָס לעבן פון די יידן איז אין געטאָ געוואָרן נאָך טרויעריקער ווי פריער. די ענגשאפט איז געווען אין לשער — 4־5 משפחות האָבן געוווינט צוזאמען אין איין צימער. מען איז געזעסן ווי אין אַ פאס, פון וואנען מען האָט אויסער אויף ארבעט נישט געקענט ארויסגיין.

די דייטשן האָבן ווי עס ווייזט אויס, געהאט זייערע פון פאָראויס אויסגעארבעטע פּלענער פאר די יידן פון סאָכאַטשעוו, און לויט די פּלענער האָבן זיי די יידן געפּייניקט. אין געטאָ איז זעלטן ווען דורכגעגאנגען אָן א געשעעניש. און אויב אזא טאָג פלעגט זיך ווען נישט איז יא מאָכן, פלעגן די יידן פאר אים שפּעטער באצאָלן מיט פּראָצענט, אזוי איז אויך געווען נאָך דער חתונה פון ניסן קארא.

## די חתונות אין געטאָ

בכלל זענען אין געטאָ פארגעקומען בלויז צוויי חתונות — ביי הערש גאט־העלף מיט בראניע בזשאקאווסקא און ביי חיים־ניסן קארא מיט א ווארשעווער פריילין. דער לעצטער האָט אויף זיין חתונה איינגעלאדן געסט, און דער אלטער כלי־זמר ישראל ראטשטיין האָט זיי משמח געווען מיט זיין פידל. אויף מאָרגן נאָך דער חתונה האָבן די דייטשן געבראכט אויפן הויף פון זשאנדא־

מעריע דעם אלטן כלי זמר ישראל ראטשטיין, געצוווּנגען אים אַן אויסגעטועטנעם אין איין העמד אין א ווינטערדיקן טאָג אין יאנואר 1941 ארויסגיין אויף א וואָגן און שפּילן אויף זיין פידל. דער כלי זמר האָט געמוזט א געפּרווּירענער שפּילן און פאַר־ווייל די ווילדע ברואים...

אין דערזעלבער צייט האָבן די דייטשן צונויפגעטריבן יידן אויפן הויף, האָבן זיי געצוווּנגען אויסצוטאָן זיך, און זיי האָבן אויסגעטועטערהייט געדאַרפט האקן האָלץ. דאָרט זענען געווען אברהם־יעקב קאנס זון, יצחק זשעלאסקא. אזוי האָט פון איין זייט ראַטשטיין געשפּילט אויף זיין פידל, און פון דער צווייטער זייט האָבן די אויסגעטועטע יידן געהאַקט האָלץ.

כדי ווי נישט איז זיך צו שפּייזן, האָבן די סאָכאַטשעווער יידן פארקויפט זייערע זאכן וואָס זיי האָבן געהאט אויסבאַהאלטן און געביטן אויף פּראָדוקטן. מיט די טראַנ־זאַקציעס האָט מען אָבער געדאַרפט זיין זייער פאָרזיכטיק, ווייל די דייטשן האָבן געהיט, אז די יידן זאָלן זיך נישט באגעגענען מיט די קריסטן און נישט האָבן מיט זיי קיין מגע ומשא.

אין דער טרויעריקער צייט איז די סאָכאַטשעווער יידן געקומען צוהילף דער דזשאָינט פון ווארשע. ער האָט אין סאָכאַטשעוו אָרגאַניזירט א קאָמיטעט, בראש פון וועלכן ס'איז געשטאנען יחיאל שטערן, דעם לוויוויטשער שוחטס זון וואָס האָט חתונה געהאט אין סאָכאַטשעוו מיט איטשע־מאיר ווייסמאַנס טאָכטער.

דער דזשאָינט פלעגט צושיקן קיין סאָכאַטשעוו קליידער, שפּייז און געלט, וואָס איז פארטיילט געוואָרן צווישן די אָרימע יידן. עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אין סאָכאַטשעוו א קיך, וועלכע האָט ארויסגעגעבן מיטאגן אָן אפּצאָל.

## די יידישע פאָליציי אין „ווייסן הויז"

כדי צו אָרדענען דאָס לעבן פון די יידן אין געטאָ, האָט דער יודענראט ארגאַני־זירט א יידישע פאָליציי (אָרדנונגס־דינסט) די פאָליציי האָט ווירקלעך געהיטן די „אָרדנונג". זי האָט אכטונג געגעבן, אז די יידן זאָלן זיך נישט פארשפּעטיקן צו דער ארבעט, זיי זאָלן געגנוי דערפילן די פאַראָרדענונגען פון די דייטשן און נישט ארויסגיין פון געטאָ חוץ אויף ארבעט. פון דרויסן, ביים געטאָ־פּאַרקאַן, האָט געהיטן די דייטשע הילפס־זשאַנדאַמעריע און פון אינעווייניק — די יידישע פאָליציי. זיי האָבן אכטונג געגעבן און געהיטן די „אָרדנונג" צוזאַמען מיטן יודענראט. די יידישע פאָליציי איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע סאָכאַטשעווער איינוווינער: בנימין שווארץ, גוטמאַן דיאַמאַנט, משה כאַבאַרניק, לייזער באַליאַס, נחמן טילמאַן א. א. מנחם קנאט, דעם פעלדשערס זון, איז נאָמינירט געוואָרן אלס קאָמענדאַנט פון דער פאָליציי. די יידן האָבן נישט ווייניק געליטן פון איניקע פון זיי, אָבער אויך זייער סוף איז געווען א פאַטאַלער. אזוי ווי זיי זענען געווען נאָענט צו די דייטשן, און האָבן

צופיל געזוויסט וועגן זייערע מעשים, האָבן די דייטשן באַשלאָסן, פונקט ווי אין אנדערע ערטער, פּטור ווערן פון זיי. איינמאָל, ווען שמעלץ און מאַריענ־פעלד זענען געווען ביי אהרן גראָסמאַנען, זענען געקומען ס.ס.־לייט און האָבן זיי פון דאָרט צוגענומען. זיי האָבן זיי אוועקגעטריבן אין דער ריכטונג פון שפּיטאָל, און אויפן וועג זיי געשלאָגן אזוי שטאַרק ביז זיי האָבן פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין. גוססדיקע האָבן זיי די דייטשן אריינגעוואָרפן אין שפּיטאָל־קעלער און זיי זענען דאָרטן אויסגעגאַנגען.

אין א פּאָר וואָכן אַרום נאָכן אריינוואָרפן פון די יידן אין געטאָ, איז געקומען א באַפעל פון די דייטשן, אז א העלפט יידן פון סאָכאַטשעווער געטאָ דאַרפן אין משך פון דריי טעג פאַרלאָזן סאָכאַטשעוו און אריבערקלייבן זיך קיין זשיראַרדאָוו, 21 קלמ. פון סאָכאַטשעוו. אין געטאָ איז, פאַרשטייט זיך, געוואָרן א בהלה. דער יודענראַט האָט גענומען צונויפשטעלן רשימות פון די יידן אויף אַרויסצופאָרן. די מערוויניקער פאַרמעגלעכע יידן האָבן צום יודענראַט געטראָגן באַשטימטע סכומים געלט און צירונג, כדי זיך אויסצוקויפן פון גרוש, און זיי האָבן זיך דאָסמאָל טאַקע אויסגעקויפט. מען האָט צונויפגעקליבן די אָרימע יידן, און אויף פורן פון מאַגיסטראַט זיי אַרויסגעפירט קיין זשיראַרדאָוו. אָבער אויך די אויסגעקויפטע יידן זענען נישט אויף לאַנג פאַרבליבן אויף זייערע „ערטער" — אויך זיי האָבן באַלד געדאַרפט פאַרלאָזן סאָכאַטשעוו.

## ליקווידאַציע פון געטאָ

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער גזירה, אז אַלע יידן פון וואַרשעווער דיסטריקט (וואָיעוואָדשאַפט) דאַרפן זיך אריינקלויבן אין וואַרשעווער געטאָ, אין דעם אזוי גערופענעם „טויטנקאַסטן", איז סוף יאַנואַר 1941 אָנגעקומען א באַפעל, אז די יידן פון סאָכאַטשעווער געטאָ מוזן אין משך פון דריי טעג פאַרלאָזן סאָכאַטשעוו און זיך אריבערקלייבן קיין וואַרשע. אין געטאָ איז אַנטשטאַנען א מהומה. די יידן האָבן אָנגעהויבן טראַכטן, זוכן עצות ווי אָפּצושרייען די גזירה, עס זענען אָבער קיין עצות נישט געווען. כדי דורכצופירן די אויסזידלונג ענערגישער, כדי די יידן א ריר צו טאָן פון זייער אָרט, האָבן די דייטשן אָנגעוואָרפן א שרעק אויף די סאָכאַטשעווער יידן. זיי האָבן דערשאָסן דעם קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי, מנשה קנאַט. די מערדער האָבן אים אין אוונט אָפּגעהיט ביי זיין שטוב, און ווי נאָר ער איז אַרויס אויפן גאַס האָט מען אים דערשאָסן. און דאָס האָט ווירקלעך געווירקט. די דייטשן האָבן ווידער דערמאָנט די יידן, אז זיי זענען הפקר, אז זייער לעבן האָט קיין ווערט נישט. אז זייער באַפעל איז שטרענג און די יידן זאָלן נישט וואַגן צו זוכן קיין וועגן אַרויסצודרייען זיך אָדער אָפּצוציען זייער איבערזידלונג.

אין א פראָסטיקן טאָג, אָנהויב פעברואַר 1941, האָבן די יידן פון סאָכאַטשעוו פאַרלאָזן זייער שטאָט און זענען אַוועק קיין וואַרשע — ווער צו־פוס און ווער אויף



פון רעכטס צו לינקס: יאנקל נאשעלעוויטש מיט זיין קינד, ליפע נעלסאָן, מאַניע בזשעזשינסקאַ, נחמן בזשעזשינסקי; קיילה רינגעלבלום און גאלדבערג.

א פור. אייניקע יידן האָבן אונטערגעקויפט דייטשע שאָפערן, וועלכע האָבן זיי אוועקגעפירט קיין ווארשע אויף אויטאָס. מען האָט אויך געקאנט פאָרן מיט א טראנספּאָרט מיט דער באַן, די יידן האָבן אָבער מורא געהאט צו פאָרן מיט דער באַן, ווייל די דייטשן האָבן זיי דאָרט מערדערלעך געשלאָגן. זייער ווייניק יידן זענען בכלל געפאָרן מיטן באַן. אויף דעם אָדער אַנדערן אופן, האָבן די יידן פארלאָזן סאָכאַטשעוו מיט זייער האָב און גוטס, מיט זכרונות וועגן זייער געבורט־שטאָט — און זענען אוועק קיין ווארשע. ארויס זענען זיי פון סאָכאַטשעוו אינגאנצן ליידיק, ווייל די דייטשן האָבן דערלויבט יעדן איינעם מיטצונעמען בלויז ביז 15 קלג. זאכן.

די יידישע פארמעגנס האָבן די מערדער צוגענומען פאר זיך. זיי האָבן אויך צוגענומען די שענערע מעבל, די ערגערע האָבן זיי פארקויפט זייער ביליק דער קריסטלעכער באפעלקערונג פון סאָכאַטשעוו און אומגעגנט.

## די סאָכאַטשעווער אין ווארשע

אין ווארשע, אין געטאָ, זענען אריין בערך ביי 1800 יידן פון סאָכאַטשעווער געטאָ. צוערשט זענען זיי דורכגעגאנגען א קאראנטין. דערנאָך האָבן זיי אנגעהויבן זיך „איינצואָרדנען": וועמען עס האָט זיך איינגעגעבן בגניבה אריינצוטראָגן מיט זיך

געלט אָדער צירונג, האָט באַקומען אַ וווינונג. דער גרעסטער טייל אָבער האָבן זיך אַליין קיין עצה נישט געקאָנט געבן. דער וואַרשעווער יודענראַט האָט זיי איינ־געאָרדנט אין אַ „פּשיטולעק״.

אין דעם נייעם גיהנום איז געווען פיל ערגער ווי אין סאָכאַטשעווער געטאָ. די נויט איז דאָ געווען אַ שרעקלעכע. אין די „פּשיטולקעס״ האָט זיך אַריינגעכאַפּט די טיפוס־קראַנקייט, וועלכע האָט זיך אַנגעהויבן גיך צו פאַרשפּרייטן און האָט אָנ־גענומען אַן עפּידעמישן כאַראַקטער. שוין אין 5 טעג אַרום נאָכן אַריינקומען אין געטאָ, איז דאָרט פון טיפוס געשטאָרבן מענדל דעם שוחטס זון, הירש־יוסף וואַר־שאַווסקי. שפּעטער אַ ביסל איז אין געטאָ נאָך אַ קורצער קראַנקייט געשטאָר־בן דער סאָכאַטשעווער רב הרב פּרענקעל ז״ל.

זוכנדיק זיך ווי נישט איז צו העלפן אין דער שרעקלעכער נויט, האָבן זיך אייניקע יידן געלאָזט אַרויסגיין פון געטאָ. די דייטשן און זייערע מיטהעלפער האָבן זיך פון דעם דערוווּסט, און האָבן געכאַפּט די אַרויסגייענדיקע פון געטאָ. און יעדן טאָג פלעגן זיין קרבנות. אַזוי איז צווישן אַנדערע דערשאָסן געוואָרן אויף דער אַרישער זייט יחיאל (בילקעלע) פרידמאַן. אַלס וואַרענונג, אַז די יידן זאָלן זיך נישט וואַגן אַרויסצוגיין פון געטאָ, פלעגן די דייטשן אויסהענגען אין געטאָ מודעות, אַז די און די (דאַ פלעגט קומען אַ רשימה פון די יידן) זענען דערשאָסן געוואָרן פאַרן אַרויסגיין פון געטאָ.

די ליידן פון די סאָכאַטשעווער איז געווען אין לשער. דער בוי־מייסטער אידל באַליאַס האָט זיך געווענדעט מיט אַ בריוו צום בירגערמייסטער פון סאָכאַטשעוו יוליאַן פּראַוזע, אַז ער זאָל כאָטש אַ קליינעם טייל יידן דערלויבן צו קומען קיין סאָכאַטשעוו אויף שטאָטישער אַרבעט. פּראַוזע האָט מסכים געווען אַריינצולאָזן 30 פאַכמענער. דערוויסנדיק זיך פון דעם, האָבן די סאָכאַטשעווער אין וואַרשע באַלאַגערט באַליאַסן, אַז ער זאָל זיי פאַרשרייבן צו פאָרן קיין סאָכאַטשעוו אויף אַרבעט. באַליאַס האָט אָבער נישט געקאָנט העלפן אַלע זיינע לאַנדסלייט, ווייל די צאָל יידן צו פאָרן קיין סאָכאַטשעוו האָט נישט געקאָנט זיין העכער פון 30. פּראַוזע האָט געשיקט אַ מאַשין, און דרייסיק סאָכאַטשעווער מיט אידל באַליאַס בראש, האָבן איבערגעלאָזן זייערע משפחות אין וואַרשעווער געטאָ און זענען אַוועקגעפאָרן קיין סאָכאַטשעוו. דאָס איז געשען אייניקע חדשים נאָכן גירוש פון סאָכאַטשעוו.

### ווידער אין סאָכאַטשעוו

די געקומענע קיין סאָכאַטשעוו האָט דער בירגערמייסטער פּראַוזע באַזעצט אין אַ באַראַק אויפן פעלד, קעגנאיבער סטאַדאָלנע גאַס. מען האָט זיי אַהין געבראַכט שפּייז פּראָדוקטן, און זיי האָבן דאָרטן געוווינט צוזאַמען. דאָרט זענען געווען אַר־בעטער, וועלכע האָבן געדאַרפט בויען באַראַקן און אויפשטעלן ווי אויך רעמאָנטירן שטאָטישע בנינים. צווישן די געקומענע זענען געווען די מוליאַרעס אידל, און לייזער

באליאס, די מאלערס אלי פאזנאנסקי מיט זיין זון, משה שפייז־הענדלער מיט זיין זון, יוסף־מוניע — געוועזענער לאוניק אין סאָכאַטשעווער מאגיסטראט (בעת די דייטשן איז ער געווען א גרופנפירער), דער בלעכער הערש רייטמאן, דער טאַפּעצירער משה זעליאנקא, די שוסטער — די ברידער קלוסקי, דער בלעכער חיים גאָלדבערג, יעקל מאַריענ־פעלד, יואל געלבשטיין א. אנד.

און די יידן זענען ווידער געווען אין סאָכאַטשעוו, זיי האָבן אָבער סאָכאַטשעוו כמעט נישט געזען, זיי פלעגן בלויז אינדערפרי דורכגיין אייניקע גאסן אין שטאָט צו דער ארבעט, און פארנאכט — —פון דער ארבעט. אויסער דעם האָבן זיי נישט געטאָרט ארויסגיין פון זייער „היים" און האָבן נישט געטאָרט אנזען די ליכטיקע שיין.

אין ווארשע האָבן די סאָכאַטשעווער געקוקט מיט קנאה אויף די וואָס האָבן גע־האט דאָס גליק צו זיין צווישן די דרייסיק און זיי האָבן געטרוימט ארויסצוגיין פון ווארשעווער געטאָ און זיך אריינכאפן קיין סאָכאַטשעוו. די שטארקערע און אויך קינדער, פלעגן זיך ארויסגנבענען פון ווארשע און קומען אין די דערפער ארום סאָכאַטשעוו. זיי פלעגן ארבעטן ביי זייערע באקאנטע פויערים, און יענע פלעגן זיי געבן עסן. אייניקע פון זיי פלעגן זיך אפילו ארייננגנבענען אין ארבעטס־לאגער פון די דרייסיק און פלעגן ביי זיי זיך אויסהעלפן מיט שפייז.

אָבער אויך דער סאָכאַטשעווער לאגער פון די 30 האָט נישט געדויערט לאנג. אין א פאָר חדשים ארום איז געקומען א באפעל, צוריק אומצוקערן זיי אלע אין ווארשעווער געטאָ. עס האָט נישט געהאָלפן קיין מי און קיין בעטן. דער לאגער אין סאָכאַטשעוו האָט זיך געמוזט ליקווידירן. פראָווע האָט די יידן אויף א מאשין צוריק אפגעשיקט אין ווארשעווער געטאָ. אייניקע ארבעטער האָבן זיך ארויסגעגנבעט, און אויסבאהאַלטן אין סאָכאַטשעוו. זייער גורל איז אָבער געווען א שרעקלעכער. די מערדער האָבן זיך פון זיי דערוווסט, זיי זענען ביינאכט צוגעפאָרן מיט א מאשין צו זייער באהעלטעניש, האָבן זיי אוועקגעפירט אין נאָענטן וועלדעל און דאָרטן דערשאָסן. צווישן די אומגעקומענע דאָרט איז געווען דער טאַפּעצירער משה זיעלי־אנקא. דער ארבעטס־לאגער אין סאָכאַטשעוו איז אויף אזא אופן ליקווידירט געוואָרן. סאָכאַטשעוו איז צוגלייך מיט אלע ארומיקע יידישע ישובים געוואָרן אינגאנצן יידנריין.

## דער ווייטערדיקער גורל פון די סאָכאַטשעווער יידן

ווי באקאנט, איז די לאגע פון די יידן אין ווארשעווער געטאָ מיט יעדן טאָג געוואָרן אלץ ערגער. נישט געקוקט אויף די געשעענישן אין סאָכאַטשעוו, נישט געקוקט דערויף, וואָס מען האָט דאָרטן אויף יידן געלויערט ווי בלוטדורשטיקע חיות אויף זייערע קרבנות, האָבן זיך דאָך סאָכאַטשעווער יידן ארויסגעגנבעט פון

וואַרשעווער געטאָ און געוואַלגערט אין די וועלדער און דערפֿער אַרום סאָכאַטשעוו. צווישן די לעצטע זענען געווען הערש גאָטהעלף מיט זיין פרוי, גאָלד־בערג דער רימער א.אַנד.

באַזונדערס האָבן די באַהעלטענישן אין די סאָכאַטשעווער פעלדער און וועלדער אָנגעפילט די קינדער, וועמענס עלטערן זענען שוין געווען טויט, אָדער זיי האָבן איבערגעלאָזן אין געטאָ זייערע פאַרהונגערטע, פאַרפייניקטע שוין האַלב־טויטע טאַטעס און מאַמעס און האָבן זיך אַליין געלאָזן צו זייער היים, צו דער היים פון זייערע טאַטעס און זיידעס, צו דער היים ווו זיי זענען געבוירן געוואָרן און פאַרבראַכט זייערע קינדער־יאָרן. די „היים" האָט אָבער זיי נישט געקאַנט אויפנעמען, און האָט זיי צו זיך נישט צוגעלאָזט. די סאָכאַטשעווער קינדער האָבן זיך דעריבער געוואַלגערט אַרום זייער געבורטס־שטאָט, אין פאַרשידענע לעכער, און האָבן געזוכט ווי זיך אויסצוהיטן פון די ווילדע מערדער וואָס האָבן אומאויפהערלעך געלויערט אויף זיי. עס זענען דאָרט געווען לייזער דעם קצבס — יאַקובאָוויטש'ס 2 יינגלעך, יחיאל הערש רייטמאַנס איינגל, האַלענדערס איינגל, בעקער, יאַשינסקי א. אַנד.

זייער ווייניק פון די באַהאַלטענע האָט זיך אָבער איינגעגעבן אויסצוהיטן פון די מערדער. דער גרעסטער טייל פון זיי זענען אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט. די וואָס האָבן זיך אויסגעהיט ביזן סוף, האָבן זיך געראַטעוועט ווי על פי נס. למשל, גאָטהעלף מיט זיין פרוי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביי באַקאַנטע קריסטן — ווו געטאָגט נישט גענעכטיקט. ער איז א שניידער און די פויערים פון דער געגנט האָבן אים געקאַנט. ער האָט פאַר זיי גענייט, און האָט זיך אַרומגעשלעפּט פון איין אָרט אין צווייטן. וואָגלענדיק, זענען זיי נישט איינמאָל באַפאַלן געוואָרן דורך דייטשן, נישט איינמאָל האָבן די דייטשן אויף זיי געשאָסן. זיין פרוי בראַניע גאָטהעלף איז איינמאָל פאַרוואונדעט געוואָרן אין אָרעם און זי איז געבליבן א קאַליקע. מיט זיי איז אויך געווען איר שוועסטער אסתר, און זי איז בעת די אָבלאַוועס פון די דייטשן אומגעקומען. עס איז מיט זיי אויך געווען אין די פעלדער פון סאָכאַטשעוו זייער פרויס יונגערער ברודער יצחק. איינמאָל בעת אַן אבלאַווע פון די דייטשן, איז ער געלאָפן און האָט זיך פון זיין משפחה אָפּגעשיידט. זיי זענען געווען זיכער. אַז ער איז דאָרטן געפאַלן פון א דייטשער קויל און זיי האָבן אין די פעלדער פון סאָכאַטשעוו געזוכט זיין טויטן קערפּער. ערשט שפּעטער נאָך דער באַפרייונג האָבן זיי זיך צופעליק דערוווּסט, אַז ער האָט זיך דעמאָלט געראַטעוועט, און אַז אים האָט זיך איינגעגעבן אויסצוהאַלטן ביז דער באַפרייונג. ער איז, נישט וויסנדיק, אַז זיי זענען אַרויס לעבעדיקע און מיינענדיק, אַז ער איז פאַרבליבן איינער אַליין פון זיין גאַנצער משפחה, אַוועק קיין אַמעריקע.

ווי געזאָגט, זענען אָבער אַזעלכע געראַטעוועטע געווען זייער ווייניק. דער גרעסטער טייל פון די באַהאַלטענע זענען אין דער צייט פון זייער וואָגלען אַריינ־

געפאלן אין די הענט פון די מערדער. די לעצטע האָבן זיך איבער זייערע קרבנות אזוי אכזריותדיק נוקם געווען, אז די יידן האָבן זיך געשראָקן פאַרן ארייגפאלן לעבעדיקערהייט אין די חיהשע הענט מער ווי פאַרן טויט.

נאָכן ליקווידירן דעם געטאָ, האָט דער מאגיסטראט אויסגעגראָבן עטלעכע גריבער אויפן יידישן בית עולם, און די געכאַפטע יידן פלעגט מען אין די אוונטן פארטיעסווייז טרייבן צו די גריבער און זיי שיסן דאָרט. דער טויט האָט שוין דאַן, ווי געזאָגט, נישט געשראָקן, נאָר גרויס איז געווען די שרעק פאר די יסורים און פיין וועלכע די דייטשן און זייערע מקורבים האָבן פארשאפט בעתן אומברענגען. אזוי, אז בעת די מערדער פלעגן די געכאַפטע יידן טרייבן צו די גריבער און דאָרט זיי שיסן; אָדער שיסן די יידישע קינדערלעך, אלס „רחמנות", אויפן ראנד פון גרוב אין זייערע קעפלעך אריין — האָט מען עס גערעכנט פאר א גרינגן טויט... די יידן האָבן זייער גוט געוווסט, ווי אזוי די דייטשן האָבן אומגעבראכט אנדערע אויף א גאנץ אנדער אופן, און זיי האָבן אין זייערע באהעלטענישן געציטערט פאר אזא טויט, ווי עס האָט געהאט אונדזער בן עיר משה ב ע ז ש נ י צ ק י, וועלכן די דייטשן האָבן צוגעבונדן צו א בוים, מיט אנגעגליטע אייזנס אים אויסגעשטאָכן די אויגן, אים אָפּגעשניטן די צונג, און ווען ער איז אין שרעקלעכע יסורים אויסגעגאנגען האָבן זיי זיין קערפער איבערגעלאָזט אויפן פרייען פעלד און הינט האָבן פון זיין פלייש געריסן שטיקערווייז.

נישט בעסער איז געווען מיט די חללי רעב — די אומגעקומענע פון הונגער, ווי עס איז געשען מיטן שוסטער — דעם זון פון י ע ק ב ד ו ד דעם וואסער־טרעגער. נאָכדעם ווי די מערדער האָבן אים אויסגעטאָן נאקעט און ער איז א הוילער, א צעדולטער, געקומען צו לויפן אין מאַגיסטראַט, געבעטן א שטיקל ברויט, איז צו אים ארויסגעגאנגען דער בירגערמייסטער פראווזע מיט א גאנצער רעדע, און האָט אים דערקלערט, אז יידן טאָרן זיך אין סאָכאַטשעוו נישט געפינען, און „על פי פריינטשאפט" געהייסן אים וואָס גיכער זיך אָפּטראָגן פון דאָרט, ווייל מען וועט אים דערשיסן. דער שוסטער האָט שוין אָבער פארן טויט קיין מורא נישט געהאט, און איז פון מאגיסטראט נישט אוועק. פראווזע האָט טעלעפאָנירט אין זשאנדאמעריע, זיי האָבן דעם שוסטער אוועקגעטריבן צום בערגל לעבן דער גארבעריי, ביים יודענראט, און אים דערשאָסן. אזעלכע און ענלעכע פאלן פון אומקום זענען געווען אין די פיל צ ע נ ד ל י ק ע ר, און דאָס האָט געשראָקן סאָכאַטשעווער יידן מער פון טויט.

## ד ע ר פ י י ן פ ו ן ד י י י ד י ש ע ק י נ ד ע ר

א גאנץ באזונדער קאפיטל האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט די סאָכאַטשעווער קינדער, וואָס האָבן זיך דאָ אויסבאהאלטן אין די פעלדער און וועלדער ארום די דערפער און הויפן. די יידישע יינגלעך פלעגן זיך באזונדער דאַרפן היטן פאר די

דאָרפישע יינגלעך, וועלכע האָבן געאַרבעט אויף די פעלדער און געפּיטערט פּי אויף די לאַנקעס. ווען די דאָרפישע יינגלעך פלעגן באַמערקן אַ יידיש יינגל, פלעגן זיי אים באַפאַלן, נאָכלויפן נאָך אים, פאַרוואַרפן אים מיט שטיינער, שרייענדיק: „פּאַרשיוּוער ייד" א.א. עס זענען געווען פאַלן ווען יידישע יינגלעך, וועלכע האָבן זיך אויפגעהאַלטן ביי די באַקאַנטע קריסטן האָבן, כדי צו באַהאַלטן אַז זיי זענען יידן, געהאָלפן זייערע קריסטלעכע חברים און צוזאַמען מיט זיי נאָכגעלאָפן און געטריבן די פאַרוואָגלטע יידישע קינדער, פאַרוואַרפנדיק זיי מיט שטיינער און נאָכשרייענדיק „קליינע שנאָרערס", „פאַרפלוכטע יידן" א.א. ווי דער גראַטעוועטער זון פון הערצקע טילמאַן, נחמן דערציילט, אַז זייענדיק אַ פּאַסטעך ביי



אברהם בזשעזשינסקי און די קינדער פון שמואל כ"ץ
(אומגעקומען אין ווילנע)

טילמאַנס באַקאַנטן פויער יאַן פליכטע האָט ער געמוזט צוזאַמען מיט אַרטיקע פּאַסטעכער נאָכלויפן פאַרבלאָנדזשעטע יידישע קינדער, כדי אָראָפּצונעמען פון זיך יעדן חשד, אַז ער איז אַ יידיש יינגל. זיין קינדיש הערצל איז בעת מעשה אָפּגעגאַנ־גען מיט בלוט. ער האָט אָבער דאָס געמוזט טאָן, כדי אָפּצוהיטן זיין לעבן, וואָס איז געהאָנגען אויף אַ האָר.

### אַ יידיש יינגל בייסט־אָפּ אַ פינגער פון אַ פּאָליציאַנט

זייער אָפט פלעגן די יידישע קינדערלעך זיך האַלטן צוזאַמען, און פלעגן אויך צוזאַמען אַריינפאַלן צו דער ווילדער חיה. אַזוי איז געשען אין די פעלדער פון דאָרף ריבנע, ווען די קינדער האָבן אין זייער הונגער געגנבעט קאַרטאָפל פון די פעלדער, און די בעלי בתים, וועלנדיק פּטור ווערן פון די „שנאָרער", האָבן געמסרט דער

פאַליציי. די פּאַליציי איז געקומען, האָט זיי אַלעמען געכאַפּט און אַוועקגעפירט. ביי דעם האָט איינער אַ יינגל אָפּגעביסן אַ פּאַליציאַנט אַ פינגער.

נישט גרינג איז אויך געווען די קינדערלעך אויסצובאהאלטן זיך אין די דערפער פארשטעלט אלס קריסטלעכע קינדער. זיי פלעגן אָנקומען צו די פוערים אין דאָרף אויף ארבעט. די לעצטע האָבן געוווסט, אז פיל יידישע יינגלעך וואלגערן זיך ארום און פארשטעלן זיך פאר קריסטלעכע. און זיי האָבן מורא געהאט צו האלטן ביי זיך יינגלעך אָן א מעטריקע. צו באקומען א פאלשע מעטריקע איז געווען זייער שווער. עס איז געווען א גליק, ווען דער עלפיאריקער שלמה יאקובאוויטש, לייזער דעם קצב׳ס זון, האָט זיך איינגעגעבן אָפּצונארן דעם גלח פון סוכי און באַקומען ביי אים א מעטריקע. שפעטער אביסל האָבן די דייטשן און זייערע מיט־העלפער, וועלכע האָבן געלויערט אויף די אומגליקלעכע יידישע קינדער, דערגאנגען דאָס געהיימניש, ווי אזוי יידישע יינגלעך באזאָרגן זיך מיט פאלשע מעטריקעס, און די פויערים האָבן שוין נישט געוואָלט האלטן ביי זיך קיין פרעמדע פאסטעכער, אפילו מיט מעטריקעס. די בעסערע קריסטן האָבן מורא געהאט פאר זייערע שכנים, פאר זייערע באקאנטע, אז זיי זאָלן ביי זיך נישט באמערקן קיין יידישע קינדער און פלעגן זיי אוועקשיקן, אז זיי זאָלן גיין זוכן ארבעט אין אנדערע דער־פער ווו מען גיט נישט אכטונג אזוי שטרענג, ווו עס וווינען בעסערע פּאָליאקן. און די קינדערלעך פלעגן אין גרויס פחד אוועקגיין, ארומגייענדיק פון דאָרף צו דאָרף, פון פויער צו פויער, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן מיט זיך. די ברייטע, ליכטיקע וועלט איז פאר די סאָכאַטשעווער קינדער געווען ענג און פינסטער...

## ער וויל זיך נישט דערווייטערן פון ברודערס קבר

ביי יעדן שטעלן זיך די האָר קאַפּויער, ווען מען דערמאָנט זיך, ווי אזוי דער אויבנדערמאנטער צופעליק געראטעוועטער שלמה יאקובאוויטש דערציילט וועגן די יסורים פון אים און פון זיין ברודער הערש־לייב, וועלכער אין אומ־געבראכט געוואָרן דעם 18־טן מאי 1943 יאר. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט זיך זייער גוט מאסקירט, גערעדט אן אמתן פויליש ווי אלע דאָרפישע יינגלעך, האָבן דאָך די שכנים פון זיין בעל הבית באמערקט, אז ער איז א יידיש יינגל און האָבן עס דערטראָגן די דייטשן. זיי זענען אריינגעקומען צום בעל הבית, האָבן אן וועלכע נישט איז ווערטער ארויסגעפירט הערש־לייב יאקובאוויטשן הינטער א סטאדאָלע, און אים דערשאָסן. שלמה האָט געהערט דעם שאָס און איז געפאלן חלשות... לאנג באקלאָגן זיין ברודער האָט ער נישט געקענט, ווייל זיין בעל הבית, מורא האָבנדיק פאר זיך, האָט אים געהייסן זוכן באלד אן אנדער „שטעלע״ און ער האָט געמוזט אוועקגיין. שלמהלען האָט זיך אָבער נישט

געוואָלט געזעגענען מיטן פרישן קבר פון זיין ברודער, ארום וועלכן עס איז געווען זיין פארטרוקנט בלוט. פארן אוועקגיין האָט ער צונויפגענומען דאָס פארגאסענע בלוט פון זיין ברודער צוזאמען מיט דער ערד, אין וועלכער דאָס בלוט איז געווען איינגעזאפט, און האָט עס מקבר געווען אין זעלבן קבר... ער איז אוועקגעגאנגען, נישט וויסנדיק וווהין צו שטעלן זיינע ערשטע טריט. נאָר טייער און נאָענט איז אים געווען דאָס אָרט, דער דאָרף קאזלאוו־ביסקופי, ווו עס איז געווען זיין ברודערס קבר, פון וועלכן אים האָט זיך נישט געוואָלט פאר קיין פאל זיך דערווייטערן... און אזוי גייענדיק פון דאָרף צו דאָרף און זוכנדיק נייע ארבעט, האָט ער שטענדיק געקלעמט זיך, וואָס ער מוז זיך דערווייטערן פון דעם אָרט, וואָס איז פאר אים געוואָרן הייליק און טייער. אָפּגייענדיק שוין 45 קלמ. פון דעם אָרט, האָט ער זיך צוריק אומגעקערט צו זיין ברודערס קבר... ער האָט אָבער דאָ נישט געקענט פארבלייבן. מען האָט שוין געוווּסט, אז ער איז א יידיש יינגל און ער האָט געמוזט פון דאָרט אוועקגיין.

שווער איז אויך צו באנעמען דעם פּיין און שרעק וואָס עס האָט איבערגעלעבט הערצקע טילמאנס יינגל. זייענדיק באהאלטן אין א דאָרף ארום סאָכאַטשעוו ביי איינעם א פּאַליאַק דזיוויצקי, האָט ער צוגעהערט ווי זיין פרוי זוכט פּטור צו ווערן פון דעם יידישן יינגל. ווער איז בכוח צו באגרייפן, ווי אזוי דעם קינדס הארץ האָט זיך געקאָרטשעט פון שמערצן, ווען ער האָט זיך צוגעהערט ווי זשיוויצקיס פרוי האָט זיך געבעטן ביי איר מאן, אז ער זאָל אים אוועקפירן אין וואלד אריין און דאָרט אים שעכטן מיט זיין ראזיר־מעסער! אזעלכע און ענלעכע פאלן זענען געווען נישט קיין איינצלנע, און א גאנץ קליינער פּראָצענט פון די ליידנדיקע האָט דערלעבט דעם מאָמענט, ווען עס איז מעגלעך געוואָרן צו קומען און פארעפנטלעכן די שוידערלעכע איבערלעבענישן פאר דער וועלט.

זיי זענען אומגעבראכט געוואָרן איינער נאָכן צווייטן אין פארשידענע ערטער ארום סאָכאַטשעוו און אויף פארשידענע אופנים. שוין אין 1944 יאָר, איז אין סאָכאַטשעוו גופא אומגעקומען ראובן איזראלעוויטשעס א יינגל. אים האָט די גאנצע צייט אויסבאהאלטן די קריסטלעכע פרוי שעפּיאטאווסקא, וואָס האָט געוווינט אויפן פוילישן „צמענטאזש“. זי האָט אים אויך די גאנצע צייט געשפּייזט. ער פלעגט ביינאכט קומען צו איר אויפן הויף און צונעמען די עסנזאַכן, וואָס זי פלעגט אים צוגרייטן. אזוי האָט זיך עס געצויגן די גאנצע צייט ביז... איינמאָל אין 1944 האָט זי באמערקט, ווי דער יינגל האָט זיך געוואָלט דערנענטערן צו איר און די דייטשן האָבן אים פון וועג צוגענומען. מן הסתם האָבן אים באמערקט קריסטלעכע קינדער און איבערגעגעבן די דייטשן. (דעם פאקט האָט דערציילט שעפּיאטאווסקא דער פרוי שצאפּא, נאָך דער באפרייונג).

אזוי איז געשען מיט די סאָכאַטשעווער קינדער און דערוואקסענע, וואָס האָבן געהאַט דאָס „גליק״ זיך ארויסצוכאפן פון ווארשעווער געטאָ.

### דער הונגער אין ווארשעווער געטאָ

אָבער אויך אין געטאָ איז די לאגע געווען נישט בעסער. דער הונגער האָט דאָרט געהערשט אין אזעלכע פארמען, וואָס איז זיך שווער פאָרצושטעלן. דער הונגער האָט אין ווארשעווער געטאָ אויסגעבילדעט די אזוי גערופענע „כאפערס״, דאָס זענען געווען פארצווייפלטע פון הונגער וועלכע פלעגן אינמיטן גאס ארויס־כאפן ביי וועמען א שטיקל ברויט, ביי ווער א קארטאָפל אָדער אן אנדער עסנזאך און גיריק עס אריינכאפן אין מויל. די „כאפערס״ פלעגן אויך אינמיטן גאס אראָפּ־נעמען פון מענטשן בגדים און אנטלויפן מיט זיי. ח. טילמאַן דערציילט, ווי איינ־מאָל איז צו אים אין געטאָ צוגעלאָפן שטערנס א יינגל פון סאָכאַטשעוו און זיך געבעטן ביי אים, ער זאָל אים באשיצן פון „כאפערס״, וואָס יאָגן אים נאָך און ווילן ביי אים אויסטאָן זיין מאנטל, און טילמאַן האָט טאקע נישט דערלאָזן מען זאָל ביי אים צונעמען זיין בגד. די „כאפערס״ פלעגן פאר זייער ארבעט ווערן מערדערלעך געשלאָגן, דאָס האָט אָבער נישט געהאָלפן — דער הונגער איז געווען שטארקער פאר אלעם. דעם הונגער וואָס האָט געהערשט אין ווארשעווער געטאָ ביים גרעסטן טייל פון יידן, קען אילוסטרירן דאָס פאָלגנדיקע בילד, וואָס א. טילמאַן האָט אליין געזען. ביים הויז אויף ראג קראכמאלנע און זשעלאזנע, האָט זיך איינמאָל אן וואנט אנגעשפארט דער סאָכאַטשעווער שוסטער מאיר בזשאָזאָווסקי, ווען עס איז שלעכט געוואָרן און ער האָט געבראָכן. באלד איז צו אים צוגעגאנגען א יינגעלע פון א יאָר 5—6 מיט אויסגעדארטע הענטלעך, און איינגעבראָכענע אייגלעך, און האָט מיט זיין צינגל געלעקט פון ברוק דאָס וואָס בזשאזאווסקי האָט אויס־געבראָכן...

### די טיפוס עפּידעמיע

דעם שרעקלעכן הונגער האָט באגלייט די טיפוס עפּידעמיע, און צוזאמען געקערט די געטאָס ווי מיט א פארניכטונגס־בעזים. צווישן די סאָכאַטשעווער זענען דאָרט שפּעטער אויסגעשטאָרבן ירחמיאל געשרשטס פּרוי — נפתלי דעם זייגערמאכערס טאָכטער, יצחק בערגאזין, בערל אָקלאַנסקי, אברהם טילמאַן, יוסף מונע, יואל מיללער (פאָליציאַנט) א. אַנד.

זוכנדיק א רעטונג פון הונגער־טויט, האָבן אייניקע סאָכאַטשעווער אויס־געוואנדערט אין די געטאָס פון אזשעראוו, אסטראוויעץ, ביי ראדאם א.א. צווישן זיי האָבן זיך געפונען נח לעווין, שמחה קאָן, יצחק טילמאַן, פליישמאַן, שלמה לעווין, שמעון קראקאוו.

## אויף דער ארישער זייט

איינעקע סאָכאַטשעווער האָט זיך איינגעגעבן איינצואָרדענען אויף דער ארישער זייט. ארויסגייענדיק לעגאַל פון געטאָ, האָבן זיי געזוכט ווי זיך צו פארבינדן אין שטאָט מיט קריסטן, וועמען זיי פלעגן אָפּגעבן זייערע רעשטלעך גערעטעוועטע זאכן פאר פראָדוקטן.

די ארבעט אויף דער ארישער זייט האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א באזונדערן פרק פון ליידן און פיין. די דייטשן פלעגן די יידן שרעקלעך פייניקן, שלאָגן און נאָכדעם פון זיי אראָפּנעמען דאס בעסערע שוכווארג, קליידער, צונעמען דאָס ביסל פראָדוקטן, וועלכע זיי האָט זיך איינגעגעבן איינשאפן, כדי אריינצוטראָגן אין געטאָ פאר די פארהונגערטע משפחות זייערע.

## אויף די „דינאסן"

גאנץ אָפט פלעגן די דייטשן ארייָנפאָרן אין געטאָ אויף אויטאָס, כאפן דאָרטן יידן און אוועקפירן זיי. אין געטאָ איז געווען גוט באקאנט דאָס כאפן די יידן אויף די „דינאסן". דאָס זענען געווען פעלדער ווו עס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אויטאָ־גאראזשן פון די ס.ס. און געסטאפאָ־לייט. אהינצו פלעגט מען כאפן יידן מיטן ציל זיי צו בארויבן. דעריבער פלעגן זיי אויסקוקן יידן בעסער און רייכער אָנגעטאָן.

אָט וואָס עס גיט איבער טילמאַן וועלכן מען האָט, צווישן אנדערע, איינמאָל געכאפט אהינצו אויף ארבעט: ווען מען האָט זיי געבראכט צו פירן אויף די „דינאסן" האָט מען זיי אלעמען געשלאָגן מיט גומענע שטעקנס, דערנאָך האָט מען זיי אוועקגעשטעלט פוצן מאשינעס. זיי האָבן באלד דערשפירט, אז דער הויפּטציל איז דאָ נישט געווען די ארבעט אלס אזעלכע, נאָר זיי צו פייניקן און בארויבן. מען האָט זיי קודם באפוילן אויסצוליידיקן די קעשענעס, אויב נישט וועלן די דייטשן זיי שיסן. בעתן פוצן די מאשינעס האָט מען יעדע 15 מינוט יעדן איינעם ארויס־גערופן פון דער ארבעט און געשמיסן. פונקט 12 אזייגער האָט מען אָפּגעשטעלט די ארבעט און געהייסן גיין אויף מיטאָג, איבערלאָזנדיק די מאנטלען, פעלצן אלס משכון, אז זיי וועלן זיך צוריקקערן. פיל יידן האָבן איבערגעלאָזן זייערע אויבערשטע מלבושים און האָבן זיך צו דער ארבעט מער נישט אומגעקערט. טילמאַן האָט געזשא־לעוועט זיין מאנטל און איז געקומען צוריק אין גאראזש און האָט ווידער „געאר־בעט". פונקט אזוי ווי פאָרמיטאג האָט מען אים יעדע 15 מינוט געשמיסן. אויפן גאַראַזש האָט זיך צופעליק געפונען א דייטשער אָפיציר פון ס.ס., און טילמאַן האָט זיך פאר אים גענומען קלאָגן, אז ער איז געפאָרן אין גאס אויף א פור און מען האָט אים פון דאָרט אוועקגענומען אויף ארבעט, איבערלאָזנדיק די פור אויף הפקר. דער אָפיציר האָט געבעטן די דייטשן פון גאראזש, אז זיי זאָלן טילמאַנען באפרייען, און זיי האָבן מסכים געווען. און עס האָט זיך אנגעהויבן דער פּראָצעס פון באפרייען.

צו ערשט האָט אים אַן ס.ס. מאַן מיט זיין גאַנצן כח גוט אויסגעפּאַטשט. נאָכדעם, האָט אַ צווייטער פון זיי גענומען אַ „טאַקאַטש" האָט אים אויפגעהויבן אויף טיל־מאַנס קאָפּ און אים געוואָרנט אַז אויב ער וועט אַ קער טאָן מיטן קאָפּ, וועט ער אים פּלעטן דעם קאָפּ. ער האָט אַזוי עטלעכע מאָל אויפגעהויבן איבער טילמאַנס קאָפּ דעם „טאַקאַטש" און מיטן גאַנצן אימפּעט אַראָפּגעלאָזן איבער אים, ווי ער וואָלט אים געוואָלט דעם קאָפּ פּלעטן. טילמאַן האָט אויסגעהאַלטן מיט די לעצטע כוחות און זיין קאָפּ נישט אַ קער געטאָן. נאָכדעם האָט דער דייטש אַרויסגענומען אַ נאָטיץ־ביכל, דאָרט עפּעס געשריבן מיט אַ בלייפעדער און דעם בלייפעדער אַראָפּ־געוואָרפן אויף ד'ערד. טילמאַן האָט זיך איינגעבויגן אויפצוהייבן דעם בלייפעדער אָן אַ דערלויבעניש. דער דייטש האָט נאָכאַמאָל אַראָפּגעוואָרפן זיין בלייפעדער, טילמאַן האָט פאַרשטייט זיך דאַסמאָל דעם בלייפעדער נישט אויפגעהויבן — און דער דייטש האָט אים איצט געשלאָגן פאַרוואָס ער האָט דעם בלייפעדער נישט אויפ־געהויבן. צום סוף האָט ער אים דערלאַנגט אַ קאַפּע מיטן פוס און געהייסן גיין. טילמאַן האָט געכאַפּט זיין מאַנטל און אונטער אַ האָגל פון קלעפּ, קוים אַ לעבע־דיקער, אַרויסגעלאָפן אין גאַס. קומענדיק אהיים האָט ער זיך נישט געקאַנט צורירן צו קיין איבר — ער איז געווען אינגאַנצן צעמזיקט. ליגן אויף די פּלייצעס האָט ער נישט געקאַנט אַ לענגערע צייט. האָט ער געמוזט ליגן אויפן בויך. ווי מען האָט זיך דערוווסט, האָבן די דייטשן נאָך טילמאַנס אַוועקגיין איינעם אַ ייִדן אַריינ־געוואָרפן אין אויוון פון דער צענטראַל־באַהייצונג, און ער איז דאָרט פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט.

## משוגע פאַר צרות

דער פּסיכישער צושטאַנד פון די ייִדן אין וואַרשעווער געטאָ איז געווען אַ שרעקלעכער. פיל זענען פון צרות משוגע געוואָרן. צווישן די לעצטע זענען אויך געווען די סאָכאַטשעווער הערצקע בערמאַן און יאַנטשע דער טרעגער.

יאַנטשע דער טרעגער (דער ווישעגראַדער) פלעגט איבערן געטאָ אַרומגיין מיט אַ שיסל אויפן קאָפּ און מיט אַ צווייטער שיסל אין האַנט, און פלעגט בעטן נדבות, און הערצקע בערמאַן פלעגט אויך אַרומגיין איבערן געטאָ, געפירט אונטערן אָרעם דורך ישראל „שטעכער" און פלעגט אויך קלייבן נדבות.

דאָס לעבן פון מענטש איז געוואָרן אַזוי ביליק אַז ווען מען פלעגט הערן, אַז עמיצער איז דערשאָסן געוואָרן אָדער געשטאָרבן אין יסורים, האָט עס מער נישט געמאַכט קיין רושם. אַ סך האָבן געזוכט דעם טויט ווי אַ דערלייזונג פון זייערע צרות.

עס לאָזט זיך בשום אופן נישט איבערגעבן מיט ווערטער דעםווירקלעכן גייסטיקן צושטאַנד פון די ייִדן אין געטאָ אין יענער צייט. די וועלכע האָבן עס אליין נישט איבערגעלעבט, קענען עס מיטן נאָרמאַלן פאַרשטאַנד נישט באַגרייפן. עס



אברהם כאַזאַן

לאָזט זיך נישט באגרייפן, ווי אזוי מענטשן האָבן געקאָנט דערפירט ווערן צו א מדרגה, אין וועלכער פעסטע מאָראַלישע געזעצן און פאָרמען האָבן אָנגעווירן זייער ווערט און זין. עס איז דעריבער שווער און אפט אוממעגלעך צו פארשטיין א סך געשעענישן אין געטאָ, ווי די אויפפירונג פון מענטשן, די באציונג פון איין מענטש צום צווייטן, פון מענטשן צו זייערע נאָענטסטע, בין אדם לחברו. און דעריבער איז נישט קיין וואונדער, וואָס לייענענדיק אָדער הערנדיק פארשידענע דערציילונגען וועגן מעשים פון באקאנטע בלייבט מען שטיין פארוואונדערט, מיט פרעגנדיקע אומ־גלויביקע אויגן — צי האָט עס געקאָנט געשען? צי האָט עס געקענט זיין? און דער ענטפער פון די מענטשן, וואָס האָבן אליין איבערגעלעבט די פינצטערע צייט און וואָס שטודירן די געשעענישן פון יענער צייט איז, אז אלץ האָט געקאָנט געשען, אלץ האָט געקאָנט פאסירן, כאָטש היינט איז עס נישט פארשטענדלעך, כאָטש מיט א נאָרמאלן שכל, מיטן שכל הישר, לאָזט זיך עס נישט באגרייפן. מען קאָן למשל, נישט פארשטיין, ווי אזוי מענטשן, וועלכע האָבן ביז דער מלחמה נישט געקאָנט אנרירן א פליג אויפן וואנט, זענען אין געטאָ געוואָרן פעאיק אויף פארשידענע אוממעגלעכע טאטן.

## בעסטיאלישער מארד פון אָ ייד

שווער וועט זיין די סאָכאַטשעווער יידן צו באגרייפן דעם טאט פון זייער בן עיר לייבל גאלדבערג, וועלכער איז ווי זיין פאטער חיים גאלדבערג, כל ימיו ביז דער מלחמה געווען אין סאָכאַטשעוו א שטילער און העכסט ארנטלעכער מאַן, און אין געטא איז מיט אים געשען פאלגנדעס: גאלדבערג האט געארבעט

אויסערן געטאָ און האָט זיך דאָרטן צונויפגערעדט מיט א יידן וועמען ער האָט פארקויפט 12 קגר. זילבער. דאס זילבער האט זיך געפונען ביי גאלדבערגן אין געטא און דער ייד האט, לויטן אפרייד, אין אוונט געבראכט אים דאס געלט און האט געדארפט צונעמען דאס זילבער. אזוי ווי דאס זילבער איז געווען באהאלטן ביי גאלדבערגן אויפן בוידעם, האט ער אהין ארויפגעפירט דעם יידן. גאלדבערג האט ביים יידן צוגענומען דאס געלט און ווי מען האט חושד געווען, אז ער האט דעם יידן געהרגעט און אים באהאלטן אונטער פעדערן. דער בוידעם אין געווען פול מיט פעדערן, ווייל די איינוווינער פלעגן אויסשיטן זייער בעטגעוואנט און די ציכלעך אוועקטראגן אין שטאט, גייענדיק צו דער ארבעט, און דארט בייטן עם אויף פראדוקטן. שפעטער האט מען דעם דערהרגעטן געפונען אונטער די פעדערן. דער ווארשעווער יודענראַט האָט גאלדבערגן איבערגעגעבן די דייטשן און זיי האָבן אים דערשאסן.

נאכן זעלבסטמארד פון טשערניאקאוון, דעם יודענעלטסטן פון ווארשעווער געטא, ווען די דייטשן האבן גערופן פרייוויליק צו מעלדן זיך צום „ארויספארן" פון ווארשע פארן פרייז פון 3 קלג. ברויט און מארמעלאד, האבן זיך פיל יידן, אויסגעמאטערטע פון הונגער, פריי געשטעלט און זענען אויסגעזידלט געווארן אין דער באקאנטער „אקציע" פון די 35.000 יידן. צווישן די פרייוויליק געמאלדענע ארויסגעשיקט צו ווערן פאר א שטיקל ברויט זענען געווען אויך די סאָכאַטשעווער: דער ארטיסט אהרן קאן, מאיר קאנס זון, דער ארטיסט און אמאטאר ליפמאן דיאמענט, דער זון פון איטשע דיאמענט א. אַנד. וועלכע זענען אויסגעזידלט געווארן.

## די פארניכטונג אין די גאז־קאמערן

די סאָכאַטשעווער יידן זענען צוגלייך מיט אנדערע ארויסגעפירט געווארן אין פארניכטונגס־לאגערן, און צוזאמען מיט אנדערע דארט אומגעבראכט געווארן אין גאז־קאמערן, אין קרעמאטאריעס. אין טויטן־לאגער טרעבלינקע אין געווען איינער א משה פון סאָכאַטשעוו, וועלכן די יידן האבן דארט געהאלטן פאר א מוסר און גרייטנדיק דעם אויפשטאנד, האבן זיי מורא געהאט, אז ער זאל נישט דערטראגן וועגן דעם די דייטשן און זיי האבן זיך פאר אים שטארק געהיטן (זע „טרעבלינקע" פון י. ווערניק.) עס האט זיך אבער נישט איינגעגעבן פעסטצושטעלן גענוי, ווער דאס איז געווען, ווייל אין טרעבלינקע זענען געווען צוויי משה׳ס פון סאָכאַ־טשעוו — איינער משה שוויאטלאווסקי, וואס האט פאר דער מלחמה געוווינט אין ראזליאזלאוו ביי סאָכאַטשעוו, וועלכער האט איבערגעלעבט די אקופאציע און דער צווייטער משה, וואס האט זיך דערצויגן ביים גרעבער פון בית־חיים, און ער איז אין טרעבלינקע אומגעקומען.

אויף דעם „בלוטיקן שבת״, אין מערץ 1943, זענען געווען קרבנות פון סאָכאַטשעווער יידן. געשען אין דאס נאכדעם, ווען אין געטא האט מען געהרגעט א פאלקס־דייטש וואס איז געקומען אינדערפרי אין געטא נעמען יידן אויף ארבעט. דער דייטש פלעגט די יידן ביי דער ארבעט פייניקן, און די יידן האבן אים אין געטא געהרגעט און צוגענומען ביי אים זיין געווער. דעם זעלבן טאג, ארום 4 אזייגער, זענען אין געטא אריינגעפארן ביי 50 באוואפנטע דייטשן אויף מאשינעס, און האבן זיך אפגעשטעלט אויפן ראג מילע און זאמענהאף. דערזעענדיק די דייטשן זענען זיך די יידן פון דארט צעלאפן, און האבן זיך באהאלטן אין בונקערס, אויף בוידעמס. די דייטשן האבן אונטערגעצונדן אויף מילע גאס די הייזער נומער 14, 16, און ווען זיי האבן געכאפט האבן זיי געשאסן. אויף מילע גאס 4 (7) האבן זיך די משחיתים אנגעשטויסן אויף א בונקער, וווּ עס זענען געווען באהאלטענע יידן, זיי האבן זיי אלעמען ארויסגענומען פון דארט און אויסגעזעצט ארום הויף אין א קרייז אויף די קני, און אלעמען אויסגעשאסן. עס זענען דארטן אומגעבראכט געוואָרן ביי 89 מאן, און צווישן זיי יאשינסקיס אייניקל, משה אהרן אלדשלאקס יינגערער זון א. אַנד. די סאָכאַטשעווער זענען אומגעקומען איינער נאכן צווייטן.

אין אפריל 1943, צו דער צייט פון אויפשטאנד פון ווארשעווער געטא, זענען דארט פארבליבן פון אלע סאָכאַטשעווער ביי 40 מאן לערך, צווישן זיי משה גראָובאַרד, זיין שוועסטער רחל מילער, יחיאל זאנד, אידל און לייזער באליאס, דער לערער פון סאָכאַטשעווער „תרבות״ שולע יצחק שפירא מיט זיין משפחה, אברהם דייכוס, העליע פיין א. אנד.

עס איז געווען קלאָר, אז די איינציקע מעגלעכקייט נישט אומצוקומען צוזאמען מיט דער געטאָ איז ארויסצובאקומען זיך אויף דער ארישער זייט. און צו דעם האָט געשטרעבט יעדער איינציקער ווער ס'האָט נאָך געהאט כוחות. דערצו האָט מען אָבער געמוזט האָבן אויסערגעוויינלעכע ענערגיע, אָנווענדן כלערליי אָנשטרענגונגען, ווייל אלע וועגן, אלע דורכגאנגען, זענען געווען פארשטעלט דורך די דייטשן—אלץ איז גע־ווען בלאקירט. און ווייניק, זייער ווייניק פון די וואָס האָבן נישט געהערט צו דער קאמפס־אָרגאניזאציע, האָבן געהאט כוחות און מוט צו לאָזן זיך אין וועג, אין דעם וועג, וועלכער איז געווען פול מיט געפערלעכע שטערונגען און סכנות אויף יעדן שריט.

איינער פון די לעצטע איז געווען דער סאָכאַטשעווער הערצקע טילמאַן. ער האָט שוין געהאט זיין זון נאָך פון פריער איינגעאָרדנט אויף דער ארישער זייט, אליין האָט ער זיך איינגעאָרדנט אויף ארבעט אויסערן געטאָ, און פלעגט יעדן טאָג גיין אין שטאָט. ער האָט זיך געהאט אָפגערעדט מיט א באקאנטן פאליאק, וועלכער האָט אים מיט זיין פרוי געדארפט אויסבאהאלטן ביי זיך. טילמאן האָט נאָר געוואָלט פארבלייבן אין געטאָ איבער פסח. אויף פסח זענען אין געטאָ

געקומען יידן, וועלכע זענען שוין געווען איינגעאָרדנט אויסערן געטאָ ביי קריסטן אויף ארישע פאפירן. דאָ אָבער האָבן די דייטשן אנגעהויבן צו ליקווידירן די געטאָ. עס איז געקומען דער העלדישער אויפשטאנד און די וועגן דורך וועלכע מען האָט פריער געקענט ווי־נישט־איז ארויסגיין פון געטאָ, זענען אינגאנצן אפגעשלאָסן געוואָרן.

טילמאַן מיט זיין פרוי און דער לייטער פון דער סאָכאַטשעווער „תרבות"־שול יצחק שפירא מיט זיין משפחה, זענען אריינגעקראָכן אין א בונקער אויף פראנציסקאנער 24,ביים צוים פון געטאָ. ווען די דייטשן האָבן, ברענענדיק די געטאָ, אונטערגעצונדן דאָס הויז אויף פראנציסקאנער 24, איז אוממעגלעך געוואָרן צו פארבלייבן דאָרט אין בונקער, און זיי זענען ארויסגעקראָכן און זיך באהאלטן אין אן אנדער לאָך. דאָרט האָבן זיי אנגעטראָפן יוגנטלעכע פון דער קאמפס־אָרגאניזאציע. טילמאַן מיט זיין פרוי האָבן געזוכט אן אָרט, ווי אזוי זיי זאָלן דורכן קאַנאַל קענען ארויסגיין אויף דער אַרישער זייט. זיי זענען אריינגעקראָכן אין א נייעם בונקער אונטערן הויז פון פראנציסקאנער 22, וווּ עס איז געווען אן אונטערערדישער דורכגאנג צום קאַנאַל. ער האָט געהאלטן ביי א 20 מעטער די לענג און איז געווען אזוי נידעריק, אז מען האָט געמוזט דורך אים פויזן אויף אלע פיר...

## דורך אונטערערדישע קאנאלן

ווען די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן די הייזער פון געטאָ, האָבן זיך די באהאלטענע פון די בונקערס געלאָזן דורך די קאנאלן אויף דער ארישער זייט. די דייטשן האָבן אָבער באלד אַנטדעקט אויך די וועגן דורך די קאנאלן און האָבן ביי זייערע עפענונגען אוועקגעשטעלט באַוואָפנטע זעלנער, וועלכע האָבן געשאָסן אין די יידן ווי נאָר זיי האָבן אויפגעהויבן דאָס טירל ארויסצוגיין פון קאנאל. אויסער דעם האָבן זיי געוואָרפן אין די קאנאלן גאז־באָמבעס און אויפרייס־באָמבעס, וואָס האָבן אין אייניקע ערטער די קאַנאַלן פאַרשאָטן מיט גרוז און האבן אויך די קאנאלן פארפלייצט מיט וואסער.

פון דעם בונקער פון פראנציסקאנער 27 האָט מען געשיקט עטלעכע „ראז־וויעדקעס" דורכן קאנאל און זיי האָבן זיך אומגעקערט מיט ידיעות, אז מען קאָן דורך די קאנאלן נישט דורכגיין. פארבלייבן אָבער לענגער אין בונקער איז אויך געוואָרן אוממעגלעך. טילמאַן מיט זיין פרוי האָבן זיך אייניקע מאָל געלאָזן גיין דורכן קאנאל, און האָבן נישט געקאנט דורכגיין. דער וועג איז געווען דאָרט פאַרשטעלט, פארשאטן. באָמבעס האָבן זיך געריסן און זיי האָבן געטראטן איבער טויטע קערפערס. זיי האָבן זיך געמוזט אומקערן אין זייער בונקער. איינמאָל איז טילמאַן מיט זיין פרוי אוועק דורכן קאנאל מיט א גרופע יידן. אויפן וועג האָט מען זיי אריינגעוואָרפן א גאַז־באמבע, און טילמאנס פרוי איז דאָרטן געבליבן א פאַרגאַזטע. דאָרט איז אויך דערמאָלט דערשטיקט געוואָרן איינער לעווין, א העברעאישער לערער

פון לאָדזש. טילמאַן אַליין איז געווען ווייניק פאַרגאַזט און האָט זיך געלאָזן גיין ווייטער, ער האָט אָבער פון קאַנאַל נישט געקאָנט אַרויסגיין און האָט זיך געמוזט אומקערן צוריק אין בונקער.

שפּעטער זענען אין בונקער פון פראַנציסקאַנער 22 אַריין טיילן פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע ביי א 40—50 מאַן. צווישן זיי זענען געווען טוביה באָזשיקאָווסקי, צביה לובעטקין, מאַרק עדעלמאַן א.אַנד. דעם 2־טן מאַי האָבן זיי אַרויסגעשיקט א גרופּע פון 15 מאַן דורכן קאַנאַל אויף דער אַרישער זייט כדי אָנצובינדן א קאָנטאַקט. אין דער אַרויסגעשיקטער גרופּע איז געווען אויך טילמאַן. מיט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען און מיט דער הילף פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, האָט זיך זיי איינגעגעבן אַרויסצובאַקומען פון קאַנאַל און זיך צו ראַטעווען אויף דער אַרישער זייט. איצט געפינט זיך א. טילמאַן מיט זיין געראַטעוועטן זון אין פּאַריז.

בכלל האָבן זיך פון די סאָכאַטשעווער יידן, וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם שרעקלעכן גיהנום, זייער ווייניק געראַטעוועט. דער גרעסטער טייל פון זיי איז אומגעקומען אין שרעקלעכע ליידן, אין יסורים און פּיין, וועלכע קיין מענטש מיט נאָרמאַלע געדאַנקען מיט נאָרמאַלע באַגריפן קען זיך נישט פאָרשטעלן.

הייליק איז דער אָנדענק פון די סאָכאַטשעווער קדושים פאַר זייערע נאָענטע ווו זיי זאָלן זיך נישט געפינען, און טייער און הייליק דער זכרון פון דער סאָכאַטשעווער קהילה פאַר די שארית הפליטה פון סאָכאַטשעוו און פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק.

**לעווקאוויטש**

# דייטשע מארדן

אין יאָר 1941, אין אַ נאַכט פון חודש יאַנואַר האָט די דייטשע „זאָנדער־דינסט“, וועלכע מען האָט אין סאָכאַטשעוו גערופן „שוואַרצע“, דורכגעפירט רע־וויזיעס אין אַלע יידישע וווינונגען. זיי האָבן צוגענומען ביי די יידן, וואָס עס איז זיי נאָר געפעלן געוואָרן און צו דעם גוט געשלאָגן.

צוויי יידן, אהרן זעליג מאַריענפעלד און אריה שמעלץ זענען אַרויסגענומען געוואָרן פון גראָסמאַנס וווינונג און אין דער זעלבער נאַכט האָבן די דייטשן זיי דערמאָרדעט מיט אַ שרעקלעכן טויט. זייערע געוואַלדן און געשרייען האָבן זיך געטראָגן איבערן שטעטל און אַ שרעקלעכער פחד איז געפאַלן אויף די יידן. ליידער האָט קיינער נישט געקענט העלפן די אומגליקלעכע קרבנות. ערשט באַגינען האָבן די דייטשן צוגעשיקט צום יודענראַט אַ באַפעל צו קומען קובר זיין די צוויי הרוגים. ביי דער קבורה האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די צוויי קרבנות זענען שרעקלעך געפייניקט געוואָרן פאַרן טויט. זיי האָבן געהאַט פיל לעכער אין קאָפּ און ווונדן אויף די העלדזער. ביי מאַריענפעלדן איז איין האַנט געווען אַרויסגע־נומען פון גליד.

די לויה פון די צוויי פאַרפייניקטע איז פאָרגעקומען ביינאַכט. די דייטשן האָבן נישט געלאָזט, אז עס זאָלן זיך אין איר באַטייליקן אַ גרויסער עולם.

דעם 1־טן פעברואַר איז פאָרגעקומען אַן „אויסזידלונג“ פון אַ העלפט יידן און פאַר דער צווייטער העלפט איז געשאַפן געוואָרן אַ געטאָ. די וווינונגס־באַ־דינגונגען אין געטאָ זענען געווען זייער שלעכטע. עס האָבן געוווינט אין איין שטוב פון 10 ביז 15 פערזאָן. איך מיט מיין משפחה זענען פאַרבליבן אין סאָכאַ־טשעווער געטאָ.

דאָס געטאָ האָט נישט לאַנג עקזיסטירט. סך־הכל צוויי וואָכן. די דייטשן האָבן אַרויסגעהאָנגען פלאַקאַטן, אַז ביזן 15־טן פעברואַר 1941 מוזן די יידן פאַרלאָזן סאָכאַטשעוו. דער איינציקער וועג איז געווען קיין וואַרשע — אין וואַר־שעווער געטאָ.

דאָ הויבט זיך אָן אַ פריש גיהנום. אין געטאָ איז אַ מהומה. איינער לויפט

צום צווייטן מען באַראַט זיך וואָס צו טאָן. מען מאַכט פאַרשידענע השערות — אפשר איז דאָס אַ ליגן, אפשר מיינט מען ווידער אַ העלפט יידן. אָבער עס דויערט גאָרנישט לאַנג און יידן נעמען אַליין אַרויספאָרן קיין וואַרשע אין געטאָ אַריין. איינער האָט זיך פאַרקוקט אויפן צווייטן און דאָס ביסל יידן האָבן זיך געזעגנט מיט זייער געבורט־שטאָט.

איך האָב אויך געטאָן דאָס אייגענע וואָס אַנדערע. איך האָב אַוועקגעשיקט מיין פרוי און קינד, ווייל איך האָב נישט געקענט פאָרן מיט דעם זעלבן אויטאָ. עס זענען געפאָרן נאָך צוויי פרויען מיט צוויי קליינע קינדער. מער קיין אָרט איז אין דעם אויטאָ נישט געווען.

מיט צוויי טעג שפעטער, דעם 12־טן פעברואַר האָב איך פאַרלאָזט סאָכאַטשעוו. ביים ארויספאָרן האָבן מיך געטראָפן די מונדירטע דייטשן. די אַזוי גערופענע „שוואַרצע". זיי האָבן מיך גוט צעשלאָגן און אין אַזאַ מצב בין איך אריינגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ.

דער יודענראַט איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן פאַלאָזט דאָס געטאָ און אונדז אַלעמען איבערגעלאָזט אויף הפקר.

דער פרעזעס פון יודענראַט איז געווען איצעק געלבשטיין. די לעצטע פאַר טעג פאַרן פאַרענדיקן די אויסזידלונג איז ער אַוועק צוזאַמען מיט זיינע מיטאַר־בעטער. עס איז געבליבן דער קאָמענדאַנט פון די יידישע אָרדענונגס־דינסט — מנשה קנאַט.

די „שוואַרצע" זענען געווען שרעקלעך צווילדעוועט. זיי האָבן געשלאָגן יעדן ייד און געפרעגט: ווו האָט איר אייערע פאַרשטייער, פאַרוואָס זענען זיי פלוצלונג אַוועק. זיי האָבן זיך נישט געקענט מוחל זיין, וואָס דער יודענראַט איז נישט אַריינ־געפאַלן צו זיי אין די הענט און וועלכער ייד עס איז זיי אונטערגעקומען האָבן זיי גוט צעשלאָגן.

די דייטשן האָבן זיך מיט דעם בלויזן שלאָגן נישט באַגנוגנט און געכאַפּט מנשה קנאַט אים אַוועקגעפירט אויף דער סטאַשיץ־גאַס אין דער וווינונג פון פנחס גראובאַרדס איידעם און דערקלערט: אין דער וווינונג האָט אונדז דער פרעזעס פון יודענראַט באַשטעלט עטלעכע פאַר שטיוול. ווען מיר זענען געקומען אָפּנעמען אונדזערע שטיוול, האָבן מיר געטראָפן אַ ליידיקע וווינונג. די דייטשן האָבן גע־פאָדערט פון קנאַטן, ער זאָל זיי צושטעלן די שטיוול. דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער פאָליציי האָט דאָס נישט געוואָלט דערפילן און איז אויפן זעלבן הויף דערמאָרדעט געוואָרן.

אָנקומענדיק קיין וואַרשע, האָב איך זיך צופעליק באַגעגנט מיט זיין פאָטער לייבוש קנאַט. איך האָב אים נישט געוואָלט אָנזאָגן די שלעכטע בשורה. אין אַ פאָר טעג שפעטער האָט ער זיך דערוווּסט וועגן טויט פון זיין זון.

**
*

אין וואַרשעווער געטאָ האָב איך זיך צוגעקוקט צו די פרישע יידישע צרות, ווי מענטשן הונגערן און שטאַרבן אויף דער גאַס. איך האָב געזען ווי געוועזענע שיינע באַלעבאַטים פון סאָכאַטשעוו הייבן אָן אויסצושטרעקן די האַנט און בעטן אַ שטיקל ברויט. עס איז נישט געווען ווער עס זאָל זיי העלפן. איך האָב געזען, אַז עס רוקט זיך אָן די רייע צו מיר. דאָס ביסל געלט וואָס איך האָב אָפּגעראַטעוועט לאָזט זיך אויס, און עס וועט מיר אויסקומען צו הונגערן צוזאַמען מיט מיין פרוי און קינד. האָב איך באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ. דעם 28־טן אַפּריל, 1941, האָב איך צוזאַמען מיט מיין פרוי און קינד, פאַרלאָזט וואַרשע. מיר זענען אַוועק קיין מעזריטש־פּאָדלאַסק.

מיר זענען געפאָרן מיט דער באַן אַלס אַריער. פּאָליאַקן אַנטיסעמיטן האָבן אין אונדז דערקענט יידן און גענומען שאַנטאַזשירן. אָבער אונדזער רייזע איז פאָרט אַדורך בשלום און מיר זענען אָנגעקומען אויפן אָרט.

דאָס לעבן אין מעזריטש איז געוועזן פיל לייכטער ווי אין וואַרשע: ראשית, איז נאָך קיין געטאָ נישט געווען; צווייטנס, איז לעבנס־מיטל געווען נישט טייער אזוי, אַז מען האָט שוין פאַרשפּאָרט צו הונגערן.

צוויי וואָכן שפּעטער זענען אָנגעקומען קיין מעזריטש פאָלגנדע סאָכאַטשעווער לאַנדסלייט מיט זייערע משפחות: שלמה לעווין, פּיניע ראָזנקאָפּ, מאָטל רייטמאַן („קאַצעוו"), זיין ברודער בן־ציון רייטמאַן, זייער פלימעניק יודקא בערקאָוויטש, לייב העלמער, זיין שווער חיים־יאַקל, מיין שוויגער מלכה מיט אירע קינדער, פּסח ראָזנבערג, וואָלף־איטשע גאָלעק און מיינע עלטערן מיט מיין גאַנצער משפחה. די סאָכאַטשעווער האָבן געהונגערט און עס זענען פאָרגעקומען שרעקלעכע טראַגעדיעס. די טאָכטער פון מאָטל רייטמאַן איז משוגע געוואָרן, ווייל זי האָט נישט געקענט צוקוקן ווי איר פאָטער גייט אַרום בעטן אַ ביסל עסן. שפּעטער, אין יאַנואר 1942 איז געשטאָרבן זייער פלימעניק יודקא בערקאָוויטש.

מיט אים האָב איך זיך אָפּט געטראָפן אויפן דאָרף זשוקאָוואָלאַ־פּאָפּזשעטנע, ראַדזינער קרייז, 13 קילאָמעטער פון מעזריטש. דאָרטן האָט ער געאַרבעט ביי פּויערים אַלס לאַנד־אַרבעטער און איך בין דאָרט געווען באַשעפטיקט אַלס שניידער, ביי מיין פאַך.

אין דעצעמבער 1941 האָבן די דייטשן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אונטער דראָונג פון טויט־שטראָף, אַז יידן טאָרן זיך נישט געפינען אין די דערפער. איך האָב אויפגעהערט צו קומען אין דאָרף. יודקא בערקאָוויטש איז ווייטער דאָרט געבליבן. ער איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. לויט דעם ווי די פּויערים האָבן מיר איבער־געגעבן, האָבן זיי אים געוואָלט ברענגען קיין מעזריטש, אָבער זיי האָבן מורא געהאַט, ווייל פאַר האַלטן אַ ייד האָט געדראָט מיט טויט־שטראָף.

אין חודש יאַנואַר, 1942, אין אַ געוויסן פרימאָרגן, ווען דער באַלעבאָס, ביי וועלכן בערקאָוויטש איז געוועזן, איז אַרויס אין שטאַל ווו יודקא איז געלעגן קראַנק — האָט ער אים געטראָפן אַ טויטן.

די פויערים האָבן אים גלייך קובר געווען, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט, אַז די דייטשע מאַכט זאָל זיך פון דעם נישט דערוויסן. אין צוויי טעג שפּעטער, ווען די דאָרפס־לייט זענען צו מיר געקומען אָפּנעמען זייער אַרבעט, האָבן זיי מיר דערציילט וועגן דער קבורה פון בערקאָוויטשן: זיי האָבן זיין קבר אויסגעבעט מיט צוויי בינטלעך שטרוי און אויף אים ווידער אַרויפגעלייגט שטרוי און נאָכדעם צו־געשאָטן מיט ערד.

דערוויסנדיק זיך די טרויעריקע בשורה, בין איך מיט דעם פּאָליאַק, וואָס האָט מיר דאָס דערציילט אַוועק אין מעזריטשער יודענראַט און זיי איבערגעגעבן וועגן טויט פון בערקאָוויטשן. איך האָב געבעטן, אַז מען זאָל אים קובר זיין ווי אַ ייד און באַקומען אַ תשובה, אַז זיי קענען דאָס נישט מאַכן. אויך די סאָכאַטשעווער לאַנדסלייט האָבן נישט געקענט ברענגען זייער בן־עיר צו קבר־ישראל.

לייבל העלמער איז געשטאָרבן אין יאָר 1942, די וואָך פון פסח האָט ער געאַרבעט ביי באַקן מצות. ביי דער אַרבעט האָט ער זיך דערקילט און איז אין דער זעלבער וואָך געשטאָרבן.

דעם 25־טן אויגוסט 1942 איז אין מעזריטש פאָרגעקומען די ערשטע ליקווי־דאַציע פון געטאָ, אַן אַזוי גערופענע „אַקציע". מיט דער אַקציע זענען אַוועק אונדזערע לאַנדסלייט. מען האָט זיי געשיקט אין פאַרניכטונגס־לאַגער טרעבלינקע. אויף דעם אומשלאַג־פּלאַץ האָב איך זיך נאָך געזען מיט דער משפחה ראָזענקאָפּ, ווייל זיי זענען געזעסן לעבן מיר און מיין משפחה. די איבעריקע לאַנדסלייט האָב איך נישט באַגעגנט, ווייל עס איז געווען אַן עולם פון איבער 20.000 מענטשן.

*****

איך האָב געאַרבעט אין דער פירמע ס ט ו א ג. די אַרבעט איז באַשטאַנען אין בויען שאָסייען. ווען מיר אַלע זענען געווען פאַרזאַמלט אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, איז געקומען דער אינזשעניער מוסעק פון דער דאָזיקער פירמע, צוזאַמען מיט דעם אַרבעטס־אַמט אין דער באַגלייטונג פון ס.ס. און אַרויסגענומען אַלע זיינע אַרבעטער. מוסעק האָט אַלעמען צוגעזאָגט, אַז אין צוויי שעה שפּעטער וועלן די משפחות אויך אַרויסגענומען ווערן. פאַרשטייט זיך, אַז דער דייטש האָט אָפּגענאַרט. די משפחות האָט מען אַוועקגעפירט קיין טרעבלינקע.

מיר זענען שנעל אַוועקגעפירט געוואָרן מיט אויטאָס צו דער אַרבעט, ווו מיר האָבן געוואַרט אויף אונדזערע משפחות, וועלכע מיר האָבן צו אונדזער גרויסן צער מער נישט געזען.

מיט צוויי טעג שפּעטער זענען מיר צוריק אַריין אין אונדזערע וווינונגען, ווו

מיר האָבן געהאַט די געלעגנהייט זיך אויסצווויינען. מיר האָבן נאָך נישט געוווסט, אַז עס עקזיסטירט אַ פאַרניכטונגס־לאַגער מיטן נאָמען „טרעבלינקע“, נאָר אין צוויי וואָכן שפּעטער, ווען עס איז צוריקגעקומען פון טרעבלינקע מיין שכן, וועלכער האָט געוווינט לעבן מיר אין מעזריטש און ער האָט מיר דערציילט, ווי אַזוי ער האָט זיך פון דאָרט אַרויסגעריסן, דעמאָלט האָב איך ערשט אנגעהויבן גלויבן, אַז אונדזערע נאָענטע לעבן נישט מער.

מיר האָבן ווייטער געאַרבעט. ביי יעדן איינעם איז געווען אַ ריס אין האַרץ. מיר האָבן זיך גאַרנישט געקענט העלפן און געמוזט טרייסטן, אַז גאָט האָט אַזוי געוואָלט, מוזן מיר עס פאַר ליב נעמען.

6 וואָכן שפּעטער, האָבן ס.ס. לייט צוזאַמען מיט אוקראַינער אונדז אַרומגערינגלט אויף דעם פּלאַץ ווו מיר האָבן געאַרבעט ביי דער פירמע „סטואַג“, זיי האָבן אונדז אריינגעזעצט אין אויטאָס און אַפּגעפירט אין מעזריטשער שול. אין דער שול האָבן זיי אונדז געהאַלטן דריי טעג אָן עסן און אָן טרינקען. אויף דעם 4־טן טאָג האָבן זיי אונדז געפירט צו דער באַן, כדי אַוועקצושיקן קיין טרעבלינקע. אין פאַרמאַכטע לאַסט־וואַגאָנעס, האָבן זיי אונדז אַריינגעשטופּט צו 80 מאַן אין איין וואַגאָן. מענטשן זענען דערשטיקט געוואָרן אויף טויט. אין דעם וואַגאָן ווו איך האָב זיך געפונען, זענען אין משך פון צוויי שעה דערשטיקט געוואָרן 5 מענטשן. איך האָב געטראַכט, אַז סיי ווי פירט מען אונדז צום טויט, האָב איך באַשלאָסן אַרויסצושפּרינגען פון וואַגאָן. דאָס שפּרינגען איז נישט געווען אַזוי איינפאַך. די טירן מיט די פענצטערלעך זענען געווען שטאַרק פאַרקלאַפּט, אָבער דאָך האָבן מיר זיך פאַרנומען עטלעכע מאַן און אַרויסגעריסן די קראַטן פון א פענצטערל, אַראָפּגעריסן די ברעטער, וואָס זענען געווען צוגעקלאַפּט פון דרויסן און געגרייט זיך ארויסצושפּרינגען פון וואַגאָן.

### מיר שפּרינגען פון וואגאן

עס איז געווען אַ שווערער מאָמענט. דער צוג איז זייער שנעל געלאָפן, אַזוי ווי אַ שנעל־צוג, עס האָט געשווינדלט פאַר די אויגן. דאָך האָב איך באַשלאָסן, אַז איך שפּרינג דער ערשטער. איך בין אַרויס דורך דעם פענצטער, אָבער נישט גלייך געשפּרונגען. איך בין אַרויף אויף די בופערן און געוואַרט ביז מיינע צוויי ברידער זענען אויך אַרויס פון וואַגאָן און אַוועקגעשטעלט זיך אויך אויף דעם זעלבן אָרט וואָס איך. שפּרינגען האָבן מיר וואָס אַן אמת מורא געהאַט, דער טויט האָט געדראָט פון אַלע זייטן, אוקראַינער וואָס האָבן געפירט דעם טראַנספּאָרט, האָבן באַשאָסן דעם וועג פון ביידע זייטן. אָבער נישט געקוקט אויף דעם אַלעם, בין איך צוזאַמען מיט מיינע צוויי ברידער אַרונטערגעשפּרונגען פון דעם שנעל־לויפנדן צוג. אָבער עס האָט אונדז גאַרנישט געשאַדט. מיר זענען נאָר געבליבן ליגן אַן באַוווסטזיין און אַ ביסל זיך צעקלאַפּט. ווען מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט,

זענען מיר גלייך אַוועק אין אַ וואַלד. דאָרט זענען מיר געבליבן דריי מעת־לעת, לענגער האָבן מיר נישט געקענט בלייבן, ווייל מיר האָבן נישט געהאַט קיין עסן. די פּויערים פון די דאָזיקע דערפער האָבן אונדז נישט געוואָלט פאַרקויפן קיין שום שפּייז, אזוי, אַז מיר האָבן זיך געמוזט דערנערן מיט פאַרשידענע גרעזלעך, ברוקעוו, אאז״וו. לסוף האָט אונדז די נויט געצוווּנגען זיך צוריקצוקערן אין שטאָט (מעזריטש).

אין דריי וואָכן שפּעטער האָבן די דייטשן ווידער געמאַכט אַן „אַקציע״, און מיך מיט מיין יונגערן ברודער ווידער געכאַפּט. צוויי טעג זענען מיר געלעגן אין אַ שטאַל. אָן עסן, אָן טרינקען. אויף דעם דריטן טאָג האָבן די אוקראַינער דורך אַ פענצטער פונעם דאַך אַריינגעוואָרפן עטלעכע ברויט פאַר אַ גרויסן עולם. בעת מיר האָבן זיך געריסן צו כאַפּן אַ שטיקל ברויט, האָבן די אוקראַינער צו אונדז אַריינגעשאָסן פון מאַשין־געווער. עס זענען געפאַלן 5 יידן. נאָך דער רציחה האָבן זיי אונדז געפירט צום צוג, כדי אונדז ווידער צו פירן צום טויט, קיין טרעבלינקע.

און אָט בין איך שוין ווידער צוזאַמען מיט מיין ברודער אין דעם פאַרמאַכטן וואַגאָן. מ׳דאַרף ווידער שפּרינגען. מיר האָבן לויט דער פריערדיקער פּראַקטיק אויפגעריסן דאָס פענצטערל, אָבער מיר זענען נישט באַלד אַרויס, מיר האָבן צוגעהאַלטן די קינדער און די יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געוואָלט זיך ראַטעווען, זיי זאָלן די ערשטע אַרויס. מיר האָבן זיי פעסטגעהאַלטן ביי אַ האַנט און אַזוי אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד. שפּעטער איז אַרויס מיין ברודער און איך נאָך אים.

דאָס שפּרינגען האָט זיך מיר נישט ספּעציעל איינגעגעבן. איך האָב זיך שטאַרק צעקלאַפּט און בין געבליבן ליגן אַ לענגערע צייט, ביז איך בין געקומען צום באַוווּסטזיין. איך האָב גענומען זוכן מיין ברודער און אים נישט געפונען. איך בין ווידער אַוועק קיין מעזריטש.

דער וועג איז געווען זייער אַ שווערער. די דייטשן האָבן באַשטעלט אַלע וועגן מיט „מיליץ״. די מיליציאָנערן, ציווילע פּאָליאַקן האָבן געהאַט אַן אויפגאַבע צו כאַפּן יידן וואָס שפּרינגען פון דער באַן און אָפּפירן זיי צו דער פּוילישער גראַנאַטנער פּאָליציי, ווו מען האָט זיי גלייך דערשאָסן. פאַר יעדן ייד וואָס זיי האָבן געברענגט, האָבן זיי באַקומען 5 קילאָ צוקער.

אין זייערע הענט בין איך נישט אַריינגעפאַלן, נאָר מיין ברודער בנימין איז פון זיי געכאַפּט געוואָרן. עס איז אים געלונגען צו אַנטלויפן, ווייל קיין געווער האָבן די מיליציאָנערן נישט געהאַט. נאָענט פון דער שטאָט האָבן אים ליידער געכאַפּט אַנדערע מיליציאָנערן. ער האָט געפּרוּווט זיך אויסצוקויפן פאַר געלט, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. האָט ער ווידער פּרובירט צו אַנטלויפן אָבער עס איז אים נישט געלונגען. ער איז אָפּגעפירט געוואָרן צו דער פּאָליציי.

פאַר זיין אָנקומען האָט מען דאָרט דערשאָסן 80 יידן. צו זיין גליק איז געקומען אַ באַפעל פון אָבער־שטורעם־פירער, אַז די פריש־געכאַפּטע יידן וואָס די מיליץ

האָט געבראַכט זאָל מען אָפּשיקן אין מעזריטשער געטאָ. און אַזוי אַרום האָט ער זיך געראַטעוועט און מיר זענען געווען אין מעזריטש ביז דעם 1־טן מאַי 1943.

אין דעם טאָג, געווען איז דאָס שבת ביי נאַכט אויף זונטיק, האָבן דייטשן, צוזאַמען מיט אוקראַאינער אַרומגערינגלט דאָס גאַנצע מעזריטשער געטאָ. עס האָט זיך אָנגעהויבן מיטן געוויינלעכן פּראָגראַם: שיסערייען פון אַלע זייטן, קיינער ווייסט נישט, וווּ ער זאָל לויפן. איך וויל אַריין צו מיינע צוויי ברידער, וואָס האָבן געוווינט נישט ווייט פון מיר, אָבער עס איז שוין נישט מעגלעך, ווייל די אוקראַאינער שיסן פון אַלע זייטן. איך געפין זיך אונטער אַ האָגל פון קוילן. איך בין אַריין אין נאָענטסטן „סכראָן" (באַהעלטעניש) און זיך אויסבאַהאַלטן צוויי טעג. אויפן צווייטן טאָג האָט אַ מעזריטשער ייד געמסרט דעם „סכראָן" וווּ איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן.

אַזוי אַרום בין איך שוין צום דריטן מאָל אַריין אין די הענט פון די דייטשן און אוקראַאינער. דאָסמאָל האָב איך זיך צעשיידט מיט מיינע צוויי ברידער אויף אייביק. דאָס איז געווען די לעצטע אַקציע אין מעזריטש.

בשעת אַלע אַקציעס האָט דער פּרעזעס פון מעזריטשער יודענראַט, קלאַרבערג, געהאַט אַ דעה ביי די דייטשן. ער האָט געהאַט אפילו דאָס רעכט צו וווינען אויסער דעם געטאָ. ער איז געווען אַן אַפּטייקער און זיך געפונען אויף דער אַרישער זייט. ביי דער דאָזיקער אַקציע איז דער פּרעזעס צוזאַמען מיט זיין פרוי אָפּגעפירט געוואָרן אין געטאָ, וווּ מען האָט זיי גלייך דערשאָסן. אַזוי, אַז די דאָזיקע אַקציע האט אנגענומען אַ כאַראַקטער פון מאַכן מעזריטש יידן־ריין.

## אין מיידאַנעק און אין אשוויענטשים

איך בין שוין אַליין אָן מיינע ברידער, צום דריטן מאָל אין טויטן־צוג. איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן: וואָס ווייטער? צי זאָל איך ווידער שפּרינגען, אדער נישט? עס איז מיר שוין געווען נמאס דאָס גאַנצע לעבן. שפּרינגען פון צוג און צוריקגיין קיין מעזריטש איז געווען צוועקלאָז, ווייל מעזריטש אין פאַרבליבן יידן ריין. איך האָב זיך געטראַכט, אַז איך דאַרף אומקומען ווי מיינע אייגענע. איך מיט נאָך אַ פּאָר פערזאָן האָבן אויסגעבראָכן אַ ברעט פון וואַגאָן כדי צו קענען אָטעמען. מיר האָבן זיך אָריענטירט, אַז מיר פאָרן אין דער ריכטונג פון לובלין. אין וואַגאָן איז געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ אוממעגלעכער צום אויסהאַלטן. עס זענען געלעגן צום טויט־דערשטיקטע מענטשן און עס האָט געפּייניקט דער דורשט. עס איז שוין אָזוי ווייט דערגאַנגען, אַז איך האָב געטרונקען מיין אייגענע אורין. דער איינציקער ווונש וואָס ביי אונדז איז געווען: אָנצוטרינקען זיך מיט וואַסער און שפּעטער שטאַרבן. אַזוי האָבן מיר זיך געפּייניקט אַ מעת־לעת, ביז מיר זענען אָנגעקומען קיין „מיידאַנעק".

אין 4־טן, מאַי 1943, בין איך אָנגעקומען קיין מיידאַנעק. און אין דעם דאָזיקן טאָג דורכגעגאַנגען אַ סעלעקציע. עס האָט מיר געגליקט און איך בין נישט אַריינ־

געפאַלן איז גאַז־קאַמער. מיט מיר צוזאַמען, אין מיידאַנעק זענען געווען די פאָלגנדע סאַכאַטשעווער לאַנדס־לייט: שלמה לעווין מיט זיין זון מאַניעק און אברהם קאַן יאַקלס זון. מיט זיי בין איך געווען אין מיידאַנעק ביז דעם 6־טן יולי 1943. ווען מען האָט אונדז איבערגעשיקט פון מיידאַנעק קיין אָשוויענטשים. דאָ זענען מיר ווידער דורכגעגאַנגען אַ סעלעקציע. מען האָט אונדז געמושטרעוועט 4 מאָל, איינ־געשטעלט צו פינפטלעך און לויט ליטערעס.

מיר איז אויסגעקומען צו שטיין אין איין ריי מיט שלמה לעווין און זיין זון. ביי דעם לעצטן מאָל מושטרעווען אונדז, האָט מען אַרויסגענומען שלמה לעווין, ווייל ער האָט געהאַט געשוואָלענע פיס. דער זון זיינער איז געבליבן צוזאַמען מיט מיר. מען האָט אונדז אין זעלבן טאָג איבערגעשיקט אין לאַגער „בונא", ביי אָשוויענטשים. דאָרט האָב איך זיך ווידער געטראָפן מיט סאַכאַטשעווער: אַ חוץ די שוין דערמאַנטע מאַניעק לעווין, אברהם קאַן, איז אויך דאָ געווען: ישראל ליכטנשטיין מיט זיין ברודער העניעק און בעריש לעווקאָוויטש מיטן זון. צום סוף 1944 איז אָנגעקומען צו אונדז אין לאַגער ח. האָלצמאַן.

דעם 15־טן מאַי, 1944, איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע „סעלעקציע". עס זענען אַוועק צום טויט הונדערטער יידישע „העפטלינגע", און צווישן זיי אויך אברהם קאַן. ער האָט זיך אפילו מיט מיר געזעגנט. ביים געזעגענען האָט ער מיר געזאָגט: איך ווייס, אַז איך גיי צום טויט, אָבער לײדער קען סטו מיר גאָרנישט העלפן. דאָס פעקל עסן וואָס איך האָב אים מיטגעגעבן האָט ער נישט געוואָלט נעמען, ער האָט מיר געווונטשן, אַז דער דאָזיקער גורל זאָל מיך מיידן.

מיר זענען געבליבן דאָרט ביז דעם 18־טן יאַנואַר 1945. אין דאָזיקן טאָג זענען מיר געוואָרן עוואַקואירט אין גלייוויטש (נידערשלעזיען). מיר זענען געגאַנגען צו פוס אַ גאַנצן מעת־לעת. אין גלייוויטש האָבן מיר זיך אויפגעהאַלטן אויך איין מעת־לעת. שפּעטער האָט מען אונדז אַרויפגעזעצט אויף אַ משא־צוג פון אָפענע פּלאַטפאָרמעס און אַוועקגעשיקט איבער טשעכאָסלאָוואַקיע קיין בוכענוואַלד. דער וועג האָט געדויערט ניין טעג, אָן עסן. מיר האָבן געלעבט פון דעם, וואָס דורכפאָרנ־דיקע טשעכן האָבן אונדז צוגעוואָרפן ברויט. פאָרנדיק האָבן מיר אַראָפּגעלאָזט מאַנאַשקעס אָנגעבונדן מיט אַ שטריקל און אָנגעשעפּט אַ ביסל שניי, כדי צו דער־האַלטן די נשמות.

אין איין וואַגאָן זענען מיר געווען 124 „העפטלינגע". יעדער איז געזעסן צווישן די פיס פון זיין חבר. אונדזער גליק איז געווען דאָס, וואָס די וואַגאָנעס זענען נישט געווען פאַרמאַכט. און דאָך זענען צוויי פערזאָן אַראָפּ פון זינען און אַראָפּ־גייענדיק אין בוכענוואַלד, האָט מען פון אונדזער פּלאַטפאָרם אַראָפּגענומען 30 טויטע. די סאַכאַטשעווער לאַנדסלייט האָב איך שוין מער נישט געזען.

אין בוכענוואַלד בין איך געווען ביזן 9־טן פעברואַר 1945. און אַוועקגעשיקט געוואָרן אין אַ צווייטן לאַגער. דאָ האָט מען אונדז גוט באַהאַנדלט. מען האָט אונדז

געפירט אין פאַרמאַכטע לאַסט־וואַגאָנעס, צו 50 פערזאָן אין איין וואַגאָן און 4 ס.ס. מענער, אַזוי אַז מיר האָבן געהאַט געגוג לופט און באַקומען עסן.

אָפּפאָרנדיק ביז נאָך ערפורט זענען אָנגעקומען אַמעריקאַנער פליער און האָבן באַשאָסן דעם צוג, מיינענדיק, אַז דאָס איז אַ צוג מיט דייטשיש מיליטער, אָדער אַמוניציע.

נאָך דעם ערשטן מאָל באַשיסן מיט מאַשין־געווער, האָב איך גלייך באַקומען 5 קוילן אין מיין רעכטע פוס. איך האָב געפּרוווט אַרויסשפּרינגען, האָט דער ס.ס.־פּאָסטן געצילעוועט צו מיר מיט דער ביקס און אין דעם מאָמענט איז דער ס.ס.־מאַן געפאַלן אַ טויטער פון אַמעריקאַנער קוילן, וועלכע האָבן אויך מיר געטראָפן אין מיין רעכטער האַנט. איך בין געבליבן ליגן און זיך מער נישט געקענט באַוועגן. עס איז געקומען אַ באַפעל פון דעם טראַנספּאָרט־פירער: „אַלעס אויסשטייגן", כדי די אַמעריקאַנער זאָלן זען, אַז דאָס איז נישט קיין מיליטער און נישט קיין אַמוניציע, נאָר אומשולדיקע קאַצעטלער.

אַלע זענען אַרויס פון די וואַגאָנען, נאָר מיר פאַרוווּנדעטע זענען געבליבן ליגן צוזאַמען מיט די טויטע. די אַמעריקאַנער פליער האָבן אויפגעהערט צו באַשיסן. זיי האָבן זיך גוט אַרומגעקוקט און אַוועק. דעם מאָמענט האָבן אויסגענוצט געזונטע „העפטלינגע" און אַנטלאָפן. די ס.ס. האָבן געהאַט מיט זיך צו טאָן, ווייל צווישן זיי איז געווען אַ סך פאַרוווּנדעטע און געהרגעטע.

עס איז גלייך געשאַפן געוואָרן אַ סאַניטאַר־אָפּטיילונג, ווו זיי האָבן די קראַנקע און פאַרוווּנדעטע אָפּגעפירט אין שפּיטאָל און די געזונטע ווייטער געפירט. מיך האָט מען געבראַכט אויף אַ פּראָוויזאָרישן קראַנקן־פּונקט, ווו מען האט מיר גלייך אַרויסגענומען די קוילן.

צו מאָרגנס האָט מען מיך אָפּגעפירט אין קאַצעט־שפּיטאָל „דאָראַ". אין דעם דאָזיקן שפּיטאָל בין איך געלעגן אַ לענגערע צייט. אין דעם לאַגער „דאָראַ" ביי נאָרדהאוזען בין איך באַפרייט געוואָרן דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

די באַפרייונג איז פאָרגעקומען דעם 11־טן אַפּריל, 1945.

 רייזל ראָזענבערג (ראָזענקאָפּף)

# פון יענע טאָג

מיט דער דאָזיקער באַשרייבונג וויל איך פאַראייביקן דעם הייליקן אָנדענק פון די אַלע אומגעקומענע נאָענטע און ווייטע, מיט וועלכע כ׳האָב געטיילט דעם בשותּפותדיקן, גרויזאַמען גורל פון די פינסטערע טעג פון טויט און פאַרניכטונג.

צו פריש זענען אין מיין געדעכעניש די אומשולדיק־פאַרשניטענע לעבנס, צו טיף האָבן זיך די ווונדן אַריינגעשניטן אין האַרץ, אַז מען זאָל קאָנען דאָס אַלץ פאַרגעסן. ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, קלינגט אָפּ אין מיינע אויערן דער יאָמערדיקער געוויין פון די שוצלאָזע קרבנות. פון די אין גסיסה צאַפּלדיקע מענטשן, איך הער אויפסניי די לעצטע הילפס־רופן אין דער טויבער וועלט אַריין. פאַר מיינע אויגן שוועבן פאַרביי די אומענדלעכע רייען, פאַרפייניקטע מענטשן־סקעלעטן, געפירט צו דער שחיטה נישט וויסנדיק פאַרוואָס. זאָלן מיינע באַשיידענע שורות דינען אַלס ביישטייער צו דער געשיכטע פונעם גרעסטן יידישן פאָלקס־חורבן.

**
*

דער ליידנס־וועג פונעם סאָכאַטשעווער יידנטום, להיפוך צו אַנדערע צענטליקער אָדער הונדערטער שטעט און שטעטלעך, וואָס האָבן געהאַט אַן אָטעמפויזע ביזן יאָר 1941, האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ערשטע טעג פונעם קריגס־אויסברוך אין 1939. באַלד דעם ערשטן טאָג, ווי נאָר עס האָבן זיך איבערן שטעטל באַוויזן די מאָביליזאַציע־פּלאַקאַטן, וואָס האָבן אָנגעזאָגט דאָס אַריינציען אַלע מיליטער־פליכטיקע אין דער אַרמיי, זענען יידישע טאַטעס און מאַמעס, פאַרצווייפלטע געלאָפן איבערן שטעטל מיט פאַרבראָכענע הענט און באַקלאָגט דעם גרויסן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן כמעט יעדער משפחה. עס איז דעמאָלט שוין אַוועקגעריסן געוואָרן דער געזונטסטער און לעבעדיקסטער קערן פונעם קליינעם יידישן ישוב. דער ראַדיאָ האָט אָנגעזאָגט, אַז די באַפעלקערונג זאָל זיך אָנגרייטן שפּייז אויף אַ לענגערער צייט. אויפן

דריטן טאָג ביינאַכט האָט זיך דאָס פּוילישע מיליטער צוריקגעצויגן פון די גרענעצן, און די עלטערע מענטשן, וואָס האָבן נאָך געדענקט די ערשטע וועלט־מלחמה פון 1914, האָבן זיך גענומען פּאַקן צו אַנטלויפן קיין וואַרשע. צומאָרגנס פרי האָט מען באָמבאַדירט דאָס שטעטל, וואָס האָט גורם געווען צוויי קריסטלעכע הרוגים. פאַרנאַכט, דעם זעלבן טאָג איז געפאַלן אַ באָמבע ביי דער שול און אָפּגעריסן אַ שטיק וואַנט פון ווינערס הויז. עטלעכע מענטשן זענען פאַרשאָטן געוואָרן. מיט שוועריער מי האָט מען זיי קוים אָפּגעראַטעוועט. עס איז געוואָרן אַ בהלה. די טויט־שרעק האָט אַלעמען אַרויס־געיאָגט פון שטעטל. כמעט אַלע יידן זענען אַוועק צופוס קיין וואַרשע.

אין וואַרשע זענען אויף דער אָרלע גאַס נומער 11 אומגעקומען: די פאַמיליע גאָטהעלף, פּסח יאַקובאָוויטש מיט אַ קינד און עטלעכע נפשות פון די שציטנערס, וועלכע זענען פאַרשיט געוואָרן אונטער איינגעפאַלענע הייזער, וואָס די באָמבאַדירונגען האָבן גורם געווען. צוליב די שווערע באַ־דינגונגען אין וואַרשע, האָבן מיר זיך צו די פיר וואָכן אומגעקערט צוריק אַהיים. אָבער דאָ, האָבן מיר געטראָפן אַ סך יידישע הייזער פאַרברענט, און די גאַנץ־געבליבענע זענען כמעט אַלע געווען באַזעצט דורך די אָרטיקע קריסטן. די באַציאונגען פון אונדזערע לאַנג־יעריקע קריסטלעכע שכנים, האָבן זיך מיטאַמאָל פאַטאַל געביטן לגבי אונדז... טייל האָבן זייער שנאה אויסגעדריקט אין די ווערטער: פּלאַץ איז דאָ פאַר דייטשן, פאָליאַקן, און הינט. מיט גרויס מי איז געלונגען זיך צו באַזעצן צו עטלעכע משפחות אין איין צימער. מען איז געווען צופרידן, וואָס מען פלאָגט זיך נישט אין דער פרעמד. אָבער לאַנג האט מען אונדז קיין רו נישט געגעבן. ווי נאָר מיר האָבן באַוויזן זיך צוריק ווי ניט איז „איינצוּאָרדענען" האָט מען אונדז אָנגע־הויבן שלעפּן אויף אַרבעט צו דער בריק וואָס איז געווען צעשטערט. די אַרבעט איז געווען איבערמענטשלעך שווער, מען האָט אונדז געצוווּנגען אַרויסצושלעפּן פונעם טייך שטיקער אייזן פון איבער 100 קג. און דערביי האָט מען געשלאָגן און דערנידעריקט מיט די ערגסטע זלזולים.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער, האט דער מאַגיסטראַט צונויפגעשטעלט אַ רשימה פון 21 מענטשן — די שענסטע בעלי־בתים פון שטאָט — און באַ־שטימט אַ יודענראַט מיט בידערמאַנען אַלס פּרעזעס בראש. (משה לעסעמאַנס איידעם) די אויפגאַבע פונעם יודענראַט איז געווען: צושטעלן מענטשן אויף אַרבעט. די מאַכט האט גענומען פאָדערן פון די יידן פאַרשידענע זאַכן, וואָס דער יודענראַט האָט איינגעקויפט פאַר אונדזער געלט, און איטשע געלבשטיין מיט מאָניעק לובערט האָבן דאָס אָפּגעטראָגן צו דער מאַכט. דערביי האָבן זיי געשלאָסן קאָנטשאַפט מיט די דייטשן. אין אַ קורצער צייט אַרום, האט מען צונויפגענומען 50 יונגע מענטשן און אוועקגעשיקט

קיין לובלין, אין דעם שפּעטער „באַרימטן“ פאַרניכטונגס־לאַגער מ י י ד אַ נ ע ק. אין געציילטע טעג אַרום, זענען צו אונדז דערגאַנגען ידיעות, אַז די מענטשן הונגערן דאָרטן. דער יודענראַט האָט באַשלאָסן זיי צו שיקן הילף. צו דעם צוועק האָט מען צונויפגענומען אַ גרעסערע סומע געלט. אָבער ווער זאָל דאָס געלט אַוועקפירן, אַז דאָס לעבן איז איינגעשטעלט? עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ דינגעניש, איינער האָט געשיקט דעם צווייטן, ביז לסוף האָט מען געוואָרפן אַ גורל, וואָס איז אויסגעפאַלן אויף פנחס ראָזענקאָפּף מיט מאָטל ביעזשאַנסקי, וועלכע זענען באַלד אַוועקגעפאָרן מיטן געלט קיין לובלין און געטראָפן דאָרטן די מענטשן אין אַ שרעקלעכן צושטאַנד. די מענטשן האָבן דאָרט געאַרבעט ביים בויען „מיידאַנעק“, די צוויי שליחים, האָבן איינגעקויפט ברויט מיט פּוטער פאַר די אומגליקלעכע מענטשן, איבערגעלאָזט דער דאָרטיקער קהילה געלט צו פאַרזאָרגן אונדזערע סאָכאַטשעווער יידן יעדן טאָג מיט עסן און אליין צוריקגעקומען אַהיים. פאַר דער צייט, האָט זיך די „פריינטשאַפט“ צווישן געלבשטיינען און לובערטן מיט די דייטשן, שטאַרק פאַרגרעסערט. ביז אין אַ געוויסן טאָג האָט די מאַכט געפאָדערט פונעם יודענראַט צו באַשטימען געלבשטיינען אַלס פּרעזעס און לובערטן אַלס זיין געהילף.

די ענדערונג אין דער „פּרעזעסור“ האָט געמאַכט אַ גאַנצע איבערקערעניש צווישן דער עדה יידן. אַ טייל האָבן זיך ווי דורשטיקע אַ וואָרף געטאָן צו האַנדלען מיט די דייטשן. די משפחות: שמעלץ, אהרן קלוסקאַ און זעליג מאַריענפעלד, האָבן אָנגעהויבן צו פירן גאַנצע אויטאָס שפּייזפּראָדוקטן קיין וואַרשע. דער אויטאָ האָט אָנגעהערט צו משה בראַקער מיט אַ חברה שותפים. מיט איין וואָרט: עס איז געוואָרן „ששון ושמחה“ ביי די דאָזיקע יידעלעך. מען האָט גאַנצע טעג געשיכורט און זיך געלאָזט ווילגיין מיט די דייטשע „פריינט“... און פאַרגעסן אינגאַנצן וואָס אַרום זיך קומט פאָר. אָבער די „שמחה“ האָט נישט לאַנג געדויערט.

אין אַ געוויסן טאָג, האָט אהרן גראָסמאַן געמאַכט אַ באַל לכבוד דעם געבורטס־טאָג פון זיין טאָכטער און פאַרבעטן צו זיך אַלע „מורה־מורינה׳ס“ — ווי למשל: שמעלצן, מאַריענפעלדן און אַנדערע. ווי נאָר די שמחה האָט זיך אָנגעהויבן, זענען געקומען צוויי דייטשן און „פאַרבעטן“ שמעלצן מיט מאַריענפעלדן מיטגיין מיט זיי. די לעצטע, האָבן זיך אָפּגעזעגנט מיט די געסט (משמעות געפילט וואָס עס דערוואַרט זיי) און אַוועק. צומאָרגנס האָט מען זיך דערוווּסט, אַז זיי זענען דערשאָסן געוואָרן אין שפּיטאָל. קיינער האָט נישט געוווּסט די סיבה פון מאָרד. ביי די דערמאָרדעטע, האָט מען געפונען סמנים פון פייניקונגען. ביי מאַריענפעלדן איז איין האַנט געווען אַ צעבראָכענע. די הרוגים האָט מען מקבר געווען אויפן יידישן בית עלמין.

אַט דער מאָרד, איז געווען ווי אַן אָנהויב פון דער אָפיציעלער פאַרניכטונג פון אונדזער קהילה.

באַלד נאָך דעם מאָרד, איז דערשינען אַ פאַראָרדענונג, אַז יידן טאָרן נישט גיין אויף טראָטואַרן און דאַרפן טראָגן ווייסע אָרעם־בענדער אויף דער רעכטער האַנט. מען האָט אָנגעהויבן באַפאַלן און שלאָגן אין גאַס. דאָס יידישע לעבן איז געוואָרן פולשטענדיק הפקר! אין אַ געוויסן טאָג האט מען גערופן ישראל ראָטשטיין אין הויז פון שעפּיעלאָווסקי, ווו עס האָבן געוווינט



ישראל ראָטשטיין ווערט געצוואונגען דורך די דייטשן צו שפּילן

דייטשן, אַז ער זאָל פאר זיי שפּילן און זינגען. מען האָט געבראַכט דאָרטן עטלעכע יידן זיי זאָלן אויך טאַנצן. דערביי האט דער בעקער־זשילקאָווסקי אויסגערופן: ענדלעך האָבן מיר דערלעבט נקמה אין די זשידעס!

אין חודש פעברואַר — 1941 איז ארויס אַ באַפעל: אַלע יידן זאָלן זיך אריבערקלויבן אין די עטלעכע שטיין־געבליבענע הייזער ביים טייך און מאַכן אַ געטאָ. אין דעם געטאָ האבן נישט אלע מענטשן געקאָנט געפונען פלאַץ. די וועלכע זענען אריין די ערשטע, זענען פאַרבליבן, און די איבעריקע האָט מען ארויסגעשיקט קיין זערדאָוו. אין געטאָ האָט מען זיך געשטיקט צו 7 משפחות אין אַ קליינעם צימער. אָבער מען האָט דאָס אָנגענומען פאַר ליב, ווייל מ׳האָט שוין געוווּסט דעם טעם פון זיין נע־ונד אין דער פרעמד.

אָבער פאַר די נאַצישע תלינים, איז דאָס פייניקן פון די יידן ערשט געווען אָן אָנהויב.

אין חודש פעברואַר, 1941 צוויי וואָכן נאָכן שאַפן דאָס געטאָ, איז אַרויס אַ באַפעל, אז דאָס שטעטל זאָל ווערן יידן־ריין. צו דעם צוועק איז געשאַפן געוואָרן אַ יידישע „אָרדענונגס־דינסט" (פּאָליציי) וועמענס שעף עס האָט געזאָלט זיין מנשה קנאָט, אָבער ער איז דעמזעלבן טאָג אומגעריכט דער־שאָסן געוואָרן, בעת ער איז אַרויס פון גראַובאַרדס הויז צו זיך אַהיים, איז ער פון אַ קויל געפאַלן אין גאַס אַ טויטער. די זעלבע נאַכט, זענען זשאַנ־דאַרמען אריינגעדרונגען אינעם געטאָ, אַנגעהויבן שלאָגן וועמען מען האָט נאָר אָנגעטראָפן, און דאָס גאַנצע געטאָ דעפּאָרטירט קיין וואַרשע. איך בין מיט אַנדערע סאָכאַטשעווער אוועק קיין וואַרשע עטלעכע טעג פריער. אויפן וועג איז צשלאָגן געוואָרן — הערש וואָלף וואַרשאַווסקי (מענדל שובעצס אַ זון) וואָס איז צומאַרגנס געשטאָרבן.

די נויט אין וואַרשע איז געווען זייער גרויס. ווער עס האָט געהאַט אַ סך געלט, האָט נאָך געקאָנט מיט גרויס שוועריקייטן באַקומען אַ צימער און די אַלע וואָס האָבן קיין געלט נישט געהאַט, זענען אוועק אין אַ גע־וויסן פּונקט פאַר היימלאָזע, ווו דער שמוץ און ענגשאַפט האָט פּשוט אויפ־געגעסן די מענטשן.

אונדזערע סאָכאַטשעווער יידן, זענען אין זייער רוב אַרויס באַרוועס און נאַקעט אין איין העמד, ווייל די מערדער האָבן גאָרנישט געלאָזט מיט־נעמען. מענטשן זענען געפאַלן אין די גאַסן פון הונגער. די ערשטע צייט, האָבן מענטשן זיך קעגנזייטיק אַרויסגעהאָלפן מיט וואָס מען האָט נאָר גע־קאָנט. ביי מיין פעטער פנחס ראָזענקאָפּף, האָבן געגעסן מיטאָגן בערל אַקלאַנסקי מיט אברהם טילמאַן. ביי מיר (כ׳האָב נאָכן ערשטן מאָן געהייסן גרינגאַרד) האָבן געגעסן מיטאָגן — יעקב אהרן מיט דער פרוי. זי איז פון ערשטן טאָג אָן געלעגן קראַנק אין בעט, נישט געקענט זיך דערהאַלטן אויף די פיס. ביי מיר האָבן אויך געגעסן אלי ווישניא מיט דער פרוי (יאָסל כאַבערמאַנס איידעם) שפּעטער איז דאָס פּאָרפאָלק צוזאַמען געשטאָרבן. צוליב דעם וואָס עס האָט באַדאַרפן קאָסטן אַ סך געלט, אז די וואַרשעווער חברה־קדישא זאָלן מאַכן די קבורה, האָט מען די בר־מינַנס אַרויסגעלייגט אויפן גאַס פונואַנען זיי זענען אוועקגעפירט געוואָרן.

די לאַגע איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג ערגער, אָן אויפזיכטן אויף אַ בעסערונג. מיטאַמאָל האָט דער בורמיסטזש פון סאָכאַטשעוו געפאָדערט צו־ריקברענגען פון וואַרשע 150 מענטשן אויף נויטיקער אַרבעט. צווישן די צוריקגעפאָרענע האָבן זיך געפונען: באַלאַס, דיאַמענט, זיעלאָנקע, קלוסקע, חיים בליאַכאַרזש, משה סאַליאַרזש און יוסף מינץ, וועלכער איז געוואָרן

דער אויפזעער איבער די דערמאָנטע 150 ארבעטער. די מענטשן פלעגן פון צייט צו צייט צוברענגען אַביסל שפּייז קיין ווארשע פאַר זייערע משפחות, וואָס האָט עטוואס געלינדערט די גרויסע הונגער־נויט. די ארבעטער האָבן געוווינט אין באַראַקן אויפן וואַרשעווער וועג. אין אַ געוויסער צייט ארום, האט מען די מענטשן צוריקגעבראַכט קיין ווארשע, איבערלאָזנדיק בלויז 21 פּערזאָן די א. ג. בעסערע ארבעטער, וועלכע מען האָט שפּעטער דער־שאָסן אין קאזשיסקער וואַלד. אין דער אייגענער צייט, האָט מען איטשע געלבשטיין מיט ליבערטן איבערגעשיקט פון וואַרשע אין אַרבעטס־לאַגער



אַ טייל פון די צוריקגעבראַכטע יידן פון וואַרשע

ווו זיי זענען געוואָרן דאָרטן אַרבעטס־אויפזעער. שפּעטער איז אין דעם לאַגער אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע און מען האָט אַלע מענטשן אויס־געשאָסן. גערשטעוועט האָט זיך בלויז געלבשטיין דורך אַנטלויפן. איינציקווייז האָבן אונדזערע מענטשן אָנגעהויבן אויסשטאַרבן, ווי למשל: יחיאל מאיר טילמאַן, דער רב ז״ל שלמה גאָלדשטיין, אהרן זעליג, שמעלט און אנדערע. די אַלע זענען נאָך געשטאָרבן מיט זייער נאַטירלעכן טויט.

איך דערמאָן זיך טראַגישע עפּיזאָדן, וואס כ׳וועל קיינמאָל נישט פאַר־געסן: זיצנדיק איינמאָל ביי רוזשע פיין (פסח אייזנבערגס פרוי, וואָס האָט געהאַט אַ געשעפט אויף גזשיבאָווסקע גאַס) איז אַריינגעקומען אַן אָרימאַן,

מיר ביידע זענען מיטאַמאָל פאַרגליווערט געוואָרן! דאס איז געווען איטשל בערגאַייזן... די פרוי פיין האָט אים עפּעס געגעבן און דערביי זיך פאַרשטעלט דעם קאָפּ, אז דער אָרימאַן זאָל נישט דערקאָנען ביי וועמען ער נעמט אַ נדבה און זיך נישט פאַרשעמען. ווען ער איז אַוועק האָבן מיר זיך גוט צעוויינט אויפן גרויסן חורבן, וואס האָט אונדז געטראָפן! שפּעטער, האָב איך געהאַט אַ צווייטע טראַגישע איבערלעבונג: שפּאַצירנדיק אין גאַס מיט מיין זון, זכריה, האָבן מיר אָנגעטראָפן דעם טויבנס זון — מאיר לעוויז אַ געשוואָלענעם פון הונגער. בכדי דער בחור זאָל זיך נישט פאַרשעמען פאַר מיר, (ער האָט מיך געקאָנט, פלעגט אַמאָל קויפן אין מיין גאַלאַנטעריע־געשעפט) האָב איך מיך באַהאַלטן אין אַ טויער, און געגעבן מיין זון עטלעכע זלאָטעס ער זאָל אים צוטראָגן. אָבער דער בחור האָט נישט געוואָלט נעמען, ווייל ער האָט דערקאָנט מיין קינד. מיין זון איז אָבער נישט אָפּגעטראָטן, אָנגעהויבן אים שטאַרק בעטן, ביז ער האָט צוגענומען די עטלעכע זלאָטעס.

ווען איך בין געקומען אַהיים, האָט מיר מיין מאַן דערציילט אַזאַ ענלעכע געשיכטע וואס האָט מיט אים נאָרוואָס געטראָפן: ווען ער איז פאַרביי געגאַנגען דעם פּלאַץ גזשיבאָווסקי, האָט ער דערזען שטיין אַ קליין מיידעלע, וואס האָט שרעקלעך געוויינט, אויף זיין פראַגע פאַרוואָס זי וויינט, האָט דאָס קינד געענטפערט, אַז איר מוטער ליגט אין בעט און שטאַרבט פון הונגער. מיין מאַן מיטן קינד זענען אַוועק צו דער מוטער, וועלכע האָט זיך ארויסגעוויזן פאַר דער פרוי פון אונדזער בן עיר — גרשון איזראלסקי. האַלב פאַרחלשט און געל ווי וואַקס, איז די פרוי געלעגן אין בעט אָן האָפענונג צו דערהאַלטן די נשמה.

די לאַגע איז געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער, און די מענטשן האָבן אָנגעהויבן איבערלויפן אין די פּראָווינץ־שטעטלעך ווו עס זענען נאָך קיין געטאָס נישט געווען. עטלעכע הונדערט סאָכאַטשעווער זענען אַוועק קיין מעזריטש, צווישן וועלכע עס זענען געווען אויך מיין פאָטער מיט דער משפחה. (מיין פאָטער פנחס ראָזענקאָפּף האָט געהאַט אַ געשעפט אויף טוואַרדע גאַס 20) די ערשטע טעג, איז אין מעזריטש נישט געווען שלעכט. ד. ה. מען האָט נישט געהונגערט. אבער דאָס „גוטע" האָט לאַנג נישט געדויערט בלויז אַ גאָר קורצע צייט. די ערשטע צוויי קרבנות פון אונדזערע בני עיר, זענען געווען — נח לעווין און העללער, וועלכע מען האָט אין גאַס דערשאָסן.

צוויי וואָכן פאַר ראש השנה 1942.22.8 איז אין מעזריטש פאַרגעקומען אַן „אקציע", בעת וועלכער מ'האָט צען טויזנט מענטשן אַרויסגעפירט אין פאַרניכטונגס־לאַגער טרעבלינקע. צו 150—170 נפשות האָט מען איינגעפּרעסט אין אַ וואַגאָן, ווען מען האָט די וואַגאָנעס געעפנט, זענען צוויי

דריטל געווען טויט. אויך מיין פאָטער מיט דער משפּחה האָבן געטיילט דעם גורל פון דער אַקציע. אין דעם זעלבן טאָג, איז אויך פאָרגעקומען אַן אַקציע אין וואַרשע, וואָס האָט אויך געקאָסט אַ סך קרבנות פון אונדזערע בני־עיר. צוו. אנד. זענען דעמאָלט אומגעקומען: מאניע באַרנשטיין, פּעסי הערשקאָוויטש מיט איר טאָכטער, בידערמאַנס צוויי טעכטער און ברכה מאַ־לענבערג. אַלע זענען אוועק קיין טרעבלינקע. פאַרן אָנהויבן די „אַקציע", האָבן נאַציסטישע תלינים פּלאַקאַטירט, אַז די אַלע וועלכע וועלן זיך צושטעלן פרייוויליק אויף אַרבעט, וועלן באַקומען צו דריי ק״ג. ברויט מיט מאַרמעלאַד. אַ סך פון אונדזערע לאַנדסלייט נישט האָבנדיק ווו זיך אויסצובאַהאַלטן, אָדער צו אַנטלויפן, האָבן זיך בלית־ברירה פרייוויליק צוגעשטעלט צו דער שחיטה. צווישן די לעצטע איז אויך געווען ישראל ראָטשטיין מיט דער



משפּחה. איך מיט מיינע קינדער זענען געווען 6 וואָכן פאַרשטעקט אין אַ פאַבריק־קוימען. ווען מיר זענען פון דאָרטן אַרויס, זענען די שיכלעך פון די קינדער געווען צוגעוואַקסן צו די פיסלעך און איינגעטונקען אין סאַדזע נישט אָפּצוואַשן זיך. מיט אַ קורצער צייט שפּעטער (אין אַ זונטיק באַגינען) איז ווידער פאָרגעקומען אַן „אַקציע". מיט אַ טאָג פריער איז אַרויס אַ באַפעל: אַז אַלע יידן זאָלן זיך פאַרזאַמלען אויף מילע גאַס. איך מיטן מאַן און קינדער זענען אויך דאָרטן אַוועק. דאָס טראַגישע, וואָס מיר האָבן דאָרט איבערגעלעבט, איז אוממעגלעך אַרויסצוברענגען אויפן פּאַפּיר. אונדז איז געלונגען דורך איבערקויפן אַ דייטש מיט אַ 10 רובלדיקן גאָלד־שטיק,

זיך אַריינצובאַקומען אין אַ דערבייאיקער שאַפּ, צי די אַזוי געראָפענע נוצ־לעכע מענטשן, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר דער מאַכט. די קינדער האָבן מיר געמוזט באַהאַלטן, ווייל זיי האָבן דאָרטן לחלוטין נישט געטאָרט זיין. די אַקציע האָט געדויערט 10 טעג און מיר זענען ווידער ניצול געוואָרן.

יום־כפור האָט זיך ווידער איבערגעחזרט די „אַקציע“, וואָס האָט גע־קאָסט צענדליקער טויזנטער קרבנות. מיט דער אַקציע זענען פון מיין הויז אַוועק פאָלע זאַלצמאַן און ליזע קאָהן. דעם 16־טן און 30־טן מערץ 1943, ערב דעם געטאָ־אויפשטאַנד האָבן די דייטשן אויפסניי געפּרוּווט צו כאַפּן מענטשן. פון אונדזערע בני־עיר זענען צוגענומען געוואָרן: שלמה מענדל בערגאַייזן, און הערש ניסן מאַשענבערג, יאָסל ראָטשטיין איז געשפּרונגען פון וואַגאָן־פענצטער און צעבראָכן אַ האַנט. בעת דער „אַקציע“ דעם 30־טן מערץ זענען אומגעקומען: יצחק גרינגאַרד, נחמה פלאַנסקאַ, דוד איזראַלסקי און מיין מאַן. די אַלע אויסגערעכנטע, האָבן געאַרבעט צוזאַמען מיט מיין מאַן. ווי נאָר זיי זענען געקומען צו דער אַרבעט, האָט מען זיי אַרומגע־רינגלט און פאַרנומען. מיין מאַן איז געשפּרונגען פון וואַגאָן־פענצטער 40 קל. פון אָטוואָצק, און שטאַרק פאַרוווּנדעט געוואָרן. מען האָט אים גע־כאַפּט און אָפּגעפירט קיין טרעבלינקע, ווו ער האָט נאָך געלעבט ביז דער ליקווידאַציע פונעם לאַגער.

ערב פסח 1943.18.4 ביינאַכט, האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ. עס האָבן אַריינגעדרונגען אין דער געטאָ שטאַרקע באַ־וואָפנטע אָפּטיילונגען פון מיליטער, זשאַנדאַרן און פּאָליציי און אָנגעהויבן די „אַקציע“. די יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע „זשאָב“ האָט געשטעלט אַ ווידער־שטאַנד און געשאָסן צו די דייטשן. די מענטשן זענען געלאָפן אין די בונקערס זיך באַהאַלטן. כ׳האָב קיין אייגענעם בונקער נישט געהאַט. (דאָס שאַפן זיך אַ בונקער איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן און מיט גרויסע געלטער וואָס כ׳האָב נישט פאַרמאָגט). אָבער שפּייז, פּראָדוקטן האָב איך געהאַט גענוג אויף אַ לענגערער צייט אויסצוקומען. אין מיין הויז אויף שטשענשליווע גאַס נומ׳ 3, זענען מיר אַלע שכנים געזעסן אין גרויס שפּאַ־נונג און געוואַרט וואָס עס וועט געשען. ווען מ׳האָט דערהערט די שווערע טריט פון די דייטשן, האָבן אַלע גענומען לויפן אַרויף אויפן פינפטן שטאָק. איך מיט די קינדער, זענען מיר נאָכגעלאָפן און זיך באַוויזן אַריינצוקוועטשן אין אַ קליינעם צימער אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען איבער 70 נפשות. די ענגשאַפט איז געווען ממש דערשטיקט צו ווערן. אַ סך מענטשן זענען פאַרחלשט געוואָרן, מ׳האָט זיי מיט גרויס מי אָפּגעראַטעוועט. דאָ, האָבן מיר זיך געפּייניקט גאַנצע אַכט טעג. דורך אַ קליין פענצטערל האָבן מיר געזען וואָס עס קומט פאָר אין די געטאָ־גאַסן: מען האָט געטריבן מענטשן צום

אומשלאַג־פּלאַץ אויף דזשיקע גאַס. די געשרייען און די יללות זענען געווען ביזן זיבעטן הימל. מיטאַמאָל האָבן מיר דערהערט אריינקומען די דייטשן אויף אונדזער הויף און מיט הויכע אוסגעשרייען באַפוילן: אַלע מענטשן זאָלן ארויסקומען אויפן הויף און דערביי געוואָרנט, אַז זיי וועלן דאָס הויז אונטערצינדן, אָבער קיינער האָט צום טויט נישט געוואָלט אַרויסגיין, און די דייטשן האָבן דאָס הויז אונטערגעצונדן.

ווען מיר האָבן דערשפּירט דעם רויך, האָבן מיר גענומען האַקן אַ וואַנט וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט דער פריער דערמאָנטער ארבעטער־שאָפּ פון צווייטן הויז און מיר זענען דאָרטן אריין. צומאָרגנס בייטאָג זענען אין שאָפּ געקומען זעלנער אוועקנעמען די פּאַרטיקע סחורות און האָבן אונדז אַלע פאַרנומען אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, אויף דזשיקע גאַס. דאָ האָבן מיר געטראָטן איבער טויטע קערפּערס, וואָס זענען געלעגן צעוואָרפן איבערן גאַנצן פּלאַץ אָן קעפּ און אַנדערע אברים.

אונדז האָט מען אריינגעטריבן אין אַ צימער ווו כ׳האָב פלוצים דערזען מאטעס גראובארד (אברהם גראובארדס זון). מיר האָבן זיך שטאַרק צע־וויינט. ער האָט מיר דערציילט, אז זיין פרוי מיט די קינדער האָט מען נאָך צוגענומען ראש השנה, פון זיין שוועסטער רחל לוב האָט ער נישט קיין שום ידיעות, ער ווייסט נישט ווו זי געפינט זיך. דאָ אין צימער זענען מיר געווען אַ גאַנצע נאַכט. צומאָרגנס פרי האָב איך שוין מאַטעסן נישט געזען. אים איז משמעות געלונגען אריבערצוגיין אין אַ צווייטן צימער פונוואַנען מען האָט געזאָלט אוועקשיקן אין אַן אַרבעטס־לאַגער — קיין פּאָניאטאָוו. אונדז האָט מען פאַרנאַכט צוגעפירט צום זאַמל־פּלאַץ ווו עס זענען געווען מאַסן הרוגים, וועמענס אָנבליק האָט געמאַכט גליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן. פון דאַנען האָבן מיר געזען ווי דאָס געטאָ שטייט אין פלאַמען און מיר האָבן געהערט אַ כסדרדיקע שיסעריי. מיר זענען געוואָרן פאַרלאָדנט אין וואַגאָנעס ווי די בהמות, צו 140—160 נפשות אין אַ וואַגאָן. פון גרויס שטיקעניש, זענען מענטשן פאַרחלשט געוואָרן אויף טויט. איך מיט די קינדער זענען געשטאַנען צונויפגעדריקט אין אַ ווינקל פון וואַגאָן אַן לופט צום עטעמען. מיט אַ פינגער האָב איך אַרויסגעשטופּט אַ קליין סענקל פון אַ ברעט און פונעם קליינעם לעכעלע אריינגעאָטעמט אַביסל לופט. באַלד האָבן מיר געהערט דאָס פאַרשליסן די וואַגאָנעס און מען האָט אָפּגעשטופּט דעם טראַנספּאָרט אין אַ זייט, דאָרט זענען מיר געשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט אָן אַ ביסל וואַסער. די קולות און יללות, האָבן באַדאָרפן שפּאַלטן די הימלען. פאַרחלשטע זענען געבליבן טויט. זיי האָבן זיך געמערט מיט יעדער רגע, און מיר האָבן געמוזט צונויפגעדריקט זיצן מיט זיי צוזאַמען. נאָך צוויי מעת־לעת פאָרן זענען מיר אָנגעקומען קיין מיידאַנעק. ביים עפענען די

וואַגאָנעס, זענען מער ווי אַ העלפט מענטשן געווען טויט. דאָ האָבן מיר באַקומען עפּעס אָפּצועסן און צו טרינקען. אַ פרײלין האָט פאַר אונדז געהאַלטן אַ דרשה, אַז דאָ וועט אונדז זייער גוט זיין, אַפילו מיט טעאַטער זענען מיר דאָ פאַרזאָרגט, נאָר מיר דאַרפן אַרבעטן געטריי. דאָ האָב איך געטראָפן נחמה פלאנסקא מיט דוד איזראלסקין. זיי האָבן מיר דערציילט וועגן מיין מאַנס שפּרינגען פונעם טראַנספּאָרט. און מער האָבן זיי פון אים נישט געוווּסט. אויפן צווייטן טאָג האָט מען אונדז געפירט אין באָד, דאָס אַלטע אָנטועכץ האָט מען אַוועקגענומען, געגעבן „קאַצעט״־בגדים און פאַרטיילט אין בלאָקן. באַלד אויפן ערשטן אָנבליק האָבן מיר דערזען, אַז מיר געפונען זיך אין אַ טויטן־לאַגער. דאָס פייניקן די אויסגעשעפּטע און דערשלאָגענע מענטשן האָט זיך דאָ אָנגעהויבן נאָך האַלבער נאַכט. אַ זייגער פיר פאַרטאָגס האָבן זיך אָנגעהויבן די גוט־באַקאַנטע „אַפּעלן״, ווו מיר פלעגן אָפּשטיין לאַנגע שעהן אין טיפן שניי כמעט באָרוועס אין לייכטע בגדים. ווער איז דען בכוח אַרויסצוברענגען די איבערמענטשלעכע פּיין און יסורים, וואָס מיר האָבן מיטגעמאַכט. נאָך עטלעכע טעג אַרומזוכן, האָב איך געפונען די קינדער אין אַ באַזונדערן בלאָק. עס איז געווען זיי קוים צום דערקענען, געל ווי וואַקס, אָפּגעשוירן די האָר, אָנגעטאָן אין אומגעלומפּערטע גרויסע בגדים, ממש ווי מאַלפּעס האָבן זיי אויסגעזען. יעדן טאָג ווען איך פלעג צוריקגיין פון דער אַרבעט, האָבן מיך די קינדער שוין אָפּגעוואַרט ביי די שטעכיקע דראָט־פאַרצוימונג. הגם כ׳האָב נאָך געהאַט אַ ביסל געלט האָב איך אָבער זעלטן עפּעס באַקומען צו קויפן פאר די קינדער. דאָך האָבן די קינדער נישט געהונגערט. זיי פלעגן נאָך פאַר מיר איבערלאָזן עפּעס פון זייער שפּייז. אַזוי האָבן זיך געצויגן די ביטערע טעג מיט די פינצטערע נעכט אָן אַ סוף.

**
*

אָנהויב מאי, 1943 האָט מען אָנגעהויבן אַרויספירן די קליינע קינדער פון מיידאַנעק. יעדן פרימאָרגן, איידער איך בין אַוועק צו דער אַרבעט, פלעג איך מיך פאַרגנבענען צום קינדער־בלאָק און זיך געזעגענען מיט די קינדער מיט דער שרעקלעכער מחשבה, אַז מער וועל איך זיי שוין נישט זען. געהייסן האָט דאָס לויט דער נאַצישער „הבטחה״, אַז מען פירט די קינדער איבער אין אַ שול פאַר גערטנעריי, כדי זיי אויסצולערנען אַרבעטן. אָבער געפירט האָט מען די קינדער־קרבנות אויף זייער לעצטן וועג!

דעם 15־טן מאי (אין אַ דאָנערשטיק) ווען איך האָב מיך דאָס לעצטע מאָל געזען מיט מיינע קינדער, האָבן זיי מיר געזאָגט, אַז מאָרגן וועלן זיי אַרויסגעפירט פונדאַנען. בעת איך האָב מיך מיט זיי געזעגנט, האָט מיך

באַמערקט אַ „קאַפּאָ" און מיך געגומען אזוי רוצחיש שלאָגן, אַז איך האָב פאַרלוירן אַלע פאָדערשטע ציין. מיין זון האָט פאַרביסן מיט די ליפּן. אָבער באַלד האָט ער זיך באַהערשט און אויסגעשריגן: מאַמע, פאַרליר זיך נישט! האַלט דיך, מיר וועלן נאָך לעבן. ווען איך בין מיט צוויי טעג שפּעטער (שבת) געקומען צו דער אַרבעט אין פעלד, האָבן מיר נישט ווייט פון אונדז דערזען אַ גרויס פייער. דער קאַפּאָ האָט געזאָגט, אַז דאָס ברענען די קינדער, וואָס מ'האָט דאנערשטיק צוגענומען. מיין האַרץ האָט גענומען האַסטיק קלאַפּן, מער ווי אַלעמאָל. נישט קאָנענדיק זיך באַהערשן, האָבן מיר עטלעכע פרויען גענומען לויפן צום פייער. אָבער שוין זייענדיק נאָענט פונעם גרויסן אומגליק, האָבן זעלנער מיט די ביקסן־קאָלבעס אונדז אָפּגעשטויסן. דערשלאָגענע און צוזאַמענגעבראָכענע האָבן מיר זיך אומגעקערט צוריק אויפן אַרבעטס־פּלאַץ.

נאָכן אָפּזיין דריי חדשים אין מיידאַנעק, זענען מיר איבערגעפירט געוואָרן קיין אָשוויענטשים. דאָ האָט מען אונדז איבערגעטאָן אין קאַצעט־בגדים, אויפסניי אָפּגעשוירן די האָר און מיר האָבן באַקומען דעם אויסזען פון מאַלפּעס. אין אָשוויענטשים זענען מיר געווען עטלעכע סאָכאַטשעווער — מאַלינבערג, שרה לעווין, גאָלדע ראַטשטיין, יסקאַ גראַסמאַן, און פאַלע שמייסער. גאָלדע ראַטשטיין איז באַלד קראַנק געוואָרן אויף די פיס און אין געציילטע טעג אַרום אוועק אין „קרעמאַטאַריע". מאַלע שמייסער האָט זיך די גאַנצע צייט גוט געהאַלטן, ערשט אין 1944 יאָר איז זי צוזאַמען מיט מיר קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און געפונען דעם טויט. איך אַליין, האָב מיט 40 גראַד היץ געאַרבעט גאַנצע 11 טעג און גובר געווען די קרענק, אַ דאַנק וואָס כ'האָב אויסגעמיטן דעם טויט. דאָ אין אָשוויענטשים, האָב איך מיך געפייניקט קנאַפּע צוויי יאָר, קוקנדיק יעדע מינוט דעם טויט אין פנים אריין!

ווינטער, 1945 מיטן דערנענטערן זיך פון דער רוסישער אַרמיי, האָבן די נאַציס אָנגעהויבן ליקווידירן דעם לאַגער. בערך 150 קלמ. האָט מען אונדז געטריבן צופוס, און ווייטער זענען מיר געפאָרן אין משא־וואַגאָנעס אַכט מעת־לעת און געגעסן דעם אָנגעפאַלענעם שניי. מיר זענען אַדורכגעפאָרן אַ סך לאַגערן, אָבער קיין איין לאַגער האָט אונדז נישט געוואָלט אויפנעמען, ווייל עס איז קיין פּלאַץ נישט געווען. ביז מיר זענען ענדלעך אויפגענומען געוואָרן אין דעם לאַגער ראַווענסבריק (דייטשלאַנד). דאָ אינעם לאַגער, זענען מיר אויסגעשטאַנען געברענטע צרות פון אוקראַינישע אויפזעער, וועלכע האָבן ביי אונדז אַוועקגערויבט דאָס ביסל באַקומענע עסן און דערצו נאָך געשלאָגן מכות רצח. נאָכן אָפּזיין דאָ 3 וואָכן, האָט מען אונדז איבערגעפירט אין אַ צווייטן לאַגער, 80 קלמ. פון בערלין — אין לאַגער ראַדעק. דאָ בין איך געווען צוזאַמען מיט גראַסמאַנען. מתחילה האָבן מיר דאָ גע־

הונגערט. כ'האָב געאַרבעט אין אַ קיך און געהאַט געגוג צו עסן, אַזוי, אַז כ'האָב נאָך געהאָלפן יאסקע גראַסמאַן מיט עסן. וואָס ווייטער איז אָבער געוואָרן אַלץ ערגער, ווייל דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט. מיר האָבן געאַרבעט ביים גראָבן אָקאָפעס און באַקומען 7 דעקאַ ברויט אַ טאָג, מיט אַ האַלבן ליטער גראָז־וואַסער אַ מעת לעת.

איינמאָל, שוין קורץ פאַר דער באַפרייונג, בעת כ'האָב נאָך געאַרבעט אין קיך, האָט מיט מיר געטראָפן אַ פאַל בעת וועלכן איך האָב געקאָנט באַצאָלן מיטן לעבן. אין קיך האָט מען געבראַכט צו פירן בוראַקעס צום קאָכן. האָב איך געגנבעט אַ בוראַק און פאַרשטעקט אין בוזעם. אָבער דאָס האָט באַמערקט דער „אונטער־שאַך־פירער" און מיך פאַרהאַלטן. נאָכדעם ווי איך האָב מיך מודה געווען און געוויזן דעם בוראַק, האָט ער צו מיר אויסגעשאָסן און מיר פאַרוווּנדעט. ווען איך בין אומגעפאַלן אויף דער ערד, האָט ער אויסגעשריגן: שטיי אויף, דו הונט און גיי אין רעוויר אַריין; ד. ה. אין אַמבולאַטאָריע. כ'בין דאָרטן אַוועק אָבער קיין הייל־מיטלען זענען נישט געווען. איך בין געלעגן דריי טעג און עס איז געווען אַ נס, אַז די ווּנדן האָבן זיך מיר פון זיך אַליין פאַרהיילט.

דעם 1־טן מאַי 1945, אַכט טעג פאַר דער קאַפּיטולאַציע פון דער נאַצישער ממשלה, האָבן מיר פאַרלאָזט דעם לאַגער. נאָכן אָפּגיין צוויי טעג צופוס, בין איך מיט גראַסמאַנען פון גרויס מידקייט אָפּגעשטאַנען אין וועג. צווישן אונדזערע נאַצישע באַגלייטער האָט שוין געהערשט אַ גרויסע דעזאָר־גאַניזאַציע. זיי האָבן שוין אַ פּנים געפילט, אַז זייער מפּלה איז שוין נאָענט און זיי האָבן שוין נישט געלייגט קיין גרויס אַכט אויף אונדזער מאַרש. ווען מיר זענען צוגעקומען צו אַ וואַלד, האָבן מיר ביידע באַמערקט דאָרט אַ שייער. מיר האָבן באַשלאָסן ווייטער נישט צו גיין, נאָר זיך איבערגעבן אויף גאָטס באַראָט און מיר זענען דאָ פאַרבליבן.

נאָכן אָפּזיין דריי טעג אין וואַלד, ווען מיר האָבן שוין נישט געהאַט מיט וואס די נשמה צו דערהאַלטן, האָבן מיר זיך געלאָזט גיין ווייטער. אויפן וועג האָבן מיר אָנגעטראָפן אַ פויער, וואָס האָט אונדז אָנגעזאָגט די פריי־לעכע בשורה, אַז די רוסן זענען שוין דאָ. גייענדיק ווייטער אין דער ריכטונג צו דער דערבייאיקער שטאָט, האָבן מיר שוין טאַקע אָנגעטראָפן אַ רוסישן זעלנער, וואס האָט אונדז פאַרהאַלטן און אָפּגעפירט אין שטאָט צום קאָמענ־דאַנט. דער לעצטער האט אונדז זייער העפלעך באַגעגנט און פאַר אונדז אָפּגעגעבן אַ שיין צימער אין אַ גרויס הויז. מיר האָבן דאָ באַלד באַקומען קלאָרע וועש מיט מלבושים, עסן און טרינקען מיט אַ צולאָג פון 50 דייטשע מאַרק צו קאָנען זיך עפּעס קויפן. אָט דער דערהויבענער ערשטער מאָ־מענט פון אונדזער לאַנג־געגאַרטער באַפרייונג, האָט אָנגעפילט אונדזערע

הערצער מיט גלויבן, אַז מיר וועלן ווייטער לעבן. שווער איבערצוגעבן דאָ די געפילן, וואָס האָבן אונדז אין דעם מאָמענט באַהערשט, ווען עס איז נאָך געלעגן אויף אונדז פריש דער חותם פון דער לאַנגער וואָגלעניש מיט איבערמענטשלעכע פּיין און יסורים. די דאָזיקע פרייד מיט אונדזער אָפּגעראַטעוועטן לעבן האָט לאַנג נישט געדויערט. מיר האָבן זיך באַלד דערמאָנט אין אונדזערע אייגענע און נאָענטע, וואָס האָבן נישט זוכה געווען צו דערלעבן די אויסגעבענקטע פרייהייט און אַזוי אכזריותדיק אומגעקומען.

נאָכן קומען אַ ביסל צו זיך, האָבן מיר ביידע באַשלאָסן גיין צופוס אַהיים, מיטן געדאַנק, אפשר וועלן מיר דאָרטן נאָך טרעפן עמיצן לעבעדיק פון אונדזערע נאָענטע. נאָך דריי וואָכן וואַנדערן צופוס (קיין באַנען זענען נישט געגאַנגען) זענען מיר לסוף אָנגעקומען אין אונדזער אַלטער חרוב געוואָרענער „היים". דאָס איז געווען אין אַ פרייטיק, אַ קאַלטער רעגנדיקער טאָג, גלייך ווי די נאַטור וואָלט מיטגעטרויערט אויף אונדזער גרויסן חורבן. מיר זענען גלייך אַוועק אויפן בית־עולם און זיך גוט אויסגעוויינט. צוריקוועגס האָט אונדז אַ פויער געזאָגט, אַז אין שטעטל איז דאָ אנשל בעקער, מיר זענען גלייך אַוועק צו אים און דאָ האָבן מיר ערשט דערפילט ווי גרויס אונדזער בראָך איז! יאָ, מיר האָבן געוואָלט אַהיים, געוואָלט עמיצן געפינען פון אונדזערע נאָענטע, אָבער ליידער קיינעם נישט געטראָפן.

טאבע מאשענבערג

# מיינע פיינפולע טעג

באַכן פאַרנעמען וואַרשע דורך די דייטשן בין איך נישט אַהיים קיין סאָכאַ־טשעוו, ווי אַלע יידן האָבן געטאָן, נאָר בין פאַרבליבן צוריק אויף מיין אַלטן פּאָסטן אין קינדערהיים אויף לעשנא 124. קורץ פאַרן שאַפן דאָס געטאָ אין סאָכאַטשעוו בין איך אַהיימגעקומען צו מיינע עלטערן און מיטגע־מאַכט די „אויסזידלונג" קיין וואַרשע. דאָרט בין איך ווידער צוריקגעקומען אין דער קינדערהיים, וועלכע איז געוואָרן איבערגעטראָגן פון דער אַרישער זייט אויף דזשעלנע 35. דאָרט האָב איך געאַרבעט ביז צו דער ערשטער „אויסזידלונג". אויפן ערשטן פייער, ווי עס איז באַקאַנט, זענען געגאַנגען קינדער. אויך אונדזערע קינדער מיט יאַנוש קאָרטשאַקן בראש זענען אַוועק אויפן אומשלאַג־פּלאַץ. נישט האָבנדיק מער וואָס צו טאָן, ווייל פון גאַנצן פער־סאָנאַל איז אַ חוץ מיר געבליבן נאָך 4 מאַן, האָב איך זיך איבערגעטראָגן אין שאָפּ פון שולץ אויף נאָוואָליפּקי 25 און דאָרט געאַרבעט ביז דער פולשטענדיקער ליקווידאַציע פון גרויסן געטאָ.

דורך דער צייט האָב איך מיטגעמאַכט אַ סך בלאָקאַדעס. בעת איין בלאָקאַדע איז מיר אויסגעקומען אפילו זיך אַראָפּצולאָזן פון ערשטן שטאָק. ווען עס איז געקומען דער טאָג פון דער ליקווידאַציע בין איך צוזאַמען מיט די איבעריקע איינוווינער אַריין אין אַ פון פריער צוגעגרייטן בונקער. אָבער נישט לאַנג זענען מיר דאָרט פאַרבליבן, ווייל נאָך צוויי טעג זיצן האָט מען מינירט דעם בונקער און באַפוילן אַז אַלע זאָלן אַרויסגיין, צוזאָגנדיק אונדז, אַז מיר וועלן גאָרנישט ליידן דערביי. מען וועט אונדז נאָר איבער־פירן נאָך טראַווניק, אויך אין שולץ־שאָפּ. אלע זענען אַרויס אָבער גלייכ־צייטיק געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. עס זענען דעמאָלט אַ סך געפאַלן. מען האָט אונדז געפירט אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, ווו מען איז געווען אָן אַ שטיקל ברויט און אָן וואַסער, אַזוי האָבן מיר געליטן 2 מעת לעת.ביים אַריינ־שטופּן אונדז אין די וואַגאָנען האָט מען אונדז מערדערלעך געשלאָגן. מען

האָט אונדז אַריינגעזעצט צו 100 און 110 מאַן אין אַ וואַגאָן פון וועלכע נאָר אַ העלפט איז געבליבן לעבן.

צוויי טעג האָט געדויערט אונדזער „רייזע" קיין מיידאַנעק. דאָרט האָט מען באַלד אָפּגעטיילט פרויען באַזונדער און מאַמעס מיט קינדער באַזונ־דער און גלייך זיי איבערגעפירט אין אַנדערע באַראַקן, וועלכע זענען געווען שטאַרק אַרומגעצוימט מיט דראָט. איך, נישט האָבנדיק קיין קינד, האָב



הערש־נתן מאשענבערג

זיך געמוזט שיידן מיט דער שוועסטער, וועלכע איז צוזאַמען מיט מיר גע־קומען דאָ אַהער מיט 2 קינדער און געגאַנגען אין אַ באַזונדערן באַראַק. מען האָט מיך גלייך גענומען צו דער שוועסטער אַרבעט — ווי טראָגן שטיינער. אָבער גליקלעך בין איך געווען, אַז איך האָב געקענט קויפן ביי ציווילע פּאָליאַקן אַ זעמל און אַן איי פאַר די קינדער. אָבער נאָך דריי וואָכן האָט מען אַ סוף געמאַכט צו די קינדער. מען האָט זיי פאַרלאָדן צו־

זאַמען מיט די מוטערס אויף לאַסט־אויטאָס און גענומען אין גאַז־קאַמערן.

אין דער צייט איז נאָך דאָרט קיין קרעמאַטאָריע נישט געווען. די פאַרסמטע קערפּערס זענען געבראַכט געוואָרן אויפן פרייען פעלד און גע־וואָרפן אין אויסגעגראָבענע גריבער, ווו זיי זענען פאַרברענט געוואָרן. אין דער זעלבער צייט איז געמאַכט געוואָרן סעלעקציעס צווישן די איבערגע־בליבענע פרויען, וועלכע האָבן קיין קינדער נישט געהאַט. די אַרבעטס־פעאיקע האָט מען גענומען אין פאַרשידענע אַנדערע לאַגערן.

מיך, צוזאַמען מיט מיינע חברטעס, אויך פון מיין שטאָט — צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען רוזשע ראָזענקאָפּ האָט מען געבראַכט קיין אָשוויענטשים. דאָרט האָט מען געמוזט פאַרבלייבן אויף קאַראַנטין 4 וואָכן, אַרבעטנדיק גלייכצייטיק ביי שלעפּן וואָגנס מיסט. פון דער קאַראַנטין האָט מען אונדז ווידער גענומען אין אַן אַרבעטס־לאַגער, ווו איך האָב געמוזט שלעפּן ליים און ציגל. אונדזער בלאָק איז געשטאַנען פונקט קעגנאיבער די קרעמאַטאָריעס. אין דער זעלבער צייט בין איך קראַנק געוואָרן אויף מאַלאַריע און גענומען געוואָרן אויפן רעוויר. צוליב דער גוטער באַציונג פון די יידישע דאָקטוירים צו מיר איז מיר געלונגען דורך פאַרשידענע וועגן זיך אַרויסצודרייען פון 7 סעלעקציעס, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין שפּיטאָל. קומענדיק צוריק אין באַראַק בין איך געווען שטאַרק אָפּגעשוואַכט און מורא האָבנדיק, אַז מען זאָל מיך ווי אַלע אַנדערע קראַנקע נישט נעמען אויפן 25־טן בלאָק, וועלכער איז געווען פאַר קאַנדידאַטן צום פאַר־גאַזעווען, האָב איך זיך פאַרשריבן אין דער 19־טער קאָמאַנדאָ, וואָס האָט אויך געאַרבעט ביי ליים און ציגל מחוץ דעם לאַגער.

שוין דעם ערשטן טאָג אַרויסקומענדיק אויפן פּלאַץ אַרבעטן בין איך נישט פעיק געווען מיט קיין האַנט צו רירן. אָבער דער דייטשער שעף, וועלכער איז צופעליק געווען אַ גוטער מענטש, האָט מיך אָפּגעשוינט ביי דער אַרבעט און מיך געהייסן נאָר זיצן מיט דער לאָפּעטע און אַכט געבן, אַז עס זאָל קיין אַנדערער דייטש דאָס נישט באַמערקן. נישט לאַנג בין איך אָבער דאָרט געווען, ווייל דער זעלבער דייטש האָט נישט געקענט צוקוקן ווי איך מאַטער זיך. מען האָט מיך געשיקט אויף אַ צווייטער קאָמאַנדע — די 18־טע — די ערגסטע אין גאַנצן לאַגער. איך האָב דאָרטן געפירט טאַטשקעס מיט ליים, באַקומענדיק דערביי געפּערלעך געשלאָגן. דורך דער צייט בין איך פון די קלעפּ קראַנק געוואָרן, די קאָמאַנדע האָט זיך מיט יעדן טאָג פאַרקלענערט. אַ טייל האָט מען דערהרגעט אויפן אָרט און אַנדערע זענען סתם געשטאָרבן.

קומענדיק צו די כוחות האָב איך זיך ווידער איינגעשריבן אין אַ צוויי־טער קאָמאַנדע אויך צו אַרבעט מחוצן לאַגער. די אַרבעט איז שוין געווען

אַ ביסל לייכטער. מען האָט דאָרט נישט געשלאָגן. אין די ערגסטע קעלטן און פרעסט בין איך געגאַנגען באָרוועס און נאַקעט בלויז מיט שמאַטעס אַרומגעוויקלט די פיס, ווייל די 2 פּאָר טרעפּעס וועלכע מיין חברטע האָט מיר געגעבן, צוגנבנדיק זיי ביי אַ צווייטן, האָט מען מיר פון אונטערן קאָפּ ביינאַכט צוגענומען. דאָ בין איך ווידער קראַנק געוואָרן, און באַקומען אַ רויז אויפן פוס. מיטן קראַנקן פוס בין איך נאָך אַ פּאָר טעג געגאַנגען צו דער אַרבעט ביז דער שעף האָט מיך געהייסן גיין אין שפּיטאָל אַריין.

נישט וועלנדיק דאָרטן גיין, האָב איך אַוועקגעגעבן מיין ברויט־פּאָרציע די פלעגערין פון בלאָק, און זי האָט מיך אַרויסגעפירט פון בלאָק צו איר באַקאַנטע בלאָקאָווע, ווו עס איז געווען אַ פּוילישע דאָקטאָרין, וואָס האָט מיר געהיילט דעם פוס.

זיצנדיק אַזוי ביי דער פּוילישער דאָקטאָרין אויף אַ בענקל, איז איינמאָל אַריינגעפאַלן אין שפּיטאָל אַריין אַן ס.ס.מאַן, און דערזעענדיק מיך, האָט ער מיך פאַרשריבן אויף אַ צווייטן יידישן בלאָק, ווו מען נעמט צו פאַרגאַזעווען. דאָרט האָט מען אַרויסגענומען נאַקעטע מענטשן און גלייך געלאָדן אין אויטאָס. אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט מען אונדז גענומען אויף לאַסט־אויטאָס און געפירט צום טויט. אויף יעדן אויטאָ זענען געווען 4 ס.ס.לייט, וועלכע האָבן אונדז געהיטן מיר זאָלן נישט אַנטלויפן. אַ 20 מעטער פאַרן קרעמאַטאָריע בין איך אַראָפּגעשפּרונגען פון אויטאָ און זייענדיק נישט באַמערקט פון די ס.ס. לייט האָב איך זיך באַהאַלטן אין אַן אייזערנער וואַגאָנעטקע, וואָס איז געשטאַנען אויף די שינעס. דאָרטן בין איך נאַקעט אָפּגעלעגן אַ גאַנצע נאַכט אין אַ גרויסער קעלט און פראָסט.

איך האָב געזען ווי די ליידיקע אויטאָס אָן מענטשן קערן זיך צוריק פון קרעמאַטאָריע. דורך דער צייט האָבן זיך די וואַכן געטוישט. און איינער פון די ס.ס.מענער האָט מיך באַמערקט דאָרט ליגן. ער איז גלייך צו צו מיר און געפרעגט וואָס איך טו. איך האָב אים דערציילט, אַז איך בין אַנטלאָפן פון דעם טראַנספּאָרט, ווייל איך האָב נישט געוואָלט לעבעדיקערהייט גיין אין אויוון אַריין, איך בין אַנטלאָפן, ווייל איך האָב געוואָלט מען זאָל מיך שיסן. ער האָט אַראָפּגענומען פון זיך דעם שינעל, אויסגעטאָן די מאַרינאַרקע און מיר געגעבן איך זאָל זיך מיט איר ארומהילן. דאַן האָט ער מיך צוגעפירט אין דער „שרייב־שטובע“. איך בין שוין געווען שוואַרץ פון קעלט און זיך אינגאַנצן נישט געקענט רירן צוליבן קראַנקן פוס. אין דער „שרייב־שטובע“ האָט ער פון מיר אַראָפּגענומען די מאַרינארקע און מען האָט מיך צוגעפירט אין קראַנקן בלאָק.

איך האָב באַקומען אַ בעטל אויפן דריטן שטאָק. די בלאָקאָווע, אַ פרוי פון סלאָוואַקיע האָט מיך שטאַרק געשלאָגן, ווייל איך האָב נישט געקענט

אַרויפגיין אַזוי הויך, און ווען אויפן צווייטן טאָג איז געקומען דער דייטשער דאָקטער, האָט זי מיך פאַרמסרט, אַז איך בין אַנטלאָפן פון קרעמאַטאָריע. דער דאָקטער האָט מיך „באַרויקט“, אַז אין די נאָענטסטע דריי טעג ווערט אָרגאַניזירט אַ צווייטער טראַנספּאָרט, וועל איך באַשטימט זיין פון די ערשטע. פון דעם אַלעם האָט זיך דערוווּסט מיין באַקאַנטע פוילישע בלאָקאָווע. זי איז געקומען אין קראַנקן־בלאָק און געבעטן די יידיש־סלאָוואַקישע בלאָקאָווע זי זאָל אָנשטאָט מיך נעמען אויף דער ליסטע אַ צווייטע, אַ בלינדע אָדער אַלטע וועלכע וועט פריער אָדער שפּעטער פאַרברענט ווערן. די יידישע בלאָקאָווע האָט אָפּגעזאָגט. נישט האָבנדיק קיין אַנדערן אויסוועג איז מיין באַקאַנטע געגאַנגען צום לאַגער־פירער אַליין. ער זאָל דערלויבן מיך אויסשרייבן פון שפּיטאָל און זי וועט שוין זען איך זאָל זיין געזונט.

נאָך דער אינטערווענץ בין איך טאַקע געוואָרן איבערגעפירט אויף אַ פרישן אַרבעטס־בלאָק, און איך האָב געמוזט יעדן טאָג גיין צו דער אַרבעט. זייענדיק אויפן בלאָק נישט מער ווי צוויי טאָג האָט מען געמאַכט אַן „ענטלאָזונג“ און מען האָט אונדז גענומען אין דער באָד אַריין. דאָרט האָט געאַרבעט אַ באַקאַנטע פון וואַרשע, אָבער ווי אויף להכעיס האָב איך זי דעמאָלט נישט געטראָפן. איך האָב באַשלאָסן פון דאָרטן צו אַנטלויפן, ווייל שוין אין דער באָד האָט מען געזאָלט דורכגיין אַ סעלעקציע. מיט מיין קראַנקן פוס וואָלט איך זיכער באַשטימט געוואָרן צו גיין אין אויוון אַריין. די קליידער האָט מען פון אונדז צוגענומען, איבערלאָזנדיק נאָר די טרעפּעס. איך האָב גענומען אין דער האַנט די טרעפּעס און אַ געפונענעם פאַלטן און אַרויס אויף דעם קאָרידאָר, די היטערס האָבן מיך ווייטער נישט געלאָזט גיין, אָבער דערמאָנענדיק דעם נאָמען פון דער באַקאַנטער, אַז איך בין איר שוועסטער האָט מען מיך אַרויסגעלאָזט. ביים צווייטן עק פון קאָרידאָר האָב איך זיך אַרויפגעכאַפּט אויף דער מויער, אויסגעהאַקט אַ שויב אין אַ קליין פענסטערל און זיך אַרויסבאַקומען. מיין ציל איז געווען צוצוקריגן זיך צום שפּיטאָל, ווו איך האָב געהאַט מיין באַקאַנטע, די גוטע בלאָקאָווע. אין דער זעלבער צייט איז געווען אין אַלע בלאָקן „שפּערע“, מען האָט אומעטום דורכגעפירט סעלעקציעס. איך האָב זיך אין ערגעץ נישט געקענט אַריינבאַקומען. אונטערן נאָענטסטן בלאָק זענען געלעגן טויטע קערפּערס, איבערגעשיט מיט כלאָריק. איך האָב זיך אַריינגערוקט צווישן די טויטע און געלעגן דאָרט באַהאַלטן איבער 2 שעה.

ליגנדיק אַזוי האָב איך געהערט רופן „מיטאַג האַלן“, כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז די סעלעקציע האָט זיך געענדיקט. איך בין צוריק אַריין אין דער באָד, גענומען מיין אָנטועכץ, און אויף דער פראַגע צי איך בין פאַרשריבן האָב איך געזאָגט, אַז יאָ. נאָך דריי טאג איז מען טאַקע געקומען אין באַראַק

אַרויסנעמען די מענטשן. פון די פאַרשריבענע האָט זיך איינע באַהאַלטן, נישט געפינענדיק זי האָט די בלאָקאָווע אָנגעוויזן אויף מיר. אָבער מיין נומער האָט מיך געראַטעוועט, ווייל די באַהאַלטענע איז געווען פאַרשריבן אין די ביכער, אונטער אַן אַנדערן נומער.

דורך דער צייט האָט זיך מיין פוס אויסגעהיילט און איך האָב זיך אַריינבאַקומען אין דער בעסטער קאָמאַנדע פון גאַנצן לאַגער, אין אַ לעדער־פאַבריק. דאָרט איז אויך געווען אַ סאָרטירונג פון קליידער פון די פאַרגאַזוועטע מענטשן און אויך אַ וועשעריי פאַר ס.ס. און טיילוויז פאַר „העפט־לינגע". דאָרט איז מיר שוין געווען גוט. איך האָב נאָך געהאָלפן אַנדערע מענטשן. נאָך 6 חדשים ארבעטן דאָרט, האָט מען דעם גאַנצן לאַגער ליקווידירט און צעשיקט אין פאַרשידענע אַנדערע לאַגערן.

מיין גורל האָט מיך געבראַכט קיין „ראַוועגסבריק". דאָס איז געווען אינמיטן ווינטער, יאַנואַר, אָדער פעברואַר. דער וועג האָט געדויערט ביז פיר וואָכן, ווייל ביז לעסלאו זענען מיר געגאַנגען צו פוס, אָפּגערוט האָבן מיר זיך אויפן שניי, און ווער עס האָט נישט געקענט נאָכגיין האָט גלייך באַקומען אַ קויל אין קאָפּ. אַ סך הונדערטער מענטשן זענען דאָרט געפאַלן און דער גאַנצער וועג איז געווען געצייכנט מיט מענטשלעך בלוט און צעשפּריצטע געהירן. אָנקומענדיק קיין ראַוועגסבריק האָט מען אונדז נישט געגעבן קיין ביסל וואַסער, לסוף ווען מ'האָט אַרויסגעבראַכט אַ פאַס וואַסער, האָט איינער געטראָטן אויפן צווייטן, געווען אַ סך הרוגים און קיינער האָט קיין וואַסער נישט גענומען.

עסן האָט מען באַקומען איינמאָל אין טאָג, מייסטנס ביינאַכט, אַ ביסל שמוציק זופּ־וואַסער. פון ראַוועגסבריק האָט מען אונדז געשיקט נאָך מאַלכאו, אָבער שוין אין אַ פּאַסאַזשיר־צוג. אויפן וועג האָט מען אונדז מיטגעגעבן שפּייז אויף צוויי טעג: אַ האַלב ברויט און אַ שטיקל וווּרשט. אָנקומענדיק אויפן אָרט האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין באַראַקן, וווּ עס איז געווען אויסגעשפּרייט אויפן באָדן שטרוי און דאָרט געהייסן זיך לייגן. פאַרן גיין שלאָפן האָבן די ס.ס.מאַנקעס דורכגעפירט ביי אונדז אַ רעוויזיע און איבער־געלאָזט נאָר אין דעם, וואָס מיר האָבן געמוזט טראָגן, אַלץ איבעריקע איז געוואָרן צוגענומען. צומאָרגנס האָט מען אונדז אויסגעשטעלט אויפן פּלאַץ און געהאַלטן פאַר אונדז אַ דרשה. דאַן איז געגעבן געוואָרן אַ ברויט אויף 10 מאַן, און אַ ביסל זופּ פון ריבן אָן זאַלץ.

מיר האָבן דאָרט שטאַרק געליטן הונגער. איינמאָל האָט מיך געטראָפן אַן אומגליק. איך און מיינס אַ חברטע זענען געגאַנגען אין דער אוביקאַציע. איך האָב נישט באַמערקט, אַז דאָס ברעטל איז איינגעבראָכן און איך בין אַראָפּגעפאַלן אין טיפן גרוב מיט מיסט פון 8 מעטער טיף. איך האָב זיך

שוין דאָרטן געטרונקען, אָבער אויפן געשריי פון מיין חברטע, זענען אָנגעקומען מענטשן און מיט צוגעשטעלטע לייטערס האָט מען מיך אַרויסגעשלעפּט. אַ פּאָר שעה בין איך געזעסן אונטער אַ פּאָנטאַן און געוואַשן זיך, מיינע קליידער האָב איך געוואַשן בייגאַכט צוגרייטנדיק פריער וואַסער אין די שיך. בייגאַכט זיי אַרויסגעהאָנגען זיי זאָלן זיך לופטערן און אַליין אויך געזעסן אַ גאַנצע נאַכט אויף דער שוועל פון באַראַק און זיך געלופטערט נאַקעט, הגם עס איז נאָך געווען ווינטער.



די שוועסטער פון יאָסל כאַזען מיט איר קינד

נאָך אַ פּאָר וואָכן זיין דאָרט האט מען אונדז געשיקט אין אַ לאַגער ביי לייפּציג. דאָרט איז שוין געווען אַן אַנדערע וועלט. מיר האָבן באַקומען אַ ברויט אויף 8 מאַן, מען האָט זיך געקענט אָפּוואַשן ווען מען האָט געוואָלט און מיר האָבן באַקומען זופּ שוין ביי אַ טיש. אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט דאָס גוטע. זייענדיק דאָרט אַ פּאָר וואָכן, האָט זיך דער פראָנט דערנענטערט און מען האָט אונדז ווייטער געטריבן, געיאָגט צו פוס. אַ סך מענטשן זענען אויפן וועג געפאַלן. די אמעריקאנישע און רוסישע עראָפּלאַנען האָבן זיך נידעריק אַראָפּגעלאָזט איבער אונדז, אָבער זעענדיק, אַז מיר זענען לאַגער־מענטשן האָבן זיי קיינעם נישט באַשאָסן. צו עסן האָט מען אונדז גאָרנישט געגעבן, דער הונגער איז געווען גרויס. און די „פירערס" מוראַ־האָבנדיק, אַז מיר זאָלן זיך נישט פונאַנדערלויפן האָבן זיי אונדז געצוווּנגען צו נעכטיקן אויפן פרייען פעלד. די ס.ס.לייט זעענדיק, אַז עס האַלט שלעכט האָבן זיך שנעל איבערגעטאָן אין „פאַשאַקן" אַ סך פון זיי האָבן אונדז

איבערגעלאָזט און אַנטלאָפן. אַ טייל איז אָבער געבליבן און אונדז געהיטן. די „העפטלינגע” האָבן זיך מייסטנס געהאַלטן אין קאָמפּאַניעס.

איך און מיינע חברטעס האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן. מיר האָבן זיך אָפּגעריסן פון אַלע און צוגעקומען צו אַ דייטשיש הויז. דאָרט האָבן מיר זיך איבערגעטאָן אין ציווילע קליידער און די ק.צ.קליידער געטראָגן אונטער אַלעם. די באַפרייונגס־אַרמיי איז געווען שוין אַרום און אַרום אונדז, אָבער די געגנט איז נאָך געווען אין דייטשע הענט. דעריבער האָבן מיר נאָך מורא געהאַט צו זאָגן, אַז מיר זענען פון לאַגער, און מיר האָבן זיך אויפגעגעבן אַלס פּליטים. אין אַ דייטשער שטוב האָבן מיר זיך אָפּגעוואַשן, אויסגעטאָן און אויסגעוואַשן אונדזערע מלבושים און אָפּגעקאָכט אַ ביסל געגנבעטע קאַרטאָפל. דאַן האָט די דייטשקע געשיקט מיין חברטע מיט אַ זאַק אין דער בעקעריי. דאָרט האָב איך אויסגעבעטן אַ ברויט, און מיין חברטע האָט אויך באַקומען פון איר אַ ברויט. דערזעענדיק דאָס ברויט האָט זי פאַר פרייד געחלשט. מיר זענען מיט אונדזער אוצר אַהיימגעקומען אין דער שטאַל אַריין ווו עס האָבן אויף אונדז שוין געוואַרט די איבעריקע פרויען. די פרייד מיט די ברויטן איז געווען זייער גרויס. מיר האָבן געגעסן מיט געקאָכטע אָפּגעשיילטע קאַרטאָפל. דאָס איז געווען די ערשטע נאַכט נאָך אַזוי פיל יאָרן פייניקן זיך, וואָס מיר האָבן זיך געלייגט זאַט, און דורכגעשלאָפן אַ נאַכט אָן קלעפּ, און אָן עול אויפצושטיין צום אַפּעל.

צומאָרגנס זענען מיר ווידער געגאַנגען צו אַ צווייטן דייטשן פּויער און באַקומען פון אים אַ ביסל קאַרטאָפל און מאַשלאַנקע. דאָס אַלץ איז געווען נישט ווייט פון דער שטאָט אושאַץ. עס זענען דאָרט אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז די שטאָט איז שוין פאַרנומען דורך די אַמעריקאַנער. באַלד צומאָרגנס האָבן מיר זיך געלאָזט דאָרט אַהין. אָפּגייענדיק אָבער אַ פּאָר קילאָמעטער האָט מען דערזען אויפן וועג „העפטלינגע” מיט ביקסן אין די הענט, וועלכע האָבן אָפּגעשטעלט אַלע דייטשע אויטאָס. זיי האָבן אונדז פאַרהאַלטן אָבער דערוויסנדיק זיך ווער מיר זענען האָט מען אונדז ווייטער געלאָזט גיין. נישט ווייט פון דער שטאָט האָט זיך געפונען אַ פּוילישער לאַגער. די „פּליכטלינגע” האָבן זיך געשאַפן פערד און וואָגן און צוגעפאָרן צו דער שטאָט, וועלכע איז פאַקטיש קיינעמס נישט געווען, ווייל די אַמעריקאַנער זענען נאָך נישט אַריין און ס.ס. איז געשטאַנען 2 קילאָמעטער פון דער שטאָט. דאָרט האָבן זיי אויפגעהאַקט די מיליטערישע מאַגאַזינען און געלאָדן אויף די וועגענער פון בעסטן וואָס די אויגן האָבן נאָר געזען. אויך מיר האָבן געטראָפן אויפן וועג אַזאַ „פאַרפלעגונגס־טאַבאָר”. זיי האָבן אונדז געגעבן צו עסן און מיטגענומען צו זיך אין לאַגער.

מיר האָבן זיך נאָך אַלץ נישט אויפגעגעבן אַלס יידישע. איינמאָל האָט

אונדז אַליין פאַרגלוסט צו גיין אין דער שטאָט און אויך עפּעס צו ברענגען. אין גאַס האָבן אונדז באַגעגנט 4 ס.ס.מענער אָנגעטאָן אין פולער קריגס־אוניפאָרם מיט ביקסן און גראַנאַטן אין די הענט. זיי האָבן אונדז צוגע־רופן און געפרעגט וווהין מיר גייען. מיר האָבן זיי דערקלערט, אַז מיר זענען פּליכטלינגע פון אַ שטאָט וואָס איז פאַרנומען געוואָרן דורך די רוסן, און מיר גייען זוכן עפּעס עסן פאַר אונדזערע קינדער. נאָך אַ קורצער קאָנפע־רענץ צווישן זיך האָט מען אונדז געהייסן ווייטער גיין. און זיי אַליין זענען אויף ראָווערן אָפּגעפאָרן אין וואַלד אַריין.

אין זעלבן טאָג נאָך זענען אַמעריקאַנער און ענגלענדער אַדורך די שטאָט. דאָס איז געווען קורץ פאַרן ערשטן מאַי, און באַלד איז בערלין געפאַלן. עס האָט געדויערט אַ צוויי דריי טעג איז דורכן שטעטל אַדורך ווידער דאָס רוסישע מיליטער, וואָס איז צוריק געגאַנגען פון בערלין. זיי האָבן אַ תל געמאַכט פון אַלעם. מיר האָבן באַשלאָסן צוריק אהיים קיין פּוילן. קיין צוגן האָבן נישט קורסירט, איז מען געגאַנגען צו פוס אַ פּאָר הונדערט קילאָמע־טער. דערווייל האָבן אונדז רוסן פאַרנומען, אַלץ ביי אונדז צוגענומען און אונדז געוואָלט נעמען אין לאַגער אַריין. מיר האָבן זיך אין דער זעלבער צייט צוזאַמענגעטראָפן מיט פּויליש מיליטער. זיי האָבן אונדז אויפגעקלערט אַז מיר גייען אין לאַגער און נישט ווי די רוסן האָבן אונדז פאַרזיכערט, אַז זיי פירן אונדז קיין פּוילן. מיר זענען פון די רוסן אַנטלאָפן און נאָכגעשלעפּט זיך נאָך דער פּוילישער אַרמיי.

אַזוי האָט מען זיך צוגעשלעפּט ביז פּוילן. און די ערשטע שטאָט ווו מיר האָבן זיך פאַרהאַלטן און אָנגעהויבן זוכן אונדזערע קרובים איז געווען לאָדזש.

מ. ש. פריידענבערג

# מיינע איבערלעבונגען אונטערן נאצי־רעזשים

דעם 5־טן מאי 1941, האָב איך מיט מיין משפחה באַשלאָסן אַרויסצושוואַרצן זיך פון וואַרשעווער געטאָ. דאָס האָט זיך אונדז איינגעגעבן. מיר זענען אַוועק אויפן דאָרף ביי ביאַלין. קומענדיק אויפן דאָרף, האָבן מיר זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט אונדזערע בני־עיר — דאַווידאָוויטש, הערש רויטמאַן, קאַרפיא, גאָלדמאַן, ארקאָוויעץ און ברעגידא. דאָ זענען אויך געווען אייזעלעס דריי קינדער — שניידער. שניידער און שוסטער האָבן געהאַט פיל אַרבעט ביי די פויערים אָבער מיר האָבן געהאַט גרויס שרעק און זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן. שפּעטער זענען געקומען נאָך אַנדערע יידן פון סאָכאַטשעוו, צווישן זיי אויך איזראַלעוויטשס צוויי זין (שניידער), זיין פרוי איז דערגאַנגען בין סאָכאַטשעוו און געפאַלן פון הונגער. אין סאָכאַטשעוו גופא האָבן אויך געאַרבעט די יידישע בעלי־מלאכות (שוסטער, שניידער, סטאָליאַרעס) ביי די דייטשן, און מיט זיי האָט אָנגעפירט באַלאַס. אין אַ געוויסער צייט אַרום, האָט מען די אַלע יידן אַרויסגעפירט אין וואַלד און דערשאָסן. אין דאָרף איז כסדר געוואָרן ערגער, די דייטשן האָבן אַרויסגעהאַנגען פלאַקאַטן אַז פאַר באַהאַלטן יידן וועט מען באַקומען טויט־שטראָף. מיט דער צייט האָבן די פויערים אַליין געכאַפּט יידן, געבונדן הענט און פיס און זיי איבערגעגעבן צו די מערדער, דערפאַר באַקומען אַלס באַלוינונג צוקער, געלט און פאַרשידענע זאַכן. צווישן אַנדערע האָבן די פויערים געכאַפּט דאָס ייִנגל פון משה שטריקמאַכער, אים געבונדן און אַוועקגעפירט צו די דייטשן, זיי האָבן אויך איבערגעגעבן די דריי קינדער פון אייזעלען צו די דייטשן. בעת די קינדער זענען אַנטלאָפן, האָבן זיי די פויערים נאָכגעיאָגט און געכאַפּט.

אין רעזולטאַט פון די מסירות, האָבן די דייטשן געמאַכט אַן אָבלאַווע אויפן דאָרף. זיי זענען געקומען אין פולער באַוואָפענונג, אין אַ גרויסער צאָל און מען האָט געזוכט יידן. הערשל טינדל מיט זיין פרוי און צוויי קינדער זענען געוואָרן דערשאָסן. איך מיט מיין משפחה זענען געווען באַהאַלטן אין פעלד צווישן די הויכע זאַנגען און ניצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט. בעת דער אָבלאַווע האָבן זיי אויך דערשאָסן צאַקלע יאַקובאָוויטש מיט זיינס אַ ברודער. פאַרנאַכט, ווען עס איז שוין געווען גוט פינצטער זענען מיר אַרויס פון פעלד און געקומען צו אַ באַקאַנטן פויער, וועלכער

האָט אונדז געראַטן צו אַנטלויפן, ווייל די ארומיקע פּויערים גרייטן אַ גרויסע אַבלאַווע אויף יידן אין דער גאַנצער געגנט. מיר האָבן גלייך פאַלאָזט ביאַלין און אַוועק לעבן ראַקאַטאָוו און זיך ווידער אויסבאַהאַלטן אין פעלד צווישן די הויכע זאַנגען. דאָ ,זענען מיר געווען 9 מעת־לעת אין גרויס שרעק. עסן האָבן מיר זיך ווי ניט איז פאַרשאַפט. קורץ נאָך אונדזער אַנטלויפן, האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע אַבלאַווע פון די פּויערים אין ביאַלין. מיט שטעקנס און פאַרשידענע אַנדערע טעמפּע כלים אין די הענט האָבן די רוצחים געזוכט די יידן אויף אַלע פעלדער און וועגן און געמאָרדעט אָן רחמנות. אויפן וועג האָבן זיי אָנגעטראָפן גיין הערשל פּינטשעווסקי. די פּויערים האָבן אים אָנגעהויבן שרעקלעך צו שלאָגן, אָבער אייניקע פון זיי האָבן געזאָגט, אז ער פּינטשעווסקי איז אַ פּאָליאַק, ווייל ער איז געווען שיין אָנגעטאָן, אָבער די שלעגער האָבן געטענהט, אַז ער איז א ייד. צו זיין גליק איז אָנגעקומען אַ באַקאַנטער פּאָליאַק וואָס האָט צו די שלעגער געזאָגט, אַז ער קאָן אים דאָס ער איז א פּאליאַק, אַ מענטש פון א.ק. (ארמיא קראַיאווא) און די פּויערים האָבן אים אָפּגעלאָזן. צו דער זעלבער צייט, זענען אויפן דאָרף געקומען אַ גרויסע צאָל באַוואָפנטע פּאָליאַקן און זיך צעקריגט מיט די אָרטיקע פּויערים און זענען אַוועק. אין דער אייגענער צייט איז אָנגעקומען אַ בריוו צום סאָלטיס, אַז ער זאָל אויפפאָדערן די פּויערים, זיי זאָלן זיך פאַרהאַלטן רואיק און ניט מסר'ן די יידן, אין קעגנפאַל, וועלן זיי פאַרברענען דאָס גאַנצע דאָרף! דער דאָזיקער דראונגס־בריוו האָט געווירקט און די פּויערים האָבן זיך באַרואיקט. (די מחברים פון בריוו זענען געווען פאַרטיזאַנער).

מיר זענען צוריק אַוועק קיין ביאַלין. דאָ זענען יעדע נאַכט געקומען פאַרטיזאַנער און גענומען ביי די פּויערים פאַרשידענע זאַכן, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט. אונדזער לאַגע איז געוואָרן אַביסל לייכטער, מיר האָבן נישט מורא געהאַט אַז די פּויערים וועלן אונדז דערהרגענען. מיר האָבן געוואָלט דאָ בלייבן און ווייטער אַרבעטן, אָבער די פּויערים האבן אונדז ניט אַריינגעלאָזן אין זייערע הייזער.נישט געוואָלט אונדז פאַרקויפן קיין שפּייז און אפילו נישט געוואָלט מיט אונדז ריידן. בלית ברירה האָבן מיר געמוזט אָנהייבן אַ נייעם וואָגלער וועג. פאַרן פאַרלאָזן ביאַלין, האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז עס זענען אומגעקומען דאָ פיל יידן. צוו"א, די פרוי סקורניק מיט איר קינד און קנאָבעלס אַ שוועסטער מיט אַ קינד. מיר האָבן זיך אויסגעזוכט אַ באַהעלטעניש און געלעבט פון געבראָטענע קאַרטאָפל, וואָס מיר האָבן געגנבעט אויף די פעלדער. עס האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט ביז די פּויערים האָבן זיך אָפּגעקילט אין זייער שנאה צו אונדז.

**משה גייער**

# זכרונות

פינף טעג נאָך דעם אויסברוך פון דער מלחמה איז געוואָרן באָמבאַדירט די יידישע קהילה, בית־המדרש און שול. די באָמבאַדירונג איז געווען די ערשטע. אַלע יידן זענען אין דעם טאָג אַנטלאָפן קיין וואַרשע מיטן געדאַנק דאָס דאָרט וועלן זיי זיך קענען ראַטעווען. די היטלעריסטישע באַנדעס זענען אַריין דעם 8.9.1939 און אַזוי ווי קיין יידן זענען נישט געווען, האָבן די דייטשן צוזאַמען מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג צערויבט דאָס גאַנצע יידישע האָב־און־גוטס און אויך פיל יידישע הייזער און געשעפטן אונטערגעצונדן. נאָך דעם פאַלן פון וואַרשע האָבן זיך די סאָכאַטשעווער צוריקגעלאָזט אין זייער היימשטעטל. אויפן וועג האָבן די דייטשן אַלע מענער פאַרנומען אין לאַגער קיין פרושקאָוו און בלוינע. נאָך דריי־טאָגיקע פייניקונגען האָט מען זיי אָפּגעלאָזט איבערלאָזנדיק פיל טויטע. די ערשטע קרבנות זענען געווען די פאַמיליעס ליבערמאַן און ראָזענפערל, וועלכע מען האָט אויסגעשאָסן אין דאָרף קאַמפינאָס 14 קילאָמעטער פון סאָכאַטשעוו. בשעת די באָמבאַדירונגען אין וואַרשע, זענען אין הויז פון אָרלאַ 11 פאַרשיט געוואָרן די פאַם. גאָטהעלף און אַנדערע, אַ צאָל פון העכער 30 מענטשן. אין שטעטל האָט געהערשט דער געוועזענער סעקרעטאַר פון מאַגיסטראַט, דער דייטש פראוזע וועלכער איז נאָמינירט געוואָרן פון די דייטשן אַלס בירגערמייסטער. ער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס צורר־יהודים.

פריער האָט ער גוט געלעבט מיט יידן אַזוי ווייט, דאָס יידן האָבן אים געהאָלפן שטעלן אַ הויז. די איבערגעבליבענע פאַרמעגנס האָט דער בירגערמייסטער אָקופירט פאַרן מאַגיסטראַט. די צוריקגעקומענע יידן האָבן זייערע וווינונגען געטראָפן באַזעצט. מיט שווערער מי איז זיי געלונגען אַריינבאַקומען זיך אין איינצלנע וווינונגען. באַלד צומאָרגנס נאָך דעם אָנקומען האָט זיך אָנגעהויבן אַ געיעג נאָך די אויסגעמוטשעטע יידן, וועלכע מען האָט אויסגענוצט צו די שווערסטע און שמוציקסטע אַרבעטן. עס איז כדאי צו באַמערקן דאָס יידן וועלנדיק אָפּהיטן זייערע בערד האָבן זיי אַרומגעבונדן די פנימער מיט טיכלעך. די יעניקע האָבן מער געליטן ווי די אייראָפּעאיש־געקליידעטע. וואַרשטאַטן, ווי אויך געשעפטן

זענען די יידן ניט צוריק געגעבן געוואָרן. נאָך אַ געוויסער צייט איז געשאַפן געוואָרן אַ יודנראַט אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען דער אייגנטימער פון האָלץ־סקלאַד יעקב בידערמאַן, וועלכער האָט זיך אויפגעפירט גאַנץ מענטשלעך. נאָך אים איז געוואָרן באַשטימט אַלס יודן־עלטסטער איטשע געלבשטיין, אַלס זיין געהילף מאָניעק ליבערט. אַ געוויסע גרופּע יידן וועלכע האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן די דיסקרימינאַציע־געזעצן האָבן געשוואַרצט די גרענעץ און אַריבער אויף דער רוסישער זייט. אין חודש פעברואַר 1941 איז געשאַפן געוואָרן אַ געטאָ אין די געסלעך ביים מאַגיסטראַט. דער געטאָ האָט עקזיסטירט אינגאַנצן צוויי וואָכן. דאן אין געקומען דער גירוש סאָכאַטשעוו. די סאָכאַטשעווער יידן האָט מען איבערגעשיקט קיין וואַרשע, אין דאָרטיקן געטאָ ווו עס האָבן זיך אָנגעהויבן נייע פּיין.

חיים ווייס

# דאטעס צו געדענקען

8־טער נאָוועמבער, 1939: אריינמאַרש פון די דייטשן קיין סאָכאַטשעוו.

12־טער נאָוועמבער, 1939: די דייטשן כאַפּן אין די גאַסן אַ פּאָר הונדערט יידן און יאָגן זיי צו דער בזורע, בכדי זיי זאָלן דאָרטן פאַרריכטן די בריק. בעת די ארבעט ווערן זיי געשלאָגן, מ׳טרייבט זיי אין טייך ווו זיי מוזן זיין אייניקע מינוט. ס׳ווערן אין דעם טאָג דערטרינקען צוויי יידן: שיינוואלד און כאזען.

ערשטער נאָוועמבער 1940: ס׳ווערט געשאַפן אין סאָכאַטשעוו דער געטאָ אין די געסלעך: סטאַשיצא, רעימאָנטאָ און אנד. דער געטאָ איז געווען אַן אָפענער.

4־טער נאָוועמבער 1940: צוליב דעם וואָס ניט אלע יידן האָבן זיך געקאָנט איינאָרדענען אין די פּאָר קליינע געסלעך זענען 5000 יידן געבליבן דאַכלאָז. דער לאנד־ראט האָט אָבער ניט געלאָזט די יידן אַרומוואַנדערן איבער דער שטאָט און זיי אויסגעזידלט קיין זשיראַרדאָוו.

ס׳ווערט געשאַפן א יודענראט. די אָנפירערשאַפט נעמט איבער איטשע געלבשטיין. די ערשטע אַרבעט פון יודענראַט איז געווען א מיאוסע: זיי האָבן צוזאַמענגעשטעלט א רשימה פון זעקס טויזנט ארימע יידן און באַפוילן, אז די אַלע וואָס וועלן דערהאַלטן זייערע אויפפאָדערונגס־צעטלן מוזן זיך צושטעלן אויפן רינעק און מיטנעמען מיט זיך פּעקלעך ביז 20 קילאָ.

דער יודענראַט האָט אַרויסגעשיקט זייערע פּאָליציי, וועלכע האט רחמנותלאָז געשלעפּט די יידן פון זייערע שטובן אויף די גאַסן. די געטריבענע יידן האָבן מקבל־פנים געווען די ארטיקע אוקראַינער, וועלכע האָבן רוצחיש געשלאָגן פרויען און קינדער, צונעמענדיק ביי זיי אלץ וואָס זיי האָבן מיטגענומען אויפן וועג. ווען אַלע 5000 מאַן זענען שוין געווען פאַרזאמלט אויפן רינעק האָט מען זיי אויפגעלאָדנט אויף פויערישע וועגעלעך און זיי אַוועקגעפירט קיין זשיראַרדאוו. אין זשיראַרדאוו האָט מען די 5000 יידן „איינגעאָרדנט" אין פארשידענע פונקטן. צוויי וואָכן סך־הכל זענען זיי דאָרט געווען און נאָכער האָט מען זיי פון דארט אַרויסגעטריבן און געיאָגט צופוס קיין וואַרשע, אין געטאָ.

15־טער נאָוועמבער 1940: דער יודענראַט האָט אַרויסגעגעבן אַ פאראָרדענונג

אַז אלע יידן אָן אונטערשיד פון עלטער, מוזן זיך אין דעם טאָג צושטעלן אויפן רינעק. באַלד אינדערפרי איז אין געטאָ געוואָרן א בהלה: אוקראַינער האבן זיך ארײנגעריסן אין געטאָ און ווילד שרײענדיק געלאָפן אין די שטובן רויבנדיק און האַרגענדיק ווער ס'איז אונטערגעקומען אונטער דער האנט. אײניקע יידן זענען אין דעם טאָג אומגעקומען.

ווען אלע יידן פון סאָכאַטשעוו זענען שוין געווען פאַרזאַמלט אויפן רינעק זענען אָנגעקומען געשטאַפּאָוצעס, וועלכע האָבן איבערגענומען די יידן און זיי געטריבן אין שטאָט־באָד. דאָרט האָט מען ביי די יידן צוגענומען וואס אײנער האָט נאָך געהאט און כמעט האַלב־נאקעטע געטריבן צופוס קיין וואַרשע. סאָכאַ־טשעוו איז געבליבן יידן־ריין.



פון די פאַרבליבענע מצבות אויפן סאָכאַטשעווער בית־הקברות

א. סאכאטשעווער

# אויסגעגאנגען פון הונגער און קעלט

דאָס יידישע סאָכאַטשעוו איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער אויבערפלאַך.

ערב מלחמה־אויסברוך צווישן דייטשלאַנד און פוילן, אין יאָר 1939 בין איך מאָביליזירט געוואָרן אין דער פוילישער אַרמיי. אויפן פראָנט גע־וואָרן שווער פאַרוואונדעט און אַ לענגערע צייט געלעגן אין שפּיטאָל. דאָס איז געווען די סיבה וואָס איך בין נישט אַוועק צוזאַמען מיט מיין ברודער, שלמה קיין רוסלאַנד. אין חודש דעצעמבער 1939 בין איך אַרויס פון שפּיטאָל און בין געבליבן אין מיין ברודערס וווינונג אין וואַרשע. און דאָ וועל איך באַשרייבן וועגן לעבן און אומקום פון די סאָכאַטשעווער, מיט וועלכע איך האָב פאַרקערט און מיט וועלכע איך האָב צוזאַמען געלעבט, ביז מיין ברודער עמנואלס איידעם וואָס האָט געוווינט צוזאַמען מיט מיין ברודער אין טשענס־טאָכאַוו האָט מיך פון וואַרשע אַרויסגענומען צו זיך.

מיין אַוועקפאָר פון וואַרשעווער געטאָ איז פאָרגעקומען 1942.15.9 ביז דעמאָלט האָב איך געוווינט מיט די סאָכאַטשעווער, פון וועלכע איך קלער, אַז קיין צווייטער אויסער מיר איז קיינער נישט לעבן געבליבן, וועלכער זאָל באַשרייבן זייער לעבן אין וואַרשעווער געטאָ און וועגן זייער אומקום. די הויפּט־זאַך זענען דאָס מענטשן פון די סאָכאַטשעווער אָרימקייט. איך וועל זיך באַמיען צו באַשרייבן דעם גרעסטן טייל וואָס איך געדענק. דער ערשטער דאָס איז זיינוול ווישאָגראָדסקי, (צונאָמען: זאנוול חלאיאק) זיין פרוי פרידע, פון דערהיים גאָטהעלף, וואָלף טרעגערס טאָכטער צוזאַמען מיט זיינע צוויי קינדער, געשטאָרבן פון הונגער אויף די נייע דזשיקע 20. אין דעם זעלבן הויז, אין דער זעלבער צייט, נאָר מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז געשטאָרבן דעם סאָכאַטשעווער שמש פון חברה קדישא זלאָטניקס פרוי. אויך איז עטוואָס שפּעטער געשטאָרבן גדליה מלמד אין דעם זעלבן הויף ווו עס האָבן געוווינט אַ פּאָר הונדערט פאַמיליעס פון דער סאָכאַטשעווער אָרימקייט, איז עטוואָס שפּעטער געשטאָרבן אריה־לייב ברויטמאַנס פרוי (יאקל גונערס טאָכטער) און מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז געשטאָרבן איר שטיף־

מוטער מרים יאַבלאָנסקאַ. די זעלבע צייט איז אויך געשטאָרבן רחל גאָט־העלף — גדליה מלמדס פרוי. שפּעטער, נאָך מיין אַוועקפאָרן קיין טשענס־טאָכאָוו איז אריה־לייב מיט זיינע דריי קינדער נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך אַרויסגעגנבעט פון וואַרשעווער געטאָ — אומגעקומען אין דאָרף שוואַרטשיק, לעבן סאָכאַטשעוו. זיי ליגן באַגראָבן אויפן פעלד פון דעם פויער וואַגנער.

מיט מיר אין טשענסטאָכאָוו צוזאַמען אין לאַגער, ביז מען האָט מיך אַרויסגעפירט קיין אוישוויץ, האָט זיך געפונען שמעון קראקובס טאָכטער און לייזער גרינבערגס טאָכטער. זיי זענען געבליבן לעבן. אין אוישוויץ האָב איך געטראָפן משה־יידל גינגאָלדס זון. ער איז געווען צוזאַמען מיט מיר אין איין בלאָק. ביז דעם מאַרש אויף טיראָל איז ער געווען צוזאַמען מיט מיר. ער דאַרף האָבן געבליבן לעבן אין דאַכאַו שוין האַרט פאַר דער באַ־פרייונג האָב איך געטראָפן חאַסקל האָלצמאַן, חיים־הערש האָלצמאַנס זון, וואָס איז צוזאַמען מיט מיר באַפרייט געוואָרן און געבליבן לעבן.

וועגן מיין מאַרטיראָלאָגיע און ליידן וואָס איך האָב אַדורכגעמאַכט, בין איך פאַר קיין פאַל נישט אומשטאַנד צו באַשרייבן. באַזונדערס איז שוין אַלץ באַקאַנט. די אַלע מוראדיקע ליידן וואָס מען האָט איבערגעלעבט. דער הויפּט־ציל פון מיין שרייבן איז צו דערמאָנען די מענטשן, וועלכע זענען געווען אָרימעלייט פאַר דער מלחמה, וועלכע קיינער האָט זיי נישט געקענט און וועלכע זענען אויסגעגאַנגען פון הונגער און פון קעלט.

אַ פּאָר ווערטער וועגן חאַסקל נאַשעלסקי (יעקב דוד וואַסער־טרעגערס זון) ער איז אומגעקומען און ליגט באַגראָבן צוזאַמען מיט זיין זון אונטער בלוינע, ביים שאָסיי, ווו מען פאָרט אריין אין סערעקער הויף. דאָס איז געווען אין חודש מאַי, 1942. די פויערים קענען אָנווייזן גענוי ווו ער ליגט באַגראָבן צוזאַמען מיט זיין זון, ווייל די דייטשן האָבן אים געכאַפּט ווען ער האָט געאַרבעט ביי די פויערים אַלס שוסטער.

די מערסטע אָרימעלייט זענען אומגעקומען נאָך איידער מען האָט זיי אַרויס־געפירט. די איבעריקע האָט מען אַרויסגעשיקט, באַלד ביי די ערשטע „אַקציעס"...

## די טעכטער פון יחיאל און לאה שמולעוויטש

## פארפייניקט געווארן דורך די דייטשן אין פראנקרייך אין יאר 1942



ביילע שמולעוויטש



רחל שמולעוויטש



חיה שמולעוויטש

**ראזע (וויינבערג) גאלדשטיין**

# אויף דער אַרישער זייט

באַכן פאַרנעמען ווארשע דורך די נאַצים, האָבן מיר זיך אומגעקערט צוריק קיין סאָכאַטשעוו. אָבער קומענדיק צו דער טיר, האָט מיך געטראָפן א ביטערע אנטוישונג: מיין וויזיט־קארטע אויף דער טיר איז געווען פארביטן מיט דער וויזיט־קארטע פונעם פוילישן סוחר — פ ש ע ד פ ע ל ס ק י. זיין הויז איז געווען פארברענט, האָט ער פארנומען אונדזער הויז. מיט א ביטער געפיל בין איך צוריק אראָפּ אויפן גאס, ווו ס׳האָט אויף מיר געוואַרט מיין משפחה. (מיין מאַן מיטן יינגערן ברודער, זענען אויפן וועג פון ווארשע מיט א טאָג פריער, געכאפט געוואָרן פון דייטשן). מיר זענען אוועק אין אונדזער צווייטן הויז אויף פארנע גאס, וואָס איז געווען בלויז טיילווייז צעשטערט. דאָ, האָבן מיר אלע דריי — איך, מיטן פעטער און מיין שוועגערין, בלומע — צום צווייטן מאָל זיך ביטער אנטוישט: אויך דאָס הויז איז שוין געווען פארנומען דורך א קריסט, וועלכער האָט אונדז אראָפּגעוואָרפן פון די טרעפּ. מיר האָבן באשלאָסן צו גיין קיין מלאָדזעשין מיטן געדאנק, אז אויב דאָרטן איז דאָס הויז אויך צעשטערט וועלן מיר אפשר געפינען פלאץ ביי א באקאנטן פויער. אָבער צום גליק איז דאָס הויז געווען גאַנץ, און מיר האָבן זיך דאָרט באזעצט.

אין עטלעכע טעג ארום זענען אנגעקומען מיין מאן מיטן ברודער, צעשלאגענע, באַרויבטע. מיר האָבן גענומען זיך איינאָרדענען. דאָ, אין מלאדזעשין, האָבן מיר געהאט אין פעלד א ביסל קארטאָפל און באקומען א דערלויבעניש ביי דער מיליטער מאכט דאָס אויסצוגראָבן. מיטאמאָל האָבן זיך באוויזן א סך פאָלקסדייטשן מיט רויטע לענטעס אויף די ארבל, שטאַרק באוואָפנט, און גענומען רודפן די יידן. מיר האָבן דאָס אָפּגעראטעוועטע ביסל אָרימקייט באהאלטן ביי א באקאנטן פויער אין א צווייט דאָרף.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער איז באוווסט געוואָרן, אז עס שאַפט זיך א גרענעץ צווישן דאָרף און אונדזער שטעטל סאָכאַטשעוו, צוליב דעם וואָס דער געביט ווערט איינגעשלאָסן אין דייטשן דריטן רייך. כדי נישט צו ווערן אָפּגעטיילט פון דער שטאָט, האָבן מיר באַשלאָסן באַצייטנס זיך אומקערן קיין סאָכאַטשעוו.

אָבער מיינע עלטערן האָבן נישט געוואָלט צוריקפאָרן, ווייל זיי האָבן דא געהאט זייער אייגנטום, און מיר זענען אָן די עלטערן אוועק צוריק אין שטעטל. אויפן וועג זענען מיר פאַרהאַלטן געוואָרן דורך די דייטשן, אָבער נאָכן רעווידירן אונדז און נישט דערקענענדיק אז מיר זענען יידן, האָבן זיי אונדז אדורכגעלאָזן, און מיר זענען געקומען אין שטעטל. מיר זענען שטיין געבליבן אין מארק נישט האָבנדיק ווו צו גיין, אָבער באלד האָבן מיר געפונען א וווינונג. ווייל א סך מענטשן זענען אנטלאָפן.

אין עטלעכע טעג ארום איז געשאַפן געוואָרן דער יודענראט. די גרויזאַמע גזירות און רדיפות האָבן זיך געמערט פון טאָג צו טאָג, סוף 1940 האָבן מיר זיך דערוווסט, אז ערגעץ אין א לאגער איז אומגעקומען י א ש י נ ס ק י, נאָך שפּעטער האָט מען דערמאָרדעט שמעלצן מיט מאריענפעלדן. דאן האָט מען באפוילן צו טראָגן ווייסע אָרעם־בענדער, און דאָס לעבן איז געוואָרן מיט יעדן טאג שרעק־לעכער. מיטאמאָל איז געקומען א באפעל צום יודענראט, ער זאָל צושטעלן עטלעכע הונדערט מענטשן צום „אויסזידלען", אָבער קיינער האָט זיך נישט געוואָלט צו־שטעלן צו דער שחיטה. מען איז געלאָפן און געצאָלט גרויסע געלטער פאר אויס־שטרייכן פון דער רשימה. פאַרשטייט זיך, אז די ערשטע קרבנות זענען געפאַלן די אָרימע, וועלכע האָבן נישט געהאט קיין אויסקויף־געלט. א טייל זענען אויסגעזי־דלט געוואָרן קיין וויסקיטקע, און א טייל קיין זשיראַרדאָוו. אין דער זעלבער צייט, האָבן מיר זיך דערוווסט, אז אין די שטעט ווערן געשאַפן געטאָס, און מיר האָבן זיך גענומען ריכטן אויף א געטאָ.

אין חודש יאנואר 1941 איז ביי אונדז געשאַפן געוואָרן א געטאָ, אינעם שמוציקסטן קווארטאל פון שטעטל, און מיט דריי וואָכן שפּעטער איז ער ליקווי־דירט געוואָרן. אלע יידן זענען ארויסגעפירט געוואָרן אין ווארשעווער געטאָ. מיט א טאָג פריער, פארן ליקווידירן דאָס געטאָ אין שטעטל, האָט זיך מיין מוטער אריבערגעכאַפּט צו אונדז כדי זיך מיט אונדז צו געזעגענען. זי האָט שוין געוווסט וועגן דער ליקווידאציע פון אונדזער געטאָ.

## אונטער קלעפ געיאָגט די שוצלאזע קרבנות

דאָס שטעטל איז געווען אין גרויס פאניק. די נאצים האָבן שוין אונטער שרעקלעכע קלעפ געיאָגט די שוצלאזע קרבנות צו די לאסט אויטאָס, וואָס זענען געשטאנען גרייט צו פארשלינגען די מענטשן. מיין מאן איז געקומען פון גאס און דערציילט וואָס עס קומט פאר, און געזאָגט, אז מיר זאָלן וואָס שנעלער פארלאָזן די שטוב, אפשר וועט אונדז צוליב דעם קינד געלונגען ארויף אויפן אויטא אָן קלעפּ. מיין מוטער האָט געכאפּט דאָס קינד פון וויג, ארומגעוויקלט אין א טיכל און געלאָפן צום אויטא. די אויטאס זענען געשטאנען אויפן מארק וואָס האָט זיך געגרע־נעצט מיט דער ארישער זייט, אזוי, אז עס איז געווען נויטיק בלויז איין שפרונג,

כדי מען זאָל זיך געפונען אויף יענער זייט. נישט ווּיסנדיק ווי אזוי, בין איך מיט מיין מוטער און קינד אין איין אויגנבליק אַריבער אויף יענער זייט. בליץ־שנעל האָבן מיר אראָפּגעריסן די ווייסע ארעם־בענדער, כדי מען זאָל נישט אונדז דער־קענען. האָבנדיק אן ארישן אויסזען, האָבן מיר נישט געצויגן די אויפמערקזאמקייט פון די קריסטן. מיר האָבן גלייך גענומען א דראָזשקע, צוגעפאָרן צו דער באַן און אוועק קיין ווארשע. קומענדיק בשלום קיין ווארשע, זענען מיר אריין אין געטאָ. אויף מאָרגן איז אויך געקומען אין ווארשעווער געטאָ מיין מאן מיט דער איבעריקער משפחה. מיט עטלעכע טעג שפעטער, זענען אין געטאָ אָנגעקומען די לעצטע סאָכאַטשעווער יידן, וועלכע האָבן דערציילט וועגן די שרעקלעכע גרויל־סצענעס וואָס האָבן זיך אפגעשפילט אין שטעטל בעת דער ליקווידאַציע, און אז אונדזער בעסטער פריינט — מנשה  ק נ א ט  אין דערמאָרדעט געוואָרן.

## דורך א פענצטערל געזעען דאָס געטאָ ברענען

אין הארבסט 1942 איז אין ווארשעווער געטאָ געמאכט געוואָרן א „בלאָקאדע״, מען האָט אלע מענטשן צונויפגעטריבן אין איין פלאץ און דורכגעפירט א „סאָרטי־רונג״ : אלע אַרבעטנדיקע, וואָס האָבן געהאַט „ארבעטס־שיינען״ האָט מען געלאָזן אין געטאָ, און אלע איבריקע גענומען צו דער אויסזידלונג. צו מיין גליק, האָט מיין מאן באקומען פון א באקאנטן אן ארבעטס־שיין, מיין פאָטער מיטן צווייטן ברודער האָבן אַזאַ פּאַפּירל נישט געהאַט, אָבער, עס איז זיי געלונגען זיך אויסצומישן צווישן די ארבעטער און זענען אריין אין אן ארבעטס־שאפּ. מיר מיט מיין מוטער און קינד, איז געלונגען זיך צו באַהאַלטן אויפן בוידעם פון שאָפּ. זעקס טעג זענען מיר דאָרט געלעגן און קוים די נשמות דערהאַלטן.

אין דער זעלבער צייט זענען טויזנטער מענטשן ארויסגעשלעפּט געוואָרן פון די באהעלטענישן און אָפּגעפירט געוואָרן צום טויט. מיין מאן האָט פאר א גרויסער סומע געלט אונטערגעקויפט אן ס.ס. מאן, און ער האָט אונדז אראָפּגענומען פון בוידעם און אָפּגעפירט אין זיין שטוב אריין. נאָך דער „אקציע״ איז שטיל געוואָרן אויף דריי חדשים.

אין יאנואר 1943 איז ווידער פאָרגעקומען אן אקציע, און מיר זענען געווען 3 טעג באהאלטן אין אן אונטערערדישן בונקער. נאָך דער אקציע, זענען נאָך אין געטאָ פארבליבן בערך 30 טויזנט יידן. האָבנדיק די טיפע איבערצייגונג, אז עס דערוואַרט אלעמען א זיכערער טויט (די נאצים האָבן „פארזיכערט״, אז די אלע איבערגעבליבענע, וואָס זענען ארבעטער וועלן בלייבן לעבן), האָט מען אנגעהויבן זוכן רעטונג אויף דער „ארישער״ זייט. מיר האָבן געזוכט פארבינדונגען מיט באַ־קאנטע פּאָליאקן. מיין מאן האָט געשיקט מיין מוטער (א דאנק איר ארישן אויסזען) אויף דער ארישער זייט צו א באקאנטן פּאָליאק מיט א גרויסע סומע געלט, צו באקומען ביי אים א באהעלטעניש פאר אונדז. דער פּאָליאק האָט מסכים געווען,

און געדונגען פאר דעם געלט א וווינונג פון פיר צימערן אויף שליסקע גאס נומער 50, וווּ מיר האָבן געזאָלט באקומען א בונקער. צו ערשט האָט דער פּאָליאק געהאָלפן איבערטראָגן דאָס לעצטע ביסל זאכן וואָס מיר האָבן נאָך געהאט, שפּעטער איז די מוטער מיטן קינד דורך א טונעל אויף מוראנאוווסקע גאָס אריבער צום פּאָליאק אויף דער וווינונג. און מיר, די איבריקע משפחה, זענען פיר וואָכן פאָרן געטאָ־אויפשטאנד, מערץ 1943 — ארויס דורכן געטאָ טויער צוזאמען מיט די „איינזאץ־גרופּן" (ארבעטער־גרופּן) און געקומען אויף דער וווינונג צו מיין מוטער און קינד. דאָ זענען מיר געווען אין לעצטן צימער, און דורך א קליין פענצטערל געזען דאָס פייער פון ברענענדיקן געטאָ.

### מוסרים יאָגן אונדז

עטלעכע חדשים זענען מיר איינגאנצן נישט ארויס אויף דער ליכטיקער שיין, מיטן אויסנאם וואָס די מוטער (צוליב איר ארישן אויסזען) פלעגט אמאָל ארויסגיין מיטן קינד שפּאצירן. איינמאָל, ווען די מוטער איז ארויס אליין אין גאס, איז זי באמערקט געוואָרן דורך א שיקסל פון אונדזער דארף, אָבער די מוטער האָט דאָס שיקסל נישט געזען און איז אהיימגעקומען און גאָרנישט דערציילט. אין עטלעכע טעג ארום, בעת מיר האָבן געגעסן אוונט־ברויט, זענען פּלוצים געקומען צו אונדז פּאָליציי מיט אגענטן און געוואָלט אונדז פארנעמען. עס איז אונדז געלונגען זיך אָפּצוקויפן פאר א גרויסער סומע געלט. מיר האָבן פארשטאנען, אז דאָס שיקסל האָט נאָכגעשפּירט די מוטער און געמסרט אין דער פּאָליציי, וואָס איז געקומען פאר־נעמען בלויז די מוטער, אָבער אנגעטראָפן אונדז אלע. נאָך דעם „וויזיט", האָבן מיר באשלאָסן צו פארלאָזן די וווינונג אויס מורא, אז מאָרגן קאָנען קומען אנדערע, און קיין געלט זיך אָפּצוקויפן, האָבן מיר שוין נישט געהאט. זענען מיר די זעלבע נאכט איבערגעגאנגען צו א צווייטן באקאַנטן פּאָליאק אויף מוראנאָוווסקע גאס. דאָ אין הויף זענען געווען גאראזשן מיט פערד און שטאלן, און דער קריסט האָט אונדז באהאלטן אויף א בוידעם איבער א פערד־שטאל. מיין מוטער איז געלונגען צו ענדערן איר דאָקומענט אויף אַן „ארישן", זי האָט זיך געדונגען א שטיבל אין א קעלער אויף טווארדע 25 און מיטגענומען מיט זיך דאָס קינד. דאָ, אויפן בוידעם, זענען מיר פארבליבן זאלבעפיר: איך מיט מיין מאַן, און מיין פאָטער מיטן ברודער.

אין די שפּעטע אוונטן פלעגן מיר אראָפּגיין פונעם בוידעם צום קריסט אין שטוב אריין עפּעס עסן, און גלייך צוריק אַרויף אויפן בוידעם. די מוטער פלעגט יעדע עטלעכע טעג אדורכגיין פארביי אונדזער הויז מיטן קינד, כדי איך זאָל זען דאָס קינד כאָטש דורך א בוידעם שפּארע. מיט דער צייט איז דער פאָטער פאר־קילט געוואָרן, און נישט געקאנט לענגער בלייבן אויפן בוידעם. ער איז אוועק אין אונדזער געגנט, און זיך אויסבאהאלטן ביי א באקאנטן פויער.

עס איז אנגעקומען דער זומער, און עס איז געוואָרן שרעקלעך הייס אויפן

בוידעם, ממש דערשטיקט צו ווערן, אָבער מיר האָבן נישט געהאט קיין עצה און געמוזט ווייטער בלייבן. אין דער זעלבער צייט האָט אונדז דער קריסט דערציילט, אז די דייטשן ליידן גרויסע מפּלות אויפן פראָנט, און דאָס האָט אונדז געגעבן מוט און אויסדויער איבערצוטראָגן אונדזער פּיין. שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן שטאַרקע לופט־באָמבאַדירונגען אויף ווארשע, און אונדזער האָפענונג צו בלייבן לעבן איז ביי אונדז שטאַרקער געוואָרן.

אין א געווויסן טאָג, נאָך די לופט אנגריפן, איז מיין מוטער אויס גרויס בענקשאַפט געקומען מיטן קינד צו אונדז אויפן בוידעם. דאָס קינד איז שוין אלט געווארן דריי יאָר, און מיר האָבן מורא געהאַט זיך געבן צו דערקענען אלס דעם קינדס עלטערן. דאָס קינד פלעגט זיך שפּילן מיט קריסטלעכע קינדער און מיר האָבן מורא געהאט, אז עס זאָל זיך נישט ארויסרעדן פאר זיי. דעמזעלבן טאָג, נאָכן אוועקגיין פון דער מוטער מיטן קינד פון אונדזער באהעלטעניש, איז אויסגעבראָכן דער פּוילישער אויפשטאַנד אין ווארשע, וואָס האָט געדויערט 4 וואָכן.



די טאָכטער פון דניאל מאשענבערג, רויזע

נאָכן אויפשטאַנד זענען צו אונדז אין הויף געקומען דייטשן, און באפוילן צו פאַרלאָזן דאָס הויז. מיר האָבן דאָס געהערט ליגנדיק אויפן בוידעם, און א שרעקלעכע פארצווייפלונג האָט אונדז ארומגעכאפט. וואָס קאָנען מיר ווייטער טאָן ? אראָפגיין, איז זיכערער טויט ! בלייבן אויפן בוידעם, ווער ווייסט וואָס מיט דעם הויז וועט געשען ? אנמעכטיקע, פארגליווערטע, זענען מיר געבליבן ליגן אויפן בוידעם און געקוקט דעם טויט אין פנים אריין. אין געציילטע שעהן האָבן אלע איינוווינער פארלאָזט דאָס הויז, און מיר זענען אליין געבליבן אין דער באהעלטעניש אָן עסן און אָן וואסער. פארנאכט, ווען אין הויף איז שוין קיינער נישט געווען, האָבן מיר דורך א שפּארע דערזען אריינקומען אין הויף דעם פאליאקס זון, וואָס איז גלייך ארויף צו אונדז און דערקלערט, אז ער בלייבט מיט אונדז.

## דאָס הויז ברענט

מיט עטלעכע טעג שפּעטער זענען ווידער געקומען די דייטשן, און אנגעהויבן ארויספירן פון הויז פארשידענע זאכן, און עס איז ווידער שטיל געוואָרן אין הויז. שפּעט ביינאכט זענען מיר אראָפּ פון בוידעם און אויפגעגראָבן שפּייז, וואָס די איינוווינער האָבן געהאט באהאלטן, און צוריק ארויף אויפן בוידעם. מיטאמאָל האָבן מיר דערשפּירט א שטארקן רויך און דערזען, אז דאָס הויז קעגנאיבער אונדז ברענט, אויס מורא, אז אונדזער דאך זאָל זיך נישט אָנכאפּן, זענען מיר באַציַיטנס אראָפּ אויפן הויף, און זיך באהאלטן אין א קליינעם געמויערטן ברונעם, וואָס האָט נישט געהאַט קיין אַריינגאַנג ; מיר האָבן זיך אריינבאקומען דורכן דעכל, וואָס איז באשטאנען פון א שטיק גראָב אייזן. מיטאמאָל האבן מיר ווידער דערשפּירט א שטארקן רויך און גלייך דערזען, אז אונדזער הויז ברענט. בליץ שנעל איז דאָס אייזן איבער אונדזערע קעפּ רויט געוואָרן פון פייער און גענומען בריען אונדז אין די קעפּ. מיר האָבן אויף דערגיך איינגעטונקען א קאלדרע אין וואסער און זיך איבערגעדעקט. צום גליק האָט די שרפה לאנג נישט געדויערט, און מיר זענען ניצול געוואָרן פון טויט. אין אוונט זענען מיר צוליב ענגשאפט אין דעם קליינעם ברונעם ארויס אויפן הויף, און זיך געמאכט אַ „וווינונג" צווישן ליידיקע פעסער. צווישן די חורבות האָבן מיר געפונען צעריסענע קליידער, און זיך דערמיט צוגעדעקט די נאקעטע לייבער.

## אויסגעגראָבן פון אונטערן היי

ס'איז געוואָרן ווינטער, און אונדזער לאַגע איז געוואָרן נאָך ערגער. צוליב דעם וואָס אין א שכנישער אפיצינע האָבן זיך באזעצט דייטשן, האָבן מיר שוין נישט געקאָנט ארויסגיין כדי צו געפינען מיט וואָס די נשמה צו דערהאלטן. אין א געוויסער נאכט האָבן מיר אלע פיר פארלאָזט דעם אָרט, און אוועק אין דער בלינדער וועלט אריין, מיטן צוועק צו קומען אין דאָרף כאדאקווו. מיר זענען

געלאָפן מיט אלע אומוועגן און ארײנגעפאלן עטלעכע מאָל אין ראוון און גריבער. בײטאָג זענען מיר געלעגן באהאלטן, און בײנאכט װײטער געגאנגען. מיר זענען ענדלעך אנגעקומען נאָענט פון אָזשאַראָוו, און זיך באהאלטן אין קזשאַקעס. צומאָרגנס באגינען האָבן מיר נישט װײט פון אונדז דערזען סטערטעס שטרוי אין פעלד. מיר זענען גלײך דאָרטן אװעק, און זיך אײנגענורעט אין שטרוי. פון גרויס מידקײט זענען מיר אלע אײנגעשלאָפן. מיטאמאָל האָב איך פון שלאָף דערהערט, אז עס פאָרט א װאָגן אין אונדזער ריכטונג. איך האָב גענומען אלעמען אויפוועקן, אָבער פון פארמאַטערטקײט האָבן זײ נישט געקאָנט אויפשטײן. דאָס סקריפּן פון װאָגן איז געװאָרן אלץ נענטער און נענטער, און פלוצים לעבן אונדז זיך אָפּגעשטעלט. װען דער פויער האָט מיט זײן װידלע ארויסגעשלעפּט עטלעכע בינטלעך שטרוי, האָט ער אונדז דערזען און גענומען אנטלויפן, איבערלאָזנדיק די פערד מיטן װאָגן. כ׳האָב האסטיק אויפגעוועקט מײנע לײט און זײ געװיזן װאָס ארום אונדז קומט פאָר. אונדזער „שײגעץ" — זיגמונט, איז ארויסגעשפּרונגען פון שטרוי, פארהאלטן דעם פויער און אים געזאָגט, אז מיר זענען פוילישע פארטיזאנער און ער זאָל נישט מורא האָבן פאר אונדז. דער פויער האָט זיך בארואיקט און אומגעקערט צוריק. מיר האָבן אים געגעבן א שטיק חזיר מיט ברויט, און ער האָט אונדז געװיזן דעם װעג קײן בלאָניע, פארזיכערנדיק אונדז, אז דאָ אין געגנט זענען קײן דײטשן נישטאָ און מיר קאָנען פרײ גײן.

מיר זענען אנגעקומען בשלום קײן בלאָניע. דאָ האָט אונדזער זיגמונט געהאט משפחה פון זײן פאָטערס צד, און מיר זענען דאָרטן ארײן. ער האָט אונדז פאָרגעשטעלט אלס זײנע „קוזינען" פון דער מוטערס צד. מײן מאן האָט אָבער געהאט אן עכט יידישן אויסזען. האָב איך געזאָגט, אז דאָס איז אונדזערס א באקאנטער „רומענער", װאָס די דײטשן האָבן אהער פארשלעפּט. מיר זענען דאָ געװען א מעת לעת, און זענען זײער גוט אויפגענומען געװאָרן. דאָ האָט אונדזער אידעאלער זיגמונט, װאָס האָט אויס רחמנות און טיפן מיטלײד געטײלט בשותפות אונדזער גרויזאמען גורל, אײנשטעלנדיק זײן לעבן פאר אונדז, זיך מיט אונדז צעשײדט בלײבנדיק בײ זײן משפחה. מיט טרערן אין די אויגן האָבן מיר אים אפּגעזעגנט, און זיך געלאָזט אויפן װײטערדיקן װאגלער־װעג.

### בײ א באקאנטן פויער

מיר זענען אװעק אין דער ריכטונג פון סאָכאַטשעװ און אנגעטראָפן א באקאנטן פויער, װעלכער האָט אויס רחמנות מסכים געװען אונדז צו האלטן ביז סוף מלחמה. דאָ האָבן מיר זיך דערװוסט, אז די מוטער מיטן קינד זענען נישט װײט פון אונדז אויסבאהאלטן בײ א פויער (לעבן שימאנאװ), און אז זי אין שוין דאָ עטלעכע מאָל געװען און געװײנט, אז מיר לעבן נישט. דאָ האָבן מיר זיך אויך דערװוסט אז דער פאָטער געפינט זיך נישט װײט פון אונדז. דער ברודער

איז גלייך אוועק און געבראכט די מוטער אָן דעם קינד, ווייל עס איז געווען זייער ווייט. שפּעטער האָט ער אויך געבראכט דעם פאָטער, און מיר זענען שוין געווען אלע צוזאמען.

מיט צוויי וואכן שפּעטער האָבן די רוסן פארנומען ווארשע, און אין דריי טעג ארום, האָבן די דייטשן פארלאָזט סאָכאַטשעוו. לעבן אונדז האָט זיך איינגעשטעלט דער פראָנט, און מיר האָבן נאָך אדורכגעלעבט גרויס שרעק צוליב די שטארקע באָמבאַדירונגען.

ענדלעך, נאָך לאנגע יאָרן פון פּיין און יסורים זענען מיר באפרייט געוואָרן פון דער נאצישער בעסטיע, און אוועק אין אונדזער אויסגעבענקטן שטעטל סאָכאַטשעוו. מיר האָבן געוואָלט ממשיך זיין דעם מיט אזויפיל אכזריות איבערגעריסענעם לעבן, אָבער לײדער אין שוין נישט געווען מיט וועמען. נאָכן אפזיין עטלעכע חדשים, איז מיין שוואָגער־געפרוווטער מאָן געפאַלן אין גאַס א טויטער פון א מערדערישער קויל, בלויז דערפאַר, ווייל ער איז אַ ייד און געהאַט „חוצפה" זיך צו ראטעווען פון נאצישן גיהנום. מער איז פאר אונדז שוין נישט געווען קיין אָרט אין פוילן.

**לייב לוריע**

# אויף ארישע דאקומענטן

אין דריטן טאָג נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה, האָבן דייטשע באָמבאַדיר־עראָפּלאַנען אַטאַקירט סאָכאַטשעוו און חרוב־געמאַכט אייניקע הייזער אין יידישן ראַיאָן. בעת די באָמבאַדירונגען, וואָס האָבן געדויערט אַ פּאָר טעג, זענען סאָכאַ־טשעווער יידן אַנטלאָפן קיין וואַרשע און אין די נאָענטסטע דערפער און שטעטלעך. איך מיט מיין משפחה זענען אַוועק אין דאָרף אראסאווא גורא. סאָכאַטשעוו איז דערוויל ווידער באָמבאַדירט געוואָרן. עס זענען פאַרניכטעט געוואָרן די יידישע הייזער אויף וואַרשעווער גאַס און אויפן מאַרק. דעם 15־טן סעפּטעמבער האָבן אין שטאָט זיך באַוויזן דייטשע מיליטער־אָפּטיילונגען. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרעקשנטער קאַמף. די שטאָט איז אייניקע מאָל איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט. עס איז אויפגעריסן געוואָרן די בריק איבערן טייך בזורע. פון די האַרמאַטן־שאָסן זענען אויפסניי חרוב געוואָרן הייזער, דערונטער אויך דאָס בית־מדרש.

אַ וואָך צייט זענען מיר געווען אויפן דאָרף. עס זענען דאָרט אָנגעקומען אַ סך פליטים פון לוויוויטש און לאָדזש און דערציילט וועגן די נצחונות פון די דייטשן, אַז זיי דערנענטערן זיך צו אונדזער געגנט. מיר זענען אַוועק קיין אילאָוו. באַלד האָט זיך דאָרט אויך אָנגעהויבן אַ באָמבאַדירונג. מיר האָבן זיך ווייטער געלאָזט אויפן וועג קיין גאָמבין. אויפן וועג האָבן זיך געצויגן די טאַבאָרן פון פּאָליציי און פוילישן מיליטער. די באָמבאַדירונגען האָבן נישט אויפגעהערט. מיר האָבן זיך באַהאַלטן אונטער אַ בריקל. די קאַמפן זענען פאָרגעקומען לעבן אונדז. מיר האָבן געזען דאָס באַוועגן זיך פון די דייטשע זעלנער. אין שרעק און פאַרצווייפלונג האָבן מיר געוואַרט אויפן אויסגאַנג פון דער לאַגע.

פלוצים האָבן אונדז באַמערקט דייטשן, מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן און אויסגעשרייען: „הענדע האָך, הערויס", האָבן זיי זיך צו אונדז דערנענטערט. מיר זענען גיך אַרויס. עס האָבן אונדז אַרומגערינגלט 7 דייטשן און געפרעגט צי אונטערן בריק געפינען זיך זעלנער. מיין פאָטער האָט געענטפערט, אַז ניין. עס איז געפאַלן אַ באַפעל אונדז אָפּצופירן אין הינטער־טייל. מיר זענען געווען זיכער, אַז מ'פירט אונדז דערשיסן. צו אונדזער פריידיקער איבעראַשונג זענען מיר אָפּגעפירט

געוואָרן צו אַן אָפיציר, וואָס האָט אונדז נישט געפרעגט וועגן נאַציאָנאַליטעט. נאָך אַריינגעפירט אין אַ שטוב און געהייסן וואַרטן. אין דער שטוב האָבן זיך געפונען אַ סך מענטשן, יידן און פאָליאַקן. אַרום 6 אָוונט איז ווידער געקומען דער אָפיציר און באַפוילן, אַז די אָרטיקע איינוווינער זאָלן אַוועק צו זיך אַ היים און די פּליטים זאָלן גיין קיין גאָמבין. מיר זענען אַוועק קיין גאָמבין. אין אָוונט זענען מיר אָנגעקומען אין שטאָט.

גאָמבין האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט איין גרויסע חורבה. אין די געסלעך פון דער פאָרשטאָט זענען געלעגן געהרגעטע מענטשן, פערד, קי. וווּ־נישט־וווּ זענען דייטשן געשטאַנען אויף די וואַך־פּאָסטנס. מיר זענען געגאַנגען דורך די הינטערשטע גאַסן און אָנגעקומען צו אַ מומע.

אויף צו מאָרגנס האָבן די דייטשן אָנגעהויבן כאַפּן יידן אויף אַרבעט. אויס־צורוימען די שטאָט און אַרויסצופירן די מתים, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אַ סך יידן. אויפן דריטן טאָג נאָכן פאַרנעמען די שטאָט האָבן די דייטשן אונטערגעצונדן די שול, וועלכע איז פולשטענדיק פאַרברענט געוואָרן. אויך אייניקע יידישע הייזער זענען אַוועק מיטן פייער.

נאָכדעם, ווי עס האָבן זיך אָפּגעשטעלט די קאַמפן אין פּוילן, זענען מיר אַוועק צוריק קיין סאָכאַטשעוו. פון וואַרשע און אַנדערע שטעט זענען צוריקגעקומען סאָכאַטשעווער יידן, אַ טייל האָבן זיך געלאָזט אויפן וועג קיין ראַטנפאַרבאַנד. מיין פאָטער איז אַוועק אין פ.ס.ס.ר. מיט דער כוונה, אויב דאָרט וועט זיין גוט, וועט ער קומען און אונדז אַריבערנעמען. געשען איז אָבער אַנדערש: דער פאָטער איז געפאָרן קיין ביאַליסטאָק און פון דאָרט ווייטער. וועגן צוריקקומען האָט שוין נישט געקאָנט זיין קיין רייד. איך מיט דער מוטער, שוועסטער און ברודער זענען געבליבן אין סאָכאַטשעוו. אַ לענגערע צייט האָבן מיר נישט געהאַט קיין שום ידיעות פון פאָטער. ערשט דעמאָלט, ווען עס איז געשלאָסן געוואָרן אַ האַנדלס־אָפּמאַך צווישן ראַטנפאַרבאַנד און דייטשלאַנד האָבן מיר באַקומען אַ בריוו און אַ פּעקל. דעם פאָטער איז דאָרטן געווען זייער גוט און ער האָט זיך באַמיט אונדז אַריבערצונעמען אויף אַ לעגאַלן וועג.

און דאָ האָט זיך ביי אונדז דער מצב פון די דייטשן דערוויייל באַדייטנד פאַרערגערט. די דייטשן האָבן גענומען די יידן אויף צוואַנגס־אַרבעט. מ'האָט געמוזט טראָגן אויפן אַרבל אַ ספּעציעלן באַנד. יידישע הייזער זענען געוואָרן איינגעלייגט אדג"ל. דעם 28־טן יאַנואַר 1940 איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז די סאָכאַטשעווער יידן מוזן אַוועק פון דער שטאָט קיין זשיראַרדאָוו. דער ווייט־גרעסטער טייל איז אַרויסגעפאָרן, בלויז איבער אַ צענדליק רייכע משפחות זענען איבערגעבליבן און עס איז געמאַכט געוואָרן אַ געטאָ.

איך מיט מיין משפחה זענען צוזאַמען מיט אַנדערע אויף וועגענער אַרויס־געפאָרן קיין זשיראַרדאָוו. מיר זענען אָנגעקומען אין שטאָט אין אָוונט. עס האָט



שמשון (שאַמעק) שלאָסבערג
זון פון יעקב און בינה
(פון מלאַדזשעשין, סאָכאַטשעווער קרייז)

אומגעקומען אין אַ בלאָקאַדע
אין וואַרשע, אין סעפטעמבער 1942

אונדז אָפגעוואַרט דער זשיראַרדאָווער יידישער קאָמיטעט. מ׳האָט אונדז אויפגענומען זייער גוט. צוליבן דוחק אין וווינונגען האָט מען אונדז איינגעאָרדנט אין שול. די גאַנצע צייט פון אונדזער זיין דאָרט האָבן מיר באַקומען שטיצע פון יידישן קאָמיטעט. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז דער גרעסטער טייל אַריבער אין פּריוואַטע וווינונגען. אָבער לאַנג איז מען אין די וווינונגען נישט געבליבן.

דעם 10 טן פעברואַר, 1940 האָט די דייטשע מאַכט גענומען אַרויסטרייבן אַלע יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין זשיראַרדאָוו. אין שטאָט איז אַנטשטאַנען אַ געוואַלדיקע מהומה. יידן האָבן גענומען אויף דער גיך אַלץ אויספאַרקויפן. פאַרטאָג האָבן אַלע יידן געמוזט זיך געפינען אויף דער באַן־סטאַציע. ביים אַריינלאָזן אין וואָקזאַל האָבן אונדז מונדירטע דייטשן געציילט. מ׳האָט געקאָנט מיטנעמען מיט זיך אַזוי פיל באַגאַזש, וויפל עס איז מעגלעך צו טראָגן אויף די פלייצעס. פון וואָקזאַל צו די וואַגאָנען האָט מען געמוזט דורכגיין אַ „בראַנד“. עס זענען געשטאַנען דייטשן, באַוואָפנט מיט ביקסן און אויטאָמאַטן און געשלאָגן מכות־רצח יעדן און געטריבן אין די וואַגאָנען. די יידן האָבן אין דער גרויסער מהומה איבערגעלאָזט אַ העלפט פון באַגאַזש, וואָס זיי האָבן מיט זיך געטראָגן. אין משך פון עטלעכע שעה איז די „אַקציע“ געווען געענדיקט, די וואַגאָנען „פאַרלאָדן“. אין די וואַגאָנען איז געווען אַזוי ענג, אַז מ׳האָט נישט געקאָנט קיין פוס אַוועקשטעלן. אונטער אַ שטאַרק באַוואָפנטער וואַך איז דער צוג אָפּגעפאָרן. פאַרנאַכט זענען מיר שוין געווען אין וואַרשע. פון וואָקזאַל האָבן די דייטשן ווידער אונדז געטריבן מיט דעם אויסגעשריי: „לאוס, שנעל“. פרויען און עלטערע מענער נישט קאָנענדיק אַזוי גיך לויפן מיטן באַגאַזש, האָבן אַלע זייערע זאַכן איבערגעלאָזט אויפן וועג. מ׳האָט אונדז אַריינגעפירט אין יידישן וווין־שטח און איבערגעגעבן אונדז דעם וואַרשעווער יודענראַט.

מ׳האָט אונדז איינגעאָרדנט אין געוועזענע שולן. די ענגשאַפט און דחקות איז געווען אויסערגעוויינלעך גר . אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז דאָס סאָכאַטשעווער געטאָ איז געוואָרן ליקווידירט אויף אַ רציחהדיקן אופן. טייל יידן זענען דערשאָסן געוואָרן און די איבעריקע זענען געוואָרן אַריבערגעפירט קיין וואַרשע.

אין וואַרשעווער געטאָ זענען פון הונגער און קעלט טעגלעך געשטאָרבן הונדערטער מענטשן. עס האָבן געבושעוועט טיפוס און אַנדערע קראַנקייטן. כדי זיך אַרויסצובאַקומען פון געטאָ האָב איך מיטן ברודער זיך פריייוויליק פאַרשריבן אין אַן אַרבעטס־לאַגער, וואָס האָט זיך געשאַפן נישט ווייט פון וויסקיטקי. אין לאַגער זענען געווען אַ סך סאָכאַטשעווער יידן. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע. מיר האָבן געגראָבן אַ טייך. די וואַך איז באַשטאַנען פון ציווילע אוקראַאינער, וואָס האָבן געטריבן איבער אונדז חוזק. נאָך אַ פּאָר טעג זיין אין לאַגער האָבן מיר באַשלאָסן צו אַנטלויפן אין אַ דאָרף אין געגנט פון סאָכאַטשעוו.

דאָס איז געווען זונטיק, די דאָטע געדענק איך נישט, מיר זענען נישט אַרויס צו דער אַרבעט. אַ גאַנצן טאָג האָט געגאָסן אַ רעגן. נאָך אײדער עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט האָט שוין געגומען טונקלען. די אוקראַינישע שומרים זענען געזעסן אין די בודעס. איך בין דער ערשטער צוגעקראָכן צו דער פּאַרצוי־מונג פון שטעכל־דראָט, שטילערהייט אַריבערגעקראָכן און געגומען לויפן. איך בין אַזוי געלאָפן אַרום אַ האַלבע שעה, דורכגעווייקט ביזן לעצטן פאָדעם בין איך אַריין אין אַ דאָרף, אַנגעקלאַפּט אין דער ערשטער באַלעבאַטישקייט, עס האָט מיר געעפנט אַן עלטערער מענטש. איך האָב אים דערציילט דעם אמת אַזוי ווי עס איז געווען. ער האָט מיך געהייסן אָוועקזעצן ביים טיש און געגעבן מיר עסן קלוסקעס מיט מילך. אין דער רגע האָב איך זיי דערפילט גליקלעך — מיין חלום זינט די לעצטע פּאָר וואָכן איז געוואָרן פאַרווירקלעכט. איך האָב אים געדאַנקט און אַוועק ווייטער. גענעכטיקט האָב איך אין דעם אייגענעם דאָרף ביי אַן אָרימען פויער אין שטאַל.

אויף צו מאָרגנס בין איך אַוועק ווייטער און זיך פאַרהאַלטן הינטער סאָכאַטשעוו ביי אַ באַקאַנטן פויער. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מיך מיין מוטער מיטן ברודער און שוועסטער אָפּגעזוכט. איך בין געבליבן ביים פויער, געפּאַשעט זיינע קי, און די מוטער, ברודער און שוועסטער זענען אַוועק איבער די דערפער זוכן ברויט. אין דעם דאָרף האָבן זיך געפונען נאָך אַ פּאָר יידישע משפחות, ווי האָלענדער און זיין משפחה און אַנדערע, וועמענס נעמען איך געדענק נישט.

נאָך אַ פּאָר וואָכן זיין ביים פויער, האָט ער מיר אין איינעם אַ טאָג דערקלערט, אַז איך מוז פאַרלאָזן זיין שטוב, ווייל עס איז אַרויס אַ באַפעל, אַז פאַר באַהאַלטן יידן וועט מען ווערן באַשטראָפט מיט טויט. איך האָב געמוזט פאַרלאָזן דאָס דאָרף.

איך האָב זיך דערוווסט, אַז אין גאָמבין איז דאָ אַ געטאָ מיט יידן. די שטאָט האָט אבער געהערט צום דריטן רייך. איך האָב געפּרוווט אַריבערגיין די גרענעץ. די דייטשן האָבן מיך געכאַפּט זיי האָבן מיך באַזוכט און קיין שום פאַרדעכטיקס נישט געפונען. זיי האָבן משמעות נישט געוווסט, אַז איך בין אַ ייד, ווייל איך בין אָפּגעקומען בלויז מיט 25 קלעפּ מיט אַ גומי־שטעקן און זיי האָבן מיך אָפּ־געשיקט צוריק.

מיר איז איינגעפאַלן צו לאָזן זיך אין וועג כדי דורכבאַקומען זיך קיין ראַטנ־פאַרבאַנד. הונגעריק, אָפּגעריסן, נישט האָבנדיק קיין שום ידיעות וועגן מיין משפחה, האָב איך געוואַנדערט צופוס איבער די דערפער. פון צייט צו צייט אָפּגעטרעטן ביי פויערים, כדי צו באַקומען אַביסל שפּייז. אויפן וועג האָב איך אַנגעטראָפן אויף היימלאָזע הונגעריקע יידן. אין מינסק־מאַזאָוויעצק האָב איך גענעכטיקט אין יידישן קאָמיטעט. עס האָבן זיך נאָך אין דער שטאָט געפונען אַ גרעסערע צאָל יידן. אויף צומאָרגנס האָב איך זיך ווייטער געלאָזט אין וועג. קיין ראַטנפאַרבאַנד בין איך פאַרשטייט זיך נישט דערגאַנגען. מ׳האָט נישט געקאָנט

זיך דורקומען. הינטער לוקאָוו בין איך געבליבן ביי אַ פּויער, איך האָב געאַרבעט ביי אים אַ פּאָר חדשים. לסוף, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז איך בין אַ ייד, האָב איך געמוזט עוקר זיין. איך האָב אַזוי ווייטער געוואַנדערט, אין איין העמד, אין צעריסענע בגדים און שטיוול, אָן אַ גראָשן אין קעשענע, בין איך אַוועק צוריק קיין סאָכאַטשעוו. דער וועג האָט געדויערט אַ פּאָר טעג. איך האָב איבער־געלעבט שווערע מינוטן, וואָס איך בין נישט בכוח צו באַשרייבן.

איך בין אָנגעקומען אין מיין געבורט־שטאָט, אָבער דאָרטן נישט געקאָנט פאַרבלייבן. מיינע באַקאַנטע האָבן מורא געהאַט מיך אַריינצולאָזן אין דער וווינונג, זיי האָבן מיר דערציילט, אַז אַ פּאָר סאָכאַטשעווער יידן, וואָס האָבן אַרומגעבלאָנקעט אין די דערפער זענען געוואָרן דערשאָסן און די פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיי אַריינגעלאָזט אין שטוב זענען געוואָרן אַרויסגעשיקט קיין אַשוויענטשים. פון אַ באַקאַנטן פּאָליאַק האָב איך באַקומען אַ שילער־לעגיטימאַציע אויפן נאָמען טאַדעוש מאַטושאַק. איך האָב זיך באַמיט צו באַקומען פון ערגעץ בעל־מלאכהשע מכשירים און אַוועק פון סאָכאַטשעוו. וועגן מיין משפחה האָב איך נישט געהאַט קיין שום ידיעות. מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז די מוטער און שוועסטער זענען אַוועק צוריק אין געטאָ און דער ברודער איז געוואָרן דערהרגעט אין אַ שכנותדיקן דאָרף.

איך בין אַוועק אין דער ריכטונג פון לוויוויטש. אין יענעם געגנט האָב איך געאַרבעט ביי פאַרשידענע דאָרפס־באַלעבאַטים, איך האָב געמאַכט חפצים פאַר דער ווירטשאַפט, אפילו אָפּאַראַטן צו פּראָצודירן בראָנפן און אויך געאַרבעט אין דער באַלעבאַטישקייט. אַזוי האָב איך געלעבט אין שמוץ, ביי שרעקלעכע באַדינגונגען אונטערן שטענדיקן פחד פון טויט און געהאָפט, אַז די מלחמה וועט זיך לסוף ענדיקן.

דערווייל איז געוואָרן וואָס אַמאָל ערגער, אין דער אומגעגנט פון לוויוויטש האָט מען דערשאָסן עטלעכע יידן. איך האָב איבערגעלעבט דעם גאַנצן ווינטער אין דאָרף. אין אַפּריל, 1942 בין איך אַוועק אין אַ שכנותדיקן דאָרף. אויף דער רעקאָמענדאַציע פון אַ פּויער בין איך צוגענומען געוואָרן צו דער אַרבעט ביי אַן אַלטן לאַנדווירט וואָס האָט מיך אָנגענומען פאַר אַ פּאָליאַק. איך האָב געאַרבעט ביי אים ביז דעצעמבער 1942. קיינער אין דאָרף האָט נישט געוווּסט, אַז איך בין אַ ייד. די אַרבעט איז געוואָרן זייער אַ שווערע און די באַשפּייזונג בדוחק, איך בין אָבער געווען גליקלעך, ווייל קיינער האָט מיך נישט פאַרפאַלגט.

דעם 28־טן נאָוועמבער 1942 האָט די דייטשע מאַכט אין יענעם געגנט גענומען אַרויסשיקן פּאָליאַקן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. אין איינעם אַ טאָג איז געקומען צו מיר אַ פּויער, אַ שכן, און דערציילט, אַז ער האָט באַקומען 2 אויפפאָדערונגען פאַר זיין זון און טאָכטער תיכף זיך צוצושטעלן אויף אַרויס־צופאָרן קיין דייטשלאַנד און ער שלאָגט מיר פאָר, אַז איך זאָל פאָרן אָנשטאָט זיין טאָכטער. מיר איז דער פאָרשלאָג געפעלן. איך האָב געזען אין דעם אַ מיטל,

ווי אַזוי צו ראַטעווען דאָס לעבן זייענדיק אויף אַרישע פּאַפּירן אין דייטשלאַנד. איך האָב זיך געאייניקט מיט דעם פּויער אויף 2000 זל. גענומען דעם אויפפּאַ־דערונג־צעטל פון זיין טאָכטער און נאָך דעם זעלבן טאָג בין איך אַוועק קיין לוויוויטש, געקויפט זיך אַ פּאָר שטיוול, העמדער און עס זענען מיר נאָך געבליבן 1.500 זל.

אַ טאָג שפּעטער בין איך צוזאַמען מיט נאָך אַ פּויערישן זון אַוועק אין אַרבעט־אַמט קיין לוויוויטש. זעענדיק די דייטשן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען איז מיך באַפאַלן אַ פּחד. איך האָב זיך „געמאַכט אַ האַרץ" און דרייסט צוגעגאַנגען צום באַאַמטן. ער האָט מיך, ווי אַ פּרייוויליקן אויפגענומען זייער גוט. איך האָב אים אָפּגעגעבן דעם אויפפּאָדערונג־צעטל און מיין שילער־לעגיטימאַציע. ער האָט זיך נישט געפרעגט אויף קיין אַנדערע דאָקומענטן. פאַרשריבן די פּערסאָנאַליען, אויסגעשריבן מיר אַ קאַרטע אויף „מיין נאָמען" — מאַטושאַק טאַדעוש און געגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל די פאַרשריבענע אָפּפירן אין לאַגער. מ׳האָט אונדז אָפּ־געפירט אין אַן אַרבעט־לאַגער, וווּ עס האָבן זיך געפונען שמוגלער און אַנדערע פאַרברעכער. אויך דאָרטן האָט מען אונדז ווי פּרייוויליקע זייער גוט אויפגענומען.

דעם 1942.7.12, ווען עס האָט זיך שוין געהאַט אָנגעזאַמלט אַ טראַנספּאָרט פון אַרום 1000 פּערזאָן, האָט מען אונדז אונטער אַ וואַך אָפּגעשיקט קיין וואַרשע אויף דער סקאַרישעווסקאַ גאַס, וווּ עס האָט זיך געפונען דער זאַמל־פּונקט. די ערשטע נאַכט האָבן מיר גענעכטיקט אין אַ קעלער. בייטאָג האָט מען אונדז אַרויפגעפירט צוריק אויבן, דאָרט האָבן זיך געפונען אַרום 4000 פּערזאָן. גנבים זענען דאָרט געווען לרוב, מ׳האָט געגנבעט אפילו דאָס היטל פון קאָפּ. מיר האָבן געוואַרט אויף אַ מעדיצינישער קאָמיסיע. עס איז מיר ווידער באַפאַלן אַ פּחד. בעת מען האָט אונדז אַ 30 פּערזאָן אַריינגעלאָזט אין באָד, איך האָב זיך אויסגעטאָן דער לעצטער. איך האָב געוואַרט ביז עס וועט זיין פאַרע. נאָכן אָפּוואַשן זיך האָב איך זיך זייער גיך אָנגעטאָן און אַרויס אין קאָרידאָר. מיר איז געוואָרן אַביסל לייכטער. איך האָב געטראַכט, אַז אפשר וועט זיך מיר איינגעבן פון דאָ זיך אַרויסבאַקומען. אויף צומאָרגנס זענען מיר געגאַנגען צו דער דאָקטוירים־קאָמיסיע. אויך דאָ האָט מען אַריינגעלאָזט צו 30 פּערזאָן אויף אַמאָל. די דאָקטוירים זענען געווען צומייסטנס דייטשן. זיי האָבן אונטערגעזוכט גאַנץ אויבנאויפיק. עס איז געגאַנגען זייער גיך. איך האָב געמאַכט אַזאַ „שטיקל" וואָס עס איז מיר שווער צו באַשרייבן. דער דאָקטער האָט אָנערקענט, אַז איך לייד אויף קרעץ און אָפּגעשיקט אין דער אָפּטיילונג פאַר אַנשטעקנדע קראַנקייטן. דאָרט בין איך געווען 3 טעג. נאָך דער קוראַציע האָט מען מיך צוריק איבערגעשיקט אין אַלגעמיינעם זאַל און אַ טאָג שפּעטער בין איך אַרויסגעפאָרן מיט אַ טראַנספּאָרט פון 15 הונדערט פּערזאָן.

מיר זענען געפאָרן אַ גאַנצן מעת־לעת. אַרום 7 אַ זייגער פרי זענען מיר

געווען אין סטאַרגאַרד לעבן שטעטין. מ׳האָט אונדז אַוועקגעפירט אין אַן איבער־גאַנג־לאַגער, דאָרט אויסגעבאָדן, אָפּגעשוירן און אין צוויי טעג אַרום אָפּגעשיקט צו אַ דאָקטוירים־קאָמיסיע, וואָס האָט אונטערזוכט, צי מ׳איז נישט וועגעריש קראַנק. דאָ האָב איך נאָך מער מורא געהאַט ווי אין וואַרשע, אָבער דאָס גליק האָט מיר צוגעדינט איך בין אַרויס גאַנץ. די באַשפּייזונג איז אין דעם לאַגער געווען ערגער ווי אין וואַרשע. מיר האָבן באַקומען אויף פרישטיק: 200 גר. ברויט, אויף מיטאָג — אַ זופּ פון קאלריבן און אויף אָוונט־ברויט — שוואַרצע קאַווע. שפּעטער האָט מיך דער אַרבעט־אַמט געשיקט אויף אַרבעט צו טעלעפאָן־לייטונגען. איך האָב זיך געפונען אין אַ קליינעם לאַגער ביי דער פּאָסט. ביז סוף 1943 בין איך פון קיינעם נישט פאַרפאָלגט געוואָרן. דער לאַגער האָט זיך פאַר־גרעסערט, עס זענען געקומען: אוקראַינער, טשעכן, פראַנצויזן, איטאַליענער און פּאָליאַקן, עס האָבן זיך דאָ געפונען בערך 2000 פּערזאָן. מיינס אַ שכן, אַן אוק־ראַינער האָט מיר גענומען אַנטאָן צרות. 4 חדשים האָב איך פון אים געליטן, שפּעטער איז ער פאַרשוווּנדן.

אַזוי איז אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג. אין לאַגער האָט מען געבראַכט נייע פּאַרטיעס פּאָליאַקן, דירעקט פון פּוילן. זיי האָבן דערציילט וועגן די רציחות, וואָס זענען אויסגעפירט געוואָרן איבער יידן.

אין 1945 מיטן דערנענטערן זיך פון פראָנט האָבן זיך אין יענער געגנט אָנגעהויבן לופט־באָמבאַדירונגען, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן אָפּט גאַנצע מעת־לעתן. מיר האָבן זיך געפונען אין סאַמע פייער פון די לופט־אָנגריפן. די פּאָסט איז איבערגענומען געוואָרן דורך ס.ס.־לייט און מ׳האָט אין קיין פאַל נישט געטאָרט פאַרלאָזן דעם אַרבעט־פּלאַץ. די גאַנצע שטאָט איז שוין געווען חרוב, הייזער זענען געשטאַנען אין פלאַמען און איך האָב געמוזט כסדר צורעכט מאַכן די איבערגעריסענע טעלעפאָן־פאַרבינדונג.

דעם 15־טן פעברואַר, 1945 איז אַנטשטאַנען אַ מהומה. די רוסן האָבן אָנגע־הויבן אַטאַקירן סטאַרגאַרד. די דייטשן האָבן גענומען עוואַקואירן זיך און אונדז געפירט קיין שטעטין. דאָ זענען מיר שוין געבליבן ביז די רוסן זענען אַריינגע־קומען. נאָך די אַלע יאָרן צרות, פּיין און שרעק פאַרן טויט בין איך לסוף באַפרייט געוואָרן.

אין יאַנואַר, 1946 בין איך געפאָרן אין מיין געבורטס־שטאָט סאָכאַטשעוו. איך האָב קיינעם דאָ נישט געטראָפן פון מיין משפחה. מיט אַ טיפן צער אין האַרץ בין איך אַוועק פון דער שטאָט קיין לאָדזש און דאָ אַריינגעטרעטן אין אַ קיבוץ און אין אַ פּאָר וואָכן אַרום אַרויסגעפאָרן פון פּוילן.

ב. ירליכט

# אזוי איז פארפייניקט געווארן די סאכאטשעווער קהילה

ווען די דייטשן זענען אַריין קיין סאָכאַטשעוו זענען דאָרט קיין יידן נישט געווען. אַלע זענען אַנטלאָפן קיין וואַרשע. און אַ טייל זענען געוואָרן דערהרגעט: חיים לייב ליבערמאַן מיטן זון און אהרן ראָזענפערל. אין סאָכאַטשעוו האָבן די דייטשן אָפּגעזוכט דעם איינציקן ייד, אַ קראַנקער, וואָס האָט נישט געקענט אַנטלויפן און זיי האָבן אים דערהרגעט. זיין פאַמיליע־נאָמען איז מיר נישט באַקאַנט. מ׳האָט אים גערופן זוסל קצב.

די פּאָליאַקן האָבן אָנגעוויזן ווו עס געפינען זיך יידישע הייזער און די דייטשן האָבן זיי אונטערגעצונדן. די נעמען פון די פּאָליאַקן, וואָס האָבן געהאָלפן די דייטשן זענען: וויקטאָר מאַלינאָווסקי, יאַן זשוקאָווסקי, סאבטשוק, אַ געוועזענער פּאָליציאַנט, גורסקיס זון פראנטשאק.

אין יאָר 1940 זענען געקומען קיין סאָכאַטשעוו פּליטים פון גלאָוונאָ, זגערש, לאָדזש, יאַניקי. בלויז איניקע משפחות זענען געבליבן אין סאָכאַטשעוו און די רעשט זענען אַוועק קיין וואַרשע, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט ווו צו וווינען.

סוף 1939 איז געשאַפן געוואָרן דער יודענראַט, וואָס איז באַשטאַנען פון פאָלגנדע 24 פּערזאָן: בידערמאַן (פּרעזעס) יאסל מונע, שמואל ליבערט, וועלוול פינטשעווסקי, פּיניע ראָזענקאָפּ, לייביש קעלער, בזשאַזאָווסקי, באַללאס, אהרן זעליג מאַריענפעלד, בערלינער, איטשע געלבשטיין, אבראַם טילמאַן, יחיאל שטערן, שמואל ראָטשטיין, מאנע ברעסלער, די רעשט נעמען געדענק איך נישט.

דער יודענראַט האָט זיך גוט באַצויגן צו דער יידישער באַפעלקערונג. אין אפּריל 1940, האָט זיך געשאַפן אַ נייער יודענראַט מיט איטשע געלבשטיין אַלס פּרעזעס, שמואל ליבערט (קאַסיר) מאַניעלע ליבערט (אַרבעטס־אַמט), נחום גרונדוואַג (סעקרעטאַר). מיטגלידער פון יודענראַט: אהרן זעליג מאַריענפעלד, אהרן שמעלץ. די הויפּט־ראָל האָבן געשפּילט: געלבשטיין, שמואל ליבערט מיטן זון. זיי האָבן אַרויפגעלייגט אויף מענטשן קאָנטריבוציעס און

ווען זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו צאָלן, האָבן זיי אויפגעשטעלט אַ רשימה פון די ווידערשפעניקע און זיי איבערגעגעבן צו די דייטשן, וועלכע האָבן די אַרעסטירטע געפּייניקט אַזוי לאַנג ביז זיי האָבן איינגעצאָלט דאָס געלט. פאַר דעם איינגעצאָלטן געלט האָבן די יודענראַט־מיטגלידער געהוליעט מיט די דייטשן, געקויפט פאַר זיך פּעלצן און בריליאַנטן.

דער יודענראַט האָט אויך אויסגעפּועלט „ישועות״ פאַר יידן. עס איז געווען אַ פאַראָרדענונג פון די דייטשן, אַז יידן איז דערלויבט צו גיין נאָר אינמיטן גאַס. דער יודענראַט זאָל האָבן אויסגעפּועלט, אַז יידן מעגן גיין אויך אויף די טראָטואַרן. יידן האָבן געאַרבעט ביים פאַנאַנדערנעמען די אייזערנע בריק. זיי זענען געוואָרן שרעקלעך געפּייניקט ביי דער אַרבעט און באַקומען קלעפּ. דער יודענראַט האָט אויסגעפּועלט, אַז מ׳זאָל די אַרבעטנ־דיקע נישט שלאָגן.

אין יאָר 1941 איז אויפן פאַרלאַנג פון די פּוילישע בירגער — זשע־לאָנקעוויטש, זשוקאָווסקי, ראַטכימעל, באַלדערסקי, דער יונגער באַליניסקי אאַנ״ד וועמענס נעמען איך געדענק נישט — געשאַפן געוואָרן אַ געטאָ. דאָס געטאָ האָט עקזיסטירט סך הכל 4 וואָכן. דער פּרעזעס געלבשטיין האָט געוווינט אין שטעכלערס הויז, וואָס מ׳האָט גערופן דאָס „ווייסע הויז״. אין אורבאַנסקיס הויז האָט געוווינט ליבערט. זיין „רעזידענץ״ האָט מען גערופן „בעלוועדער״.

דעם 18־טן פעברואַר 1941 איז פאָרגעקומען אַ דעפּאָרטאַציע פון סאָכאַ־טשעווער געטאָ. ליבערט און געלבשטיין זענען אַנטלאָפן און איבערגעלאָזט די יידן אויף זייער אייגענעם גורל. דער געוועזענער „וואָזשני״ פון פינאַנץ־אַמט — טשעלאַניעק, האָט געמאָלדן די דייטשן, אַז די יידן זענען שולדיק שטייערן און מ׳דאַרף פון זיי אויפמאָנען די „חובות״ איידער זיי, די יידן ווערן אַרויסגעשיקט. דער לאַנדראַט האָט באַאויפטראָגט די „שוואַרצע״ פאָלקס־דויטשן צוזאַמענצושטעלן אַ רשימה פון די יידן, וואָס זענען שולדיק שטייערן און פאַר די חובות אָפּנעמען פון זיי אַלץ, וואָס זיי פאַרמאָגן. די יידן האָט מען דעמאָלט געשלאָגן און געפּייניקט און צוגענומען פון זיי דאָס לעצטע ביסל אָרימקייט.

באַלדערסקיס טאָכטער, לויטן מאַנס נאָמען — רוזעפּטשיק, האָט געהאַט אַ געליבטן, אַ דייטשן אָפיציר מיטן נאָמען בלאַשאַו. זי האָט פאַרלאַנגט, אַז די יידן זאָלן איר געבן בריליאַנטן. נאָך לאַנגע פּייניקונגען זענען יידן געווען געצוווּנגען צוצושטעלן איר די געפאָדערטע בריליאַנטן.

יידן, וואָס האָבן געהאַט געלט, האָבן זיך געגעבן אַן עצה, די אָרימע זענען אויסגעגאַנגען פון נויט. ווען עס איז געשאַפן געוואָרן דאָס געטאָ איז אַ העלפט יידן געוואָרן אַרויסגעשיקט קיין זשיראַרדאָוו. די אַרויסגעשיקטע זענען באַשטאַנען פון אָרימעלייט, וועלכע האָבן זיך נישט געקאָנט אויסקויפן.

שמואל ליבערט האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל די געטאָ־איינוווינער איינטיילן אין צוויי גרופן, וואָס זאָלן באַקומען קאַרטן פון באַזונדערע קאָלירן — ווייסע און געלע. די ווייסע אויף צו בלייבן אין געטאָ און די געלע צום אַרויסשיקן.

אַלע ימים־טובים האָבן יידן אין געהיים געיומטובט, עס זענען געווען ימים טובים פון צרות.

דער בעקער יאַן זשוקאָווסקי האָט געגעבן אַ שגץ אַ מויל־האַרמאָניע און געצוווּנגען די יידן, אַז זיי זאָלן אין די קאַפּאָטעס און אין יידישע היטלען אַרויסקומען אויפן מאַרק און טאַנצן ביי דעם שפּילן פון שגץ. אַ האַלבן טאָג האָבן די יידן געטאַנצט אויפן מאַרק.



פון רעכטס: נחום שמעלץ, מענדל ראָזן, ברוך פליישמאַן, יחיאל דיאַמענט, זיין פרוי (פון דערהיים סעגאַל) און טאָכטער פייגע־לובע און שיינדל לעווקאָוויטש.

די יידישע פּאָליציי האָט געהיטן, אַז די יידן זאָלן נישט פּאַרלאָזן דאָס געטאָ. פּאַר אַריבערגיין אויף דער אַרישער זייט האָט געדראָט טויט. ווען דער יודענראַט איז אַנטלאָפן קיין וואַרשע איז נישט געווען קיין אויפזיכט איבערן געטאָ. אַ „שוואַרצער" מיטן נאָמען מעפּס, האָט זיך געוואָנדן צו מנשה קנאָט מיט אַ פאָדערונג, אַז ער זאָל אים געבן שטיוול. ווען מנשה האָט אים נישט צוגעשטעלט קיין שטיוול, האָט דער פאָלקסדויטש דערשאָסן דעם ייד ביי יאַרטשעווסקיס יאַטקע.

ווען מען האָט די יידן אַרויסגעשיקט פון געטאָ זענען אויפן שאָסיי גע־שטאַנען פּאָליאַקן און צוגענומען ביי די אומגליקלעכע זייערע פּעקלעך, זאָ־גנדיק די יידן, אַז עס איז זיי נישט קיין אונטערשיד, ווייל סיי ווי גייען זיי צום טויט. דער אַלטער גורסקי האָט זיך געפרייט און געזאָגט: „ענדלעך האָבן מיר זיך דערוואַרט. מיר האָבן אַ סאָכאַטשעוו ריין פון יידן". משה ביזניצקי איז אין יאָר 1943, אין דאָרף דעמבסק געכאַפּט געוואָרן פון די „שוואַרצע". מ'האָט אים אויסגעבערענט די אויגן, אָפּגעהאַקט די אויערן און אויסגעשניטן די צונג. אין שרעקלעכע פּייניקונגען האָט ער אויסגעהויכט די נשמה.

מיט אַן ענלעכן טויט איז צוויי חדשים שפּעטער, אין דאָרף אַלטאַנקע, אומגעקומען הערש גראובארד דעם קאַמאַשנמאַכערס זון. שמאי פליישמאַן איז דערהרגעט געוואָרן אין דאָרף כאַדאָקאָוו. אין דעם זעלבן דאָרף האָבן זיך אויסבאַהאַלטן דער שניידער כודי מיט זיין פרוי און קינדער. די „שוואַרצע" האָבן זיי געמסרט און מ'האָט זיי דערהרגעט. די קצבים, דריי ברידער יאַקובאָוויטש זענען אין 1943 דערהרגעט געוואָרן אין דאָרף זשוקאָוו דורך א. ק. („ארמיא קראַיאָוואַ") — פּוילישע אונטערערדישע אַרמיי אונטער דער אָנפירונג פון דער פּוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן. דער מאַלער שפּייז־הענדלער איז אין דער צווייטער העלפט פון יאָר 1943 דערהרגעט געוואָרן אין דאָרף ריבנע. אין דעם זעלבן דאָרף האָבן די דייטשן אין סוף 1943 גע־כאַפּט חיים בזשאָזאָווסקי, ישראל קימלמאַן און נאָך אַנדערע יידן, וועמענס נעמען איך געדענק נישט, און זיי אַוועקגעפירט אויפן בית עולם. דאָרט האָבן זיי, די מערדער געוואָרפן צווישן זיך אַ גורל, ווער פון זיי עס דאַרף די יידן דערהרגענען. חיימל בזשאָזאָווסקי האָט אויסגענוצט דעם מאָמענט און זיך געלאָזט לויפן אין דער ריכטונג פון טייך. די דייטשן האָבן אים נאָכגע־שאָסן, אָבער אים איז געלונגען צו אַנטלויפן. בזשאָזאָווסקי האָט זיך אויס־באַהאַלטן אין די דערפער און אין אַ האַלב יאָר אַרום האָבן אים פּויערים געכאַפּט און איבערגעגעבן צו די זשאַנדאַרן, ווייל די דייטשן האָבן פאַר־עפנטלעכט אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז פאַר יעדן צוגעשטעלטן ייד וועט מען באַ־קומען אַ פּערציקסטל בראַנפן און אַ קילאָ צוקער.

איך האָב זיך אַ געוויסע צייט אויסבאַהאַלטן ביים פויער שעווטשיק. דער פויער האָט מיר וועגן אַלעם דערציילט. אַזעלכע מענטשן ווי ער זענען געווען זייער ווייניק. דעם 18־טן פעברואַר 1941 בין איך געוואָרן אַרויס־



שעווטשיק
פון די געציילטע, וועלכע האָבן געהאָלפן אויסבאַהאַלטן די פאָרפאָלגטע יידן.

געשיקט קיין וואַרשע. אין וואַרשעווער געטאָ בין איך געווען ביז די לעצטע טעג פסח 1941. אין יענע טעג בין איך געכאַפּט געוואָרן אויף אַרבעט. מ׳האָט מיך אַוועקגעשיקט קיין גאַרוואָלין. איך האָב געאַרבעט ביים רעגולירן דעם טייך ווילגי. עס זענען אויך געכאַפּט געוואָרן: מיין שוואָגער ראובן טשעמ־ניאַרסקי, אשר הערנבערג, משה בער אאנ״ד.

אין לאַגער זענען געווען אַרום 600 פּערזאָן. איך האָב דאָרטן געטראָפן נאָך פאָלגנדע יידן פון סאָכאַטשעוו: יידל מאשמאן מיטן ברודער, מעכל מאַריענפעלד, ולמנס זון, דיאמענטס זון אאנ״ד. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע. מ׳האָט געאַרבעט פון 4 פאַרטאָג ביז 11ביינאַכט. ביזן גאַרטל זענען מיר געשטאַנען אין בלאָטע. עסן האָבן מיר באַקומען 10 דעקא ברויט און אַ ליטער זופּ מיט שטיקלעך פאַרפוילטע בוראַקעס. מ׳האָט אונדז אומ־ברחמנותדיק געשלאָגן. יעדער פון אונדז איז געווען נומערירט מיט אַ געלע לאַטע אויף די פּלייצעס און פאַרנט דער נומער. מיין נומער איז געווען 366.

די פאַרטרעטונג פון דער פירמע, וואָס האָט אויסגעפירט די אַרבעט ביים טייך ווילגי, האָט זיך גערופן „פירמע ראטשינסקי״. דער הויפּט־אינ־זשעניר איז געווען מאַטולאַ, דער טעכניק — דאַגאַנסקי. דער קאָמענדאַנט

פון לאַגער איז געווען אַן אוקראַינער מיטן נאָמען בילאַס. אַלע אַנדערע אַמטן האָבן פאַרנומען פּאָליאַקן. ווען מיר האָבן פאַרשפּעטיקט אויף 5 מינוט צו דער אַרבעט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ שחיטה. ביי אַזאַ פאַל איז געוואָרן דערהרגעט דיאַמאַנט. דער הויפּט־מערדער ביי אַזעלכע „אקציעס" איז גע־ווען יאַנעק, אַן אונטער־אָפיציר פון דער פּוילישער אַרמיי.

אין לאַגער האָט זיך פאַרשפּרייט אַן עפּידעמיע פון דיזענטעריע. מענטשן זענען געשוואָלן געוואָרן פון הונגער. טעגלעך זענען געשטאָרבן פון 20־30 מענטשן. אויפן אָרט פון די געשטאָרבענע האָט מען געבראַנגט נייע קרבנות פון וואַרשע.

דעם 28־טן מאי 1941 האָב איך זיך צוזאַמענגערעדט מיט פּינקוס און מאַשלאַנקע פון פּראַגע וועגן אַנטלויפן פון לאַגער, ווו עס דערוואַרט אונדז דער אומפאַרמיידלעכער טויט. די נאַכט איז געווען א פינצטערע. מיר האָבן נישט געהאַט קיין שום מכשירים אויף איבערצושניידן די דראָטן, האָבן מיר זיי איבערגעביסן מיט די ציין און אין דרייען זענען מיר אַנטלאָפן. מיר זענען אַוועק אין דער ריכטונג פון לוקאָוו. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין אַ שטעטל סטאַנין. דאָרטן איז נאָך נישט געווען קיין געטאָ. מיר האָבן דאָרט געטראָפן אייניקע יידן פון סאָכאַטשעוו: נח לעווין מיטן זון, שמחה קאַטין נחה און באַלטשע ליבערמאַן, און די דאָרטיקע איינוווינערין רחל איגעלפעלד. אַלע האָבן זיך פאַרנומען מיט בעטלעריי, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט פון וואָס צו לעבן.

איך בין אַוועק אין דאָרף נאָוואַ ווּרעבלינאַ און דאָרטן געאַרבעט אַלס „פּאַראָבעק" ביים פּויער זדזשיסלאַוו דונסקי. ווען עס האָט אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן דייטשלאַנד און ראַטנפאַרבאַנד איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז יידן מעגן זיך באַוועגן אין גאַס נאָר ביז 5 אַזייגער נאָכמיטאָג. נח לעווין איז דעמאָלט געהרגעט געוואָרן. איך בין געווען ביים פּויער ביז דעצעמבער 1942. דער פּויער האָט מיר אויסגעאַרבעט אַ דאָקומענט אויפן נאָמען סטאַ־ניסלאַוו מיכאַלסקי און נישט געוואָלט מיך ווייטער האַלטן.

איך בין אַוועק אין דער ריכטונג פון סאָכאַטשעוו, ווייל איך האָב נישט געהאַט וווהין צו גיין. קיין סאָכאַטשעוו בין איך אָנגעקומען אין יאַנואַר 1943. איך בין ביינאַכט אַוועק צום ווירט דראבער און ער האָט מיר געראַטן, איך זאָל אַוועק אין אַ דאָרף. ער האָט מיר געגעבן 1000 זל. וואָס מיין שוועסטער האָט איבערגעלאָזט.

איך האָב געגנעכטיגט אין קעלער פון פעליקס קושינסקי. פאַרטאָג בין איך אַוועק אין דער ריכטונג פון גאָמבין און זיך אָפּגעשטעלט אין דאָרף ביביאַמפּאָל ביי פראַנטשישעק שעווטשיק. 18 חדשים האָב איך זיך אויס־באַהאַלטן אין שעווטשיקס וועלדל. אַן דער פּרויס וויסן האָט ער זיך גע־

טיילט מיט מיר מיטן לעצטן ביסן ברויט, ווייל אים איז אויך געווען שלעכט. איך בין געווען אין שרעקלעכע באַדינגונגען.

אין יולי 1944 האָבן מיך די דייטשן געכאַפּט אַלס פּאָליאַק, ווייל איך האָב געהאַט „אַרישע" דאָקומענטן אויפן נאָמען מיכאַלסקי. מ'האָט מיך גע־שיקט צו גראָבן אָקאָפּעס ביי די טייכן פּיליצע און וואַרטע, ווייל דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט. עס האָבן דאָרט געאַרבעט טויזנטער פּאָליאַקן פון פאַרשידענע ערטער אין פּוילן. ווען די אַרבעט האָט זיך דאָרט גע־ענדיקט האָט מען אונדז איבערגעשיקט קיין פּאָמערן. דאָרט בין איך געווען ביז דעם 2־טן פעברואַר 1945.

ווען דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט, האָבן די דייטשן אונדז גע־וואָלט אַרויספירן קיין דייטשלאַנד. מיר זענען אַריין צו אַ פּאָליאַק מיטן נאָמען סטאַניסלאַוו מאזאל. איך האָב אים געבעטן, אַז ער זאָל מיר ראַטעווען, ווייל איך וויל נישט פאָרן קיין דייטשלאַנד. ער האָט מיך אַוועקגעפירט אין די טיראָלער וועלדער. דאָרט האָבן זיך אויפגעהאַלטן ביז 150 אַנטלאָפענע. איך בין דאָרט געווען ביזן 12־טן פעברואַר 1945. אין יענעם טאָג, אינ־דערפרי בין איך באַפרייט געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי. נאָך דער באַפרייונג דעם 28־טן יולי, בין איך געוואָרן פאַרוווּנדעט דורך אַנפאַלער פון „א. ק."



ראטשטיין שאול, פערל, משה און זייער טאָכטער שינדל — אַלע פון באלימאון



משה יזראַלעוויטש מיט זיין פרוי

**הערש גאטהעלף**

# א פאר ווערטער

**ב**יסלעכווייז האָבן זיך די יידן צוגעוווינט צו די צרות: צום הונגער, נויט און צום כאַפּן צו דער אַרבעט.

אין איינעם אַ פרימאָרגן, אין יאַנואַר 1940 האָבן די דייטשן אַרויסגעז־האָנגען אַ באַקאַנטמאַכונג פון אָרטיקן מאַגיסטראַט, אונטערגעשריבן פון ביר־גערמייסטער, אַ סאַכאַטשעווער פאָלקס־דייטש — פּ ר אַ ו ז ע, אַז אַלע יידן אין עלטער פון 14 ביז 60 יאָר מוזן קומען זונטיק 8 פרי צום מאַגיסטראַט. פאַרשידענע קלאַנגען פאַרשפּרייטן זיך אין שטאָט. איינער זאָגט, אַז מ'גייט אַרויסשיקן די יידן, אַ צווייטער אַז מ'וועט נעמען אַלעמען צו דער אַרבעט און אַזוי מיט פאַרשידענע סברות און שרעק, האָבן מיר קוים דערלעבט דעם טאָג ווען מיר האָבן זיך צונויפגעזאַמלט ביים מאַגיסטראַט.

עס האָבן זיך באַוויזן פּראַוזע מיט זיינע דייטשע באַגלייטער און אויף זייער געשריי „אַכטונג" זענען מיר אַלע יידן ווי פאַרגליווערט געוואָרן.

זיי האָבן אונדז איבערגעגעבן ווי זאָרגפעלטיק זיי „זאָרגן" פאַר אונדז. ביז היינט זענען מיר געווען אָן „אויפזיכט"... און פון היינט אָן וועלן מיר האָבן אַ יודענראַט, וועלכער וועט מיט אונדז אָנפירן און פאַר אונדז זאָרגן. ער האָט גלייך אַרויסגענומען די רשימה און פאַרעלייענט די נעמען פון יודענראַט: הויפּט־פירער — בידערמאַן, באַרענשטיין, לוקשטיק, לעווין, פינ־טשעווסקי וועלוול, פּ. ראָזענקאָפּף, ה. ליבערט א. א.

דער יודענראַט האָט איבערגענומען די אַרבעט מיט אַלע „פּיטשעווקעס". מיט אַ סעקרעטאַרין, מיט דינער ביי דער טיר. אַזעלכער איז געווען הערשל כאַבערעס, ער איז געשטאַנען ביי דער טיר מיט אַ גומענעם שטעקן אין דער האַנט און אים אַראָפּגעלאָזט נישט אויף איין יידישער פּלייצע.

דער יודענראַט הויבט אָן פאַנאַנדערשיקן צעטלען צו דער אַרבעט. אָבער אַזעלכע צעטלען ווערן נאָר געשיקט צו די, וועלכע קענען נישט באַצאָלן דעם יודענראַט קיין אויסלייזגעלט. ווער עס האָט צו באַצאָלן 5 זלאָטעס אַ טאָג, דער גייט נישט צו דער אַרבעט.

אין איינעם אַ ווינטער־טאָג זענען מיר געגאַנגען אַ גרופּע צו דער אַרבעט. צווישן אונדז האָט זיך געפונען איטשע געלבשטיין. די אַרבעט איז געווען ביי דער בזורע. מיר האָבן געדאַרפט פאַנאַנדערצונעמען די בריק, וואָס די דייטשן האָבן אויפגעריסן. די דייטשן האָבן באַשטימט געלבשטיינען אַלס אונדזער אויפזעער און פון דעם טאָג אָן ,איז אונדז מער דער דייטש נישט געקומען נעמען, נאָר געלבשטיין האָט אונדז געפירט צו דער אַרבעט. ער האָט זיך גענומען אַלס געהילפן די צוויי זין פון שניידער שמעלץ.

אין יודענראַט הויבן זיך אָן רייבונגען מיט ח. ליבערטס זון מאניעק, וועלכער איז געווען סעקרעטאַר. ה. בידערמאַן זעט וואָס עס קען פאָרקומען און גיט זיך אָן אין דעמיסיע. מיט דער הסכמה פון אַלע יודענראַט־מיט־גלידער ווערט געלבשטיין באַשטימט אַלס פאָרזיצער און די געסטאַפּאָ קאָאָפּטירט דאָן צו דעם עלטערן זון נחום שמעלץ צום יודענראַט.

און אָט הייבט זיך אָן די ערשטע טראַגעדיע אין דער אַרבעט פון יודענ־ראַט. מען שיקט אַוועק די בעסטע יוגנט קיין בעלזשיץ. נאַטירלעך נאָר די, וועלכע האָבן נישט קיין געלט, און די זענען דאָך דער רוב.

עס קומט אָן קיין סאָכאַטשעוו דער ערשטער טרויעריקער בריוו פון לאַגער: הערשל יאַשינסקי (דעם הויכן בענדעט׳ס זון) איז טויט. עס ווערט אַ גערודער, אַ געוואַלד, מען מוז ראַטעווען די איבעריקע. מען קלויבט צונויף געלט און מענטשן וואָס פאָרן קיין וואַרשע נאָך זיי, ברענגען אַהיים פון די 20 נאָר 18 מאַן, ווייל בעריש כץ׳ס זון איז דעמזעלבן טאָג פון אַרויס־נעמען זיי פון לאַגער דערשאָסן געוואָרן. אַזוי דערציילט אברהם נאַשעלע־וויטש, מיין בעסטער חבר, וועלכער איז געווען דער פירער פון דער סאָכאַ טשעווער גרופּע.

די לאַגע פון די יידן ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ ערגער. אַ נייע „באַ־קאַנטמאַכונג״ אונטערגעשריבן פון י. געלבשטיין און מ. ליבערט מעלדעט, אַז די שטאָט נויטיקט זיך אין וווין־פּלעצער. עס איז ענג. געלבשטיין, ליבערט און שמעלץ הייסן זיך פאַרזאַמלען אַלע יידן און מעלדן, אַז די דייטשן ווילן העלפן עוואַקואירן די יידן קיין וויסקיט, לעבן זשיראַרדאָוו. נאָר מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז אויב מיר ווילן געבן די דייטשן אַ גרעסערע סומע געלט, ווילן מיר קענען איינהאַלטן די אויסזידלונג.

יעדער ייד הויבט אָן צו ברענגען אין יודענראַט וואָס נאָר ער פאַר־מאָגט: געלט, בריליאַנטן, גאָלד, צירונג, קאַראַקולענע מאַנטלען א. א. וו. צום באַדויערן האָבן זיך צווישן אונדז געפונען אין יענע שווערע טעג אַזעלכע יידן, וועלכע האָבן געלעבט „ווי קיינמאָל גאָרנישט״. אין דער צייט פון אויסזידלונג און ביטערע גזירות האָבן זיי איינגעאָרדנט פאַרוויילונגען אויף וועלכע עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין דייטשן. אזא פאַרוויילונג

איז פאַרגעקומען לכבוד אַ געבורטסטאָג פון אַ קינד, פון אַ געוויסן סאָכאַ־טשעווער ייד, וועלכער האָט פאַרבעטן די „שישקעס" פון יודענראַט און אויך דייטשן. אינמיטן דער פאַרוויילונג רייסן זיך אַריין צוויי דייטשן, די בעסטע „פריינט" פון שמעלץ און אהרן זעליג מאַריענפעלד. די דייטשן האָבן זיי ביידן אַרויסגערופן און אויף אַ מיסטעריעזן אופן דערמאָרדעט.

זייער דערמאָרדונג האָט אַלעמען אויפגעטרייסלט. מען האָט געזאָגט, אַז עס קומט זיי אַזאַ סוף פאַר די קאָנטריבוציעס וואָס זיי האָבן גענומען. שמעלץ זעליג און געלבשטיין זענען געווען די הערשער איבער די סאָכאַטשעווער יידן. וואָס זיי האָבן געוואָלט האָבן זיי געטאָן. צו זיי איז בכלל נישט געווען קיין צוטריט.

ביינאַכט פלעגן די דייטשן זוכן געווער ביי יידן און שרעקן אַז זיי וועלן טאָן מיט אונדז וואָס זיי ווילן, דאָס זעלבע וואָס זיי האָבן געטאָן מיט „יענע יידן". דערביי פלעגן זיי צוראַבעווען אַלץ, וואָס עס איז זיי געקומען אונטער דער האַנט.

אַזוי האָט עס געדויערט ביז יאַנואַר 1941. דאַן קומט דער ענדגילטי־קער באַשלוס, אַז די סאָכאַטשעווער יידן מוזן אין משך פון 24 שעה פאַר לאָזן די שטאָט. אין די מעלדונגען צו די יידן ווערט געזאָגט, אַז אויב זיי וועלן נישט פאַרלאָזן אין משך פון 24 שעה די שטאָט, וועלן זיי איבערגעגעבן ווערן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ.

דער יודענראַט האָט געוואָלט ווייזן, אַז ער טוט עפּעס אויף און האָט צוגעשטעלט וועגענער. אויף 2000 מענטשן — 10 וועגענער. היינט שטעלט אייך פאָר וואָס מען האָט געקענט מיטנעמען, אַז 8—10 פאַמיליעס האָט מען אַריינגעפּאַקט אין איין וואָגן?

עס איז אַ בהלה. מענטשן וועלכע האָבן באַקומען די אויסווייזונג מוזן פאַרלאָזן די שטאָט. אַזוי ווי קיין פאָר־מיטלען זענען נישטאָ גענוג, גייען ס'רוב מענטשן צופוס. מען גייט מיט פּיצלעך קינדער, אַלטע לייט, קראַנקע, אַלע איילן צו פאַרלאָזן די שטאָט, ווייל זיי האָבן מורא צו פאַרשפּעטיקן.

די שטאָט ווערט ליידיק פון יידן. עס בלייבן נאָר די אויסדערוויילטע.

עס מוז אויך דערמאָנט ווערן, אַז בעתן שאַפן דאָס געטאָ האָבן די יידן, וועלכע האָבן געוווינט אויסערן געטאָ געמוזט פאַרלאָזן זייערע וווינונגען, און זייער אָרט האָבן פאַרנומען די קריסטן. אָבער אַלע יידן האָבן נישט געקענט אַריין אין געטאָ, ווייל עס האָבן אויסגעפעלט וווינונגען. ביים אַנטשטיין פון געטאָ האָט מען אויך געשאַפן אַ יידישע פּאָליציי אין וועלכער עס זענען געווען: קנאָט מנשה, ליפּמאַן דיאַמאַנט. די באַקוועמסטע דירות האָבן איבערגענומען די יודענראַטלער. דאָס הויז האָט מען גערופן „דאָס ווייסע הויז", דאָס געטאָ האָט זיך געעפנט דעם 24.1.41 און עקזיסטירט ביז

האַלב פעברואַר 1941. די מענטשן האָבן רעכט נישט באַוויזן זיך ווי עס איז איינצואָרדענען, ווי עס איז ווידער געקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידן פון שטאָט און פון סאָכאַטשעווער אומגעגנט מוזן במשך פון 48 שעה פאַר־לאָזן די שטאָט. זיי ווערן איבערגעזידלט קיין וואַרשע. און אָט הויבט זיך ווידער אָן אַ פרישע טראַגעדיע.

דער יודענראַט נעמט ווידער קאָנטריבוציע מענטשן לויפן אַרום אין בהלה, ווערן אויסגעריסן פון די שרעקלעכע גזירות אין די לעצטע וואָכן. מען שלאָגט, מען ממיתט יידן, מען ראַבירט און מען פייניקט. עס קומען צו פאָרן פויערים מיט פורן פון די דערפער און מען „קויפט" פאַר גראָשנס ביי די יידן זייער מעבל און דאָס לעצטע ביסל האָב־און־גוטס.

די ערשטע ביי דער אויסזידלונג פאַרלאָזן די שטאָט די יודענראַטלער, אויף אַ גרויסן אויטאָ, אויף וועלכן זיי לאָדעווען אָן זייער פאַרמעגנס. נאָר אויף דער וואַך בלייבט איבער דער טייערער מענטש מנשה קנאַט ז"ל.

ביסלעכווייז אַנטלויפט יעדער איינער ווי ער קאָן. אַ טייל צופוס און מערסטנטייל ביינאַכט. פריוועד — דער אָנפירער פון געסטאַפּאָ רופט צו זיך דעם קאָמענדאַנט קנאַט און גיט אים אַ באַפעל, ער זאָל אים אין משך פון די עטלעכע איבערגעבליבענע שעה צושטעלן אַ פאָר שטיוול. קנאַט גייט דאָן צו גראבבארד שטעפּער און גיט אים איבער קורץ: אויב ער וועט ביז מאָרגן פרי נישט צושטעלן די שטיוול פאַר פריוועדן (ביז 12 מיטאָג טאָר זיך שוין קיין ייד נישט געפינען אין שטאָט) וועט ער שיסן אַלע יידן וואָס וועלן בלייבן.

ווען דער געסטאַפּאָ־פירער פריוועד מיט מנשה קנאַט האָבן זיך אינ־ד'ערפרי געלאָזט צו גראבבארד'ס הויז נאָך די שטיוול, האָבן זיי זיך דער־וווּסט, אַז ער איז מיט זיין פאַמיליע אַנטלאָפן. אַרויסגייענדיק פון גראבבארד'ס שטוב שיסט פריוועד אויף קנאַטן און ער פאַלט אַ טויטער אויפן אָרט.

## אין וואַרשעווער געטאָ

אין וואַרשעווער געטאָ איז נישטאָ קיין שום קאָנטאַקט מיט די סאָכאַ־טשעווער. איינער ווייסט נישט פון צווייטן. וועגן פאַרדינען אויף פרנסה איז קיין רייד נישטאָ. ווער עס האָט אַ ביסל פּראָטעקציע און אַ שניידער־מאַשין, קאָן אַרבעטן אין טעבענס שאָפּ. איך גיב אַריין מיין מאַשין און הויב אָן אַרבעטן. דאָ באַקומט יעדער אַ בריקעווו־זופּ, וואָס איז דאָן געווען, אין די שווידערלעכע געטאָ־באַדינגונגען אַ גרויסע זאַך. געלט צאָלט מען אויס יעדע דריי חדשים. דער הונגער איז גרויס. מענטשן געשוואָלענע ליגן אין די גאַסן און שטאַרבן פון הונגער. אַזעלכע זענען געווען הערצקע מאַסקע, ווידעלעץ א. א. עס זענען אָבער אויך געווען סאָכאַטשעווער יידן,

וואָס האָבן געהאַנדלט אויף דער אַרישער זייט אין אַ גרויסן פאַרנעם, אָבער העלפֿן אַ בן־עיר — איז קיין רייד נישט געווען. אין דער היים האָבן זיי נישט געחלומט, אַז ס׳וועט זיי אַזוי גיין. דאָס זענען געווען משה ברוקער, ברויטמאַן און דער ברודער משה ווידיסלאַווסקי. דער ערשטער וואָס האָט זוכה געווען צו קומען צו קבורה איז געווען הערש וואָלף וואַרשאַווסקי. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז אויך נפטר געוואָרן דער סאָכאַטשעווער רב.

אָבער דאָס לעבן גייט ווייטער. עס קומען פּאָר עטלעכע שמחות. שיינ־וואָלד׳ס אַ זון האָט חתונה געהאַט מיט פריידע ביעזשונסקאַ.

אַרבעטן ביי טעבענס אין פאַבריק איז געווען זייער אַ גרויסע זאַך, ווייל יעדער אַרבעטנדיקער האָט באַקומען אַ קען־קאַרטע. אַלע האָבן מיר מקנא געווען, ווייל עס זענען אַרומגעגאַנגען שמועות, אַז די, וועלכע וועלן האָבן אַזעלכע קען־קאַרטעס וועלן בלייבן לעבן.

סוף יאָר 1941 קומט אָן אין פאַבריק אַ טראַנספּאָרט פוטערס, וואָס דאַרף באַאַרבעט ווערן און אָפּגעליוועדט ווערן צום רוסישן פראָנט. די דייטשן זאָגן־צו, אַז אויב מען וועט פאַרטיק מאַכן די אַרבעט ביזן טערמין, וועלן זיי אונדז דערפאַר גוט באַלוינען.

צו יענער צייט אַרבעט שוין אין שאָפ אַן אונטערגרונט־באַוועגונג, וועלכע גלויבט נישט מער אין די צוזאָגן פון די דייטשן. שוין האַרט ביים אויס־פאַרטיקן דעם טראַנספּאָרט, ווערט דער מאַגאַזין אונטערגעצונדן און 80% פוטערס ווערן פאַרברענט.

אויף צומאָרגנס ווען די אַרבעט גייט ווייטער ווערט די שאָפּ, וואָס געפינט זיך אויף פראָסטע גאַס נומער 14 פּלוצלונג אַרומגערינגלט פון געסטאַפּאָ, וועלכע אַרעסטירן גלייך אַ טייל פון דער אָנפירערשאַפט, שרייענדיק אַז די יידן האָבן געמאַכט סאַבאָטאַזש און זיי וועלן אונדז אַלעמען פאַרברענען ווי מיר האָבן פאַרברענט די פוטערס.

אין שאָפּ ווערט רואיק. די אַרבעט גייט ווייטער. פון די זופּן וואָס מיר באַקומען ווערן וואָס אַ טאָג מער מענטשן קראַנק. איך פיל זיך זייער קראַנק און ווענדע זיך צום שאָפּ־דאָקטער, וועלכער געפינט זיך אויפן אָרט. ער גיט מיר אַ צעטל אין שפּיטאָל, וואָס געפינט זיך אויף ניסקע גאַס. דאָרט ליג איך קראַנק 3 וואָכן צייט אויף פלעק־טיפוס, אונטער דער אויפזיכט פון ד״ר לאנדנער. די קראַנקע געפינען זיך דאָרט אין שוידערלעכע באַדינגונגען. נאָכן אָפּליגן דריי וואָכן ווער איך „געזונט". איך פאַרלאָז דאָס שפּיטאָל און נישט האָבנדיק קיין געלט אויף אַ ריקשע, גיי איך צו פוס. דאָס איז געווען חול־המועד־פסח, 1942, אויף זאַמענהאָף גאַס באַגעגן איך דוד ווישניע און בעט אים ער זאָל מיך אַהיימפירן. ער נעמט מיך אָן אונטערן אָרעם און מיר גייען לאַנגזאַם. אויפן וועג באַמערקט ער פון ווייַ־

טנס ווי אַ פרוי טראָגט מצות. על לאָזט מיך שטין, לויפט שנעל צו צו דער פרוי און רייסט איר אַרויס די מצות פון די הענט און אַנטלויפט. מיט די לעצטע כוחות שלעפּ איך זיך אַהיים אויף נאָוואליפּקי 58.

אין שטוב איז אַ גרויסער הונגער. אויף וואָס צו ליגן איז נישטאָ. אַלץ איז אויספאַרקויפט. געבליבן איז נאָר דער טלית. די שוויגער פאַר־קויפט דאַן דעם טלית און פאַרן געלט קאָכט זי עפּעס אָפּ.

זייענדיק אין שטוב 4 טעג, באַשליס איך, אַז עס איז בעסער צו שטאַרבן פון אַ קויל ווי פון הונגער. אָבער קיין פּרוטה איז נישטאָ. מיין פרוי נעמט דאַן אַרויס אירע גאָלדענע ציין פון מויל, גיט מיר אַ העלפט און איך, נאָך גוט קראַנק לאָז זיך צו די דראָטן פון געטאָ צוזאַמען מיט מיין פרוי און



דער ברודער־קבר פון די משפחות שיינוואַלד, גאָטהעלף, בערג, קוטנאָווסקי און ערליך — אומגעקומענע בעת אַ באָמבאַרדירונג אין ווארשה אויף אַרלע גאַס אין די ערשטע מלחמה טעג

ברודער. איך קויף איבער די פּאָליציי־וואַך און אַט זענען מיר שוין אויף דער צווייטער זייט פון געטאָ, דאָרט ווו מענטשן לעבן פריי.

איך קום צום וואָקזאַל. אין די רייען שטייען הונדערטער מענטשן. איך שטעל זיך צווישן זיי. די צוגן זענען אַזוי געפּאַקט אינעווייניק. איך בין שוואַך און כ׳קען זיך נישט שטופּן. דער צוג גייט אָפּ און איך בלייב אין דרויסן. כ׳דריי זיך אַרום אויפן פּעראָן מיטן זעקל אונטערן אָרעם. צוגן פון אויסלאַנד און פון לאַנד קומען אָן און גייען אָפּ און איך ווייס נישט וועלכער צוג עס פאָרט קיין סאָכאַטשעוו. דער זייגער איז שוין 12. איך באַמערק, אַז אַנטקעגן אויפן צווייטן פּעראָן, זאַמלען זיך מענטשן. איך קריך אַהין אַריבער און שטעל זיך גלייך מיט אַלע אין דער ריי. איך באַמערק ווי מען אָבסערווירט מיך און איך הייב אָן פּלאָנטערן. כ׳שטיי מיט אומ־געדולד און ציטער אין האַרצן. ענדלעך קומט אָן דער צוג. איך דער־

פריי זיך און אין אַ פּאָר מינוט אַרום בין איך שוין אין דער באַן, נישט ווייסנדיק ווּהין מען פאָרט.

מען פאָרט. פּלוצלונג דערהער איך: „צוגרייטן די בילעטן", „קאָנטראָל" איך ציטער־אויף. עס ווערט מיר קאַלט און וואַרעם. איך הייב זיך אָן טרייסלען פון מורא און אויפרעגונג. וואָס טו איך? אָבער אין זעלבן מאָמענט דרייט זיך צו מיר אויס אַ קריסטלעכע פרוי (וועלכע האָט, מסתמא, געזען מיין אומרואיקייט און אַלץ גוט פאַרשטאַנען) און פרעגט מיך צי איך האָב אַ בילעט. זי נעמט ביי מיר דעם בילעט, און שעפּטשנדיק הייסט זי מיך אויס־דרייען צום וואַנט און אַרויסקוקן נאָכן פענסטער. ווען דער קאָנטראָלער קומט צו, דערלאַנגט זי אים איר און מיין בילעט. איך בין ניצול געוואָרן. מיר פאָרן ווייטער. איך דערוויס זיך, אַז דער צוג גייט נישט קיין סאָכאַ־טשעוו, נאָר קיין בלאָניע. ווען דער צוג שטעלט זיך אָפּ, לויפן אַלע שמוקלער ווייטער מיט די באַן־רעלסן, בכדי אויסצומיידן אַ קאָנטראָל. איך טו אויך דאָס זעלבע. אָבער איך האָב נישט קיין כוח אַזוי צו לויפן ווי זיי און מוז זיך אַלע פּאָר מינוט אָפּשטעלן. די שמוקלערס לאַכן פון מיר, אַז איך וועל שוין גאָרנישט באַקומען צו קויפן. אָבער איך בעט אין האַרצן, אז עס זאָל מיר קלעקן כוח צו דערגיין ביזן דאָרף טאָפּאָלעוו לעבן סאָכאַטשעוו.

גייענדיק אין דאָרף טאָפּאָלעוו, האָט מען געמוזט פאַרבייגיין דאָס דאָרף שימאַנאָוו אין וועלכן עס האָט זיך געפינען אַ קלויסטער. איך זעץ זיך אָפּ־רוען נישט ווייט פון קלויסטער און קלער וואָס ווייטער צו טאָן. עס קומט צו מיר צו אַ קאָלעיאַזש און פרעגט מיך פון וואַנען איך גיי. ער דערקענט, אַז איך בין אַ ייד. עס האָט שוין נישט קיין טעם צו לייקענען. איך דער־צייל אים, אַז איך גיי פון געטאָ. דאַן דערציילט ער מיר, אַז דאָ אין קלויס־טער געפינט זיך די געסטאַפּאָ און ראַט מיך גלייך זיך אָפּצוטראָגן אָנווייזנ־דיק מיר דערביי דעם ריכטיקן וועג וואָס פירט מיך צום דאָרף טאַפּאָלעוו.

## אין דאָרף

אין חודש אַפּריל, 1942 בין איך אָנגעקומען אין דאָרף טאָפּאָלעוו, וואָס געפינט זיך 7 קילאָמעטער פון סאָכאַטשעוו. דאָרט טרעף איך זיך צונויף מיט פיל סאָכאַטשעווער. אָבער לאַנג קען איך זיך דאָרט נישט אויפהאַלטן. אַלס שניידער האָב איך געפינען אַרבעט ביי אַ געוויסן פּיעטזשאַק, ביי וועמען איך האָב געאַרבעט אין שטוב.

איינמאָל איז געקומען צו אים אין שטוב אַ קאָמיסיע צו באַטראַכטן דעם אינווענטאַר. זעענדיק אַ שניידער, קומט איינער צו צו מיר און פרעגט צי איך בין אַ ייד. און גלייך לאָזט זיך אויף מיר אַראָפּ אַ רעגן פון קלעפּ, באַלד בינדן זיי מיך מיט שטריק און לייגן מיך אַרויף אויף אַ וואָגן. דער־

זעענדיק דאָס, האָבן דעם פויערס זין שנעל גענומען די פערד און אַוועק אין פעלד כדי נישט צו זיין דאָ. דער פויער, מיין באַלעבאָס מאַכט אַלע באַמיאונגען מיך צו ראַטעווען. ער פאַרבעט די גאַנצע קאָמיסיע אין שטוב אַריין אויף אַ שנאַפּס. „לאָמיר אויסטרינקען, זאָגט ער צו זיי, איידער מיר פירן דעם שניידער אין שטאָט". אַזוי ווי זיי האָבן געהאַלטן אין טרינקען איז געקומען צו לויפן איינער פון זיינע זין און איבערגעשניטן די שטריק און געשריגן: „אַנטלויף, שנעלער!"

איך בין אַנטלאָפן אין דעם וועלדל נישט ווייט פון פיאַסעטשנע. נאָך עטלעכע טעג, קום איך צוריק צום זעלבן פויער. ער הייסט מיך זעצן צוריק צו דער אַרבעט. איך אַרבעט אָפּ ביי אים עטלעכע וואָכן און דאָס מזל האָט געוואָלט, אַז דאָ זאָל מיך טרעפן נאָך ענלעכע זאַכן ווי פריער. אין צווישנצייט האָט מען געכאַפּט מענטשן צו דער אַרבעט. איינמאָל ווען איך בין געשלאָפן אין סטאָדאָלע, דערפיל איך פּלוצלונג אַ ברוטאַלע האַנט מיך רייסן. לעבן מיר שטייען עטלעכע דייטשן און דערקלערן מיר, אַז איך אַלס קריסט דאַרף גיין צו דער אַרבעט גלייך מיט אַלע.

מען האָט אָנגעפּאַקט אַ פולן אויטאָ מיט קריסטן, צווישן זיי איך בתוכו. איך דריי זיך אויס, אויפן אויטאָ געפינען זיך אויך דעם פויערס דריי זין. איינער פון די זין זאָגט הויך אויפן קול, אַז עס איז בעסער צו מעלדן דעם אָנפירער, אַז אין אויטאָ געפינט זיך אַ ייד. דערביי רעדט ער הויך, אַזוי, אַז דער אָנפירער איז גלייך לעבן מיר און לאָזט אַראָפּ זיין האַנט אויף מיין קאָפּ. איך פאַרטיידיק זיך. ער בעט ביי מיר דאָקומענטן. איך דערלאַנג אים מיין דאָקומענט. ער לייענט איבער גאָטהעלף און חזרט דעם נאָמען איבער צענדליקער מאָל. דאַן הייסן זיי מיך אויסדרייען מיטן פּנים צום אויטאָ, די הענט אין דער הויך און זיי לאָזן זיך גיין אין אַ ווינקל זיך באַראַטן. זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז עס געפינען זיך דאָ פאָלקס־דייטשן און רייכס־דייטשן און זיי וועלן מיך זיכער דערשיסן. עס איז מיר שווער צו באַ־שרייבן וואָס איך האָב אין יענער נאַכט איבערגעלעבט.

שטייענדיק אַזוי מיט די הענט אין דער הויך, מורא האָבנדיק זיך אַ ריר צו טאָן, קומט צו צו מיר אַ פאָלקס־דייטש און פרעגט מיך צו איך קען אים. איך ענטפער, אַז נישט. דאַן זאָגט ער מיר, אַז מיר זענען חברים. איך בלייב שטאַרק דערשראָקן. אַ דייטש מיינס אַ חבר? אָבער ער גיט זיך באַלד צו דערקענען, און איך דערמאָן זיך, אַז מיר האָבן צוזאַמען געלערנט אין דער פאָלקס־שול אין אילעווע גלאָוו, לעבן סאָכאַטשעוו, ווייל דאָרט האָבן מיר געוווינט אין יענער צייט. דער דייטש האָט געהייסן ע נ ג ע ל־ב ר ע כ ט און איך האָב זיך דאָס טאַקע דערמאָנט. איך בעט אים ער זאָל עפּעס טאָן און מיך אָפּראַטעווען, ווייל זיי ווילן מיך דערשיסן. ער גייט

אַוועק. אין עטלעכע מינוט אַרום קערט ער זיך אום און זאָגט, אַז אויב כ׳וועל הערן אַ געשריי, זאָל איך אָנהויבן אַנטלויפן. אַזוי איז דאָס טאַקע געווען. אין עטלעכע מינוטן אַרום האָב איך געהערט אַ געשריי און איך האָב זיך מיט אַלע כוחות געלאָזט לויפן. גלייך הער איך ווי מען שיסט מיר נאָך. איך לויף ווייטער. אַזוי בין איך אַרויס אויף אַ פעלד און זיך באַהאַלטן אין דער תבואה. אַזוי בין איך געלעגן ביזן זון־אויפגאַנג. אַז עס איז ליכטיק געוואָרן האָב איך אָנגעהויבן גיין צוריק צו דעם פויער ווו איך האָב געאַרבעט.

דער פויער דערזעענדיק מיך צלמט זיך איבער דריי מאָל. „געלויבט איז ג־ט, אַבי דו לעבסט. מיר זענען געווען זיכער, אַז דו ביסט אַ פאַר־טיקער, ווייל מיר האָבן געהערט אַ שיסעריי״. די פרייד ביים פויער אין געווען זייער גרויס, ווייל איך האָב נישט אויסגעזאָגט פון וואַנען מען האָט מיך גענומען.

אויף צומאָרגנס פאַרלאָז איך דאָס דאָרף. אָבער ווו גייט מען ווייטער? אַלע וועגן זענען פאַרשלאָסן אויף הונדערט שלעסער. איך דערמאָן זיך, אַז אין פוילישן מיליטער האָב איך געדינט מיט אַ חבר וואָס וווינט אין וויטאָל־דאוו. ער הייסט קוויאַוואַ. איך באַשליס צו גיין אַהין אין דאָרף.

ער דערפרייט זיך מיט מיר זייער, נעמט מיך גוט אויף, אָבער לאַנג זיין דאָרט קאָן איך נישט, ווייל נישט ווייט פון דאָרט געפינט זיך אַ דאָרף דעמבוווקאַ אין וועלכן עס האָבן זיך געפינען בלויז פאָלקס־דייטשן. ער ראָט מיך איך זאָל זיך וואָס שנעלער אָפּטראָגן פון דאַנען. ער גיט מיר אַן אַדרעס צו זיין פאָטער, דאָרט וועל איך זיך קאָנען אַ געוויסע צייט אויפהאַלטן. אַזוי איז טאַקע געווען. איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן ביי זיין פאָטער. פאַר מיין אַרבעט האָב איך גענומען שפייז ווייל מיין פרוי האָט דערוויסנדיק זיך ווו איך געפין זיך, אַרויסגעשיקט איר שוועסטער פון געטאָ איך זאָל איר שאַפן שפייז.

דער הונגער אין וואַרשע איז שרעקלעך גרויס. די אַטמאָספער אָנגע־שטרענגט. אין דאָרף דערגייען קלאַנגען וועגן אויפשטאַנד. איך באַפעל מיין פרוי בראָניע מיט איר שוועסטער זיי זאָלן זען צו קומען צו מיר. דאָס איז געווען אין יוני.

די קינדער פון מיין שוויגער לאה בזשאַזאָווסקע גייען יעדע וואָך אין געטאָ מיט שפייז. אַזוי ציען זיך די טרויעריקע טעג. נישט קיין טאָג און נישט קיין נאַכט. זומער איז געווען לייכטער, ווייל מען האָט זיך געקענט באַהאַלטן צווישן די תבואות.

איך מיט מיין פרוי וואָגלען אַרום און קיין האָפענונג זעט מען נישט. אַזוי ביז עס קומט דאָס יאָר 1943. אַ פריש יאָר מיט פרישע גזירות. די

דייטשן קלעפּן אויס פּלאַקאַטן אין וועלכע עס זאָגט זיך, אַז פאַר באַהאַלטן אַ ייד וועט מען אויסהרגענען די גאַנצע פאַמיליע פון דעם, ביי וועמען מען וועט דעם ייד געפינען, און ווער עס וועט ברענגען אַ לעבעדיקן ייד, ד'ער וועט באַקומען 1 ליטער וודקע און 3 קילאָ צוקער. און דאָ הויבן זיך אָן די אמתע ליידן. קיין שום פּויער לאָזט נישט אויף זיין שוועל קיין ייד. זיי לאָזן אפילו נישט אַדורכגיין אַ ייד דורכן פעלד, מען גיט נישט קיין טרונק וואַסער, ווייל מען האָט מורא עס זאָל נישט דערגיין צו די דייטשן. די לאַגע איז אוממעגלעך איבערצוטראָגן. מיר ווילן זיך אומברענגען, אָבער דאָך איז דאָס לעבן פיל שטאַרקער ווי דער טויט. אפשר, אפשר וועט מען זיך דאָך ראַטעווען ?. מען מוז זוכן נייע וועגן. מיר קומען דאַן אָן אין דאָרף וויעטשאַלקי. דאָרט זענען זייער רייכע פּויערים און איך אַלס שניידער האָב גלייך באַקומען אַרבעט.

אַזוי האָב איך זיך אויפגעהאַלטן אַ גאַנצן ווינטער. עס קומט דער פרילינג און מיר לאָזן זיך אין אַ צווייטן דאָרף. דאָס אַלץ איז אין דער אומגעגנט פון סאָכאַטשעוו. אין דאָרף ביאַלין טרעף איך זיך מיט אַ סך סאָכאַטשעווער יידן: שמואל לייב גאָטהעלף, מיין קוזין הערשל רייטמאַן, טינדל מיט דער פרוי און קינדער, צאַלקע יאַקובאָוויטש מיט די ברידער הערשל שיינוואַלד, יצחק, אַ זון פון זלמן רחטשע סקורניק מיט אַ קליין קינד, פינקאס כהנא — זיי אַלע זענען אומגעקומען שפּעטער דורך די דייטשן אין דאָרף.

איינמאָל, ווען איך האָב געאַרבעט אין דאָרף ביים פּויער, קומט אַריין אַ פּויער מיטן נאָמען זאַיאָנץ, רופט מיך, צוזאַמען מיטן שוסטער מענדל פון וויסקיט, אַרויס און זאָגט אונדז, אַז אַזוי ווי די דייטשן פאָדערן פון זיי אַ קאָנטיגענט פון עסן, פאַרלאַנגט ער פון מיר צוצושטעלן אים אַ געבראָטענע גאַנדז און פון שוסטער 1 ליטער בראָנפן. דאָס מוזן מיר אים צושטעלן יעדן זונטיק, אויב נישט, וועט ער אונדז איבערגעבן צו די דייטשן. מיר באַשליסן באַלד צו אַנטלויפן. צופעליק טרעף איך זיך אָן אויף צאַלקע יאַקובאָוויטש. ער דערציילט מיר, אַז ער געפינט זיך אין סקאָטניקער פאָלוואַרק. קיין עסן פעלט אים נישט, נאָר עס איז אים פּריקרע. ער האָט געהערט, זאָגט ער, אַז אין ביאַלין זענען דאָ פיל יידן. וויל ער אַהין גיין און עמעצן מיטנעמען. הערשל רייטמאַנס זון, יוסף גייט מיט אים מיט.

ביים צווייטן מאָל טרעפן זיך, נאָך אַ שטיקל צייט רעדט ער צו מיר און איך הער נאָר זיין שטים.איך קען אים נישט זען, ווייל איך ליג אויף אַ בוידעם ווו מיין פרוי געפינט זיך פאַרוווּנדעט. יוסף איז געקומען בעטן זיין פינגערל, וואָס ער האָט באַקומען אַ מתנה פון זיין מוטער און ער האָט זיך געבעטן ביים פּויער ער זאָל אים דאָס פינגערל צוריקגעבן, ווייל דאָס

איז אים זייער טייער. עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז יוסף איז אַוועק פון יאַקובאָוויטשן, ווייל ער האָט אים צוגענומען פאַרשידענע ווערט־זאַכן. נאָר דיביידע ברידער יאַקובאָוויטש האָבן שוין מער ניט דער־לעבט צוריקצוקומען אין זייער בונקער אַריין. זיי זענען אומגעקומען פון די דייטשן ווען זיי האָבן זיך ביינאַכט אומגעקערט צו זייער בונקער. דאָס איז געווען אין 1943 יאָר נישט ווייט פון סקאָטניקי.

די צווייטע העלפט פון 1943. די לאַגע ווערט געפערלעך און אויס־זיכטלאָז. קיין שום פּויער וויל מער נישט אַריינלאָזן אויף אַרבעט. עס בלייבט נאָר איין אויסוועג — דער וואַלד.

נישט ווייט פון ביאַלין געפינט זיך אַ געגנט וויסקיטקי. דאָרט איז פאַראַן אַ גרויסער וואַלד, ווו עס באַהאַלטן זיך יידן. צווישן זיי געפינט זיך מיין פרויס שוועסטער, אסתר בזשאזשאָווסקע. אַזוי ווי זי האָט געהערט, אַז אין דאָרף האָט זיך געמאַכט זייער שלעכט, קומט זי צו אונדז און נעמט אונדז אין וואַלד אַריין. מיט אונדז גייט אויך מיט מענדל דער שוסטער פון וויסקיט, ווייל זיינס אַ שוועסטער געפינט זיך אויך אין וואַלד.

שבת, דעם 17־טן יולי 1943 קומען מיר אָן אין וואַלד. ביינאַכט פאַלט אַראָפּ אַ רעגן. אויף איין אָרט מיט אונדז געפינען זיך איינער פון ביאַליסטאָק אָן אַנטלאָפענער, איינער פון טרעבלינקי, פון ראַדאָמסק, וואַרשעווער, וויסקיטער, סאָכאַטשעווער. נאָכן רעגן קומען אָן קריסטן אין וואַלד קלויבן שוואָמען, עטלעכע פון זיי זעצן זיך אַוועק לעבן אונדז. זיי באַדויערן אונדז וואָס מיר לעבן ערגער פון הינט. איך פרעג מיין שוועגערין צי זי קען זיי און זי ענטפערט אַז יאָ, מען דאַרף פאַר זיי נישט מורא האָבן. דער שוסטער מענדל זאָגט צו מיר: „הערשל, ווען היינט איז נישט זונטיק, גיי איך צוריק קיין ביאַלין. מיין האַרץ זאָגט מיר נישט קיין גוטס“.

איך האַנדל אונטער מיט אַ וואַרשעווער וועגן אַ בונקער, ווייל זיי האָבן אַ בונקער מיט שפּייז. פּלוצלונג הערט מען אַ געשריי און שאָסן פון אַ מאַשין־געווער. מיין פרוי הייבט אָן לויפן. איך וויל איר נאָכלויפן אָבער איך זע ווי אַ דייטש שטעלט אָן זיין ביקס. איך וואַרף זיך גלייך אַנידער אין די קוסטעס. אַ טויט־שטילקייט הערשט אַרום. דעם גורל פון מיין פרוי ווייס איך נישט. איך הער טריט. איך באַשליס עפּעס צו טאָן. איך הייב אָן קריכן אויפן בויך, אויף אַלע פיר ביז איך קום אַרויס אין דאָרף נאָוואַ וויעש.

דאָס איז געווען דעם 18־טן יולי 1943. דאָרט האָט מען שוין געוווּסט, אַז אין וואַלד איז אָן ,אַבלאַווע אויף יידן. צומאָרגנס אינדערפרי קום איך צוריק קיין ביאַלין אַליין אַ טרויעריקער און איינזאַמער. די פּויערים גיבן מיר צו מוט, זיי זאָגן, אַז מיין פרוי לעבט. אַזוי איז טאַקע געווען. מיין פרוי, מענדלס שוועסטער און דאָס וואַרשעווער יינגל זענען געבליבן לעבן. מיין פרוי

איז נאָר געוואָרן פאַרוונדעט אין דער לינקער האַנט. דעם 23־טן יולי 1943 טרעף איך זיך ווידער צונויף מיט מיין פרוי. עס איז שווער צו באַשרייבן אונדזער צונויפטרעף. חוץ מיין פרוי זענען אַלע געפאַלן.

עס כאַפּט מיך אָן אַ פאַרצווייפלונג. מיין פרוי באַקומט היץ. די ווונד איז אָפן. נישטאָ קיין אָרט ווו זי אפילו אָוועקצולייגן. איך באַצאָל אַ פויער געלט און ער דערלויבט מיר מיין פרוי אַוועקצולייגן אין אַ קאַפּיעץ פון קאַרטאָפל. דאָ איז דער ווילגאַטש געווען גרויס און דער פיבער איז געוואָרן נאָך גרעסער. איך בעט דאָן דעם פויער ער זאָל מיר דערלויבן מיין פרוי אַרויפנעמען אויפן בוידעם פון שטאַל, ווייל דאָרט איז טרוקענער. די פרוי פון פויער ברענגט פאַרשידענע בלעטער און די ווונד פאַרהיילט זיך.

עס זענען נאָך געווען פיל שווערע טעג אין אונדזער ביטערער דער־וואַרטונג, ביז ענדלעך האָבן מיר זיך דערוואַרט: דעם 17־טן יאַנואַר 1945 האָט די רויטע אַרמיי אַריינגעמאַרשירט אינעם דאָרף.

אין עטלעכע טעג אַרום פאָרן מיר קיין סאָכאַטשעוו ווו מיר טרעפן נאָר איין פאַמיליע פינטשעווסקי.

אין יאָר 1951 קומען מיר אָן קיין ארץ ישראל.

**אסתר שהם**

# דערמאָן מיך-געדענק

שטייט אַ ייד ביים אָפענעם ספר
אין ישראלס גרעסטער טומלדיקער שטאָט,
ס'איז זיין זכות צו לויבן דעם באַשעפער —
דעם געבער פון לעבן און לעבנס-געבאָט.

ער הייבט-אָן פאַר די ברכה די ווערטער
זיי בלייבן אים שטעקן אין מויל;
ער זעט אַ געשטאַלט קומט-צו אַלץ נענטער
ער קוקט — עס באַפאַלט אים אַ גרויל!

ס'איז אַ מת אין ווייסן געהילט
ער פלאָטערט צו אים מיט דער האַנט,
ער קוקט — זיין בלוט ווערט פאַרקילט
דער מענטש — ער איז אים באַקאַנט!

„דו דערקענסט — נישט שרעק זיך פאַר מיר"
די ווערטער שטיל גרייכן אים אָן,
כ'בין קיין קרוב, דאָך בעט איך ביי דיר
אַ חסד — דעם לעצטן — פאַר מיר טאָן:

פון מיינע אייגענע, מיינע טייערע, ניטאָ קיינער
אַ קדיש — אַ יאָרצייט צו האַלטן;
דער מערדער ניט געלאָזן ס'זאָל זיין כאָטש איינער
דורך טרערן די הימלען צו שפּאַלטן.

כל־זמן דאָס שטעטל געדענקסטו נאָך
די מענטשן, דאָס לעבן, אַלץ צוזאַמען;
כל־זמן דער נעכטן אין דמיון איז וואַך —
פאַרשרייב, פאַרשרייב און טו ניט פאַרזאַמען.

זאָל דאָס יזכור־בוך מיין מצבה זיין
זאָלן די בלעטער אַמאָל ווערן פאַרטרערט;
זאָלן זיי אויסשרייען דעם גרויסן געוויין
וואָס די וועלט, די טויבע, האָט ניט דערהערט.

פאַר קומענדיקע דורות וועט בלייבן דאָס בוך
ווי פאַרשריבן ס׳איז די רציחה — די שרעק;
ניט לאָזן מאַכן דעם קלענסטן פאַרזוך
פארדרייען דעם אמת — ס׳א היילקער צוועק!

מיין לעצטע בקשה, איך בעט: ניט פאַרגעס!
דער שוועבט איצט איבער די בענק
און פון דעם אויג עס פאַרשווינדט דער מת
מען הערט נאָר: „דערמאָן מיך, געדענק!"



טרעבלינקע

צבי טאבנפעלד

# זכרונות פון דער באהעלטעניש

ביים אויסברוך פון דער מלחמה האָב איך זיך געפונען אין ווארשע. איך האָב זיך באטייליקט אין דער פארטיידיקונג פון ווארשע. פון אַ קאָמפּאַניע וואָס האָט געציילט 224 זעלנער — זענען געבליבן 21. דאַן בין איך אריינגעפאלן אין געפאַנגענשאַפט און בין אָפּגעפירט געוואָרן קיין לוויוויטש. זייענדיק דאָרט 6 טעג, איז מיר געלונגען צו אנטלויפן קיין סאָכאַטשעוו.

איך האָב געטראָפן די גאנצע משפחה וווינען צוזאמען אין א קליין צימערל. די בעקעריי איז באזעצט געווען פון אַן ארבעטער, וואָס האָט ביי אונדז געארבעט 14 יאָר. ער האָט אונדז אפילו נישט צוגעלאָזט צו דער ארבעט, טענהנדיק, אז ווי לאנג די דייטשן וועלן זיין אין פוילן האָבן מיר קיין שום רעכט נישט. געפינענדיק זיך שוין אין געטאָ, האָבן מיר געעפנט א שותפותדיקע בעקעריי, וואָס האָט אנגע־האלטן צוויי וואָכן און שפּעטער זענען מיר ארויסגעטריבן געוואָרן קיין ווארשע צו־זאמען מיט אלע יידן.

אין ווארשע זענען מיר געבליבן אָן שום מיטלען, און דאָס לעבן איז געווען אומגעהויער שווער. נישט האָבנדיק קיין ברירה, האָב איך מיט מיינע ברידער זיך פארשריבן צו פאָרן אויף ארבעט אלס בעקער קיין כרוביעשאוו לובעלסקי, צום מיליטער. די ארבעט האָט אונדז געגעבן די מעגלעכקייט זיך אויפצוהאלטן, און אויך צו שטיצן די עלטערן. דאָס האָט אנגעהאלטן 8 מאָנאַט. פילנדיק, אז די סכנה פון אויסזידלונג לויערט אויף אונדז, האָב איך באשלאָסן צו פאָרן קיין ווארשע. די ברידער זענען אָבער נישט מסכים געווען און געבליבן אין כרוביעשאוו. מיט ניסים בין איך אנגעקומען קיין ווארשע.

איך האָב מיר געטראכט און געהאָפט, אז מען וועט נישט אומברענגען אַ גאַנצע שטאָט מיט יידן. אין צוויי טעג ארום האָב איך זיך טעלעפאָניש פארבונדן מיט כרוביעשאוו און מיין באקאנטער, ב ר א נ ד, האָט מיר איבערגעגעבן, אז מען האָט ארויסגעשיקט אלע יידן. דאַן האָב איך זיך פארשריבן צו די דייטשן אויף ארבעט, ווייל דאָס האָט מיר געגעבן א מעגלעכקייט ארייַנצושמוגלען א ביסל פּראָדוקטן פאר די עלטערן, פאר מיין שוועסטער און דער משפחה לעווקאָוויטש. אזוי האָב

איך אָפּגעאַרבעט 7 מאָנאַט, ביז עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אַזוי גערופענע „לאַפּאַנ־קעס" (כאפּעריי), וואָס האָבן אָנגעוואָרפן אַ פּאַניק. איך האָב געאַרבעט מיט נאָך אַ גרופּע אויפן פלי־פּלאַץ אין אָקענטשע. מיר האָבן אויסגעפועלט, אַז עס זאָל אונדז דערלויבט זיין זיך אויפהאַלטן אויפן אָרט, כדי אויסצומיידן דאָס קומען אין געטאָ.

אין יאָר 1939 זענען מיר, 4 יונגע בחורים, געלבשטיין, יאַשונסקי (בענדעטס זון), בעריש קאַץ (אהרנס זון), מאיר בלומענטאָלס יונגסטער זון — לויט דער אויפפאָדערונג פון יודנראַט — אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף אַרבעט קיין לובלין. פון דאַנען האָט מען אונדז אַוועקגעשיקט קיין פּראַש־ניק, לעבן דער רוסישער גרענעץ. מיר האָבן געוווינט אין צעבראָכענע באַ־ראַקן, צוזאַמען מיט טויזנטער יידן, אין שוידערלעכע באַדינגונגען. די באַראַקן זענען געווען אָן טירן און אָן פענצטער. איינער איז געלעגן אויפן צווייטן. דאָס עסן איז באַשטאַנען פון אַ ביסל וואַסערדיקע זופּ. אַ סך זענען קראַנק געוואָרן, און יעדן טאָג זענען הונדערטער יידן אויסגעשטאָרבן. נאָך פיר טעג האָט יאַשונסקי



בעריש לעווקאָוויטש מיט זיין פרוי גיטל (פון דערהיים טאַבנפעלד)

באקומען א שווערע דיזענטעריע, און דורך פראַטעקציע האָט מען אים איבערגעלאָזט אין באראק, אָבער אויף צומאָרגנס איז ער געשטאָרבן.

בעריש קאַץ האָט אויסגעארבעט א פלאַן צו בלייבן אין די אקאפעס און ביינאכט אריבער צו די רוסן. צי דער פלאַן איז אים געלונגען ווייס איך נישט. איך בין אנטלאָפן פון לאגער אפזייענדיק דאָרט 10 טעג. איך בין געגאנגען פון שטעטל צו שטעטל, פון דאָרף צו דאָרף, און אזוי זיך דערשלעפט ביז סאַכאַטשעוו.

אין אקענטשע בין איך קאַשירט געוואָרן דורכן דייטשן מיליטער, וואָס האָבן אונדז ארומגעצאמט מיט דראָטן. יעדן פרימאָרגן, 7 אזייגער, האָט מען אונדז געפירט צו דער ארבעט.

דאָ האָב איך זיך צופעליק באקענט מיט איינעם, וואָס איז געווען באפריינדעט מיטן אָנפירער פון אונדזער ארבעט און אויסגעפועלט ביי אים, אז ער זאָל עפענען א קאנטינע, פון וועלכע מיר, מיט נאָך צוויי מענטשן, זענען געוואָרן די פירער. מיר האָבן געזאָרגט צו לינדערן די נויט. מענטשן האָבן דורך אונדזער פארמיטלונג פארקויפט פארשידענע זאכן. אזוי ארום האָב איך אנגעקניפט פארשידענע פארבינ־דונגען, צווישן זיי מיטן קריסט יוזעף ק א ל ע ט א, וועלכער האָט מיר צוגע־זאָגט הילף.

אין 1943 ווען די לאגע איז געוואָרן אלץ ערגער און ערגער, האָב איך באשלאָסן זיך אויסצובאהאלטן. כ׳האָב ארגאניזירט א גרופע פון 17 מענטשן, און דאַן זיך געווענדעט צום אויבנדערמאָנטן קריסט. מען האָט איינגעאָרדנט צוויי קעלערס מיט א פאַרמאַסקירטן אַריינגאנג און געצאָלט חודש־געלט. אין דעם בונקער האָבן מיר אויך איינגעאָרדנט א קיך. נאָכן אפזיין א חודש אין בונקער האָבן מיר געהערט, אז מען האָט דעם גאַנצן לאַגער אוועקגעפירט אין פאַרניכטונגס־לאגער בעלזשעץ. אָפזייענדיק 3 חדשים אין בונקער, זענען מיר אנטדעקט געוואָרן דורך פוילישער פאָ־ליציי. זיי זענען אריין אין בונקער, אונדז געשלאָגן, און באפעלנדיק צו האלטן די הענט אין דער הויך אונדז אַרויסגעטריבן פון בונקער. זיי האָבן פארלאנגט צו 1000 זלאָטעס א חודש פון יעדן פון אונדז, אויב נישט — וועלן זיי אונדז אויסליפערן צו דער געסטאַפּאָ. מיר האָבן צוזאמענגענומען 9 טויזנט זלאָטעס, זיי אַוועקגעגעבן דאָס געלט און געמאָלדן, אז מער האָבן מיר נישט. זיי אָבער, האָבן געפאָדערט דאָס זייעריקע. נאָך זייער אוועקגיין איז אראָפּגעקומען קאלעטע אין בונקער און דער־קלערט אז נאָך די נאכט מוזן מיר פארלאָזן דאָס ארט, אויב נישט — נעמט ער א האַק און האקט אונדז אלע אָפּ די קעפּ...

נאָך זיין אוועקגיין זענען מיר געבליבן פארצווייפלט. מען האָט געוויינט און געיאמערט און נישט געוווסט וואָס מיט זיך צו טאָן. ענדלעך האָבן מיר באשלאָסן, אז 4 פארטאָג וועלן מיר פארלאָזן דעם בונקער. 6 מאַן פון די 18 וועלכע האָבן פארמאָגט געלט, האָבן באשלאָסן, אז זיי קענען נאָך בלייבן. דאַן זענען געקומען „באקאנטע״ אין בונקער אריין, זיי גענומען אין א אויטא אריין און אָפּגעפירט קיין

זשאליבאזש. עס האָט זיך אָבער שפּעטער ארויסגעוויזן, אז דאָס זענען געווען כו־ליגאנעס, וועלכע האָבן זיי גאָר אוועקגעפירט אין וואלד אריין, צוגענומען ביי זיי אלץ, אפילו די שטיוול — און דערשאָסן.

מיר, די איבערגעבליבענע 12 מאַן — זענען פארטאָג ארויס פון בונקער און זיך געלאָזט גיין אין א דאָרף אריין, נישט וויסנדיק דעם וועג. האַבנדיק מיט זיך לאָפּאַטעס האָבן מיר אויף א געוויסן אָרט אויסגעגראָבן אקאָפּעס, אין וועלכע מיר האָבן זיך אויפגעהאלטן א קורצע צייט. עס זענען געווען צווישן אונדז פרויען מיט א קריסטלעך אויסזען, און זיי האָבן אונדז געבראַכט שפּייז. אָבער לאנג האָבן מיר דאָרט נישט געקענט פארבלייבן. באזונדערס האָבן מיר שטארק געליטן פון דער קעלט. מיר האָבן דאַן באשלאָסן צו גיין, ווו די אויגן וועלן אונדז טראָגן.

איך, מיט א געוויסן מנחם פ ע ר א, האָבן זיך געלאָזט גיין אין א דאָרף. אויפן וועג האָבן מיר געטראָפן בעטאָן־רערן, און זיך אין זיי אויסבאהאלטן, טוליענדיק זיך איינער צום צווייטן און ציטערנדיק פון מוראדיקער קעלט. פארנאכט איז אדורכגע־פאָרן א פויער מיט א פור קרויט. אויפן וועג איז אים אראָפּגעפאלן א הייפטל־קרויט. ווען דער פויער איז אראָפּ פון דער פור דאָס אויפהויבן, האָט ער אונדז באמערקט. איז ער גלייך צוגעקומען צו אונדז און געזאָגט, אז ער ווייס, אז מיר זענען יידן. מיר האָבן אנגעהויבן וויינען און זיך ביי אים בעטן ער זאָל אונדז העלפן, אז מיר האָבן א לאנגע צייט נישט געגעסן. דער פויער איז אוועק און אונדז געבראכט א טאָפּ מיט קרויט און ברויט. מיר האָבן באמת נישט געוווסט מיט וואָס אים אָפּצודאנקען, און מיר האָבן געזאָגט איינער צום צווייטן, אז היינט איז ביי אונדז שמחת תורה... אזוי האָבן מיר פארבראכט ביז אין דער פרי. מער אָבער האָבן מיר נישט געקענט אויסהאלטן, ווייל פון די רערן האָט געיאָגט א שרעקלעכע קעלט. דערווייל האָבן קינדער וועלכע האָבן זיך געשפּילט אין פוטבאָל, אונדז באמערקט. זיי זענען מיט פארוווּנדערונג און אויסגעשרייען „יידן זענען דאָ"! גלייך געלאָפן אהיים און דערציילט וועגן דעם אין דאָרף. באלד זענען אנגעקומען 10—12 פויערים, און געזאָגט צו אונדז: „אנטלויפט גלייך פון דאנען, ווייל די דייטשן וועלן נאָך פארברענען דאָס דאָרף, אויב דאָ וועלן זיי געפינען יידן, אויב נישט וועלן מיר אליין גלייך מעלדן די דייטשן".

נישט האָבנדיק קיין ברירה זענען מיר צוריקגעגאנגען צום בונקער. מיין חבר פ ע ר א האָט אנגעקלאָפּט ביים קריסט קאלעטא, און איך האָב זיך אויס־באהאלטן אין קלאָזעט. ער האָט אים געעפנט די טיר און גלייך אים געפרעגט: פעראַ, דו האָסט געלט?". ער האָט אים געענטפערט, אז יאָ. האָט דער פויער אים גלייך אריינגעלאָזט. פערא האָט אים באצאָלט 500 זלאָטעס און אים געזאָגט, אז הערשל טאבענפעלד געפינט זיך דאָ אין קלאָזעט. דער פויער האָט דאַן א רוף געטאָן אויפן קול: „העניעק קום". ער האָט אונדז ארויפגעפירט אויף א בוידעם שטרוי, און מיר האָבן געטראכט, אז מיר זענען געראטעוועט. אויף צומאָרגנס

זענען אָנגעקומען נאָך צוויי יידן. און במשך א פּאָר טעג האָבן זיך צוזאמענגע־קליבן א 10 יידן וועלכע ער האָט אויסבאהאַלטן.

אונדזער לאגע איז געוואָרן א שרעקלעכע. מיר זענען געבליבן אָן געלט. אויספארקויפט אלע מלבושים פון זיך. א נס, וואָס איינער פון אונדז האָט געפונען זיין פרוי אויף דער ארישער זייט. זי האָט געאַרבעט ביי א קאַפּיטאַן פון דער פוילישער אונטערגרונט באַוועגונג. די פרוי האָט זיך דערוווּסט, אז דער קאפּיטאַן באקומט געלט פון ענגלאנד אונטערצושטיצן די פּאַרטיזאַנער און די וועלכע באַהאלטן זיך אויס. א דאנק איר האָבן מיר געהאט א קאָנטאקט מיט דער אויסער־לעכער וועלט.

עס איז א דורך א חודש, און מיר האָבן נישט געהאט מער קיין געלט צו באצאָלן פארן בונקער. דאן האָט אונדז קאלעטא געמאָלדן, אז אויב מיר וועלן אים נישט באצאָלן וועט ער אונדז ארויסוואַרפן. מיר האָבן דאָס דערציילט דער פרוי ג אָ ל ד מ א ן בעת איר באזוך ביי אונדז. אויף צומאָרגנס איז זי געקומען אין באגלייטונג פון נאָך צוויי פרויען פון אונטערגרונט, אונדז איבערגעגעבן 5000 זלאָטעס און צוגעזאָגט, אז יעדער איינער פון אונדזער גרופּע וועט פון היינט אָן באקומען 50 זלאָטעס א חודש. אונזדער פרייד האָט נישט געהאט קיין גרענעץ.

אָבער נישט לאנג האָט געדויערט אונדזער שמחה. זעקס וואָכן נאָכן אָנקניפּן די פארבינדונג מיטן אונטערגרונט, האָבן זיך איינמאָל באוויזן זעקס פוילישע פּאָליציי־לייט אין אונדזער בונקער. „יידן, גיט געלט, אז נישט וועלן מיר אייך אויסגעבן" , האָבן זיי געשריגן און דערביי מערדערלעך געשלאָגן. זיי זענען צו צו מיר, גענומען מיך רייסן און שלאָגן, און מיך פארוואונדעט אויפן גאַנצן קערפּער. דאָס בלוט האָט זיך פון מיר געגאָסן. בלית ברירה האָבן מיר צוזאמענגענומען 1500 זלאָטעס און זיי דאָס אוועקגעגעבן. אָבער זיי האָבן געפאדערט פון אונדז א חודשלעכן אפּצאָל פון 10.000 זל. נישט האָבנדיק קיין אויסוועג, האָבן מיר זיי צוגעזאָגט צו געבן דאָס געלט.

נאָכדעם איז געקומען צו אונדז קאלעטא, און געפאָדערט צו פארלאָזן דעם בונקער. מיר האָבן געמוזט פאָלגן זיין באפעל און זענען פארמאסקירטערהייט ארויף אויפן בוידעם, כדי איבערצוּוואַרטן א טאָג און פּטור ווערן פון די כוליגאנעס, וועלכע האָבן געדארפט קומען נעמען פון אונדז דאָס רעשט געלט וואָס מיר האָבן זיי צוגעזאָגט. אזוי איז טאקע געווען. זיי זענען געקומען און נישט געטראָפן אונדז אין בונקער. זענען זיי אריין צו קאלעטאן און אים געפרעגט, ווו מיר זענען. ער האָט פארשטייט זיך, געענטפערט, אז ער ווייסט פון גאָרנישט. זיצנדיק אויפן בוידעם האָבן מיר געהערט דעם גאנצן שמועס, וואָס זיי האָבן צווישן זיך געפירט.

דעם זעלבן אוונט זענען מיר, מיט דער הסכמה פון קאלעטאן, צוריק אראָפּ

אין בונקער. א דאנק דער מיטהילף פון דער אונטערגרונט־באוועגונג האָבן מיר געקענט זיך אויסהאלטן 6 חדשים. אָבער דער גורל האָט געוואָלט, אז פון די זייער שווערע באדינגונגען פון הונגער, שרעק, צרות און פיין, איז די פרוי פון אונדזער חבר מנחם פערא קראנק געוואָרן. קיין דאָקטאר האָבן מיר נישט געקענט קריגן, און נאָך שרעקלעכע יסורים איז זי אין עטלעכע טעג ארום געשטאָרבן. מיר האָבן זי קובר געווען אין בונקער.

אזוי איז אונדזער לעבן ווייטער אנגעגאנגען ביזן סוף פון דער מלחמה.

אין יאנואר 1945 זענען מיר באפרייט געוואָרן דורך די רוסן. ארויסגענומען פון בונקער האָט מען אונדז אלע צעבראָכענע, קראנקע. איך האָב נישט געקענט גיין. קוים זיך געשלעפט, אנגעשפארט אויף א שטעקן. עס איז נישט געווען צו וועמען צו גיין און ווו זיך ווענדן. איך בין אוועק צו פוס קיין ווארשע, און פון דאָרט קיין סאָכאַטשעוו.

אין סאָכאַטשעוו האָב איך געטראָפן א פולשטענדיקן חורבן. קיין צייכן פון יידיש לעבן. דער שטח ווו ס'איז געווען דאָס געטאָ איז אויסגעגלייכט געוואָרן. ווו עס זענען געווען יידישע הייזער — האָט מען פארפלאנצט ביימער, א גארטן מיט בענק. דערנאָך זענען מיר איך און מיין חבר מנחם פערא, אוועק קיין לוויטש, געטראָפן אונדזער בעקעריי גאנץ, און גלייך גענומען זיך צוזאמען צו דער ארבעט. דערנאָך זענען מיר אוועק קיין לאָדזש, און אפזייענדיק דאָרט א שטיקל צייט זענען זיך אונדזערע וועגן צעגאַנגען. איך בין אַוועק קיין ישראל און ער, מיין חבר פערא, קיין אויסטראליע.

**יזקה גראסמאן**

# א בריוו צו די קינדער פון גרונדוואג

אייער בריוו איז אָנגעקומען און איך וועל אייך ענטפערן. פאַרוואָס? ווייל אַזוי איז געווען דער פאַרלאַנג פון אייער פאָטער און מיין פריינט.

זייענדיק אין וואַרשע אין 1942, ווען די גרויסע בלאָקאַדעס זענען געווען, האָט וואַרשע אויסגעזען ווי אַ גיהנום. ס'איז נישט געווען קיין אָרט וווּ זיך צו באַהאַלטן. ס'האָבן זיך געמאַכט שאַפּעס און מען האָט אוועקגעגעבן דאָס לעצטע, כדי מען זאל אריינגעמען צו אַרבעטן פאַר די דייטשן.

עס האָט זיך געמאַכט א שרעקלעכע צייט. טאָג־איין, טאָג־אויס זענען פאַר־געקומען די בלאָקאַדעס. מען האָט אַוועקגערויבט קינדער פון עלטערן און עלטערן פון קינדער. אַלץ איז געגאַנגען קיין טרעבלינקע. צווישן זיי איז אויך געווען אייער ליבע מוטער און שוועסטער אסתר.

עס איז מיר זייער שווער וועגן דעם אייך צו שרייבן, אבער לײדער מוז איך מיין חוב דערפילן — זיי זענען געגאַנגען מיט טויזנטער מענטשן, קיין רעטונג איז נישט געווען פאַר די, וועלכע זענען שוין געווען אויף דעם אומשלאַג־פּלאַץ.

מיר, ד. ה. מיין מאַן און איך האָבן אויך געאַרבעט אין אזא שאָפּ. מיינע צוויי קינדער טאָלע און רענע זענען געווען אין ווישעגראַד. ווען עס האָבן זיך געמאַכט די הייסע טעג, האָט מען איינגעשטעלט זייער יונג לעבן און מען האָט זיי אוועקגעשיקט קיין ווישעגראַד. זייער אַוועקפאָרן קען איך אייך נישט באשרייבן. ווי דאָס הארץ וואָלט מיר געזאָגט, אז איך זע זיי צום לעצטן מאָל. עס איז געקומען אַ שמוגלער, מיר האבן זיך געזעגנט און זיי זענען אַוועק אויף אייביק. כ'האָב נישט געוויינט, נאָר עס האָט פון מיר אַרויסגעשריגן.

בלייבן אין וואַרשע האָבן זיי נישט געקענט, ווייל מען האָט דאַסמאָל גענומען קינדער און אויך מיט זייער אַוועקפאָרן האָבן זיי איינגעשטעלט. וואָס האָב איך געזאלט טאָן? די לאַגע איז געווען אַ שווערע. נאָך לאַנגע מאַטערנישן זענען זיי אוועק קיין ווישעגראַד.

דערווייל איז די לאַגע אין וואַרשע געוואָרן אַלץ ערנסטער און ערנסטער.

טויזנטער מענטשן האָט מען יעדן טאָג אַוועקגעשיקט און טויזנטער קרבנות זענען געפאַלן יעדן טאָג. מען האָט באַגראָבן מענטשן לעבעדיקערהייט, אָדער אַלטע לייט האַלב־דערשאָסענע — באגראָבן. די שטאָט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שעכט־הויז.

די ריי איז געקומען אויך אויף אונדז, ד. ה. די שאָפּ־מענטשן. מיר האָבן געהאַט גוטע בונקערס. די בונקערס זענען געווען אונטער דער ערד, וווּ מען האָט קיין ליכטיקע שיין נישט געזען. קיין ליכט, קיין לופט, קיין עסן און קיין טרינקען. מיר האָבן נאָר געהערט פון דרויסן שיסערייען, געשרייען, לויפן און האַקן שלעסער. עס האָט אויסגעזען שרעקלעך. אַזוי האָבן מיר געלעבט טעג, וואָכן און חדשים.

אייער פאָטער האָט אויך געאַרבעט אין דער זעלבער שאָפּ וואָס מיר. ווען עס איז געווען רואיק, האָט ער געגעסן ביי מיר מיטאָג. זיין לעבן איז געווען צע־בראָכן. כ'האָב צו אים געזאָגט: „נחום, זיי נישט אַזוי פאַרצווייפלט. עס איז פאַר־פאַלן. אָדער אפשר לעבן זיי"? אויף דעם האָט ער געהאַט איין ענטפער: „איך האָב נישט רבקה מיט אסתרן, האָב איך קיין לעבן נישט. איך בין שוין אַלט און צעבראָכן. געדענק, אַז ווען מען וועט מיך אַוועקנעמען פון דער בלאָקאַדע, זאָלסטו געדענקען דאָס לעצטע וואָס איך בעט דיך: זאָלסט מיר שרייבן דריי בריוו: דעם ערשטן צו יאָסלען, קיין ארץ־ישראל, דעם צווייטן צו מאַניען קיין רוסלאַנד און דעם דריטן זאָל זיין קיין אמעריקע צו משה שוואַרץ. דו זאָלסט באַשרייבן אונדזער פיין, אונדזער טראַגיש לעבן. זאָלן זיי נעמען נקמה פאר זייערע עלטערן, שוועסטער און ברודער און משפחה". איך זאָג צו אים: „פאַרוואָס זאָלסטו אַזוי רעדן? און איך וועל דען נישט גיין? מיר וועלן דאָך אַלע גיין דעם זעלבן וועג". זאָגט ער: „ניין, איך בין שוין אַלט און צעבראָכן מיט געשוואָלענע פיס, דו האָסט מער שאַנסן צו בלייבן לעבן. ווי גערן — זאָגט ער — וואָלט איך נאָך געוואָלט כאטש איינמאל זען מיינע קינדער און דערנאָך רואיק שטאַרבן! עס איז אַזוי שווער צו זיין אַליין! ווו איז מיין ווייב מיט מיין קינד?"

דאָס האַרץ פּלאַצט פאַר בענקשאפט. די אויגן טריקענען נישט. כ'האָב קיין טרייסט־וואָרט פאַר אים.

אין אייניקע טעג שפּעטער, נאָך אַ גרויסער בלאָקאַדע, האָט מען מיר מיין לעצטן חבר, מיין לעצטן פריינט אויך צוגערויבט! נחום, ווו ביזטו? אַלץ איז שוין אַוועק! ליפּמאַן, אהרן קאַהן, מחלה, מאַניע קנאָט און אזוי ווייטער און ווייטער.

איך מיט מיין מאַן קענען קיין וואָרט נישט אויסרעדן. עלנט, אַליין, כ'קאָן מיך נישט באַהערשן. איך וויין גאַנצע טעג. ווו זענען מיינע נאָענטע? אַלץ האָבן איינ־געשלונגען די קרעמאַטאָריעס פון טרעבלינקע, מאַידאנעק און אָשוויענטשים.

און פּלוצלונג אַ בריוו פון מיינע קינדער: „מיר פאָרן אָפּ אין טראַנספּאָרט, וווהין, ווייסן מיר נישט. לאָמיר האָפן, אז מיר וועלן זיך נאָך זען" — — —

יעצט פאַרשטיי איך שוין גוט ווו מיינע קינדער געפינען זיך. צוזאַמען מיט מיינע

שוועסטערן, ברודער, אַלע יידן, אַלץ גייט קיין אָשוויענטשים. דער וועג איז מיר שוין גוט באַקאַנט. אַלע וויסן גוט וואָס עס טוט זיך אין דעם טויטן־לאַגער אָש־וויענטשים — — —

כ'קען יעצט מער נישט שרייבן, ווייל מיין האַרץ פּלאַצט. די אויגן פּאַרגאָסן מיט בלוט. כ'האָב שוין מער נישט קיין טרערן.

ווידער זענען אַדורך עטלעכע טעג און איך שרייב ווידער. יעצט איז געקומען די ריי אויף אונדז. מיר ליגן אַזוי אין די בונקערס, הערן מיר, אַז וואַרשע מוז זיין ידן־ריין, און אַלע מוזן אַרויס. אַזוי ווי מייז פון די נאַרעס זענען מיר אַרויס און מען פירט אונדז אויף דעם באַרימטן אומשלאַג־פּלאַץ אויף נאַוואַליפּקי. ביז צום אומשלאַג־פּלאַץ, שטייען איןביידע זייטן מאַשין־געווער. די גאַנצע געגנט ברענט. מען טראָגט כסדר פאַרברענטע מענטשן. מען שיסט, מען שלאָגט. מען הרגעט. דער רויך שטיקט. מען קען נישט דעם אָטעם כאַפּן. יעצט זעט מען, אַז דאָס איז דער אָנהויב פון אונדזער סוף!

מיר קומען שוין אויפן אָרט וווּ טויזנטער מענטשן וואַרטן שוין פאַר אונדז. עס איז נישט צו שילדערן דאָס בילד, ווי גאַנץ וואַרשע פּלאַקערט. יעדער מינוט קומען צו שוואַרצע, פאַרברענטע קערפּערס. מען שיסט, מען הרגעט און מען נעמט צו אַלץ וואָס מען האָט. מיר לעבן איבער שרעקלעכס. ביז מען פּאַקט אונדז אין וואַגאָנען. מען שטיקט זיך. מען לעקט די פאַרשוויצטע ווענט פון די וואַגאָנען. מענטשן שטאַרבן, ווערן דערדישעט, מענטשן שטיקן זיך און מען פאָרט אַלץ ווייטער און ווייטער, ווו־א־הין? — — —

מאַידאַנעק, אָשוויענטשים. עס עקבערט אין מוח. מיר באַדויערן, פאַרוואָס האָבן מיר זיך נישט באַזאָרגט מיט סם אַזוי ווי אַנדערע. מיר זענען מקנא די וועלכע האָבן מיט זיך סם און מאַכן אַ סוף צו זייער לעבן.

אַזוי פאָרן מיר טעג און נעכט. עס זעט אויס ווי אייביקייטן. אין די וואַגאָנען זענען שוין מערסטן טייל טויטע. די לעבעדיקע זענען כמעט אויך ווי טויט. מיט די לעצטע כוחות זאָגט מיין מאַן: „האַלט זיך, אפשר וועט מען פאָרט איבערקומען". ער אַליין רעדט שוין מיט די לעצטע כוחות. אַזוי שלעפּן מיר זיך ווייטער און מען בלייבט שטיין. ווו זענען מיר? אין מאַידאַנעק!

„אויסשטייגן"! עס ווערט פינצטער אין די אויגן! עס רוישט אין קאָפּ און מען וואַקלט זיך אויף די פיס. אַרום זעט מען אַ שוואַרצע מאַסע פון מענער, וועלכע וואַרטן אונדז אָפּ מיט שטעקנס, פּולעמיאָטן. מען שטעלט אונדז אויס צו 5 אין אַ ריי און מען הייסט אונדז גיין. געשלאָגענע, קראַנקע, האַלב פאַרוואונדעטע — אַלע מוזן גיין. ווו גייט מען??? אַלע ווי איינער זאָגן אין דער שטיל: אין די גאַז־קאַמערן...

כאָטש אַלע זענען שוין האַלב־טויט, און דאָך ווייל קיינער נישט שטאַרבן מיט אַזאַ שרעקלעכן טויט. מיר גייען און ציטערן. מענטשן, וועלכע האָבן נאָך זייערע

קינדער אויסבאַהאַלטן בשעת דער סעלעקציע אין די רוק־זעק און האָבן געמיינט, אז זיי וועלן זייער יונג לעבן קענען אָפּראַטעווען, האָבן זיי פאַרלאָרן און צעטרעטן מיט די פיס.

פלוצלונג אַ באַפעל: שטיין בלייבן! מיר בלייבן שטיין, מען טיילט אָפּ — מענער רעכטס און פרויען לינקס. איך מיט מיין מאַן געזעגענען זיך. מיר ווייסן שוין ווו מיר גייען. מיר גייען דאָ ווו אונדזערע קינדער און נאָענטע זענען געגאַנגען. מיין מאַן זאָגט, אז ער וועט רואיק שטאַרבן. עס בעט, איך זאָל אים אונטער־האַלטן און ער גייט רעכטס, איך לינקס. עס איז א פינסטערע נאַכט. אפילו די לבנה האָט זיך באַהאַלטן. זי קען נישט זען אונדזער פּיין. מיר גייען און גייען אַן אויפהער. מען שרייט, מען וויינט, ביז מען קומט אויפן טויטן־פּלאַץ, ווו די מענער האָבן שוין אויף אונדז געוואַרט. אונדזער פרייד וואָס מיר האָבן זיך ווידער געטראָפן מיט די מענער איז נישט צו באַשרייבן. מיר ליגן ווי אויף הייסע קוילן. מיר ווייסן, אַז דאָס איז די לעצטע נאַכט. מיר האָבן אזויפיל זיך צו זאָגן, אָבער מיר זענען שטום. דאָס וואַרטן אויפן טויט איז שרעקלעך! נאָך שרעקלעכער ווי דער טויט — — —

עס ווערט שוין אַ ביסל ליכטיק. מען זעט פון ווייטנס קומען שוין אַן אונדזערע מערדערס. מען הייסט אַלע אויפשטיין. מען שטעלט אונדז ווידער אויס צו 5 און ערשט איצט הייבט זיך אָן די טראַגעדיע. מען טיילט אָפּ — מענער באַזונדער, פרויען באַזונדער און קינדער באַזונדער. מען רייסט אַוועק קינדער פון די מוטערס, מען שלאָגט און מען שיסט. מוטערס זענען זיך מקריב. עלטערע שיסט מען באַלד אויפן פּלאַץ. יונגערע, וועלכע זענען נאָך ארבעטס־פעאיק לאָזט מען דערווייל לעבן. דער מאָמענט פון צעשיידן זיך איז שרעקלעך. טויזנטער מענטשן זוכן איינער דעם אַנדערן. מען זוכט נאָענטע. איך נעם נישט אַראָפּ די אויגן פון מיין מאַן. כ׳וויל זען צו וועלכער קאַטעגאָריע ער געהערט. צום לעבן אָדער צום טויט. כ׳קאָן עס אָבער נישט באַמערקן. אונדזערע אויגן באַגעגענען זיך. מען ווינטשט זיך פון דער ווייטנס זיך נאָכאַמאָל צו זען און מען גייט זיך פאַנאַנדער.

איך וועל שוין מער נישט שרייבן וועגן מיין לעבן אין אָשוויענטשים און מאַידאַנעק. דאָס גיהנום און די טאָרטורן וואָס איך האָב אַדורכגעמאַכט. היינט ווייס איך נאָר איינס, אַז איך בין אין סאָכאַטשעוו איינע אַליין. קיין קינד, קיין מאַן, אַלץ איז ווי אַ שווערער חלום. ווי שרעקלעך איז מיין לעבן. פון מיין גאַנצע פאַמיליע, וועלכע האָט געציילט 36 פּערזאָן בין איך איינע אַליין געבליבן. דאָס אַלץ וואָס איך האָב אַדורכגעמאַכט אין די לאַגערן איז גאָרנישט אנטקעגן היינט. היינט איז מיר פיל ערגער. ווו איז מיין היים? מיינע קינדער, מיין מאַן. איך הער נישט מער „מאַמע". דאָס האַרץ פּלאַצט. דער קאָפּ קלאַפּט. מיינע אויגן זענען אויסגעטרוקנט. מיין טאָלע וואָלט יעצט אלט געווען 18 יאָר און רענע 16. ווי קאָן מען לעבן? און דאָך לעבט מען. כ׳לעב מיט דער פאַרגאַנגענהייט. די נאַכט איז

מיר גוט, ווייל כ׳זע דאן מיינע קינדער. מיין לעבן איז איין שטיק ליידן. כ׳בין עלנט, אליין. אויף וואָס האָף איך? יאָ, דאָס איינע, כ׳האָב אַ שוועסטער אין אמעריקע, אָבער איך האָב נישט פון איר דעם אַדרעס. אפשר וועל איך זיך מיט איר נאָך אמאָל קענען זען. אויך אַ שוואָגער האָב איך אין ישראל, אין תל־אביב אָדער ירושלים. ער הייסט אייזיק סאַפּאָזשניק פון ווישעגראָד. כ׳וואָלט גערן געוואָלט אוועק פון סאָכאַטשעוו, ווייט, ווייט, מעגלעך וועט מיין האַרץ נישט זיין אַזוי צעבראָכן. כ׳וואָלט גערן געוואָלט אוועק פון דאַנען, כדי כ׳זאָל קענען פאַרגעסן. טוט פאר מיר וואָס איר וועט קענען.

מרדכי געבירטיג

# אין געטא

גלייך ווי די טריט אויף אַ זאַמדיקן וועג
פון מחנות פארמאטערטע קנעכט,
ציען אין געטאָ זיך אונדערע טעג,
אונדזערע שלאָפלאָזע נעכט...

ציען די שעהען זיך שווערער ווי בליי
מינוטן פול אימה און שרעק,
בעט מען, דער טאָג זאָל כאָטש זיין פאַרביי,
די נאַכט זאָל בשלום אוועק.

שלאָפט מען נישט גאָר, נאָר מען האָרכט און מען וואַכט,
פאַלט עפּעס שרעקלעכעס איין,
אויף ועמען וועט פאַלן דער גורל די נאַכט,
זייערס אַ קרבן צו זיין...

ליגט מען אַזוי און די אימה איז גרויס
הערנדיק סקריפּען אַ טיר,
ציטערט דאָס האַרץ ווען פון הונגער אַ מויז
גריזשעט אַ שטיקל פּאפּיר.

שטאַרבט אָפּ איין אבר ווען ס׳טראָגט זיך אַרום
אין הויף מיט פּאַפּירלעך דער ווינט,
געזעגנט מען זיך אָן שום לשון, ווי שטום —
מיט מאַמעס, מיט ווייב און מיט קינד.

און אַזוי ליגט מען, אין אימה און שרעק,
געיאָגט און דערנידעריקט ווי קנעכט —
און אַזוי ציען זיך אונדזערע טעג,
אונדזערע שלאָפלאָזע נעכט.

ה. לייוויק

# ציפער—טויזנטער, מיליאנען

ציפער — טויזנטער, מיליאָנען,
אַלע וועגן זיי פאַרפולן,
איינסן — און נאָך זיי קאָלאָנען
נולן, נולן, נולן, נולן.

אַלע לייבער נעמען פרירן,
אַלע שוואַרצאַפּלען פארגייען,
ווען אן איינס הייבט אָן מארשירן
מיט די לאַנגע נולן־רייען.

אויס מיט תוך און אויס מיט פורעם,
אויס מיט פולקייטן פון זאַכן,
ווען די נולן אין איין שורה
שפאַנען איבער פוסטע שליאַכן.

וואַלד — אָןביימער, שטאָט — אָן הייזער,
ערד — אָן הימלען און אָן געטער,
טויטע ליגן אַלע ווייזער
אויף די פלאַכע ציפערבלעטער.

אויך די ציפער פון די שעהן
לאָזן זיך אין טאַנץ, אין דולן,
שרייען, קראַקען ווי די קראָען
נאָכן מאַרש פון נולן, נולן.

יצחק טילמאן

# וואס האב איך געזען און געהערט אין סאכאטשעוו אין 1939

איך בין באפרייט געווארן דעם 27.11.1939 אלס פוילישער געפאנגענער זעלנער אין שפיטאל ראווא־מאזאוויעצקא. געפארן בין איך דורך סקערניעוויץ. ווי נאר איך האב געשטעלט מיינע פיס אויף דער סטאציע סאכאטשעוו, האב איך גלייך געפילט דעם נאצישן רעזשים. זייענדיק אלס געפאנגענער און געפינענדיק זיך אין די הענט פון די דייטשן, האט דאס אויף מיר נישט געמאכט אזא שווערן איינדרוק ווי זייענדיק אלס באפרייטער זעלנער, און אט האב איך געפונען סאכא־טשעוו אין אזא צושטאנד:

ביז צו דער גימנאזיע איז גארנישט געווען צו דערקענען די רואינירטע הייזער. דאס ערשטע וואס איך האב דערזען פון ווייטנס (ווייל צוגיין נאענט איז נישט דערלויבט געווען — דארט האבן זיך געפונען דייטשן). אויפן בית־הקברות איז כמעט נישט געווען צו זען קיין מצבות. אויב מען האט שוין יא געזען א מצבה, איז דאס געווען א צעבראכענע, צעקרישלטע. פון דעם הויז פון שרה אייזמאן זענען פארבליבן נאר די פארברענטע צעפאלענע ווענט. דער פלאץ פון שרה אייזמאנס ברעטער־סקלאד — קיין זכר נישט געווען. דאס זעלבע פון האלץ־סקלאד פון דייכוס אייזנבערג. אינעם הויז ווו די ביבליאטעק איז געווען, ווינען דייטשן, ימח שמם. דאס הויז פון דעם גוי זווירזשכאווסקי — חרוב. דאס הויז ווו עס האט געווינט דער רב פערקאל איז צעשטערט. אלץ חרוב געווארן. די „יבנה"־שול צוזאמען מיט דער שול און בית־המדרש זענען פולשטענדיק צעשמעטערט געווארן. דאס הויז ווו ס'איז געווען די קהילה און לעבן די פוילישע פאלקס־שולן און קאשטשאל — אלץ חרוב געווארן. אויך דאס הויז ווו מיר האבן געווינט — חרוב.

ביי טויבענפעלד אין בעקעריי האט געארבעט א פוילישער ארבעטער קאלסקי, האט ער אלעמען פארטריבן און האט געזאגט: "יעצט איז די צייט זיך נוקם צו זיין אין די יידן". איר וועט איצט מוזן מיר צאלן דירה־געלט, ווער עס וויל קען ביי מיר ארבעטן אלס ארבעטער".

איך האב זיך נאכגעפרעגט אויף מיינע חברים גוטגלאס, האלצמאן, פערשטענ־בערג, האט מען מיר געזאגט, אז זיי זענען אוועק קיין ביאליסטאק.

צומאַרגנס בין איך אַרויס אין שטאָט זען וואָס עס הערט זיך בכלל. קיין איינער פון די חברים וואָס זענען נאָך פאַרבליבן אין שטאָט האָט נישט געוואָלט גיין מיט מיר, ווייל איך האָב געטראָגן די מיליטערישע קליידער. בין איך אליין אַוועק אין גאַס. ווי איך בין אזוי געשטאַנען, הער איך א געשריי און א געלויפעריי פון די יידן. גלייך זענען אויסגעוואַקסן אַרום מיר יונגע פוילישע בחורים און שרייען: „היער איז אַ יודע!" איך ענטפער זיי: „יאָ, איך בין א זשיד!" זיי האָבן מיך גלייך אַריינגעכאַפּט אין צימער פון אַ דייטשן ס. ס. מיט די שוואַרצע קליידער, און ער פרעגט מיך, „דו ביזט א יודע?" — יא — ענטפער איך. פאַרוואָס ביזטו נישט אנטלאָפן, נאָר שטיין געבליבן? איך ענטפער: איך בין אַ פאַרוואונדעטער פוילישע זעלנער, איצט פון קראנקן־הויז. די דייטשן האָבן מיר באַלד געמאַכט אָרט צום זיצן און מיך ווייטער געפרעגט: פאַרוואָס איך טראָג נאָך די מיליטערישע קליידער? איך ענטפער אים: ווייל איך האָב נישט קיין אַנדערע.

די פוילישע יונגע אַנטיסעמיטן הייבן אָן פילדערן און שרייען און פאָדערן איך זאָל גיין מיט זיי. איינער ציט אויס די האַנט און וויל מיך שלאָגן. דאָס איז געווען דער ערשטער קבלת־פנים פון די פוילישע ברידער, וואָס איך בין געגאַנגען פאַרגיסן מיין בלוט און געבן דאָס לעבן פאַר זייער פאָטערלאַנד.

נאָכדעם בין איך אַוועק אין מאַגיסטראַט זיך מעלדן. ווי נאָר איך האָב זיך געמאָלדן ביים באַאמטן קראַנץ, ימח שמו, עפנט ער אויף זיין מויל אויף מיר מיט זידלערייען און ווי איך וויל אים ענטפערן, לאָזט ער מיר נישט און שרייט אויס: „שוויַג זשיד! דאָן זענען אַריינגעקומען געסטאַפּאָוועס און מיך מכבד געווען מיט „הונטישער יודע" און מיך געפרעגט פארוואס איך טראג מיליטערישע קליידער. איך האָב געוויזן מיין אויסווייז און געפאָדערט צו רעדן מיטן בירגערמייסטער. זיי האָבן מיך באלד אריינגעפירט צו אים. ביים בירגערמייסטער האָב איך געטראָפן זיין געהילף פראוזע וואָס האָט נאָך ביי אים געאַרבעט פון פאַר דער מלחמה און די יידן האָבן געדארפן פאר אים טאנצן „מה יפית". ער האָט מיך אויפגענומען נאָך „שענער" ווי דער אַנטיסעמיט קראַנץ,מיט שרעקלעכע זידלערייען. איך בין שוין צופרידן געווען, אז ער האָט מיך נישט אַרעסטירט.

דערווייל האָב איך נאָך אלץ געזען דעם חורבן פון דער שטאָט. פון הויז ווו עס איז געווען די אַפּטייק, ביזן הויז ווו ס'האָט געוווינט משה נעלסאָן און אלע הייזער פון מיין פאָטער זענען געלעגן צעשמעטערט ביזן גרונט. נאָר אויף די טראַיאַ־נאָווער (סטאַשיצער), זענען די הייזער געבליבן גאַנץ. אין אַלע הייזער ווו ס'האָבן געוווינט יידן, ווינען איצט קריסטן. אַלע געוועלבער וואָס זענען נישט צעשטערט געוואָרן זענען פאַרכאַפּט פון די פּאָליאַקן. א מישמאַש, יידישע קינדער דרייען זיך ארום אין די גאסן און זוכן זייערע עלטערן, ווינען און קלאָגן, עלטערן זוכן קינדער. ווו עס ווינען יידן הערט מען אַמערסטן יללות און געוויינען. מ'האָט מורא אַרויסצוגיין פון שטוב. קיין ייד זעט מען נישט אין גאַס. יעדן טאָג נייע באַפעלן.

אָט זע איך די פאַראָרדענונג, אַז יעדער ייד מוז טראָגן א מגן דוד אויפן האַנט, אנדערש טאָר ער זיך נישט באַווייזן אויף דער גאַס. איך האָב קיין מגן דוד נישט אָנגעטאָן, ווייל איך בין געגאַנגען אין מיליטערישע קליידער.

איך קאָן אין שטוב נישט איינזיצן און מוז אַרויסגיין אין גאַס. איך זע ווי מען כאַפּט א ייד און זיי גיבן אים 4 סיגאַרעטן מיט איינמאָל צו פאַררויכערן. און ווען ער האָט שוין דאָס געטאָן צווינגען זיי אים נעמען דאָס פייער אין מויל אריין און ווען



משה שוואַרץ בעת זיין באַזוך אויפן סאָכאַטשעווער בית־הקברות — אין יאָר 1949 — ביי דער איינציק גאַנץ־געבליבענער מצבה.
(פון רעכטס: יוסף גרונדוואַג מיט זיין פרוי, מאַיאַ)

די יסורים פון דעם פייער זענען גרויס און ער וואַרפט דאָס אַוועק, באַשיט מען אים מיט טויטע קלעפּ, אַז הימלען האָבן זיך געדאַרפן עפענען. זיי האָבן געכאַפּט א צווייטן ייד, אויסגעשמירט אים דאָס פנים מיט עפּעס א שמירעכץ און ער מוז לויפנדיק אין גאַס שרייען: דאָס האָבן מיך די יידן אזוי אויסגעשמירט! און יעדער איז אים מכבד מיט טויט־קלעפּ. מיר איז פינסטער געוואָרן אין די אויגן פאַר בושה און איך האָב זיך געוואָלט באַגראָבן לעבעדיקערהייט. אַזוי האָב איך פאַרברענגט אין גרויסע ליידן שוין דעם פערטן טאָג אין סאָכאַטשעוו. איך האָב געטראַכט ווי צו ראַטעווען מיינע עלטערן, זיך אַליין, אָבער איך בין אומבאַהאָלפן. אין דעם איז צו מיר געקומען אַ באַקאַנטער, צבי גאָלדבערג, און מיר דערציילט, אַז די גאַנצע משפחה גאָטהעלף, 31 נפשות, זענען געהרגעט געוואָרן אין וואַרשע פון אַ באָמבע אין א הויז אויף אָרלע גאַס.

און וואָס האָט געטראָפן מיט דער גאַנצער פאַמיליע חיים לייב ליבערמאַן, וואָס האָט געוווינט אין שכנות מיט נחום גרונדוואַג? ווען די דייטשן זענען אריין אין שטאָט איז די משפחה אוועק נאָך קאַמפּינאָס, איין זון איז געווען אין מיליטער און דאָרט האָבן זיי זיך געטראָפן מיט די זין. די דייטשן האָבן געכאַפּט די גאַנצע משפחה מיט די זין, גענומען איין זון יהושע, און ער האָט געמוזט אויסגראָבן א קבר, אלע האָבן זיך געמוזט אַוועקשטעלן לעבן קבר און אַזוי האָט מען זיי געשאָסן. ער, יהושע

האָט געמוזט אַלע פאַרשיטן און ווען ער האָט געענדיקט, האָבן זיי אים אַליין דערשאָסן. אָבער ער איז פארוואונדעט געוואָרן און ביינאכט איז ער אַוועק קיין סאָכאַטשעוו.

הערנדיק אזעלכע שרעקלעכע זאכן, האָב איך באַשלאָסן אַנטלויפן צו די רוסן. איך האָב געזוכט א שותף און האָב דאָס פאָרגעלייגט בערגאייזן... האט ער נישט געוואָלט, נאר לוין, דעם שמידטס זון האָט איינגעשטימט. מיר זענען אַוועק קיין וואַרשע, קיין מאַלקין, דאָס איז געווען די גרענעץ. פון מאַלקין קיין ביאַליסטאָק. דארטן האָבן מיר געפונען נחום גרונדזואגס איידעם, מענדל פרידמאַן מיט מאַניען און פרוי סענדער מיט מענדל יאקובאָוויטש, מיט דער פאַמיליע שמואל האָלצמאַן, יוסף גרונדזואַג. איך האָב געהערט אַז אַ סך פון זיי זענען שוין אָפגעפאָרן אויף אַרבעט ווי: פוטער, צבי מיט דער פרוי, נחום טילמאן, אהרן און לייבל פער־שטענבערג מיט דער פרוי און נאָך אַנדערע.

זייענדיק עטלעכע טעג אין ביאַליסטאָק, האָט זיך מיר פארגלוסט וויסן וואָס עס הערט זיך אין אונדזער שטעטל, ווו איך האָב איבערגעלאָזט מיין פאַמיליע, איך בין צוריקגעפאָרן קיין פוילן. קומענדיק צוריק אין שטאָט אריין, האב איך געהערט, אז מען האָט געכאַפּט בני תערובות, און פון יעדער אזא גרופע הרגענען זיי אויס איניקע. איך בין גלייך צוריק אַוועק קיין ביאליסטאָק און פון דאָרט האָט מען מיך געשיקט אין וויטן צפון. אָפזייענדיק דאָרט צוויי יאָר, בין איך געקומען קיין ישראל,

מרים פליישמאַן

# פון די לעצטע טעג
# אין וואַרשעווער געטאָ

אַפּריל 1943:

פון מיין גאַנצער משפחה אין סאָכאַטשעוו בין איך איינע אַליין געבליבן. מיין שוועסטער גיטל מיט איר מאַן וואָלף גאָלדמאַן און זייערע קינדער האָט מען נאָך ביי די ערשטע אַקציעס אוועקגעשיקט — אין 1942. אין דער זעלבער צייט אויך מיין ברודער מלך און מיינע שוועסטער אסתר און רחל מיט זייערע מענער.

אַ געוויסע צייט האָב איך זיך נאָך געהאַלטן צוזאַמען מיט מיינע שוועסטער חיה און גאָלדע. ווען דער מצב איז אָבער געוואָרן אַלץ האָפנונגסלאָזער און עס איז געוואָרן גרויזאַם קלאָר, אַז פריער־שפּעטער דערוואַרט אונדז אַלעמען דער זעלבער סוף, האָבן מיר באַשטימט צו צעשיידן זיך. מיינע שוועסטער, העל־בלאָנדע פרויען מיט אַן אַרישן אויסזען זענען אַרויס פון געטאָ און געפאָרן קיין פּיעטריקאָוו, ווו זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביי גויים אין די אַרומיקע דערפער. ליידער איז פון זיי קיין זכר נישט געבליבן.

צופעליק האָב איך זיך — אין וואַרשעווער געטאָ — געטראָפן מיט מיין קוזין שמאי פליישמאַן, אברהם שלום׳ס זון, וועלכער האָט מיר פאַרגעלייגט, אַז איך זאָל זיך אַריבערציען אויף אָסטראָווסקע 2, ווו ער געפינט זיך מיט זיין ברודער, יצחק, אין די קעלערס פון אַ צעשאָסן הויז. די דאָזיקע קעלערס זענען פאַרבונדן מיט די קעלערס פון די רואינען אזוי, אַז דאָס דאַרף זיין אַ זיכערע „סקריטקע״. איך בין דאָרט אַריבער.

דעם 19־טן אַפּריל ביינאַכט האָט אונדזערס אַ פריינד, אַ יידישער פּאָליציאַנט אונדז מודיע געווען, אַז דאָס געטאָ איז באַלאַגערט מיט שווערע מיליטער־טרופּן. אין גרויס שרעק זענען מיר אַרונטער אינעם בונקער. צוזאַמען זענען מיר געווען 70 פּערזאָן — מענער, פרויען און עטלעכע קינדער. דאָ האָבן מיר געהאַט עלעקטרישע ליכט און אויך וואַסער. לופט האָבן מיר באַקומען דורך אַ רער, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן טונעל.

שוין אייניקע טעג ווי אַלץ ציטערט־אויף פון די שווערע אויפרייסן, וואָס

קומען פאָר אַרום אונדז. מיר ליגן צוזאַמענגעפּרעסט, מורא־האָבנדיק אויפצוהייבן דעם מינדעסטן שאָרך.

אין אונדזער בונקער זענען פאַראַן עטלעכע אונטערוועלט־פּאַרשוינען, וועלכע האָבן מיט זיך געוועך. זיי שפּילן די ראָל פון אונדזערע „באשיצערס”. צווישן זיי איז אויסגעבראָכן אַ שטאַרקער סכסוך וועגן עפּעס אַ טונקעלן ענין און דער באזיגטער, ישראליקל, האָט געדראָט מיט נקמה.

אינדרויסן הערן זיך די שיסערייען און באָמבעס־אויפרייסן גאַנץ נאָענט און אַרום אונדז ברענען די הייזער. נאָך פון נעכטן דרינגט אַריין דורכן רער שטיקנדיקער רויך. די לופט אין בונקער איז שווער צו אָטעמען, די אויגן טרערן, אין האַלדז שטיקט און מיר אַלע שטיקן זיך. ביינאַכט עפענען מיר די געהיימע קלאַפּע, כדי צו כאַפּן אַביסל לופט. מען האָט אויך געוואָלט זען וואָס עס טוט זיך אינדרויסן. פּלוצלינג האָט זיך ישראליקל אַרויסגעכאַפּט פונעם בונקער און איז נעלם געוואָרן. מיר האָבן געהאַט אַ חשד, אַז ער וועט אונדז פאַרראַטן. פאַרטאָג האָבן מיר דערהערט אַ שטאַרקן אויפרייס און די ליכט איז אויסגעלאָשן געוואָרן. מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט אין גרויס שרעק. ביי דער קלאַפּע האָט זיך דערהערט ישראליקס קול: „אָט האָט איר די פאַרניכטונגס־קאָמאַנדע”! אין דעם מאָמענט האָט זיך די קלאַפּע געעפנט און עס האָט זיך דערהערט אַ באַפעל: „הערואוס”! צוזאַמען מיטן געבריל איז אַריינגעפאַלן אין בונקער אַ האַנט־גראַנאַט. עס איז געוואָרן אַ שרעקלעכע מהומה. אין טויט־שרעק זענען מיר אַרויסגעקראָכן פונעם בונקער. די פאַרוווּנדעטע האָבן די דייטשן אַרויסגעשלעפּט אונטער שטאַרקע קלעפּ פון זייערע ביקסן און בייטשן. אַרומגערינגלט פון די באַוואָפנטע דייטשן האָט מען אונדז געפירט צום „אומשלאַגפּלאַץ”. דער גאַנצער וועג איז געווען פאַרגאָסן מיט בלוט. טויטע קערפּערס האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן. מענטשן זענען געשפּרונגען פון די באַלקאָנען און פענצטער און זיך צעשמעטערט אין די ברוקן־שטיינער. אַזוי האָט זיך געצויגן אונדזער יסורים־וועג ביז צום אומשלאַגפּלאַץ. דאָרט האָבן מיר געטראָפן גרויסע מאַסן פון יידן אַרומגערינגלט פון אוקראַינער. די גרויזאַמקייט פון די אוקראַינער איז שווער צו באַשרייבן. זיי האָבן אונדז אונטער געשלעגן פון בייטשן אַריינגעטריבן אין געביידעס. דאָרט האָט מען אונדז געהאַלטן 24 שעה אָן וואַסער. דער שמוץ פון די קלאָזעטן האָט זיך געגאָסן אויף די פּאָדלאָגעס און מיר זענען געשטאַנען אינעם שמוץ און געוואַרט אויף דער רייע אויפגעלאָדנט צו ווערן אין די בהמות־וואַגאָנען, וואָס דאַרפן צוריקקומען פונעם פריערדיקן טראַנספּאָרט.

צומאָרגנס האָט די געסטאַפּאָ צוזאַמען מיט די אוקראַינער אָנגעהויבן אַרויסיאָגן אונדז פון די הייזער צו די וואַגאָנען אונטער מערדערלעכע געשלעגן. מענטשן זענען געפאַלן און געטראָטן געוואָרן פון די הינטערשטע רייען. און אַזוי האָט מען

אונדז אַריינגעשטופּט אין די וואַגאָנען. די געשרייען און געוויינען פון פרויען און קינדער האָבן זיך אויסגעמישט מיט די שיסערייען.

פאַרחלשטע, האַלב־טויטע זענען מיר געשטאַנען צוזאַמענגעפּרעסט קערפּער צו קערפּער. ענדלעך האָט דער צוג זיך גערירט. צווישן אונדז האָבן זיך געפונען עטלעכע דאָקטוירים, וועלכע האָבן געהאַט ביי זיך ציאַנקאַלי (סם). זיי האָבן דאָס איינגעשלונגען און זיך אויסגעלייזט פון גרויזאַמען גורל. די אַרומיקע אין וואַגאָן האָבן געקוקט אויף זיי מיט קנאה.

אַ קליינע גרופּע פון אונדז האָט באַשטימט צו פּרווון דעם גורל דורך שפּרינגען. מיין קוזין, שמאי, האָט געהאַט ביי זיך באַהאַלטן א שטאָלענע פּייל. ביינאכט האָט ער אָנגעהויבן אַדורכצופיילן דעם ריגל פון דער וואַגאָן־טיר. אים האָבן געהאָלפן נאָך עטלעכע מענער. אין משך פון גאַנצן טאָג האָבן זיך די מענער געביטן און אָן אויפהער געפיילט. מ׳האָט געוואַרט אויף די שפּעטערע נאַכט־שעהען, ווען די וואַך דרימלט אין זייערע וואַך־בודקעס. ענדלעך איז זיי געלונגען אַדורכצופיילן דעם אייזערנעם פּרענט, און פאָרזיכטיק האָט מען די טיר עטוואָס אַוועקגערוקט. שמאי און נאָך איינער זענען די ערשטע געשפּרונגען, נאָך זיי — איך.

עס האָט זיך דערהערט געשרייען און שיסערייען. אַרויסשפּרינגענדיק בין איך, ווייזט אויס, געפאַלן אויף די באַן־שינעס און זיך שטאַרק צעקלאַפּט. ווי לאַנג איך בין געלעגן באַוווסטלאָז געדענק איך נישט. ווען איך בין אָבער געקומען צום באַוווסטזיין, האָב איך זיך געפונען אין אַ געדיכטן וואַלד. אַרום מיר איז פינצטער, אָבער איך פיל, אַז איך בין אינגאַנצן באַגאָסן מיט בלוט. אַזוי בין איך געלעגן אַ געוויסע צייט. איך האָב דערהערט קרייען פון הענער. הייסט עס, אַז נאָענט פון מיר געפינט זיך אַ דאָרף. מיט גרויס שוועריקייט האָב איך זיך געשטעלט אויף די פיס און אָנגעהויבן גיין אין דער ריכטונג פון הענער־געקריי. איך בין געווען שטאַרק דאָרשטיק און האָב געוואָלט צוקומען צו אַ פּויעריש הייזל, כדי צו שטילן מיין דאָרשט און אָפּוואַשן דאָס בלוט. ווען דער הימל האָט זיך אָנגעהויבן רויטלען, האָב איך באַמערקט אַ פּויעריש הייזל. איך בין צו צום הויף און געוואָלט אָנקלאַפּן אין טויער. דאָ איז פּלוצים, אויף מיר אָנגעפאַלן אַ גרויסער הונט און צעביסן מיר דעם אָרעם. אויף דער האַווקעריי פון הונט איז אַרויס אַ פּויערטע און האָט מיך אַוועקגעטריבן. נישט ווייט האָט זיך געפונען אַ צווייטע כאַטע, האָב איך דאָרט אָנגעקלאַפּט. אַ פּויערטע האָט געעפנט די טיר און מיך אַריינגעלאָזט. איך האָב זיך דאָרט אָפּגעוואַשן און אַ ביסל אָפּגערוט. דער פּויער איז אַוועק פון שטוב און אין אַ צייט אַרום איז ער צוריקגעקומען צוזאַמען מיט אַ כאָפּטע שקצים. ער האָט באַפוילן, אַז איך זאָל פאַרלאָזן די שטוב. איך בין אַרויס און די גאַנצע באַנדע נאָך מיר.

דערנענטערנדיק זיך צום וואַלד האָבן זיי אָנגעהויבן פאָדערן געלט פון מיר. איך האָב געהאַט ביי זיך אַ פּאָר טויזנט זלאָטעס, האָב איך זיי דאָס אַוועקגעגעבן.



מלך פליישמאַן
זון פון ר׳ עוזר

זיי זענען אַוועק און איך בין ווייטער געגאַנגען. אויפֿן וועג האָב איך באַגעגנט אַ פּויערטע, וועלכע האָט געזעצט קאַרטאָפֿל. איך האָב זיך געבעטן ביי איר, אַז זי זאָל מיך מיטנעמען מיט זיך אויף איבערצונעכטיקן. זי האָט גערן דאָס געוואָלט טוען, אָבער זי האָט מורא געהאַט פֿאַר אירע שכנים. זי האָט אָנגעוויזן אויף די קזשאַקעס (קוסטעס) לעבן איר הויז, ווו איך וועל קאָנען איבערנעכטיקן און פֿאַרטאָג זאָל איך אַריבערגיין דעם וואַלד, ווו עס געפינט זיך אַ באַן־סטאַציע.

זוכנדיק אַ פּלאַץ ווו איבערצונעכטיקן, האָב איך באַגעגנט אַ יידיש מיידל, וועלכע איז אויך געשפרונגען פון צוג צוזאַמען מיט אירס אַ קוזין, וועלכן זי זוכט אַרום.ביידע זענען מיר איבערגעשלאָפֿן די נאַכט אין די קזשאַקעס און פֿאַרטאָג האָבן מיר זיך געלאָזט איבערן וואלד צו דער באַן־סטאַציע. פּלוצלינג האָט דאָס מיידל אָנגעהויבן רופן: יאַנעק! דאָס האָט זי גערופן איר קוזין. זי איז געווען זיכער אַז ער געפינט זיך דאָ אינעם וואַלד. אויף איר רופן האָבן זיך באַוויזן אַ באַנדע גויים, באַוואָפנט מיט שטעקנס און העק. זיי זענען אָנגעפאַלן אויף אונדז און געפאָדערט געלט. ווען איך האָב זיי דערקלערט, אַז איך האָב שוין מער נישט קיין געלט, האָבן זיי געענטפערט: „דאוואי קאַפּאָטע" און — אַראָפּגעריסן פון מיר מיין פוטער־מאַנטל, אין וועלכן איך האָב געהאַט איינגענייט עטלעכע הונדערט דאָלאַר. איך בין געבליבן אָן א גראָשן געלט. דאָס מיידל האָט געקויפט צוויי בילעטן — פֿאַר מיר און פאַר איר — קיין פּראַגע.

צוריק קיין פּראַגע אויף דער אַרישער זייט.

**יחיאל זילבער דערציילט**

# דער פארטיזאן פון סאכאטשעוו

ווי די מלחמה האָט אויסגעבראָכן זענען אַלע אַנטלאָפן פון סאָכאַטשעוו קיין וואַרשע. און ווען די דייטשן זענען נאָר אַריין קיין וואַרשע, האָט מען גלייך אָנגעהויבן צוריקלויפן. אויך איך מיט מיין משפחה האָבן דאָס זעלבע געטאָן. באַלד צו מאָרגנס ווי מיר זענען צוריק געקומען, האָבן מיר ווי אַ סך אַנדערע נישט געפונען אונדזערע וווינונגען, וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזט. די הייזער זענען שוין געווען פאַרכאַפּט פון די פּאָליאַקן, פון די צוריקגעקומענע פליטים און די אַלע איבעריקע הייזער זענען אויפגעריסן פון די באָמבאַדירונגען. מיר האָבן זיך געמוזט באַגנוגנען מיט איין צימער, אַבי צו האָבן ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן.

די דייטשן האָבן גלייך אָנגעהויבן כאַפּן אויף אַרבעט און מיך בתוכם. מען האָט געכאַפּט מענער, פרויען, יונג און אַלט. מיך האָט מען געשיקט צום באַן־הויף צוזאַמען מיט אַ גרופּע פרויען, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אויך פּוילישע. די דייטשן האָבן באַפוילן, אַז די פרויען זאָלן וואַשן די פּאָדלאָגעס און ברענגען וואַסער און ווען די פרויען האָבן געבעטן שמאַטעס מיט וואָס צו וואַשן, האָבן די דייטשן געגעבן אַ באַפעל: „אַלע פרויען אויסטאָן די אונטער־הויזן דערמיט וואַשן די פּאָדלאָגעס און דערנאָך צוריק זיי אָנטאָן“. איך בין געווען צווישן זיי דער איינציקער מאַן און זעענדיק זייער פאַרלעגנהייט און בושה אין דער אָנוועזנהייט פון די דייטשן ביים אויסטאָן און צוריק אָנטאָן די נאַסע און שמוציקע הויזן, האָב איך אויפן אָרט באַשלאָסן: ניין, איך בלייב נישט דאָ.

צו מאָרגנס אין דער פרי בין איך מיט נאָך אַ גרופּע חברים: וואווע בזשעזשינסקי, גרשון הויקער, ישראל גאָטהעלף, ליכטנשטיין, האָלענדער, אהרן פירשטנבערג אַוועק צום באַן און אַנטלאָפן פון סאָכאַטשעוו קיין ביאַליסטאָק.

אָפּזייענדיק בערך אַ האַלב יאָר אין ביאַליסטאָק, האָבן חברה אָנגעהויבן ציען אַ היים צוריק קיין סאָכאַטשעוו. איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך פאָר נישט צוריק. חברה האָבן אָבער מורא געהאַט זיך אַ ריר־טאָן אָן מיר

און מיך געבעטן, אַז איך זאָל זיי צוריק פירן און דערנאָך וועל איך אַליין צוריק פארן קיין ביאַליסטאָק. איך האָב נישט געקענט צוהערן זייער בעטן זיך און האָב באַשלאָסן נאָכקומען זייער ביטע. מיר זענען אַוועק צום גרע־נעץ־שטעטל זארעמבאַ־קאָשטיעלנא, און פון דאָרטן אַריבערגעשוואַרצט די גרענעץ.

קיין ביאַליסטאָק האָב איך נישט געקענט צוריק פאָרן, און דערפאַר באַ־שלאָסן פאָרן קיין סטאָלפּצע. דאָרט האָט געוווינט ס ק ו ר נ י ק. קומענדיק צו אים האָב איך דאָרט געטראָפן מ א נ י ע ב ז ש ע ז ש י נ ס ק י, ש ר ה ס ק ו ר נ י ק מיט איר ברודער, פרוי און קינדער. ביזן יאָר 1941 האָב איך געאַרבעט אין אַ קאַרטעל ביי די רוסן. אלע איינוווינער האָבן פארלאָזט די שטאָט, נאָר מיר האָבן די רוסן נישט דערלויבט צו אַנטלויפן. און ווי די דייטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט, האָבן זיי מיך גלייך גענומען צוריק צו מיין אַרבעט אַלס שניידער. ווען די דייטשן האָבן געמאַכט דאָס געטאָ, האָבן זיי מיך נישט געהייסן זיין אין געטאָ. אָבער די יידן זענען געווען פאַראינ־טערעסירט, אַז איך זאָל יאָ וווינען אין געטאָ, ווייל צו יענער צייט האָבן זיך אָרגאַניזירט אַ גרופּע אויפשטענדלער. דאָרט ווו כ׳האָב געאַרבעט ביי די דייטשן, האָט זיך געפונען אַ צענטראַלע פון געווער. און די יידן האָבן געוואָלט, אַז כ׳זאָל העלפן אין דער אונטערערד־אַרבעט. דער דייטשער שעף האָט מיך געאַכטעט און איך האָב ביי אים דערפאַר געפועלט, אַז ער זאָל מיר דערלויבן נאָר שלאָפן אין געטאָ.

איין מאָל זאָגט מיר דער שעף: „היינט גייסטו נישט שלאָפן אין געטאָ, ווייל מאָרגן וועט מען אַלע יידן אויסראָטן דאָרט“. דערהערנדיק די טרויע־ריקע בשורה, בין איך גלייך אַוועק צום יודענראַט און דערציילט וואָס מאָרגן דאַרף געשען אין געטאָ. די יידן האָבן זיך אָבער אויסגעלאַכט פון מיר. דאַן בין איך אוועק צום דייטשן שעף און געבעטן זיין מיטהילף ארויסצו־ראַטעווען צוויי משפחות פון די טויזנט וואָס זענען דאָרט געווען קאָנצענטרירט. ער איז מיט מיר אַוועק אין געטאָ און אַרויסגענומען די צוויי פאַמיליעס.

אויף צו מאָרגנס איז געקומען צו מיר דער שעף און מיך אַרויפגע־פירט אויפן בוידעם פון קאַרטעל, ווו ער האָט מיך מכלומרשט אויסבאַ־האַלטן. דורכן קליינעם פענסטערל האָב איך געזען ווי די דייטשן מיט די לעטן קומען אָן מיט פאַרשידענע מאַשין־געווער און לאָזן זיך גלייך צום געטאָ. אַריינקומענדיק אין געטאָ האָבן זיי גלייך געעפנט אַ פייער, ביז עס האָט זיך נישט געזען קיין לעבעדיקער נפש. צום סוף האָבן זיי נאָך געפונען עטלעכע לעבעדיקע מענטשן האָבן זיי זיי ארויסגעפירט אויפן פעלד און דאָרט דערשאָסן. נאָך דעם ווי אַלץ האָט זיך געענדיקט זענען די דייטשן מיט די לעטן אַוועק, דאַן בין איך אַריין אין געטאָ אָפּזוכן דעם בונקער ווו

עס האָבן זיך באַהאַלטן אַ גרופּע חברים און זיי ארויסגעראַטעוועט פון דאָרט.

אַ צייט שפּעטער האָט מען אָנגעהויבן ברענגען מלבושים צום קאַרטעל ווו כ׳האָב געאַרבעט. דאָס זענען געווען די מלבושים פון די אויסגעמאָרדעטע יידן. דאָ האָט מען זיי סאָרטירט און אַ סך פון זיי פאַרטיילט צו דער פוילישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט דערפאַר געדאַרפן ברענגען פּוטער, עופות און אַנדערע זאַכן.

איינמאָל זאָגט צו מיר דער שעף, אַז ער גייט אויף אָפּרו. נאָר אויף אַ אַ קורצער צייט און איך זאָל אַליין אַלץ ברענגען אין אָרדענונג. ס׳איז באַשטימט געוואָרן אַ צייטווייליקער פאַרטרעטער אויפן אָרט פון שעף. דער פאַר־טרעטער האָט מיר געזאָגט, אַז ער דאַרף 30 מאַן צו דער ארבעט אין קאַרטעל. כ׳בין אַוועק אין געטאָ און געבראַכט 30 מאַן. מיר האָבן צווישן זיך באַשלאָסן אַריינצושמוגלען געווער אין געטאָ און אַזוי האָבן מיר געטאָן. יעדער איינער האָט אין זיין שעניק געהאַט אַריינגעלייגט געווער. דאָס געבראַכט אין געטאָ און אַרום 10 אַ זייגער ביינאַכט אַרויסגענומען דאָס באַהאַלטענע געווער, און אַוועק אונטערצונדן דעם קאַרטעל. איידער מיר האָבן דאָס געטאָן האָבן מיר געשוואָרן, אַז מיט דעם געווער מוזן מיר נקמה נעמען פאַר דעם פערגאָסענעם בלוט. נאָך דעם ווי דער קאַרטעל אין געשטאַנען און פלאַ־מען, זענען זיי אַלע אַוועק אין וואַלד.

פון דער דאָזיקער גרופּע זענען בסך־הכל לעבן געבליבן 7 פערזאָן. נאָך דער באַפרייונג זענען 2 געבליבן אין לאָדזש און 5 זענען אַוועק קיין ישראל: רבקה קאָנטאָראָוויטש, נאַטעק, מאָניעק ווערטהיים, און דער דערציילער פון די שורות. די איבעריקע 23 האָבן נישט זוכה געווען די באַפרייאונג.

## דאָס לעבן אין וואַלד.

דאָס אַנטלויפן פון די 30 נאָכן אונטערצינדן דעם קאַרטעל — איז גע־לונגען און אַלע זענען בשלום געקומען אין וואַלד אַריין. ביי דער ערשטער באַראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן: אַזוי ווי די דייטשן וועלן דאָך זיי זיכער אויסגעפינען, זאָל יעדער איינער פון זיי וויסן ווי אַזוי נקמה צו נעמען. ווער עס וועט בלייבן ביים לעבן, זאָל צוקומען צו אַ באַשטימטן פּונקט אין וואַלד.

מיר זענען נאָך געווען גרינע אין וואַלד. באַמערקנדיק פון ווייטנס אַ קליין הייזעלע, האָבן מיר באַשלאָסן אַז דריי מאַן זאָלן צוגיין אַהין און נעמען עסן. די איבעריקע חברים זאָלן בלייבן אויפן גרענעץ פון וואַלד בכדי צו היטן די דריי. אויפן וועג האָט מען געגעבן עטלעכע שאָסן אין דער לופטן, כדי אָפּצושרעקן דעם פּויער, וואָס וווינט אין הייזל. דערזעענדיק די דריי האָט ער זיי טאַקע געגעבן אַ ברויט און זיי געהייסן מאָרגן אין דער פרי קומען נאָך אַמאָל, וועט ער זיי געבן נאָך פרישע ברויט. אין דער פרי זענען

זיי אַוועק צו דער הייזקע. ווי זיי האָבן זיך נאָר דערנענטערט, איז אויף זיי געעפנט געוואָרן אַ פייער. זיי האָבן זיך גלייך געוואָרפן אויף דער ערד און זיך אָנגעהויבן צוריקציען. ביינאַכט האָבן זיך אַלע צונויפגעזאַמלט ביים אָפּגעשטימטן פּונקט און באַשלאָסן נקמה צו נעמען אין דעם פּויער. חברה זענען אַוועק אונטערצינדן די הייזקע.

אין חודש אויגוסט 1942 האָבן מיר זיך געוואָלט פאַרבינדן מיט אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער. אָבער די גויים האָבן אונדז געוואָרנט, אַז דאָ אין דער געגנט געפינט זיך אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער אונטערן נאָמען „נעקראַסאָוו", וועלכע באַרויבן אַלץ פון די אָפּגעראַטעוועטע יידן און דערנאָך דערשיסט מען זיי.

אַ גוי האָט אונדז געראַטן, אַז מיר זאָלן גיין טיפער אין וואַלד, ביז אַ 10—15 קילאָמעטער ווייטער פון דאַנען. דאָרטן געפינען זיך גרעסערע וועלדער ווו מיר וועלן זיין זיכערער. ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דאָרטן האַלטן זיך אויף ווייסע פּאָליאַקן — פּאַרטיזאַנער, וואָס הרגענען יעדן וועמען זיי טרעפן אָן. אַ געוויסע נאַכט האָבן זיי טאַקע געעפנט אויף אונדזער וואַך אַ פייער און איינעם דערהרגעט. מיר האָבן זיך באַלד אַנטקעגנגעשטעלט און נאָך איין חבר פון אונדז איז אין דער נאַכט געפאַלן. מיר האָבן פון דאָרט געמוזט אַוועק און זיך „באַזעצן" אין דער געגנט הומאַנאַוועטשינע, ווו עס האָבן זיך געפונען ווייס־רוסן. מיר האָבן גלייך אָנגעהויבן גראָבן גריבער און מאַכן וווינונגען ווייל ס'האָט זיך דערנענטערט ווינטער. מיר האָבן אויסגעגראָבן דריי גרויסע גריבער: צוויי צום וווינען און דעם דריטן פאַר אלע אנדערע זאַכן. אַז מיר זענען פּאַרטיק געוואָרן מיט דעם, האָבן מיר באַשלאָסן צוצוגרייטן עסן אויף אַ צייט פון אַ פּאָר חדשים. מיר זענען אַוועק ווייט פון אונדזער פּונקט, כדי נישט צו געבן קיין סימנים ווו מיר געפינען זיך. אויפן וועג האָבן מיר צוגענומען ביי אַ פּויער אַ פערד מיט וואָגן און גענומען עסן וויפל מיר האָבן נאָר געקאָנט. דער פּויער האָט דערווייל געמאָלדן די דייטשן פון דעם פאַל. די דייטשן האָבן זיך צעלייגט אויף אַ געוויסן וועג בכדי אונדז צו כאַפּן, אָבער מיר האָבן אויסגעמיטן און זענען נישט געפאָרן מיטן גלייכן וועג, נאָר דורך זייטיקע פעלדער. מיר האָבן דאָס עסן גוט באַהאַלטן און דאָס פערד מיטן וואָגן אַרויסגעפירט ווייט פון וואַלד. די זעלבע נאַכט האָבן מיר געהערט אַ שרעקלעכע שיסעריי. באַלד אין דער פרי האָבן מיר זיך צוגעכאַפּט צו אַ נאָענטן פּויער און געפרעגט וועגן די שיסעריי ביינאַכט. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויפן ליידיקן וואָגן וואָס מיר האָבן אַרויסגעשיקט, האָט זיך ארויפגעזעצט אַ דייטשער פּאַטראָל, וואָס האָט זיך איבערגעביטן און געפאָרן מיטן וועג ווו מ'האָט אונדז געהיטן, דער צווייטער פּאַטראָל וואָס האָט אונדז אָפּגעוואַרט ביי אַ געוויסן פּונקט, האָט דערקענט דאָס פערד, און נישט וויסנדיק, אַז אויפן

וואָגן זיצן דייטשן, האָבן זיי געעפנט אַ פייער ווייל זיי זענען געווען זיכער, אַז דאָס שיסן זיי אויף אונדז. די דייטשן ווידער וואָס האָבן זיך געפונען אין וואָגן האָבן געמיינט, אַז דאָס שיסן צו זיי פּאַרטיזאַנער, האָבן זיי צוריקגעשאָסן אַזוי, אַז פוןביידע זייטן זענען געפאַלן 45 דייטשן.

דער סוף איז געווען, אַז זיי האָבן דערשאָסן דעם פויער, ווייל זיי האָבן אים חושד געווען אַז ער האָט אָנגעפירט מיטן גאַנצן שטיקל ארבעט.

דערהערנדיק פון אַ פויער, אַז מ׳גרייט צו ליקווידירן דעם סטאָלפּצער געטאָ, האָבן מיר באַשלאָסן צו גיין קיין סטאָלפּצע אָפּראַטעווען נאָך יידן.

אין סטאָלפּצע האָבן מיר נאָך אָנגעטראָפן שרה סקורניק מיטן ברודער, שוין אָן די קינדער, אויך מאַניע בזשעזשינסקי. מיר האָבן זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן קומען צו אונדז אין וואַלד, ווייל דאָרטן האָבן זיי אויסזיכטן צו בלייבן לעבן. סקורניק האָט נישט געוואָלט צוליב דעם ווייל ער האָט געמאַכט גוטע געשעפטן און מאַניע האָט אויך נישט געוואָלט, ווייל זי האָט געאַרבעט ביי אַ „גוטן” דייטש, וועלכער האָט איר פארזיכערט, אַז ער וועט איר אָפּראַטעווען.

מיר זענען צוריק אין וואַלד מיט גרויס באַדויערן. די דייטשן האָבן געהאַט אַ רשימה פון די יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין וואַלד און פון צייט צו צייט פלעגן זיי מעלדן, אַז דער אָדער יענער איז געכאַפּט געוואָרן און דערשאָסן געוואָרן. פאַרשטענדלעך אַז מיר, די פּאַרטיזאַנער האָבן אַלץ אָפּגעלייקנט, אָבער ליידער, האָבן די יידן געגלויבט די דייטשן.

נישט ווייט פון וואַלד האָבן מיר זיך פאַרבונדן מיט אַ פויער קארפאוויטש. פון אים האָבן מיר זיך דערוווּסט וואָס מען רעדט וועגן די יידישע פּאַרטיזאַנער. דורך אים האָבן מיר אויך געשיקט בריוו אין געטאָ צו סקורניק און בזשעזשינסקי און געבעטן זיי זאָלן זיך אָפּראַטעווען, ווייל די דייטשן האָבן באַשלאָסן צו מאַכן די גאַנצע געגנט פון סטאָלפּצע יידן־ריין.

ווען דער פויער איז צוריקגעקומען, האָט ער אונדז דערציילט, אַז אין סטאָלפּצע געפינט זיך שוין מער נישט קיין איין ייד.

יעדן אָוונט זענען צוויי אַנדערע פון אונדז געגאַנגען צום פויער, וואָס מיר האָבן גערופן „לעגאַלשטשיק”, כדי באַקומען ידיעות. יאַנואַר, 1943 זענען געגאַנגען נתן און מאַניעק וועטרהיים, צוויי ברידער. דאָס איז געווען אַ דאָנערשטיק. דאָרט האָבן זיי זיך דערוווּסט, אַז זונטיק קומט פאָר די חתונה פון אַ ווייס־רוסישן פּאָליציאַנט, וועלכן מיר האָבן אַ לאַנגע צייט אַרומגעזוכט, ווייל ער האָט געשאָסן אין רוביזעוויטש אַ ייד. מיר האָבן גלייך באַשלאָסן אויספירן אונדזער נקמה. אונדזער חברה איז געקומען צום לעגאַלשטשיק און ער האָט געשיקט זיין פרוי זעען ווער עס געפינט זיך אויף דער חתונה. מיר האָבן באַקומען אַ ידיעה, אַז דאָרט געפינט זיך דער גע־

זוכטער פּאַליציאַנט, צוויי דייטשן און נאָך צוויי פּאַליציאַנטן. קומענדיק צום פּלאַץ פון דער חתונה האָבן מיר געטראָפן די 5 חברה שיכור. מיר האָבן זיי גלייך גענומען צו אונדז אין וואַלד אַריין. ביז מיר זענען צוגעקומען צו אונדזער פּונקט, האָבן מיר מיט זיי געענדיקט.

צומאָרגנס פרי זענען געקומען אַ גרופּע פּאַליציאַנטן אין דאָרף און אַרעסטירט ביי אַ 200 משפחות און געפאָדערט פון זיי אָנצווייזן ווו די יידישע פּאַרטיזאַנער געפינען זיך. אָבער קיינער פון זיי האָט נישט גע־קענט ווייזן.

אַ קורצע צייט נאָך דער געשעניש האָט דער לעגאַלשטשיק אונדז אינ־פאָרמירט, אַז די דייטשן גרייטן זיך דורכקאָנטראָלירן די וועלדער און גע־פינען אַלע די, וואָס געפינען זיך אין זיי. דער פויער האָט אונדז געראָטן זיך צו דערווייטערן פון אונדזער פּונקט. נאָך אַ באַראַטונג פון אַלע, איז באַשלאָסן געוואָרן אַוועקצוגיין און אָפּצוזוכן פּאַרטיזאַנער. נאָר איינער, לייב וואַלעצקי מיט זיין פרוי האָבן געזאָגט, אַז מיר דאַרפן בלייבן ביז זומער אויפן פּלאַץ.

מיר האָבן יעדן טאָג באַקומען ידיעות פון לעגאַלשטשיקן וועגן דעם מצב און כסדר געהערט, אַז די דייטשן גרייטן זיך צו קאָנצענטרירן פיל מענטשן צו דער אַרבעט. דערווייל האָט זיך אויך ביי אונדז געשלעפּט דאָס פּאַרלאָזן אונדזער אָרט.

איינמאָל, אין חודש מערץ ווען רבקה קאָנטאָראָוויטש איז געגאַנגען בייטן די וואָך, האָט זיך באַוויזן לעבן איר אַ פרוי, און ניט ווייט פון איר אַ מאַן, זי איז געוואָרן צעטומלט און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. די צוויי זענען דערווייל אַוועק און רבקה איז געקומען אונדז דאָס איבערגעבן. מיר זענען גלייך אַרויס זוכן די צוויי, מיר האָבן זיי שוין נישט געפונען און באַשלאָסן צו פּאַרלאָזן ביינאַכט דעם פּונקט.

אַ זייגער 11ביינאַכט האָבן מיר געהערט אַ שטאַרקן אויפרייס. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט מען אויפגעריסן אונדזער פּונקט, זייענדיק זיכער, אַז מיר געפינען זיך דאָרט. גראָד מיט אַ קורצער צייט צוריק זענען מיר פון דאָרט אַוועק.

מיר זענען אַוועק אין נ א ל ע ב א ק ־ פ ו ש ט ש ע . דאָרט האָט זיך גע־פונען דער גאַנצער שטאַב פון די פּאַרטיזאַנער. מיר האָבן גערעכנט, אַז מיר וועלן זיך קענען פאַרבינדן מיט זיי, אָבער מיר האָבן דאָס נישט געקענט באַווייזן, ווייל ביז מער ווי הונדערט מעטער פון נאַלעבאַק־פּושטשע איז נישט געווען מעגלעך צוצוקומען. דערפאַר האָבן מיר זיך געמוזט נעמען אַן אַנדער וועג, צו די וועלדער פון רוביזעוויטש. דאָרט האָבן מיר געפונען ביי אַ 150 רוביזעוויטשער יידן. זיי האָבן אונדז געזאָגט, אַז צו זיי קומען

אַלעמאָל פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן זיך מיט אונדז זייער דערפרייט, ווייל מיר זענען אַלע געווען באַוואָפנט מיט געווער.

ביי זיי האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז צווישן די פּאַרטיזאַנער וואָס קומען צו זיי, זענען דאָ אַזעלכע וועלכע נעמען צו דאָס געווער און אַלץ וואָס זיי געפינען ביי יידן. איינער פון זיי הייסט טאַלעק פון קובאַנאָווס אָטריאַד. אַ צווייטער — מינין, קאָמאַנדיר־ראַטע, פון הויפּט־שטאַב. זיי האָבן אונדז געהייסן זיך אויסהיטן פאַר אָט די פאַרשוינען, ווייל זיי קענען באַלד ביי אונדז אָפּנעמען דאָס געווער. ביי דער געלעגנהייט האָבן אונדז די פּאַרטיזאַנער אויך דערציילט, אַז עס געפינט זיך דאָ אַ לעגאַלטשיק פון קובאַנאָווס אָטריאַד.

איך און ווערטהיים, אַ לערער פון מלאַווע, זענען אַוועק צום רייסקי, זיך דורכגערעדט מיט אים. אים איבערגעגעבן וויפל מענטשן און געווער מיר האָבן. מיר האָבן פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל אונדז פאַרבינדן מיט די פּאַר־טיזאַנער, ער האָט אונדז געהייסן קומען דעם 15־טן אַפּריל און דאָרטן וועלן זיך געפינען איניקע פון דעם אָטריאַד.

צום באַשטימטן טערמין זענען מיר געקומען. דאָרט האָבן מיר שוין געטראָפן אַ גרופּע ביי אַ געגרייטן טיש. מיר האָבן זיי דערציילט פון אונדזערע מעשים ביז היינט און זיי האָבן דאָס אונדז באַשטעטיקט, ווייל זיי האָבן געהערט די גאַנצע צייט פון אַ גרופּע יידן וואָס דרייען זיך אַרום אין יענער געגנט. מיר האָבן זיי פאַרגעלייגט אונדז אַריינצונעמען אין פּאַרטי־זאַנקע־אָטריאַד. זייער ענטפער איז געווען, אַז די מענער קענען זיי אַריינ־נעמען, אָבער נישט די פרויען. מיר האָבן דעם באַדינג נישט אָנגענומען און באַשלאָסן זיך צו טרעפן מיט זיי אַ צווייט מאָל. אָבער אויך דאָס צווייטע מאָל טרעפן זיך, האָט קיין רעזולטאַטן נישט געבראַכט, ווייל זיי האָבן זיך געהאַלטן ביי זייער פאַרשלאָג און מיר האָבן די פרויען נישט געוואָלט איבערלאָזן אויף אומקום. און אַזוי זענען מיר זיך צעגאַנגען מיט גאָרנישט.

דערווייל האָט זיך געענדיקט דער ווינטער. אין אָנפאַנג זומער האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן פון באַראַנאָוויטשער געטאָ יידן מיט געווער, וועלכע זענען געקומען צו אונדז. מיר האָבן זיך אַ ביסל פאַרשטאַרקט מיט זיי. דאַן האָבן מיר באַשלאָסן צו מאַכן אַ שטיקל אַרבעט. מיר האָבן באַשלאָסן צו קומען אין אַ קליין שטעטל אוויעניץ, נישט ווייט פון רוביזעוויטש, ווו ס׳געפינען זיך אַ צענדליק פּאָליציאַנטן און מיט זיי ענדיקן.

אין אַ געוויסער נאַכט זענען מיר צוגעקומען צום פונקט ווו די פּאָליציי געפינט זיך. דער פּאָליציאַנט וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך, האָט דערפילט אונדזער באַוועגונג, האָט ער גלייך געשאָסן אין דער לופט. מיר האָבן גלייך פאַרנומען פונקטן און געענטפערט מיט פייער אויף דעם הויז.

די שיסעריי האָט געדויערט בערך אַ האַלבע שעה. פון דעם הויז האָט מען אונדז מער נישט געענטפערט. דאָס איז אונדז געוואָרן אַ ביסל פאַרדעכטיקט, מיר האָבן געמיינט, אַז מען רינגלט אונדז אַרום. האָבן מיר באַשלאָסן שיקן אַ גרופּע פון 7 מאַן אויף דער צווייטער זייט הויז און פון דאָרטן וואַרפן אַ גראַנאַט. זעענדיק, אַז אויף דעם ענטפערט מען אויך נישט, האָבן מיר באַשלאָסן, אַז 10 מאַן זאָלן אַריין אין הויז זען וואָס איז דאָרט די שטיל־קייט. איך מיט נאָך 9 מאַן זענען אַריין און האָבן קיינעם נישט געפונען. ווייזט אויס, אַז עס איז זיי געלונגען צו אַנטלויפן. איבערלאָזנדיק אַלץ — פּראָדוקטן, בהמות א.א. מיר האָבן אַלץ אויפגעלאָדן אויף אַ וואָגן, אונטער־געצונדן דאָס הויז און אַוועק.

צומאָרגנס זענען געקומען עטלעכע קאָמאַנדירן פון די פּאַרטיזאַנער און געזוכט די יידן וואָס האָבן נעכטן געמאַכט דאָס שטיקל אַרבעט. מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט פאַר זיי. זיי האָבן אונדז געדריקט די הענט און מיט אונדז זיך געזעצט טרינקען און עסן. זיי האָבן אונדז געזאָגט, אַז זיי שיקן גלייך אַ באַריכט קיין מאָסקווע, אַז אַ קליינע גרופּע יידישע פּאַרטיזאַנער, האָבן אָן זייער הילף באַוויזן אָפּצוטאָן אַזאַ פיינע אַרבעט.

מיר האָבן ווידער באַנייט אונדזער פאָרשלאָג, אונדז אַנצושליסן צו זייערע פּאַרטיזאַנער, דאַן וועלן מיר באַווייזן נאָך וויכטיקערע אַרבעטן. אָבער זיי — זייערס: נאָר אָן די פרויען, און מיר האָבן אויף די פרויען נישט געוואָלט מוותר זיין.

ס׳האָט זיך דערהערט, אַז די דייטשן גרייטן זיך ווידער מאַכן אָבלאַוועס אין דער גאַנצער געגנט. אַלע פּאַרטיזאַנער האָבן אָנגעהויבן אָפּטרעטן פון די דערפער און זיך געלאָזן אין דער פּושטשע, אין די וועלדער וואָס גע־פינען זיך ביי מאָסקווע.

מיר האָבן אין פּושטשע נישט געקענט קומען, ווייל מיר זענען נישט געוועזן קיין אָפיציעלע פּאַרטיזאַנער. האָבן מיר געמוזט בלייבן אין דעם ראַיאָן. מיר האָבן זיך דערוווסט, אַז אין אָנפאַנג יוני דאַרפן זיך אָנהייבן די אָב־לאַוועס. גלייך האָבן מיר זיך פאַרטיילט אין גרופּן צו דריי מענטשן. יעדע דריי האָבן געדאַרפט האַנדלען אויף אייגענער אחריות און זאָרגן פאַר אַלעם.

דעם 10־טן יוני 1943, האָבן זיך אָנגעפאַנגען די אָבלאַוועס. פריער האָבן זיי געשיקט די גויים און אונטער זיי זענען געגאַנגען די דייטשן. די אָב־לאַווע אין פּושטשע האָט געדויערט ביי אַ דריי וואָכן, אָבער אין אונדזער ראַיאָן האָט עס נאָר געדויערט איין טאָג צייט. די דייטשן האָבן כסדר גע־פאָרשט ביי די גויים וועגן די יידישע פּאַרטיזאַנער, אָבער די פּויערים האָבן מורא געהאַט צו דערציילן, ווייל זיי האָבן געהיטן זייער לעבן.

נאָך דריי וואָכן האָבן זיי פאַרלאָזט די פּושטשע און געוווּנטשענעם רע־

זולטאַט, ווייל זיי האָבן זיך נישט אָנגעטראָפן מיט די פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן פאַרכאַפּט די פּושטשע. נאָך דעם האָבן די פּאַרטיזאַנער אָנגעהויבן קומען צוריק אין די דערפער. איך מיט נתן ווערטהיים זענען פּונקט אין אָוונט געווען ביי אַ פּויער. אינמיטן עסן איז אַריינגעקומען אַ קאָמאַנדיר פון קאַלינינס אָטריאַד. אַזוי ווי ער האָט כסדר געהערט וועגן אונדז, האָט ער זיך נאָך אויסגעפרעגט גענויע פּרטים און אונדז געמאָלדן, אַז ער האָט באַשלאָסן אונדז אַריינעמען אין קאַלינין־אָטריאַד. צוגעזאָגט, אַז די צווייטע וואָך וועט ער שיקן צו אונדז אַ פּאַרטיזאַנער מיט אַ בריוו און ער וועט אונדז ברענגען צו די פּאַרטיזאַנער פון זיין אָטריאַד.

אין משך פון דער צייט האָט זיך באַוויזן מינין, אַ ביסל שיכורלעך און האָט אויפן אָרט דערשאָסן דריי פּרויען מיט איין מאַן פון די רוביזע־וויטשער יידן. מיר האָבן זיך דאָן געפונען אַ צוויי קילאָמעטער פון דעם אָרט וווּ ער האָט די 4 יידן דערשאָסן. הערנדיק די שיסעריי פון ווייטנס, זענען מיר באַלד געקומען צום אָרט. מיר האָבן גלייך ביי אים צוגענומען דאָס געווער און אים געוואָלט שיסן אויפן אָרט. מיר האָבן זיך אָבער מישב געווען, אים געבראַכט אַ לעבעדיקן צו אונדז און באַפוילן נישט נקמה נעמען דערווייל אין אים. לויט אונדזער רוף איז געקומען פון שטאַב אַ פּאַרטיזאַנער, קאַלקער, אַ פּאַלימיאַטשיק, און געפאָדערט פון אונדז, אַז מיר זאָלן אַרויס־געבן מינינען, אָן וועלכע עס איז שריפטלעכע באַפולמעכטיקונגען. מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן און געפאָדערט, אַז ער זאָל ברענגען אַ קאָמאַנדיר פון זייער שטאַב און ער זאָל אים משפטן דאָ אויפן אָרט. נאָר לויט זיין אורטייל וועלן מיר אים אַרויסגעבן, ווייל מינין האָט אונדז געוואָרנט, אַז אויב מיר וועלן אים הרגענען, וועלן זיינע חברים אונדז אַלע אויסהרגענען.

צומאָרגנס האָט דער שטאַב געשיקט צו אונדז דעם נאַטשאַלניק שטאַבאַ. מיר האָבן אים איבערגעגעבן אַלץ וואָס ס'האָט פּאַסירט. ער האָט אונדז גע־בעטן, אַז מיר זאָלן אים איבערגעבן מינינען מיט זיין מאַשין־געווער און זיי וועלן אים שוין משפטן ביי זיך אין שטאַב. מיר האָבן נישט געקענט אָפּ־זאָגן זיין פאָדערונג און אים אַרויסגעגעבן. מיר האָבן זיך כסדר אינטערעסירט מיטן משפט, ביז מיר האָבן געהערט, אַז מ'האָט מינינען נישט געמשפט. מיר האָבן אויך געהערט, אַז אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער פון זייער אָטריאַד גרייט זיך גאָר אין אונדז נקמה צו נעמען. מיר זענען געווען גרייט אויף אַלעמען, ווען מיר האָבן איינמאָל געטראָפן זייערס אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער, האָבן מיר אַריינגעלייגט קוילן אין אונדזער געווער, כדי זיך קענען פאַרטיידיקן, אָבער ווי ס'ווייזט אויס האָבן זיי מורא געהאַט זיך פאַרנעמען מיט אונדז זעענדיק, אַז מיר זענען גרייט דערצו.

אַזוי האָט זיך געצויגן די אָנגעשטרענגטע באַציונג צווישן אונדז מיט זיי,

ביז עס זענען געקומען זייערע צוויי פּאַרטיזאַנער און אונדז אַריבערגעפירט אַלס גאַנצע גרופּע אין אָטריאַד פון קאַלינין.

אין אָטריאַד האָבן שוין אַלע געוווּסט, אַז עס קומען די גרופּע „טשאַרני" — (אַזוי האָבן זיי אונדז גערופן, ווייל אונדזער גרופּע פּאַרטיזאַנער האָט מען גערופן אויפן נאָמען פון דעם שרייבער פון די שורות, יחיאל זילבער, ווייל ער איז אַ ברונעטער). זיי האָבן זיך מיט אונדז זייער געפריינט און נישט געגלויבט, אַז מיר זענען יידן, ווייל יידן קענען אַזעלכעס נישט באַווייזן. זיי האָבן געטענהט, אַז מיר יידן קענען נישט נעמען נקמה, נאָר בלויז זיך מקריב זיין אויף קדוש־השם.

באַלד האָבן מיר באַשלאָסן צו דערציילן דעם קאָמאַנדיר פון אָטריאַד, אַז מינין, דער קאָמאַנדיר־ראָטע פון הויפּט־שטאַב, האָט באַוויזן צו דער־שיסן 4 יידן. מען האָט אונדז צוגעזאָגט אים משפּטן, אָבער ביז היינט איז צו אונדז נישט דערגאַנגען קיין שום ידיעה פון אַ משפּט איבער אים. להיפוך — ער האָט כסדר געדראָט, אַז ער וועט נקמה נעמען אין אונדז. דער קאָ־מאַנדיר האָט אונדז געמאָלדן, אַז מאָרגן פאַרן צוויי פון אונדז אין דער בריגאַדע. אַזוי איז טאַקע געווען. צוויי פון אונדזערע פּאַרטיזאַנער זענען מיט אים מיט אין בריגאַדע און זיך געטראָפן מיטן נאַטשאַלניק אסאבאוואַ־דיעלא און אים אַלץ דערציילט פון מינינען. ער האָט אונדז פאַרזיכערט, אַז אין אַ וואָך אַרום וועט ער צושיקן אַ באַריכט וועגן דעם ענין.

דעם באַשטימטן טאָג האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל, אַז אונדזער גאַנצע גרופּע זאָל קומען אין הויפּט־שטאַב.

מינין איז שוין דאָרט געווען און אין אונדזער אַנוועזנהייט האָט מען פאָרגעלייענט די גאַנצע באַשולדיקונג. ער האָט זיך מודה געווען און זיך פאַרטיידיקט, אַז ער איז געווען אין אַ שיכורן צושטאַנד. נאָך דער דערקלערונג האָט דער קאָמאַנדיר גערופן צו אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די פּאַרטיזאַנער פון הויפּט־שטאַב, דאָרט האָט ער פאָרגעלייענט דעם פּראָטאָקאָל און גע־פאָדערט, אַז די פאַרזאַמלטע זאָלן אַרויסטראָגן דעם אורטייל. דער פּסק־דין איז געווען: טויט. אַלע ווי איינער האָבן געזאָגט, אַז עס קומט אים טויט־שטראָף.

דאַן האָט מינין אַליין זיך געוואַנדן צו „טשאַרני" מיט דער פראַגע אויב ער וויל אים שיסן? דער ענטפער איז געווען: „יאָ! אַזעלכע הינט בין איך גרייט גלייך צו שיסן". גלייך האָט ער באַקומען דעם באַפעל צו שיסן און ער האָט מינינען אַריינגעשאָסן 4 קוילן. פאַר יעדן דערשאָסענעם ייד — אַ קויל.

מינין האָט געטראָגן אויף זיך אַ גוטן לעדערנעם מאַנטל, האָט דער קאָמאַנדיר באַפוילן, אַ געוויסן צוקער וועלכער האָט געאַרבעט אַלס דרוקער

אין הויפט־שטאַב. (געפינט זיך היינט אין תל־אביב) אַז ער זאָל דעם מאַנטל פון אים אַראָפּנעמען און זיך אים נעמען צום אָנדענק.

ביזן יאָר 1943 זענען די פּאַרטיזאַנער נאָך געווען שוואַך, ווייל עס האָט געטראָפן אַ סך פאַלן, אַז די גויים האָבן זיי ארויסגעגעבן צו די דייטשן. שפּעטער האָבן זיך די פּאַרטיזאַנער פאַרשטאַרקט און אָנגעהויבן צו פאַר נעמען קליינע ישובים, זיי פאַרטיילט אין ראַיאָנען און אָנגעהויבן מאַנען פּאַדאַטקעס (שטייערן). אַזוי אַרום איז געלונגען צו וואַרפן אַ ביסל אַ פּחד אויף דער פויערישער באַפעלקערונג.

די הויפּט־באַזע פון די אַלע פּאַרטיזאַנער האָט זיך געפונען אין דער פּושטשע, ווו עס האָבן זיך געפונען פיל טויזנטער פּאַרטיזאַנער, וואָס זענען געווען צעשפּרייט איבער אַ שטח פון פיל טויזנטער קוואַדראַט קילאָמעטער, צווישן מינסק, ווילנע און בריסק.

אונדזער ראַיאָן איז געווען נאוואגרודעק און נאוואיעלניע. אין די צוויי שטעטלעך האָבן זיך נאָך געפונען פיל דייטשיש מיליטער, ווייל דאָס זענען צוויי גרעסערע, פאַרצווייגטע באַן־פּאַרקער פונקטן.

די ערשטע פעולה פון אונדזער גרופּע איז געווען אַרונטערלאָזן אַ באַן פון די רעלסן. פון אונדזער גרופּע האָט מען אויסגעוויילט 4 יידן און 2 קריסטן פון דעם אָטריאַד. קומענדיק אין דעם נאָענטסטן דאָרף, זענען די קריסטן אַריין צום לעגאַלשטשיק. יעדער אָטריאַד האָט געהאַט באַשטימט זיין לעגאַלשטשיק. די חברה פון דער גרופּע האָט מען דערלאַנגט עפּעס איבער־בייסן און דער לעגאַלשטשיק איז אַוועק צום באַן־הויף באַקומען אַ ידיעה ווען דאַרף אָנקומען די באַן. ער האָט זיך אומגעקערט און איבערגעגעבן, אַז די וואָך וועט קיין באַן צו אונדז נישט קומען, ווייל מ׳האָט זי איבערגע־פירט אויף אַ צווייטן פונקט, אָדער ריכטונג. האָבן מיר באַשלאָסן זיך נישט אומצוקערן מיט ליידיקע הענט.

מיר זענען אַוועק אין דער געגנט פון נאָוואָגרודעק, האָט אונדז אַ פויער געזאָגט, אַז זיי ווייסן אויך נישט ווען ס׳וועט קומען אַ באַן. אָבער דערפאַר האָבן זיי אונדז איבערגעגעבן, אַז עס קומען צו זיי כסדר דייטשן איבער־נעכטיקן. זיי ברענגען קליידונג, נאַפט און באַקומען דערפאַר פּוטער, אייער און אַנדערע פּראָדוקטן. האָבנדיק די ידיעה, האָבן מיר באַשלאָסן צו וואַרטן ביז מאָרגן פרי, כדי אָבסערווירן וויפל דייטשן קומען דאָ אַהער. מיר האָבן זיך צעטיילט אין צוויי גרופּן: איינע האָט זיך געפונען נאָענט און די צווייטע — אַ ביסל ווייטער פון דעם אָרט.

פּלוצלונג האָבן מיר דערזען ווי דריי דייטשן קומען אָן מיט פּעק. מיר האָבן זיי געלאָזט זיך דערנענטערן און ווען זיי זענען צוגעקומען גאָר נאָענט פון אונדז, האָבן מיר אויף זיי געעפנט אַ פייער און מיר האָבן געזען ווי

צווי זענען גלייך געפאַלן און דער דריטער איז געווען ראַנירט. דאַן האָבן מיר זיי געהייסן אויפהויבן די הענט. זיי האָבן אַזוי געטאָן. אין דעם צו־שטאַנד האָבן מיר זיי געבראַכט אין דאָרף אַריין. דעם ראַנירטן האָבן מיר געגעבן גיכע־הילף. דערנאָך האָבן מיר זיי גענומען מיט זיך אין פושטשע אויף אַן אויספאַרשונג.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלע זאַכן וואָס די דייטשן האָבן גע־בראַכט צו די גויים, זענען געווען יידישע. דער קאָמענדאַנט האָט נאָך דער אויספאַרשונג איבערגעגעבן די דייטשן צו מיר אין האַנט, כדי זיי דער־שיסן. איך האָב זיך געוואָנדן נאָך אַ דערלויבעניש פון קאָמאַנדיר, אַוועק־צופירן צו ביעלסקין אין אָטריאַד די דריי דייטשן.

דער פּאַרטיזאַנער־שטאַב האָט באַשטימט ביעלסקין, ער זאָל צונויפזאַמלען אַלע עלטערע מענטשן, פרויען און קינדער פון נאָוואָגרודעק און נאָוואָ־יעלנע־לידא, באַראַנאָוויטש, פּוילישע יידן א.א. אַזוי האָט מען צונויפגעקליבן אַ 1,500 יידן, אויף וועלכע ער האָט געדאַרפן אַכטונג געבן און היטן. די דריי דייטשן האָט מען אַוועקגעפירט צו זיי, כדי די יידן זאָלן אין זיי נקמה נעמען. דער קאָמענדאַנט אַליין האָט די דריי דייטשן איבערגעגעבן צו דעם ביעלסקי־שטאַב אַלס מתנה.

אַן עלטערע פרוי, ג י ט ל  ב א ר ק א ָ ו ו ס ק י האָט גלייך דערקענט אין איינעם פון די דריי דייטשן, דעם מערדער וואָס האָט אַרויסגענומען איר טאָכטער פון שטוב און זי גלייך דערהרגעט.

ביעלסקי האָט גלייך צונויפגערופן אַלע 1,500 יידן און געזאָגט צו די דייטשן:

„אָט זענען די יידן, אין וועלכע איר האָט אַ גרויסן טעות געהאַט, מיינענ־דיק אַז איר וועט זען די יידן נאָר ווי איר ווילט. אָט זענען זיי אויך דאָ און זיי וועלן אין אייך נקמה נעמען״.

די פרוי גיטל באַרקאָווסקי האָט די ערשטע נקמה גענומען אין דעם דייטש וואָס האָט דערהרגעט איר טאָכטער און אויף די איבעריקע צוויי האָבן אויסגעפירט דעם אורטייל די איבעריקע יידן.

מיט אַ קורצער צייט שפּעטער האָבן מיר באַקומען אַ ידיעה, אַז עס דאַרף אָנקומען אַ צוג און מיר דאַרפן אונדזער אַרבעט טאָן. ווען מיר האָבן זיך דערוויטערט פון אונדזער ראַיאָן, האָט מען אונדז געמאָלדן, אַז אויף מאָלאָדעטשנער ליניע גייט היינט ביינאַכט אַ צוג.

אין מאָלאָדעטשנע האָבן מיר זיך גלייך פאַרבונדן מיט אַ לעגאַלשטשיק, וועלכער האָט אונדז געדאַרפן צושטעלן אַלע ידיעות. ער האָט אונדז גע־בראַכט די ידיעה, אַז די נאַכט דאַרף דאָ דורכפאָרן אַ צוג מיט מיליטער קיין סטאַלינגראַד. מיר האָבן גלייך אָנגעהויבן צוגרייטן אַלע מינעס, ביז גאָר נאָענט צו די ליניעס. דערנאָך זיך דערווייטערט ביז אַ 30 מעטער

בערך. דריי ביינאַכט האָבן מיר דערהערט, אַז עס דערנענטערט זיך דער צוג. דאַן האָבן מיר זיך נאָך מער דערווייטערט פון דער ליניע און געוואַרט.

אין דעם פונקט האָט די באַן אָנגעהויבן גיין לאַנגזאַמער, ווייל דער וועג איז געווען באַרג אַראָפּ. און ווען זי איז געקומען צו די מינירונגען — האָבן אַלע אויפגעריסן. ווען מיר זענען שוין געווען גאָר ווייט פון דעם אָרט, האָבן מיר נאָך געהערט די געוואַלדן און געשרייען פון די פאַרוווּנדעטע. צומאָרגנס פרי האָבן מיר גלייך געשיקט דעם לעגאַלשטשיק באַקומען ידיעות וואָס עס הערט זיך און וויפל דייטשן זענען דאָרט געווען. ער האָט אונדז געבראַכט אַן ענטפער, אַז דער גאַנצער צוג איז געווען פול מיט דייטשן. עטלעכע הונדערט היטלער־יוגנט.

אַז מיר זענען צוריקגעקומען אין דער פושטשע, האָט מען שוין געוווּסט פון אונדזער אַרבעט. דער שטאַב האָט גלייך פאַרשריבן אויף אונדזער קאַרטע: נאָך אַ צוג אַראָפּגעפירט פון דער ליניע, ווייל יעדער פאַרטיזאַנער־גרופּע האָט געהאַט איר פּלאַן אין שטאַב.

דער הויפּט־שטאַב פון מאָסקווע האָט געגעבן אַ באַפעל, נישט דערמעגלעכן די דייטשן באַקומען הילף פון קיין שום פּלאַץ, וואָס זיי האָבן אַזוי געברויכט.

איינמאָל האָט מען מיך גערופן אין שטאַב און צו מיר געזאָגט: דו ביזט אַ סטאָלפּצער און קענסט גוט די געגנט. אַ קילאָמעטער פון סטאָלפּצע געפינט זיך אַ יישוב — שוויערזשנע. דאָרט געפינט זיך אַ טאַרטאַק, וואָס אַרבעט־אויס געוויסע טיילן פאַר די דייטשע עראָפּלאַנען. אַזוי ווי דער טאַר־טאַק באַקומט האָלץ פון די וועלדער, זאָל געשיקט ווערן אַ פאַראָרדענונג צום שעף פון טאַרטאַק, אַז האָלץ פון די וועלדער קענען נאָר באַקומען דייטשן. עטלעכע טעג כסדר זענען געקומען פויערים נעמען האָלץ און ער האָט זיי נישט דערלויבט. מיר האָבן זיך גלייך פאַרבונדן מיט אונדזער לעגאַלשטשיק, כדי ער זאָל גיין הערן און זען וואָס טוען די דייטשן.

דער לעגאַלשטשיק האָט אונדז געמאָלדן, אַז אין טאַרטאַק געפינען זיך אַ סך דייטשע פליער וואָס קענען נישט אַהיימפאָרן. זונטיק אין דער פרי שיקן די דייטשן אַרויס דריי מאַשינען אין וואַלד, כדי צו ענדיקן מיט די פאַרטיזאַנער.

שבת ביינאַכט זענען גלייך געשיקט געוואָרן דריי ראָטעס פאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן זיך צעטיילט אין דריי גרופּן, כדי צו קענען די דייטשן אַרומ־רינגלען מיט פייער פון אַלע זייטן. לעבן דעם שעכטהויז, בערך אַ קילאָ־מעטער פון טאַרטאַק, ד.ה. דעם פונקט וואָס מיר האָבן באַשטימט איז גע־ווען בערך איין קילאָמעטער פון דעם פּלאַץ ווו זיי פאָרן אַרויס און פון דאָרטן האָבן זיי נאָך געדאָרפן ווייטער פאָרן אַ 10 קלמ.

אַרום 8 אַ זייגער אין דער פרי האָבן מיר שוין אָנגעהויבן הערן דאָס

געזאָגט: דויטשלאַנד, דויטשלאַנד... מיינענדיק, אַז זיי האָבן נאָך צו פאָרן אַ לאַנגע שטרעקע. ווי נאָר אָבער זיי האָבן זיך עטוואָס דערנענטערט, איז געקומען דער באַפעל: פייער! קיין איינער פון זיי האָט אפילו נישט באַוויזן צו נעמען די ביקס אין האַנט. אַלע זענען דערשאָסן געוואָרן. ווער עס איז נאָר פאַרווונדעט געווען, מיט דעם האָב איך געענדיקט. מיר האָבן אַראָפּגענומען די מיליטערישע קליידער פון 90 דייטשן. אַלע צוזאַמענגעלייגט אין איין קופּע און ארויסגעשטעלט אַ באַקאַנטמאַכונג: „אַנטשולדיקן זי, הער שעף! ביים צווייטן מאָל, ווען זי שיקן מער וואָרע, וועלן זי באַקומען בעסערע איינפּאַקונג"...

מיר האָבן זיך צוריקגעלאָזט אין דער פּושטשע מיט זייער פיל געווער.

## אין ביעלסקי אָטריאַד

איך האָב זיך געטראָפן מיט ביעלסקין און ער האָט מיר פאָרגעלייגט, אַז איך זאָל מיט אַ גרופּע יונגע פּאַרטיזאַנער אַריבער צו אים, ווייל אים איז זייער שווער מיט עסן. ער האָט סאַמע עלטערע מענטשן און די געגנט ווו זיי זענען איז זייער אַן אָרימע. איך האָב זיך געוואָנדן צום קאָמאַנדיר פון מיין אָטריאַד און אים געזאָגט, אַז מיין ווילן איז אַריבער צו ביעלסקין, אין אָטריאַד. צום ערשטן האָט ער מיך נישט געוואָלט באַפרייען, אָבער דערנאָך האָט ער זיך גערעכנט מיט מיינע גרויסע פאַרדינסטן און מסכים געווען.

אין ביעלסקי־אָטריאַד זענען געווען עטלעכע וואַרשטאַטן, ווו אלע כמעט זענען געווען באַשעפטיקט. דערמיט האָבן זיי פיל געהאָלפן די פּאַרטיזאַנער־גרופּן. עס האָט עקזיסטירט אַ שניידעריי, אַ שוסטעריי, פריזירערס, אַ גרויסע בעקעריי, פאַרשידענע לעדער־אויסאַרבעטונגען ווורשט־אויסאַרבעטונגען פון פאַרשידענע סאָרטן ווי אויך אַ ביקסן־וואַרשטאַט. עס האָבן זיך אויך געפונען שפּיטעלער פאַר פאַרשידענע קראַנקייטן.

איך האָב זיך גוט איינגעלעבט אין מיין נייעם פּלאַץ. איך האָב געהאַט דאָס געפיל ווי איך וואָלט זיך געפונען אין ארץ־ישראל. בכלל האָט זיך ביעלסקיס אָטריאַד גערופן „ירושלים". איך האָב גלייך צוקאָמפּטירט צו זיך נאָך 7 מאַן. די ערשטע זאַך וואָס איך האָב געטאָן — איז געווען ברענגען עסן. ווו איך בין געקומען האָט מען מיך שוין געקענט פאַר אַן אַלטן באַקאַנטן, ווייל אין יענער צייט האָט מען געפילט דעם פחד וואָס איך האָב אָנגעוואָרפן אויף דער באַפעלקערונג. דערפאַר האָט מען מיר אַנטקייגן געטראָגן פון אַלעם גוטן.

איך האָב זיך פאַרנומען בערך אַ קילאָמעטער פון נאָוואָגרודעק, דאָרט ווו עס האָט נאָך נישט געטראָטן קיין פּאַרטיזאַנישער פוס. ביי דער באַפעל־

קערונג האָב איך גענומען עסן. אין אַ קורצער צייט האָב איך צונויפגענומען 8 וועגנס מיט עסן און בין גלייך אַוועק, ווייל מיר האָבן אָנגעהויבן הערן שיסערייען אין דער ריכטונג פון נאָוואָגרודעק. מיט אַ גרויסער שנעלקייט זענען מיר אַוועק צום ערשטן פונקט פון דער פּאַרטיזאַנישער־רעגירונג, ווו עס האָט זיך געפונען דער אָטריאַד „ארזשיניקידזי". מיר האָבן זיך אַ ביסל אָפּגערוט, עפּעס איבערגעכאַפּט, אויך געגעבן די פערד צו עסן. אין דעם אָטריאַד זענען געווען 50 פּראָצענט רוסן און 50 פּראָצענט יידן. ווען מיר האָבן גערעדט מיט די יידן פון אָטריאַד, האָבן די רוסן געפרעגט ווער איז דער קאָמאַנדיר פון דער גרופּע. איך האָב זיך פאַר זיי פאָרגעשטעלט און באַלד איז געקומען אַ באַפעל פון זייער קאָמענדאַנט: אַזוי ווי דו האָסט גענומען דאָס עסן פון אונדזער ראַיאָן, דאַרפסטו אַלץ אונדז אוועקגעבן.

איך האָב זיי געענטפערט: אויב איר וועט מיר ברענגען איין איינציקן פויער, וועלכער וועט באַשטעטיקן, אַז דאָס עסן האָב איך גענומען דא, ביי זיי, באַקומט איר דאָס. נישט נאָר דאָס, נאָר כפל כפליים. אָבער זיי האָבן בשום אופן נישט געוואָלט מוותר זיין און געפאָדערט די 8 וועגן עסן.

איך האָב געגעבן אַ באַפעל זיך אַוועקלייגן און אָנלאָדן דאָס געווער. די יידן פון ארזשיניקידזער אָטריאַד האָב איך באַפוילן זיך גלייך דער־ווייטערן פון דאַנען. זיי האָבן מיין באַפעל גלייך אויסגעפירט, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט זיך מישן, אָדער דערנענטערן צום גאַנצן ענין. די קאָמאַנדירן פון דעם אָטריאַד האָב איך געהייסן זיך גלייך אָפּטראָגן פון דאַנען.

זעענדיק אַז מיר זענען נישט קיין „קאַלטע" יידן, נאָר יידן וואָס קענען געבן פייער, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן אַרויסדרייען פון גאַנצן געשעפט: אַז זיי האָבן נאָר פּרובירט אויף אַ געלעכטער צו פאָדערן פון אונדז דאָס עסן. אָבער איך בין געשטאַנען פעסט אויף מיין באַשלוס, זיי זאָלן זיך דערווייטערן, ווייל דער סאָוויעטסקער סאָיוז האָט זיי נישט באַפולמעכטיקט צו פאָדערן אַזאַ זאַך. דערהערנדיק אַזעלכע דיבורים, האָבן זיי זיך אָפּגעטראָגן. מיר האָבן גלייך איינגעשפּאַנט די פערד און זיך געלאָזט צו אונדזער אָטריאַד.

וואָס פאַראַ שמחה עס איז געווען אין אָטריאַד מיט די וועגנס עסן קען מען זיך קוים פאָרשטעלן.

1944

לכבוד דעם נייעם יאָר האָבן מיר באַשלאָסן, אַז ביעלסקי־אָטריאַד דאַרף נישט בלויז זיצן און עסן, נאָר אויך ווייטער נקמה נעמען.

ק אַ ר ע ל י ט ש איז געווען אַ קליין שטעטל, ווו עס האָבן זיך געפונען אַ סך דייטשן און נאָך מער פּאָליציי, וואָס די ווייס־רוסן האָבן זיי געדינט. האָבן מיר באַשלאָסן זיי אַ ביסל צו באַאומרויקן.

מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ ביסל יונגע כוחות און זענען אַוועק אין אַ דאָרף נישט ווייט פון קאַרעליטש. עטלעכע פון אונדז האָבן זיך געמאַכט פאַר שיכור און די איבעריקע האָבן זיך פאַנאַנדערגעלייגט אַרום דאָרף. מיר האָבן געזען ווי אַ פויער איז אַוועק אין שטעטל, זיכער איבערגעבן די ידיעה, אַז אין דאָרף זענען געקומען שיכורע יידן ראַבירן. באַלד האָט זיך געוויזן אַ מאַשין מיט דייטשן און אײדער זיי האָבן זיך דערנענטערט צו דער גרעניץ פון דאָרף, האָבן מיר זיי גלייך מקבל פנים געווען מיט אַ האָגל פון קוילן און פייער. אין וועלכן עס זענען געפאַלן און דערהרגעט געוואָרן ביי אַ 20 דייטשן. מיר האָבן ביי זיי צוגענומען דאָס געווער, אַוועק אין אָטריאַד און גלייך געשאַפן נאָך גרופן.

מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ גרופע, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען אַראָפּצולאָזן באַנען פון די שינעס. די ערשטע באַן איז געווען לעבן נאָוואָ־יעלנע. זי איז געווען פול מיט געווער. די שטאַבן פון אַלע ראַיאָנען זענען געקומען און אָנגעהויבן פאַנאַנדערטיילן דאָס געווער צווישן זיך. צוליב דעם האָט ביעלסקיס אָטריאַד באַקומען אַ נאָמען, אַלס גוטע קעמפער.

לעבן ביעלסקיס אָטריאַד האָט זיך געפונען אַ בריגאַדע פון פּאַליאַקן. זיי האָבן זיך פון צייט צו צייט דערלויבט אויסצוראָטן יידן. זיי האָבן אפילו שפּעטער אויסגעראָטן פיל רוסישע פּאַרטיזאַנער.

איינמאָל איז אונדזערס אַ גרופע אַוועק אין אַ דאָרף אויספירן אַ שטיקל אַרבעט און זיך דאָרט אָנגעטראָפן מיט די פּוילישע פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן פאַרבעטן אונדזער גרופע אין אַ הויז אַריין, מכבד געווען מיט טרינקען און גלייך געהייסן אויפהויבן זיי די הענט אין דער הויך, ביי זיי צוגענומען דאָס געווער און ביינאַכט אַרויסגעפירט זיי אין וואַלד און זיי אַלע דערשאָסן. איין און איינציקן פון זיי א י ט ש ע ב ע ר ל  אַ רוביזעוויטשער יינגל איז געלונגען זיך אַרויסצוקריגן אויף אַזאַ אופן: אין דער צייט ווען די פּוילישע פּאַרטיזאַנער האָבן זיך געלאָזט צוריק צום דאָרף, כדי צו שיקן פויערים זיי זאָלן באַגראָבן די דערשאָסענע, איז אים געלונגען צו אַנטלויפן און דאָס אַלץ איבערגעבן אין אָטריאַד.

דעם ענין האָט מען גלייך געמאָלדן אין הויפּט־שטאַב און פון דאָרט איז עס איבערגעגעבן געוואָרן קיין מאָסקווע. פון מאָסקווע איז געקומען באַלד אַ באַפעל צוצונעמען פון די פּוילישע פּאַרטיזאַנער דאָס געווער.

באַלד זענען אָרגאַניזירט געוואָרן עטלעכע פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן, וועלכע זענען אַוועק צו די פּאָליאַקן און ביי זיי צוגענומען דאָס געווער.

אין דער פרי איז אויסגעפירט געוואָרן אַ פּלעביסציט: ווער עס וויל בלייבן ביי די פּאַרטיזאַנער און ווער עס וויל גיין אַ היים. אַלע האָבן זיך געמוזט פאַרשרייבן. דער לאַגער האָט געציילט עטלעכע טויזנט מענטשן און

פאַרשריבן צו בלייבן אַלס פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אינגאַנצן עטלעכע צענדליק.

די פון די פוילישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן זיך פאַרשריבן צו בלייבן אַלס פּאַרטיזאַנער, זענען פאַרטיילט געוואָרן אין איין אָטריאַד, און די, וועלכע האָבן זיך פאַרשריבן צו באַפרייען האָט מען אַריינגענומען אין אַ באַזונדערן לאַגער.

נאָך אַ לאַנגער און שווערער אויספאָרשונג צווישן די פּאָליאַקן, איבער־הויפּט צווישן די פּאַרטיזאַנער, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן געהאַט אַן אויפגאַבע צו דערהרגענען אַלע יידישע און רוסישע פּאַרטיזאַנער. זייער שטאַב האָט זיך געפונען אין ענגלאַנד, אונטער דער אָנפירונג פון ניקאָ־לייטשיק, די מחנה וואָס האָט געמיינט פריי צו ווערן, איז פריי געוואָרן אויף יענער וועלט...

מיר האָבן ווייטער פאַרגעזעצט אונדזער אַרבעט פון אַרונטערלאָזן באַנען און באַזאָרגן עסן פאַר אַלטע מענטשן, מענער און פרויען.

יוני 1944

ווען די דייטשע אַרמיי האָט אָנגעהויבן אָפּטרעטן, האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל צו שטיין אויף דער וואַך, ווייל די דייטשן טרעטן אויף אָפּ דורך דער פּושטשע.

ס'האָבן זיך באַוויזן טויזנטער דייטשן. די פּושטשע איז געוואָרן פול מיט זיי און אַזוי ווי אַלע פּאַרטיזאַנער האָבן זיך דאָרט קאָנצענטרירט, האָבן זיך די דייטשן געמוזט אָנטרעפן מיט זיי.

קיין איין דייטש איז פון דער פּושטשע נישט אַרויס לעבעדיק.

אַרום דעם 20־טן יוני האָט זיך פּלוצים באַוויזן אַ גרופּע פון אַ 1000 דייטשן נישט ווייט פון אונדזער אָטריאַד. ביעלסקי האָט געגעבן אַ באַפעל אָפּרוימען אַלע דייטשן. מיר זענען אַוועק צו זיי און אונטערגעהאַנדלט, אַז זיי זאָלן זיך אונטערגעבן. זייער ענטפער איז געווען, אַז צו די רוסן זענען זיי זיך גרייט אונטערצוגעבן, אָבער נישט צו די פּאַרטיזאַנער.

מיר האָבן גלייך געענטפערט מיט פייער, דערהערנדיק אונדזער שיסעריי איז געקומען אונדז צו הילף נאָך אַן אָטריאַד און מיר האָבן מיט זיי געענדיקט. בשעת דער שיסעריי איז אָנגעקומען נאָענט צו אונדזער אָטריאַד אַן אַנדערע גרויסע גרופּע פון דייטשן, אַזוי, אַז ליידער זענען פון אונדזער זייט געפאַלן ביי אַ 10 מענטשן, צווישן זיי יונגע פרויען.

אַ פּאָר שעה שפּעטער האָבן מיר ווידער געזען אָנקומען אַ גרופּע דייטשן. מיר האָבן גלייך פאַרנומען נייע פונקטן און געעפנט אויף זיי אַ פייער, וואָס האָט געדויערט אַ 15 מינוט.

מיר האָבן געשיקט אַ ראַזוויעטקע, וועלכע האָט זיך אָנגעטראָפן מיט

דער ראַזוויעטקע פון דער רוסישער אַרמיי און מיר האָבן זיך זייער דער־פרייט, אָבער אונדזער פרייד איז געווען געמישט מיט צער צוליב די 10 מענטשן, וועלכע זענען נאַרוואַס געפאַלן כמעט אין דער לעצטער מינוט פון דער באַפרייונג. אין 10 מינוט אַרום איז אָנגעקומען די רויטע אַרמיי. עס איז נישט איבערצוגעבן יענעם מאָמענט וואָס יעדער האָט פון אונדז גע־פילט. די ערשטע פראַגע פון יעדן פון אונדז, איז געווען, צו איז עמיצער פון זיין משפחה לעבן געבליבן?

עס איז געקומען אַ באַפעל, אַז יעדער זאָל פאַרלאָזן זיין ראַיאָן און גלייך אַוועק אין זיין פלאַץ. מיר זענען אַוועק צוריק קיין נאָוואָגרודעק.

## נאָך דער באַפרייונג

די ערשטע טעג האָבן מיר געהיטן דייטשע געפאַנגענע וואָס מיר האָבן געפירט אויף אַרבעט. יעדער איינער האָט געהאַט אונטער זיין אויפזיכט 100 דייטשן.

מען האָט געגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע פאַרטיזאַנער זאָלן זיך פאַרשרייבן. מען גייט ווייטער מלחמה־האַלטן. אַלע האָבן זיך געמאַלדן און האָבן באַקומען אַ באַפעל צו גיין אויפן פראָנט קיין וואַרשע.

דערווייל האָבן זיך פיל דייטשן און ווייס־רוסן קאָנצענטרירט אויף די פונקטן פון די פאַרטיזאַנער. דאַן איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אַ טייל פון די פאַרטיזאַנער מוזן בלייבן, כדי אויסצוראָטן די געבליבענע דייטשן אין די וועלדער.

עס איז געבליבן דער איסטרוביטעלנע באַטאַליאָן, וועלכער האָט זיך פאַרטיילט אין אָטריאַדן און מיר האָבן אָנגעהויבן פירן אַ קאַמף. טאָג־טעג־לעך האָבן די „העלדן" זיך געמוזט אונטערגעבן און מיר האָבן זיי גענומען געפאַנגען.

דערנאָך האָט מען מיך געשיקט קיין ווילנע אַלס מיליציאָנער. פון דאָרט ווידער קיין קאָוונע. דאָרט האָב איך זיך דורכגערעדט מיט אַ גרופּע, אַזוי ווי די רויטע אַרמיי גייט פאָרויס, זאָלן מיר פאַרלאָזן די ערטער און זיך אַריינכאַפּן קיין רומעניען און פון דאָרט וועלן מיר זיך דורכרייסן קיין ארץ־ישראל. דער פּלאַן האָט זיך אונדז אָבער נישט איינגעגעבן, ווייל מיר האָבן נישט געקענט צוקומען צו דער גרעניץ פון רומעניען. מיר האָבן דערפאַר געמוזט צוריק גיין קיין קאָוונע און דאָרט האָבן מיר געלעבט ביזן יאָר 1945, ביז וואַרשע איז פאַרנומען געוואָרן.

מיר האָבן זיך באַראַטן אייניקע חברה און באַשלאָסן פאָרן קיין וואַרשע. אין וואַרשע האָב איך זיך גלייך געטראָפן מיט אַנטעק צוקערמאַן, און מיר האָבן זיך דורכגערעדט וועגן ארץ־ישראל. „מיר וואַרטן שוין אויף דעם אַ

לענגערע צייט" — האָט אַנטעק געזאָגט. איך האָב אים פאַרזיכערט ווידער צו קומען די צווייטע וואָך, ווייל איך וויל דערווייל צופאָרן קיין סאָכאַטשעוו זען צי איז ווער לעבן געבליבן פון מיין משפחה אָדער פון די בני־עיר.

דעם 30־טן אַפּריל 1945 בין איך געקומען קיין סאָכאַטשעוו. איך האָב געטראָפן הערשל גאָטהעלף מיט זיין פרוי און פיניע וויינבערג מיט דער פרוי און נאָך עטלעכע יידן. זיי האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז ליידער איז קיינער פון מיין משפחה נישט לעבן געבליבן. איך האָב באַטראַכט אונדזער הויף, וווּ מיר האָבן געוווינט. דערזעענדיק, אַז אין אונדזער דירה וווינט אַ פּאָליאַק בין איך גלייך צוריק צו דער גרופּע לעבנגעבליבענע יידן, זיי געזאָגט, אַז איך פאָר גלייך אָפּ, ווייל די שטאָט סאָכאַטשעוו איז נישט מער אונדזער שטאָט.

מחלה לעווין – בוטלער

# דער לעצטער פון א משפחה

אין 1945, ווען ס׳האָט זיך געענדיקט די בלוטיקע מלחמה, האָב איך גלייך אָנגעשריבן עטלעכע בריוו קיין סאָכאַטשעוו צו מיין ברודער, נישט וויסנדיק צי ער לעבט, ווי אויך צו פ. וויינבערג, ביי וועמען איך האָב זיך אָנגעפרעגט, אפשר האט ער געטראָפן וועמען פון מיין משפחה אויפן וועג. איך האָב אָבער קיין תשובה נישט באַקומען. ערשט אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָב איך באַקומען אַן ענטפער פון וויינבערג׳ס פרוי, אין וועלכן זי האָט מיר דערציילט וואָס עס האָט פּאַסירט מיט איר מאַן און זי אינפאָרמירט מיך, אַז פון מיין משפחה האָט זי קיינעם נישט געזען.

די האָפענונג צו געפינען עמיצן פון מיין משפחה איז אָפּגעשטאָרבן, און איך האָב זיך דערפילט דאָפּלט עלנט.

אין אַ צייט ארום האָב איך באַקומען אַ מעלדונג פונעם מדור לחיפוש



מאַניעק, דער זון פון שלמה לעווין

קרובים ביי דער יידישער אַגענץ, אַז מען זוכט מיך. עס איז זיך לייכט פאַרצו־שטעלן מיין געפיל. כ׳האָב ממש געציטערט פון פרייד און דערוואַרטונג. קוים דערוואַרט זיך אויף מאָרגן, בין איך אַוועק אין סוכנות און אויסגע־פונען, אַז מיין ברודערן־זון מאַניעק זוכט מיך. דער איינציקער, וואָס איז לעבן געבליבן פון דער גאַנצער משפחה.

כ׳האָב אים גלייך אַוועקגעשריבן אַ בריוו, פול מיט פרייד, ליבשאַפט און גרייטקייט אים אויפצונעמען און זיין אים אַ פאָטער; כ׳האָב אים געשריבן, אַז ער איז ביי מיר פאַררעכנט פאַר מיין קינד, אז עס וואַרט אויף אים אַ וואַרעמע היים, און אַז איך מאַך אַלע באַמיאונגען ער זאָל קומען אַהער.

**

מאַניעק איז אָבער קראַנק געוואָרן, און דער דזשאינט האָט אים איבער־געשיקט קיין איטאַליע. אויף זיין סערטיפיקאַט איז געקומען אַן אַנדערער ייד קיין ארץ ישראל.

אַזוי האָבן מיר זיך קאָרעספּאָנדירט ביזן יאָר 1951. דאַן בין איך גע־פאָרן קיין איטאַליע כדי צו ברענגען מאַניעקן אין לאַנד. די פרייד פון אונדזער באַגעגעניש איז אומבאַשרייבלעך.

פון רוים זענען מיר געפאָרן אין גראַטע פאַראטא, וווּ עס האָט זיך גע־פונען דער מוסד, וווּ מאַניעק האָט געלעבט. דעם גאַנצן וועג האָבן מיר כמעט ביידע געשוויגן. ערשט ביים סוף האָט מאַניעק אָנגעהויבן דערציילן, אַז גלייך נאָך דער באַפרייאונג איז ער געפאָרן קיין סאָכאַטשעוו זוכן וועמען פון דער משפחה, אָבער ער האָט קיינעם נישט געטראָפן. ער האָט אָבער באַקומען מיינע בריוו מיטן אַדרעס. זיין מוטער מיט צוויי שוועסטער האָט מען אַוועקגענומען אין טרעבלינקע, און וווּ זיין פאָטער (מיין ברודער) איז אַהינגעקומען ווייסט ער נישט. ער האָט געשילדערט ווי ער האָט פיל מאָל געזען דעם טויט פאַר די אויגן.

אין מוסד אין איטאַליע וווּ ער האָט זיך אויפגעהאַלטן זענען געווען 360 יוגנטלעכע. אַלע האָבן אים ליב געהאַט און זיך מיט אים גערעכנט. ער איז געווען אַ שיינער און אינטעליגענטער בחור. די פאָר וואָכן וואָס מיר האָבן צוזאַמען פאַרבראַכט אין איטאַליע, וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. איך האָב מאַניעקן ליב געהאַט מיטן גאַנצן האַרצן, ווי אַן אייגן קינד. ער איז אָבער נישט צוריקגעפאָרן מיט מיר, ווייל ער האָט געוואָלט ענדיקן אין איטאַליע זיין שטודיום.

עס איז אַדורך אַ שטיקל צייט. ענדלעך איז באַשטימט געוואָרן זיין לאַנג־געגאַרטע נסיעה קיין ארץ ישראל אויפן 26־טן יולי 1952. אָבער דער גורל האָט אַנדערש געוואָלט. דעם 10־טן יולי האָב איך באַקומען אַ טעלעגראַם,

אַז איך זאָל תיכף קומען קיין איטאַליע, ווייל מאַניעק איז שטערבלעך קראַנק. נאָך 6 שעה פליען בין איך אָנגעקומען קיין איטאַליע.

רוים. כ׳שטיי ביי מאַניעקס קראַנקן־בעט און קוק ווי ער שטאַרבט אָפּ. איך שטיי און זע ווי ער גוססט, און קען אים מיט גאָרנישט העלפן. איך בין מאַכטלאָז. איך ווענד זיך דאַן צו דער פאַרוואַלטונג פון מוסד מיט א פאָרשלאַג איבערצופירן מאַניקען קיין ישראל, הגם איך ווייס, אַז איך וועל אים נישט דערפירן. ער וועט אויסגיין אויפן וועג. די פאַרוואַלטונג זאָגט זיך אָפּ.

דעם 11־טן יולי האָט מאַניעק אויסגעהויכט זיין לויטערע, פאַרפייניקטע נשמה. ער האָט נאָך באַוויזן איבערלאָזן אַ צוואה, איך זאָל זיינע ביינער איבערפירן קיין ישראל.

עס זענען שוין פאַרביי זעקס יאָר, און דער ענין ליגט מיר ווי אַ שטיין אויפן האַרצן. אין מיין זכרון האָבן זיך איינגעקריצט זיינע לעצטע שעפּטשענדע צו מיר ווערטער: „זעסט, ווען איך וואָלט געקענט פאָרן קיין ארץ ישראל... קיין ארץ ישראל" —

אויף יעדן טריט באַגלייטן מיך זיינע לעצטע ווערטער.

דער לעצטער פון אַ משפחה.

רוזשקע שמולעוויטש (ראזנפערל)

# פון די ערשטע קרבנות

צווישן די ערשטע סאָכאַטשעווער קרבנות האָבן זיך געפונען חיים־לייב ליבער־מאַן, זיין פרוי תירצה, די טאָכטער זייערע, אסתר און זייערע זין יהושע און יעקב (רוזשקע מיט איר עלטערן ברודער זענען געווען אין ווארשע).



אהרן　　　　העניטשע　　　　אברהם

די קינדער פון ר׳ שלמה ראָזנפערל

היות די דאָזיקע פאַמיליע האָט נישט באַוויזן צוזאַמען מיט אַלע יידן צו אַנטלויפן פון סאָכאַטשעוו, זענען זיי אַנטלאָפן קיין קאַמפינאָס. צוזאַמען מיט זיי האָבן זיך געפונען שלמה ראָזנפערלס זון, אהרן און צוויי גראָדזשיסקער יידן, וועמענס נעמען ס׳זענען אונדז נישט באַקאַנט.

ביים אַריינמאַרש פון די דייטשן קיין סאָכאַטשעוו און קאַמפינאָס, איז די דאָזיקע גרופּע יידן, צוליב אַ מסירה, אַרויסגענומען געוואָרן פון זייער באַהעל־טעניש דורך די דייטשן, וועלכע האָבן אַלעמען דערשאָסן.

דער עלטסטער זון יעקב איז פאַר שרעק אומגעפאַלן און די דייטשן האָבן געמיינט, אז ער איז טויט. נאָכן דערשיסן זיי האָבן זיך די רוצחים איזדעקעוועט איבער די טויטע — אפילו איבערן לעבעדיקן יעקב. ער האָט אָבער געלאָזן אַלץ מיט אים טון און נישט ארויסגעוויזן קיין סימן פון לעבן. אַ גאַנצן מעת־לעת

איז ער אזוי אָפּגעלעגן צווישן די דערשאָסענע ביז ער האָט געהערט אז ס'איז שטיל ארום אים. ער איז דאַן אויפגעשטאַנען און באַגראָבן דעם טאטן זיינעם, דעם ברודער יהושע, אהרן ראזנפערל און די גראָדזשיסקער יידן. ער האָט זיך געמאַכט אַ סימן און אַנטלאָפן קיין בלוינע. דאָרט האָט אברהם ראזנפערל און זיין שוועסטער הענטשע געמאַכט אלע באמיאונגען צוריקצובערענגען די דער־שאָסענע קיין סאָכאַטשעוו און צו ברענגען זיי צו קבורה. אָבער אלע באַמיאונגען האָבן זיך געענדיקט מיט גאָרנישט. ערשט שפּעטער איז געלונגען — פאַר אַ סך געלט — אריבערצוברענגען זיי קיין בלוינע און זיי מקבר צו זיין. דאָס איז געווען אין ווינטער פון יאָר 1940.

דער זון וואָס איז געווען דער עדות פון דעם, איז צוזאמען מיט אלע יידן אוועק אין וואַרשעווער געטאָ. דאָרט איז ער געכאַפּט געוואָרן בעת אַ לאפּאנקע און ווו ער איז אהינגעקומען איז נישט באוווסט.



ברכה און אברהם־הערש ליבפרוינד, ראַכל (פון דער היים האָלצמאַן) אומגעקומען דורך די נאַציס

מ. ל.

# נר לנשמת בן־עירנו יחזקאל אדאמאשעק

זאָל אין אונדזער פנקס־הקדושים פאַרצייכנט ווערן דער נאָמען פון יחזקאל אדאַמאַשעק צום שבח און לויב פאר זיינע גוטע מידות און מעשים־טובים, וועלכע זענען דורך אים געטאָן געוואָרן מיט האַרץ און נשמה.



יחזקאל אדאמאשעק ז״ל

די אַלע סאָכאַטשעווער, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט אים געדינט אין דער פוילישער ארמיי, אין יאָר 1920, וועלן אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

אסתר שהם

# מיין זיידנס הויז

היינט לאָזט מיך זינגען
וועגן סאָכאַטשעוו,
דאָס שטעטל ווו מיין מאַמע
האָט די ערשטע טריט געשטעלט.
ווו מיין באָבע האָט פרום
די שבת־ליכט געצונדן,
און מיין זיידע האָט ערלעך
געפירט זיך זיין וועלט.

אין מיין זיידנס שטוב
האָט מען תורה געהערט,
אויך רייד פון מסחר זענען
געווען אין זיין מויל.
ס׳האָט געטומלט מיט אייניקלעך,
שנור און טאָכטער,
א פריילעך געמיש
פון קודש און חול.

די געפלאָכטענע חלות
צניעותדיק גלאַנצן,
מ׳האָט זיך געפלייסט
זיי באַקן וואָס פריער.
עס רייצן די ריחות
פון די געשמאַקע מאכלים,
די שבת־מלכה קומט אָן,
זי שטייט שוין ביים טיר.

שבת אין דער פרי,
די אייניקלעך נאָך שלאָפן,
פונעם גרויסן צימער
דאס דאַוונען מען הערט.
דער זיסער ניגן פונעם
לייענען עס וועקט זיי,
זיי הערן זיך איין,
פאַרכישופט, פאַרקלערט.

אָבער יעצט — ווו איז די מלוכה
פון מיין טייערן זיידן?
צעשטערט איז די שטוב
ווו מען איז תמיד גרייט געווען
צו חתונה־מאַכן אַן אָרימע יתומה,
און קיין אָרימאַן האָט אומזיסט
געדאַרפט גיין.

פאַרשוווּנדן — אַוועק
ווי א שיינער חלום,
ניטאָ מיין באָבע, מיין זיידע
איז שוין נישט מער.
און מיין מאַמע איז אויך
שוין לאַנג מיט זייביידע,
פאַרבליבן פאַר מיר
בלויז דער טרייסט פון אַ טרער.

פאר דעם פאַרלוסט
פון הייליקער ריינקייט,
פאר הארציקע אמת׳ן
יידישן חן.
די ווינטן פון שיקזאַל
האָט דאָס אלץ צעבלאָזן,
אַזוי ווי עס וואָלט עפעס
גאָר קיינמאָל געווען.

אָבער ניין — אזוי לאַנג ווי מיין
מוח קאָן נאָך טראַכטן,
אַזוי לאַנג ווי בלוט
אין מיינע אָדערן פליסט —
אזוי לאנג וועלן זיי
אין מיין דמיון נאָך לעבן,
זיי האָבן דאָך נישט
געלעבט אומזיסט.

דורך טויזנטער מיילן
נאָך צענדליקער יאָרן,
זייערע שטימעס מיר קלינגען
טאָג־איין און טאָג־אויס —
און זיסער ווי ווייַן
זענען מיינע זכרונות,
אויף מיר רוט נאָך די ברכה
פון מיין זיידנס הויז!

י. פ.

# די „איבערבאזעצונג"

אין יאָר 1948, האָט „דער יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט ביים צ.ק. פון יידן אין פוילן"פארעפנטלעכט א וויסנשאפטלעכע פארשונג פון ט. ב ר ו ס ט י ן־ ב ע ר נ ש ט י י ן: „איבערבאזעצונג אין ווארשעווער געטאָ אין דער צייט פון דער דייטשער אקופאציע (1941—1942)". אין דער דאָזיקער ארבעט געפינען זיך אויך אָפיציעלע ציפערן וועגן דער צאָל יידן אין סאָכאַטשעוו פאר און בעת דער דייטשער אָקופּאַציע.

לויט דער טאבעלע נומער 1, איז די צאָל יידן אין סאָכאַטשעווער און בלוינער קרייז אין יאָר 1939, געווען 19.000 און אין יאָר 1940 — 16.818.

די ציפער דערקלערט דער מחבר מיט געוויסע ענדערונגען אין דער טערי־טאָריעלער פארטיילונג פון דער יידישער באפעלקערונג, נאָכדעם ווי עס האָבן זיך פארענדיקט די מלחמה־אפּעראציעס, דעצעמבער 1939, און די מאסנהאפטע איבער־באזעצונג אין גענעראַל־גווּוערנעמענט פון די יידן אויס די פּראָווינצן „וואַרטעגאו" אין מזרח־פּרייסן, וועלכע האָט זיך אנגעהויבן אין נאָוועמבער 1939 און האָט נישט פארלוירן איר אימפּעט ביז יאנואר 1940.

„אין רעזולטאט פון די איבערבאזעצונגען פון די מקומות, װאָס זענען געוואָרן איינגעגלידערט אין רייך, װאקסט אויך די צאָל יידן אין װארשעװער דיס־טריקט..."

**דער מחבר ווייזט אָן אויף די סתירות פון די דייטשע מקורות פון יענער צייט.**

„שאצן גוזמהדיק די צאָל יידן אין װארטע־לאנד... דער יידישער מקור, װעלכן עס בילדן די דזשאינט־מאטעריאלן, נעמט אָן ביים אויסארבעטן א בודזשעט־פּראָיעקט פאר דער הילפס־אקציע אין װארשעװער דיסטריקט (אָן װארשע), אז די אלג. צאָל יידן אין װארשעװער דיסטריקט (אָן װארשע) באטרעפט אין 1940 קיילעכ־דיקע 250.000".

**און דער מחבר זאָגט ווייטער:**

„מען דארף אננעמען די דאָזיקע ציפער אויסשליסלעך װי אַן אריענטאציע־ציפער און די צאָל יידן אין יאָר 1939—1940 בלייבט פארהוילן, װי זי איז פריער געווען און אלץ אויף השערות".

**די השערות ווילן מיר איבערלאָזן פאר פאכלייט. אונדז אינטערעסירט מער די**

אויסוואַנדערונגען אָדער ווי דער מחבר רופט עס: איבערבאַזעצונג פון די יידן פון זייערע וווין־ערטער קיין וואַרשע און זייער לעבן דאָרט. אין קאַפּיטל „די איבערזעצונגס־פּאָליטיק“ הייסט עס:

„די יידן פון די מערב קרייזן, ד.ה. פון גריצער, סאָכאַטשעװער־בלוינער, לוױװיטשער סקערניעװיצער און פון דעם מערב־טייל פון װאַרשעװער קרייז, זענען געװאָרן איבערבאַזעצט קיין װאַרשע אין ערשטן קװאַרטל פון יאָר 1941, און דאָרט האָבן זיי על פּי רוב באַװױנט די פּונקטן פאַר פּליטים. דער גרעסטער פּראָצענט פון די דאָזיקע פּליטים איז אויסגעשטאָרבן פון הונגער און עפּידעמישע־קראַנקהייטן במשך פון זייער קנאַפּ אַנדערטהאַלב־יעריקן זיין דאָרט: פון צװישן די פּליטים האָט מען קודם־כל װערבירט דעם מענטשן־מאַטעריאַל פאַר די אַרבעטס־לאַגערן, און לסוף האָבן די ערשטע טראַנספּאָרטן יידן, װאָס זענען געגאַנגען קיין טרעבלינקע אויף אומקום, פאַרכאַפּט קודם כל מיט זיך די פּליטים“.

דער ביטערער גורל פון די פּליטים אין וואַרשע, איז געווען דער סוף פון אַ לאַנגן גסיסה־פּראָצעס, פון הונגער און עפּידעמיעס וואָס דער מחבר רופט אָן: די איבער־באַזעצונג אין די גרענעצן פון די קרייזן אין מערב־טייל פון וואַרשעווער דיסטריקט און אין קרייז וואַרשע־לאַנד׳ און ער דערציילט וועגן פינצטערע געטאָס, אפּגעגעבענע ישובים אין דערפער, ציגעלניעס און צום סוף דערמאָנט ער אויך — סאָכאַטשעוו.

„אין קרייז בלוינע סאָכאַטשעװ האָט מען צונויפגעבראַכט די באַפעלקערונג פון 5 שטעט, גראָדזשיסק, סאָכאַטשעװ, בלוינע, אַמשינאָװ, און װיסקיטקי ...דער זשיראַרדאָװער געטאָ, װאָס איז געװאָרן אָפּגעשלאָסן אין דעצעמבער 1940, האָט געמוזט איינאָרדענען ביי זיך 900 יידן פון סאָכאַטשעװ (רינגעלבלום אַרכיװ 353). די פאַראָרדענונג װעגן שאַפן אַ געטאָ אין סאָכאַטשעװ, האָט זיך באַװיזן אין שטאָט ערשט נאָכדעם, װי אַ טייל סאָכאַטשעװער יידן איז געװאָרן איבערגעשיקט קיין זשיראַרדאָװ. די איבערגעבליבענע תושבים פון סאָכאַטשעװ האָט מען באַזעצט דעם 24טן 25טן יאַנואַר 1941 אין געטאָ“...

מגר. בלומענטאל

# אויפלאגע פון בוך DU PREL

די קרייזהאַופּטמאַנשאַפט סאָכאַטשעוו־בלאָניע באַשטייט פון די פריערדיקע פּאָוויאַטן סאָכאַטשעוו און בלאָניע ווי אויך פון דער שטאָט זשיראַרדאָוו. פיר דאָרפישע געמיינדן, וואָס ליגן האַרט ביי דער ווייסל, זענען אָנגעשלאָסן געוואָרן אין מזרח פּרייסן.

דער קרייז סאָכאַטשעוו־בלאָניע איז בערך 1690 קוואַדראַט קילאָמעטער גרויס. עס וווינען דאָ 235.000 איינוווינער; דערפון 4000 פאָלקס־דייטשן. ער טיילט זיך אויף פינף שטאָטישע געמיינדן און 19 דאָרפישע. די שטעט זענען פאָלגנדיקע:

| | | | |
|---|---|---|---|
| זשיראַרדאָוו | מיט | 30.000 | איינוווינער |
| גראָדזשיסק | ״ | 18.000 | ״ |
| סאָכאַטשעוו | ״ | 13.000 | ״ |
| בלאָניע | ״ | 8.000 | ״ |
| משטשאנוו | ״ | 5.000 | ״ |

פאַר דער וועלט־מלחמה (?) האָט די צאָל יידן אין שטאָט באַטראָפן דריי פערטל פון דער באַפעלקערונג. ז. 355

אין דער ערשטער אויסגאַבע פון אָפיציעלן מדריך איבערן גענעראַל־גוווער־נעמענט פון 1940 יאָר:

Dr Mase Freiherr du Prel: "Das Deutsche General-Gouwernement Polen"

ווערן אָנגעגעבן פאָלגנדיקע אָנגאַבן וועגן דער שטאָט און קרייז סאָכאַטשעוו:

דער שטח פון קרייז 2126 קוואַדראַט־קילאָמעטער, אַנטהאַלט 5 פרייע שטעט און 20 געמיינדן; עס וווינען דאָ 233.000 איינוווינער, דערפון 8.000 פאָלקס־דייטשן און 20.000 יידן. (ז. 210).

די קרייז־שטאָט סאָכאַטשעוו מיט 13.000 איינוווינער איז דער זיצאָרט פון קרייז־הויפּטמאַן. אין יענער צייט איז דאָס געווען קאַרל אַדאָלף פאָטט. פיליעס פון דער קרייזהאַופּטמאַנשאַפט זענען געווען אין זשיראַרדאָוו (29.800 איינוווינער; לאַנד־קאָמיסאַר ווילהעלם דענק) און אין גראָדזשיסק (18.600 איינוווינער; לאַנדקאָמיסאַר ריכאַרד ליסבערג) [ז. 206, 207].

אינטערעסאנט, אַז אין דער צווייטער אויפלאַגע פון דעם זעלבן בוך (פון 1942 יאָר) ווערט שוין נישט אָנגעגעבן די צאָל יידן; וואַרשיינלעך האָבן שוין די אַרויסגעבער געוווּסט, אַז די יידן זענען שוין טיילוויז „פאַרשוווּנדן" און דאָס זעלבע דערוואַרט דאָס ביסל נאָך לעבעדיקע יידן.

וועגן די חורבות פון קלויסטער, וואָס זענען פאַרוועגדט געוואָרן פאַרן בנין פון אַ שול גיט אָן די דייטשע אַמטלעכע אויסגאַבע פון 1942 יאָר, אַז דאָס איז געשען אין 1911 יאָר!

ל. פערשטענבערג

# אויף די חורבות

ווו איך זאל נישט האבן געווען אויף מיין גלות־וועג, זינט איך האב פאר־לאָזן סאכאַטשעוו אין אַ האַרבסטיקן סעפטעמבער־טאָג 1939, האָב איך שטענדיק געבענקט צו מיין געבורט־שטאט. עס איז געגוג געווען איך זאל פארמאכן די אויגן און זען מיין שטעטל מיט די גאסן און געסלעך, אפילו יעדעס דורכגאנגס־געסל, די הייזער מיט זייערע איינוווינער, שטענדיק זענען געשטאנען פאר מיינע אויגן, די גרויסע מארק־פלעצער, די נייע בריק אויף דער בזורע, ווו מען פלעגט זיך באדן אין זומערדיקע טעג און שבת פאר־ברענגען. 27 יאר האב איך דארטן אפגעלעבט און געקענט יעדן שטיין. און אָט איז געקומען דער בלוטיקער קאָשמאַר. איך האב געוווסט, אז אַלע מיינע נאָענטע זענען דורך די דייטשן פאַרפייניקט געוואָרן, און דאָך האט זיך מיר געוואלט אנקוקן מיין היים־שטעטל.

אין אפריל 1946, נאך 7 יאר אָפּוועזנהייט, בין איך אָנגעקומען קיין סאכאטשעוו און האב דאס שטעטל נישט דערקענט. איך האב זיך פשוט נישט געקענט גלויבן אז איך בין אין דעם שטעטל, ווו איך האב געלעבט יארנ־לאנג.

פארנדיק קיין סאכאטשעוו מיט הארץ־קלאפעניש, האבן געשוועבט פאר מיינע אויגן די וויזיעס פון אַמאָל, און געטראכט האב איך, אז אויב נישט אלץ — איז דאך פארט עפעס געבליבן, אז איך וועל טרעפן כאָטש עטלעכע יידן, כאָטש עמיצן פון מיין משפחה, כאָטש איין חבר.

„אויסשטייגן, סאכאטשעוו" — רייסט איבער מיינע מחשבות דער שאָפער. איך גיי אראָפּ פון אויטאָ, ניין! ער האט געוויס געהאַט אַ טעות. איך בלייב ווי געליימט, נישט צו רירן זיך פון אָרט, און נישט קיין וואָרט ארויסצור־רעדן — ס'איז נישטאָ צו וועמען. עס הויבט מיר אָן שווינדלען פאַר די אויגן. עס האַקט מיר אין די שלייפן. זאָל דאס זיין מיין געבורט־שטאָט? איך שטיי אויפן אָרט ווו עס איז אַמאָל געווען מענדל אייזנשטיינ'ס שענק. דאָ פלעגן זיך אָפּשטעלן אַלע אויטאָס. איצט זע איך אויף דעם אָרט אַ ליי־

דיקן פיר־עק, אויסגעגלייכט, פארזייט מיט גראז, אפילו בענק אויסגעשטעלט, מעשה פאַרק. דאָ, אויף דעם ליידיקן פלאץ, אָנהויבנדיק פון קלויסטער ביז די קאָלעיאווע גאס (לעווקאָוויטש׳ס הויז), האט זיך קאָנצענטרירט דאס גאנצע יידישקייט. דאָ זענען געווען אַ סך שיינע הייזער, דאָ איז געווען די שול, צו וועלכער עס האט אַראָפּגעפירט דאס שמאָלינקע שול־געסל, אלע לויות זענען דאָ אדורכגעגאנגען צום בית־עלמין. דאָ איז געווען דער בית־המדרש, מיט דער מזרח־וואנט וואס האט זיך געגרענעצט מיט דער מקוה. און ווייטער אביסל, דאס שיינע הויז פון דער „יבנה״־שול, אויף וועלכן עס איז געווען אַ גרויסער מארמאָרנער טאָוול מיטן אויפשריפט „תלמוד־תורה, געגרינדעט דורכן סאכאטשעווער רעליעף קאמיטעט אין טשיקאגא״. און באלד דערנעבן אַ קליינטשיק הייזעלע, ווי עס וואָלט זיך צוגעטוליעט צום גרויסן בנין — די רעזידענץ פון דער יידישער קהילה אין וועלכער עס האט יארן־לאנג געהערשט ר׳ יוסף וואלקאוויטש. וויפל הייזער, וויפל יידישקייט איז געווען אין דעם ווינקל־שטאָט, אויב איך האב נישט קיין טעות, איז אויסער איין גוי, אַ שוסטער ביים „געלן בעקער״ אין הויז, מער קיין גוי דארט נישט געוווינט.

איצט איז דער גאנצער יידישער קווארטל לגמרי מיטן וואָרצל אויס־געריסן, אפילו די פונדאמענטן פון די הייזער ארויסגענומען, נישט איבער־געלאָזט קיין זכר. אויף דעם אָרט ווו עס האט געשווּבלט מיט אזוי פיל יידיש לעבן, מיט אַ סך יידישע קינדערלעך, באבעס, זיידעס, איז איצט שטיל רואיק — אַ סקווער, פארזייט מיט פריש גרין גראָז...

אויף דער צווייטער זייט מארק, די דרומדיקע זייט, דארט פלעגן יידישע מאמעס שפאצירן מיט די קינדער־וועגעלעך, אַ סך זון איז דארט געווען, און אַ גאנצע ריי יידישע הייזער, אָנהויבנדיק מיט דער טראָיאנאווער־גאס ביזן מאגיסטראט, די נייע געביידע מיט אַ סך געוועלבער (אייזיק וואלדענבערגס הויז). ווו איז דאס הויז פון די נעלסאָנס, גערשט, בראט, זאיאָנץ, וועלוול פינטשעווסקי? ווו זענען אַהינגעקומען די גאנצע רייע יידישע געוועלבער, ווו יידן פלעגן אויסהאָרעווען זייער פרנסה? און דאס לעצטע געוועלבל פון ברוך מרדכי כהן — אַ כל־בו קרעמל, ווו איז דאס אלץ איינגעזונקען?

יאָ, דער מאגיסטראט איז גאנץ, גאָרנישט געקרירט, פונקט ווי אין יענע צייטן. דאס מאגיסטראט־הויז איז זיי, די דייטשע רוצחים, געווען אַ שאָד צו פארניכטן. דייטשן האבן עס געבויט בעת דער אקופאציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין דעם מאגיסטראט האבן יידן געהאט 50% ראט־מענער, אַ יידישן וויצע־בורמיסטזש. און דער בורמיסטזש אליין, כאָטש אַ גוי, איז געווען אן „אונדזערער״, „זשידאווסקי בורמיסטזש״ — פלעגן אנ־

טיסעמיטן אים אָנרופן, ווייל געווילט איז ער געוואָרן מיט יידישע שטימען, און געמוזט נאכקומען יידישע פאדערונגען.

לענג־אויס דעם מאגיסטראט איז געווען די פארנע־גאס. היינט איז דאָ פוסט און ליידיק. די יידישע הייזער מיט זייערע איינוואוינער זענען אויס־געראטן געווארן דורך די דייטשע מערדער. אלץ האבן זיי אויסגעראטן, אפילו קיין חורבות פון די הייזער נישט איבערגעלאזט — אויסגעגלייכט מיט דער ערד.

דאָ זענען אויך געווען די הייזער פון די וויינבערג׳ס טשערוואניאק׳ס, ווו ס׳האָט געוווינט דער נעסטאָר פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, דער אָנגעזעענער ציוניסטישער עסקן ר׳ שמחה גרונדוואג, וייטער ראָזנפערל׳ס הויז און נאך קליינע יידישע הייזקעס, מיט יידישע הארעפאשנע מענטשן. דאס אלץ איז נישטא.

איך קום צו צום פייערלעשער־מארק. דאָ טרעף איך ערשט דעם צווייטן בנין, די „סטראזשאצקע שאַפע״. איך דערמאן זיך פארשידענע בילדער פון אמאָל: יידישע קולטור־אימפרעזעס, פארלעזונגען, פאַרוואַל־פאַרזאמלונגען אויף וועלכע מען פלעגט זיך קריגן, שרייען, געוואלדעווען, טאנץ־אָוונטן, קרן־קימת באזארן, ארבעטער־פארזאמלונגען, ווו דער הויפט־קאמף איז אנגע־גאנגען צווישן „בונד״ און קאמוניסטן. אויף די ברעטער פון דער קליינעם בינעלע זענען אויפגעטרעטן די בעסטע יידישע שוישפילער ווי: אידא קא־מינסקא, וויסליץ, ארלעסקא, מאריס לאמפע, וולאדימיר גאדיק מיט אלא לילית און דער האלבער סאכאטשעווער תושב — זשאק לעווי. וויפל יידיש גייסטיק־לעבן, וויפל עסטעטישע הנאה איז אויפגעגאנגען אין אָט דער„שאַפע״, דורך דעם סאָכאַטשעווער דראַמ־קרייז וועלכער איז ביזן לעצטן טאג אָנגעפירט געווארן דורכן טאלאנטפולן נחום גרונדוואג. וויפל קלעפ האבן מיר, די ווייסע חברניקעס, באקומען פון דעם אלטן גוי וורובעל, דער וועכטער פון דער „סטראזשאצקע שאַפע״, פאר וועלן ארייגבאקומען זיך אין „זאל״ אָן אַ בילעט אויף אַ פאָרשטעלונג, אַ קאָנצערט, אַ רעפעראט.

היינט איז דאָ טויט שטיל. אומעטיק. עס באוועגן זיך ווינציק מענטשן דאָ אויפן מארק. נישטא די יידישע שלמה׳לעך, משה׳לעך, חנה׳לעך, וואס פלעגן מיט זייערע זילבער־גלעקלדיקע קולעכלעך פארהילכן דעם גרויסן פלאַץ ביים שפילן זיך.

בעת מיר זוכן די שפורן פונעם פאַר־חורבנדיקן יידישן לעבן בין איך אוועק אויך צום סאָכאַטשעווער יחוס — צום רבינס הויז און בית מדרש.

זעט אויס, דער גורל האט געוואלט, אז אַ שטיקל זכר זאל בלייבן ווי אַן אָנדענק פון בארימטן סאכאטשעווער הויף. דעם רבינס בית המדרש איז

געבליבן שטיין נישט צעשטערט, אָבער אך און ווי אין וואס פארא־צושטאנד איך האב עס געטראפן. ווער ס׳ווינט דאָרט און פאראומרייניקט עס...

איך געדענק, אז נאך אין יענע „גוטע״ צייטן, איז נישט געווארן אָפּ־געגעבן דער געהעריקער כבוד אָט די הייליקע ערטער. דעם רבינס בית־המדרש האט שטענדיק געדינט פאר אַ פאבריקל פון באַמערדער׳ס זייף. נישט איינ־מאָל פלעגן מיר חברה זיך אראָפּכאפּן אין רבינס סאד. פרוכטן איז געווען לרוב מכל המינים, און קיין שומר איז נישט געווען. האבן מיר שוין גע־ווּסט וואס צו טאָן דארט. אָבער גלייכצייטיק פלעג איך ליב האבן אריינגיין אין די חרובע צימערן פון רבין. אויף די ווענט זענען געווען אויסגעמאָלן פארשידענע פייגל, פאלמען און ארץ־ישראל־פרוכטן: וויינטרויבן, מאראנצן. קינדער האבן זיך דארט אוועקגעזעצט און זיך דערציילט פארשידענע מעשיות. דעם רבינס צימער פלעגט אויף אונדז, חברה, אָנוואַרפן עפעס אַ פחד מיט אַ געמיש פון יראת הכבוד.

איצט איז דאָס אַלץ פאַראיינזאַמט, פרעמד, פאַרגויאישט. מיט אַ צעבראָכן געמיט גיי איך אוועק פון דידאָזיקע הייליקע ערטער. אומגעקומען איז די סאכאטשעווער יידישע עדה מיט אלע אירע הייליקייטן.

די האלבע שטאט איז שוין מער באלעבט, אבער ווייט נישט ווי אַמאָל. איך פיל אלעמענס בליקן אויף מיר. עס דאכט זיך מיר, אז באלד וועט מיר אנטקעגן קומען אַ באקאנטער, אַ נאָענטער. איך גיי שנעל, נערוועז, זאל דאס זיין אמת, אז סאכאטשעוו איז יידן־ריין קיין איין ייד נישטא?

פלוצים — הער איך ווי פון אַ געוועלב ארויס רופט מען מיין נאָמען. איך ציטער אויף און אפשר פאָרט, כאָטש איינער? איך גיי אריין אין געוועלב. ניין, דאס איז די משומדת צפורה, דער פלעק פון אונדזער סאכאטשעוו, די וועלכע האט פארשעמט און מבזה געמאכט נישט בלויז איר פרומען פאטער נאָר אויך די גאנצע יידישע שטאָט. זי איז געבליבן לעבן, אבער זיך אויס־באהאלטן. פאר די דייטשן איז זי געבליבן אַ יידישקע...

זי פארשיט מיך מיט פראגן. עס אינטערעסירט זי יעדער לעבן־געבלי־בענער ייד. אלץ וואס איז פארבונדן מיט יידישקייט. אין שמועס ווארפט זי אריין אביסל יידישע ווערטער, ווי זי וואָלט זיך וועלן עקזאַמינירן, צי זי קען נאָך אביסל איר מאמע־לשון.

איך אנטלויף שנעל פון איר. איך וויל ווייטער זוכן עפעס יידישעס. ביז ארויף צום ווארשעווער טראקט, איז זייער ווינציק געענדערט, בלויז די יידן פעלן. איך גיי אריין אין דער גאס, וווּ מען פלעגט צוגיין צום טשערוואָנקער פריצישן הויף. די גאס ווי געווען. דאס הויז פון דער פאליציי, דער „דאָם לודאווי״, אויך דאס הויז פון „ספאלע׳ס״, דאס גרויסע נייע הויז פון דער פּאָסט און סטאראָסטווע — אלץ איז גאנץ אבער... באלד דערנעבן איז גע־

שטאנען יוסף וואלקאוויטשעס הויז — דער יידישער בנין איז נישטאָ. מיכאל־סקיס מיל ארבעט, ווי פריער, מיט דער גאנצער פארע, אבער זי איז שוין נישט זיינע. די מיל איז פארמלוכהשט געווארן. ער איז איצט דארט אן ארבעטער.

הארט ביי דער מיל, אין יאר 1932, איז פארזעצט געווארן אַ יונגער פארק. אמאל פלעגט דאָ זיין אַ פערד־מארק יעדן דינסטיק און פרייטיק, און אלע זונטיק פארנאכטן האבן מיר געשפילט פוטבאל. די דעמבעס אין דעם פארק וועלכע זענען זיך ריזיק צעוואקסן, אבער נישטא די יידישע יוגנט, וואס זאל זיי באוואונדערן.

ווייטער אראָפּ צום שפיטאל מיט דער טראַיאנאָווער גאס וועל איך נישט גיין, דאָרט איז געוויס אַלץ אין אָרדענונג. דאס איז שטענדיק געווען אַ קריסטלעכע געגנט. עס דערמאָנט זיך נאָר, ווי אויף דער גאס פלעגן זיך לאזן יונגע, פארליבטע פאָרלעך, שפאצירן צום וואסערפאל ביי שבתאי ליבערט׳ס מיל און פלעגן מיט ראמאנטישע, פארליבטע בליקן זיך איינקוקן שעהן־לאנג ווי דאס וואסער פלעגט מיט רעש און כוח באוועגן די רעדער פון די מיל. איך וועל ווייטער נישט גיין! נישט שבתאי ליבערט מיט זיין משפחה זענען דארט פאראן, און נישט די שיינע סאָכאַטשעווער יוגנט וועט שוין דאָ שפאצירן. דער וואסערפאל רוישט און שפריצט ווייטער זיינע ברויזנדיקע כוואליעס, אבער שוין נישט פאר יידן...

איך קער זיך אום צוריק צו דער ווארשעווער גאס, די צווייטע העלפט גאס, אָנהייבנדיק פון די קאָלעיאָווע. די האלבע שטאט איז כמעט ווי געווען. דאס רוב הייזער שטייען נישט גערירט. באלד ביים אָנהויב — דאס נייע הויז פון טשערניעווסקי, אנטקעגן ביערנאצקיס און האפענונג׳ס הייזער. ווייטער מאנע ברעסלאס הייזל, באָרענשטיינס און חייקל קאַראָס הויז, ישראל רויטשטיינס הייזער, ווי אויך די האלעס. די גאנצע לענג גאס נישט גערירט. עס דוכט זיך מיר, אז איך וועל ארײַן אין די געוועלבער און באלד רעדן מיט זייערע יידישע איינהאבער גאָטהעלף, כץ, פלאָנסקי. אָט־אָ־דאָ איז געווען דאס ביידל פון בערל אקליינסקי, ווו מיט אַ וויץ און אַ געלעכטער און אַ גוט־ווערטל פלעגט ער פארקויפן פון אַ נאָדל ביז אַ בוך, אַ צייטונג. אנטקעגן איז געווען זאיאָנץ׳ס שניט־געוועלב, ביעזשאנסקיס פאַרבן־געשעפט, ווייטער סקאָטניצקיס הויז, געווען שותפות געבויט מיט דעם קיילער, קלאָטט. דעם גוי׳ס הויז שטייט און ער פארקויפט ווייטער זיין טריפהנע סחורה, אָבער דעם פעלדשערס הויז איז צענומען ביזן פונדאמענט. אין די אלע אויסגע־רעכנטע הייזער האט זיך קיין סך נישט געענדערט. בלויז אין די געוועלבער זענען פאַראַן ניי־אויפגעקומענע פוילישע באַלעבאַטים, אויפן אָרט פון די אמת׳ע, די יידישע.



וואָלף־איטשע גאַלעק מיט זיין פרוי מלכה

אין צענטער פון דער ווארשעווער גאס פעלט אבער חיל־מאיר טילמאנס ריזן הויז מיט אירע דריי הויפן, וואס איז געווען ווי אַ קליין שטעטעלע. אין די הייזער האט מען אלץ געקענט טרעפן — פון פארשידענע געוועלבער ביז אַ באנק, חברות, דאוון־שטיבלעך, כל מיני בעל־מלאכות, ביז אַ שוחט, אַ סופר, אַ מוהל, דאס גאנצע הויז געווען באוווינט פון טייערע, הארציקע יידן, און איין גוי — אַ סטרוזש.

די פּאָסט. ווידער שווימען אויף דערינערונגען. וויפל יידישקייט איז געווען אין דער פּאָסט! שטענדיק געווען פול מיט יידן וואס האבן געשיקט בריוו, טעלעגראמעס, פעקלעך. געשיקט און געקריגן פון קרובים אין אמע־ריקע, אדורכגעפירט פארשידענע געלט־ענינים מיט אנדערע שטעט. בחורים און מיידלעך פלעגן באשטימען טרעפונגען ביי דער פּאָסט, ווייל דארט האבן זיך שוין אָנגעהויבן „ראמאנטישע“ אלייען. אין דער פּאָסט האבן געארבעט, פארשטייט זיך, נאר גויים (עס ווילט זיך דאָ דערמאָנען איינעם אַ נאטשאל־ניק פון דער פּאָסט, אַ יידן־פריינט — פזשיביש — ער האט געשפילט פידל, געחברט זיך מיט יידן, באוויזן צו לערנען אַ נישט־פארמעגלעכן יינגל יארן־לאנג שפילן פידל אָן געלט).

עס איז כדאי אריינגיין אין פּאָסט, כדי צו זען, ווי זי זעט אויס אָן יידן. איך גיי ארויף די פּאָר טרעפלעך. שטיל אין פּאָסט, עפעס שטייט יאָ איין איינציקער אינטערעסאנט, און ביי די פענצטערלעך קוקן ארויס דריי באַאמטע און באטראכטן מיך, עפעס אַ פרעמדן. עס הערשט דאָ אַ טרויער־

ריקייט און פוסטקייט. איך וויל זיי וויזן, אז כאָטש דאָס יידישקייט אין סאַכאַטשעוו איז ליקווידירט, דאָך איז געבליבן נאָך אַ זכר און ס'איז פאַראַן אַ גרויסע האָפענונג אויף המשך און קיום. איך הייס זיך דערלאַנגען אַ קאַרטל, איך פאַרפיל עס מיט יידישע אותיות און שרייב אָן דעם אדרעס מיט געדרוקטע, פּירקאַנטיקע, אויסגעמאָלטע אותיות, און שרייב צו נאָר אין לאַטייניש וואָרט: ISRAEL.

איך שיק אוועק דאָס לעצטע מאָל פון סאַכאַטשעוו אַ קאַרטל צו מיין חבר אין ארץ ישראל. איך דערלאַנג עס אין פענצטערל און פּרעג, וויפל מאַרקעס דאַרף איך אָנקלעפּן. די אָנגעשטעלטע, אַ פרוי, וועלכע איך קען נאָך פון יענע צייטן, איז ווי געפּלעפּט. זי נעמט דאָס קאַרטל און לויפט אריין פרעגן דעם נאַטשאַלניק. זי ווייסט נישט דעם פּרייז, ווייל שוין יאָרן איז אזא מין משונהדיק קאַרטל נישט געקומען אין איר האַנט. זי קומט צוריק, קוקט מיך אָן און, זעט אויס, דערקענט מיך, און זאָגט מיר דעם פּרייז נישט אויפהויבנדיק די אויגן. איך פאַרשטיי נישט פאַרוואָס זי קוקט נישט אויף מיר. צי האָט זי עפּעס אויף איר געוויסן אַ חטא קעגן אונזערע סאַכאַטשעווער יידן, אדער פאַרדריסט איר, וואָס ס'איז נאָך געבליבן איינער, וועלכער שרייבט יידיש און רייצט זיך מיט איר, אז טראָץ אַלעם זענען נאָך פאַראַן יידן און שוין האָבן זיי אָן אָרט אויפן ערד־קיילעך און זיי שרייבן מיט זייער שפּראַך? איך צווייפל, צי מיין לעצט בריוול פון סאַכאַטשעוו וועט דערגרייכן צום אדרעסאַט, צי די אנטיסימיטישע באַאַמטין וועט עס נישט פאַרניכטן. אָן אַ „גוטן טאָג״ פאַרלאָז איך די פּאָסט און לאָז זיך ווייטער אויף מיין לעצטן שפּאַציר איבער די סאַכאַטשעווער גאַסן. (דאָס קאַרטל איז אָנגעקומען און געפינט זיך ביים היינטיקן טאָג אין ישראל).

איך האָב שוין כמעט דורכשפּאַצירט דאָס גאַנצע שטעטל. צו מיין גרויסן צער האָב איך קיין יידן נישט געטראָפן. סאַכאַטשעוו איז טאַקע „יידן־ריין״. דער חלום פון די סאַכאַטשעווער אנטיסעמיטן איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. וואָס ס'איז זיי נישט געלונגען דורך פאַרשידענע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע קאַמפן קעגן יידן, האָבן זיי דערגרייכט דורך די היטלעריסטישע רוצחים. מיט פייער און שווערד און גאַז־אויוונס האָבן די דייטשן פאַרווירקלעכט די אידעאַלן פון די פּוילישע נאַציאָנאַליסטן.

יאָ, נאָך איין אָרט איז פאַראַן אין סאַכאַטשעוו, וווּ איך קאָן טרעפן אַ זכר פון יידן — דאָס יידישע בית הקברות. בנימין גרעבער איז אויף זיכער דאָרט נישט פאַראַן מיט זיין בית־עולם הייזל, אָבער די מצבות, די אוהלים פון די סאַכאַטשעווער צדיקים זענען אויף זיכער געבליבן, וואָס האָבן זיי געקענט האָבן צו די טויטע? — אזוי טראַכט איך זיך גייענדיק צום אָרט פון אייביקער רו פון אונדזערע עלטערן. אָבער דאָ באַווייזט זיך

פאר מיינע אויגן אַ בילד, וואס האט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון אויף אייביק, און וועלכעס וועט אייביק ארויסרופן האס און צאָרן צו די שענדער פון די קברים פון דורות סאכאטשעווער יידן. איך זע פאר זיך אַ פעלד פארוואקסן מיט ווילד־גראָז, קיין צייכן פֿון קברים, קיין מצבה, קיין איין ציגל פון די גרויסע סאכאטשעווער רבינס אוהלים. אבער עס איז דאָ נישט פוסט, פארקערט, עס איז טומלדיק פריילעך, עס לויפן ארום פערד, עס פאשען זיך קי, קאָזעס און פאראומרייניקן די הייליקע ערד ווו עס ליגן די ביינער פון אונזערע טייערסטע.



אויפן צעשטערטן סאָכאַטשעווער בית־הקברות פּאַשן זיך בהמות
בית הקברות ההרוס בסוחצ׳וב

מיין גאנץ ביטער הארץ, מיין גאנצן צער, מיין גאנצן ווייטיק וועלכער איז געווען אָנגעזאמלט פון אַ גאנצן טאָג, האב איך אויסגעלאָזט צו די פּאַסטוכער. זיי האבן מיר׳ אפילו קיין סך נישט געענטפערט, עפעס געבאנקעט אונטערן נאָז, נאר זיי האבן געמוזט אויף מיין באפעל צונויפנעמען די טשערעדעס און אראָפּגיין פון הייליקן אָרט.

איין צייכן פון יידישן בית עולם איז דאָך געבליבן, ווי אַ בלוטיקער פלעק אויפן שטערן פון די אנטיסעמיטישע פוילישע מערדער; עס איז געבליבן די מצבה אויפן קבר פון יונגן, דורך פּאָלאקן דערמאָרדעטן, פנחס וויינבערג. עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן ווי אזוי, ביי וועלכע פיינטלעכע באדינגונגען און הארטנעקיגן אויסדויער, האָט אַ ייד געקאָנט דערהאלטן זיין לעבן אין די בלוטיקע היטלער־טעג. דאס האבן באוויזן אפשר אַ 30 סאכאַ־טשעווער יידן, צווישן וועלכע עס האט זיך געפונען אויך דער יונגער וויינבערג. דער מאָרד איבער אים איז דעריבער מער ווי מערדעריי, מער נאָך ווי היטלעריזם. עס איז שווער צו באגרייפן, וואס עס הייסט פארלירן דאס לעבן, און נאָך אזוי פיל צרות, לײדן, שרעק, דערנידערונג ווערן דערמאָרדעט אינעם טאג ווען עס האט זיך פארענדיקט די מלחמה.

## פון די שארית הפליטה



לעבנגעבליבענע סאָכאַטשעווער אין דייטשלאַנד



צוריקגעקומענע סאָכאַטשעווער פון רוסלאַנד

איך בויג דעם קאָפּ איבערן פרישן קבר. אַ פּיזיש צעבראָכענער, אַ צע־וויטיקטער, מיט פיל נקמה־געפילן, פארלאָז איך דעם בית עולם.

דער אָוונט פאלט צו, די זון באהאלט זיך אויף יענער זייט פון טייך בזורע. איך מוז וואס שנעלער אַנטלויפן פון סאכאטשעוו. ווי טרויעריק דאס קלינגט: אנטלויפן פון מיין סאכאטשעוו צו וועלכן איך פלעג בענקן, גע־ווארט שוין אויפן מאָמענט איך זאל צוריקקומען. איך באשליס וואס שנעלער אוועק פון דאנען, נישט נאָר פון מיין געבורט־שטעטל נאָר אויך פון דעם לאנד מיט די מענטשן, פון דעם באָדן, וואס איז דורכגעווייקט מיט אונדזערע עלטערנס, ברודערס, שוועסטערס און קליינע קינדערס בלוט...

**ירוחם אינס**

# סאַכאַטשעווער אין ישראל

דער געדאַנק פון שיבת־ציון האָט זיך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און מיט דער דערקלערונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע שטאַרק צעוואַקסן. אויך אין אונדזער שטאָט האָבן זיך געפונען וואָס־אַ־מאָל אַלץ מער אַנהענגער, און נישט נאָר צווישן דער יוגנט, אויך עלטערע מיושבדיקע בעלי־בתים. פונעם באַלעמער אין סאַכאַטשעווער בית־המדרש פלעגן די שליחים אַפּעלירן צום עולם וועגן העלפן בויען ארץ־ישראל, און די צוהערער זענען נישט געבליבן גלייכגילטיק: אין די הערצער האָט זיך געוועבט און געשפּינט דער געדאַנק וועגן אַ צוקונפט אין אייגענעם לאַנד, און אויב נישט פאַר זיך, איז לפּחות פאַר די קינדער.

אין יאָר 1920 פאָרט אָפּ קיין ארץ־ישראל אהרן פרידמאַן, איש שלים ז״ל. אויך זיין ברודער יעקב פרידמאַן ז״ל באַגנוגנט זיך נישט מיט ציוניסטישער טעטיקייט אין סאַכאַטשעוו און פאָרט אָפּ אין יאָר 1921, צוזאַמען מיט זיין פרוי רחל, קיין א״י. מיין זעליגער פאָטער הערצקע אינס פאַרלאָזט סאַכאַטשעוו סוף 1921 און איז עולה קיין א״י. אין יאָר 1922 פאָרן אָפּ מחלה לוין־בוטלער און מרים לוין.

נישט לייכט אָבער איז דאָס לעבן פון די אָנגעקומענע. ס׳לאַנד איז וויסט. אַרבעט איז שווער צו געפינען. די הויפּט־אַרבעט איז דאַן ברוקירן שאָסייען און טריקענען זומפּן. אַרבעט מען אין געפערלעכע זומפּן און מען פיבערט. אין די פּרדסים אַרבעטן ביליקע אַראַבישע אַרבעטער און ס׳איז נישט לייכט צו קאָנקורירן מיט זיי.

אין יאָר 1924, צוזאַמען מיט דער אַזוי גערופענער פערטער עליה, זענען עולה פון סאַכאַטשעוו קיין ארץ־ישראל זלמן אַלבערט׳ס פרוי טויבע לאה מיט אירע קינדער, פישל וויינבערג (ישראל כרמי), יוסף גרונדוואַג (דער זון פון שמחה גרונדוואַג ז״ל), משה פרידמאַן, יצחק ווינשטאָק, די פאַמיליע אינס, בלומע וויינבערג, מענדל זאַיאָנץ, ישראל באַלאַס, אליעזר זאַלצמאַן, וואָלף איטשע גאַלער, יעקב צדקוני (רעכטמאַן), משה בזשעזשינסקי (לבנון), רחל וויינבערג (לבנון), משה־בער טשערוואַנעק, ברוך זאַלצמאַן, נח וואַלמאַן און איטשע פרידמאַן.

# צוזאמענטרעפן פון סאכאטשעווער אין ישראל
## יהודי סוכצ׳וב בישראל מתכנסים



גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אין יאָר 1945



צוזאַמענטרעף פון סאָכאַטשעווער מיט זייער לאנדסמאַן
פון אַמעריקע פליישמאַן אין ישראל

צו קיין גרויסער עליה איז דאָך נישט געקומען. דער עול פון פרנסה ביי אונדזערע סאָכאַטשעווער יידן איז געווען אַ שווערער, און leider האָבן זיי נישט געהאַט קיין כח און מוט עס צו פאַרלאָזן...

אויך נישט אלע אנגעקומענע קיין א״י האָבן זיך געקענט צופאסן צום קלימאט און צו די שווערע לעבנס־באדינגונגען. די פריער־געקומענע באמיען זיך צו העלפן די ניי־געקומענע. ביי יעקב פרידמאַן ארגאניזירט זיך די ערשטע בוי־קבוצה, וואָס באשטייט נאָר פון סאָכאַטשעווער. די קבוצה עקזיסטירט אַ לענגערע צייט און ווען זי צעפאַלט זיך, גייען די חברים אריבער קיין עפולה. דאָרט וווינט מחלה לוין־בוטלער מיט איר מאַן און ער באזאָרגט די סאָכאַטשעווער מיט ארבעט.

אין עפולה געפינען זיך: משה לבנון, מענדל זאַיאַנץ, ישראל באַלאַס, פרומע־וויץ, יוסף גרונדוואג, וויינשטאק, טשערוואנעק און אנדערע. מען לעבט צוזאמען, מען קאָכט פאר אלע און מען זאָרגט פאר די וואָס ארבעטן נישט. ווען די ארבעט אין עפולה ענדיקט זיך ווענדעט מען זיך צו אהרן פרידמאַן, וואָס איז ראש קבוצות יר״ח אין ירושלים. אהרן שרייבט זיי זאָלן קומען קיין ירושלים, און מען וועט זיך טיילן מיט דער ארבעט. פאָרט מען קיין ירושלים און מען ארבעט אין קבוצת יר״ח. מען ווילט זיך, אז זי דארף גאָר הייסן קבוצת סאָכאַטשעוו.



די ערשטע בוי־קבוצה אָרגאַניזירט דורך יעקב פרידמאַן ז״ל

אָבער נישט אלע סאָכאַטשעווער האבן זיך געקענט צופאסן צו די באדינגונגען, און אַ טייל האָט פאַרלאָזן ס׳לאַנד.ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געפינען זיך בערך אכציק סאָכאַטשעווער משפחות אין לאַנד. קיין איינער פון אונדז האָט זיך נישט פארגעשטעלט, וואָס ס׳דערוואַרט אונדזערע משפחות, די פארבליבענע אין סאָכאַטשעוו.

## הועד וועדת הבקורת של ארגון יוצאי סוחצ׳וב בישראל

### די פערוואלטונג און רעוויזיאנס קאמיסיע ביים ארגון יוצאי סוחצ׳וב אין ישראל

### 1957-1962



ס׳זיצן פון רעכטס צו לינקס: פערוואלטונגס מיטגלידער: אלחנן כץ, שלמה פרידמן, יוסף גרונדוג
ס׳שטייען פון רעכטס צו לינקס:
נחום ליברמן (רעוו. קאמיסיע), לייב פרשטנברג, גאלדה קירשבוים (פערוו. מיטגלידער),
שלמה שוויטלובסקי, נתן קפר (רעוו. קאמיסיע).
אויפן בילד פעלט דער פארוואלטונגס־מיטגליד הרצקה גרוברד.

# ארגון יוצאי סוחצ׳וב בישראל

סעפטעמבער 1939. טרויעריקע בשורות טראגן זיך צו אונדז פון פוילן. דער ראַדיאָ, וואָס ברענגט יעדן טאָג נעמען פון פוילישע שטעט, וואָס זענען איינגענומען געוואָרן דורך די דייטשן, דערציילט אויך וועגן קאַמפן, וואָס קומען פאָר ביי סאָכאַטשעוו. דעם 27־טן סעפטעמבער, מיטן איינגעמען וואַרשע, געפינט זיך די יידישע באַפעלקערונג פון פוילן אין די נאַצישע נעגל.

שוידערלעכע ידיעות פון אקופירטן פוילן. נייע שרעקלעכע באַגריפן טראָגן זיך פון דאָרט: געטאָס, אַקציעס, אויסזידלונגען, אומשלאַגפּלאַץ, קרעמאַטאָריום... דער מענטשלעכער שכל קען נישט אויפנעמען דעם גרויל.

מיט די ערשטע הילפס־רופן, וואָס דערטראָגן זיך צו אונדז פון די פאַרפייניקטע, קומען זיך צונויף די סאָכאַטשעווער אין ישראל. דער צוזאַמענקום (כנוס) קומט פאָר ביי משה לבנון אין שטוב חול המועד פסח תש״ה. פון די ידיעות, וואָס ווערן איבערגעגעבן, ווערט קלאָר דער פאַרנעם פון שרעקלעכן אומגליק און די נויטווענדיקייט צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע וואָס זאָל דערלאַנגען די נויטיקע הילף און לינדערן די פּיין פון די לעבנגעבליבענע. ס׳ווערט געגרינדעט דער „ארגון יוצאי סוחצ׳וב בישראל״. אין ערשטן קאָמיטעט ווערן געוויילט די חברים: יעקב פרידמאַן, משה לבנון, ירוחם אינס און משה אליעזר באַרנשטיין.

דער ועד באַמיט זיך צו שטעלן אין פאַרבינדונג מיט די געראַטעוועטע, וואָס זענען צעשפּרייט איבער פוילן, דייטשלאַנד, רוסלאַנד א. אַ. וו.

דער קאָמיטעט און ספּעציעל דער פאָרזיצער יעקב פרידמאַן, ווידמעט פיל צייט, ביז ס׳געלינגט אים אויפשטעלן די פאַרבינדונג און איינשטעלן אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט זיי. יעדער בריוו, וואָס מען באַקומט, דערציילט פון שווערע איבערלעבונגען און פון גרויזאַמקייט, וואָס יעדער איינער איז איבערגעקומען. ס׳ווערט קלאָר, אַז מ׳קען זיך נישט באַגנוגענען נאָר מיט מאָראַלישע הילף. ס׳פאָדערט זיך מאַטעריעלע הילף פאַר די, וואָס האָבן אַלץ פאַרלוירן און רייסן זיך צו די ברעגן פון לאַנד. די נויטיקן זיך, קודם כל, אין אַ דאַך איבערן קאָפּ און אין מיטלען אויף זיך איינאָרדענען.

די ערשטע סומע געלט באַקומען מיר פון אונדזערע אַמעריקאַנער לאַנדסלייט דורך זייער רעליעף־קאָמיטעט. אויך פאַר אונדזערע סאָכאַטשעווער אין ישראל איז דאָס וואָרט „גמילות חסד״ גוט באַקאַנט — און די געשאַפענע גמילות־חסד קאַסע דערגרייכט איבער 7 טויזנט פונט און לייט באַדייטנדע סומעס אָן פּראָצענט און אָן זשיראַנטן.

מיטן אָנקומען פון דער שארית הפליטה אין ישראל ווערט קלאָר אויך די נויטווענדיקייט פון שאַפן פאַר זיי אַ וואַרעמע אַטמאָספערע. עס ווערן איינגעאָרדנט פאַרשידענע מסיבות, ווו ס׳קומען זיך צונויף אַלע בני עיר, עס שאַפט זיך אַ צוזאַמענ־

בונד צווישן אונדז. ס'איז אויך כדאי צו פארצייכענען אלעמענס אָנטיילנעמען אין אַ שמחה פון אַ בן־עיר און אויך, חלילה, אין טרויער.

דער ארגון ארדנט אויך איין אויפנאמעס פאר אונדזערע סאָכאַטשעווער וואָס קומען אויף באַזוך אין ישראל. צווישן אנדערע זענען אין משך פון יאָרן אויפגענומען געוואָרן: איטשע פליישמאַן ז"ל, ישראל בראפמאן מיט זיין פרוי, אריה מונע מיט זיין פרוי, משה שווארץ, פעסיע פירשטענבערג מיט איר מאן, שלמה שמייסער, חיים נעלסאָן מיט זיין פרוי, דוד וואלראט מיט זיין פרוי, שפייזהענדלער מיט זיין פרוי און טאָכטער. ערשט לעצטנס האָבן אונדז באַזוכט אונדזערע פריינט חזן מיט זיין פרוי, לאַנדוי מיט זיין פרוי און זאבוצקי מיט זיין פרוי.




דאס פרעזידיום ביי אַן אזכרה
הנשיאות באזכרה לזכר הקדושים

די אזכרה צום אנדענק פאר אונדזערע קדושים קומט פאר יעדעס יאָר כ"ט שבט. אין דעם טאָג קומען זיך צונויף פון גאנצן לאַנד אלע סאָכאַטשעווער, כדי בצבור דערמאנען דעם אומקום פון אונדזער קהילה. ס'איז אויך ביי אונדז רייף געוואָרן די נויטווענדיקייט פון צונויפזאמלען אלע פאקטן וועגן אומקום פון אונדזער קהילה מיט אירע טויזנטער פארפייניקטע. ס'ווערט באשלאָסן צו גרינדן אַ היסטאָרישע קאָמיסיע, וואָס זאָל צונויפזאַמלען אלץ, וואָס האט אַ שייכות מיטן לעבן און אומקום פון אונדזער קהילה און ארויסגעבן אַ בוך, אַ מצבה, וואָס זאָל דערציילן די קומענדיקע דורות וועגן אונדזער לעבן און טראגישן אומקום.

דער ועד פון ארגון יוצאי סוחצ'וב האָט זיך פאר דער צייט עטלעכע מאָל געביטן




סאָכאָטשעווער פון גאַנצן לאַנד ביי אן אזכרה נאָך זייערע קדושים
אנשי סוחצ׳וב מתיחדים עם זכר הקדושים

נישט טוישנדיק דערביי זיינע אויפגאַבן, וואָס דער גורל האָט אויף אים ארויפגע־לייגט, צו לינדערן די פּיין פון די, וואָס האָבן דורכגעמאכט דעם היטלעריסטישן גיהנום.

נישט לייכט איז געווען דאָס לעבן אין ישראל פאר אונדזערע געראטעווטע, אָבער דער געפיל, אז מ׳געפינט זיך צווישן אייגענע, העלפט זיי שלאָגן לאנגזאַם ווארצ־לען און ביסלעכוויז אָרדנט מען זיך איין.

דער פונק פון קעגנזייטיקער הילף איז נישט אויסגעלאָשן ביי סאָכאַטשעווער יידן. ער קומט צום אויסדרוק אין „ארגון יוצאי סוחצ׳וב" און אויך אין טעטיקייטן אויף אנדערע געביטן, ווי דאָס אפהיטן דעם אנדענק פון אונדזערע קדושים און דאָס אויפהאַלטן דעם קאָנטאַקט צווישן אונדזערע בני־עיר.

אויך דער רבי חנוך (הענעך) בארנשטיין, דער זון פון רבי ר׳ שמואל (שם



דער רבי ר׳ הענעך, זון פון „שם משמואל", וועלכער איז ממשיך די טראַדיציע פון סאָכאַטשעווער חסידות אין ירושלים.

משמואל) איז ממשיך די טראדיציע פון סאָכאַטשעווער חסידות און זיינע חסידים פאַרן קיין ירושלים צו זייער רבין, הערן פון אים דעם סאָכאַטשעווער נוסח אין תורה און ציען ווייטער דעם גאלדענעם פאדעם פון סאָכאַטשעווער חסידות.

ש. שוויאטלאווסקי

# ציון לנפש יקרה

משה אהרן, דער זון פון יחיאלווידעלעץ, האָט נאָך פאר זיין בר־מצוה ווערן, געמוזט אָנהייבן אַרבעטן.

כדי צוצוהעלפן צו דער׳ פרנסה אין זיין היים, שליסט ער זיך אָן אין ־די רייען



משה־אהרן ווידעלעץ ז״ל

פון די לינקע קרייזן. אין צייט פון שפּאַנישן בירגער־קריג, באַהאַלט ער זיך מיט נאָך א חבר זיינעם אין אינטערנאַציאָנאַלן צוג וואַרשע — בערלין — פּאריז מיטן ציל זיך אָנצושליסן אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע, וועלכע האָט געקעמפט אויף דער זייט פון די שפּאַנישע אויפשטענדלער קעגן דיקטאַטאָר פראַנקאָ. ער ווערט אָבער געכאַפּט אויף דער דייטשער גרענעץ און צוריקגעשיקט קיין פּוילן.

די לעצטע וועלט־מלחמה מאַכט ער דורך אונטער די נאַצישע נעגל און אין רוסישן סיביר.

קומענדיק אין לאַנד מיט זיין פאַמיליע א דערשעפּטער, אַן אויסגעמאַטערטער פון די אַלע וואָגלענישן, שטערט דאָס אים אָבער נישט, אז ער זאָל מיט באַנייטע כוחות אויפשטעלן אַ היים פאר זיין משפחה. זיין צופרידנקייט פלעגט ער אויסדריקן פאַר יעדן בן־עיר. ער איז שטענדיק גרייט געווען יעדן איינעם צו העלפן מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט.

פאָרנדיק אויף זיין ראָווער האָט ער זיך אומגליקלעך אויסגעגליטש און פארלוירן זיין לעבן אין עלטער פון 43 יאָר.

ס'איז אַוועק פון דער וועלט אַן אמתער אוהב הבריות וישראל.

# יזכור

הערצקע עינעס, חנה—ילוב (עינעס), שרה קעזמאַן (לעווין),
ר׳ הערשל בזשעזשינסקי

ווען מ׳גייט בויען אַ לאַנד, ווי מיר ארץ־ישראל, איז יעדער נפש, וואָס שטאַרבט נאַטירלעך אָדער פאַלט אַלס קרבן פאַר דער אויפלעבונג פונעם לאַנד, זייער טייער.

און אָט האָבן מיר עולי סאָכאַטשעוו אַלס קליינע גרופּע, שוין פיר קברים געגראָבן אין א״י.

אונדזער פליכט איז אין אונדזער בוך צו פאַראייביקן זייערע נעמען, ווייל זיי זענען קיין א״י געקומען, און געוואָלט מיטהעלפן, לויט זייערע כוחות, צו דער בויאונג. נישט וועלנדיק איצט אַריינדרינגען און מאַכן אַן אַנאַליז, וואָס ס׳האָט זיי געברענגט קיין א״י, די הויפּט־זאַך איז: זיי זענען געקומען קיין ארץ־ישראל און האָבן אויך טאַקע מיטגעהאָלפן. „אפילו ווען נאָר איין ציגל אין דער וואַנט איינגעבויט״, אין דעם איז שוין פאַררעכנט זייער מיטהילף. נאָר דער ביטערער גורל האָט זייער לעבן פאַרקירצט און געשטאָרבן. דאָס זענען זיכער געווען די שווערע און איבערנאַטירלעכע באַדינגונגען, וואָס זיי האָבן נישט געקאָנט בייקומען פיזיש.

מיר, מיט 25 יאָר צוריק, גייענדיק אין א״י ,שאַפן, באַפרייען און בויען את המולדת, די ייִדישע היים פאַרן פאָלק, האָט מען פון טויט אפילו נישט געטראַכט, ווייל קומענדיק קיין א״י ווערט מען ווי ניי געבוירן, ווי אויפדאָסניי געבוירן — ווי אַ קינד, וואָס קומט נאָר אויף דער וועלט. דער מענטש, וואָס דאַרף יעצט פון דאָסניי אָנפאַנגען איינאָרדענען אַ ניי לעבן, און ביי גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען, שווערערע און פיל מער אָנגעשטרענגטע לעבנס־ באַדינגונגען. ער מוז קודם־כל אַן אַרבעטער ווערן און לעבן ביי שווערע אַרבעטס־באַדינגונגען. ווען ער איז אַ חלוץ אָדער ציוניסט געווען איז ער מקבל באהבה דאָס אַלץ, ווען אפילו דאָס נייע לעבן צעברעכט זיין יונגן קערפּער, די באַגייסטערונג פון א״י מוטיקט אים, שטאַרקט אים, אַזוי פאָדערט א״י פון אירע זין.

ריכטיק, מיר ווייסן, אַז מיר דאַרפן קרבנות געבן און ברענגען. מ׳האָט אונדז דערצויגן מיט דעם געדאַנק, אַז מיר דאַרפן זיך מקריב זיין פאַר א״י, אָבער אַ טראַכט טון, אַז מיר וועלן שטאַרבן מיטן נאַטירלעכן טויט? ניין, אַזאַ געדאַנק גנב׳עט זיך גאָר נישט אַריין אין קאָפּ, ווייל ס׳איז בכלל נישטאָ קיין צייט צו



ר׳ הערצקע עינעס ז״ל
פון די ערשטע סאַכאַטשעווער יידן, וועלכע זענען געקומען קיין ארץ־ישראל

טראַכטן פון זייטיקע זאַכן. מיר לעבן שטענדיק נאָר מיט איין געדאַנק: אַז מיר זענען די חלוצים פון יידישן פאָלק, מוזן אַליין אָדער מיר דאַרפן אונדזערע קינדער שיקן אויף שמירה צו פאַרהיטן דאָס יידישע לעבן, אָדער שאַפונג פון א״י.

אָבער די יאָרן לויפן, מיר ווערן עלטער, די כחות פאַרלאָזן צוביסלעך, די נערוון ווערן אָפּגעשוואַכט, דער מצב־רוח ווערט פיל מאָל געבראָכן דורך פאַרשידענע אומשטענדן, דאַן פאַנגען פראַגן אָן יאָגן איינע די צווייטע... ביי ווען גנב׳ט זיך אַריין אַ יאוש אין האַרץ און די אויגן פאַנגען אָן זען אַלץ פאַרקערט... און מ׳ווערט פאַרצווייפלט פון יעדן נישט נאַטירלעכן פונקט אין לעבן, אָדער ווען אַזוי אַ מענטש קאָן זיך נישט באַהערשן און וויל נאָר טראַכטן פון זיין איך, וואָס איז צעבראָכן געוואָרן, דאַן ווערט ער פיזיש גענצלעך צעבראָכן און דער סוף איז — טויט פאַר דער צייט...

יעקב פרידמאן

# אליעזר מאיר ליבערס

אליעזר מאיר איז געבוירן אין סאַכאַטשעוו ביי פיינע פאַרגעשריטענע עלטערן. זיין פאָטער אלחנן ליבערט האָט געשריבן ביטעס צו די רעגירונגס אמטן. שווער געווען מפרנס צו זיין די גרויסע פאַמיליע. ווען די קינדער זענען אונטעגעוואַקסן, האָבן זיי זיך געלערנט פאַרשידענע פאַכן. אליעזר מאיר איז פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געפאָרן קיין לאָנדאָן, אין יאר 1919 איז ער צוריק געקומען קיין סאַכאַטשעוו, באַלד צוריקגעפאָרן קיין לאָנדאָן און אין 1920 אוועקגעפאָרן קיין אמעריקע. דאָרט האָט ער זיך איבערגעגעבן צו דער הילפס־אַרבעט פאר אונדזערע לאַנדסלייט מיט זיין גאַנץ לייב און לעבן. ער האָט זיך אפילו אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה צו שאַפן אַ קאָלאָניע פון סאַכאַטשעווער לאַנדסלייט אין ישראל. ער האָט מיך געבערענגט צו דעם געדאַנק צו באַארבעטן אַ פּלאַן פון אזא סאַכאַטשעווער יישוב. אָבער דער פּלאַן איז צו גרויס געווען, כדי אים צו קענען פאַרווירקלעכן. און אליעזר מאיר זעענדיק ווי די לאַנדסלייט אין שיקאגא דערוויטערן זיך פון אַ גרויסע הילפס־אַקציע פאַר זיינע לאנדסלייט אין ישראל, האָט ער זיך אָנגעהויבן דערווייטערן פון אַלעם, און ער האָט מיר אַמאָל געשריבן: אויב מענטשן אייגענע לאַנדסלייט קענען נאָך דעם גרויסן חורבן ניט וועלן מער העלפן, ווייל סאַכאַטשעוו איז ניטאָ מער פאַר זיי, איז נאָר צום באַדויערן. און אַזעלכע מענטשן ווי מיר האָבן שוין מער ניט וואָס צו טאָן. מיר אין משך פון 40 יאָר זענען נישט מיד געוואָרן פון געבן, כדי צו העלפן. ריכטיק, די שטאָט האָבן מיר ניט מער, אבער די שארית־הפליטה, וואָס זענען ניצול געוואָרן פון גהינום — פאַר זיי איז נאָך אונדזער חוב עפּעס צו טאָן... מיר האָבן דאָך געקענט זיין אויף זייער אָרט... ער האָט אַלץ געטאָן, באַלד נאָך דער באַפרייאונג עטלעכע מאָל געשיקט אין נאָמען פון סאַכאַטשעווער וועלפעיר פאַראיין אין שיקאגא ביי א 2000 דאָלאַר קיין ישראל. און דערמיט האָט זיך געשלאָסן די טעטיקייט פון שיקאגאָ.

צו דער הילפס־ארבעט פאַר דעם ארגון אין ישראל האָט ער אַרויסגעוויזן זיין גאַנצן וואַרעמען געפיל, ווי מיט 30 יאָר צוריק, קומענדיק קיין אַמעריקע. ער

האַט געראָפן, געמונטערט אין שיקאַגא און דעם ועד דאָ אין ישראל געווען גרייט צו דער גרעסטער הילף. אויב ער וועט נאָר קענען ברענגען די געציילטע גרופּע סאָכאַטשעווער לאַנדסלייט דאָרט. ביז דער לעצטער צייט פון זיין לעבן איז ער געשטאַנען מיט מיר אין פאַרבינדונג וועגן עטלעכע הונדערט דאָלאַר, וואָס איז פאַרבליבן אין קאַסע פון ליקווידירטן וועלפעיר פאַראיין אין שיקאַגא און געוואָלט, אז דאָס געלט זאָל אומבאַדינגט פאַרנוצט ווערן נאָר פאַרן ארגון אין ישראל.

ער איז געווען פּרעזידענט פון סאָכאַטשעווער וועלפעיר-פאַראיין אין שיקאַגא ביי 30 יאָר. דערצו איז ער אויך געווען אַקטיוו ביי דער פעדעראַציע פאַר פּוילישע יידן, געווען אַקטיוו און אָנגעהאַלטן אַן אמט אין דער „אמאלגאמייטעד קלאָדינג יוניאָן" פאַר אָרימע און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס.

לואיס ליבערט

# סאַבאַטשעווער הילפס-פאַראיין אין שיקאַגאָ

**א**יך בין דאַנקבאַר דער געלעגנהייט צו קאָנען אַרויספּירן אין קורצן 33 יאָר קאָנסטרוקטיווע אַרבעט פון אונדזער קליינעם אָבער אַקטיוון פאַראיין.



אליעזר־מאיר ליבערט
געשטאָרבן אין שיקאַגאָ

אין יאָר 1914 ביי אַ צופעליקן צוזאַמענקונפט פון עטלעכע לאַנדסלייט איז דער געדאַנק צו שאַפן אַ סאַבאַטשעווער הילפס־פאַראיין געבוירן געוואָרן. און פאַר מיר ליגט איצט די ערשטע קאָפּיע פון דער געשאַפענער קאָנסטיטוציע דאַטירט דעם 8־טן פעברואַר 1914.

די הויפט־אויפגאַבע פונעם פאַראיין איז דאַן געווען צו שטיצן די נייע־אָנגעקומענע אימיגראַנטן פון סאַבאַטשעוו, און זיי העלפן זיך באַזעצן אין זייער נייער היים. אכטונג געבן, צי זיי געפינען פאַר זיך פרנסה. אויך שטיצן די פאַמיליעס פון די „גרינע“ אין סאַבאַטשעוו. אויך אַלע אַנדערע פאַמיליעס וואָס נויטיקן זיך אין שטיצע.

דער פאראיין האָט אויך דאַן געשאפן אַ ליי־קאַסע דאָ אין שיקאַגאָ. אויסצובאַרגן געלט די לאַנדסלייט, ווען זיי נויטיקן זיך אין דעם אַן שום פראָצענטן, און דאָס געבאָרגטע אויסצוצאָלן אין קליינע סומעס. דעם זעלבן יאָר איז אויסגעבראָכן אין אייראָפּע די ערשטע וועלט־מלחמה. פוילן איז אָקופּירט געוואָרן פון די דייטשן און פון סאָכאַטשעוו איז קיין נייעס ניט אָנגעקומען. זענען די לאַנדסלייט גאָר שטאַרק באַזאָרגט געוואָרן. זיי האָבן זיך אָבער אַריינגעוואָרפן שטאַרקער אין דער ארבעט צו שאפן א פאנד, אַז ווען דער טאָג פון פרידן וועט קומען, זאָל זיין גרייט הילף. ענדלעך איז דער דערוואַרטעטער טאָג געקומען. און אָן שום פראַגן איז הילף געשיקט געוואָרן צוזאַמען מיט אַ בריוו אָנפרעגנדיק ביי אונדזערע לאַנדסלייט אין סאָכאַ־טשעוו, אין וואָס אונדזער וויטערדיקע שטיצע זאָל באַשטיין. עס איז געקומען זייער ענטפער מיט אַ פאַרלאַנג, אַז אויב מעגלעך זאָלן מיר פאר זיי אויסבויען א תלמוד־תורה, ווייל די יידישע חדרים זענען היגיעניש נישט צוגעפּאַסט פאַר די קינדער. ביי דער ערשטער זיצונג איז זייער פאַרלאַנג אָנגענומען געוואָרן. אַ קאָמיטעט האָט באַזוכט אונדזער היים־שטאָט און אויסגעאַרבעט פּלענער.

ווען זיי זענען צוריקגעקומען האָבן מיר זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט.

אין יאָר 1926 איז דער דעמאָלטדיקער פּרעזידענט מר היימאַן ראַבינאָוויטש געפאָרן קיין סאָכאַטשעוו צו דער דערעפענונג פון דער תלמוד־תורה. ס׳איז געווען זייער אַ פייערלעכע דערעפענונג. די שולע איז געווען דער שטאָלץ פון אַלע סאָכאַטשעווער יידן. דאָ, אַזוי גוט, ווי דאָרטן. מיר האָבן געשטיצט די אויסהאַלטונג פון דער שולע. אויך רעגלמעסיק יעדעס יאָר געשיקט געלט אויסצוקליידן די קינדער, ווי אויך הילף צו אַלע אָרימע פאַמיליעס. אויך געשטיצט אַלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן דאַן עקסיסטירט ביז דעם שוואַרצן טאָג, היטלער. באַלד ווען די רוצחים זענען אריין קיין פוילן, האָבן מיר געהערט, אַז אַלע סאָכאַטשעווער יידן זענען פאַרטריבן געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ. יידיש האָב־און־גוטס איז פאַרניכטעט געוואָרן. צווישן זיי אויך די תלמוד תורה. דער חורבן סאָכאַטשעוו האָט אונדז דאָ שטאַרק געטראָפן. מיר האָבן אָבער באַשלאָסן צו אַרבעטן און וואַרטן אויפן גרויסן טאָג, ווען אונדזער גרעסטער שונא וועט פאַרניכטעט ווערן. קיינער האָט אָבער נישט געגלויבט, אַז אַזאַ גרויסער טייל פון אונדזער פאָלק וועט אומקומען. און אומגעקומען זענען אויך מער ווי דריי פערטל פון אונזערע לאַנדסלייט.

אויסער די שטיצע, וואָס מיר גיבן דער פעדעראַציע טוען מיר איצט פאַרשידענע הילפסאַרבעט. מיר דערהאַלטן בריוו פון דעם קליינעם איבערלייב פון אונדזערע לאַנדסלייט, וועלכע זענען צעוואָרפן אין אַלע עקן פון דער וועלט. מיר שיקן זיי פּעקלעך עסנווארג און געלט. מיר דערהאַלטן אויך בריוו פון נישט לאַנדסלייט, וואָס זוכן זייערע קרובים. מיר טוען אַלץ די קרובים אויפצוזוכן.

סאָכאַטשעוו איז מער נישטאָ. ווי מיר הערן איז די גאַנצע שטאָט אינגאַנצן פאַרפוילישט געוואָרן. אָפּגעמעקט יעדער יידישער צייכן. מיר זענען אָבער פארבונדן

מיט אונדזער היימשטאָט מיט טויזנטער פעדים, און ווילן, אז דאָס יידישע סאָכאַטשעוו זאָל לעבן. טראָגן מיר זיך ארום מיט אַ געדאַנק צו שאפן א סאָכאַטשעווער קאָלאָניע אין ארץ ישראל. מיר וועלן פרווון דעם געדאַנק צו פארווירקלעכן. זאָל דאָ געזאָגט ווערן אַז די פרוכטבאַרע ארבעט פון אונדזער פאַראיין איז א דאנק דער איבערגעגעבענער שטענדיקער ארבעט, ווי מר יצחק לאנדא, וועלכער פאַרנעמט דעם אַמט אלס פינאנס־סעקרעטאַר שוין איבער 25 יאָר, מר בעני בייסטער, עקס־פרעזידענט, ה. ראַבינאָוויטש, מר דזש. ראַבינאָוויטש טרעזשורער ג. בייסטער און אַנדערע, אויך מיין וויניקייט, וועלכער פארנעמט דעם אַמט אלס פרעזידענט און רעקאָרדינג סעקרעטאַר שוין 20 יאָר.

שיקאגער דיסטריקט

נאָוועמבער 1947

# פארשטארבענע מיטגלידער פון
# רעליף-קאמיטעט

| | |
|---|---|
| פנחס גרובארד | וואווע ראזענבערג |
| מאקס גראובארד | מאקס לאנדו |
| הערי מילער | צלאל נעלסאן |
| אליעזר ראזען | פעני בארענשטיין |
| מאיר פלאמיאק | פיליפ נעלסאן |
| וויליאם מוני | היימאן גאלדבערג |
| ישראל קעלער | סעם לייפער |

דזשעק לייפער



זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס: חוה בענזער, שוירלי לעסינגער, אסתר שפייזהענדלער, בעקי ווינטער, חנה האָדעס ראָזען.
שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס: סעם ווינטער, שמעון נייטען, משה גייער, איזודאָר סילווערשטיין, משה שפייזהענדלער, הערמאַן נעלסאָן,
דוד וואָהלראַט, אל ווייצמאַן, בעלאַ ווייצמאַן, אברהם שארקין, יואל ראטה, מנדל גאָמבינסקי, יוסף חזן.
אויפן בילד פעלן די פאָלגנדע: משה קיפער, י. יאקאבי, מאלי סאלאמאן, יעטא ספיקלער, סידני לאנדוי, קלאַראַ לייפער, חוה צוקערוויים.

ח. ל. לודזקי

# די סאבאטשעווער לאנדסלייט אין ניו־יארק

וועגן די ערשטע סאָבאַטשעווער יידן אין ניו־יאָרק, ווען זענען זיי געקומען, מיט וואָס האָבן זיי זיך באַשעפטיקט אין זייער נייער היים, זייער סאָציאַלער און גייסטי־קער מצב, ווי זיי האָבן זיך איינגעאָרדנט אין די ערשטע יאָרן, וויפל עס זענען צוריקגעלאָפן קיין פוילן א. ד. גל. — וועגן דעם זענען,ליידער אין ערגעץ נישט פאַראַנען קיין געשריבענע דאָקומענטן און אויך קיין שום גענויע ידיעות.

קיין פנקסים, בריוו אָדער ספרים, וואָס זאָלן דערציילן דערוועגן — זענען נישטאָ. אויף די אַלטע יידישע בית־עלמינס, וואָס ווערן שוין היינט צו טאָג נישט מער באַנוצט, קאָן מען נאָך א לאַנגען זוכן געפינען קוים־מערקבאַרע, אָפּגעשיילטע אותיות, וואָס מען קען צונויפשטעלן אין נעמען — ווי ביי דער זייט איז לעבן דער טויטן־דאַטע צוגעגעבן דאָס איינע וואָרט: מסוכיטשוב. מער איז קיין זכר נישטאָ פון דער גרויסער אויסוואַנדערונג פון סאָבאַטשעווער יידן, וואָס האָבן גענומען דעם וואַנדער־שטאָק און געקומען אין גאָלדענעם לאַנד אריין צוזאַמען מיטן גרויסן שטראָם יידישע עמיגראַנטן פון פוילן און רוסלאַנד אין סוף פון 19 טן יאָרהונדערט.

האָבן מיר נישט געהאַט קיין אַנדערע עצה ווי אָנצוקומען צו גאָר א פּרימי־טיוון אופן פון זאַמלען די קאַרגע צאָל ידיעות ביי די רעשטלעך גאָר־אַלטע לאַנדס־לייט, וואָס געדענקען אַליין, אָדער האָבן געהערט פון זייערע עלטערן דערציילן וועגן זייערע ערשטע יאָרן אין ניו יאָרק, און דאָס וואָס מיר האָבן צונויפגעזאַמלט, וועלן מיר דאָ פּרוּוון דערציילן:

***

די דאַטעס גייען צוריק ביזן סוף פון די זיבעציקער יאָרן פון פאָריקן יאָר־הונדערט, און מיר קענען מיט דער פולער זיכערקייט זאָגן, אַז אין אנהייב פון 1880 זענען שוין גרופּעס סאָבאַטשעווער יידן געקומען דאַוועגען נישט בלויז אין די חסידים־שטיבלעך, וואָס זענען געווען סיי אויף דער איסט־סייד און סיי

אין האַרלעם, נאָר אז פון זיי זענען געווען סיי גבאים, בעלי תפילות, בעלי קוראס און אויך אנדערע באַאַמטע אין אַ טייל חברות פון פוילישע יידן. זיי האָבן אויך אָנטיילגענומען אין אַלע אינסטיטוציעס, וואָס האבן אנגעהויבן אויפקומען אין יענער צייט, וואָס זענען נויטיק געווען פאר די פריש־געקומענע עמיגראַנטן אין יענעם געלויפיאַר נאָך די רוסישע פאָגראָמען. מיר טרעפן אונדזערע סאַכאַטשעווער אין די בתי־מדרשים, אין די ביר־האַלעס און אויך אין די פּאַרקן און גערטנער, ווו מען קומט זיך טרעפן נאָך דער אַרבעט, אָדער אין די רו־טעג מיטן איינציקן צוועק: אפשר וועט מען טרעפן וועמען פון די פריש־געקומענע אָפּצונעמען אַ פרישן, לעבעדיקן גרוס פון דער אלטער היים.

אזוי געפינען מיר נעמען פון סאַכאַטשעווער אין די מיטגלידער־רשימות סיי פון די ערשטע וואַרשעווער, לאָדזשער, ווילנער און בערדיטשעווער פאַראיינען, ווו זיי זענען געווען אקטיוו אין דער ארבעט.

ערשט אין יאָר 1881 נעמען זיך א קליינע צאָל סאַכאַטשעווער אין ניו־יאָרק צו אָרגאניזירן אַן אייגן געזעלשאַפטלעך לעבן און צוגלייך מיט דעם, אויך א געוויסע הילפס־טעטיקייט פאר זייערע אייגענע לאַנדסלייט, וואָס אפילו אין א נויט־פאַל שעמען זיי זיך אָנצוקומען צו פרעמדע — אָבער ווען געניסן פון אַן אייגענעם מענטש, פון אַ אייגענער שטאָט און פאר וועמען מען שעמט זיך נישט צו דערציילן די שווערע לאַגע...

אין יענעם יאָר איז דורך א גרופּע סאַכאַטשעווער מתפללים פון „בית־המדרש הגדול דאיסט סייד", געגרינדעט געוואָרן די ערשטע סאַכאַטשעווער אינסטיטוציע.

און כאָטש איר ערשטער נאָמען דערציילט גאָרנישט וועגן קיין ספּעציעל סאַכאַטשעווער אָפּשטאַם, ווייל זי האָט זיך גערופן מיט אן אלט יידישן נאָמען „חברה בני רחמנים", און האָט געהאָלפן אויך אַנדערע יידישע נויטווענדיקע, דאָך איז פון איר קרן אַרויסגעוואקסן אלע אַן אויסנאם סאַכאַטשעווער אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטן, וואָס עקזיסטירן נאָך עד היום.

צווישן דער ערשטער גרופּע עסקנים געפינען מיר די נעמען פון חיים סלאָמיאַק, זינדעל סיגעל, ישעיה שפּיגעל, יונה שיינבוים, יעקב לעווין, אהרן זעליג לייטהאלד, יעקב סוויטמאַן, יהושע גאלדבערג, שלום לייב הערשקאָוויטש, פנחס קעלער (דער שפּעטערדיקער שמש פון דער שול אויף לודלאָו גאַס) טוביה ספּייז, אברהם גרינבערג און אנדערע וואָס האָבן שפּעטער מיטגעהאָלפן ביים גרינדן די „יאַנג מענס".

מיר ווילן דאָ דערמאָנען דעם תלמיד־חכם אשענהיים וועלכער האָט מיט זיין גאַנצער ענערגיע און נשמה מיטגעהאָלפן אין דער ערשטער אינסטיטוציע. אין יענע יאָרן איז ער נאָך נישט געווען קיין אָפיציעלער רב און געאַרבעט פאר אַ באַשיי־

דענעם פרייז, ווי א משגיח און געלערנט מיט בחורים לימודי קודש כדי צו קענען זיך מפרנס זיין.

ווייזט אויס, אז די סאָכאַטשעווער אין ניו־יאָרק האָבן זיך זייער וואָרעם אָפּגערופן אויף די ערשטע רייַן סאָכאַטשעווער אינסטיטוציע, ווייל מיט קליינע קרעפטן וואָלט נישט מעגלעך געווען צו גרינדן אַן אייגענעם בנין, ווו עס איז געווען די שיינע שול אויף לודלאו גאַס נומער 117, וואָס איז כמעט דורך די זעלבע מענטשן און עסקנים געגרינדעט געוואָרן אין 1883.

אירע ערשטע מתפללים זענען געווען די מיטגלידער פון די „בני־רחמנים". שפּעטער זענען צוגעצויגן געוואָרן אַ גרופּע סאָכאַטשעווער פון דער שול אויף סאפאלק גאס, וואָס האבן זיך גערופן „חברה משניות".

די הויפּט־טעטיקייט הויבט זיך אָבער אָן ערשט מיטן יאָר 1894, ווען עס איז נויטיק געווארן אַן אייגענער בית־עולם פאר די אין יענעם יאָר געשטאָרבענע מיטגלידער. די משפחות האָבן פאָרלאַנגט, אז ביי דער שול זאָל זיין, ווי אין אנדערע חברות, אַן אייגענער בית עולם. דאָס האָט געווירקט צו דער גרינדונג פון דער „חברה קדישא אנשי סאָכאַטשעוו", וואָס עקזיסטירט עד היום און האט אויף איר קאָנטע וויכטיקע פארצייכענונגען. (פרעז. איזי סילווערשטיין, ה. לאנדוי, טשערמאַן, סידני וו. לאנדוי, קאסיר). למשל: דאָס איבערפירן די רעשטלעך עצמות פון די גאָר לאַנג פאַרשטאָרבענע מיטגלידער פון אלטן בית עולם, ווייל דער פלאַץ ווערט טיילמאָל נויטיק פאר דער שטאָט פאר אַנדערע צוועקן...

צו דעם צוועק זענען געקויפט געוואָרן אויף דער „וואשינגטאָן־סעמעטערי" 2 פלעצער פאר א ספּעציעלן בית־עולם פאר די מיטגלידער פון דער שול. שפּעטער איז אויך געקויפט געוואָרן א פלאַץ אויפן „בית דוד" בית־עולם אין לאָנג־איילאַנד.

ביי דער שול איז אויך געמאַכט געוואָרן א מקוה, וואָס איר נאָמען איז געווען „די מקוה כשרה לכל בנות ישראל" וואָס האָט עקזיסטירט נאָך ביז סוף 1928, ווען דער בעדער האָט ארויסגערופן סקאַנדאַלן און דער דעמאָלטדיקער פרעזעס, מאיר סלאָמיאַק, האָט געמוזט רופן א ספּעציעלן מיטינג, ווי מיר לעזן עס אין דער געדרוקטער מודעה, וואָס איז צעשיקט געוואָרן צו אַלע סאָכאַטשעווער און וואָס איז גענוג טראַגיש געווען אפילו פאר יענער צייט.

אין דעם אויפרוף אין יידיש און ענגליש פון מיטן אָקטאָבער 1928 לעזן מיר:
„ווערטער ברודער! זי זינט אויפגעפאָדערט צו אָטענדען אַ רעגעלע און ספּעציאַל מיטינג דינסטאג דען 30 טן אָקטאָבער 1928, אום 8 אוהר אבענדס אין דער שול, 121 לודלאוו סטריט, ניו יארק.

צוועק פאר דיזען מיטינג איז זעהר וויכטיק, נאָך די יעצטיגע אומשטענדען פאן אונדזער שוהל. און וואָס וועט זיין די ענדע?

זא ווי אייך איסט בעוואוסט, אז די שוהל האָט א שווערן טרייל מיט דעם

בעדער, וועלכעס ער האָט אונדז אנגעקלאָגט און די טרייל קומט באלד אָן. אויך ווערט די ליסט מיט דעם בעדער עקספּייערט אין מאָנאט אפּריל, דארף מען שוין אנפאַנגען צו מיטען אונד דעבאטירן פאַן דעם, וואָס מיר זאָלן אנפאנגען צו טוהן אז דער נאָמען פון דער שול זאָל ח״ו נישט אונטערגעהן און די שול זאָל נישט צו גרונדע געהן אז מיר זאָלען זיך נישט דאַרפען שעהמען פאַר אונדזער שטאָט סאָכאָ־טשעוו, אז מיר זאָלען ווייטער קענען אנהאלטען א שוהל אונד עגזעסטירען. זאָ איזט ביי דעם לעצטען מיטינג בעשלאָסען געוואָרען אויסצושיקען צירקולאַרען צו יעדן ברידער זיי זאָלען אנוועזענד זיין אונד אָנטייל נעמען ביי דעם מיטינג פאר דעם הייליגען צוועק, ווייל מיר עגזעסטירען שוין 45 יאָהר, אז עס זאָל ח״ו נישט דארפען צו גרונדע געהען דורך דעם שרעקלעכען קריזיס.

עס איזט אוממעגליך צו שילדערען די לאגע מיט דער שרייב פעדער. פאַן אונדזערע אלע יאָהרען וואָס מיר האָבען אויסגעהאָרעוועט פאר דעם שוהל. זא ווילן מיר האָבן אז אלע ברידער מיט עהרלעכע הערצער, מיט דעם ריכטיגען געדאנק זאָלן זעהן צו קומען צו דעם מיטינג, צו טהון אין דעם, וואָרעם די צייט איזט קורץ.

היום קצר והמלאכה מרובה, אונד אויב איהר ווערט נישט אנוועזענד זיין ביי דעם מיטינג וועלן מיר איבערלאָזען די שול אויף הפקר אונד מיר וועלען זיך טהיילע מיט די סעמעטערי מיט די קרקעות, זיי וועלען נאָכהער נישט קענען פּראָטעס־טירען.

איהר זייט וויסען אז מיר האָבען אין אונדזער שוהל א ברידער וואָס ליגט שוין קראנק 6 מאָנאָט אונד די שוהל האָט געטוהן וואָס זי האָט געקענט טהון. אונד יעצט האָט זיין פאמיליע גענאָמען א טהעאטער בענעפיט, מען זאָל קענען דעם ברידער ווייטער העלפען זאָ וועט יעדער ברידער מוזען נעמען א טיקעט און וועלכער ברידער עס וועט נישט זיין אָנוועזענד ביים מיטינג, וועט פּאָזיטיוו געטעקסט ווערן מיט 3 דאל. אָהנע אויסנאהמע אונד דאָס וועט זיין פאר דעם קראנ־קען ברידער.

האפענטליך אז קיינער פאַן אונדזערע ברידער וועט נישט פערפעהלען ביי ציוואָהנען דעם וויכטיגען מיטינג — ביי דעם אָרדער דעס פּרעזידענט: —

מאיר סלאמיאק, פּרעזידענט, צמח פאמעראנץ, סעקרעטאר.

מיר האָבן זיך ספּעציעל אָפּגעשטעלט אויף דעם אויפרוף פון יאָר 1928 — אפילו געגעבן לויט דער אָריגינעלער אָרטאָגראַפיע און שפּראַך פונעם אויפרויף — כדי אביסל כאָטש צו אילוסטרירן א קליינעם אָפּשניט פון דער באמת גרויסער און פארצווייגטער ארבעט, וואָס איז געטאָן געוואָרן דורך די אַלע יאָרן, ווען די שול איז געווען חוץ א מקום־קדוש צום דאווענען אויך די געטרייע היים פאר אונדזערע סאָכאָטשעווער עמיגראַנטן, וואָס זענען דעם גרעסטן רוב געקומען אליין, אָן משפחות און האָבן אין דער שול געפונען היימישע מענטשן, און פריינט און דער עיקר א

ווארעמע ברידערלעכע אַטמאָספערע און סביבה, וואָס האָט א ביסל געקאָנט פאַר־טרעטן די אלטע היים.

איז, דעריבער, בעת מיר שרייבן א ביסל די לאנג־יאָריקע געשיכטע פון סאָכאַטשעווער ישוב אין ניו־יאָרק, אונדזער גרויסער חוב אָפּצוצאלן א קליינעם טייל פון דער גרויסער ליבשאפט פון די בויערס און מיט כבוד דערמאָנען די ערן־ליסטע פון די ערשטע גרופע עסקנים, וואָס האָבן נישט געשפּאָרט קיין געלט און צייט און געארבעט לטובת זייערע לאַנדסלייט.

צווישן די ערשטע טוער לטובת דעם כלל סאָכאַטשעווער געפונען מיר די חשובע נעמען פון מיכאל לאנדוי, יעקב סוויטמען, אהרן זעליג ליידהאלד, זינדעל סיגעל, ישעיה הערשקאָוויטש, אהרן ספייז, היימען הירש, סעם בוימאַן, שלמה גאלדשניידער, מעקס לאנדוי און דעם ערשטן רב פון דער סאָכאַטשעווער שול אשענהיים, וואָס האט מיט אלע זיינע כוחות מיטגעהאָלפן אין דער ערשטער צייט פאר א גאר קליינעם געהאלט און חוץ דעם אויך נאָך געלערנט מיט דער „חברה משניות״ און גענומען א גאָר טיכטיקן אנטייל אין געשטאלטיקן דאָס גייסטיקע פּנים פון אונדזערע לאַנדסלייט, וואָס האָבן זיך געדאַרפט צופּאסן צו די נייע אמעריקאנער באדינגונגען און מנהגים.

די שול האָט געהאט צוויי פּעריאָדן: איינע ביזן יאָר 1920 און די צווייטע — ביז צו 1956. אין ערשטן פּעריאָד זענען געווען פון צווישן אירע גייסטיקע פירער די רבנים אשענהיים, אפרים איינמאַן, לאנדוי א.א.

אין יאָר 1920 איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַ גאר גרויסער רעמאָנט פון דער שול, וואָס האָט באקומען דעם אויסזען פון א מאדערנער, הערלעכער געביידע און האָט זיך געקענט פארגלייכן מיט די גרויסע שולן אין ניו־יאָרק. די ארבעט איז פרייוויליק און מיט גרויס געניטשאַפט געמאכט געוואָרן אונטער דער אויפזיכט פון משה קופער, וואָס האָט אפּגעגעבן זיין גאנצער פרייער צייט און וויסן. די הויפּט־עסקנים זענען אין יענער צייט געווען: זינדעל סיגעל היימאן נעלסאָן היימאן הירש, מאקס בוימען, יעקב סוויטמאַן, מעקס לאנדוי, שלמה גאלדשניידער, ווי אויך די יונגערע סידנעי לאנדוי, דוד סיגעל, רעווערענד לואיס ראזען דער משמש בקודש ר׳ יצחק גראובארד א. א.

די שול האָט עקזיסטירט ביזן יאָר 1956 און איר לעצטער פּרעזידענט איז געווען: א. ג. סילווערסטיין, אבער צוליב דעם וואס די גאנצע געגנט אין געווארן וויניקער מיט יידן און איבערהויפּט וואָס אירע סאָכאַטשעווער מיטבויערס און מתפללים האָבן זיך ווי דער רוב יידן אריבערגעצויגן אין אנדערע געגנטן, איז באַשלאָסן געוואָרן אויף אן אלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אירע מיטגלידער, די שול צו פאַרקויפן.

די סומע פון 35 טויזנט דאָלער איז פארוועגדעט געוואָרן אויף א זייער וויכטיקן פּראָיעקט וואָס וועט זיכער צוגעבן גרויס אנזען אונדזערע לאַנדסלייט.



ר׳ יצחק גראובאַרד ז״ל
איינער פון די שול־עסקנים אין ניו־יאָרק

די סומע פון 25 טויזנט דאלער איז באַשלאָסן געוואָרן איבערצוגעבן דעם באַרימטן בר־אילן אוניווערזיטעט, וואָס האָט זיך מתחייב געווען אויפצוהענגען — אין דער שול וואָס ווערט געבויט ביים אוניווערזיטעט — א ספּעציעלן מאַר־מאָרנעם טאָוול מיט די אלע נעמען פון די געשטאָרבענע מיטגלידער און מתפּללים פון אונדזער סאָכאַטשעווער שול אין ניו־יאָרק. דאָס וועט זיין א מין נר תמיד (אין יעדער יאָר־צייט־דאַטע, וועט א לעמפּעלע באַלויכטן דעם נאָמען פון נפטר און עס וועט געזאָגט ווערן קדיש). מיר האָבן געגעבן פאר דעם צוועק 15 טויזנט דאלער מזומן געלט און 10 טויזנט דאלער אין ישראל־באָנדס. די רעשט סומע ווערט געהאַלטן פאר נויטיקע צוועקן אין ניו יאָרק און וואָס ווערן באַשלאָסן ביי א רעגעלן מיטינג פון דער פאַרוואַלטונג.

פון אָט דער ערשטער גרופּע טוערס, זענען אין יאָר 1900 ארויסגעקומען די

גרינדערס פון דער ברייט־פאַרצווייגטער אָרגאַניזאַציע, וואָס רופט זיך עד היום די „אינדעפּענדעט סאָכאַטשעווער יאנג מענס קראנקען אונטערשטיצונג פאריין״, וואָס איז אָפיציעל געגרינדעט געוואָרן אין ניו־יארק, דעם 27 נאוועמבער 1900 און פירט איר טעטיקייט ביז צו היינטיקן טאָג מיט א גרויסער מיטגלידערשאפט.

עס וועט זיין אינטערעסאנט צו ברענגען כאטש א קליינעם אויסצוג פון איר קאנסטיטוציע, וואָס איז דערשינען אין יידיש און ענגליש אין א ביכעלע פון 55 זייטן בעת עס איז אנגענומען געוואָרן דער אויסגעבעסערטער אמענדמענט דעם 28 דעצעמבער 1939. (דאס ביכל איז דערשינען אין אָנהויב 1940).

מיר וועלן ברענגען בלויז דאָס ערשטע אַרטיקל פון דער קאָנסטיטוציע:

1. דער נאָמען פון דיזער סאסייטי זאָל זיין — די אינדעפּענדענט יאָנג מענס קראנקען אונטערשטיצונג פאריין.

2. דער נאמען פון דער סאסייטי זאָל קיינמאָל נישט געענדערט ווערן.

3. די סאָסייטי טאָר נישט אויפגעלעזן ווערן אזוי לאנג ווי דרייצן מיטגלידער ווילן, אז די סאסייטי זאָל פאָרזעצן איר עקזיסטענץ.

4. אלע געשעפטן פון דער סאסייטי מעגן געפירט ווערן, געשריבן ווערן און פּראָטאָקאָלירט אין אידיש אָדער ענגליש.

5. די געלטער פון דער סאסייטי זאָל געברויכט ווערן בלויז פאר די פאָלגנדע צוועקן:

א. קראנקען בענעפיט;

ב. טויט בענעפיט;

ג. שבעה בענעפיט;

ד. שטיצן און העלפן מיטגלידער אין נויט און שטיצן אזעלכע פּערזאָנען, וועלכע זענען אין נויט צוליב דעם טויט פון א מעמבער:

ה. אויסגאָבן, וועלכע זענען נוצלעך צום וואויל און בעסטן פון דער סאָסייטי.

אָדער אַן אַרטיקל: שטרייכן מיטגלידער, ווו מיר לעזן: אַ מיטגליד אָדער אלמנה, וועלכע שמדן זיך, דאָס הייסט פאַרלאָזן דעם אידישן גלויבן, ווערן אַספּענדירט פון דער סאָסייטי, אויך אויב אַ מעמבער הייראַט א פרוי נישט פון אידישן גלויבן, אָדער אַ אידישע פרוי נישט לויט דעם אידישן אָרטאָדאָקסישן ריטואַל, ווערט ער אַספּענדירט.

פון אט די קליינע אויסצוגן קען זיך מאכן א שטיקל באגריף וועגן דער ארבעט הן אין נאציאָנאלן און הן אין סאָציאַלן זין און אויך וועגן דער נויטווענדיקייט פון די סאסייטי אין יענער בראשית־צייט, ווען די נויט פון די פריש־געקומענע לאַנדסלייט איז געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג און מען האָט געדאַרפט העלפן אין אַן עת צרה.

עס וואָלט פאַרנומען צופיל אָרט צו דערציילן וועגן די פולע 60 יאָר פון דער טעטיקייט אירער, און אויך צו דערמאָנען אַלע אירע טוער, וואָס גאָר גרויסע

טיילן זענען שוין אויפן עולם האמת. ווילן מיר זיך באגגוגענען מיט דערמאָנען אַ צאָל פון די ערשטע פּאַוואַלטונגען און אָרגאַניזירער און געוויינלעכע מיטבוי־ערס, וואָס האָבן מיט ליבשאפט אַוועקגעגעבן זייער צייט, געזונט און אָפּגע־שפּאָרטע דאלערס לטובת הכלל פון די סאַכאַטשעווער אין ניו־יאָרק.

די סאָסייטי אין געגרינדעט געוואָרן ביי 18 (ח״י) מיטגלידער.

איר פּאָטער און פּאַקטישער גרינדער איז געווען מאקס אייזענשטאפּ ע״ה, וואָס איז אויך געווען דער פּרעזידענט פאר די ערשטע 6 חדשים און איז פאַר זיין וויכטיקער ארבעט אויך אין פאַרלויף פון א סך יאָרן ווידער געווילט געוואָרן אויפן דאָזיקן חשובן אַמט.

די ערשטע פאַרוואַלטונג אין באשטאנען פון בארני גרינבערג ע״ה, וואָס איז געווען וויים־פּרעזידענט ; אלעקס גאטליב ע״ה — קאסירער ; הערי בערמאן ע״ה פינאנץ — סעקר ; יעקב פרידמאן ע״ה — רעקארדינג סעקר ; און מיטגלידער בעני לעווין ע״ה, היימאן סלאמיאק ע״ה, אבע ראטשטיין ע״ה און לואיס שווארץ ע״ה.

זיי האָבן דערפירט די מיטגלידערשאפט ביז צו 45.

דער צווייטער פּרעזידענט איז געווען אהרן זעליג לייטהאלד. אונטער זיין פירונג איז אין חודש מאי 1901 געקויפט געוואָרן דער פלאץ פארן בית עולם (12 קברים) אויף מאנט־סיני סעמעטרי. א. ז. לייטהאלד איז אויך פיל מאָל ווידער געווילט געוואָרן אויפן פּרעזידענטן־אמט.

דער דריטער פּרעזידענט איז געווען סאלאמאן גאלדשניידער ע״ה. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אינטעליגענץ, וויסן און טאַקט, וואָס האָט צוגעגעבן גרויס אָנזען די סאָס־יטי אין יענער צייט.

דער פערטער איז געווען לואיס בראקמאן, ע״ה.

דער פינפטער איז געווען, מענדל פראנקענשטיין, ע״ה. ער איז אויך געווען פילמאליקער קאַסירער.

דער זעקסטער איז געווען מ. ד. העלפאנד ע״ה.

מאקס שיינבערג, איינער פון די ערשטע און אין יענער צייט פון די עלטסטע מיטגלידער איז עטלעכע מאָל געווילט געוואָרן פאַר פּרעזידענט. ער האָט אויך געלאָזט מאכן דעם שיינעם טויער מיט דער אויפשריפט ארום דעם בית־עולם פון די סאַכאַטשעווער אין מאנט סיני.

משה מעטשניק ע״ה איז חוץ פּרעזידענט, אויך געווען פילמאָליקער פינאַנץ־סעקרעטאַר. באַרנעט קאָלסקי איז געווען חוץ פון די ערשטע אָרגאַניזירערס, אויך געווען פּרעזידענט אין יאָר 1910.

הערי בערמאן איז חוץ ערשטער פינאַנץ־סעקר, אויך געווען פּרעזידענט פון 1910 ביז 1912 און שפּעטער פארנומען פיל פאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן.

יוסף מילער — אויך איינער פון די גרינדער, איז געווען פּרעזידענט אין יאָר 1913. אין יאָר 1915, צום 15 טן יובל פון דער סאָסייטי, איז דערשינען

א ספּעציעלע אַנדענק־זאַמלונג פון 50 זייטן מיט א באריכט פון די ערשטע 15 יאָר ארבעט און בילדער פון די ערשטע טוערס פון וועלכע מיר נעמען ארויס די נעמען סיי פון פרי־געשטאָרבענע און סיי פון די וואָס לעבן נאָך און זענען אקטיוו אין דער ארבעט.

דאָס זענען: אהרן ז. לייטהאלד, הערי בערמאַן, מאקס מוני, בארני גרינ־בערג, משה מעטשניק, הענרי כהן, חיים סלאמיאק, מאקס אייזענשטאפ, בארנעט קאָלסקי, מ. פראנקענשטיין, יוסף מילער, לואיס שווארץ, דוד אוהלבערג, מאקס לעווען, אברהם גערמאַן, הערמאַן יאקאבס, ארטור סאפראָן, אברהם בערמאַן, דוד מילער, יעקב לאשער, אברהם ראטשטיין, מאקס שיינבערג, און פון די מיטגלידער וו. אניס, ב. אניס, ד. אויערבאך, י. בערמאַן, יוסף בערמאַן, מ. בערמאַן, י. בערגער, א. בענזער, י. באסערמאַן, מאיר בוימאַן, י. בינדער, ל. בזשאסקי, מ. בערנשטין, ל. בוזשניצקי, ש. ה. בעקער, א. באזשינסקי, א. כהן, י. כהן, ל. כהן, ר. כהן, מ. כהן, ש. שאלק, ב. כהן, ש. כהן, ס. ה. דיאמענט, מ. טעמפל, ה. עפשטיין, י. פרידריך, י. פעלט, ל. פריץ, ל. פרידמאַן, ס. פינקעל, י. גאלדפלוס, ה. גרינבערג, י. גרינבערג, ס. גרובשמיט, י. גורסקי, מ. גרינוואלד, ה. היימאַן, ד. העלמאַן, ס. האלץ, א. אינפעלד, ל. יאקובאוויטש, ס. יאקאבס, י. קאזשינסקי, א. קוטשינסקי, וו. קארנפעלד, פנחס קעלער, וו. קופעלד, י. לוסקי, ה. לעווין, ד. לייאנס, א. לעווי, ש. לעווי, ס. לעווי, ד. לוסטיג, ל. ליסער, י. לעוויקאוויטש, יוסף לעווין, ש. מילער, ס. מילער, ה. מילער, א. מילער, י. מילער, י. מאשמאַן א. מאשמאַן ת. מארענפעלד, ה. נאטאַן, פ. נעלסאָן, י. פאסטאר, י. פוטער, א. פעטערס, ש. ראזען, סאל. ראזען, ה. ראטשטיין, ל. ראפאפּארט, מאיר סלאמיאק, ב. סלאמיאק, י. סלאמיאק, ל. סלאמיאק, י. ספּייז, מ. ספּייס, י. סופר, י. שטראמפעלד, ל. שטראמפעלד, א. שטראמפעלד, ש. שווארץ, א. שווארץ, ש. שווארץ, ה. זילווערמאַן, מ. סילווער, ב. סאלאמאַן, ש. סאכאטשעווסקי, מ. שערעל, מ. צוועקוויים, מ. טעמפל, ש. וויינגארד, ה. וויינגאַרד, מ. ווישינסקי, ס. ווידאווער, י. וואגנער, י. ווייסמאַן, ל. וועלטסמאַן, ס. זעמעל, ל. זאנד. מ. ווייסמאַן ווי אויך די וואָס זייערע בילדער זענען נישט פאראַן:

ס. בוימאַן, י. בירנבוים, ד. באלטערמאַן, ה. בלינדערמאַן, ס. בוזשניצקי, ל. כהן נומער 1 מ. כהן, דאקטאר ד. דיאמאנט, דאקטאר ה. ב. עלסטער, דאקטאר, ה. י. פרידמאַן, פ. גארליק, ס. גילדער, ה. גאלדמאַן, צימערמאַן, א. גוטמאַן, י. גארדאָן פרוי א. גרינוואלד, א. גרינוואלד, א. גרעיסמאַן, ה. גראבארד, ל. גרוסקי, א. הערשקאוויטש דאקטאר מ. ד. קעלער. ה. קראַמער, ת. מארענפעלד, ס. מאש־קאוויטש, ל. ראפאפּארט, ס. ריטער, י. סאפער, ס. סאלאמאַן, א. שלעזינגער, י. זילבער. ב. סאכאטשאווסקי פרוי ה. מ. שטארקמאַן, ס. שטארקמאַן, ש. שנייבערג, י. ש. אוהלבערג, ס. וויינבערג, א. ווילהעלם, נ. ווינטער, ז. זאנגער.

עס וועט זיין אינטערעסאַנט איבערצוגעבן א שטיקל פינאַנץ־און טעטי־

קייטס־באַריכט פון די ערשטע 15 יאָר וועלכע מיר זען, אַז אין אָנהויב איז געווען אַ פּאָר קליינע דאָלער און אין יאָר־באַריכט צום יובל איז די סומע דערגאנגען ביז צו קנאַפּע 6 טויזנט דאָלער, און אז אין דער קאַסע האָט זיך געפונען די סומע פון צוויי טויזנט מיט דריי הונדערט דאָלער.

עס וועט אויך זיין וויכטיק צו געבן א קליינע ליסטע פון די ערשטע געשטאָרבענע אויפן אייגענעם בית עולם. דערפון איז צו דרינגען אז אונדזערע לאַנדסלייט האָבן אין די ערשטע יאָרן געהאט א זייער שווערן קאמף פאר זייער עקזיסטענץ. מיר זעען דאָ אז די טויטן־דאטעס זענען אין לעבנס־עלטער פון 45 יאָר און פון 25 דער יונגסטער נפטר (אין בילד פון די ערשטע קברים אין דער דערמאָנטער זאַמלונג).

אין די שפּעטערדיקע יאָרן געפינען מיר צווישן די אקטיווע טוערס די נעמען פון סעקרעטאר י. דונאוויץ, (1915—1922) יוסף שארפשטיין ע״ה מ. ליבערט, הערמאן נעלסאָן, סאַל לעווי נאט. סלאמיאק, ז״ל ס. בעקער, הערמאן הירש ס. סאָלבערג, מאריס קופער, מאקס לאנדאו, סעם מילער, אהרן נעלסאָן, יוסף מיטעל־מאן, היימאן זאבוסקי, מילטאָן ראבינסאן, נאט. דאלאוו, הערי טעמפעל, היימאן און אירווינג נעלסאָן איזידאָר גרינבערג א. א.

אין ביכל וואָס איז ארויסגעגעבן צו די 60 יאָר פון דער סאָסייטי, געפינען מיר די טוער פון 1960: עקס פרעזידענט סאל לווי. פרעז. נאטאָן סלאמיאק. וויס פרעז. שמואל וו. בעקער רעק. סעק. נאט. דאלאוו. פינאנץ סעק. מ. ראבינסאָן. קאסיר אהרן בוזשניצקי און איזידאָר גרינבערג. מיר געפינען אויך א ליסטע פון איבער 50 מיטגלידער פון די וואָס זענען אקטיוו אין דער ארבעט. אויך געפינען מיר די נעמען פון געוועזענע פרעזידענטן שארל כהן, נאט. דאלאוו. מאריס פעלד. מאריטן פרידמאן. הערמאן וו. הירש. סאל לעווי. הערמאן נעלסאָן יעקב נעלסאָן. ראבערט פוטער. סעם סאלבערג. נאט סלאמיאק. סאמ. א. טעמפל. אויך געפינען מיר די נעמען פון די גוט־שטייענדיקע מיטגלידער צוזאמען כן ירבו 270 וואָס דאָס באווייזט די נוצלעכקייט און די ברידערלעכקייט פון דער סאָסייטי צום 60 יעריקן יובל פונקט ווי מיט 60 יאָר צוריק.

אונדזערע יאנג־מענס, האָבן זיך אָפּגערופן אויף יעדער יידישער נויט־לאַגע — סיי פון לאָקאַלן און סיי אַלגעמיין יידישן כאַראקטער.

אזוי געפינען מיר אין די אַנאַלן פון ערשטן יידישן רעליעף־קאָמיטעט וואָס איז געגרינדעט געוואָרן באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה צו העלפן די יידן אין אייראָפּע, וואָס האָבן געליטן פון דער מלחמה און רוסישער רעוואלוציע, אונדזערע גרעסערע הילף־סומעס וואָס זענען בייגעטראָגן געוואָרן מיט הארץ און נשמה צום אלגעמיינעם קאָמיטעט.

חוץ דעם האָבן מיר אונטערגענומען אין יענע יאָרן א ספּעציעלע אַקציע פאר אונדזערע סאָכאַטשעווער און געגעבן פולמאַכטן אונדזער טייערן ברודער היימי

נעלסאָן אז ער זאָל טוען וואָס נויטיק פאר אונדזערע ברידער אין דער אַלטער היים.

היימי נעלסאָן איז איינער פון די זין פון באקאנטן אלטן סאָכאַטשעווער תושב ר׳ שמואל נעלסאָן ז״ל, וואָס איז געווען פון די ערשטע חובבי ציון אין שטעטל. ער איז געקומען צו זיינע קינדער אין 1924 און איז נפטר געוואָרן דעם 1־טן אפריל, 1931 אין ניו־יאָרק.

דער „פאריייניקטער סאָכאַטשעווער רעליעף״ איז געגרינדעט געוואָרן סוף פון יאָר 1939, בעת עס האָט זיך אראפגעלאָזט די שווערד פון אומקום אויפן פוילישן יידנטום און צווישן זיי אויך אויף אונדזערע לאַנדסלייט, וואָס זענען געבליבן אונטער היטלערס בלוטיקער ממשלה.

דער רעליעף־קאָמיטעט איז באשטאַנען פון אלע סאָכאַטשעווער אָרגאַניזאציעס אין ניו־יאָרק. אין אים זענען אריין פאָרשטייער פון די „יאנג מענס סאָסייטי״, שוהל, „לעידיס הילפס פאריין״ און פון „ברענטש 337 נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פארבאנד״.

אין ערשטן קאָמיטעט זענען געווען: היימי נעלסאָן, הערי מילער, דוד וואָלראַט, סעם ווינטער, חוה צוקערהייס, בעלע וויצמאַן, מעקס גראבארד, משה שפייזהענדלער, וואווע ראָזענבערג, פנחס גראבארד, בצלאל נעלסאָן, ישראל משה צוקערוויס, שמעון נייטען און מאיר בענזער. דער ערשטער פרעזידענט איז געווען דוד וואָלראַט, סעקרעטאר פנחס גראבארד. זיין קאַדענץ איז געווען ביז צום סוף פון דער מלחמה אין 1945.

באלד נאָך דער מלחמה איז אויסגעוויילט געוואָרן א נייער קאָמיטעט, וואָס האט געהאט א גרויסע אויפגאבע פון הילף און רעטונג. אונטער דער פרעזי־דענטנשאפט פון היימי נעלסאָן און פון בעלע וויצמאַן רעק. סעקר. און פון פינאנץ־סעקר. משה שפייזהענדלער האָט מען אָנגעהויבן אַדורכפירן די פאַרבינ־דונגען מיט די אָפּגעראַטעוועטע פון היטלערס טויטן־לאַגערן און פון די צוריק־געקומענע פון די וועלדער און פון די רוסישע פארשיקונגען.

מיר האָבן זיך פארבונדן מיט פריינט און באקאנטע אין די דייטשע לאַגערן, אין פוילן, אין עסטרייך און איטאליע און מיר האָבן זיי חוץ פעקלעך פון שפייז און מלבושים אויך זיי געשיקט אונדזערע געפילן. איבער 500 פעקלעך האָבן מיר געשיקט צו לאַנדסלייט אין אלע עקן וועלט. מיר האָבן זיי געהאָלפן מיט פאר־שידענע סומעס כדי צו קענען עמיגרירן פון די קעמפס קיין מדינת ישראל, זיד־אמעריקע, אויסטראַליע און אין די פאריייניקטע שטאַטן. מיר האָבן אקייגנגעטראָגן אונדזער ברידערלעכע הילף, ווען זיי זענען שוין מיט מזל אָנגעקומען אין זייערע נייע היימלענדער, צו קענען קומען צו דירות, אָדער מעבל און בכלל זיך איינ־אָרדענען כדי צו קענען אָנהויבן א ניי לעבן נאָך די פינצטערע היטלער און סטאלין־יאָרן. מיר האָבן געהאָלפן די סאָכאַטשעווער גמילת־חסדים־קאסע אין מדינת ישראל מיט א גרויסער סומע געלט, כדי די וואָס נויטיקן זיך זאָלן זיך

קענען נעמען צו א פרנסה, וואָס זאָל זיי שטעלן אויף די אייגענע פיס. מיר האָבן אלץ געטון פאר די סאָכאַטשעווער, וואָס האבן געוואָלט קומען קיין אמעריקע, סיי מיט פּאַפּירן, און עפידעיווידס, סיי מיט אנדערע מאטעריעלע און מאָראַלישע הילף, און דאָ אויפן אָרט זיי געלאָזט פילן אונדזערע בעסטע משפּחהדיקע באַציונגען, אז זיי זאָלן זיך ווידער באַטראַכטן ווי גלייכע מיט גלייכע אין אונדזער סביבה, אין אונדזער סאָכאַטשעווער געמיינשאפט.

מיר האָבן איינגעאָרדנט אין אפּריל 1952 צום 10־טן יאָרטאג פון וואָרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד א גרויסן הזכרה־מיטינג צו וועלכן עס זענען געקומען קנאַפּע פיר הונדערט סאָכאַטשעווער און אָפּגעגעבן כבוד אונדזערע קדושים.

דער מיטינג איז פאָרגעקומען אונטערן פאָרזיץ פון אונדזער חבר וואווע ראָזענבערג ע״ה און עס זענען ארויסגעטרעטן מיט רעדעס וועגן אונדזער היים־שטאָט און וועגן אונדזערע מאַרטירער די שרייבער מ. דעמבלין און אונדזער לאַנדסמאַן, דער פאָלקלאָריסט און פאָרשער פנחס גראַובארד ע״ה און די הזכרה האָט געמאכט חזן און רב לייפער אונדזער חשובער בן עיר.

די יעצטיקע טוער פון רעליעף זענען: הימאן נעלסאָן — טשערמאן, איזידאָר סילווערסטיין — קאסירער. משה שפּייזהענדלער — פינאנץ־סעקרעטאר און משה גייער — רעקארדינג סעקרעטאַר, וואָס זאָגן זיך קיינמאָל נישט אָפּ און זענען גרייט צו יעדער צייט צו העלפן ווען עס ווענדעט זיך א סאָכאַטשעווער סיי פערזענלעך און סיי דורך אנדערע. מיר שיקן כסדרדיקע הילף קיין מדינת ישראל פאר די וואָס נויטיקן זיך.

אָבער חוץ די אלע סאָכאַטשעווער אינסטיטוציעס פון אלגעמיינעם כאראַקטער איז דעם 18 טן מערץ 1934 געגרינדעט געוואָרן א ספּעציעלע אינסטיטוציע, וואָס האָט אַן אנדער באַטייט. דאס איז דער סאָכאַטשעווער בראַנטש 337 ביים נאציאָנאלן ארבעטער־פאַרבאַנד אין אמעריקע.

אין דער גרופּע פון די צען ערשטע טוער געפינען מיר סעם ווינטער, שמעון נייטען, מעקס צוקערוויס, יוסף ווינטער און די פריצייטיק פארשטארבענע משה בירנבוים, מאיר בענזער, חיים פליישמאן, מאיר סלאמיאַק, מענדל גראַובארד און דזשעק לייפער, וועלכע האָבן זיך נישט באגנוגנט מיט דער טעטיקייט פון אלע פריערדיקע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געטראָגן בלויז א מאטעריעלן כאראקטער און ווייניק געזאָרגט פאר זייער נאציאָנאלן און גייסטיקן אויסלעבן זיך.

זייער ערשטע ארבעט איז געווען פאר א נאָענטערע פאַרבינדונג מיט די סאָכאַטשעווער, וואָס האָבן געוואָלט אַרויס פון פוילן און זיך באזעצן אין ארץ ישראל. אויף דעם פּונקט אין געלייגט געוואָרן גרויס אַכט צו די אָרגאַניזאַציעס וואָס ארבעטן פאר חלוציזם, פאַרן הסתדרות־קאַמפּיין, פאַרן קרן קימת לישראל און זיינע אָפּצווייגונגען. חוץ דעם האָבן מיר אָנטיילגענומען אין אַלע אַקציעס פאַרן „דזשאָינט״ פאַרן פאַראייניקטן יידישן אַפּיל. אונדזער פּראָגראַם

האָט צוגעצויגן א צאָל נאַציאָנאַל־באוווסטזיניקע לאַנדסלייט און היינט צו טאג באַשטייט דער „ברענטש" פון 35 משפחות, וואָס זענען ווי איין סאָכאַטשעווער משפחה. דער ברענטש האָט זיך באַטייליקט און באַטייליקט זיך עד היום אין אַלע אקציעס, וואָס ווערן געפירט צו שטאַרקן דאָס יידישע לעבן אין אלע לענדער. מיר האָבן זיך אָבער ספּעציעל אונטערגענומען צו העלפן אונדזערע לאַנדסלייט, וואָס זענען געראַטעוועט געוואָרן און זענען צוריקגעקומען נאָכן גרויסן יידישן חורבן.

מיר האָבן געשיקט, חוץ דורכן רעליעף, אונדזערע אייגענע 500 פּעקלעך שפּייז און מלבושים צו די נויטווענדיקע אין דייטשע לאַגערן, אין פּוילן. מיר האָבן מיטגעהאָלפן ביים איינאָרדענען א צאָל לאַנדסלייט אין מדינת ישראל און העלפן זיי מיט וואָס זיי נויטיקן זיך ווייל צו דעם צוועק אָרדענען מיר איין יעדער יאָר א ספּעציעלע אונטערנעמונג וואָס איר גאנצער איינקונפט גייט פאר מדינת ישראל. מיר האָבן שוין יעדער באזונדער און דער ברענטש אלס אינסטיטוציע געקויפט פאר טויזנטער דאלארן ישראל באנדס און די אלגעמיינע סומע גרייכט שוין ביז צוואָנציק טויזנט דאָלער, וואָס מיר האבן געשאַפן. מיר האבן זיך באַמיט און עס איז אונדז געלונגען צו ברענגען צוויי לאַנדסלייט קיין אמעריקע אויף אונדזערע עפידעווידס און מיר האָבן געהאָלפן ביים איינאָרדענען זיך אין די פאַרייניקטע שטאַטן די משפחות, וואָס זענען אריבערגעקומען אַהער.

דורך דער צייט פון 25 יאָר זענען געווען אקטיוו אין ברענטש די פריינט: סעם ווינטער, אליהו ווייצמאַן, אבע שארקען, איזי בראַפמאַן משה שפּייזהענדלער, שמעון נייטען, יואל ראטשטיין, יוסף ווינטער, מנשה בארען, סאול ווייס, מעקס לידער, אברהם הירש, מענדל גאמבינסקי, פרוי בעקי בירנבוים, הענרי ווייס, הערבערט בערשקאוויטש, אנשל פּינטשעווקי, הענרי אולביג, אירווינג בראַפמאַן מעקס צוקערוויס, דוד שפּייזהענדלער, וואלטער שפּייזהענדלער, ישראל בראַפמאַן דייוויד שפּייזהענדלער א. א.

מיר אָרדענען איין יעדן חודש מיטינגען, וואָס באַטראַכטן אלע ענינים פון דעם ברענטש און פון אונדזער אייגענעם בית עולם, וואָס מיר האָבן זינט 1950.

מיר ווילן ווידמענען א פּאָר שורות צום אנדענק פון אונדזערס א מיטבויער פון ברענטש, וואָס איז געפאלן אויף זיין פּאָסטן ביים קאַמפף קעגן די נאציס אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, דאָס איז אונדזער געוועזענער טייערער חבר חיים דוד נייטען, (דער זון פון שלמה נייטען), וואָס איז אומגעקומען דורך די דייטשן בעת דער לופט־פאַרטיידיקונג פון לאָנדאָן אין עלטער פון 24 יאָר, דעם 28 אפּריל 1944. זאָל אים די ערד גרינג זיין!

אונדזערע היינטיקע באַאמטע זענען:

סעם ווינטער — טשערמאַן, יוסף ווינטער — ווייס טשערמאַן אייב שאַרקען — פינאַנץ־סעקרעטאַר, און אירווינג בראַפמאַן — רעקאָרדינג סעקרעטאר.



חיים־דוד  נייטען (געפאלן ה׳ אייר)

# די טעטיקייטן פון אונדזער פרויען־הילפס־פאריין אין ניו־יארק

ין ווינטער פון 1934, נאָכדעם ווי עס האָבן אנגעהויבן אנצוקומען בריוו און טרויעריקע גרוסן פון אונדזערע נאָענטע אין אונדזער אַלטער היימשטאָט, וועגן דער שווערער יידישער לאגע און וועגן דער נויט וואָס האָט זיך פארגרעסערט צוליבן פוילישן אנטיסעמיטיזם; האָבן א גרופע פרויען, לאַנדסלייט, זיך צוזאַמענגענומען אין הויז פון אונדזערע לאנדסלייט בעקי און סעם ווינטער אין ברוקלין און באשלאָסן צו גרינדן א ספעציעלע פרויען־אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט העלפן אונדזערע נויטווענדיקע אין אונדזער אַלטער היים.

פון דער ערשטער גרופע פון צוועלף פרויען־גרינדער, האָט זיך שפעטער צעוואָקסן די אָרגאַניזאציע וואָס פאַרנעמט היינט צו טאג א בכבודיקן ארט אין דער ארבעט פון די סאָכאַטשעווער אין ניו־יארק.

א טייל פון דער ערשטער גרופע, לעבן ליידער שוין היינט נישט, אָבער זייערע נעמען דאַרפן מיר דערמאָנען מיט כבוד.

דאָס זענען די לאנג־יעריקע טשערליידי און רעקאָרדינגס־סעקרעטאַרין פייגע באַרנשטיין, די טוערינס חוה ווינטער, פלאָרעס ספייז, מלכה און חוה טענער, בעקי גראובארד און פרוי פליישמאַן.

אויך דאַרפן מיר דערמאָנען די פון דער ערשטער גרופע וואָס ארבעטן כסדר מיט פון ערשטן טאָג ביז איצט. דאָס זענען בעקי ווינטער, חוה בענזער (די פרוי פון פאַרשטאָרבענעם טוער אין סאָכאַטשעווער לאַנדסלייט־פאריין, מאיר בענזער ע״ה. זייער זון סימאָר, וואָס האלט זיך פאר אַ סאָכאַטשעווער קינד, אין איינער פון די צען באַרימטעסטע וויסנשאַפטס־לייט אין גאנץ אמעריקע) אונדזער ערשטע טשערליידי רעי באראן, בעקי בירנבוים, פליישמאן, קלארע און פאלי לייפער און א צאל וואָס וווינען נישט יעצט אין ניו־יאָרק.

עס זענען פרייוויליק צוגעקומען צענדליגער פרויען וואָס האָבן אוועקגעגעבן זייער טייערע צייט און געלט און ארומגעגאנגען צו אלע סאָכאַטשעווער אין ניו־יארק נאָך די הילפס־מיטלען, וואָס זענען שפעטער געשיקט געוואָרן א היים קיין סאָכאַטשעוו.

אזוי האָט זיך די ארבעט געפירט ביז צו דער מלחמה אין 1939.

מיר האָבן אונדזערע מיטינגען אָפּגעהאַלטן אין אונדזער אַלטער שול אויף לודלאוו גאס, כדי איינצושפּאָרן א פּאָר דאָלער וואָס מיר האבן פאַרווענדעט אויף שיקן הילף.

מיר האָבן אונטערגענומען פאַרשידענע אַקציעס. אָפּגעדונגען יידישע און ענגלישע טעאַטערן און פון די בילעטן און בענעפיטן געשאַפן מיטלען פאר הילף.

מיט געמיינזאמע קרעפטן האָבן מיר געזאַמלט פארשידענע זאַכן און זיי אויס־געפּלעט און דאָס גאנצע געלט געשטעלט אין רשות פון די נויטיקע...

דאָס איז געווען אין די יאָרן פון 1939 ביז 1944. אין יענער צייט האָט זיך זייער אויסגעצייכנט די געוועזענע פאָרזיצערין און סעקרעטאַרין בעלע וויצמאַן, וועלכע האָט די ארבעט אוועקגעשטעלט אויף א הויכן ניווא.

די הויפּט־טעטיקייט אונדזערע הויבט זיך אָן מיטן סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, בעת עס איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר אַ פאָרזיצערין חוה צוקערוויס און פאר א סעקרעטארין מאלי סאלאמאן, וועלכע האָבן אויך מיטגעהאָלפן ביים גרינדן דעם זייער נוצלעכן „סאָכאַטשעווער רעליעף־קאָמיטעט" אין וועלכן עס זענען ביי היינט צו טאג פארטרעטן אלע סאָכאַטשעווער אָרגאַניזאַציעס אין ניו יאָרק, ווי: די סאָכאַטשעווער יאנגמענס סאסייעטי, די שול, דער ברענטש 337 פון נאַציאָנאלן אַרבעטער־פאַרבאנד און אונדזער פרויען הילפס־פאריין, וואָס האָבן צוזאמען אויסגעטראָגן דאָס קאפּיטל פון הילף און רעטונג, נאָכן גרויסן יידישן חורבן פאר די רעשטלעך לעבנגעבליבענע סאָכאַטשעווער.

אָבער חוץ די אלגעמיינע הילף דורכן רעליעף קאָמיטעט, האָבן מיר אליין פון אונדזערע אייגענע מיטלען — דורך דער הילף פון אונדזערע פרויען, אוועקגע־שיקט הונדערטער שפּייז־און מלבושים־פּעקלעך ווי אויך מעדיקאַמענטן און אנדערע נויטיקע זאַכן צו די על־פּי־נס אָפּגעראַטעוועטע פון היטלערס טויט־לאגערן, אָדער צו די צוריקגעקומענע פון זייער וואָגלעניש אין רוסלאנד, ווי אויך צו די געציילטע, וואָס זענען געבליבן לעבן פון די בונקערס און פון די באהעלטענישן אין די פוילישע וועלדער.

שוין אין די ערשטע טעג פון זייער באַפרייונג האָבן מיר זיי, צוזאמען מיט אונדזערע געפילן, אויך געשיקט די נויטיקע הילף. אויפגעזוכט זיי סיי אין פוילן און סיי אין דייטשלאנד, עסטרייך און איטאליע און געזען, אז זיי זאָלן זיך צוריק פילן ווי גלייכע מיט אונדז און נישט פילן זיך ווי פאַרלאָזענע נאָך זייערע שווערע איבערלעבענישן.

מיר האָבן זיי געהאָלפן און העלפן זיי ווייטער זיך איינאָרדענען סיי אין מדינת ישראל, און סיי דא הי, אין אמעריקע, סיי אינדיווידועל און סיי קאָלעקטיוו.

מיר האָבן אַדאָפּטירט צוויי מלחמה־יתומים און געגעבן 600 דאָלער פאר זייער

אויפהאלט, צוערשט אין אַ היים אין פּאַריז און יעצט אין ישראל, און זיי געשטיצט די גאַנצע צייט, וואָס זיי האָבן זיך דערין געניויטיקט.

דאָס נעמט ארום א צייט פון איבער 15 יאָר טאָג־טעגלעכע ארבעט, וואָס מיר טוען מיט ליבשאַפט, כדי די וואָס דארפן אונדזער הילף זאָלן זיך פילן ווי אין סאָכאַטשעווער משפחה.

צום סוף ווילן מיר דערמאָנען אונדזערע אקטיווע טוער, וואָס האָבן אפגעגעבן זייער הילף און הערצער פאר אונדזערע לאנדסלייט. לאָמיר דערמאָנען מיט כבוד און ערע די פאַרשטאָרבענע עסקנים, ווי: רעווערענד לואיס ראָזען, וואָס האָט נישט פארפעלט קיין איין אונטערנעמונג אונדזערס און מיט ראָט און טאָט מיטגעהאָלפן; דעם שוחט ר׳ נפתלי געשען און זיין פרוי שרה פון דער היים נתן; די חשובע וואָווע רעזענבערג, און ר׳ יצחק גראובארד (גערופן ר׳ יצחק שמש) און זיין זון מענדל גראובארד, ישראל משה צוקערוויס, מעקס שפיקלער און דער שרייבער פנחס גראובארד.

מיר ווילן אויך דאנקען די אקטיווע מיטארבעטערינס חוה בענזער, בעלא וויצמאַן און שרה לעסינגער.

ספעציעל ווילן מיר אונטערשטרייכן די גרויסע מאטעריעלע און מאָראַלישע הילף פון די פריינט מעקס און אידע צוקערוויס, איזי פען און משה און בעקי קופער, וואָס אָן זייער הילף וואָלטן מיר געמוזט פאַרשמעלערן אונדזער טעטיקייט.

אונדזער היינטיקע פאַרוואַלטונג באשטייט פון: חוה צוקערוויס־טשערליידי. חנה־אסתר גרין—וויצטשערליידי, יעטי שפיקלער, סאָצאַל־סעקרעטארין, רחל לעווי־קאסירערין, חנה הדס ראזען, רעקארדינג־סעקרעטאַרין, בעקי ווינטער און פערל ראזען — פארוואלטונג און מאלי סאָלאמאן — אלגעמיינע סעקרעטארין.




השוק במרכז העיר
דער מאַרק־פּלאַץ אין צענטער פון שטאָט

# הקדמה

בגשתנו להכין את פנקס סוכצ׳וב, הצבנו לנו למטרה: תיאור דמותה היהודית של סוכצ׳וב בעבר, התפתחות היהודים שם, והנצחת הדרמה האחרונה של סוכצ׳וב — תקופת היטלר. כיום, שוב אין זה קל כל עיקר, כי לצערנו, כל זה כבר שייך לעבר, הרבה מן החומר ההיסטורי הלך לאיבוד יחד עם אבדן יהודיה, ומה ששרד בארכיונים לא הכל פתוח כיום בפני ההיסטוריון היהודי. בכל זאת הצלחנו לתת כאן מספר פרקים היסטוריים בעלי משקל וסמכות, הנותנים תמונה כלשהיא מתקופת הבראשית של יהודי סוכצ׳וב.

באופן יחסי, תופסים דברי ימיה העתיקים של סוכצ׳וב הרבה פחות מקום בספר, לעומת שנות המאה העשרים. וזה מובן, לצערנו הגדול, כיון שהמאורעות בתקופת היטלר שקולים כנגד כל תקופות העבר הקשות בתולדותנו.

החומר של החלק השני, שאוב בעיקרו מן הזכרון. פרקיו מתארים את העליות והירידות, צדדי החיוב והשלילה של החיים היהודיים בסוכצ׳וב, עד הפסגה העליונה, התגלמות החיוניות היהודית — ויחד עם זה, ההתלקחות האחרונה לפני ההשמדה השלמה של עיר ואם זו.

בפרקי הזכרונות והתיאורים שוחזרו והונצחו צדדיה השונים של סוכצ׳וב היהודית; מוסדות, חברות וארגונים, ואישים אשר פעלו במוסדות אלו.

מפליאים הכח ומסירות הנפש של העסקנים והמנהיגים שגילמו את הפעלתנות היהודית בכל שטחי החיים הציבוריים, וסייעו להרמת חיי התרבות היהודיים. מופלא הדבר ביותר, כיון שהיחס מצד העולם החיצוני היה תכופות — ובפרט בשנות השלושים — לא־אוהד, עוין, וזקוקים היו להרבה כח רוחני ומוסרי להתנגד לעולם המתנכר והמתנכל. ליהודי סוכצ׳וב היה הכח הזה.

פרצוף מיוחד היה לה לסוכצ׳וב היהודית, והיא הוציאה מקרבה את גדוליה ומפורסמיה, את האדמורי״ם הגדולים שלה, סופרים ובעלי־הגות, ואינטליגנציה עובדת. מעל דפי ה„פנקס" מזהירים דמויות נעלות, כגון: אלכסנדר זושא פרידמן, עוזר ורשבסקי, פנחס גראוברד, שמואל לעהמן, וואוע ראזענבערג ואחרים, שהתרו־ממו מעל פני המשטח הלוקלי, והטילו נגהם על החיים היהודיים בפולין בכללה. מה גם אדמו״רי סוכצ׳וב זצ״ל, מעמודי החסידות הפולנית, שאורם זרח מעבר לגבולות פולין. העולם החסידי ינק את השראתו הרוחנית מ„בית סוכצ׳וב", שהיה בית ועד לחכמים. סוכצ׳וב היהודית יכלה להשתוות עם ערי פולין הגדולות באיכותה. והעיר המיוחסת הזאת, על גדות הבזורה השקטה, נהפכה לעמק הבכא בימי הרעה של היטלר, מקום שדעכו חייהם של יהודיה היקרים.

ב„פנקס סוכצ׳וב״ באים לידי ביטוי היגון העמוק, והגעגועים העזים לעולם שחרב — לעולם יהודי מפואר שחרב. אולם יחד עם זה מעוררים דפים אלה רגשי גאוה, בציינם את העובדה המעודדת, שיהודים שלמים וזכים כאלה מצאו משכן בסוכצ׳וב. ולא רק יהודי שבת וחג — אלא גם דמויות יהודים של ששת ימי המעשה, מלאי תמימות וחום, כגון: חייקל בעל עגלה, יקיר הסנדלר, ועוד רבים כמותם, יהודים פשוטים, אנשי־עם, נשמות עילאיות.

בשטח החורבן, באים כאן לידי ביטוי אלה שעל גופם הרגישו מאימי הזוועות, האודים הבודדים שנשארו לפליטה מעיר סוכצ׳וב. אלה השרידים, שניצלו בדרך נס מן הגיטאות, המשרפות, היערות והבונקרים, גם האנוסים המודרניים — הם מספרים כאן על מה שחזו מבשרם: צרות, נגישות וחרפות, על מלוא סאת הרשעות שעברה על גבם בימי היטלר ימ״ש. מתוך החומר בולטת העובדה המעודדת שגם בתנאים הנוראים האלו במצוקת היטלר, לא אבדו יהודי סוכצ׳וב את צלם האלקים מעל פניהם. זהו נוסח סוכצ׳וב.

למסתכל מן החוץ מתקבל אולי הרושם, שפצעיהם של שרידים אלה — הזמן הגלידם. אולם אך פתחו סגור לבם, נתגלו הפצעים ללא מזור על כל מוראיהם. חבוש נחבשו מלמעלה — אך לעולם לא יעלו ארוכה.

כאמור, מתיחסים הזכרונות בחלק זה, למאורעות אישיים של עדי־הראייה. אולם תכנם כה אמתי ומשכנע — ומסופר בהתאפקות כמעט סטואית — שאנו מסוגלים לראות באספקלריה האישית הזאת את טרגדית עם ישראל כולו — את הגסיסה הנוראה של יהדות מזרח־אירופה.

ודאי ימצא אנין־הלשון פה ושם מה להעיר, כאן — מלה לא מהוקצעת, שם — משפט לא מסוגנן. אך כלום ניתנה זעקת השבר להכוונה על פי קולן (קמרטון)? ומתוך שכל דבריהם הנם זעקה אחת, קול ממעמקים, לא רצינו לזקק את החומר שקבלנו, והשארנוהו בצורתו המקורית. לדעתנו, לא צורת הדברים חשובה כאן, כי אם תכנם המזעזע. לכן באים הדברים בלי כחל ושרק, בלי סגנון ובלי שינויים — כפשוטם. אולם דווקא בגלל פשטותם כה מזעזעים הם, ומרתקים אותנו לדרמה האיומה ביותר שעברה על עמנו למוד הסבל, מאז היה לעם.

הרגשנו פה ושם בחזרות מסוימות ולפעמים גם בסתירות, אולם לא הרשינו לעצמנו ל„תקן״ את הנאמר ולישר את הסתירות. אדרבא, יתכן שההיסטוריון ימצא בזה נוסח נוסף וחדש, שיכול להשלים ולהבהיר את הידוע ממקור אחר.

השתדלנו כ״כ לשמור על סגנונם של המחברים, כדי להדגיש את אפיו הקולקטיבי של הספר. מטעם זה השארנו ג״כ את הכתיב השונה במאמרים שהועתקו ממקומות אחרים.

יהא „פנקס סוכצ׳וב״ מצבה רוחנית לחיים היהודיים בסוכצ׳וב שהוכחדו, ותוספת לספרות השואה היהודית בכללה.

גבריאל ויסמן

# דבר ועדת המערכת

ברגש של יראת כבוד ורטט קודש נגשנו — קבוצת בני סוכצ׳וב בישראל — לפני 10 שנים, להוציא ספר יזכור, להנצחת קהילת סוכצ׳וב שהוכחדה. פעולה זו דרשה הרבה שיקול דעת ואחריות ציבורית. מסופקים היינו אם אנחנו הננו הראויים לספר על הסבל ולהספיד את הקרובים והיקרים ביותר.

ידענו מראש את הקשיים העצומים שניתקל בהם ואת האחריות הגדולה הרובצת עלינו, ולכן התחלנו, מתוך כובד ראש ואמונה עמוקה, לאסוף תעודות ומסמכים מחייהם ומותם של קרובינו ויקירינו. אספנו תמונות מארגונים, מוסדות ובתי ספר, רבנים וטיפוסים עממיים — הכל בעל ערך אטנוגרפי.

עמדה בפנינו הבעיה של הצלת דברים מן השכחה והנצחת תקופת החורבן. והזמן דוחק, כל עוד ניתן להציל מן הכליון, כי מחר־מחרתיים יכול, ח״ו, להיות מאוחר.

הצבנו לנו למטרה, לתת במידה שהדבר בידינו, תמונה אוטנטית ובלתי מפלגתית של החיים היהודיים בסוכצ׳וב; לא להקטין את ערכה של מפלגה אחת ולהאדיר את השנייה. השתדלנו להבטיח שיתוף פעולה של אנשים מחוגים שונים. ואם בכל זאת תרגיש קבוצה או מפלגה שלא באה על מלוא סיפוקה, הרי זה בגלל שלא היה מישהוא למלאות את החסר. ועל כך ודאי יש להצטער.

עד כמה שהיה בידינו לבדוק, הסתייגנו מתיאורים מגמתיים, ק״ו שהתרחקנו מדברים בעלי כוונות לא טובות. גם בנוגע לתקופת החורבן השתדלנו שתתקבל תמונה נכונה. ואם קרו מקרים מעציבים שנגרמו במצוקת הזמן — יירשמו גם הם. אכן, המקרים השליליים בטלים ברוב הגילויים המוסריים הנעלים — על אף משטרו של הצורר הנאצי. מפליא איך הצליחו קדושינו להתמיד בבטחונם — למרות הכל — ולשמור על צלם האלקים שעליהם. ולא רק קדושים, כי אם גם גבורים היו בין אנשי סוכצ׳וב. כולם יאירו בפנינו כנר תמיד, ולעולם ישמר זכרם בלבנו.

רק בודדים מאנשי עירנו ניצלו — אולם הם הצילו גם את האמונה בקיום הנצחי של עמנו — הוכיחו את העקשנות להמשיך בבנין ויצירה על אף הכל.

גלוי וידוע לפנינו, שטרם נדלה כל החומר בספר זה, וודאי שרק חלק קטן מן הים הגדול של דמעות וצער בא כאן לידי ביטוי — אולם לעת עתה לא הצלחנו לאסוף יותר.

יתכן גם ששמות של קדושים אשר על חייהם ומותם צריך היה לספר, — נעדרים לצערנו כאן, אולם לא בנו תלוי הקולר, בשום אופן לא הצלחנו להשיג יותר חומר — על אף כל המאמצים.

„פנקס סוכצ׳וב" הוא תפילת קדיש קיבוצית על אנשי סוכצ׳וב באשר הם, לזכר נשמותיהם של חמשת אלפים קרבנות טהורים, ומצבה על קבריהם הבלתי ידועים.

סוכצ׳וב היהודית נגדעה באכזריות חימה וקולה נדמה. — „פנקס סוכצ׳וב" יעביר בת־קולה המתנגן לצאצאי סוכצ׳וב מדור לדור.

לכל אלה שנתנו יד לספר — יישר כחם. לצערנו הרב לא כל המשתתפים בו זכו לראות בהופעת ספר־יזכור זה. אלה הם בני עירנו היקרים: יעקב פרידמן, משה אליעזר בורנשטיין, פנחס גראוברד, וואווע ראזענבערג — זכרונם לברכה.

בהוקרה רבה אנו מזכירים את העורך א. ש. שטיין, שתרם רבות לגיבוש דמותו של הספר. גם הוא נקטף בידי המוות האכזרי באמצע עבודתו. כבוד לזכרו.

ברגשות קודש ומלאי יראת־כבוד לקדושי עירנו, אנו מוסרים ספרנו זה בידי הקוראים, בתקווה שמטרתנו להציב מצבה לחיים הנכחדים בעירנו — הושגה.

תל־אביב, שבט תשכ"ב

י. טרונק

# לתולדות הקהילה

**(תרגום וקיצור)**

הקהילה היהודית בסוכצ׳וב לא היתה מן הקדומות בפולין. היא נמנתה עם ישובי היהודים בפלך המרכזי של פולין־מאזוביה. הידיעה המקורית הראשונה על יהודי המקום מקורה בשנת 1426, ועניינה בסכסוכים בין ה„שלאכטה״, האצולה, לבין יהודי „ארץ״ סוכצ׳וב.

ואולם, אין להסיק מכאן, שיהודים התיישבו בעיר זו ב־1426. ואדרבא, ההחלטות הכרוכות בסכסוכים שצוינו לעיל מוכיחות, שישוב יהודי כבר היה כאן קודם לכן. כן מצויות בידינו ידיעות על ישובים יהודיים בסביבה זו בשנים קודמות — וכולם אינם אלא חוליות בתהליך ההתישבות והאיכלוס הכללי (יוצאת מן הכלל קהילת פלוצק, שהידיעה הראשונה על יהודיה מקורה בשנת 1237).

לפי סקירה של הסטרוסטבו בסוכצ׳וב משנת 1599, היו אז ברשות יהודי העיר 20 בתים. אם נניח, שבכל בית התגוררו 4 משפחות, הרי שהאוכלוסיה היהודית מנתה אז 320 נפש (4 נפשות בממוצע למשפחה).

לאחר 20 שנה, ב־1620, כבר נמנו 22 בתים, היינו 352 נפש, לערך. בסקירה משנת 1599 כבר נזכר קיומו של בית־כנסת.

להלן יש ברשותנו מספר האוכלוסיה היהודית ב־1765 בסוכצ׳וב והכפרים סביבה, העולה 1.349 נפש.

ב־1800 מנתה האוכלוסיה היהודית 972 נפש, ושמונה שנים לאחר מכן — 1085, ב־1827 — 2,322 נפש, ואילו ב־1857 — 2,936, ולסוף 1897 — 3,776 ובסיכומו של דבר: גידול פי ארבעה בתשעים שנה. לפי הספירה של שנת 1921 מנתה האוכלוסיה היהודית בעיר 2419 נפש — צמצום שהוא תולדות מלחמת העולם הראשונה, ובפרוץ מלחמת העולם השניה — 4000.

| שנה | יהודים | לא-יהודים | % היהודים |
|---|---|---|---|
| 1599 | 320 (בערך) | — | — |
| 1620 | 352 " | — | — |
| 1765 | 1349 עם הסביבה | — | — |
| 1808 | 1085 | 1,342 | 80.8 |
| 1827 | 2322 | 3,142 | 73.9 |
| 1857 | 2936 | 3,848 | 76.3 |
| 1897 | 3776 | 5,763 | 65.5 |
| 1908 | 4520 | 6,397 | 70.6 |
| 1921 | 2419 | 5,070 | 47.7 |
| 1931 | — | 10,800 | — |
| 1939 | 4000 | — | — |

ניתוח הטבלה מעלה כי —

1) למן המאה הי״ז גדלה האוכלוסיה היהודית בלא הפסק, וביחוד ברבע הראשון של המאה הי״ט. בשנות 1857 — 1897 היא גדלה ב־28.6 אחוז. במלחמת העולם הראשונה נחרבה העיירה כמעט כליל, מחמת הקרבות הממושכים על הבזורה.

2) לעומת זה, בהשוואה ללא־יהודים, יש לציין ירידה יחסית בלתי־פוסקת של האוכלוסיה היהודית. בתחילת המאה הי״ט — 80.8% מן הלא־יהודים, במחציתה (1857) — 76.3%, ב־1897 — 65.5% ובשנת 1921 — 47.7%. והוא תהליך כללי בפולין בתקופה זו.

דלים המקורות על פעילותם הכלכלית של היהודים. אשר למאה הט״ו, המדובר הוא לרוב ביחסי־אשראי, הלוואות בריבית לנוצרים, לאצילים וכן ליהודים, והתקנות קובעות אותם ותנאיהם ועומדות לימין המלווה.

אשר למסחר, נראה, שדל היה חלקם של היהודים בו. אין מוצאים אותם ברשימות-המכס ובירידים הבינלאומיים. ואך בתחילת המאה הי״ח קיים בעיר מפעל גדול של בורסקאות.

יהודי סוכצ׳וב שילמו מלבד המסים הכלליים, גם מס מיוחד לסטרוסטבו — לכל פסחא שילמו בעלי־הבתים היהודיים ליטרא אחת פלפל, ואילו דיירים — מחצית הליטרא. מכאן, אגב, שהם התגוררו אז בשטח השייך למצודה, שעליו חל השיפוט העירוני.

ב־1599 פוגשים אנו שני סוכנים מלכותיים, יהודים מסוכצ׳וב, — מיכאל ומרדכי (מאַראק) בן שלמה. ואילו בתחילת המאה הט״ז — רופא יהודי, פליכס שמו.

סוכצ׳וב נמנתה, לפי תקנות הארגון היהודי לגליל פולין גדול.

בכינוס הראשון הידוע של קהילות פולין גדול בשנת 1519, שדן בחלוקת מס־המדינה לשנות 1519 — 1521 בסך 200 זהוב לשנה, היתה מיוצגת גם קהילת סוכצ׳וב.

הרופא (או הרב) י ע ק ב נתמנה אחד מחמשת פרנסי הגליל לגביית המס.

בשנת 1569 נמנית סוכצ׳וב עם 33 קהילות בפולין גדול, שאת הכנסתן בשיעור 50 זהוב לשנה העניק המלך זיגמונט אוגוסט לאחד מאנשי חצרו.

כקהילה קטנה היא לא מילאה תפקיד ניכר בועד הגליל, אבל ועד הגליל היה מקיים בה לא אחת את ישיבותיו.

יליד סוכצ׳וב אחד, ר׳ מ ש ה סוכצ׳ובר, מכונה במחצית השניה של המאה הי״ז „פרנס ומנהיג המדינה דגליל פוזנא״ — וחתנו, הרב ר׳ מ א י ר א י י ז נ ש ט אַ ט, ה„פנים מאירות״, משבחו בהקדמה לספרו, שבהשתדלותו ניצלו 24 נפש שנאשמו בעלילת־שוא.

## מ ש פ ט ס ו כ צ ׳ ו ב (1556—1557)

לא פסחו על קהילת סוכצ׳וב פורענויות מידי הטבע (דליקות ומגיפות) ומידי אדם (משפטי עלילת־דם, חורבנות מלחמה).

והרי עלילת־דם אחת שעלתה בחייהם של 3 מיהודי סוכצ׳וב, ועוררה גל של רדיפות נגד יהודי הפלך כולו.

ארבעה יהודים — השמש ב י י נ י ש, בנו י ע ק ב ושני האחים יוסף ויעקב ס ו כ אַ (במהלך המשפט סיבכו גם את אביהם ט ר י ט ל), נאשמו באפריל 1556 (ערב פסח) שאחד מהם — השמש — פיתה את הנוצריה דורותה ל א ב אַ נ צ ק א (או לאַזאַנצקאַ) שתגנוב את ההוסטיה בכנסיה כפרית סמוכה, והם קנוה ממנה במחיר 3 טאלר וחתיכת בד. אחר־כך הם דקרוה, ואת דמה אספו בכלי... הם נכלאו עם נשותיהם במצודת פלוצק (מחוץ לביניש שנכלא בכלא בסוכצ׳וב) והועמדו בחקירה חמורה מטעם חוקרי הכמורה. לא עמדו בעינויים ונדונו למיתה. פסק־הדין הוצא לפועל ולא ניצול אלא יעקב, בנו של ביניש שנמלט, קודם לכן הומתה האשה הנוצריה דורותה. גופותיהם של שלושת המומתים בפלוצק היו תלויות עד ינואר 1557. ואז נמסרו — לאחר התערבות המלך — לקהילת פלוצק. המלך ההגון אך חלש האופי, לא התערב, אף־על־פי שהאשה הנוצריה הודתה לפני מותה שהעלילה היתה עלילת־שוא מתוך חפץ נקם.

לאחר ביצוע פסק־הדין פשטו ברחבי מאזוביה רדיפות נגד היהודים, רבים נאסרו, נשדדו, ואז — פירסם המלך ב־3 ביוני 1556 דקרט בצורת „מכתב ברזל״ להגנת חייהם ורכושם של היהודים.

אולם, הרדיפות לא פסקו, והמלך נאלץ היה לפרסם „מכתבי ברזל״ דומים, ואף ציין, שהודאותיהם של מעוני סוכצ׳וב נסחטו מהם בעינויים.

נציגי היהודים פרנסי קהילת פלוצק, הגישו אז עצומותיהם לפני בית־דין המלך, כנגד מושל מחוז ראַווה והסטרוסטו של סוכצ׳וב, שהפרו את החוק וזכויות היהודים

והקלו ראש בסמכות המלך, סחטו הודאות מקרבנותיהם בעינויים ודנום למיתה. ב־15 בינואר 1557 פסק בית־דין המלכותי כי הנאשמים חפים מפשע, וכי מכאן ואילך, תהא שפיטתם של יהודים נאשמים בחילול קדשי נוצרים או בעלילות־דם בסמכותו של בית־הדין המלכותי בלבד.

ב־1619 היה לה לקהילת סוכצ׳וב קדוש נוסף, שנדון למוות על „רצח" ילד נוצרי.

במלחמת פולין — שבדיה (1656 — 57) היתה העיר במצור האויב, ומבצרה עלה באש. יש להניח, שהקהילה נחרבה.

עם זאת לא חסרו, כמובן, סכסוכים בין יהודים לנוצרים גם על רקע של תחרות כלכלית.

יהודי סוכצ׳וב נהגו לעבור לווארשה הבירה. ב־1765 היו בווארשה 8 משפחות מסוכצ׳וב (39 נפש), ב־1781 — 27 משפחות (61), ב־1784 (לאחר הגירוש הארעי מווארשה) — 5 משפחות — 16 נפש, ב־1792 — 10 משפחות (35).

הואיל ולקהילת וארשה לא היה עד לשנת 1806 בית עלמין משלה, היו מביאים את המתים לקבורה בסוכצ׳וב, או בגרודזיסק.

בית הדין בווארשה פסק, שאם מובא יהודי לקברו בסוכצ׳וב, על יורשיו לשלם שליש דמי־הקבורה — 18 אדומים.

שמש בית העלמין בפראגה היה היהודי שמעון בן נתן מסוכצ׳וב, ושכרו עלה 6 זהובים לשבוע. הוא היה נאמנו ומשרתו של הנגיד שמואל זביטקובר.

קהילת סוכצ׳וב סייעה, בדומה לקהילות אחרות, בכספה למרד קושצ׳ושקו והכניסה 300 זהוב. היהודים גילו יחס פאטריוטי לארצם.

הכיבוש הפרוסי (למן חלוקת פולין ב־1795 עד 1807) כרוך היה בגזירות על היהודים, בכלל זה ההכרח לקבל היתר לנשואים, שהיה מותנה בציון של גיל ורכוש.

בתקופה זו ידוע היהודי מסוכצ׳וב יוחנן, שהיה מנתח ומיילד עירוני. בנו, לוי נואלסון השתלם ברפואה בפרנקפורט ע״נ אודר. שני בחורים מסוכצ׳וב השתלמו בבתי־הספר לרבנים בוארשה ב־1830/1 — מוסד שנחשב אז כקן של אפיקורסות.

**אליעזר שטיינמאן**

# קול ובת קול

## בין קוצק לסוכצ׳וב

### א. נוסח סוכצ׳וב בחסידות

הבעש״ט נולד בת״ס, רבי אברהם מסוכצ׳וב נפטר בתר״ע. כמאתיים שנה בערך היה הדגל של מלכות החסידות מנפנף במרומיה של ישראל ומעיינה של החסידות היה מפעפע והולך במעמקיה של ההוויה היהודית. בקוצק היו אומרים: עד היהודי הקדוש היו כל מילי דחסידות פירוש על משנתו של הבעש״ט, מהיהודי הקדוש ואילך מהווים כל פרקי החסידות פירוש לפשיסכה. אם כך ניתן לומר, שרבי אברהם מסוכצ׳וב שימש פרשן אחרון לבית פשיסכה, כלומר, גם של החסידות בכללה. היהודי הקדוש נפטר בתקע״ד. הרי לפנינו שני פרקי זמן מת״ס עד תקע״ד ומתקע״ד עד תר״ע. מאה בערך מכאן ומאה בערך מכאן. כשם שהיהודי הקדוש היה נשיאה הראשון של פשיסכה, מצטיין לפנינו רבי אברהם כנשיאה האחרון.

מלכות החסידות פרשה מעל לראשינו רקיע של נשמות גבוהות וערכה לפנינו בית משכית של יהודים רמי מעלה; לא כי של יהודים טובים, כפי שהרביים היו מכונים בפי העם בלשון המדוברת ברוב תפוצות ישראל. חסידים לאמתם לא היו משבחים את הרביים שהם למדנים או חכמים גדולים, אף לא שהם בעלי מופתים מגדילים לעשות. בבית מדרשה של פשיסכה לא גרסו כלל נסים ומופתים. רגיל היה בפיהם לומר: אותות ומופתים באדמת בני חם, רק חם להוט אחרי מופתים — אולם כל חסיד נשתבח ברבו, שהוא יהודי טוב, יהודי כשר וירא שמים. למעלה מירא שמים גמור אין כלל. כלום מהי חכמה בלי ראשית חכמה? ומה רבותה בלמדנות? אף השטן להבדיל והיצר הרע רחמנא ליצלן הם לכשירצו לומדים מופלגים וכוחם רב בפלפולא דאורייתא. תכלית הכל— מעשים טובים. ממה נפשך, בעל־מידות הוא ממילא בעל מדריגות גם בתורה ובחכמה. בעל־מידות טובות, אף תורתו היא במידה טובה וכל כוונתו לשמה, לכבוד התורה. יהודי כשר וישר, אף שכלו עשוי ישר ואינו מעקם את סברתו, אלא שוקד תמיד להגיע אל האמת.

לא חס ושלום, שהחסידים לא העמידו את התורה ברומו של עולם ישראל, אלא שביקשו לימוד מתוך אהבה ובהצנע לכת, לא על מנת להתפאר, לא כל שכן: על מנת לקנתר, או שיאמרו רב אני. הואיל וחסידים לא סלסלו

את החריפות לעצמה ולא עשו את הבקיאות ענין ראוי להתכבד בו, יצא עליהם שם בקרב המתנגדים, ואף בקרב הלא־מתנגדים, היינו, אנשי הבינייים שבין המתנגדים לחסידים, שהרביים אינם מהדרים בתלמוד תורה ואף אינם, במחילה מכבודם, בני־תורה. דעה העושה דרכה בתוך המוחות לפי הקבלה, איש מפי איש ועל דרך השיגרה, קשה להוכיח את כחשותה. העולם מקשין, העולם מתרצין, והעולם מהרהרין — ואין אחרי הרהורי העולם ולא כלום. דעה כוזבת כזו עשויה להחזיק מעמד ולעשות מהלך מדור אל דור. וכך עלה גם לדעת הקהל של שאינם בקיאים על מיעוט תורניותם של מורי החסידות, שתהא מקובלת ומקויימת בעיני רבים כאמת שאין עליה עוררין. אך האמת אומרת: אפילו במקום שאין איש מערער על השקר אני בשלי וממשנתי איני זזה. האמת היא, שגדולי המורים בחסידות היו כמעט כולם למדנים מופלגים. הגע עצמך, כלום היו כל הרבנים גאונים בתורה? הוא הדין לא כל הרביים. אולם כל אדמו״ר גדול באמת בחסידות היה גם כן צנא מלא ספרי בנגלה, להוציא מעטים מן הצדיקים המפורסמים, שלא מלאו כריסם בתורה. אף בבעל שם כבר קלקלו רבים והמעיטו את דמותו בידיעת הנגלה משום כך בלבד, שלא היה מרצה בפומבי את מטבעותיו בתורת הנגלה. לאמתו של דבר היה חריף ובקי ברוב מקצועות התורה. אי אתה מוצא אצלו מימרה, שאין רמזים יוצאים ממנה לפסוק בתורה או למאמר חז״ל. עיניו משוטטות בהלכה ובאגדה ובן־בית הוא בספר הזהר, השל״ה, בפירוש המשניות להרמב״ם, בספרי חקירה ובספרי מוסר. פשיטא שהיה למדן גדול, אבל למדן זהיר, ירא וחרד, מיראי ההודאה שהוא למדן. חסיד לא רק פועל לפנים משורת הדין, הוא גם לומד ומעיין בספר לפנים משורת המנהג של צוותא. לחסידות הוא בציבור ולתורה — ביחידות. שני תלמידי הבעש״ט הגדולים במעלה, היכין והבועז של משנת חסידות, בעל ה„תולדות" והמגיד ממזריץ, היו מעיקרם, עד שבאו אל החסידות, אריות שבחבורת הלומדים. למדן גדול היה גם רבי פנחס מקוריץ, תלמיד חבר לבעש״ט. למדנים מופלגים בקרב מורי החסידות היו רבי לוי יצחק מברדיצ׳ב, המגיד מקוזניץ, רבי שמלקי מניקלשבורג, בעל ה„הפלאה", הרבי אלימלך, אין צריך לומר רבי שניאור זלמן, היהודי הקדוש, רבי מנחם מנדיל מקוצק, רבי חיים מצנז, רבי אברהם מצ׳כנוב ואדמורי״ם רבים אחרים, ראשונים ואחרונים.

עכשיו צא ולמד: כמה גדולה היתה מעלתו של רבי אברהם מסוכצ׳וב בתורה, לאחר ששם גאון היה מהלך לפניו אף בקרב קהל המתנגדים, שרצו ליטול את כתר התורה מן החסידים בתוקף הדעת וההחלטה. על רבי אברהם לא חלקו החולקים. כולם בפה אחד אמרו: עילוי שבעילויים הוא. שמשו זרחה מלכתחילה כשל ילד פלא. פלא יועץ בים התלמוד, ההלכה והפוסקים, היה כל ימיו עד זקנה ושיבה. אין צריכים כלל להוכיח את גדולתו בתורה, אבל עליו ניתן לומר, כי במקום שאתה מוצא גדולתו בתורה אתה מוצא גם את גדולתו במשנת החסידות.

יש מתגלים כגדולים על ידי שמגלים דרך חדשה בתורה או בחכמה, בהנהגה או במידות; ויש גדולים, בעלי מעלה יתירה אף מן הראשונים, שאינם מעלים לפנינו לכאורה כל חידושים ולעינים שגרתיות הם נראים כבינוניים בכל שיחם ושיגם, אולם גודל שבחם בכך שאינם מעוררים שבחים לעצמם בהליכות מוזרות ובמעשים יוצאי־דופן. אדרבה מחוננים הם בכוח המעצור וביתרון הכשר להצניע לכת ולהמשיך על עצמם מעטה הפשטות. הם מתונים בדין ומתונים גם במעלות החן החופף עליהם. ענווים הם, צנועים הם והילוכם חרישי. חוזרים הם כביכול על נושנות, אבל בנועם מחודש. אינם מתהדרים בעשיית שיטה — לכן אינם הולכים לשיטתם, אבל הם הולכים לטעמם שלהם. הם זהירים ונזהרים לבלי להיבדל מן הקהל. נחבאים אל הכלים ואף את ההחבאה מחביאים. מופלאים הם בכך, שאינם להוטים כלל אחרי נפלאות, גזירה שמא יפליאו את הרבים ונמצאים מעוררים התפעלות שלא בדין. ענווים גמורים כאלה היו מצויים בקרב קהל החסידים ובעדת מורי החסידות. הם שמצאו להם תמיד צל להתבצר בו ולעמוד מן הצד, להתכסות לאורך ימים ושנים בכנף־טליתו של הרב, אפילו הם עצמם כבר הגיעו למרומי סולם המעלות ונתכשרו להנהיג עדה. כך היו אומרים: לא לנו להשפיע, ולואי שנהיה זכאים לקבל שפע. יהודי כשר בורח מן הרביות כל כמה שאין כופין אותו.

רבי אברהם מסוכצ׳וב, שכגדלו בתורה כן גדולתו בחסידות, אחז שנים רבות בכנף הבגד של הקוצקאי והיה נשען על יתר רבותיו. שבע שנים ישב בבית רבי מנחם מנדיל חמיו ולמד מפיו תורה ומידות. לאחר פטירתו של הקוצקאי נעשה כפוף לבעל „חידושי הרי״ם". אחר כך דבק ברבי הניך מאלכסנדר. נהוג היה לומר: כל ימי הנני יונק מקוצק. בסעודת בר מצוה של נכדו אמר: עד היום לא שכחתי אף מלה ממה שלמדתי בקוצק. בעל מדריגות, המקטין את עצמו ועושה לו רב לקבל שפע ממנו, מעיד על עצמו, שהוא לא רק בעל מידות טובות ועניו, אלא גם בעל גדלות המוחין וגבור הכובש את עצמו. דרושה מידה של גבורה לקיים בעצמו את הכתוב „אם תעירו ואם תעוררו את האהבה עד שתחפץ". היינו, לכבוש את המעיין השופע של עצמו עד חזון למועד, להשכיל, להבין ולהיות בוחן ובודק, ואף על פי כן לשים יד לפה. רבי אברהם מסוכצ׳וב נתברך במידה גדושה של כוח השתיקה וחכמת ההכנעה.

פעם אמר עליו הרבי מקוצק, והוא אז עודו עול־ימים: „בין עשרת אלפים אנשי חיל איני רואה גבור כמותו. הרופאים אינם יכולים כלל לשער איזה כלי מתוקן הדור בגבורה ייעשה הוא אצלי". דיבור זה נאמר בשעתו כלפי העילוי הצעיר בן הארבע עשרה לאחר שנכנס לחופתו, והוא אז חולה מסוכן יורק דם. בעצם היה כל ימיו חולה מסוכן, אך המחלה לא התישה כלל את כוחו לתורה, עד שהחסידים היו אומרים עליו, שהוא חי ונושם בכוח הריאה הקוצקאית, כלומר, בזכות הברכה שנתן לו הקוצקאי לראות חיים על אף ריאתו המכורסמת

